# קאטהערינא

היסטארישער ראָמאַן פון רוסלאַנד און פון דער
רוסישער קייזערליכער דינאסטיע

בעארבייטעט פון

ח. מאליץ

צווייטער טהייל

NEW YORK
JEWISH PRESS PUBLISHING COMPANY
1912

## 23טער קאפיטעל

## דיא בלוטיגע האָכציים.

אין'ם גרויסען פאראד זאאל פון קרעמעל פאלאסט האָט זיך פערזאמעלט א מערקווירדיגע געזעלשאפט, א געזעלשאפט וואָס איז דאָרט נאָך קיינמאָל ניט געוועזען זייט דיעזע פראכט־געביידע איז אויסגעבויט געוואָרען.

ס'איז געווען א געזעלשאפט פון רויבער און מערדער, פון קאָזאקען און אנ־דערע ווילדע פעלקער, א געזעלשאפט פון אלע אויסוואורפען דער מענשהייט וואָס האָבען יעצט געשפיעלט דיא ראָלע פון הערשער און בעלי־בתים איבער מאָסקווא.

ביי א גרויסען האלב רונדען טיש זיינען געזעסען אלע דיא יעניגע וואָס האָבען געפיהרט מיט פוגאטשעוו'ען דאָס בלוטיגע לאגער־לעבען. דער גרויסער רעבעל האָט אויפגעפאָדערט אלע זיינע אָפיציערען און דיא פיהרער פון דיא באנ־דעס זיי זאָלען קומען אנטהייל נעהמען אין דיעזען באל.

ער האָט אויך געשיקט איינלאדונגען צו דיא פראָמינענטע בירגער פון מאָסקווא און קיין איינציגער פון זיי האָט זיך ניט געוואגט דיא איינלאדונג צוריקצואווייזען. זיי האָבען איינפאך מורא געהאט, אז זאָנסט וועלען זיי דאָ־פיר מיט'ן לעבען בעצאָהלען. און ניט נור דיא מענער, זאָנדערן אויך דיא פרויען און דיא טעכטער פון דיא גרויסע אריסטאָקראטישע פאמיליען האָבען געמוזט צו דיעזען באל קומען.

אין דער געזעלשאפט האָט זיך אויך געפונען דער אלטער פעטער וואָראָנ־צאָוו, וועלכער איז דיא לעצטע צייט אימער ארומגעגאנגען זעהר טרויעריג. אָנפאנגס האָט ער זיך אָנגעשלאָסען צו פוגאטשעוו'ם אויפשטאנד מיט א געוויסע בעגייסטערונג אום צו נעהמען ראכע פון זיין פיינדין קאטהערינא, אָבער ווען ער האָט דערזעהן דיא שרעקליכע מערדערייען וואָס זיינען פאָרגעקומען אין אָרענ־בורג, האָט עס איהם אָנגעפאנגען שרעקליך צו ערגערען און א טיעפער טרויער האָט בעדעקט זיין אלטע נאָבעלע געזיכט.

ער איז געזעסען יעצט ביי'ם באל און האָט אפילו ניט בעריהרט דיא טהייערע וויינען און שפייזען וואָס זיינען אויף דיא טישען געשטאנען. מיראָוויטש און אָלגא זיינען געזעסען נעבען איהם און האָבען איהם געבעטען ער זאָל ניט זיין אזוי מרה־שחורה'דיג און זאָל עפּעס נעהמען אין מויל, אָבער אלע ווײלע

האָט זיך ביי איהם ארויסגעריסען א שווערער זיפץ פון הארצען און זיי האָבען בשום אופן זיין טרויער ניט געקענט פערטרייבען.

אין דער זעלבער צייט איז עס ביי דיא ארומיגע טישען צוגעגאנגען גאנץ פרעהליך און מיט א ווילדע אויסגעלאסענהייט. פוגאטשעוו׳ס קאמעראדען האָבען ניט געוואוסט וויא זיך אנשטענדיג אויפצופיהרען. זאָ שנעל וויא זיי האָבען זיך נור אָנגעשיכור׳ט, האָבען זיי גלייך אָנגעפאנגען צו בעלעסטיגען גראָב זאָגאר אנשטענדיגע מיידלאך און פרויען, וועלכע האָבען זיך ניט געקענט העלפען און האָבען אלעס געמוזט דולדען און שווייגען.

מעהרערע מאָל האָבען ביי׳ם טיש אויסגעבראָכען פערשיעדענע צאנקע־רייען מיט העסליכע שימפף־ווערטער. צוויי שיכור׳ע קאָזאקען־אָפיציערען האָבען זיך איבער א קליינינקייט צואווערטעלט און באלד האָבען זיי ארויסגעכאפט זייערע שווערדען. עס וואָלט געווים געוועזען געקומען צו א בלוט פערגיסונג, ווען דער "צאר" פוגאטשעוו אליין זאָל זיך ניט געוועזען אריינמישען.

פון דיא בעלייכטונג און פון דיא מענשען איז אין זאאל געוואָרען זעהר היים. דער אלטער וואָראָנצאָוו איז ענדליך אויפגעשטאנען און איז ארויסגעגאנגען אויף׳ן באלקאָן, וואו ער איז א לענגערע צייט געשטאנען פערטיעפט אין מחשבות.

מיט אמאָל האָט זיך א האנד אוועקגעלייגט אויף זיין שולטער און ווען ער האָט זיך אומגעקעהרט, האָט ער דערזעהן, אז זיין פריינד מיראָוויטש שטעהט נעבען איהם.

— אָה, דו ביסט עס! האָט וואָראָנצאָוו אויסגערופען. דיר איז אויך צו היים געוואָרען אין זאאל אָדער ס׳איז דיר עקעלהאפט געוואָרען צו פערברענגען אין אזא צאצקעדיגע קאָמפּאניע? וויא געפעלט דיר אזא קיסר מיט אזא פאָלק?

— אלעס ווייס איך פונקט וויא איהר, האָט מיראָוויטש בעמערקט. אָבער איך בעט אייך, אלטער פריינד, איהר זאָלט אין גאָטעס ווילען אייער מיינונג אזוי הויך ניט אויסשפּרעכען. איבערהויפּט וואָלט איך וועלען וויסען וואָס איז מיט אייך, ליעבער וואָראָנצאָוו? דיא לעצטע פּאָר וואָכען זיינט איהר אין גאנצען פערענדערט געוואָרען.

— דו האָסט עס בעמערקט?

— געווים האָב איך עס בעמערקט, אָבער מיין בעמערקען וואָלט ניט אויס־געמאכט. דאָס קען דאָך אויך בעמערקען פוגאטשעוו און דאן קען עס פאר אייך זיין זעהר געפעהרליך. איהר ווייסט, אז ביי פוגאטשעוו׳ן שפּיעלט א מענ־שען־לעבען א גאנץ קליינע ראָלע. נעהמט עס אין אכט, פריינד וואָראָנצאָוו, רייצט ניט דעם טיגער ווען ער איז בלוט־דורשטיג.

— איך דאנק דיר פאר דער ווארנונג, מיין פריינד, האָט דער אלטער גע־ענטפערט, דאָך גלויב איך, אז דו ביסט מיט דיין ווארנונג געקומען צו שפּעט.

דער באנדיט, דיא ווילדע בעסטיע וואָס רופט זיך צאר ווייסט שוין, אז איך האס איהם וויא דעם טויט. ער פערשטעהט שוין, אז צווישען אונז וועט עס קומען צו א קאמפף. דיא פראגע איז נור ווער וועט זיעגען — איך אָדער ער.

— וואָראָנצאָוו! האָט מיראָוויטש אויסגערופען א פערציטערטער, אויב איהר דענקט שוין וועגען אזעלכע זאכען, איז ווירקליך בעסער פאר אייך שוין צו אנטלויפען. אנטלויפט נאָך דיעזע נאכט. וואָס קענט איהר דען אויספיהרען גענען א מאן וואָס קאָמאנדירט אן ארמעע פון הונדערט טויזענד מאן? איהר וועט פאלען אין קאמפף, ניט ער!

— אזוי מיינסט דו? איך זאָג דיר אָבער, מיין פריינד, אז דו האָסט א טעות. איך דארף נור אויסרעדען איין וואָרט און פון זיינע הונדערט טויזענד קריעגער וועט בלייבען נור א הייפעלע שיכור'ע קאָזאקען. אָך, מיראָוויטש, איך מוז זיך אליין פערדאמען, פאר וואָס האָב איך זיך גאָר אָנגעשלאָסען צו דער פאָהן פון אזא ניעדעריגען בעטריגער. און אז ער איז א בעטריגער — דאָס ווייסט דו אזוי גוט וויא איך.

דיא ביידע מענער זיינען געוועזן אזוי פערטיעפט אין געשפרעך, אז זיי האָבען ניט בעמערקט וויא אונטער א זייל פון באלקאָן איז יעמאנד געשטאנען מיט א פערטרויערטע געזיכט און האָט זיך צוגעהערט צו יעדען וואָרט וואָס זיי רעדען.

— איך וויים, האָט מיראָוויטש געזאָגט. איך וויים עס, ווייל איהר האָט עס מיר מיט איינינע וואָכען צוריק געזאָגט, אָבער דיא פראגע איז — זיינט איהר זיכער, אז ס'איז ריכטיג?

— אויב איך בין זיכער? האָט דער אלטער געענטפערט מיט א בייזען געלעכטער. דו ווייסט, אז איך האָב דעם צאר פעטער געקענט אזוי וויא זיך זעלבסט. ער איז געוועזן אין געהיים פערהייראט מיט מיין טאָכטער, ווען ער איז נאָך געוועזן א פרינץ. ער איז דער פאָטער פון מיין עליזאבעט, וועלכע איך קען ניעמאלס פערגעסען. גלויבסט דו, מיראָוויטש, אז איך האָב א טעות, ווען איך זאָג, אז פוגאַטשעוו איז א בעטריגער, אן איינפאכער שווינדלערישער קאָזאק? פעטער'ן וואָלט איך דערקענט אפילו צווישען א מיליאָן אנדערע מענשען.

— פאר וואָס־זשע האָט איהר עס מיר באלד אין אָנפאנג ניט געזאָגט?

— ווייל דאן האָב איך אם וויינינסטען געגלויבט, אז ער איז א געוועהנ־ליכער קאָזאק, וועלכען א קליגערער האָט איינגערעדט צו שפיעלען דיעזע טראגי־קאָמישע ראָלע פון א צאר. איך האָב גערעכענט, אז מיט איהם וועט מעגליך זיין זיך צו בענוצען אום דיא פערדאמטע קאטהערינא פון טהראָן אראָבצושלייderען און רוסלאנד פון איהר צו בעפרייען. איך זאָג דיר, מיראָוויטש, דיעזער מאן וועלכען מיר האָבען ביז יעצט פיעל געהאָלפען צו זיעגרייכע ערפאָלגען, ער וועט זיין טויזענד מאָל ערגער וויא יענע דייטשע פרינצעסין אויף'ן רוסישען טהראָן. דיעזער פוגאטשעוו איז א בלוט־דורשטיגער טיראן און ער וועט אויף

אונזער לאנד נאָך ברייגגען פיעל גרעסערע אונגליקען וויא איוואן גראָזני האט געבראכט. ער וועט דערשטיקען יעדען וואונק פון פרייהייט און מענשען־רעכט און רוסלאנד וועט ווערען א מדינה פון שקלאפען בעהערשט פון א ניעדערטרעכ־טיגען קנעכט.

דער וואס איז געשטאנען הינטער'ן זייל און האט אלעס צוגעהערט האט זיך שווין קוים געקענט האלטען אויף דיא פיס, הערענדיג דיעזע ווערטער. א שווע־רער קרעכץ האט זיך ארויסגעריסען מיט געוואלד פון זיין טיעפסטע ברוסט.

— שרעקליך! האט מיראָוויטש אויסגערופען. וואס קען ווערען דער סוף דערפון?

— נור איין האָפנונג בלייבט, האט וואָראָנצאָוו געענטפערט. דער בלו־טיגער מערדער דארף זיין ציעל ניט ערגרייכען. ווען ער וועט קומען צו דיא טרעפּ פון טהראָן, דאן מוז ער געטוויטעט ווערען. דאס וועט ניט זיין קיין מאָרד, דאס וועט זיין א טהאט פון בעפרייאונג. א שלאנג איז א מצוה צו הרג'ענען. דער־מאָהן זיך נור אין דער בלוט־באָד פון אָרענבורג, מיראָוויטש. האט ער געהערט אונזער געבעט ער זאָל אם וויינגסטען דיא פרויען און קינדער לאָזען לעבען? ניין! דיעזער ניעדעריגער בעטריגער האט זיך געבאָדען אין טייכען בלוט פון אונשולדיגע מענשען. וויא א ווילדע חיה האט ער אונגליקליכע איינוואָהנער איבעראל געהייסען הייגגען און קעפּען. איך זאָג דיר, מיראָוויטש, ווען דיעזער פּוגאטשעוו זאָל ווירקליך ווערען א צאר, דאן וועט רוסלאנד האָבען א שרעקליכען, א ווילדען הענקער אויף'ן טהראָן.

— און וואס רעכענט איהר צו טהאָן, וואָראָנצאָוו? מיט וועלכע מיטלען קענט איהר פערהינדערען, אז דיעזער בעטריגער זאָל זיין ציעל ניט ערגרייכען?

וואָראָנצאָוו האט זיך צוגערוקט נעהענטער צו זיין פריינד און האט געזאָגט גאנץ שטיל:

— ווייסט דו, מיראָוויטש, וועלכע מיטלען דאָקטוירים ווענדען אָן, ווען מען רופט זיי צו א קראנקען וואס איז פערגיפטעט? זיי גיבען איהם איין אן אנדער גיפט און דאס צושטערט דיא ווירקונג פון ביידע גיפטען. דאס איז א בע־שטימטער הייל־מיטעל וואס דיא וויסענשאפט האט ערקלערט און אזוי איז אויך מיין ענטשלוס וועגען קאטהערינא און פּוגאטשעוו'ען.

"דער רעבעל וועט איהר טהראָן צושמעטערן, דאָך ווען ער וועט שוין זיין פערטיג צו בעשטייגען זיין נייעם טהראָן, וועט דאן קומען דיא צייט פאר אונז ביידע אונזער פפליכט צו ערפילען. דארום בין איך בעשלאָסען צו שווייגען און זאָגאר צו העלפען פּוגאטשעוו'ען ביז ער וועט קומען קיין פּעטערבורג. איך בין זיכער, אז ער וועט קאטהערינא'ן טויטען, אָבער מיין מעסער איז שוין פאר איהם אָנגעשארפט. עס וועלען נור איינינע וואָכען פערבייגעהן און אין א גע־וויסען פריהמאָרגען וועט מען דעם בעטריגער געפינען טויט ביי איהם אין בעט.

**מיט אמאָל האָט א זייטיגע שטימע אויסגערופען:**

**— ניין, ניט אין אייניגע וואָכען, נאָך דיעזע נאכט וועט ער שטארבען, דיעזער שענדליכער בעטריגער!**

וואָראָנצאָוו און מיראָוויטש זיינען פערציטערט געוואָרען הערענדיג דיעזע ווערטער פון א מאן וואָס איז פּלוצים ארויסגעשפרונגען פון הינטער'ן זייל.

— מיר זיינען פערלאָרען! האָט מיראָוויטש אויסגעשריען דערזעהענדיג, אז דאָס איז געווען טשיקא, פּוגאטשעוו'ס שווינערפאטער און גלאווני קאָמאנדיר.

— דאן זאָל פיר'ן פאטערלאנד נאָך אן אָפּפער פאלען, האָט געמורמעלט דער בראווער וואָראָנצאָוו און אין זעלבען אויגענבליק האָט א שארפער מעסער אין זיין האנד געבליצט, מיט וועלכען ער איז ארויפגעפאלען אויף טשיקא'ן. טשיקא האָט אָבער מיט א שנעלע בעוועגונג אָנגעכאפּט וואָראָנצאָוו'ס האנד און האָט אויסגערופען:

—ווארף אוועק דעם מעסער, דו אלטער נאר! דו ווייסט, אז מיט מיר וועסט דו ניט זיין אים שטאנד צו קעמפּפען, אָבער איך וויל גאָר ניט קעמפּפען מיט דיר. ניט צוליעב דעם בין איך געקומען, איך בין מיט דיר יעצט איין עצה און איין מחשבה און א סך מעהר וויא דו האס איך יעצט יענעם בעטריגער וואָס רופט זיך צאר פּעטער.

וואָראָנצאָוו האָט גוט געקענט טשיקא'ס כאראקטער און האָט געוואוסט, אז אויף זיינע ווערטער קען מען בויען. ער האָט גלייך אראָבגעוואָרפען דעם מעסער און טשיקא האָט איהם אָבגעלאָזט דיא האנד. מיראָוויטש איז געשטאַנען און האָט בעטראכט דיא גאנצע סצענע מיט דער גרעסטער ערשטוינונג. ענדליך האָט דער אלטער קאָזאקען־אטאמאן אויסגערופען:

— הערט מיך אויס, איהר ביידע! אמת, איך האָב געהערט אלעס וואָס איהר האָט גערעדט און וויים יעצט אייערע פּלענער, אָבער איך בין ניט קיין פעררעטהער. טשיקא דער קאָזאק וויל ניט זיין דער חבר פון א בעטריגער. טשיקא דער קאָזאק האָט זיך געבאָדען אין בלוט, ער האָט שטעדט און דערפער דורך פלאמען פערניכטעט, אָבער דאָס אלעס האָט ער געטהאָן מיט דער אמונה, אז ער קעמפּפט פיר א גערעכטע זאך צו העלפען אן אונגליקליכען צאר זיין טהראָן וויעדער צו געווינען, אז רוסלאנד זאָל האָבען איהר ווירדיגען געזעצליכען הערשער, אָבער יעצט האָבען זיך מיינע אויגען געעפענט, יעצט ווייס איך, אז איך, דער אלטער גרויער קאָזאק טשיקא, בין פערנארט געוואָרען פון א נידערטרעכטיגען לומפּ, דורך וועלכען איך האָב מיין עהרליכען נאָמען פערלאָרען. דאצו האָב איך איהם נאָך מיין איינציגע טאָכטער אוועקגעגעבען, מיין **טאָכטער** —

מיין אונשולדיגע, ליעבליכע סטעפּען־ראָזא. אָה, פּוגאטשעוו! דיא נאכט פון דיין חופּה זאָל פערוואנדעלט ווערען פאר דיר אין א נאכט פון טויט!

— איז דאָס מעגליך, טשיקא? האָט וואַראָנצאָוו געפּרעגט ערשטוינט, אז דו — דו אליין ווילסט —

— איך וויל ניט, אז פּוגאטשעוו זאָל דערלעבען קיין פּעטערבורג צו קומען. איך וויל אויך ניט, אז ער זאָל מאָרגען געקרוינט ווערען. דער בעטריגער מוז דעם קרעמעל־פּאלאסט פערלאָזען טויטערהייד און ניט א געוועהנליכער טויט זאָל איהם טרעפען. זיינע אויגען זאָלען זעהן וויא דיא האנד, וועלכע ער ליעבט אם בעסטען, זאָל זיין פאלשע פערדאמטע ברוסט דורכשטעכען. דאָס איז דיא ראכע וואָס איך וועל נעהמען פון יענעם פערדאמטען בעטריגער, דורך וועלכען איך האָב מיין עהרע און מיין עולם־הבא פערלאָרען, אָבער דערפאר וועל איך אם וועניגסטען מיין קינד רעטען פון שאנדע.

— וואָס מיינסט דו מיט דיעזע ווערטער, טשיקא? האָט וואַראָנצאָוו געפרעגט.

דער אלטער קאָזאק האָט עטוואָס געוואָלט ענטפערען, אָבער אין דעם מאָמענט האָט זיך דיא טיהר געעפענט און דיא שעהנע לידיא איז ערשיענען.

— פאָטער, האָט זיא געזאָגט זיך ווענדענדיג צו טשיקא'ן, איך האָב דיך שוין ארומגעזוכט איבעראל. איך וויל פון דיר דיעזע נאכט אבשיעד נעהמען.

— קינד מיינע, האָט טשיקא אויסגערופען מיט א זאָנדערבארען טאָן. גאָט אליין האָט דיך יעצט אהער צוגעשיקט, קום אהער, האָב קיין מורא ניט. דיא צוויי מענער מעגען אלעס הערען. איך האָב דיר צו געבען אן אויפטראג, מיין טאָכטער, אין נאָמען פון רוסלאנד, אין נאָמען פון אונזער אונגליקליכע, שענדליך־בעטראָגענע פאטערלאנד.

דיא צויבער־ליכט פון דער לבנה האָט בעשיינט דיא גראציעזע געשטאלט פון דער שעהנער סטעפּען־ראָזא. טשיקא האָט אָנגענומען איהר האנד וועהרענד וואַראָנצאָוו און מיראָוויטש האָבען בעטראכט איהר נאָבעלע שעהנהייט מיט בליקען פון מיטלייד און בעוואונדערונג.

— אָה, מיין פאָטער, האָט זיא אויסגערופען ערשראָקען, וואָס האָסט דו דען מיר צו זאָגען? וואָס ביסט דו יעצט אזוי אויפגערעגט?

— לידיא, מיין טאָכטער, האָט ער געענטפערט וויא מעגליך רוהיג, איך האָב דיר מיטצוטהיילען א זאך וואָס וועט דיין יונגע הארץ אין שטיקער צוברע־כען. מיינע ווערטער וועלען צושטערען דיין לעבענסגליק וויא דער גרויזאמער ווינטער פערניכטעט דיא שעהנע בלומען פון דער סטעפּע, אָבער דו ביסט, מיין טאָכטער, א בראווע קאָזאקין, איך האָב דיך ערצויגען אין ווארהייט און איך וויים, אז דו ביסט פערטיג אין נאָמען פון ווארהייט אלעס איבערצוטראָגען.

— אָה, גאָט ! פאטער, זאָג מיר וואָס איז געשעהן ? איז דען דער צאר, מיין מאן, פערראטהען ? איז מיין לעבען אין געפאהר ?

— ניין, מיין קינד, ניט ער איז פערראטהען, נור ער איז א פעררעטהער ! אָה, מיין אָרימע סטעפּען־ראָזא ! ווארום מוז איך אליין דיין אָרימע הארץ פון דיין ברוסט ארויסרייסען ? איך אליין מוז דיר ערקלערען, אז דער מאן, אין וועלכען מיר אלע האָבען געגלויבט, פיר וועלכען מיר האָבען אזוי פיעל בלוט פערגאָסען, דיעזער מאן איז ניט דער צאר. ער איז א געמיינער בעטריעגער.

לידיא'ס שלאנקע געשטאלט האָט אָנגעפאנגען צו ציטערען וויא אין א פיעבער.

— ער איז א בעטריגער ? האָט זיא געפרעגט מיט אן אונטערדריקטע שטי־מע, ער איז ניט דער צאר ? אָה, פאטער ! דאן איז ער דאָך בלויז א געמיינער מערדער, א באנדיט וואָס האָט גאנץ רוסלאנד אונגליקליך געמאכט.

— יא, ער איז א מערדער און א שארלאטאן, האָט דער קאָזאקען אטאמאן געברומט וויא א לייב.

— און איך האָב איהם אזוי היים און אזוי הארציג געליעבט ! האָט דיא אונגליקליכע געשטאמעלט, וועהרענד איהרע שעהנע אויגען זיינען פייכט גע־וואָרען און צוויי גרויסע טרעהרען האָבען זיך אראָבגעקייקעלט איבער איהר בלאסען געזיכט.

זיא האָט זיך געפיהלט האלב אונמעכטיג און האָט געפיהלט וויא אנידער־צופאלען בעוואוסטלאָז. אָבער דער פאטער האָט זיא האסטיג אין זיינע קרעפ־טיגע אומארמונגען גענומען און האָט אויסגערופען מיט א געוואלטיגע אויפ־רעגונג :

— לידיא, מיין ליעבע, ריינע לידיא, וויין ניט, איך בעט דיך, פערגים ניט קיין איינציגע טרעהר איבער דיעזען לומפּ. יעצט איז ניט דיא צייט פיר שמערץ און טרויער. דו וועסט וויינען, מיין ליעבע טאָכטער, ווען מיר וועלען אנטלויפען צוריק אין סטעפּ. דאָרט ערגעץ וואו אין א ווינקעל אין דער פרייער ריינער נאטור וועסט דו זיך פערבאָרגען, מיין קינד, און וועסט זיך גוט אויסוויינען. וועסט וויינען, מיין אָרימע סטעפּען־ראָזא, ווען דיין יוגענד וועט דאָרט אין דער איינזאמקייט פערוועלקען. יעצט אָבער, לידיא, מוזט דו נאָך דיעזע נאכט מוטהיג זיין, ווייל אין דיינע הענד האָט גאָט איבערגעגעבען א הייליגע אויפ־גאבע צו בעפרייען רוסלאנד פון א שענדליכען טיראן, פון א ניעדערטרעכטיגען בעטריגער.

— איז ער אָבער ווירקליך א בעטריגער ? האָט לידיא געפרעגט אין דער האָפנונג, אז טאָמער פאָרט האָט איהר פאָטער א טעות. ווייסט דו עס געוויס, פאטער, אז ער איז ניט דער צאר ? גרויסער גאָט, איך קען עס ניט גלויבען !

דאָ מוז זיין אַ שרעקליכער טעות. גיב מיר בעווייזע, פּאַטער, קלאָרע, דייטלי־כע בעווייזע.

— בעווייזע זיינען דאָ מעהר וויא גענוג, האָט טשיקא געענטפערט טרויע־ריג. איך רעד שוין ניט וועגען דער סצענע מיט'ן מעטראָפּאָליט, דאָס אַלעס וואָלט נור געקענט ערוועקען צווייפעל, אָבער דאָ שטעהט ווארַאַנצאָוו וואָס האָט געקענט דעם צאר וויא זיך אַליין. פּעטער איז געוועזען זיין טאָכטער'ס גע־ליעבטער.

— זאָגט איהר, ווארַאַנצאָוו, איז פּוגאַטשעוו דער ריכטיגער צאר? זאָגט, שעהמט זיך ניט, זאָגט דעם אמת.

— ניין, האָט ווארַאַנצאָוו געענטפערט מיט אַן ערנסטען טאָן. ער איז ניט פּעטער, איך שווער ביי אַלעס וואָס מיר איז הייליג און טהייער, אַז פּוגאַ־טשעוו איז אַ בעטריגער.

דיא אונגליקליכע לידיא האָט מיט אַ הערצרייסענדען קרעכץ בעדעקט איהר געזיכט מיט דיא הענד און דער פּאַטער האָט פּאָרטגעזעצט:

— דאָך, מיין קינד, אום דו זאָלסט גאָר קיין צווייפעל ניט האָבען, וויל איך דיר דערצעהלען, אַז היינט האָב איך צופעליג בעגעגענט אַן אַלטע פרוי וואָס איז געוועזען דיא אַם פון צאר פּעטער. זיא האָט געזעהן פּוגאַטשעוו'ען אין קירכע און האָט פּאָזיטיוו געזאָגט, אַז ער איז אַ פערברעכער. זיא האָט מיר אויך ער־קלערט, אַז ביים צאר פּעטער איז דאָ אַ געבאָרענער צייכען, אַ רויטער פלעק אויף'ן הארצען, און דו האָסט יעצט דיא געלעגענהייט זיך אַליין צו איבערצייגען. דיעזע נאַכט ועסט דו קענען זעהן, אויב פּוגאַטשעוו בעזיצט דיעזען געבאָרענעם צייכען אויף זיין ברוסט, דאַן איז ער דער ריכטיגער צאר און אַלעס וואָס מען רעדט געגען איהם מוז זיין אַ טעות. דאַן וועל איך דער ערשטער מאָרגען פאַלען צו זיינע פיס און בעטען פערצייהונג פיר'ן פערדאַכט וואָס איך האָב געהאַט געגען זיין הייליגע פּערזאָן. ווען דו וועסט אָבער דיעזען צייכען ניט געפינען, דאַן —

טשיקא האָט זיינע ווערטער ניט געענדיגט. לאַנגזאַם האָט ער אַראָבגענע־נומען פון זיך דעם גרויסען מעסער וואָס ער האָט געטראָגען אין אַ לעדערנעם שייד און האָט עס דערלאַנגט זיין טאָכטער.

— אָה, פאַטער! האָט לידיא אויסגערופען אַ פערציטערטע, וואָס פער־לאַנגסט דו איך זאָל טהאָן? אָה, ליעבער פאַטער! ניט איך, ניט מיינע שוואַכע פרויען־הענד קענען דיענען אַלס ווערקצייג פיר אַזאַ שרעקליכע ראַכע.

— נור דו און קיין אנדערע! האָט טשיקא געזאָגט מיט אַן אייזערנעם טאָן. דיין האַנד, וועלכע האָט אַזוי פיעל געליעבט, מוז איהם טויטען. איך רעד יעצט צו דיר אין נאָמען פון גאַנץ רוסלאַנד וואָס פאָדערט ראַכע פאַר דעם שרעקליכסטען פערברעכען. דו, איך, מיר אַלע, זיינען געוועזען פערבלענדעט

און זיינען נאָכגעגאַנגען א בעטריעגער אויף'ן וועג פון מאָרד. אויב דו ווילסט, מיין טאָכטער, זיך רעכטפערטיגען פאר גאָט, דאן זאָלסט דו נאָכזאָגען דיא שבועה וואָס איך וועל דיר יעצט דיקטירען.

— יא, ער האָט מיך אויך בעטראָגען, האָט לידיא אויסגערופען ענטשלאָסען. ער האָט מיר פערזיכערט זיין ליעבע, אָבער ליעבע אָהן ווארהייט, אָהן פער־טרויען איז פאלש. אלעמען האָט ער געמעגט אָבנארען, אָבער ניט מיך. מיר האָט ער נעדארפט דעם גאנצען אמת דערצעהלען. אויב ער איז א בעטריעגער, דאן וועט זיך מיין ליעבע פערוואנדלען אין האס און איך וועל דיין אויפטראג און דיין וואונש ערפילען, פאטער.

— הויב זשע אויף, מיין טאָכטער, דיין רעכטע האנד און זאָג מיר נאָך וואָרט ביי וואָרט פאָלגענדעס:

„איך שווער ביי גאָט, ביי מיין גליק און ביי'ם אנדענקען פון מיין מוטער, אויב איך וועל דיעזע נאכט אויסגעפינען, אז מיין מאן פוגאטשעוו האָט ניט אויף זיין ברוסט דעם געבאָרענעם צייכען פון צאר פעטער, דאן וועל איך אין זיין הארץ אריינשטעכען דיעזען מעסער וואָס מיין פאָטער האָט מיר איבערגע־געבען אין נאָמען פון רוסלאנד".

לידיא האָט מיט א פעסטע שטימע יעדען וואָרט פון דיעזע שבועה וויע־דערהאָלט.

— און איך שווער, האָט טשיקא אויסגערופען, אז אויב זיא, מיין טאָכטער, מיין איינציג קינד, מיין גאנצעס לעבען, אויב זיא וועט איהר שבועה ניט ערפי־לען, דאן וועל איך זיא מיט מיינע אייגענע הענד טויטען.

מיראָוויטש און וואָראָנצאָוו זיינען טויט־בלאס געוואָרען, ווען זיי האָבען דערהערט דיעזע צוויי שרעקליכע שבועות.

— און איהר, האָט זיך יעצט טשיקא צו זיי געווענדעט, איהר מוזט אויך שווערען, אז פארלויפיג וועט איהר אלעס האלטען אין געהיימניס, ביז דיא זאך וועט מאָרגען ערקלערט ווערען דייטליך.

— מיר שווערען, האָבען ביידע אין איין קול אויסגערופען.

מיט דיעזען ענטשלוס האָבען זיך אלע אומגעקעהרט צוריק אין זאאל אריין ביז עפעס וועט זיין אנטהייל צו נעהמען אין דער אלגעמיינער שמחה, גראדע וויא עס וואָלט קיין זאך ניט פאסירט.

* * *

אויף איין זייט פון'ם גרויסען קרעמל פאלאסט אין מאָסקווא געפינט זיך א גאנץ הויכער טהורם. אויבען איז איינגעריכטעט א רונדער צימער מיט אכט פערגלאָזטע פענסטער פון דיעזען צימער געהן ארויס צו זיילען און אכט אלע זייטען, אזוי אז דער יעניגער וואָס געפינט זיך אינזוועניג אין דעם טהורם

קען פון דארט זעהן דיא גאנצע שטאָדט און ניט נור דיא שטאָדט אליין, נור אויך דיא ארומיגע לאנד אזוי וויט וויא א מענשען'ס אויג קען דערגרייכען.

דער פלאָר פון'ם טהורם איז געמאכט פון טהייערען פארקעט און דיא סטע־ליע שטעלט פאָר דעם בלויען הימעל מיט זיינע גאָלדענע שטערען. דיא וועגט זיינען בעדעקט מיט בילדער פון דיא בעסטע מאהלער אין דער וועלט.

דאָס איז געווען דאָס חתן־כלה צימער. יעדער קעניג אָדער נאָסליעדניק פלעגט אין דעם צימער פערברענגען מיט זיין פרוי דיא ערשטע נאכט נאָך דער חופה. דיא אונגעווענליך־ברייטע הימעל־בעט איז געארבייט פון טהייערסטען מאטעריאל און דיא אויבערשטע וואנד איז פול מיט פראכטפאָלע שניצערייען פון געוויסע האָכציייט סצענעס ביי בעוואוסטע היסטאָרישע פערזאָנען. פון ביידע זייטען שטעהן צוויי ריעזען גרויסע פערגאָלדעטע לייבען, ריכטיג וויא זיי וואָלטען דיענען אלס וועכטער פאר דער קייזערליכער פאָאר וואָס האָט זיך אונטער דיא זיידענע גארדינען צוריקגעצויגען.

ביי'ם אנדערען זייט צימער איז געשטאנען א גאנץ ברייטער רונדער די־וואן בעדעקט מיט ווייסע פעל פון אייז־בערען און דער פלאָר איז אין גאנצען געווען בעדעקט מיט שווארצע בערען־פעל.

פון דער סטעליע איז אראָבגעהאנגען א גאָלדענער לאָמפ מיט זיבען גרויסע רעהרען. דיא רוסישע לעגענדע דערצעהלט, אז דיעזער לאָמפּ קומט נאָך פון שלמה המלך'ס פאלאסט, וועלכע דיא קעניגין פון שבא האָט איהם געשאָנקען.

אין אמת'ן איז דיא גאנצע אויסשטאטונג פון דיעזען צימער בעשטאנען דורכאוים פון אנטיקען און אזוי וויא דאָס צימער איז געווען אונגעהייער הויך, איז עס עפעס געווען גראדע וויא בעשאפען פיר א ליעבענדע פּאָר וואָס זוכט אויף אייניגע שטונדען זיך צו דערווייטערען פון וועלטליכען גערויש אום דאָ זייערע ערשטע גליקליכע ליעבעס־שטונדען אונגעשטערט צו געניסען.

אויך פּוגאטשעוו, דער רעבעל, האָט בעשלאָסען דיא ערשטע נאכט נאָך זיין חופה צו פערברענגען אין דיעזען אלטען היסטאָרישען צימער. דיא גלאָק פון קרעמל האָט געשלאָגען צוויי אוהר נאָך האלבע נאכט, ווען דיא טיהר האָט זיך געעפענט און פּוגאטשעוו מיט זיין יונגע פרוי איז אריינגעקומען. ער האָט צוגעשלאָסען דיא טיהר און האָט זיך אוועקגעזעצט מיט לידיא'ן אויף'ן דיוואן.

— עפעס ביסט דו בלאס, מיין ליעבע לידיא, האָט ער געזאָגט, דו ציטערסט זאָגאר. אָבער איך קען עס בעגרייפען, נשמה, דאָס קומט דערפון וואָס דו ביסט נאטירליך שטארק אויפגערעגט פון פרייד און גליק וואָס מיר זיינען ענדליך געקומען צו אונזער ציעל. אָה, טהייערע לידיא, איך ליעב דיך פיעל מעהר וויא עס איז מעגליך מיט ווערטער אויסצודריקען. איך וועל דיך האלטען הייליג, מיין קייזערין.

אין זיין ליידענשאפטליכע אויפרעגונג האט פוגאטשעוו ניט בעמערקט, אז לידיא איז אין דער קורצער צייט פון דיעזען אבענד אין גאנצען פערענדערט געווארען. איהר געזיכט איז טויט־בלאס געווארען און אין איהרע אויגען איז געלעגען אן אויסדרוק פון פערצווייפלונג.

אבער ער האט ווייטער גערעדט:

— יא, טהייערע, מיר האבען אונזער ציעל עררייכט. מארגען וועט מען אונז קרוינען אלס קייזער און קייזערין פון רוסלאנד. דאך וואס פיר א קליינע בעדייטונג האט דאס אלעס פאר מיר געגען יעצטיגען אויגענבליק, ווען מיר קענען אונזער ליעבע אונגעשטערט געניסען. דאמאלס נאך ווען איך בין געווען אן איינפאכער קאזאק האב איך נור געטרוימט וועגען מיין ליעבע צו דיר. געדענקסט דו נאך, מיין זיסע לידיא, וויא מיר זיינען האנד אין האנד געגאנגען דורך דיא סטעפע און וויא דו האסט דאמאלס זיך צערטליך געטוליעט צו מיין ברוסט און ערקלערט, אז דו ליעבסט מיך? מיר איז דאן פארגעקומען, אז דער פאראדיז האט זיך פאר מיר געעפענט און א שעהנער גוטער מלאך האט זיך פאר מיר בעוויזען.

לידיא האט א ציטער געטהאן ביי דיעזער גליקליכער עראינערונג. דאך איז ביי איהר דער בעשלוס פעסט געווען דעם גליעבטען צו טויטען, אויב זיא וועט זיך נור איבערצייגען, אז ער איז ווירקליך אזא שענדליכער בעטריעגער און אז ער האט ברוטאליש פערפיהרט איהר פאטער און דאס גאנצע רוסישע פאלק.

פוגאטשעוו האט אראבגעווארפען פון זיך דעם שווערען סאמעטענעם מאנטעל און האט אויפגעעפענט דיא וועסט אום זיך פרייער און בעקוועמער צו פיהלען. דאן האט ער צוגעצויגען זיין יונגע פרוי פעסטער און נעהענטער צו זיך און געזאגט מיט א ציטערענדע שטימע פון אויפרעגונג.

— לידיא, יעצט ביסט דו דאך מיין געזעצליכע פרוי און מיר דארפען שוין מעהר ניט פערבארגען אונזערע ליידענשאפטען. געדענקסט דו, ווען מיר זיינען איינמאל געזעסען ביי א בלומענגארטען און האבען זיך געקושט? איך האב זיך דאמאלס צו דיר צוגעבויגען, אבער דו האסט מיך געבעטען איך זאל דיין עהרע שוינען. אה, לידיא! דו קענסט זיך גאר ניט פארשטעלען וואס פאר א געוואלדיגע קראפט איך האב געמוזט אנווענדען אום זיך זעלבסט צו בעזיעגען! איך האב ביז יעצט פערניכטעט דיא ארמעען, וועלכע קאטהערינא האט געגען מיר געשיקט, איך וועל זיי נאך ווייטער אויך צושמעטערען, אבער פיעל מעהר העלדען־מוטה האב איך געמוזט געברויכען אום צו בעקעמפפען דעם הייסען וואונש וואס האט דאמאלס אין אלע מיינע אברים געברענט וויא א העלישער פייער.

„היינט אבער איז דאס שוין מעהר ניט נויטיג. היינט קען איך דיך מיט

זאלשטענדיגע רעכט אומארמען, דיך קושען וויפיעל איך וויל און דיך פאר מיין פרוי מאכען. אך, לידיא, ווארף אראב דיא אלע שמאטעס וואס בעדעקען דיין שעהנעם געליעבטען קערפער און לאז מיך דיין שעהנהייט בעטראכטען, נשמה.

אבער לידיא האט נאך אלץ נאר ניט געענטפערט. נאר פעסטער און פעסטער האט זיא געדריקט צו איהר ברוסט דעם מעסער וואס זיא האט דארט געהאלטען פערבארגען.

— אום גאטעס ווילען, לידיא! אזוי קאלט? האט ער אויסגערופען אונרוהיג. ביסט דו דען ניט מיין פרוי? וויא אפט איז דיין ליעבע געזיכט רויט געווארען, ווען דו האסט זיך אויף מיין ברוסט געווארפען? וויא אפט האב איך אין דיינע שעהנע אויגען געלעזען דעם געהיימסטען וואונש פון דיין הארצען, וועלכען דו האסט ניט געקענט אויסשפרעכען, ווייל דיא אונשולד און דיא ציכטיגקייט פון אן עהרליכע מיידעל האט פערשלאסען דיינע ליפען. יעצט אבער גיעבט עס דאך צווישען אונז ביידע מעהר קיין זאך וואס זאל אונז דארפען אבהאלטען — ארונטער דאס קלייד!

לידיא האט ארויסגעלאזט א שווערען אויסגעשריי פון איהר טיעפער נשמה. פוגאטשעוו האט פלוצים אנגעכאפט און אויפגעריסען איהר קלייד פון אויבען ביז אראב און אין נעבסטען מאמענט האט ער זיא צוגעדריקט צו זיך מיט א ווילדע ליידענשאפט, וועהרענד זיינע ליפען האבען איהר געזיכט בעדעקט מיט הייסע פייערדיגע קוסען.

— לאז מיך אב, פעטער, האט זיא זיך ביי איהם געבעטען, הער מיך צו ערשט אויס, איך וויל נאך ניט ווערען, נאך איינינע מינוטען —

אבער פוגאטשעוו איז וויא וואהנזיניג געווען פון'ם הייסען בלוט וואס האט אין איהם געקאכט, ער האט זיא ניט געלאזט אויסרעדען. ער האט זיא געדריקט, געקושט, ביז זיא איז מיט א שטילען זיפץ געזונקען אויף'ן דיוואן. ער איז שוין בערייט געווען זיך צו איהר צוצואווארפען, זיין ברענענדע לוסט צו בעפריעדיגען, אבער זיא האט זיך פון איהם פלוצים אויסגעריסען און איז אראבגעשפרונגען פון דיוואן.

דיא זיידענע קלייד, וועלכע ער האט אויף איהר צוריסען, איז אראבגעפאלען און דיא גאנצע שטראהלענדע שעהנהייט פון דער סטעפען־ראזא האט זיך אויפגעדעקט. ער האט אויף איהר געווארפען זיינע בליצענדע בליקען, וועהרענד ער איז געזעסען אויף'ן דיוואן, און מיט א ציטערנדע שטימע פון ליידענשאפט האט ער אויסגערופען:

— לידיא, מיין שעהנע לידיא, מיין געליעבטע ווייב, קום נאך אהער צו מיר. יאהרען לאנג האב איך אויף דעם גליקליכען מאמענט געווארט, ווארום זאלסט דו אונזער גליק צושטערען? ווארום פלאגסט דו מיך אזוי?

— פעטער, האט זיא אויסגערופען מיט א פעסטען טאָן, איך וועל זיך דיר איבערגעבען אין גאנצען, מיט מיין גאנצער נשמה, מיט מיין גאנצער ליעבע. אָבער קודם מוזט דו מיר אויף איין פראגע געבען א דייטליכען ענטפער.

— פרעג, אָבער שנעל, איך קען לענגער ניט ווארטען.

— זאָג מיר, פעטער, ביסט דו אימער געווען אָפענהערציג צו מיר? האסט דו מיר קיינמאָל קיין ליגען ניט געזאָגט? איז אין דיין זעעלע ניט פערבאָרגען עפּעס א געהיימנים?

און זעהענדיג, אז ער איז בלאס געוואָרען, איז זיא צו איהם צוגעפאלען אויף'ן דיוואן און האט פארטגעזעצט:

— זעה, איך בין דאָך דיין ווייב, דיין לעבענס-בעגלייטערין, דו מוזט מיר זאָגען אלעס וואָס ביי דיר אין דער נשמה איז טיעף פערבאָרגען. איך בעשווער דיך, אָה, מיין הייס-געליעבטער מאן, האָב דאָך צוטרויען צו מיר. און וואָס דאָס זאָל ניט זיין, זאָגאר דאָס שווערסטע וועל איך מיט דיר לייד און פרייד טהיילען.

— וואָס זאָל דאָס בעדייטען? האט פוגאטשעוו אויסגערופען, דו רעדסט צו מיר ניט דיינע, נור פרעמדע ווערטער. האט פיעלייכט דיין פאטער עטוואס א פערדאכט געגען מיר און האט דיר אלעס איבערגעגעבען? איך וויים, דו וועסט מיך ניעמאלס פערראטהען. אָבער דו ביסט אונערפאהרען געגוג אום דעם פיינד צו גלויבען. זאג מיר דעם אמת, לידיא, ווער האט דיר געהייסען מיט מיר אזוי רעדען?

— קיינער ניט. איך רעד דאָס וואָס מיין הארץ אליין פיהלט.

— דאן ענטפער איך דיר, אז איך האָב קיינע געהיימניסע.

— און דו ביסט ווירקליך דער צאר? האט זיא געפרעגט מיט א שווערען זיפץ, דו ביסט ווירקליך דער יעניגער פאר וועמען דו שטעלסט זיך פאָר?

— געוויס, איך בין דער צאר.

— גוט, האט זיא אויסגערופען און האט איהם ארומגענומען און צוגעדריקט צום הארצען, יעצט האָב דיך אמת ליעב, לאָז מיך דיין ברוסט קושען.

און וועהרענד זיא האט דיעזע ווערטער גערעדט האט זיא שנעל זיין העמד אויפגעריסען אזוי אז זיין ברייטע, שטארקע ברוסט האט זיך פאָלשטענדיג אויפגעדעקט. פוגאטשעוו איז וויא פער'שיכור'ט פון ליידענשאפט געזונקען אויף'ן דיוואן, און לידיא האט זיך אָנגעבויגען איבער איהם. אָבער אין נעכסטען מאָמענט האט זיא ארויסגעלאָזט א שרעקליכען אויסגעשריי און וועהרענד זיא האט ארויסגעבאפט דעם פערבאָרגענעם מעסער האט זיא אויסגערופען מיט א פערענדערטע שטימע:

— דו ביסט א ליגנער! א בעטריגער! דו ביסט ניט דער צאר!

פוגאטשעוו'ען האט וויא דער לשון אבגענומען. ער האט געברומט וויא א ווילדעס טהיער, אבער גאר ניט גערעדט.

— ניין, דו ביסט ניט דער צאר! האט לידיא געשריען וויא א וואהנזיניגע פון פערצווייפלונג. מיך האסט דו בעטראגען, מיין פאטער אבגענארט און א גאנצעס פאלק פערפיהרט. טייכען בלוט האסט דו פערגאסען, שטעדט און דערפער פערברענט און מאסען מענשען אויסגעמארדעט. דו ביסט דער ערגסטער פערברעכער אויף דער וועלט און אין נאמען פון רוסישען פאלק מוז איך דיך טויטען!

דאביי האט זיא זיך אויף איהם ארויפגעווארפען און דער שפיץ פון איהר מעסער האט שוין בעריהרט זיין ברוסט. ער האט זיך פון ארט ניט געריהרט, זאגאר דיא מינדעסטע בעוועגונג ניט געמאכט, וויל דיעזע אונערווארטעטע סצענע האט איהם וויא געלעהמט. נור זיינע אויגען האבען אויף איהר געקוקט מיט אן אויסדרוק פון טיפע ליעבע און בעטענדען מיטלייד. זיא האט דיעזע בליקען דערזעהן און דער מעסער איז ארויסגעפאלען פון איהרע ציטערנדע פינגער און מיט א ריהרענדע שטימע האט זיא אויסגערופען:

— איך קען ניט, אה, איך קען איהם ניט טויטען! פאטער, רוסלאנד, פערצייהעט מיר, איך קען ניט טויטען דעם מאן, וועלכען איך ליעב אזוי היים פון מיין טיעפסטען הארצען.

א קורצע צייט האט אין צימער געהערשט א טויטע שטילקייט. קיינער פון זיי ביידע האט זיך ניט בעוועגט, וויא זיי וואלטען געווען געשניצטע סטאטוען. ענדליך האט ער זיך לאנגזאם אויפגעהויבען. אבער קיין שפור, קיין צייכען פון צארן איז אויף איהם ניט געווען צו בעמערקען. גראדע פערקעהרט: ער האט זיא געוואלט דורך ליעבע געווינען. לידיא'ס ענטשלוס איז דאריבער נאך שוואכער געווארען און ער האט זיא צוגעצויגען צו זיך און מיט א צערטליכע שטימע געשטאמעלט:

— דו האסט רעכט, לידיא, איך האב אייך אלעמען בעטראגען. אבער גאט איז מיין עדות, אז איך בין פערפיהרט געווארען פון א טייפעל אין מענשען־געשטאלט. גראף גרעגאר ארלאוו האט מיר איינגערעדט, אז איך בין דער זוהן פון צאר פעטער. אויב דאס איז ריכטיג וויים איך נאך ביז יעצט ניט. יעדענפאלס האט ער מיך געראטהען איך זאל זיך ארויסגעבען אלס דער צאר אום דאס רוסישע פאלק זיכער צו געווינען.

"אה, פערשאלטען זאל זיין דיא שטונדע, אין וועלכער איך האב איהם געפאלגט. ער האט אין מיר ערוועקט א בעגייסטערונג, אז איך קען דערמיט רוסלאנד גליקליך מאכען. צו גלייכער צייט האב איך אויך וועגען דיר געדענקט, לידיא מיינע טהייערע, איך האב געוואלט דיך גליקליך מאכען. איך האב

פאר דיר געוואָלט ערווערבען מאכט און רייכטהום, איך האָב געוואָלט, אז אויף
דיין שעהנעם קאָפּ זאָל גלאנצען דיא שעהנסטע קרוין פון דער וועלט.

"און ווען איך בין ניט דער צאר און זאָגאר ניט דער זוהן פון א צאר, האָב
איך דען ניט בעוויעזען, אז איך בין ווערטה א טהראָן צו בעזיצען? האָב איך
דען ניט בעוויעזען מיינע גרויסע פעהיגקייטען אלס קריעגספיהרער געגען קאַ־
טהערינא'ס ארמעען? שטעהט דען פאר מיר ניט אָפען דער זיעגעס־וועג נאָך
פעטערבורג? אָה, לידיא, דאָס אלעס האָב איך נור געטהאָן צוליעב דיר, דו
זאָלסט מיין קייזערין זיין, אז אלעס וואָס איך וועל בעקומען אין מיינע קעמפּפע,
זאָל צו דיר בעלאנגען — און דערפאר ווילסט דו מיך טויטען? ניין, מיין
לעבען, מיין זיסע לידיא, דו מוזט מיט מיר טהיילען מיין לייד און פרייד, דו
זאָלסט מיין ליעבע נעהמען און דיין ליעבע מיר געבען. דענק נור וועגען דעם,
קיין אנדערע זאך דארף דיך ניט קימערן.

לידיא האָט זיך ארויסגעריסען פון זיין אומארמונג. זיא האָט געוואָלט
אנטלויפען, אָבער זיא האָט ניט געקענט, זיא האָט געפיהלט וויא א זיסע אונ־
מאכט צוגיסט זיך אין אלע איהרע גליעדער און זיא קען זיך דערפון ניט בע־
פרייען. זיא האָט געליעבט דיעזען מאן מיט'ן גאנצען יוגענדליכען פייער פון
איהר נשמה. אימער האָט זיא געטרוימט וועגען דער יעצטיגער שטונדע, ווען
זיא וועט דארפען ווערען זיינע, אין גאנצען צו איהם געהערען.

"אך, האָט זיא צו זיך אליין געמורמעלט, איך וויל נור דיעזען מאָל, נור
איין מאָל גליקליך זיין — דאן מעג קומען וואָס עס וויל. זאָל גאנץ רוסלאנד
פערגנבטעט ווערען דורך פלאמען, זאָל דיא ערד זיך עפענען און אלע מענשען
איינשלינגען — וואָס וועט עס דאן מיך אארען, ווען איך וועל שוין האָבען גע־
נאָסען דעם גליק פון פאראדיז?

וויא בערוישט איז זיא געפאלען מיט איהם. עס האָבען זיך געהערט נור
שווערע זיפצע, שטילע, זיסע שעפּטשעריי פון ליידענשאפט און ליעבע און דאן
איז אין גאנצען שטיל געוואָרען.

דיא גליקליכע שטונדען זיינען פאָראיבער. ענדליך האָט זיך לידיא אויפ־
געהויבען און איז שטיל און לאנגזאם אראָבגעקראָכען פון דיוואן. איהרע לאנגע,
זיידען־ווייכע האָאר זיינען געווען פאנאנדערגעלאָזען איבער איהר נעשטאלט
וויא א שווארצער מאנטעל, אויף איהרע באקען האָט זיך געזעהן דער פייער פון
ליעבע און פערגניגען.

דורך דיא אכט פענסטער פון קייזערליכען חתן־כלה צימער וואָס זיינען
געווען פערשטעלט מיט זיידענע פאָרהאנגען האָבען זיך בעוויעזען דיא ערשטע
גרוי־ווייסע מאָרגען־שטראהלען, וועלכע האָבען זיך פערמישט מיט דער בע־
לייכטונג פון דער גאָלדענער לאָמפּ

לידיא האָט געקוקט מיט גלעזערנע בליקען אויף'ן געליעבטען, וועלכער איז פערזונקען געוואָרען אין א טיעפען שלאָף.

— איך בין זיין פרוי געוואָרען, האָט זיא געשטאמעלט מיט צומישטע גע־פיהלען פון שמערצען און גליק. איך האָב דאָס שעהנסטע גליק גענאָסען און יעצט קען איך שטארבען.

א שטילער שוידער האָט דורכגעדרונגען איהר שלאנקע געשטאלט, ווענה־רענד זיא האָט אויפגעהויבען דעם מעסער וואָס איז פריהער ארויסגעפאלען פון איהר האנד.

— יא, איך מוז שטארבען, האָט זיא ווייטער געמורמעלט צו זיך אליין. דאָס איז דיא איינציגע ברירה מיינע וואָס מיר איז געבליבען. ענטוועדער איהם אָדער זיך צו טויטען. איך קען אָבער ניט דורכשטעכען דאָס הארץ, ביי וועלכען איך האָב ערשט גערוהט מיט אזוי פיעל ליעבע און גליק. איך וועל בעסער זיך אָפּפּערען.

— ער א בעטריעגער ? יא, דיא וועלט האָט ער פערפיהרט און אָבגענארט. מיך אָבער האָט ער גליקליך געמאכט. זיין טרייהייט, זיין ליעבע האָט מיר דיא שעהנסטע שטונדען אין מיין לעבען פערשאפט און יעצט וועל איך זיך שיידען פון איהם אויף עביג און וועל בעטען ביי גאָט ער זאָל איהם פערצייהען.

שטיל און לאנגזאם האָט זיא זיך אויפגעהויבען, האָט א לייכטען אָבשיעדס־קוס אָבגעדריקט אויף זיינע ליפען, אָבער באלד איז זיא צוריק אָבגעשפּרונגען א פערציטערטע. זיא האָט דערהערט טריט וואָס קומען ארויף דיא טרעפ.

— דאָס איז מיין פאָטער און דיא אנדערע, האָט זיא געזאָגט צו זיך אליין, זיי קומען זעהן אויב איך האָב מיין שבועה געהאלטען. מיין פאָטער וועט מיך טויטען, ווען ער וועט געפינען, אז איך האָב מיין שבועה געבראָכען. ניין, איך קען ניט לעבען, איך מוז פאלען —

און מיט אן ענטשלאָסענעם מוטה האָט זיא איינגעגראָבען דעם לאנגען מע־סער טיעף אין איהר ברוסט און טויט פערוואונדעט איז דיא אונגליקליכע לידיא אנידער געפאלען צום פלאָר. א שטראָם בלוט האָט בעגאָסען דיא ווייסע קליי־דער וואָס האָבען בערעקט איהר זילבער־ווייסע לייב און זיא האָט אָנגעפאנגען אויסצוגעהן.

אין דעם אויגענבליק האָט פּונאטשעוו ערוואכט. ער האָט זיך אויפגעהויבען און האָט זיך ארומגעקוקט. פּלוצים זיינען זיינע בליקען געפאלען אויף איהר, אויף זיין געליעבטע יונגע פרוי, וועלכע איז געלעגען אויף'ן פלאָר.

— וואָס איז דאָס ? האָט ער אויסגערופען מיט א ווילדען קול, מיין גאָט ! זיא איז ערמאָרדעט !

ער איז אויפגעשפּרונגען און איז צוגעלאָפען צו איהר. איינינע מינוטען איז פּונאטשעוו געשטאנען שטום און אונבעוועגליך ביי דער זייט פון זיין אונ־

גליקליכע יונגע פרוי, וועלכע איז געשוואומען אין א טייך בלוט. דאן האט ער ווידער ערוואכט וויא פון א שווערען טרוים. לאנגזאם האט ער ארויסגעצויגען דעם מעסער פון איהר ברוסט און אבגעריסענדיג א שטיק פון זיין העמד האט ער איהר דיא וואונד פערבונדען.

— לידיא, מיין זיסע לידיא, האט ער אויסגערופען מיט א ביטער געוויין, ווער האט דאס מיר אבגעטהאן? ווער האט דיך גערויבט און אבגעריסען פון מיר? ווער איז דיין מערדער און אזוי וואהר וויא גאט לעבט, איך וועל איהם אין שטיקער צורייסען. איך וועל נעהמען פון איהם אזא ראכע, אז דער טייפעל אליין וועט דורכגעשוידערט ווערען. נור זיין פערפלוכטען נאמען זאג מיר.

נאך איינמאל האט דיא שטערבענדע געעפענט דיא אויגען און זיא האט אויף איהם געווארפען אן אונענדליך טרויעריגען בליק, אין וועלכען עס האט זיך אויסגעדריקט איהר וואהרע טיעפע ליעבע.

— קיינער ניט, קיינער ניט — האט זיא קוים געשטאמעלט — איך אליין האב עס געטהאן, עמעליאן, אנטלויף! מיין פאטער — דיא אנדערע — דו ביסט פערלארען — אה, עס ווערט נאכט ארום מיר — פינסטערע נאכט! קום מיך, געליעבטער, נור איין מאל, דאן וועל איך שטארבען!

מיט א וואהנזיניגען שמערץ האט ער צוגעדריקט זיינע ליפען צו איהר און דער לעצטער קוס האט פעראייניגט דיאביידע אונגליקליכע מענשען, וואס האבען ערשט ניט לאנג צוריק גענאסען דיא העכסטע זעליגקייט פון ליעבע.

— וויא זיס איז דער טויט אין דיינע ארמס, האט דיא שעהנע שטערבענדע לידיא געשטאמעלט. לעב וואהל, עמעליאן, דו ביסט אן אונגליקליכער בעטראָ־גענער —

איהרע ליפען האבען זיך געשלאסען, איהר קערפער האט א ציטער געטהאן אין דעם לעצטען טויט־קאמפף און איהר שעהנער ליעבליכער קאפ איז געזונ־קען. פוגאטשעוו איז געזעסען וויא א פערשטיינערטער, זעהענדיג וויא דער שאטען פון טויט פערשפרייט זיך איבער איהר ליעבליכע געזיכט און וויא מיט א פינסטערען שלייער ווערען בעדעקט דיא פאאר שעהנע אויגען וואס האבען אימער געלויכטען וויא צוויי שעהנע בריליאנטען.

אין נעכסטען מאמענט איז ער מיט אמאל אויפגעשפרונגען און וויא א וואהנזיניגער האט ער אויסגערופען:

— אט אזוי, פאלשער צאר! אט דאס איז דער סוף פון דיין גלאנץ! דיין איינציגע, דיין ליעבסטע אויף דער וועלט האסט דו געאפפערט אום א קרוין צו עראבערען — אה, נארישער פוגאטשעוו! פאר וואס ביסט דו ניט פערבליבען אין דיין סטעפע וואו דו וואלסט געקענט אמת גליקליך זיין אלע דיינע יאהרען? פאר וואס האסט דו דיזע שעהנע בליהענדע ראזע פון יענעם באדען אויסגע־ריסען אום זיא זאל דא אונטערגעהן?

פון זיין מויל האָט געשפריצט פייער, זיינע אויגען זיינען געווען בעגאָסען מיט בלוט און דיא האָאר אויף זיין קאָפּ זיינען געשטאנען וויא צוועקעס. פון גרויס פערצווייפלונג האָט ער אויף זיך דיא העמד אין שטיקער צוריסען און האָט זיך מיט דיא קולאקעס אין קאָפּ געשלאָגען.

— לידיא איז טויט! האָט ער אָהן אן אויפהער געשריען, לידיא איז טויט! אָה, וואָס ווארט איך נאָך? ווארום שטעק איך ניט אריין דעם זעלבען מעסער אין מיין ברוסט? פייגלינג, שוועכלינג פוגאטשעוו! וואָס ציטערט דיין האנד אזוי? ווארום האָסט דו אזוי מורא פאר דעם טויט? אָבער ניין, איך מוז ראכע נעהמען פון דער גאנצער מענשהייט, אלע זאָלען בלוטען פאר'ן טויט פון מיין געליעבטע, איך וועל נאָך טויזענדערווייז אויסשלאכטען, איך וועל גאנץ מאָסקווא פון אלע זייטען אונטערצינדען, און דאָס וועט זיין דיא שעהנסטע אילומינאציאָן ביי דער בעערדיגונג פון מיין טהייערע לידיא.

ער איז צוגעלאָפען צום פענסטער און האָט אויפגעריסען דיא זיידענע פאָרהאנגען. מיט אמאָל האָט ער דערזעהן אונטען אין הויף פון קרעמל אן אונגעהייער גרויסע מחנה מיט מענשען און אלע זיינען געווען מאָדנע אויפ־גערעגט.

— וואו איז דער צאר? האָבען זיך געהערט טויזענדע געשרייען, וואו איז אונזער פעטער?

— דאָ בין איך, מיינע פריינדע, האָט פוגאטשעוו אראָבגעשריען, וואָס האָט איהר מיר צו מעלדען? ווארום שטערט איהר מיר אין מיין רוהע?

— קום ארויס שנעל, האָט איינער פון דיא באנדע פיהרער אויסגערופען, יעצט איז ניט קיין צייט צו פערברענגען אין ליעבע און פערגניגען. דער פיינד איז אָנגעקומען צו דיא טויערען פון מאָסקווא און האָט שוין דיא גאנצע שטאָדט ארומגערינגעלט. קאטהערינא האָט געשיקט א געוואלטיגע ארמעע. מען זאָגט, אז פאָטעמקין, דער קייזערין'ס געליעבטער, איז דער הויפט קאָמאנדיר. קום, גרויסער פוגאטשעוו, און צייג ווידער אמאָל, אז דו ביסט א העלד און קענסט בעזיעגען דעם גרעסטען פיינד.

פוגאטשעוו איז בלאס געוואָרען. צום ערשטען מאָל האָט ער יעצט דער־פיהלט אין זיך א געפיהל פון שוואכקייט און מורא. ער איז א פערציטערטער גע־וואָרען. עס האָט אויסגעזעהן, אז זיין גאנצע קראפט, זיין גאנצע העלדענמוטה האָט איהם מיט אמאָל פערלאָזען, ער איז ניט געווען אים שטאנד עטוואָס צו זאָ־גען, עטוואָס צו ענטפערען און דיא גרויסע מאסע פון אונטען האָט געדונערט מיט טויזענדע קולות:

— פיהר אונז אין קאמפּף, גרויסער צאר! מיר, דיינע טרייע קאָזאקען, זיינען בערייט פאר דיר אלע רוסען אין שטיקער צו צושניידען, פיהר אונז צום זיעג!

— איך קום, איך קום, האט פוגאטשעוו געענטפערט, ווארט נור איין מינוט.

און האסטיג האט ער אנגעטהאן זיינע קליידער, האט געווארפען זיין לעצטען בליק אויף זיין טויטע פרוי און האט געמורמעלט:

— איך געה נעהמען ראכע פאר דיר, מיין טהייערע לידיא!

מיט דיעזע ווערטער איז ער ארויסגעלאפען און האט פערשלאסען דיא טיהר פון צימער.

ווען ער איז אראבגעגאנגען אין הויף, האבען איהם זיינע ווילדע באנדעס עמפפאנגען מיט גרויס פאראד. דער קלאנג פון דיא טרומפעטען, דיא קלעפ פון דיא פויקען און דאס גערויש פון דיא געוועהר האט פערהילכט דיא לופט.

— ברענגט מיר מיין פערד! האט פוגאטשעוו אויסגערופען מיט א דונערשטימע.

ביז דיעזער בעפעהל איז ערפילט געווארען האט פוגאטשעוו א וואונק געגעבען מיט דיא אויגען און א מאך געטהאן מיט דער האנד עס זאל ווערען שטיל. ווען עס איז עטוואס שטילער געווארען, האט ער זיך געווענדעט צו זיינע רעבעלען מיט פאלגענדע ווערטער:

— מיינע פריינדע, דיזער קאמפף, אין וועלכען מיר געהן יעצט, מוז אלעס ענטשיידען: ענטוועדער מיר וועלען זיעגען אדער מיר וועלען שטארבען. יעדענפאלס אבער ווייסט איהר, אז מיינע אבזיכטען זיינען געווען דיא בעסטע פאר׳ן פאלק. מיין הויפט אידעאל איז אראבצואווארפען קאטהערינא׳ן פון איהר געראויבטען טהראן און בעפרייען רוסלאנד פון איהר טיראניי.

"דיא מאכט געהערט נור צו דעם יעניגען וועלכער ווערט געשטיצט פון פאלק און איך האף, אז איהר וועט מיך שטיצען מיט לייב און זעעלע. ווען אבער איך זאל פאלען, דאן האב איך צו אייך איין־איינציגע בקשה, מיינע פריינדע, און איך האף איהר וועט זיא ערפילען.

"דארט אויבען אין טהורם צימער ליעגט מיין יונגע פרוי טויט. זיא איז דיעזע נאכט פלוצלונג געשטארבען. ווען איך וועל פאלען, וויל איך איהר זאלט מיך בעגראבען צוזאמען מיט איהר אין איין קבר. און אויב מעגליך זאלט איהר אונזערע טויטע קערפער אבפיהרען צוריק אין סטעפע, דארט זאלען מיר רוהען ביי דיא ראזען נעבען וועלכע מיר זיינען אזוי גליקליך געוועזן.

דאביי האט מען צוגעפיהרט פוגאטשעוו׳ען זיין טהייערען רייט־פערד און שנעל ארויפשטייגענד אויף׳ן זאטעל האט ער אויסגערופען:

— מארש, מיינע פריינד׳ע! פארווערטס, ברידער! הויבט אויף דיא שווארצע קריעגס־פאהן און בעפאלט דעם פיינד מיט׳ן אויסרוף: ניעדער מיט קאטהערינא, עס לעבע צאר פעטער!

— ניעדער מיט קאטהערינא, עס לעבע אונזער צאר פעטער! האבען דיא

טויזענדע שטימען וויעדערהאַלט און אין דיא נעכסטע אייניגע מינוטען האָבען אַלע פערלאָזען דעם קרעמל הויף און זיינען אוועק צום קאמפף.

טשיקא, מיראָוויטש און וואָראָנצאָוו זיינען דיא גאנצע נאכט געווען צו־זאמען און האָבען גערעדט וועגען דעם וואָס זיי זאָלען טהאָן נאָכ'ן טויט פון דעם רעבעל פּוגאטשעוו. קיינער פון זיי האָט ניט געצווייפעלט, אז לידיא וועט געווים איהר שבועה ערפילען און פּוגאטשעוו וועט נעכסטען פריה־מאָרגען ניט דערלעבען. טשיקא איבערהויפּט האָט געוואַרט מיט אונגעדולד אויף'ן מאָמענט ווען זיין לידיא, זיין מאָכטער, וועט ערשיינען פאר איהם אלס דיא העלדין, דיא בעפרייערין פון רוסלאנד.

ענדליך איז עס טאָג געוואָרען און דיא דריי מענער זיינען אוועק אין טהורם־צימער. אויף'ן וועג איבער דיא טרעפּ איז אַלגא זיי אנטקעגען געקומען זעהר בלאס און מיט אן אויסדרוק פון שרעקליכע שמערצען אויף איהר געזיכט.

— אָה, גאָט! האָט זיא אויסגערופען, א שרעקליכע געפאהר קומט יעצט אויף אונז. דאָ אונטען אין הויף האָב איך אָנגעטראָפען א הויקערדיגען פּויער, וואָס זאָגט אז ער האָט דעם צאר עטוואָס וויכטיגעס צו מעלדען, און אין זיין מינע בעמערק איך אז ער האָט א שרעקליכע בשורה געבראכט.

— דעם צאר דארף מען ניט שטערען, האָט טשיקא געזאָגט מיט א גיפטי־גען טאָן, ער שלאָפט אזוי פעסט, אז מיט הארמאטען אפילו וועט מען איהם ניט קענען אויפוועקען. דעם פּויער וויל איך פון דעסטוועגען זעהן.

מיט דיעזע ווערטער איז טשיקא ארונטער דיא טרעפּ און אין אייניגע מינוטען שפּעטער איז ער צוריקגעקומען און האָט מיט זיך געפיהרט א פּיין־גע־קליידעטען הויקערדיגען פּויער, אָבער דער שטויב וואָס אויף איהם איז געלעגען האָט געצייגט אז ער קומט נאָר וואָס אָן פון א ווייטע רייזע.

זיי זיינען אַלע אריין אין מיראָוויטש'עס צימער, וואו טשיקא האָט זיך געווענדעט צום אונבעקאַנטען:

— זעצט זיך, מיין פריינד, האָט איהם טשיקא געזאָגט און האָט איהם צוגע־רוקט א שטוהל. זאָגט אונז וואָס האָט איהר דעם צאר צו מעלדען, דען מיר זיינען זיינע ערשטע פערטרעטער, און איהר קענט אונז אַלעס פערטרויען.

— אזוי מיינט איהר, האָט דער פּויער געשמייכעלט מיט א ביטערע מינע, ניין, איך מוז מיט'ן צאר אַליין רעדען. אויב ער שלאָפט נאָך וועקט איהם אויף. מיין נאכריכט איז זעהר וויכטיג.

— וועקען קען מען איהם ניט, האָט טשיקא געענטפערט אונגעדולדיג. דער צאר האָט נעכטען געהייראט און דו דארפסט פערשטעהן אז ער וועט ניט וועלען ליידען מען זאָל איהם היינט אזוי פריה שטערען פון זיין שלאָף. איך בין דער פאטעו פון דער יונגער קייזערין. איך בין דער קאָזאקען־אטאמאן טשיקא, פון וועלכען דו האָסט וואהרשיינליך געהערט.

— איהר זיינט עם טשיקא? אָה, דאן איז עטוואָס אנדערס. דאן דאַרף איך אייך ווירקליך אַלעס פערטרויען.

דער פויער האָט ביי דיזע ווערטער פון זיך אראָבגענומען דעם לאנגען בלאָנדען באָרד און באלד האָט זיך ארויסגעצייגט א געזיכט פון א ברוטאַלע, עקעלהאפטע העסליכקייט, מיט'ן אויסדרוק פון פאלשקייט אין זיינע גרינליכע אויגען.

— מאַן, ווער זיינט איהר? האָט טשיקא אויסגערופען איבערראשט. ווארום האָט איהר זיך פערשטעלט? איך זעה, אז קיין פויער זיינט איהר געוויס ניט. מסתמא זיינט איהר א געהיימער קוריער — פון וואנען קומט איהר?

— פון פעטערבורג, האָט ער געענטפערט מיט א העסליכע פערקרימעניס, און איך שווער ביי גאָט, ווען מיין הערר זאָל מיר געבען נאָך אזא אויפטראג, דאן וועט זיין נאָך מיר. איך וועל זיך מיט'ן לעבען געוויס ניט קענען מעהר אויסדרעהען.

— ווער איז אייער הערר?

— גראַף אָרלאָוו, גרעגאָר אָרלאָוו, האָט דער הויקער געענטפערט לאנג־זאם און אזוי וויא ניט ווילענדיג.

— אָרלאָוו? האָבען אַלע אויסגערופען דערהערענדיג דיזען נאָמען, וואָס האָט אויף זיי א מערקווירדיגען שלעכטען איינדרוק געמאכט.

דאָך האָט זיך טשיקא באלד בערוהיגט און האָט געזאָגט:

— יא, איך וויים, גראַף אָרלאָוו שטעהט מיט'ן צאר אין גאנץ נאָהענטע פערבינדונג.

— אזוי? איהר ווייסט עס? האָט דער הויקערדיגער קוריער אויסגערו־פען, וויא באלד אזוי זעה איך, אז איך קען אייך ווירקליך פערטרויען אַלעס. ווען דער צאר האָט אייך דיזע געהיימניס אויסגעזאָגט, האָט ער דאָך אייך וואהרשיינליך אויך דערצעהלט וועגען מיר. איך בין דער דיענער פון גראַף אָרלאָוו, מיין נאָמען איז פאכאָמקא, איך בין שוין צוויי מאָל געוועזען ביים צאר מיט געהיימע נאכריכטען פון פעטערבורג.

טשיקא האָט נאטירליך גאָר ניט געוואוסט, אז דער פאלשער צאר איז געשטאנען אין פערבינדונג מיט'ן פעררעטערישען גראַף אָרלאָוו. דאָך האָט ער געמאכט א מינע גלייך וויא ער וואָלט וויסען פון אַלעס און ער האָט אויסגערו־פען מיט א העכסט צופריעדענע איבערראשונג כלומרשט:

— אזוי, דאָס זיינט איהר פאכאָמקא? מיין איידעם האָט מיט מיר איינינגע מאָל וועגען אייך גערעדט. ער האָט מיר זאָגאר געזאָגט, אז ווען ער וועט קומען קיין פעטערבורג קלייבט ער זיך אייך צו געבען א בעלאָהנונג וואָס איהר וועט האָבען געגעב פיר סינד'ס קינדער רייכטהום צו בעטהיילען.

— קומען קיין פעטערבורג, האט פאטאמקא געשמייכעלט, ס'איז לייכט צו זאגען, אבער דארויף וועט מען נאך דארפען לאנג ווארטען. איהר ווייסט אלזא גאר ניט פון קיין זאך. איהר לעבט נאך אונטער דער בערווישונג פון זיעג. דא אין מאסקווא געהט עס צו גאנץ לוסטיג, נעכטען האכצייט, היינט קאראנאציע, אבער דער פערדאמטער פאטעמקין קען קומען און אלעם איבערקעהרען מיט'ן קאפ אראב. ער איז א ביטערער יונג.

— פאטעמקין? האט אלגא געפרעגט. וויא קומט פאטעמקין אהער, וואס האט ער דא צו טהאן?

— דאס וועט איהר באלד געוואר ווערען. מיין הערר גראף ארלאוו האט מיך געשיקט מיט פאלגענדער נאכריכט:

"זיי פארזיכטיג, פונאטשעוו, פאטעמקין געהט נעגען דיר מיט א שטארקע ארמעע. זיין אבזיכט איז דיך צו בעפאלען אין מאסקווא און צווישען דיא מויערען פון דער שטאדט דיך צו דערשטיקען. דו זאלסט אלזא ניט ווארטען אין שטאדט, זאנדערן גיעה איהם ארויס אנטקעגען. פון זיין ארמעע זיינען איבערהויפט דיא פוסגעהער זעהר שטארק. ער בעזיצט אויך א בעדייטענדע קראפט ארטילעריע מיט הארמאטען, אבער זיינע רייטער זיינען שוואך אין צאהל. דו זאלסט אלזא וויסען וואס דו האסט צו טהאן. זאלסט אויף א מינוט ניט פערגעסען, אז דיעזע שלאכט וועט ענטשיידען דיין גאנצען שיקזאל."

— דאס זיינען דיא ווערטער פון מיין הערר וועלכע ער שיקט דורך מיר מינדליך, האט דער הויקער ערקלערט. שווארץ אויף ווייס האט ער מיר גאר ניט נעגעבען. נאטירליך איז דאס פאר איהם קיין געשעפט ניט אזעלכע זאכען צו שיקען שריפטליך.

"יעצט האב איך נאך עטוואס פון זיך זעלבסט צו ערקלערען. ווען איך האב ערהאלטען דיעזען אויפטראג, האב איך זיך באלד געזעצט אויף א פייערדיגען פערד און בין געפלויגען וויא אויף דיא פליגלען פון ווינד, אזוי אז איך האב געמאכט דעם וועג פון פעטערבורג נאך מאסקווא אין צוויי טעג. ווען איך בין געוועזען שוין גאר ניט ווייט פון שטאדט, האב איך פלוצים דערזעהן א גרויסען שטויב-וואלקען און קומענדיג גאנץ פארזיכטיג נעהענטער האב איך באלד געזעהן, אז דאס איז פאטעמקין'ס ארמעע. צום טייפעל, האב איך ביי זיך געטראכט, וויא קומען זיי אזוי שנעל אהער? אבער פאר מיר איז קיין צייט ניט געוועזען יעצט צו דענקען וועגען דער קונסט פון קריעג-מארשען, איך האב געמוזט וואס שנעלער מיין נאכריכט איבערגעבען און א לייכטע זאך איז שוין דאס אויך ניט געוועזען, דען דיא סאלדאטען וועלען געוויס קיינעם אין שטאדט ניט דורכלאזען.

"דער שאסיי און אלע פעלדער ארום זיינען געדיכט בעזעצט מיט פערשיעדענע מיליטער. נור ביי איין פונקט וואו עס ציהט זיך א קלייניקער טייכעל

איז געשטאנען א שוואכער פיקעט פון גווארדיע סאָלדאטען. ניט פיעל טראכ־טענדיג האָב איך ארייגערוקט מיינע שפּאָרען אין דיא זייטען פון פערד און בין געפלויגען גראדע אנטקעגען דיא סאָלדאטען. נאָך בעפאָר זיי האָבען בעוויזען אויף מיר צו שיסען האָב איך איינעם פון זיי דעם מח צושפּאָלטען און מיט א ווילדען שפּרונג בין איך אין וואסער אריין.

"איך בין שוין געווען אין מיטען טייך, ווען מען האָט אָנגעפאנגען אויף מיר פון הינטען צו שיסען, אָבער קיין איינציגע קויל האָט מיר ניט געטראָפען. ערשט ווען איך בין צוגעקומען צו דער אנדערער זייט, האָבען דיא פערדאממטע סאָל־דאטען דערשאָסען מיין פערד. אָבער איך אליין בין אונגעשעדיגט ארויסגע־שפּרונגען אויף'ן ברעג און בין געקומען אהער אָהן ווייטערע שטערונגען.

"מיין הערר האָט מיר אויך געגעבען א געוויסען אויפטראג, וועלכען איך דארף אויספיהרען אין דער צייט פון שלאכט. אָבער דאָס געהט שוין אָן נור מיך זעלבסט. דערצעהלען דארף איך עס קיינעם ניט, אויסער פיליייכט דעם צאר אליין.

— זעהר גוט. דעם צאר וועסט דו שוין שפּעטער זעהן, האָט איהם טשיקא ערקלערט, פּאָרלויפיג קענסט דו זיך אויסרוהען אביסעל פון'ם וועג. געה אריין אין קיך, דאָרט וועסט דו זיך דערקוויקען מיט עסען און טרינקען, דאן וועסט דו זיך אויסרוהען און וועסט זיך אָננעהמען מיט פרישע קרעפטע צו ווייטערע ארבייט.

מיט א העסליכען שמייכעל אויף זיין העסליכע געזיכט איז דער הויקער ארויסגעגאנגען. אין נעכסטען אויגענבליק ווען דיא טיהר האָט זיך הינטער איהם געשלאָסען איז פּלוצים געוואָרען אין הויף א געוואלדיגער ליארם.

— דער פיינד קומט! האָבען טויזענדע שטימען געשריען. וואו איז אונ־זער צאר? אונזער אָנפיהרער?

באלד איז אָבער שטיל געוואָרען, און עס האָט זיך געהערט א הויכע, ראַ־שיגע שטימע וואָס האָט גערעדט צו דיא רעבעלען. טשיקא איז ביי'ם ערשטען קלאנג פון דער שטימע אויפגעשפּרונגען וויא א צוקאָכטער, אויך מיראָוויטש און וואָראָנצאָוו זיינען העכסט איבערראשט געוואָרען, ווען זיי האָבען דערהערט אז דאָס רעדט פוגאטשעוו.

— ער לעבט! האָט אויסגערופען טשיקא און האָט דורך'ן פענסטער גע־נומען בעטראכטען פוגאטשעוו'ס גרויסע און קרעפטיגע געשטאלט. זיא האָט אלזאָ דעם בעטריעגער ניט געטויטעט.

— יא, ער לעבט, האָט זיך וואָראָנצאָוו אָנגערופען מיט גרויס פערדרוס. אונזער פּלאן איז אלזאָ פּאָרלויפיג ניט געלונגען. אויב פוגאטשעוו זאָל יעצט בעזיעגען פּאָטעמקין'ען מיט זיין ארמעע, דאן איז איהם דער וועג נאָך פעטער־

בורג אָפּען און קיינער וועט איהם דאן אין זיין ענדליכען זיעג ניט קענען אָבהאַלטען.

— איך וועל קודם נעהן זיך דורכרעדען מיט מיין טאָכטער, האָט טשיקא אויסגערופען מיט א געוואַלטיגע אויפרעגונג. איך וועל ביי איהר פרעגען פאר וואָס האָט זיא איהר שבועה ניט געהאַלטען, און אויב זיא וועט מיר דארויף ניט געבען קיין ריכטיגע ערקלערונג דאן — ביי גאָט, דאן וועל איך מיין שבועה יא ערפילען!

— איהר וועט דאָך אָבער ניט זיין אזוי משוגע אייער אייגענע קינד צו ער־מאָרדען, האָט וואַראָנצאָוו בעמערקט מיט אן ערנסטען טאָן.

— וואָרום? איך וועל עס געוויס טהאָן! האָט דער אלטער אטאמאן גע־ברומט וויא א לייב, אויב זיא האָט פאלש געשוואָרען איז זיא יעדענפאלס ניט מעהר מיין טאָכטער.

— בארבאר! האָט אָלגא אויסגעשריען און האָט זיך געשטעלט נעגען ווילדען אטאמאן מיט בליצענדע בליקען, איהר וועט דאָך נאָכהער אליין פער־גיעסען ביטערע טהרערען איבער אזא אונמענשליכע טהאט. ניין, איהר וועט לידיא'ן ניט טויטען און ווען דיא מענער וועלען זיך פאר איהר ניט אָננעהמען וועל איך זיך געגען אייך שטעלען.

— דאָרט איז ער! האָט טשיקא אויסגערופען, דערזעהענדיג דורך'ן פענ־סטער וויא פּוגאטשעוו האָט זיך געזעצט אויף'ן פערד אום אין שלאכט אָבצור־רייטען. יא, געה נור, פאלשער צאר, שפּיעל וויטער דיין קאָמעדיע און פערפיהר דאָס פאָלק, אָבער וויא דיא שלאכט זאָל זיך ניט ענדיגען וועט דיין סוף קומען יעצט, א ביטערער, א שרעקליכער סוף פיר דיין בעטריגעריי.

מיט דיעזע ווערטער איז ער אויפגעשטאנען און איז האסטיג צום טיהר גע־גאנגען, אָבער אָלגא האָט זיך איהם אין וועג געשטעלט מיט אן ענטשלאָסענע מינע און האָט אויסגערופען:

— דו וועסט ניט געהן צו דיין טאָכטער, וועניגסטענס יעצט ניט, ווען דו ביסט אויפגעברענט פון צאָרן. וואָס קוקסטו אזוי אויף מיר מיט דיינע גרויסע צוקאָכטע אויגען? יא, איך בין נור א שוואכע פרוי, אָבער וואו עס האנדעלט זיך וועגען דעם לעבען פון מיין געליעבטע פריינדין בין איך שטארק גענוג זאָגאר נעגען דיר צו קעמפּפען.

— פרוי! האָט דער ווילדער אטאמאן געדונערט, דו ריזיקירסט צופיעל, דו מוזט וויסען אז טשיקא געהט צו זיין ציעל זאָגאר איבער טויטע קערפּער.

— א שעהנער ציעל! האָט אָלגא אויסגערופען מיט פעראכטונג. א פאטער געהט זיין אייגענע טאָכטער ערמאָרדען! אָה, דו ווילדער בארבאר! וואָרום זאָלסטו ניט בעגרייפען, אז זיא האָט דיין בעפעהל ניט געקענט ערפילען? דו האָסט איהר מיט געוואַלט אריינגערוקט דעם מעסער אין האנד, אז זיא, דיא

יונגע ליעבענדע פרוי זאָל איהר הערצענס געליעבטען דערשטעכען אין איהר ערשטע חופה־נאכט. טשיקא, ביסט דו דען קיינמאָל גאָר יונג ניט געווען? האָסט דו דען קיינמאָל ניט געשפיערט דעם געפיהל פון ליעבע, וואָס איז מעכ־טיגער פון אלעס אין דער וועלט? וויא האָסט דו זיך גאָר געקענט אונטערשטעהן צו צווינגען דיין טאָכטער אז זיא זאָל בעגעהן אזא זאך וואָס זאָגאר א בלוט־דורשטיגע חיה איז ניט אים שטאנד צו טהאָן? ניין, טשיקא, דו ביסט גראָב, ווילד, אויפגעוואקסען אין דער סטעפּע און דו ביסט א שרעק פיר דיינע פיינדע. אָבער דיין קינד, דיין שעהנע טאָכטער, וועלכע יעדער איינער מוז ליעבען — איהר וועסט דו קיין שלעכטעס ניט טהאָן.

ביי יעדען געפיהלפאלען וואָרט וואָס דיא פרוי האָט געשפּראָכען, איז טשי־קא אימער מעהר און מעהר צוזאמענגעבראָכען געוואָרען, ביז ער איז ענדליך געפאלען אויף א שטוהל ביי׳ם טיהר און מיט א פערשטיקטע שטימע פון טהרע־רען האָט ער אויסגערופען:

— מיין אָרימע, ליעבע סטעפּען־ראָזע! ניין, איך קען דיך ניט טויטען. אָה, גאָט, וואָס פיר אן אונגליק איז געקומען אויף מיר און אויף מיין קינד! ווארום זיינען מיר ניט געבליעבען אין אונזער סטעפּע, דאָרט וואו מיר האָבען אזוי שטיל און פריעדליך געלעבט? ווארום האָט אונז דער בייזער שיקזאל אראָבגעטראָגען אהער אין דיעזען טומעל, אין דיעזען גערויש, אין דיעזען שרעק־ליכען אונגליק!

עס איז געווען שרעקליך צו זעהן וויא דיעזער קרעפטיגער ווילדער ריעז האָט זיך פאנאנדער געוויינט וויא א קליין קינד. ער האָט דאָס פיעלייכט צום ערשטען מאָל אין זיין לעבען געוויינט און טהרערען פערגאָסען. וואָראָנצאָוו און מיראָ־וויטש האָבען איהם בעטראכט מיט גרוים מיטלייד, אָבער אָלגא האָט אָנגע־נומען זיין האנד און גלעטענדיג צערטליך זיינע גרויע האָאר האָט זיא צו איהם געזאָגט:

— קום, יעצט ווייס איך, אז דו וועסט דיין טאָכטער זאָגאר קיין שלעכטען וואָרט ניט זאָגען. אָך, איך קען זיך פאָרשטעלען אין וואָס פיר א פינסטערען טרויער זיא זיצט דאָרט יעצט און פון וואָס פיר א שרעקליכע פערצווייפלונג איהר ליעבע נשמה ווערט אין דיעזען מאָמענט געפייניגט. אָה, אָרימע לידיא!

וויינענדיג האָט דער אָרימער ווילדער טשיקא געדריקט דיא שעהנע יונגע פרוי צו זיין ברייטע ברוסט און האָט אויסגערופען:

— יעצט זעה איך, אז אן ערדעלע פרויען־הארץ איז טהייערער פון אלעס אין דער וועלט. אָה, מיראָוויטש, דו קענסט שטאָלץ און גליקליך זיין מיט אזא פרוי! יא, דו האָסט רעכט, אָלגא, איך וועל געהן צו מיין קינד און וועל זיא טרייסטען. ניט זיא וועל איך בעשטראָפען, נאָר ראכע וועל איך נעהמען פון יענעם בעטריעגער וואָס האָט אונז ביידע אזוי אונגליקליך געמאכט.

מיט דיעזע ווערטער האט ער אויפגעריסען דיא טיהר און איז געלאפען אויף דיא טרעפ אזוי שנעל, אז אלגא אוןביידע מענער האבען איהם קוים געקענט נאכלויפען, ביז זיי זיינען ענדליך געקומען צו דער טיהר פון׳ם טהורם־צימער, וועלכע זיי האבען געפונען פערשלאסען.

— לידיא! האט דער פאטער גערופען מיט א צערטליכען טאן: שטעה אויף, מיין קינד, עפען דיא טיהר!

קיינער האט פון אינווייניג ניט געענטפערט.

— לידיא, האב קיין מורא ניט, האט ער ווידער גערופען, איך וועל דיר קיין שלעכטס ניט טהאן. דאס שווער איך דיר ביי גאט.

אבער פון אינווענינ איז נאך אלץ דיא מינדעסטע בעוועגונג ניט געקומען און עס האט זיך אפילו קיין שארך ניט געהערט.

— אום גאטעס ווילען, וואס איז דארט? בלוט! האט וואראנצאוו אויס־געשריען ארייגקוקענדיג אינוועניג דורך דער לאך פון שלאס. דא האט געמוזט עטוואס שרעקליכעס פארקומען.

און באלד האבען אלע דערזעהן וויא עס האט ארויסגערונען בלוט פון הינ־טער דער טיהר פון צימער און איז דא אויף׳ן פלאר פערגליווערט געווארען, ביי דער טיהר פון דרויסען.

— גאט! האט מיראוויטש אויסגערופען מיט א שוידער, בלוט!

— און ער לעבט! האט טשיקא געשריען וויא א וואהנזיניגער, איך האב איהם דאך אליין געזעהן. אין דעם צימער זיינען נור זיי ביידע געוועז. דאס איז אלזא איהר בלוט!

און וויא משוגע איז ער צוגעפאלען צו דער טיהר און האט געהאקט מיט דיא פויסטען ברומענדיג וויא א פערוואונדעטער לייב.

— א האק, ברייננט מיר א האק! איך מוז דיא טיהר באלד אויפברעכען, איך וויל זעהן וואס איז מיט מיין קינד!

מיראוויטש איז ארויבגעפלויגען פון דיא טרעפ און באלד איז ער געקומען צולויפען צוריק מיט א גרויסע האק, וועלכע טשיקא האט ארויסגעריסען ביי איהם פון האנד און האט אנגעהויבען ברעכען דיא טיהר. דער שלאס איז אבער געוועזן אזוי שטארק, אז עס האט גענומען היבשע עטליכע מינוט ביז דער שטארקער טשיקא האט מיט אלע זיינע קרעפטע ענדליך דיא גאנצע טיהר צו־שמעטערט.

— טויט, מיין קינד איז טויט!

מיט דיעזע ווערטער איז טשיקא געפאלען צוזאמענגעבראכען ביי׳ם טויטען קערפער פון זיין איינציגע טאכטער. באלד האט ער זיך ווידער אויפגעכאפט און האט גענומען זיין טויטע קינד אויף דיא הענד. אבער יעצט האט ער ניט געוויינט מעהר, זיין געזיכט האט בעקומען אן אויסזעהען וויא א שטיק אייזען.

— ווארום האט ער זיא ערמארדעט? האט ער ביי זיך אליין געפרעגט. פיעלייכט אין קאמפף? יא, אזוי שיינט עס צו זיין. איהר קלייד איז צור־ריסען.

— ניין, איך גלויב עס ניט, האט אלגא געשטאמעלט. אויף אזא מארד איז זאגאר דער ערגסטער באנדיט ניט פעהיג. און — דא, זעהט איהר, איז פערבונ־דען דיא וואונד מיט א שטיק פון אבגעריסענע העמד. דאס איז ניט איהר העמד, דאס איז זיין העמד. ער האט זיא אלזא געוואלט רעטען נאכדעם וויא — אה, געוויס — אזוי מוז עס זיין — דיא אונגליקליכע האט זיך זעלבסט ער־מארדעט, אויס פורכט, אויס מורא, אז זיא קען איהר שבועה ניט ערפילען און אויס פערצווייפלונג נאכדעם וויא זיא האט זיך איבערצייגט, אז איהר געליעבטער מאן איז דער גרעסטער בעטריגער אין דער וועלט.

לאנגזאם האט טשיקא אוועקגעלייגט דעם טויטען קערפער פון זיין טאכטער אויף'ן דיוואן און קושענדיג איהר בלאסען שטערען האט ער געשעפטשעט מיט א געבראכענע שטימע:

— אדיע, מיין קינד, אויף עביג! איך האב ניט וואס צו וויינען אויף דיר. דו האסט שוין אריבערגעטראגען דיינע ליידען, אבער מיינע ליידען פאנגען זיך ערשט אן. יעצט בלייבט מיר נור צו נעהמען ראכע פאר דיין יונגען לעבען און איך שווער ביי דיין זעעלע, אז דאס וועט זיין א גרויזאמע ראכע, א ראכע, וועלכע נור מיר קאזאקען קענען נעהמען.

מיט דיעזע ווערטער האט ער אראבגעריסען פון א פענסטער דעם לאנגען שטארקען זיידענעם שנור, מיט וועלכען דיא גארדינען זיינען געוועזען צוגעבונדען, און האט איהם אריינגעלייגט צו זיך אין טאש. דאן האט ער זיך געווענדעט צו זיינע בעגלייטער און האט געזאגט:

— יעצט קומט מיט מיר, אבער — ניין, בעסער געהט ניט מיט מיר. איהר וועט דעם אלטען טשיקא קיינמאל מעהר ניט זעהן. און ווילט איהר פאלגען מיין ראטה, זאלט איהר מעהר קיין אנטהייל ניט נעהמען אין דיעזען קאמפף. זוכט בעסער אייער לעבען צו רעטען. פאטעמקין וועט געוויס זיעגען און דאן ערווארטעט אייך א שרעקליכער שיקזאל.

"אונטען ביי'ם וואלד שטעהט מיין פוהר, געשפאנט מיט פיער גוטע פערד. דאס שענק איך אייך און זעהט וואס שנעלער דיא שטאדט צו פערלאזען.

"און דו, אלגא, דו ביסט ווערטה בעלוינט צו ווערען פיר דיין טרייהייט צו מיין אונגליקליכע קינד און פיר דיין ערדלקייט. דיר וועל איך איבערגעבען מיינע אלע רייכטהימער אדער בעסער געזאגט דיינע אלע רייכטהימער וואס זיינען געבליבען פון דיין ערשטען מאן, פון קניאז דאשקאוו. דאס אלעס האט פוגאטשעוו צוגענומען און האט עס בעגראבען אונטער דיא מיטעלסטע פון דיא

דריי הייליגע אייכענבוימער. נעהמט עס אלעס צו און טהוט ראמיס גוטעס וואו איהר וועט קענען.

"און יעצט בלייבט געזונד! ווען איהר וועט גערעטעט און גליקליך זיין, דערמאָנט אמאָל צו גוטען דעם אונגליקליכען טשיקא און זיין טאָכטער, די ארימע סטעפען־ראָזא.

נאָך דיעזען געשפרעך איז טשיקא ארויסגעלאָפען פון צימער און באלד איז ער פערשוואונדען געוואָרען פון דיא טרעפ. אָלגא האָט איהר טויטער פריינדין דעם לעצטען אבשיעד קוס געגעבען און אויסווישענדיג איהרע טרעהרען, האָט זיא געזאָגט צו איהר מאן:

— קום, ניקאָלאי, און אויך איהר וואָראָנצאָוו, לאָמיר פאָלגען דעם ראטה פון'ם אונגליקליכען אלטען אטאמאן. איך גלויב אויך, אז פוגאטשעוו'ס אלע פלענער זיינען פערלאָרען. יעדענפאלס דארפען מיר ניט מיטהאלטען מיט איהם נאָכדעם וויא מיר ווייסען ווער און וואָס ער איז.

— איך האָב איהם נור געוואָלט בעגלייטען, האָט זיך וואָראָנצאָוו אָנגערופען, אום צו פערזיכערען, אז דיעזער געפעהרליכער מערדער זאָל ניט דערלעבען צו בעשטייגען רוסלאנד'ס טהראָן. יעצט אָבער וועט שוין טשיקא דאָס בעזאָרגען און מיר דארפען מיט דער גאנצער געשיכטע שוין מעהר ניט האָבען צו טהאָן.

— יא, מיר מוזען אנטלויפען, האָט מיראָוויטש איינגעשטימט. יעצט האָבען מיר נאָך צייט זיך צו רעטען פון פערדערבען און ווען רוסלאנד וועט פאר אונז ניט זיכער זיין וועלען מיר קענען געפינען א גליקליכע היימאטה אין אויסלאנד. קומט שנעל, לאָמיר אוועק פון מאָסקווא אזוי גיך וויא מעגליך.

און אלע דריי זיינען זיי ארויס פון טהורם־צימער, וואו דיא לייכע פון דיא אָרימע סטעפען־ראָזא איז ווידער געבליבען אליין.

## 24טער קאפיטעל

## דיא שלאכט ביי מאָסקווא.

פון אלע זייטען וויא ווייט אן אויג קען זעהן איז מאָסקווא געווען ארומגערינגעלט מיט פאָטעמקין'ס ארמעע. אונטער'ן שוץ פון דער נאכט איז דעם יונגען פעלדמארשאָל געלונגען צוצוקומען נאָהענט צו דיא מויערען און דיא אלטע קייזערליכע שטאָדט איינצושליסען מיט א לעבעדיגען צאם פון סאָלדאטען.

דורך זיינע אָפיציערען האָט ער איבעראל אין דער ארמעע געלאָזט וויסען, אז זיי זאָלען זיין פאָרזיכטיג און פאָרבערייטעט צו א שווערען קאמפף וואָס וועט זיך אָנפאנגען אין א שטונדע ארום. ער האָט דיא סאָלדאטען ווידער ערקלערט דיא הייליגע פעראנטוואָרטליכקייט וואָס זיי האָבען פיר'ן פאָטערלאנד

און פיר דער קייזערין. אויסער דעם האָט ער פערשפּראָכען א פּרייז פון טויזענד רובעל דעם יעניגען וואָס וועט דעם רעבעל פּוגאטשעוו טויטען און צוואַנציג טויזענד רובעל דעם וואָס וועט דיעזען פיינד פון דער קייזערין ברענגען לעבעדיג געפאנגען.

פּאָטעמקין איז מיט זיין הויפּט מאכט געשטאנען ביי דער נאָרד זייט פון שטאָדט. ער האָט אָנגעפילט דעם שאָסעע און אלע פעלדער ארום מיט דער פּרעאבראזשענסקי גווארדיע, ווייט און ברייט ארום דעם טייך מאָסקווא. וויי־טער אראָב, דאָרט וואו דער טייך מאָסקווא און דער טייך טאווזא קומען זיך צוזאַמען, געפינט זיך א דריי עקיגער בארג מיט גרויסע דריי שפּיצען און אהין האָט פּאָטעמקין מיט גרויס מיהע און ענערגיע ארויפגעפיהרט זיינע הארמאטען און דיא גאנצע ארטילעריע.

אלס סטראטעגישער פּונקט איז דער בארג געווען זעהר וויכטיג. דיא אַנדערע זייט פון מאָסקווא האָט פּאָטעמקין בעפעסטיגט מיט זיינע רייטער וואָס זיינען געווען דער שוואכסטער טהייל פון זיין ארמעע. דיעזע רייטער, אָדער וויא מען רופט זיי געוועהנליך קאוואלעריע, זיינען געשטאנען אונטער דער קאָמאנדע פון דעם יונגען קניאז טרובעצקאָי, א העלדישער אָפיציער, וועלכער האָט זיך שוין געהאט אויסגעצייכענט אלס גרויסער העלד אין דער טערקישער קריעג.

טרובעצקאָי האָט ערהאלטען דעם בעפעהל, אז אויב דיא רעבעלען וועלען איהם אָנגרייפען זאָל ער זיך לאנגזאם צוריק ציהען נאָך דער ריכטונג פון׳ם דריישפּיצינגען בארג, גראדע דאָרט וואו עס שטעהן אויבען דיא הארמאטען, און וועהרענד מען וועט פון דאָרט שיסען אויף דיא רעבעלען, וועט דיא גרויסע מאכט פון פּרעאבראזשענסקי גווארדיע זיי אָנגרייפען פון צווייטען זייט.

דער יונגער פעלדמארשאל פּאָטעמקין האָט געברענט פון אונגעדולד אָנצוּפאנגען דיא מלחמה. ער איז ביי זיך געווען פאָלשטענדיג זיכער, אז ער וועט געקרוינט ווערען אלס זיעגער. ער האָט אויף דיעזען אָנפאַנג ניט געהאט לאנג צו ווארטען, דען באלד וויא דיא ערשטע זאָנען־שטראהלען האָבען בעשיינט דיא טהורמס פון קרעמל און דער גלאָק פון דער גרויסער קאטהעדראלע האָט אויסגעקלונגען זעקס אוהר, זיינען דיא טויערען פון שטאָדט געעפענט געוואָרען פון דער נאָרד זייט און דער פיינד איז ארויס פון דאָרט מיט א ווילדען ליארם.

טויזענדע און טויזענדע רייטער האָבען גאלאָפּירט איבער׳ן שאָסעע און דיא ארומיגע פעלדער. פּאָטעמקין׳ס רעכענונג איז אלזאָ אויסגעקומען ריכטיג, אז דער פיינד וועט צום ערשטען אָנגרייפען זיין הויפּט־מאכט, דיא פּוסגעהער און דיא גווארדיע. שטעהענדיג אויף א בערגעל מיט זיין שטאב האָט פּאָטעמקין געזעהן דורך׳ן שפּאקטיוו דיא אונגעהייערע צאָהל פון׳ם פיינד׳ס אר־

מעע און אלע זייערע בעוועגונגען. ער האָט געזעהן, אז דער פיינד קומט גראדע נעגען דער גוואַרדיע.

אין דעם זעלבען אויגענבליק האָט פּאָטעמקין געגעבען א בעפעהל, אז די טרופּען זאָלען זיך שטעלען אין שלאַכט־רייהען, וועלכע איז צו יענער צייט ערשט ניט לאַנג איינגעפיהרט געוואָרען אין דיא גרויסע ארמעען פון גאנץ אייראָפּא; דיעזע קריעגס־מאַנעווער איז בעשטאַנען אין פאָלגענדען פּלאַן: דיא טרופּען זיינען איינגעטהיילט געוואָרען אין דריי רייהען, דיא ערשטע רייהע ליעגענדיג גלאַט אויף'ן בויך, דיא אנדערע רייהע שטעהענדיג אויף דיא קניע און דיא דריטע גלייך אויף דיא פיס. אלע דריי רייהען האָבען געהאַלטען דיא ביקסען פערטיג צו שיסען ביים ערשטען סיגנאַל, באַלד וויא דער פיינד וועט צוקומען נאָהענט.

דיא ווירקונג פון אזא דרייפאַכען קראַך האָט געמוזט זיין שרעקליך, אייבערהויפּט אין דיעזען פאַל, ווען דיא פיינדליכע רייטער זיינען געקומען אין אזא געדיכטע מאַסע און דאָס האָט זיי געהינדערט צו מאַכען א שנעלע אומוועגדונג, וועהרענד יעדע קויל פון דיא דרייפאַכע ביקסען־רייהען האָט זיי געמוזט טרעפען.

און נעהענטער און אימער נעהענטער איז דערווייל געקומען דער אונגעהייערער שטויב וואָלקען פון מאָסקווא, גראַדע וויא א געוואַלטיגער שטורם וואָלט טרייבען דיא פיינדליכע רייטער.

פּאָטעמקין איז שוין פערטיג געווען אָבצוגעבען דעם סיגנאַל, אז מען זאָל עפענען אויף'ן פיינד דעם דרייפאַכען קוילען־האָגעל, אָבער פּלוצים האָט זיך אַלעס געענדערט וויא דורך א צויבער מאַכט. מיט איין מאָל האָבען אלע פערד זיך אומגעדרעהט און דיא גאַנצע ארמעע פון דיא רעבעלען איז אריין אין טייך.

דער פּלאַן פון פּוגאַטשעוו'ען איז אלזאָ פון אָנפאַנג אָן געווען א גאַנץ אַנדערער. זיין פּלאַן איז געווען צו בעפאַלען דיא ארטילעריע און אוועקנעהמען דיא האַרמאַטען. דאָך איז איהם אזא זאַך ניט מעגליך געווען אויסצופיהרען, וועהרענד מען וועט אויף איהם שיסען פון אויבען און דיא גוואַרדיע וועט איהם פערפאָלגען פון הינטען.

ער האָט דאַרום אָבגענאַרט דעם רוסישען קריעגס־פיהרער און האָט צוערשט געמאַכט א פאַלשע בעוועגונג, אום דיא סאָלדאַטען זאָלען זיך שטעלען אין דיא בעוואוסטע דריי שלאַכט־רייהען. דאַן וועט עס מוזען נעהמען ווייניגסטענס א פיערטעל שטונדע צייט ביז דיא רוסישע הויפּט מאַכט וועט זיך שטעלען אין אַן אנדערע אָרדנונג אום איהם צו פערפאָלגען און מיט דיעזער צייט וועט ער זיך בענוצען אום צו נעהמען מיט שטורם דיא קאַנאָנען אויף'ן בארג.

פּוגאַטשעוו'ס רעכענונג האָט זיך בעוויעזען גאַנץ ריכטיג. ביי דיא האַרמאַטען זיינען געשטאַנען דיא קאַנאָנירען פערטיג צו קלאַפּען און באַלד האָט

א פיערציגפאכיגער דונער פירכטערליך אויסגעקראכט געגען דיא רעבעלען. מאסען פון זיי זיינען אנפאנגס געפאלען וויא דיא פליגען. אבער דאס האט זיי ניט אבגעהאלטען נאך שנעלער צו שווימען און אין אייניגע מינוטען זיינען זיי געקומען גאנץ נאהענט צום בארג, וואו דיא הארמאטען האבען זיי שוין גאנץ װעניג געקענט שאדען, ווייל דיא קוילען האבען שוין אריבערגעשפריצט ווייטער איבער זייערע קעפ.

דיעזע קורצע סצענע איז געװען פורכטבאר שעהן. טויזענדע ווילדע רייטער האבען זיך בעוועגט איבער דעם גאנצען טייך, וועלכער האט דערביי ארויסגע־שטירצט איבער דיא ברעגעס. דאס גאנצע וואסער איז פעשוואונדען געװארען אונטער דיא מענגען פון פערד און מענשען, וועלכע זיינען געשוואומען שנעל און זייער צאהל פערמעהרט זיך אימער ביי יענעם זייט טייך, אונטער'ן בארג.

דארט וואו פאטעמקין איז געשטאנען מיט זיין הויפט מאכט קלינגען צו דער זעלבער צייט האסטיגע קאמאנדע־בעפעהלען און דיא גרויסע גווארדיע־ארמעע מאכט א ריעזיגע פלאנקען־בעוועגונג, אבער וויא שנעל דאס איז אויס־געפיהרט געװארען האט עס דאך גענומען מעהר וויא צעהן מינוטען צייט און דאס איז פיר פוגאטשעװ'ן געװען גענוג, אום זיין ציעל צו ערגרייכען. ער איז דער ערשטער ארויסגעשפרונגען אויף יענעם זייט ברעג, דער ערשטער איז ער ארויפגעלאפען אויף'ן בארג אין מיטען פון דיא קאנאנירען, וועלכע זיינען דער־שראקען געװארען ביז צום טויט, דען אין אייניגע אויגענבליקען האבען טוי־זענדע און טויזענדע נאכגעפאלגט דעם רעבעלען־פיהרער און עס האט זיך אנגע־פאנגען א שרעקליכע אויסשלאכטונג צווישען קאטהערינא'ס ארטילעריע.

פון שרעק, זעהענדיג אזא מאסע ווילדע רייטער געגען זיך, האבען דיא אונגליקליכע דעם גאנצען מוטה פערלארען. זיי האבען איבערגעלאזען דעם פיינד דיא קאנאנען און הונדערטערוויז זיינען זיי אראבגעלאפען פון בארג, אריינשפרינגענדיג אין דעם טייך טאוזא מיט דער האפנונג, אז עס וועט זיי גע־לינגען דיעזען ניט זעהר ברייטען טייך אריבערצושווימען.

פיעלע פון זיי זיינען דאביי צו גרונד געגאנגען און דיא טויטע קערפער פון דיעזע דערטרונקענע האט דער שטראם פון טאוזא אריינגעטראגען אין טייך מאסקווא. נאך טרויעריגער איז געװען דער סוף פון דיא יעניגע וואס האבען ביז דעם לעצטען מאמענט געוואלט ערפילען זייער פפליכט און זיינען געבליבען אויף'ן בארג ביי דיא קאנאנען. דיא רעבעלען האבען זיי אויף שטיקער צוהאקט. קיין איינציגער פון זיי איז ניט געבליבען לעבען.

פוגאטשעװ האט מיט דיעזע קריעגס־טאקטיק באלד אין אנפאנג זיך ער־ווארבען א גרויסען פארטהייל. ער האט עראבערט דיא בעסטע פאזיציאן מיט אלע קאנאנען, פערניכטעט דיא גאנצע ארטילעריע אזוי דאס ער האט שוין גע־קענט רעכענען אויף א פאלשטענדיגען זיעג. אין וועניגער אלס פינף מינוטען

זיינען דיא הארמאטען געווען אומגעווענדעט, נאָך אמאָל אָנגעלאָדען און יעצט, ווען פּאָטעמקין׳ס הויפּט ארמעע איז מיט א שטורם מארש געקומען לויפענדיג צו יענעם זייט טייך טאוזא און ערעפענט א ביקסען־פייער אויף פוגאטשעוו און זיינע באנדעס, וואָס זיינען געשטאנען דאָרטען אויבען אויף׳ן בארג, האָבען פּלוצ־לינג אויסגעקראכט אלע קאנאָנען און פערשפּרייט טויט און פערדערבען, איבער־הויפּט צווישען דיא גווארדיע.

אָבער דיא גווארדיע אנטלויפט ניט. דיא גווארדיע זיעגט אָדער שטארבט. דיעזעס שפּרוך־וואָרט איז געבליבען פון דאמאָלס, פון יענע גרויסע מלחמה, ביי מאָסקווא ; און נאָך יעצט ווערען געזונגען פיעלע פאָלקס־ליעדער, וועלכע פער־הערליכען דיא מוטהיגע טהאטען פון דיעזען העלדען־רעגימענט. שרעקליך זיי־נען געווען דיא פערלוסטען, וועלכע דיעזע בראווע קריעגער האָבען ערליטען. איין מאן נאָך דעם אנדערן איז געפאלען. אין זייערע פאָרדערסטע רייהען האָט געבושעוועט דער טויט מיט זיין פערדערבליכע מאכט און איבער דיא קער־פער פון דיא געפאלענע קאמעראדען האָבען דיא העלדען געטראמפּעלט אין מוטהיגען קאמפּף געגען פיינד.

פּאָטעמקין איז געקומען אין גרויס פערצווייפלונג, זעהענדיג אז דיא בעסטע טהייל פון זיין ארמעע ווערט פערניכטעט און טראָץ איהר גאנצען העלדענמוטה קען דיא גווארדיע ניט אויף איין שריט פאָרווערטס קומען, גראָדע פערקעהרט : דיא טרופּען מוזען לאנגזאם, אָבער בעשטענדיג זיך צוריקציהען פון אונטער דעם הארמאטען־פייער וואָס דיא רעבעלען ווארפען אויף זיי. דאָך האָט דער יונגער פעלדמארשאל ניט פערלאָרען דעם גאנצען מוטה און האָט געזאָגט צו זיינע אָפיציערען :

— עס ניבט נור איין איינציגער מיטעל דיא קאנאָנען צוריק אוועקצונעה־מען און צו דיעזען צוועק מוזען מיר אריבער דעם טייך טאוזא.

— דאָס איז אונמעגליך, פעלדמארשאל, האָט געענטפערט איין גענעראל, וועלכען דיא קייזערין האָט מיטגעשיקט, אז ער זאָל פּאָטעמקין׳ען דיענען מיט זיין ערפאהרונג. פיעל רייטער האָבען מיר ניט און אונזערע פוסגעהער קענען דעם טייך ניט אריבערשווימען. עס בלייבט נור צו בויען א בריק אונטער דעם האָגעל פון קאנאָנען, גראדע געגען דעם מעכטיגען פיינד, אָבער ווער קען אזא זאך וואגען ?

— איך וועל עס וואגען ! האָט פּאָטעמקין געענטפערט רוהיג.

און דיעזע העכסט ריזיקאלישע אונטערנעהמונג האָט דער יונגער פעלד־מארשאל אָנגעפאנגען אויסצופיהרען מיט דיא גרעסטע פּינקטליכקייט, גראדע וויא ער וואָלט שוין פון לאנג אָן קאָמאנדירט אזא בעדייטענדע קריעגס־ארמעע. דיא סאפּיאָרען מיט זייערע וואגאָנען זיינען אויף פּאָטעמקין׳ס בעפעהל צוגע־פאָהרען, אום דעם בריק אָנצופאנגען צוזאמענשטעלען. איינער פון דיא וואגאָ־

נען איז צושמעטערט געוואָרען פון א גראנאטע, אָבער דיא סאפּיאָרען האָבען געטהאָן זייער שווערע ארבייט. זיי האָבען ארייננעוואָרפען שווימענדע פּליטען אין טייך, וועלכע זיי בעפעסטיגען איינע צו דיא אנדערע מיט קייטען, און איבער דיעזע פּליטען האָבען זיי צוגעשלאָגעןברייטע, שטארקע ברעטער.

אָבער דיא אונטערנעהמונג האָט געקאָסט זעהר טהייער. וואָס ווייטער דיא העלדענמוטהיגע סאפּיאָרען האָבען געארבייט זיינען זייערע רייהען געוואָרען אימער קנאפּער. דיא אָפיציערען פון זיין שטאב האָבען געבעטען דעם פעלד־מארשאל ער זאָל אויפגעבען זיין פּלאן, אָבער ער האָט דארויף געענטפערט:

— אָהן דיעזען בריק זיינען מיר פערלאָרען. מיט איהם וועלען מיר זיעגען!

אונטערדעסען האָט דיא שלאכט זיך ווייטער פערברייטעט. דיא פּרעאָב־ראזשענסקי גווארדיע איז אָנגעגריפען געוואָרען ניט נור פון דעם דריי־שפּיציגען בארג, פון וואנען מען האָט געשאָסען אויף זיי מיט הארמאטען, זאָנדערן א מאסע רעבעלען זיינען אויף זיי בעפאלען פון דער אנדערער זייט און ס'איז געווען א ביטערער בלוטיגער קאמפף אויף דער גאנצער ליניע.

צום גליק האָט יעצט פּירסט טרובעצקאָי זיינע רייטער צוזאמענגעצויגען באלד וויא פאָטעמקין האָט איהם געשיקט א בעפעהל און זיי זיינען בעפאלען אויף דיא רעבעלען אין רוקען. דער קאמפף איז יעצט געוואָרען זעהר פורכט־באר, געפיהרט מיט דיא גרעסטע ערביטערונג, דען יעדע פון דיא קעמפפענדע פּארטייען האָט גוט געוואוסט, אז ביי דיעזער שלאכט מוז אלעס ענטשיעדען ווערען. פאר דיא רעבעלען האנדעלט זיך דאָ וועגען זייער לעבען, אָבער דיא סאָלדאטען ווייסען, אז דאָ שטעהט אין ריזיקע זייער קייזערין און זייער פאָ־טערלאנד, וועלכעס איז פערלאָרען, אויב פוגאטשעוו זאָל בעזיעגען פאָטעמקין'ס ארמעע און דאן אונגעשטערט געהן נאָך פעטערבורג.

אָבער דיעזע נייע מאנעווער, דיא פעראייניגונג מיט דיא קאוואלעריע, וועל־כע פאָטעמקין האָט געוואָלט דורכפיהרען, דיעזע פעראייניגונג, וועלכע וואָלט איהם ווירקליך געקענט זעהר פיעל נוצען ברענגען, איז אויף דיעזער שטעלע ניט אזוי לייכט געווען אויפצוטהאָן. אימער נייע, געוואלטיגע מאסען פון רעבעלישע רייטער זיינען אריין צווישען איהם און דיא דראגונער פון דעם קניאז טרו־בעצקאָי; גראדע אויף דיעזען פּונקט איז דיא מאכט פון דיא רעבעלען איבער־הויפּט געווען שטארק און, וויא עס האָט אויסגעצייגט, זיינען זיי געווען ענט־שלאָסען ביז דיא לעצטע מעגליכקייט צו קעמפּפען.

דיעזע ניי־אָנגעקומענע באנדעס האָט קאָמאנדירט א פּירכטערליכער אָנ־פיהרער. זיין נאָמען איז געווען פּירסקי, הויך וויא א ריעז, שטארק וויא א לייב און פון לאנגע צייטען בעוואוסט אין אלע געגענדען פון רוסלאנד אלס א הויפּט־מאן פון א שרעקליכער רויבער־באנדע.

אלע מיליטערישע עקספּעדיציאָנען, וואָס זיינען געגען איהם ארויסגעשיקט

געוואָרען, איז נאָך ניעמאלס געלונגען געגען איהם עטוואס אויפצוטהאָן, נור איין מאָל האָבען זיך צוזאמענגענומען א מאסע בעוואָהנער פון פיעלע דערפער און איהם געכאפּט אויף דיא קאווקאזישע בערג. דיא לאנד־בעוואָהנער זיינען געווען שטארק ערביטערט געגען איהם, ווייל ער פלעגט אוועקטרייבען גאנצע סטאדעס פון זייערע בהמות און אָפטמאָל זאָגאר בעפאלען און בעראבעווען זייע־רע דערפער.

זיי האָבען איהם אלזאָ געפיהרט אין שטאָדט, איהם דאָרט דער פּאָליציי איבערצוגעבען. אום אָבער ער זאָל פון זיי ניט אנטלויפען און צו גלייכער צייט צו נעהמען פון איהם א געהעריגע ראכע, האָבען זיי איהם דורכגעצויגען אַן אייזערנעם רינג דורך דער נאָז און דיעזען רינג בעפעסטיגט צו א לאנגע איי־זערנע קייט. דאָס האָט זיי געמאכט גרויס פערגניגען דעם געוואלטיגען רויבער פּירסקי צו פיהרען דורך אלע געגענדען אזוי וויא א ווילדען בער.

עס איז נאכט געוואָרען ווען דיא פיהרער מיט זייער געפאנגענעם זיינען געגאנגען דורך א דונקעלען טהאָל צווישען דיא הויכע בערג. פּלוצלונג איז פון הינטער א גרויסען שטיין ארויסגעפלויגען א מעסער, וועלכער איז געפאלען פּונקט צו דיא פיס פון דעם געפאנגענעם. זיינע הענד זיינען ניט געווען גע־בונדען, דען עס איז דאָך געווען זיכער גענוג, אז ער וועט ניט אנטלויפען. פּירסקי האָט אלזאָ געהאט דיא מעגליכקייט זיך איינצובייגען און דעם מעסער שנעל אויפצוהויבען.

זיינע וועכטער, דיא פּויערים זיינען זיך לאנגזאם געריטען פאָראויס, פיה־רענדיג הינטער זיך אויף'ן קייט דעם רויבער צופוס. זיי האָבען צווישען זיך געפּלוידערט און געלאכט. דיא בעוועגונג פון זייער געפאנגענעם האָבען זיי גאָר ניט בעמערקט. פּלוצלונג אָבער האָט דערשפּירט דער יעניגער וואָס האָט גע־האלטען דיא אנדערע ענדע קייט אין האנד, אז זיא שלעפּט זיך אויף דער ערד.

צום טייפעל, וואָס איז דאָס? פּירסקי איז אנטלאָפען! דער רינג, וואָס איז געווען דורכגעצויגען דורך פּירסקי'ס נאָז, איז שטארק פערבלוטיגט. שפּעטער איז ערקלערט געוואָרען, אז איינער פון זיין באנדע האָט נאָכגעפאָלגט דעם טראנספּאָרט און אָבגעהיט א פּאסענדע געלעגענהייט, וואו ער האָט דעם געפאנ־גענעם הויפּטמאַן צוגעוואָרפען א מעסער, מיט וועלכען ער האָט זיינע נאָזלעכער דורכגעשניטען.

פּירסקי איז ווידער געוואָרען א געפעהרליכער רויבער הויפּטמאַן און קורץ נאָכדעם וויא פּוגאטשעוו'ס אויפשטאנד איז בעקאנט געוואָרען, האָט ער מיט זיין גאנצע באנדע זיך אָנגעשלאָסען צו דעם גרויסען רעבעל, וואו ער איז אין זיין ארמעע געוואָרען איינער פון דיא גרעסטע אָנפיהרער.

דיעזער ווילדער באנדיט, אַן דער שפּיצע פון א גרויסע רעבעלען מאכט, האָט זיך אלזאָ יעצט געשטעלט געגען פּאָטעמקין'ען אום צו פערהינדערן זיין

פעראייניגונג מיט דעם פירסט טרובעצקאי. ביי דעם ערשטען בליק אויף דעם שעהנעם, יונגען פעלדמארשאל האט פירסקי באלד איינגעזעהן, אז נור זיין ערשיינונג, זיין העלדען־געשטאלט מיט דיא קריעגס־פאהן אין האנד בעגייסטערט דיא סאלדאטען צו א קרעפטיגען ווידערשטאנד. פירסקי האט אלזא בעשלאסען זיך דורכצושלאגען צו פאטעמקין׳ען אום איהם צו טויטען.

ער איז געריטען אויף א ניעדריגען, אבער שטארקען און פלינקען קאזאקען־פערד, האלטענדיג אין האנד א לאנגען שפיעז, וועלכען ער האט פערשטאנען צו ווארפען זעהר געשיקט. אין דער אנדערער האנד האט ער געהאלטען א גרויסע האק, צו וועלכער מען מוז האבען גענוג קראפט זיא אויפצוהויבען.

ארבייטענדיג מיט׳ן שפיעז און מיט דער האק רעכטס און לינקס האט זיך פירסקי דורכגעבראכען א וועג צווישען דיא געדיכטע מאסע סאלדאטען. אייניגע שיסע זיינען אויף איהם אבגעפייערט געווארען, אבער קיינע האט איהם ניט געטראפען, וועהרענד זיינע געגנער פאלען ארום איהם מיט געשפאלטענע מחות אדער מיט דורכגעשטאכענע הערצער. ענדליך איז ער געקומען ניט ווייט פון פאטעמקין׳ען און מיט א ברוטאלע שטימע האט ער אויסגערופען:

— ברענג דיא מתנה פיר דיין קייזערין!

מיט דיעזע ווערטער האט ער מיט זיין גאנצער מאכט געווארפען אויף פאטעמקין׳ס ברוסט דעם גרויסען שפיעז און דער יונגער פעלדמארשאל וואלט אהן צווייפעל געטויטעט געווארען, אבער צום גליק האט פאטעמקין׳ס פערד, גראדע אין דעם זעלבען מאמענט, פון שרעק זיך געשטעלט אויף דיא הינטערשטע פיס, צאפלענדיג מיט דיא פאדערשטע פיס אין דער לופט.

דאס איז געווען פאטעמקין׳ס רעטונג. דער שפיעז איז אריינגעפלויגען טיעף אין דעם פערד׳ס ברוסט, פון וועלכער עס האט ארויסגעשטראמט א שטראם בלוט. דער פערד איז באלד געפאלען און נאטירליך איז אויך זיין רייטער אראבגעשליידערט געווארען אויף׳ן בלוטיגען באדען פון שלאכט־פעלד אין א הויפען פון טויטע קערפער. פאטעמקין האט נאך געהאט אזוי פיעל בעוואוסטזיין איינצוהאלטען מיט א פעסטע האנד דיא פאהן, וועלכע האט איהם אין גאנצען צוגעדעקט און דאן איז ער געפאלען אין אהנמאכט.

דער ווילדער פירסקי דערזעהענדיג וויא פאטעמקין איז געזונקען האט אנגעקוואלען וואס ער האט זיין געגנער געטראפען, דאך ביי אן אנדער צייט וואלט ער זיך נאך פריהער געוואלט איבערצייגען אויב דער מארד איז איהם געלונגען, יעצט אבער, וועהרענד דיא סאלדאטען שטורמען אויף איהם פון אלע זייטען, האט ער געמוזט שנעל מיט זיין באנדע פארווערטס קומען.

— געוויס איז ער געפאלען, דער פראנטעל, האט ער אויסגערופען צו זיין באנדע, דאס איז געווען דער בעסטער טרומף אין שפיעל. יעצט ווייטער, רעבעלען, נידער מיט קאטהערינא! עס לעבע צאר פעטער!

— ניעדער מיט קאטהערינא ! הויך לעבע צאר פעטער ! קלינגט עס פון דיא טויזענדע רויהע פער׳שיכור׳טע העלזער און וויא א באנדע טייפלען, וועלכע האבען זיך ארויסגעכאפט פון דער העלע, אום דיא שוואכע מענשהייט צו פער־ניכטען, זיינען פירסקי׳ס ווילדע רייטער נאך אמאל בעפאלען אויף דער פרע־אבראזשענסקי גווארדיע.

דיא גווארדיע שטארבט, אבער זיא גיט זיך ניט אונטער.

און ווירקליך, דיא ארימע בראווע סאלדאטען האבען שוין יעצט קיין אנ־דער אויסזיכט געהאט אלס צו שטארבען, דען ווען זיי זאלען אפילו וועלען זיך אונטערגעבען, וועלען דיא רעבעלען קיין איינציגען פון זיי ניט לאזען לעבען.

דיא ווילדע אינדיאנער אין אמעריקא, קאראאיבישע מענשען־פרעסער — זיי אלע האבען נאך אלץ א געפיהל פון ערבארמען פיר זייערע געפאנגענע, איבערהויפט א העלדענמוטהיגען געגנער ווייסען זיי זאגאר צו אכטען און צו שעצען, אבער פוגאטשעוו׳ס בלוט־דורשטיגע באנדיטען אונטער דיא אנפיהרונג פון דעם רויבער פירסקי ווייסען פון קיין מענשליכע געפיהלען. זיי טויטען און מארדען דיא גווארדיע. דיא רייהען פון דיעזע העלדען זיינען דורכגעצי־טערט געווארען, אבער זיי ענטלויפען ניט, זאנדערן לאנגזאם ציהען זיי זיך צוריק.

אין דיעזען אויגענבליק האט פאטעמקין ערוואכט און זיך אויפגעהויבען. ער האט נאך דיא פאהן אימער געהאלטען אין האנד. אבער יעצט איז זיין לעבען געוועזען אין א נייע געפאהר. ניט ווייט פון איהם הינטער א בוים ליגט צוזאמענגעקארטשעט א הויקער, פערקליידעט אלס רעבעל.

פאכאמקא, ארלאוו׳ס דיענער, האט בעמערקט דיא סצענע וויא פאטעמקין איז אראבגעפאלען פון פערד, דאך האט ער קיין גלעגענהייט ניט געהאט צו קומען צו איהם נעהענטער. אבער א פאאר מינוטען איז ער געבליבען אויף זיין ארט און האט געלויערט מיט זיינע גרויע אויגען וויא א שלאנג אויף איהר אפפער. יעצט ווען ער האט דערזעהן וויא פאטעמקין האט זיך אויפגע־הויבען, איז ער ארויפגעשפרונגען מיט א גרויסען מעסער אין האנד און האט זיך געוואלט צו׳גנב׳ענען פון הינטען אום פאטעמקין׳ען אין רוקען צו שטעכען. אבער מיט אמאל איז פון ערגעץ צוגעפלויגען א קויל און איז אריינגעזונקען פונקט אין דעם מערדער׳ס שווארצע ברוסט. פאכאמקא, דער אויסוואורף, איז אין דער זעלבער סעקונדע געפאלען טויט.

פאטעמקין האט דאס אלעס גאר ניט בעמערקט, דיא רעבעלען זיינען שוין פערבייגעגאנגען און יעצט איז פארגעקומען דיא בלוטיגסטע שלאכט ביי דיא ברעגען פון טייך טאוזא, דארט האבען זיך דיא סאלדאטען געפונען אין א שרעק־ליכע לאגע און זיי האבען זיך פערטהיידיגט מיט דער גרעסטער פערצווייפלונג. פון׳ם דריי־עקיגען בארג צווישען דיא טייכען מאסקווא און טאוזא האבען נאך

אימער געדונערט דיא קאַנאָנען. דאָרט האָט פוגאטשעוו אליין אָנגעפיהרט דעם קאמפף. ער האָט געבראכט טויט און פערדערבען אין דער קייזערליכער ארמעע. אין דער זעלבער צייט האָט פירסקי מיט זיינע רייטער געארבייט מיט דער זעלבער טייפלישער מאכט וויא פוגאטשעוו און מען האָט געזעהן, אז דיא סאָלדאטען וועלען לאנג ניט קענען אָנהאלטען אזא שרעקליכען קאמפף, באלד וועלען זיי אריינגעטריעבען ווערען אין וואסער און וועלען אלע וויא איינער פערניכטעט ווערען, עס וועט פון זיי קיין שריד ופליט ניט בלייבען. עס איז שוין כמעט וויא זיכער געווען, אז דיא שלאכט איז פערלאָרען.

— אונגליקליכע רוסלאנד! דו ביסט פערלאָרען! האָט פּאָטעמקין אויסגערופען מיט גרוים פערצווייפלונג. היינט ווערט דיין ליכטיגער שטערן פערדונקעלט פיר אימער. רויבער און באנדיטען וועלען פון יעצט אָן זיין דיא הערשער פון מיין פאטערלאנד און דו, געליעבטע קאטהערינא, וועסט מוזען איבערגעבען דיין קרוין צו א שמוציגען באנדיט און וועסט נאָך דאצו דיין לעבען מוזען פערליערען!

— און איך זאָל בלייבען לעבען? האָט ער צו זיך אליין גערעדט. אָה, ניין! דיעזער שווערד וואָס האָט ניט געקענט בעזיעגען דעם פיינד זאָל יעצט דורכשטעכען דיא ברוסט פון'ם אונגליקליכען פעלדמארשאל!

דאביי האָט ער ארויסגענומען דעם שווערד פון שייד און איז שוין פערטיג געווען זעלבסטמאָרד צו בעגעהן, אָבער מיט אמאָל האָט ער דערהערט הינטער זיך בעגייסטערטע געשרייען:

— זיעג! זיעג! עס לעבע אונזער קייזערין קאטהערינא!

דאָס איז געווען טרובעצקאָי. ער מיט זיינע רייטער האָט געהאט בעזאָנדערס צו קעמפפען מיט א שטארקע אבטהיילונג פון דיא רעבעלען און ס'איז איהם געלונגען דיא גרעסטע טהייל פון זיי צו פערניכטען און דיא איבעריגע צו פעריאָגען ביז דיא טויערען פון שטאָדט און דאָרט איז איהם אונערווארטעט געקומען הילפע.

פון דיא געעפענטע שטאָדט טויערען האָבען ארויסגעשטראָמט דיא בירגער. יעדער פון זיי איז געווען בעוואפענט מיט וואָס נור ס'איז מעגליך געווען שנעל צו בעקומען.

דיא בירגער זיינען געגאנגען אויף סכנת נפשות און האָבען פאר קיין זאך זיך ניט געקימערט, אבי צו ציינען זייער טרייהייט צו דער בעליעבטער קייזערין. זיי זיינען געקומען העלפען דיא סאָלדאטען אום דאָס פאטערלאנד צו בעשיצען.

ווען פוגאטשעוו איז ארויס אין שלאכט, האָט ער אין שטאָדט איבערגעלאָזען א טויזענד רעבעלען, זיי זאָלען דערווייל האלטען מאָסקווא בעזעצט. באלד אָבער זיינען דיא בירגער אויפגעשטאנען וויא איין מענש, יעדער פון זיי האָט זיך בעוואפענט מיט וואָס ער האָט נאָר געקענט קריעגען, מיט אלטע ביקסען.

שווערדען, העק, שטיקער אייזענס, זאַגאר מיט גרויסע שטעקענס און מיט גרויס אויפרעגונג זיינען זיי בעפאלען דיא טויזענד רעבעלען און האָבען זיי ביז איינעם אויסגע׳הרג׳עט. דאן זיינען זיי ארויס פון שטאָדט מיט׳ן בעשלום וויפיעל נור עס וועט זיי מעגליך זיין זאָלען זיי אין שלאכט אנטהייל נעהמען. גראדע אין זעלבען מאָמענט זיינען צו זיי אין דיא הענד אריינגעפאלען דיא יעניגע רעבע־לען, וועלכע טרובעצקאָי האָט מיט זיינע רייטער געיאָגט. דיא מאָסקוואער איינ־וואָהנער זיינען בעפאלען דיא באנדיטען און האָבען געטויטעט יעדען איינעם פון זיי.

פּאָטעמקין האָט מיט זיין שארפען בליק בעטראכט, אז לויט דיא יעצטיגע פערענדערטע לאגע אויף׳ן שלאכט־פעלד מאכט טרובעצקאָי א גרויסען פעהלער. ער פערליערט אומזיסט צייט צו פערפאָלגען דיא איינציגע הונדערט רעבעלען וואָס וועלען שוין אָהן איהם אויך פערניכטעט ווערען. אנשטאָט דעם האָט ער בעסער יעצט דיא געלעגענהייט צו פערפאָלגען דיא באנדעס וואָס דרענגען דיא סאָלדאטען דאָרט ביים טייך טאָוזא אזוי אז דיא גאנצע ארמעע איז איבער דעם אין געפאהר און יעדע מינוט איז טהייער. טרובעצקאָי האָט געהאט דיא מעגליכקייט דאָס צו טהאָן זאָגאר מיט א פיערטעל שטונדע פריהער, דאן וואָלט דיא קייזערליכע ארמעע ניט געקומען אין אזא שווערע לאגע.

וויא א לייב איז פּאָטעמקין אויפגעשפּרונגען. א נייעס לעבען האָט זיך צוגאָסען אין אלע זיינע גליעדער. זיין גאנצער ענערגישער מוטה האָט אויפ־געפלאמט און לויפענדיג צו פוס איבער׳ן בלוטיגען שלאכט־פעלד, נאָך אימער האלטענדיג דיא קריעגס־פאָהן אין האנד, האָט ער אויסגעשריען מיט אלע קרעפטען:

— טרובעצקאָי, קניאז טרובעצקאָי, אום גאָטעס ווילען, שנעל צום טייך טאָוזא!

פּאָטעמקין האָט דורכגעלעבט א פּאָאר מינוטען גרויסע, אונגעהייער שרעק־ליכע אויפרעגונג. וויא שנעל וועט איהם טרובעצקאָי בעמערקען? וועט ער נאָך בעוויזען אין דער רעכטער צייט צו ברענגען דיא דראגונער צו יענעם פונקט וואו ס׳איז גראדע יעצט מעגליך דעם גרעסטען זיעג צו געווינען? דיא סצענעס אויף׳ן שלאכט־פעלד ענדערען זיך אָפט גאנץ אונערוואַרטעט און ווער ווייסט אויב אזא גוטע געלעגענהייט וועט זיך נאָך אמאָל ווייזען?

צום גליק האָט טרובעצקאָי באלד בעמערקט וויא איינער לויפט צו איהם מיט דער קריעגס־פאָהן אין האנד און דורך זיין שפּאקטיוו האָט ער אויך גלייך בעמערקט ווער דאָס איז. ער האָט גלייך קאָמאנדירט צו זיינע דראגונער זיי זאָלען איהם נאָכפאָלגען און ער זעלבסט איז געפלויגען אויף זיין פערד וויא א שטורם אנטקעגען פּאָטעמקין׳ען.

— פעלדמארשאל! אלעקסאנדער פאָטעמקין! גרויסער גאָט, וואָס איז מיט איך?

— יא, דאָס בין איך, מיין ליעבער קניאז, מען האָט דעם פערד אונטער מיר דערשטאָכען, אָבער איך זעלבסט בין לעבען געבליבען, וויא איהר זעהט, און אויך דיא קריעגס־פאָהן איז גערעטעט!

אין נעכסטען אויגענבליק איז פאָטעמקין שוין געזעסען אויף א פערד און אין אייניגע קורצע ווערטער האָט פאָטעמקין דעם קניאז ערקלערט דיא יעצ־טיגע לאגע אויף'ן קריעגספעלד און דאן זיינען זייביידע געפלויגען אן דער שפּיצע פון דיא רייטער צו יענעם פונקט וואוהין דער יונגער פעלדמארשאל האָט זיי געפיהרט.

און יעצט איז ענדליך פאָרגעקומען דער מעכטיגער צוזאמענשטויס. מיט א שרעקליכען שטורם זיינען דיא רוסישע רייטער בעפאלען דיא רעבעלען פון הינטען וואו זיי זיינען געווען גאנץ אונבעשיצט, ווייל זייער באנדיטישער אָנ־פיהרער פּירסקי האָט ניט געוואוסט זאגאר דעם אלף בית פון קריעגס־קונסט און האָט עס אין דער צייט ניט בעזאָרגט.

דיא גוואַרדיע פון יענער זייט וואָס איז שוין געווען צוגעדריקט ביז'ן ברעג טייך, האָט באלד בעמערקט דיעזע ענדערונג און געווינענדיג דעם גאנצען מוטה האָבען זיי פון דאָרט בעפאלען דיא רעבעלען און דאמיט איז געקומען דיא ענט־שיידונג פון דער מלחמה.

אין דיא נעכסטע פּאָר מינוטען זיינען דיא רעבעלען אנשטאט אָנגרייפער געוואָרען דיא אָנגעגריפענע. דער רעבעלען אָנפיהרער האָט ענדליך איינגעזעהן וואָס פיר א פעהלער ער האָט געמאכט, ס'איז שוין אָבער געווען צו שפּעט. ער האָט געוואָלט מיט זיינע רייטער אריינשפּרינגען אין טייך אום זיך צו רעטען, אָבער ס'איז איהם געווען אונמעגליך דורכצוברעכען דיא רייהען פון דיא העלדי־שע גוואַרדיסטען, וואָס האָבען נאָך אימער געדיכט בעזעצט דעם ברעג ווערענד פון דער אנדערער זייט האָבען איהם דיא דראגונער געהאלטען ארומגערינגעלט וויא מיט אן אייזערנעם רינג.

מיט טויט שרעק האָבען פּירסקי'ס באנדעס געקעמפּפט אין זייער פערצווייפ־לונג. פּירסקי זעלבסט האָט ארום זיך געמאָרדעט רעכטס און לינקס וויא א וואהנזיניגער און מיט א בלוטדורשטיגע לוסט האָט ער זאָגאר זיינע אייגענע נאָכפאָלגער געטריבען צום טויט.

מיט א מאָל איז פּאָטעמקין צוגעפלויגען מיט זיין פערד. ער האָט באלד דערקענט דעם באנדיט וואָס האָט זיין פערד דערשטאָכען און אויסשטעלענדיג געגען איהם זיין רעוואָלווער האָט ער אויסגערופען מיט א דונער שטימע:

— גיב זיך אונטער, באנדיט, זאָנסט וועל איך דיך דערשיסען וויא א משוגענעם הונד.

אנשטאט אן אנטוואָרט האָט פּירסקי א וואָרף געטהאָן אויף פּאָטעמקין'ען זיין גרויסען האק. דער יונגער פעלדמארשאל האָט זיך שנעל איינגעבויגען און דיא האק איז אריבערגעפלויגען און האָט קיינעם ניט געשאדעט. דעם נעכסטען אויגענבליק האָט פּאָטעמקין אויסגעשאָסען און דער ווילדער פּירסקי איז אראָבּ־געפאלען פון פערד מיט א צושמעטערטען מוח. באלד איז ער פערשוואונדען אונטער דיא פיס פון דיא דראגונער פערד, אזוי אז פון זיין ריעזען קערפּער איז קיין גאנצער גליעד ניט איבערגעבליבען.

ווען דיא רעבעלען זיינען געבליעבען אָהן אן אָנפיהרער, האָבען זיי דעם לעצטען מוטה פערלאָרען. זיי וואָלטען שוין געוואָלט זיך אונטערגעבען. דיא בלוטיגע מערדער וואָס האָבען פערגאָסען מענשען בלוט וויא וואסער האָבען זיך יעצט געבעטען אום מיטלייד, אָבער דיא אויפגערעגטע סאָלדאטען האָבען גע־שריען:

— קיין מיטלייד! צוהאקט זיי אויף שטיקער! קיין שריד ופליט זאָל פון זיי ניט בלייבען.

דאָס וואסער פון טייך טאוזא איז רויט געוואָרען פון דעם בלוט וואָס האָט אראָבגערונען פון דיא ברעגעס. דאָס איז געווען רעבעלען בלוט, דאָס בלוט פון דיא באנדיטען וואָס האָבען צעהנדליגע טויזענדע מאָרדען בעגאנגען און וואָס האָבען מאסען בליהענדע שטעדט און דערפער אין חורבות פערוואַנדעלט.

— זיעג! זיעג! זיעג! האָבען זיך געהערט קולות פון אלע זייטען. האָך לעבע דיא קייזערין! האָך לעבע אונזער פעלדמארשאל פּאָטעמקין!

דיא גליקליכע אורזאכע פון דיעזע בעגייסטערטע קולות איז באלד ערקלערט געוואָרען. אן אָפיציער איז צוגעפלויגען רייטענדיג צו פּאָטעמקין'ען און האָט איהם געמעלדעט:

— דער בריק איז פערטיג.

דיא סאפּיאָרען האָבען דיעזע העלדען ארבייט אויפגעטהאָן. ניט קוקענדיג דארויף וואָס פּוגאטשעוו האָט אויף זיי געהאלטען אין איין שיסען פון דיא קאנאָנען, האָבען זיי זייער ארבייט פערטיג געמאכט און יעצט איז פאר זיי דער וועג נאָך'ן דריי־שפּיציגען בארג געווען אָפען.

פּאָטעמקין האָט געגעבען א בעפעהל צום קניאז טרובעצקאָי און ער האָט צו־זאמענגענומען אלע זיינע רייטער און איז מיט זיי שנעל אוועק ארום בארג ביז צו יענעם זייט בוים ברעג פון טייך מאָסקווא, אום אויף דיעזען אָרט פערשטעלען פּוגאטשעוו'ען דעם וועג, ער זאָל זיך ניט קענען צוריקציהען. צו גלייכער צייט איז פּאָטעמקין מיט דער קריעגס פאָהן אין האנד דער ערשטער ארויפגעגאנגען אויף'ן בריק און זיינע זיעגרייכע סאָלדאטען זיינען איהם נאָכגעגאנגען.

אומזיסט האָט פּוגאטשעוו אויפגעמונטערט זיינע רעבעלען זיי זאָלען בליי־בען אויף זייערע פּלעצער און ניט פערלאָזען דיא קאנאָנען. נאָך איינמאָל האָ־

בען דיעזע פייער־שפייענדע טויט־אינסטרומענטען געעפענט זייערע אייזערנע העלדזער און אויסגעקראכט אויף דיא סאָלדאטען וואָס זיינען יעצט אויף'ן בריק געגאנגען. אָבער דאָס האָט דיא בראווע סאָלדאטען ניט אָבגעהאַלטען אויף זייער זיעגעס־וועג און ענדליך זיינען זיי געקומען צום אנדערען ברעג טייך, אויף וועל־כען פּאָטעמקין איז דער ערשטער ארויפגעגאנגען.

מעהר האָבען דיא קאנאָנען ניט געקענט שאדען דיא סאָלדאטען. זיי זיינען שוין געווען צו נאָהענט, דאגעגען האָבען דיא קוילען פון זייערע ביקסען אוועק־געטריבען דיא רעבעלען און יענע זיינען געצוואונגען געווען צו אנטלויפען ביז צום אנדערען זייט בארג. דיא רעבעלישע קאנאָנירען האָבען געמוזט פערלאָ־זען דיא הארמאטען און דיא סאָלדאטען האָבען אָהן איבעריגע שוועריגקייטען געקענט געהן ווייטער.

דער סוף פון קריעג איז שוין געווען גאנץ נאָהענט. יעצט איז שוין מעהר קיין צווייפעל געווען, אז פּוגאטשעוו'ס באנדעס וועלען באלד זיין אין גאנצען בע־זיעגט. זיי וועלען געצוואונגען זיין צוריק צו אנטלויפען איבער'ן טייך מאָסקווא, ווייל עס איז פאר זיי גלייכער צו פּרובירען נאָך אמאָל א קאמפּף מיט טרובעצ־קאָי'ס קאוואלעריע וויא מיט דיא גרויסע מאסען סאָלדאטען פון דער העלדישער גווארדיע אונטער דער קאָמאנדע פון אלעקסאנדער פּאָטעמקין, געגען וועלכע זיי קענען זיך ניט האלטען.

— ארײן אין טייך! האָט פּוגאטשעוו קאָמאנדירט, בעסער וועלען מיר זיך דערטרינקען איידער זיך איבערצוגעבען אין דיא הענד פון קאטהערינא'ס הענקער!

דיא וואסערען פון טייך מאָסקווא האָבען געוואַלטיג אויפגעשטורמט. הויך זיינען אויפגעשטיגען איהרע וועללען, ווערענד זיא איז איבער איהר גאנצע ברייט בעדעקט געוואָרען מיט דיא צוריקפּליהענדע רייטער. אָבער דאָרט ביים אַנדערען ברעג האָט זיי עמפּפאנגען דיא קאוואלעריע פון קניאז טרובעצקאָי. דיא דראגונער האָבען זיי מאסענווייז פערניכטעט. זיי האָבען אָהן אויפהער געשאָסען אין זייערע געדיכטע רייהען. אין פערלויף פון פינף מינוט איז געווען צו זעהן נור פערד, אָהן רייטער. דיא קאוואלעריע וואָלט נאָך אזוי שנעל און לייכט דיעזען זיעג ניט געקענט אויספיהרען, אָבער דיא גרעסטע טהייל פון דיא רעבעלען, וואָס האָבען נאָך געשוואומען אין וואסער האָבען גאָר ניט דערלעבט צו קומען צום ברעג, דיא הארמאטען אויף'ן בארג האָבען ניט אויפגעהערט אויף זיי צו שפּייען מיט פייער און טויט ביז זיי זיינען אין גאנצען פערניכטעט געוואָרען.

פּוגאטשעוו האָט ביי דיעזער לעצטער שלאכט געקעמפּפט ווי א ווילדער טי־גער. ער האָט געזעהן, אז יעצט איז זיין לעצטע שטונדע געקומען. ער האָט גע־וואוסט, אז ס'איז א סוף פון זיין גרויסקייט און אז די היינטיגע נידערלאגע שטעמ־

פעלט איהם אלס בעטריגער און אז פון יעצט אָן און ווייטער, אויב עס זאָל איהם אפילו געלינגען פון דיעזען שלאכטפעלד צו אנטלויפען, וועט ער שוין יעדענפאלס אין גאנץ רוסלאנד קיין זיכערען אָרט ניט קענען געפינען.

ער האָט זיך עראינערט אין זיין זיסע לידיא, וועלכע ליעגט יעצט א טויטע דאָרט אין קרעמל־פּאלאסט. עס האָט זיך איהם פאָרגעשטעלט איהר ליעבליכע בילד און ער זעלבסט האָט אויך אָנגעפאנגען צו זוכען דעם טויט. ער האָט גע־וואָלט כאָטש זיין פעראייניגט אויף יענער וועלט מיט זיין געליעבטע יונגע פרוי.

אָבער וויא אויף להכעיס קומט ניט דער טויט צו איהם. אלע זיינע קאָמעראַ־דען זיינען געפאלען. רעכט און לינקס, פאָרענט און הינטען ליגען גאנצע בערג מיט מתים, נור ער אליין איז געבליעבען לעבען. קיין דראגונער שווערד האָט איהם ניט דערשטאָכען, כאָטש ער בלוטעט שוין מעהר וויא פון צוואנציג וואונדען. פון אלע האָגלען קוילען איז, וויא עס ווייזט אויס, קיין איינציגע ניט געווען בע־שטימט איהם צו דערשיסען.

עס האָט איהם געשטיקט, געוואָרגען. דיא לופט האָט איהם געעקעלט און ער האָט געוואָלט אוועק פון׳ם שלאכטפעלד, אנטלויפען און זיך בעהאלטען ער־געץ אין דער איינזאמקייט פון דער סטעפּע און דאָרט וועט ער לעבען נור מיט׳ן אנדענקען פון זיין לידיא, נור מיט דער עראינערונג פון דיא אונפערגעסליכע שטונדען פון זיין חתונה נאכט, דיא איינציגע גליקליכע שטונדען וואָס דאָס לע־בען האָט איהם געשאָנקען.

און זיין פלינקער פערד האָט איהם ארויסגעטראָגען פון׳ם רוישענדען שלאכטפעלד. ער האָט זיך דורכגעריסען דורך דיא אייזערנע קייטען פון דיא דראגונער און איז אנטלאָפען. ער איז געלאָפען אָהן א בערעכענונג, אָהן א פּלאן, ער האָט אליין ניט געוואוסט וואוהין ער לויפט. און אזוי איז ער אלץ געלאָפען ווייטער און ווייטער פערביי דיא ברעגעס פון טייך מאָסקווא. ער האָט נאטירליך געזעהן אויסצומיידען דיא שטאָדט; ער איז זיכער געווען, אז דאָרט וועלען איהם דיא בירגער כאפּען און וועלען איהם אין שטיקער צוריי־סען אָדער זיי וועלען איהם נעהמען געפאנגען און איבערגעבען אין דיא הענד פון זיין פערהאסטען זיעגער פאָטעמקין, און דאָס איז נאָך ביי איהם געווען פיעל ערגער וויא דער טויט.

— שנעל, מיין טרייער פערד! האָט פוגאטשעוו אויסגערופען מעלאנכאָ־ליש, נור דו אליין ביסט מיר נאָך איבערגעבליבען; שנעלער טראָג מיך אוועק פון דאנען ביז צו יענעם וואלד און פון דאָרט אהיים צוריק אין דער ווילדער סטעפּע.

און עס האָט אויסגעזעהן אזוי וויא דער טרייער קאָזאקען־פערד וואָלט פער־שטאנען דיא ווערטער פון זיין בעל הבית, וויא ער וואָלט וויסען, אז דאָס לעבען

פון׳ם רייטער איז אבהענגיגג אין זיין שנעלען לויפען, און ער איז געלאָפען אָדער בעסער געזאָגט געפלויגען וויא אויף פליענעל.

און ווייטער און אימער ווייטער איז געבליבען דיא ווילדע שלאכט הינטער איהם, שוואכער און אימער שוואכער האָט זיך געהערט דער גערויש און פור־גאטשעוו האָט ענדליך פרייער אָבגעצויגען דעם אטהעם. דיא לופט האָט איהם שוין מעהר ניט געשמעקט מיט פולווער־דאמפף און אין זיין ברוסט האָט זיך יעצט ערוועקט א געפיהל פון נייע האָפנונג.

— ווארום זאָל מיר דען ניט געלינגען אויפצוזאמלען נייע אנהענגער? האָט ער צו זיך אליין געמורמעלט, און וואָס איז דען דער אונגליק, אז מען פערליערט איין שלאכט? מוז מען דען דאריבער זיין אזוי פערצווייפעלט? ניין, מיין אידעע איז נאָך ניט פערלאָרען! איך וועל נאָך זיין צאר אין פעטערבורג — מעג זאָגאר דיא גאנצע וועלט אויסגעשלאכטעט ווערען!

דיא לעצטע ווערטער האָט ער געזאָגט אין דער הויך און מיט א פעסטען בעשלוס זאָ שנעל וויא ער וועט זיך נור גוט אויסרוהען זאָל ער זיך ווידער נעהמען פעסט אָרגאניזירען נייע באנדעס צווישען דיא ווילדע אונצופריעדענע שבטים אין רוסלאנד און ווידער אָנפאנגען א מרידה וואָס זאָל דיא גאנצע לאנד אויפקאָכען.

אָבער מיט אמאָל האָט ער דערהערט א דונער־שטימע הינטער זיך:

— שטעה, בעטריגער!

דאָס איז געווען דאן, ווען ער איז שוין געווען ביי דיא ערשטע בוימער פון װאלד. וויא פון דער ערד ארויסגעוואקסען, האָט זיך מיט אמאָל בעוויזען פאר איהם דיא ריעזען־געשטאלט פון זיין שווינער־פאטער, דער קאָזאקען־אטאמאן טשיקא. ער האָט אויסגעזעהן יעצט נאָך ווילדער וויא אימער, זיין געזיכט האָט געברענט פון צאָרן, אין איין האנד האָט ער געהאלטען א רעוואָלווער און דיא אנדערע האָט ער געלייגט אויף׳ן שייד פון זיין שווערד.

— בעטריגער! האָט ער געדונערט אויף פוגאטשעוו׳ען. דיין לעצטע שטונדע איז געקומען.

פוגאטשעוו האָט ניט ווילענדיג אָבגעהאלטען זיין פערד און איז שטעהן געבליבען. טשיקא האָט אין זעלבען מאָמענט פון זיין רעוואָלווער אויסגעשאָסען אויף׳ן פערד און דער פערד איז באלד אנידערגעפאלען טויט.

— טשיקא, דו ביסט וואהנזיניג געוואָרען? וואָס איז מיט דיר? האָט פוגאטשעוו אויסגעשריען. וויא קענסט דו זיך וואגען צו הויבען א האנד געגען דיין צאר? אָה, דו שענדליכער רעבעל! דו מיינסט, אז ווען איך האָב איין שלאכט פערלאָרען בין איך שוין פערלאָרען פיר אימער? אָה, ניין! איך וועל דיר נאָך ציינען מיין מאכט און ווען עס איז מיר היינט ניט געלונגען קיינעם צו בעזיעגען, וועל איך אָבער דיך יא בעזיעגען.

ביי דיזע ווערטער האָט פוגאטשעוו ארויסגעצויגען זיין שווערד פון שייד, אָבער דער אלטער טשיקא האָט צו גלייכער צייט אוועקגעשליידערט דעם רע־וואָלווער ווייט פון זיך און האָט געזאָגט מיט א גיפטיגען שמייכעל:

— זעהסט דו, איך דארף געגען דיר קיינע וואפען, איך האָב נור געשאָסען דיין פערד, דו זאָלסט ניט קענען אנטלויפען! דאָס איז דיין גרויסע העלדישקייט — אנטלויפען! דיינע לייטע שטארבען פאר דיר ביי דיא ברעגעס פון מאָסקווא און טאוזא און דו האָסט זיך שטילערהייד אָבגעטראָגען. ווילסט זיך בעהאלטען אין וואלד. איך האָב דאָ מיט מיר א זאק, אין דעם זאק וועל איך דיך אריינליי־גען און דיך ברייננען צו פאָטעמקין'ען אזוי וויא מען האָט געבראכט דעם קניאז דאשקאָוו צו דיר — איהרביידע זיינט צוויי גלייכע פעלדמארשאלס געוועזן. נור דו ביסט נאָך טויזענד מאָל ערגער פון דאשקאָוו'ען, ווייל דו ביסט אי ניט קיין העלד אי דער גרעסטער שווינדלער און בעטריגער וואָס האָט יוען געטראָ־טען אויף גאָט'ס ערד. יא, גרויסער פוגאטשעוו, איך וויים אלעס און איך וועל דיר נאָך עפּעס זאָגען: איך אליין האָב מיין קינד א בעפעהל געגעבען זיא זאָל דיך אין איהר חופה־נאכט טויטען. אָבער דיא אונגליקליכע האָט ליידער דעם זעלבען מעסער זיך אליין אריינגעשטאָכען אין ברוסט.

פוגאטשעוו האָט מיט ברענענדע אויגען פון רציחה געקוקט דעם אלטען טשיקא אין פנים אריין און האָט געשוויגען, וועהרענד טשיקא האָט פאָרטגע־זעצט:

— דו געמיינער קאָמעדיאנט, דו האָסט אונז אלעמען בעשווינדעלט און בעטראָגען. דו האָסט זיך ארויסגעגעבען אלס דער צאר וואָס איז גערעטעט געוואָרען פון טויט און איז יעצט געקומען בעפרייען רוסלאנד פון קאטהערי־נא'ס יאָך, אָבער איך זאָג דיר, אז ווען עס וואָלט מיר יעצט אויסגעקומען צו וועה־לען צווישען קאטהערינא און דיר, וואָלט איך געווים פאר איהר אויף דיא קניע געפאלען און וואָלט זיא אנערקענט אלס מיין קייזערין. וויא קומסט דו, אזא נידערטרעכטיגער באנדיט צו זיין א הערשער פון א פאָלק? יעצט קום, יעצט וועל איך מיט דיר קעמפפען אויף לעבען און טויט. דו האלטסט אין האנד א שארפען שווערד, איך אָבער בין אָהן וואפען און דאָך וועל איך דיך בעזיעגען. גאָט וועט מיר העלפען, דער גאָט פון ווארהייט און גערעכטיגקייט. איך שטעה פאר דיר אין נאָמען פון אונזער קאָזאקען־פאָלק, וועלכעס דו האָסט אזוי שענד־ליך בעטראָגען און אין דעם גרעסטען אונגליק געוואָרפען. איך וועל אָבער יעצט מאכען אן ענדע פון דיינע שאנד־טהאטען, גענוג געבושעוועט, שארלאטאן פוגאטשעוו! נו, וואָס שטעהסט דו און קוקסט אויף מיר? דו האָסט דאָך א שווערד, נעהם און טויט מיך! נעהם שנייד מיר אָב דעם קאָפּ אויב דו קענסט עס, מערדער, באנדיט, בעטריגער!!!

און פוגאטשעוו האָט ווירקליך ארויסגעצויגען דיא שווערד און זיין שייד און

האָט געוואָלט זיין שוויגער־פאטער דעם קאָפּ אָבשניידען, אָבער מיט דער שנע־ליגקייט פון א בליץ איז דער אלטער העלד אויף איהם ארויף און נאָכדעם וויא ער האָט איהם דיא שווערד פון האנד ארויסגעוואָרפען האָט ער איהם אריינגעשטופּט ביידע הענד אין גאָרגעל און האָט איהם אזוי לאנג געוואָרגען ביז דער "העלדי־שער צאר" איז געבליבען בעוואוסטלאָז. טשיקא האָט דאן קיין איבעריגע סע־קונדע ניט פערלאָרען, האָט איהם געבונדען דיא הענד מיט דיא פיס, האָט איהם אריינגעוואָרפען אין זאק אריין און נאָכדעם וויא ער האָט דעם זאק גוט פער־בונדען, האָט ער איהם גענומען אויף דיא פּלייצעס און איז געלאָפען פול מיט פרייד וואָס ער וועט פון איהם נעהמען דיא בלוטיגסטע ראכע אין דער היסטאָריע פון נקמה.

* * *

אלעקסאנדער פּאָטעמקין האָט געענדיגט דיא בלוטיגע שלאכט ביי מאָסקווא און טאווזא מיט א גלענצענדען זיעג. כמעט אלע רעבעלען זיינען אויסגעשלאכ־טעט געוואָרען וויא דיא שאָף.

דיא סאָלדאטען און אָפיציערען זיינען אוועק צוריק אין פעלד לאגער צו נעהמען אביסעל רוהע וואָס זיי האָבען אזוי כשר פערדיענט.

צום פאָלשטענדיגען זיעג האָט נור געפעהלט איין זאך — דאָס וואָס דער הויפּט באנדיט פוגאטשעוו איז אנטלאָפען, איהם האָט פּאָטעמקין זעהר געוואָלט נעהמען געפאנגען און איהם בריינגען א לעבעדיגען קיין פּעטערבורג, אלס סואווניער צו זיין געליעבטע קאטהערינא.

פּאָטעמקין האָט דאריבער געהייסען, און מען האָט שנעל אויסגעהאנגען איבעראל גרויסע פּלאקאטען, אז ווער עס וועט בריינגען פוגאטשעוו'ען א לעבע־דיגען אין לאגער בעקומט צוואנציג טויזענד רובעל בעלאָהנונג.

אין רעכטען מיטען פון דעם גרויסען פעלד־לאגער האָט געפלאטערט א גרוי־סע רוסישע קריעגס פאָהן, וואָס איז געווען שווארץ פון פולווער־רויך און צוריסען. זאָגאר דער שטעקען פון איהר איז אויף א סך ערטער געווען דורכגעשאָסען פון קוילען.

א מאן מיט א גרויסען זאק אויף דיא פּלייצעס איז געגאנגען מיט גרויסע טריט גראדע אהין וואו דיעזע פאָהן איז געשטאנען. דאָס איז געווען טשיקא. אָבער וויא ער איז נור אריינגעקומען אין לאגער, האָט זיך איהם א וואך אנטקעגען געשטעלט און האָט אויסגערופען מיט א בייזען טאָן, אז ער וועט איהם אויף דער שטעלע דערשיסען, אויב ער וועט ניט ערקלערען זיין נאָמען אין צו וועלכען צוועק ער איז אין לאגער יעצט געקומען.

— איך האָב עטוואָס וויכטיגעס צו רעדען מיט אלעקסאנדער פּאָטעמקין, געהט זאָגט עס איהם, האָט טשיקא געענטפערט.

— דער פעלדמארשאל וועט דיך יעצט געוויס ניט עמפפאנגען, האט דער סאלדאט בעמערקט, דאך זאג מיר וועמען שלעפסט דו דא אויף'ן רוקען ?

— דאס וועל איך זאגען דעם פעלדמארשאל, דו אבער רעד ניט צופיעל, געה בעסער און זאג איהם, אז ס'איז געקומען איינער וואס וויל פערדיענען דיא צוואנציג טויזענד רובעל פאר'ן קאפ פון'ם פאלשען צאר.

יעצט האט שוין דער סאלדאט זיך צונעאיילט און איז שנעל אוועק מעלדען פאטעמקין'ען וועגען דיעזער בשורה.

פאטעמקין איז געזעסען מיט זיין פריינד קניאז טרובעצקאי אין א געצעלט וואס מען האט פאר זיי שנעל אויפגעשטעלט. דיא ביידע זיעגער האבען יעצט עפעס גענומען אין מויל אריין, אביסעל משקה און עטוואס שפייז, דען מעהר וויא זעכס שטונדען זיינען זיי געשטאנען אין דער פייערדינער שלאכט און האבען נאך ביז יעצט גאר ניט געגעסען און גאר ניט געטרונקען.

ווען פאטעמקין האט אויסגעהערט דאס וואס דער סאלדאט האט איהם גע־מעלדעט, האט ער באלד געהייסען דעם מאן צו זיך אריינפיהרען און ווען ער האט דערזעהן פאר זיך דעם ווילדען קאזאקען־אטאמאן, וועלכער האט געשלעפט א זאק אויף דיא פלייצעס, איז ער עכסט ערשטוינט געווארען. ניט וויי ניגער איבערראשט איז אויך געוועזען טרובעצקאי.

— ווער ביסט דו ? האט איהם פאטעמקין געפרעגט. וואס איז דיין נאמען ?

— איך בין פוגאטשעוו'ס שוויגער־פאטער, האט טשיקא געענטפערט. געכטען האט ער מיט מיין טאכטער געהייראט דא אין מאסקווא. מיין נאמען איז טשיקא און איך בין דער אטאמאן וואס האט געהאלפען פוגאטשעוו'ען אר־גאניזירען דיא קאזאקען צום אויפשטאנד.

פאטעמקין איז פון איבערראשונג אבגעשפרונגען אויף א טריט צוריק און דאן האט ער אויסגערופען מיט א דונערנדע שטימע :

— און דו אונטערשטעהסט זיך דיעזען לאגער צו בעטרעטען ? דו, וועל־כער איז גראדע אזא גרויסער רעבעל וויא פוגאטשעוו אליין ? ווייסט דו דען נים, אז דו ביסט פערלארען, אז דו וועסט פון דאנען שוין א לעבעדיגער ניט ארויס ?

— דאס ווייס איך, הערר פעלדמארשאל, האט טשיקא געענטפערט געלאסען. איך בין בערייט דיא טויט־שטראף צו ליידען, דאך וואלט איך פריהער וועלען דיא צוואנציג טויזענד רובעל פערדיענען.

און מיט דיעזע ווערטער האט טשיקא אראבגעווארפען פון זיך דעם זאק, צובונדען און ארויסגעווארפען פון דארט פוגאטשעוו'ען אויף דער ערד צו דיא פיס פון'ם יונגען פעלדמארשאל.

— וואס איז דאס ? ווער איז דיעזער געבונדענער מאן ?

— דער יעניגער, וועלכען איהר זוכט, דאָס איז פוגאטשעוו, דער רעבעל, דער בעטריגער.

פּאָטעמקין און קניאז טרובעצקאָי זיינען איינינע מינוטען געשטאנען וויא ערשטוינט. זיי האָבען א וואָרט ניט געקענט רעדען. זיי האָבען געקוקט אויף דיעזען געבונדענעם מענשען וואָס איז געליגען וויא א בינטעל צוזאמענגעשנורט ביי זייערע פיס. אין דעם מאָמענט האָט ער ביי זיי ערוועקט מעהר מיטלייד וויא האס.

דאָס איז אלזאָ דער שרעקליכער פוגאטשעוו, דער געוואלטיגער רעבעל וואָס האָט געוואגט מאָנאטען לאנג צו פיהרען א גרויסען קאמפף מיט דער מעכטיגער קייזערין פון רוסלאנד? דאָס איז דער העלד וואָס האָט צושטערט און פערניכ־טעט פיעלע רעגימענטען וואָס זיינען איהם אין וועג געקומען? דאָס איז דער שרעקליכער מאן וואָס האָט ארויסגערופען מהומות און שרעק אין גאנצען לאנד און יעצט איז ער שוין געוועזען אויף'ן וועג נאָך פעטערבורג אלס זיעגער, גרייט אראָבצואווארפען דיא קייזערין פון איהר טהראָן און אליין ווערען דער רעגיערער פון איינער פון דיא גרעסטע לענדער אין דער וועלט? יעצט איז פון זיין גאנצע מאכט געבליבען א צוזאמענגעבויגענע שטיק פלייש וואָס קען שוין זאָגאר א פליעג ניט טויטען.

— מענש! האָט פּאָטעמקין ענדליך אויסגערופען מיט דער גרעסטער איבערראשונג, איהר זייט דער שווינגער־פאטער פון דעם פאלשען צאר, אזוי אס ווייניגסטען זאָגט איהר, ערקלערט זשע מיר וויא קומט עס וואָס איהר אליין זיינט געוואָרען זיין פעררעטער?

— פעררעטער! האָט טשיקא וויעדערהאָלט פּאָטעמקין'ס לעצטען וואָרט מיט פערדרוס. איך בעט איהר זאָלט מעהר נעגען מיר אזא וואָרט ניט זאָגען, איך בין קיין פעררעטער. אמת, איך האָב מיט דיעזען מאן געהאלטען און איך וואָלט זיך געלאָזט פאר איהם אין שטיקער צוהאקען, איך וואָלט פאר איהם אין פייער און וואסער געלאָפען, ווייל איך האָב געגלויבט באמונה שלמה, אז ער א'ז דער ריכטיגער צאר, וועלכער איז גערעטעט געוואָרען פון טויט און איז געקומען אונזער לאנד צו בעפרייען און דאָס רוסישע פאָלק צו בעגליקען. ענדליך האָב איך אָבער ערפאהרען, אז ער איז נור א שענדליכער בעטריגער, א פער־דאמטער קאָמעדיאנט, וואָס שפּיעלט א פאלשע ראָליע און פון דיעזען מאָמענט אָן בין איך געוואָרען זיין טויט־פיינד.

"אָה, וויא איך האס איהם! האָט ער פאָרטגעזעצט מיט גאל, איך האָב נאָך אין מיין לעבען קיינמאָל ניט געהאסט אזוי א מענשען וויא איך האס איהם. און איך וויל אייך בעטען, מיינע הערען, לאָזט איהם מאטערען מיט דיא שרעק־ליכסטע ענוים, לאָזט איהם ציהען אָדער פאר אָדער, ער האָט עס פאָלשטענדיג פערדיענט. דיעזער בעטריגער האָט מיין עהרליכען נאָמען מיט שאנדע בעדעקט

און דאצו האט ער מיך אין גרעסטען אונגליק געבראכט. ער האט ביי מיר געראובט מיין טהייערסטע זאך אויף דער וועלט, מיין איינציגע קינד, מיין שעהנע סטעפען־ראזע. ער האט זיא פערפיהרט און בעצויבערט אזוי, אז זיא האט איבער איהם געמוזט זעלבסטמארד בעגעהן.

"וואס אנבעטרעפט דיא צוואנציג טויזענד רובעל, דיא בעלאהנונג פאר פוגאטשעוו'ס קאפּ, וויל איך דאס געלד ניט נעהמען. איך פערלאנג נור, איהר זאלט פאר דעם געלד צוריק אויפבויען א קליינעם דארף ניט ווייט פון מאסקווא, דעם לעצטען דארף וואס מיר האבען פערברענט און חרוב געמאכט. מיט מיר זעלבסט טהוט וואס איהר ווילט, איהר קענט מיך ארעסטירען, איהר קענט מיך טויטען, ביי מיר איז יעצט אלעס איינס, ווען איך האב אלעס פערלארען האט דאס לעבען ביי מיר יעדענפאלס קיין ווערטה ניט מעהר.

ווען טשיקא האט געענדיגט זיינע ווערטער האט פאטעמקין ארויסגעצויגען זיין שווערד און צוהאקט דיא שטריק, מיט וועלכע פוגאטשעוו איז געווען גע־בונדען.

— שטעה אויף! האט פאטעמקין אויסגערופען, הויב זיך אויף!

פוגאטשעוו איז אויפגעשפרונגען. זיינע אויגען האבען אין איהם געקאכט וויא ביי א וואהנזיניגען. ער האט זיך געשטעלט געגען פאטעמקין'ען און האט אויסגערופען מיט א ריהרענדע שטימע:

— איך בין דיין געפאנגענער, פאטעמקין, אבער ווען דו האסט נור א פונק פון מענשליכע געפיהל אין דיין הארצען, דאן זאלסט דו גלייך בעפעהלען דיינע סאלדאטען זיי זאלען מיך טויטען. נור לאז מיך ניט מאטערען. דער טויט — דאס איז אלעס וואס איך פערלאנג פון דיר. איך בעט קיין מיטלייד, קיין גנאדע, קיין רחמנות. איך בין דער רעבעל פוגאטשעוו, איך האב א שטיק רוס־לאנד פערוויסטעט און מיר קומט דער טויט. דאך בעפאר איך ווער שטארבען וועל איך זיך נאך אברעכענען מיט דעם יעניגען וואס האט מיך צו אייך גע־בראכט —

און רעדענדיג דיעזע ווערטער האט פוגאטשעוו מיט דער שנעליגקייט פון א בליץ ארויסגעכאפּט פון זיין טאש א מעסער און איז וויא א וויכער צוגע־שפרונגען צו טשיקא'ן און איידער טשיקא האט נאך בעוויזען זיך אומצוקוקען האט איהם פוגאטשעוו אריינגעשטאכען דעם מעסער אין הארצען.

— מערדער! האט טשיקא אויסגעשריען פאלענדיג צו דער ערד, מערדער! מיינע לעצטע ווערטער זאלען זיין א פלוך אויף דיר! בעטריגער, דו ביסט רוסלאנד'ס אונגליק!

פאטעמקין האט האסטיג אנגעקלונגען און ווען דיא סאלדאטען זיינען אריינ־געלאפען, האט ער צו זיי געזאגט:

— נעהמט דיעזען געפאנגענעם, דאס איז דער רעבעל פוגאטשעוו. מען

זאָל איהם איינשליסען אין אן אייזערנעם שטייג וויא מען האלט ווילדע טהיערע. אין דיעזען שטייג וועלען מיר איהם אריינפיהרען אין מאָסקווא און דאן וועלען מיר איהם טראנספּאָרטירען נאָך פּעטערבורג.

דיא סאָלדאטען האָבען אָנגעכאפּט פוגאטשעוו׳ען, וועלכער האָט זיך גע־וועהרט מיט דיא גרעסטע פערצווייפלונג. פאר זיי איז דאָס געווען דיא גרעסטע לעבענס־געפאהר, דען פוגאטשעוו האָט געקעמפּפט און געדראָהט מיט׳ן מעסער אום נאָך יעמאנדען צו ערמאָרדען וויא ער האָט ערמאָרדעט דעם אלטען טשיקא. אָבער דאָס האָט איהם ניט געלונגען. נאָך א קורצען קאמפּף פון אייניגע מינוטען איז פוגאטשעוו ווידער געווען געבונדען און פּאָטעמקין האָט געמוזט אָנווענדען זיין גאנצע מאכט אום פוגאטשעוו׳ס לעבען פּאָרלויפיג צו רעטען. דיא סאָל־דאטען זיינען געקומען אין אזא בייזען צאָרן, אז זיי האָבען דעם באנדיט געוואָלט אין שטיקער צורייסען.

פוגאטשעוו איז איבערגעגעבען געוואָרען אונטער א זיכערע וואך און פּאָ־טעמקין האָט באלד אוועקגעשיקט א רייטער נאָך מאָסקווא און אין פערלויף פון אייניגע שטונדען האָט מען פון א מאָסקווער צירק געבראכט אן אייזערנעם שטייג, אין וועלכען מען האָט פוגאטשעוו׳ען אריינגעזעצט נאָכדעם וויא מען האָט פון איהם דיא שטריק אראָבגענומען. דער גרויסער פוגאטשעוו, דער געפעהרליכער, דער שרעקליכער רעבעל איז יעצט געלעגען אין שטייג און האָט געברומט וויא א בלוטדורשטיגע בעסטיע, געפאנגען און אויסגעשלאָסען פון מענשליכע געזעלשאפט.

## 25טער קאפּיטעל

## פּאָטעמקין׳ס טריאומף.

גאנץ פּעטערבורג האָט אויסגעזעהן וויא א בלומענגארטען. דיא קרוין־שטאָדט האָט געמאכט גלענצענדע פּאָרבערייטונגען צו עמפּפאנגען דעם זיעגער פּאָטעמקין און דיעזע פּאָרבערייטונגען זיינען נאָך געווען פיעל פּרעכטיגער וויא דיא וואָס זיינען געמאכט געוואָרען דאן ווען קאטהערינא האָט דעם טהראָן בע־שטיגען. דאָס פאָלק איז נאָך ניעמאלס געווען אזוי בעגייסטערט און פול מיט פרייד וויא יעצט.

און עס איז אויך קיין וואונדער, וואָס דיא איינוואָהנער פון פּעטערבורג זיינען געווען אזוי ענטציקט פון פרייד און בעגייסטערונג. פּאָטעמקין האָט דורך זיין גרויסען זיעג איבער פוגאטשעוו׳ען גאנץ רוסלאנד פערהיט פון א שווערע ערנסטע געפאהר. ער האָט פערהיט, אז מאָסקווא און פּעטערבורג זאָלען ניט ליידען דעם זעלבען שרעקליכען שיקזאל וויא אָרענבורג. ער האָט גערעטעט קאטהערינא׳ס קרוין און איהר לעבען.

דיא גליקליכע שטראהלען פון פריעדען האָבען יעצט געהערשט איבער רוס־

לאנד. עס גיעבט מעהר קיין פוגאטשעוו, קיין אויפשטאנד און קיין בלוט פער־גיסונג. דיא רעבעלען זיינען ביז צום לעצטען מאן פערניכטעט געוואָרען. פון דיא וואָס זיינען לעבען געבליבען נאָך׳ן שלאכט האָט מען א גרויסע צאָהל גע־פאנגען. אָבער דיא וויכטיגסטע זאך איז געוועזען דאָס וואָס דער פאלשער צאר זעלבסט איז ארייננעפאלען אין פּאָטעמקין׳ס הענד און דיא קייזערין האָט שוין מעהר ניט געהאט וואָס מורא צו האָבען, אז דיעזער בעטריגער וועט ווידער צוזאמעננעהמען ארום זיך באנדעס און נאָך אמאָל אָנצינדען דעם פייער פון אויפשטאנד.

אין פעטערבורג האָט מען נאָך געגוי ניט געוואוסט וואָס איז אייגענטליך מיט פוגאטשעוו׳ען געשעהן. אם מעהרסטען האָט מען געהערט, אז באלד נאָך׳ן שלאכט האָט מען איהם דערשאָסען. אנדערע ווידער האָבען בעהויפּטעט, אז פּאָטעמקין פיהרט איהם געשמידט אין קייטען נאָך פעטערבורג, אום דאָס פאָלק זאָל דעם גרויסען בעטריגער קענען זעהן, יעדער איינער זאָל האָבען דיא געלע־גענהייט זיך צו איבערצייגען, אז דער מאן וואָס האָט געהאט דיא חוצפּה צו בעטריגען דיא וועלט און צו שפּיעלען דיא ראָלע פון צאר פעטער, האָט אין דער ווירקליכקייט מיט פעטער׳ן גאנץ ווייניג עהנליכקייט זאָגאר.

דיא איינוואָהנער פון פעטערבורג האָבען זייערע הייזער בעפּוצט מיט בלומען און מיט גרויסע אויפשריפטען: הויך לעבע דער זיעגער פון מאָסקווא, דער רעטער פון פאטערלאנד — אלעקסאנדער פּאָטעמקין! דאָס שעהנע בילד פון דעם יונגען גענעראל מאיאָר איז געוועזען אויסגעשטעלט אין אלע פענסטער פון דיא רייכע געשעפטען און זאָגאר פון פיעלע פּריוואט הייזער.

היינט האָט מען ערוואַרטעט דאָס אָנקומען פון דער זיעגרייכער אַרמעע צוריק פון שלאכטפעלד און טויזענדע מענער, פרויען און קינדער האָבען גע־שטראָמט דורך דיא אלע גאסען. אלע זיינען געוועזען אויסגעפּוצט וויא אין גרעסטען פייערטאָג און דיא אוקאזען וואָס דיא קייזערין קאטהערינא האָט ארויס־געגעבען מיט וואָס פיר א זעלטענעם פאראד פּאָטעמקין זאָל עמפּפאנגען ווערען, האָבען געבראכט דאצו, אז דיא אלגעמיינע בעגייסטערונג איז געשטיגען ביז צו דער העכסטער שטופע.

אין אלע עפענטליכע פּלעצער פון פעטערבורג זיינען געשטאנען ריעזיגע פעסער ויין, לאנגע טישען סערווירט מיט אויסגעצייכענטע שפּייזען אזוי, אז יעדער איינער האָט געקענט אויף דער קייזערין׳ס רעכנונג עסען און טרינקען פריי וויפיעל ער וויל. טויזענדע אָקסען האָט מען געשלאכטעט און געבראָטען צו בעפריעדיגען דעם אפּעטיט פון דיא בירגער און אויסער דעם האָט יעדער אָרימאן דיעזען טאָג בעקומען צעהן רובעל א נדבה.

דורך׳ן פעטערבורגער טהויער ביי׳ם שאָסעע פון מאָסקווא האָט מען ער־וואַרטעט דעם ארייגפאָהר פון פּאָטעמקין מיט זיינע רעגימענטען. דאָרט איז

געוועז אויפגעשטעלט א גרויסע פלאטפאָרם. דיא פארנעהמסטע און רייכסטע פאמיליען פון לאנד האָבען זיך וואָס שנעלער פערזיכערט מיט פלעצער אויף דיעזער פלאטפאָרם און מען האָט פאר דיא פלעצער געצאָהלט דיא טהייערסטע פרייזען.

דיא קייזערין אָבער האָט בעשלאָסען עפענטליך צו עמפפאנגען איהר ליעבלינג, דעם זיעגער פון מאָסקווא, וועהרענד זיא וועט זיצען אויף א הימעל־טהראָן. צו דיעזען צוועק איז איבער נאכט פערטיג געוואָרען א טעמפעל־ארטיגע געביידע, וועלכע איז געשטאנען אויף זעכצעהן פראכטפאָלע זיילען. זיבען טרעפען האָבען געפיהרט צום טהראָן וואָס איז געוועזען בעקרוינט מיט'ן בילד פון דער געטין פון זיעג. דיא טרעפ זיינען געוועזען אויסגעלייגט מיט טהייערע פערזישע ראָגס און צוואנציג אָפיציערען זיינען געשטאנען אונטען אלס אן עהרען־וואך.

ווען דער גלאָק פון דער גרויסער קאטהעדראל קירכע האָט געשלאָגען צוועלף אוהר מיטאג איז דיא קייזערין ארויסגעפאָהרען פון ווינטער פאלאסט אין דער בעגלייטונג פון איהר גאנצער סוויטע. קאטהערינא איז געזעסען אין אן עקיפאזש געשפאנט מיט אכט טהייערע גרויע פערד, וועלכע זיינען געוועזען בעקראנצט מיט ראָזען און מיט אנדערע פראכטפאָלע פרישע לעבעדיגע בלומען. דער געשפאן איז געוועזען פון עכטע גאָלד און דער עקיפאזש זעלבסט איז געוועזען דער טהייערסטער, וועלכען קאטהערינא האָט גאנץ זעלטען גענוצט.

און וויא שעהן, וויא בעצויבערענד האָט אויסגעזעהן דיא שטאָלצע קייזערין, וועהרענד זיא איז געפאָהרען דורך דיא גאסען פון פעטערבורג און א זיסער שמייכעל האָט בעדעקט איהרע רויטע ליעבליכע ליפען. די פרייד, דיא יובעלגעשרייען פון פאָלק האָט איהר שעהנהייט נאָך גלענצענדער געמאכט. איהר ראָזען־געזיכט האָט געשטראהלט פון גליק נאָך מעהר וויא דיא דיאמאנטען האָבען געבליצט פון איהרע שעהנע האָר פון קאָפ.

שטאָלץ און לוסטיג איז דיא מעכטיגסטע קייזערין פון רוסלאנד געזעסען אליין אין איהר פראכט־קארעטע. דיא אויגען, מיט וועלכע זיא האָט בעטראכט דיא גרויסע שטראָמען פון מענשען, זיינען געוועזען פול מיט טריאומף. אָבער אָפט איז אין איהרע בליקען געוועזען צו בעמערקען א שמאכטענדען, בענקענדען אויסדרוק. זיא האָט געפיהלט, אז זיא פאָהרט יעצט בעגריסען ניט נור דעם גליקליכען, בעריהמטען זיעגער פון מאָסקווא, נור אויך דעם טהייערען געליעבטען, דעם איינציגען, צו וועלכען איהר הארץ געהערט.

אָבער גאנץ ווייניג מענשען פון דער מאסע האָבען בעמערקט דיעזען אויסדרוק אויף'ן געזיכט פון דער שעהנער קייזערין. זיי האָבען יעצט אין איהר געזעהן נור דיא גליקליכע הערשערין, וועלכע איז געוועזען פרעהליך און צופריעדען וואָס פאר איהר לאנד און פאר איהר טהראָן איז אזא ערנסטע געפאהר פאָריבער. דער ענטהוזיאזם ארום איהר עקיפאזש איז געוועזען געוואלטיג גרויס און אָהן אן

אויפהער און דיא לופט איז איינפאך פערהילכט געוואָרען מיט דיא ענטציקטע אויסרופען:

— עס לעבע קאטהערינא דיא גרויסע! עס לעבע דיא מוטער פון אונזער גרויסען פאטערלאנד!

און דיזע אלע יובעל-געשרייען זיינען ניט געווען בלויז פון יוצא ווענען, ס'איז געווען א פרייד פון טיעפען הארצען. קאטהערינא איז אזוי אויך געווען שטארק בעליעבט ביי'ם גאנצען פאָלק, ווייל אין דיא אייניגע יאָהרען פון איהר רעגיערונג האָט דאָס לאנד אויפגעבליהט און דיא אלגעמיינע לאגע פון האנדעל און ארבייט איז בעדייטענד פערבעסערט געוואָרען, און יעצט איז יעדער געווען איבערציייגט, אז נור איהר דער קלוגע קייזערין דארף מען דאנקען פאר דער מזל-ברכה פון לאנד, און דערפאר וואָס רוסלאנד איז יעצט בעפרייט געוואָרען פון אזא שרעקליכע געפאהר, דאמיט וואָס זיא האָט מיט איהר שארפען פער-שטאנד געוואוסט אויסצוצייכענען א מאן מיט א זעלטענעם טאלאנט און מיט א זעלטענעם העלדענמוטה אלס פעלדמארשאל אום דיא רעבעלען אין לעצטען מאָמענט צו פערניכטען גראדע דאן ווען זיי האָבען געהאלטען ביי'ם שטארקסטען זיעג.

פאָטעמקין'ס ערוועהלונג, פאָטעמקין'ס גרויסער זיעג איז אין גאנצען צו-געשריעבען געוואָרען צו קאטהערינא'ס פעהיגקייט צוצוקלייבען צו יעדע זאך דיא ריכטיגע פערזאָן. דאריבער האָט דאָס גאנצע פאָלק זיא בעגריסט יעצט מיט אזא התלהבות און מיט אזא בעגייסטערונג וואָס האָט ניט קיין גלייכען אין דער געשיכטע.

אן אונענדליכע רייהע קארעטען זיינען געפאָהרען הינטער דער קייזערין. דער גאנצער הויף און אלע אויסלענדישע געזאנדטע האָבען זיך צו דיזער גרוי-סער פראָצעסיאָן אנגעשלאָסען,

ארום דער קייזערין'ס קארעטע זיינען געפאָהרען זעכצעהן יונגע אָפיציערען, רייטענדיג אויף טהייערע ווייסע פערד. זיי אלע האָבען געהערט צו דיא ערשטע און פאָרנעהמסטע פאמיליעס פון רוסלאנד וואָס האָבען געשטאמט פון העכסטען יחוס. צווישען זיי האָט זיך בלויז געפונען איינער וואָס האָט זיך אין קיין בע-ציהונג ניט געקענט מעסטען מיט דיא איבעריגע קאָמעראדען. דיזער מאן איז געווען פלאטאָן זובאָוו, דער שעהנער יונגער לייטענאנט וואָס האָט געבראכט דיא טרויעריגע נאכריכט פון אָרענבורג. דיא קייזערין האָט פון דאן אָן איהם צוגענומען אין איהר לייב-רעגימענט.

צווישען דער סוויטע אין דער ערשטע רייהע זיינען אויך געפאָהרען דיא ביידע ברידער אָרלאָוו, גרעגאָר און אלעקסיי. מען וואָלט אייגענטליך געקענט דענקען, אז פיר גרעגאָר אָרלאָוו איז היינט א טאָג פון שווארצען אונגליק און אז ער מוז זיך געפינען שרעקליך געקריינקט. ערשט ניט לאנג צוריק האָט ער

געהאט כבוד און עהרע, און יעצט איז געקומען צו אזא גדולה סאמע זיין גרעסטער פערהאסטער קאָנקורענט. גאנץ פעטערבורג געהט ארויס צו עמפפאנגען אלעק־סאנדער פּאָטעמקין מיט געזאנג און קלאנג, מיט בלומען און זיעג־קראנצען. דיא קייזערין אליין איז געפאָהרען אנטקעגנען דעם זיעגער פון מאָסקווא, וועהרענד ער, אָרלאָוו, שפּיעלט היינט א גאנץ אונבעדייטענדע ראָלע און ער האָט זאָגאר בעמערקט, אז פון'ם קראוד קוקט מען אויף איהם מיט פעראכטונג, מיט צאָרן, א זאך וואָס קיינער וואָלט זיך ניט ערלויבט מיט א קורצע צייט צוריק, ווען ער איז נאָך געווען אין זיין מאכט.

פון דעסטוועגען האָט עס אויסגעזעהן, אז אָרלאָוו האָט זיך גאנץ ווייניג געקימערט וועגען דעם. ער האָט זאָגאר געשמייכעלט און געלאכט און געצייגט אזא מינע וויא דיא גאנצע עהרע וואָלט דאָס איהם אליין צוגעטהיילט געוואָרען.

פון צייט צו צייט האָט ער זיין ברודער א קלאפּ געטהאָן מיט'ן עלענבויגען און דאן האָבען זיי ביידע געוואָרפען שארפע בליקען אויף פּלאטאָן זובאָוו. זובאָוו האָט אויך געוואָרפען זיינע בליקען אויף דיא אָרלאָווס און עס איז געווען דייטליך צו זעהן, אז ער און זיי שטעהן צוזאמען אין א וויכטיגע אינטריגע.

ענדליך איז דיא פּראָצעסיאָן צוגעקומען צום זיעג־טעמפּעל. דאָרט האָבען זיך געפונען אלע פאָרשטעהער פון פעטערבורג וואָס זיינען געקומען אין נאָמען פון זייערע געמיינדען צו בעגריסען דעם גרויסען זיעגער.

ענדליך האָט זיך דיא טיהר פון דער קייזערליכער קארעטע געעפענט און דיא רייטער האָבען דיא קייזערין אונטער דיא הענד אראָבגעטראָגען און האָבען זיא געפיהרט אונטער די הענד ארויף די טרעפּ צום זיעג־טעמפּעל. דאָרט האָט זיך די קייזערין געזעצט אויף א פּורפּור סאמעטענעם שטוהל אונטער א גאָלד גלענצענ־דען באלדאכין. ביי איהר זייט האָבען זיך געשטעלט זעכס שעהן פערציערטע פּאזשען. דיא זעכצעהן רייטער, דיא יונגע אָפיציערען זיינען געבליבען שטעהן אלס עהרען־וואכע פון ביידע זייטען טרעפּ.

אין זיעג־טעמפּעל ארום דעם טהראָן זיינען געזעסען נור דיא פארנעהמסטע לייטע פון לאנד — דיא ביידע אָרלאָווס, גראף פּאנין, דער ערשטער מיניסטער און איינינגע אנדערע וואָס זיינען אימער קרוב למלכות.

דיא איבעריגע פון דער סוויטע האָבען זיך גרופּירט אויף דיא טרעפּ וואָס האָבען געפיהרט צום גאס. אין דיעזען מאָמענט האָט אָנגעפאנגען שפּיעלען א געוואלטיגע יובעל־מוזיק. פינף גרויסע אָרקעסטערס האָבען אלע מיט אמאָל אָנ־געהויבען שפּיעלען און ווייט איבער דיא ברייטע גאסען האָבען געקלונגען דיא טענער פון דער רוסישער נאציאָנאל־ליעד — "באָזשע צאריא כראני." דיא צעהנדליגע טויזענדע מענער און פרויען פון דער מאסע האָבען מיט א געוואלטיגע בעגייסטערונג מיטגעזונגען און דיא גאנצע לופט איז פערהילכט געוואָרען מיט

געזאנג און קלאנג. פלוצלונג האבען זיך דערהערט הויכע טראמפעטען־סיגנאלען און עס האבען געדונערט קולות פון אלע זייטען:

— זיי קומען! זיי קומען! האך לעבע אלעקסאנדער פאטעמקין, דער זיעגער פון מאסקווא!

אין דער מאסע האט זיך אנגעפאנגען א שטארקע בעוועגונג. אלע האבען זיך געשטופט נעהענטער צום זיעג טעמפעל. דיא רייטענדע וואך איז קוים געווען אין שטאנד איינצוהאלטען דאס פאלק אין דיא בעשטימטע גרענצען. יעדער איז געווען נייגעריג צו זעהן דעם גרויסען העלד, דעם זיעגער פון מאסקווא, און אלע וואלטען וועלען איהם עמפפאנגען באלד ביי׳ם פעטערבורגער טויער.

באלד האט זיך אנגעפאנגען בעווייזען דער קומענדער צוג. צוויי און דרייסיג פראכטפאל געקליידעטע קוריערען האבען געריטען פאראויס אלס זיעגאנזאגער. זיי זיינען דיא ערשטע דורכגעגאנגען דורך׳ן טויער. אין זייערע בלויע מונדירען שפיעלענדיג אויף גאלדענע טראמפעטען האבען זיי פארגעשטעלט א פראכטפאלעס בילד.

— האך לעבע דיא פרעאבראזשענסקי גווארדיע! האבען געשטורמט א וועלט מיט קולות מיט אמאל. האך לעבע דער זיעגער פון מאסקווא!

דיא פרעאבראזשענסקי גווארדיע איז אימער געווען דער שטאלץ פון פעטערבורגער בעפעלקערונג, זאגאר אין דיא צייטען פון פריעדען. יעצט אבער נאכדעם וויא דיא העלדען טהאטען פון דיעזען רעגימענט זיינען בעוואוסט געווארען, נאכדעם וויא זיי האבען אזוי העלדיש און אזוי בראוו געקעמפפט פאר׳ן פאטערלאנד איז מען גאנץ איינפאך פון זיי ענטציקט געווארען.

נאך דער גווארדיע זיינען געקומען דיא אנדערע רעגימענטען, צוערשט דיא רייטער, און דאן דיא ארטילעריסטען מיט זייערע קאנאנען, דאן זיינען געגאנגען דיא פוס געהער. אויף פאטעמקין׳ס בעפעהל האבען אלע סאלדאטען געטראגען דיא זעלבע מונדירען אין וועלכע זיי זיינען געווען געקליידעט וועהרענד דער מלחמה. שווארץ פון רויך, דורכגעלעכערט און צוריסען זיינען געווען דיא מונדירען אין וועלכע דיא סאלדאטען האבען געקעמפפט און געזיעגט, און דיא דאזיגע קליידער גראדע האט זיי זייער גאנצע עהרע פערשאפט.

יעצט איז געקומען א גרויסער כאהר מיוזיק און הינטער זיי איז געפאהרען רייטענדיג אויף זיין פערד דער יונגער קניאז טרובעצקאי. דאס פאלק האט שוין געוואוסט, אז ער האט גענומען א גרויסען אנטהייל אין דעם זיעג און מען האט איהם אויך עמפפאנגען מיט א געוואלטיגען האנאר.

אבער דער הויפט העלד פון טאג איז געווען פאטעמקין. ווען וועט ער זיך שוין בעווייזען? האבען אלע געקוקט מיט דער גרעסטער אונגעדולד.

וויעדער האט זיך געצויגען א גאנצע רייהע מיליטער ביז זיא איז אויך ענדליך פערבייגעגאנגען און דאן —

מיט אמאל איז דיא לופט פערציטערט געווארען פון הורדא געשרייען. אלעקסאנדער פאטעמקין איז ערשיענען רייטענדיג אויף זיין גרויסען ווייסען פערד. ביי זיין זייט איז געפאהרען א רייטער, אן אפיציער און האט געטראגען דיא קריעגספאהן וואס איז געווען צוריסען און דורכגעשאסען אין פיעלע ערטער. דאס איז דיא זעלבע פאהן וואס פאטעמקין האט זעלבסט גערעטעט און געטראגען פאראויס אין דעם געפעהרליכסטען מאמענט פון שלאכט.

און ווער איז אין שטאנד צו בעשרייבען דיא פערזאן פון פאטעמקין'ען אליין? קיין דיכטער וואלט ניט געקענט אבשילדערען, קיין קינסטלער וואלט ניט געווען אין שטאנד פארצושטעלען דאס ערהאבענע אויסזעהן פון דיעזען יונגען פעלדמארשאל. ער האט אויסגעזעהן ריכטיג וויא דער גאט פון קריעג בעגייסטערט פון א ריזיגען זיעג.

אין פעטערבורג האט מען ביז יעצט געקענט אלעקסאנדער פאטעמקין אלס א פיינעם יונגען מאן. אבער אין דער קורצער צייט פון דיעזער שלאכט איז ער געווארען א גרויסער, א וויכטיגער מאן ביי יעדען אין דיא אויגען, א מאן, וועלכען מען מוז בעטראכטען מיט גרויס רעספעקט.

שטראהלענד פון גליק און טריאומף איז ער געזעסען הויך אין זאטעל און דאך איז אויף זיין געזיכט געווען צו בעמערקען א טיעפער ערנסט. ער האט אויך געטראגען דעם זעלבען מונדיר, אין וועלכען ער איז געשטאנען אין שלאכט ביי מאסקווא, און מען האט געזעהן אין איהם, אז ער איז געווען אין רעכטען פייער. זיין מונדיר איז אין פיעלע ערטער דורכגעריסען פון שווערדען און דורכגעשאסען פון קוילען.

— עס לעבע אלעקסאנדער פאטעמקין, דער זיעגער פון מאסקווא! דיעזע געשרייען האבען זיך געצויגען פון איין גאס אין דער אנדערער ביז צום זיעגטעמפעל, ביז צום טהראן פון דער קייזערין אונטער'ן גאלדענעם באלדאכין. און קאטהערינא האט געהערט דיעזע בעגייסטערטע אויסגעשרייען נאך איידער זיא האט געהאט דיא מעגליכקייט אויף איהם א קוק צו טהאן.

און א שוידער האט אנגעכאפט דיא גרויסע, דיא מעכטיגע קייזערין פון רוסלאנד. איהרע שעהנע אויגען האבען געבליצט מיט אונגעדולד.

ענדליך איז פאטעמקין ערשיענען און פון אלע זייטען האט מען אנגעפאנגען ווארפען אויף איהם בערג מיט בלומען. אנשטאט דעם האגעל פון קוילען וואס איבער איהם האט זיך געשאטען ביי דער שלאכט פון מאסקווא, האט מען יעצט אויף איהם געשאטען מיט ראזען און ליליען.

אין דיעזען גליקליכען מאמענט האט פאטעמקין נור געדענקט וועגען זיין געליעבטע קייזערין קאטהערינא. באלד וועט ער פאר איהר שטעהן און זיא וועט איהם פאר אלעמען אין דיא אויגען ערקלערען אלס דער העלד פון איהר מדינה.

עס האט לאנג ניט געדויערט און ער האט זיך אבגעשטעלט מיט זיין פערד

ביי'ם זיענעס־טעמפעל. דיא פאזשען זיינען שנעל ארונטערגעלאפען דיא טרעפ אום צו העלפען דעם פעלדמארשאל אראבשטייגען פון זאטעל. אבער פאטעמקין האט זיי מיט א פריינדליכען וואונק געגעבען א בעפעהל זיך צוריקצוציהען. באלד איז ער אליין אראבגעשפרונגען פון פערד, איז שנעל ארויף דיא קארפעט־בעלייגטע טרעפ און איז געפאלען אויף דיא קניע פאר זיין שעהנע קייזערין.

א טיפע שטילקייט האט זיך פערשפרייט איבעראל. אלע האבען געוואלט כאטש א ווארט כאפען פון דעם וואס דיא קייזערין וועט רעדען צו איהר ליעבלינג. אבער צו ערשט האט זיך געהערט פאטעמקין'ס שטימע:

— לאנג לעבע מיין קייזערין קאטהערינא, האט ער אויסגערופען מיט א הויכע קלינגענדע שטימע, און אלע פיינד פון אונזער פאטערלאנד זאלען האבען אזא סוף וויא דער רעבעל פוגאטשעוו. מאיעסטעט, גאט אין הימעל האט אייך און דאס פאטערלאנד בעשיצט. מיך האט ער אויסערוועהלט אלס דער שליח און איך בין שטאלץ און גליקליך וואס איך האב געהאט דיא געלעגענהייט דאמיט מיין גרויסער קייזערין צו דיענען.

"פערטריעבען זיינען דיא וואלקענס וואס האבען בעדעקט דעם הימעל פון אונזער לאנד. ליכטיגער און הערליכער וויא ביז יעצט וועט דיא זון שיינען אויף קאטהערינא דיא גרויסע און גיעב גאט, אז קאטהערינא זאל נאך לאנג גלענצען מיט איהר עהרע און גרויסען נאמען, זיא זאל פיהרען איהר גרויסע גליקליכע מלוכה אין אונזער לאנד אימער מיט ערפאלג און מיט זיעג און מיר וואס דיענען איהר מיט לייב און זעעלע זאלען ביז צו אונזער לעצטען אטהעם־צוג געניסען פון דער גנאדע פון אונזער גרויסע קייזערין.

פאטעמקין האט דיעזע ווערטער געשפראכען מיט א געוואלטיגע בעגייס־טערונג. זיין שטימע האט געקלונגען לויטער אזוי, אז יעדער איינער האט גע־הערט וואס ער האט גערעדט, און מען האט געפיהלט, אז ס'איז ניט קיין אויס־געשטעלטע רעדע, צו וועלכער ער האט זיך פארבערייטעט, נור ס'איז געווען דברים היוצאים מן הלב, ווערטער פון טיעפען הארצען.

ווען ער איז פערטיג געווארען, האט ער גענומען דעם זוים פון דער קייזערין'ס קלייד און מיט וואהרע ליעבע צוגעלייגט צו זיינע ליפען. דאביי האט אויסגע־דונערט א קראך פון טויזענדע און טויזענדע שטימען, וואס האבען אויסגערופען:

— עס לעבע קאטהערינא דיא גרויסע! עס לעבע אלעקסאנדער פאטעמ־קין! עס לעבע דער גרויסער זיעגער פון מאסקווא!

קאטהערינא איז אויפגעשטאנען פון איהר גאלדענעם שטוהל און איז געווען בערייט פאר אלעמען אין דיא אויגען איהם ארויפפאלען אויף'ן האלדז און איהם אויסקושען אלע גליעדער. זיא האט זיך קוים צוריקגעהאלטען.

קאטהערינא האט אויסגעשטרעקט דיא האנד און האט אין דעם זעלבען

מאָמענט געשטילט דעם גאַנצען עולם פון שרייען הורא. דאן האָט זיא מיט א שטימע וואָס האָט געציטערט פון פרייד אויסגערופען:

— אלעקסאנדער פּאָטעמקין, אייער קייזערין בעגריסט אייער צוריק קומען נאָך פּעטערבורג מיט הערצליכע פערגעניגען. ווען איהר זיינט פון דאנען אָב־געפאָהרען אלס פיהרער פון אונזער טרייע ארמעע איז מיין הארץ געווען ערפילט מיט שמערצען און שווער איז געווען בעלאסטעט אונזער קרוין מיט זאָרג און עגמת נפש. מיר האָבען אייך געשיקט, אלעקסאנדער פּאָטעמקין, וויסענדיג, אז איהר ליעבט אייער לאנד און ליעבט דיא קייזערין, וויא א גרויסער מאן, וויא א העלד.

"אָבער איהר האָט געטהאָן פיעל מעהר וויפיעל מיר האָבען ערוואַרטעט. מיר האָבען גערעכענט, אז עס וועט נעהמען א לאנגע צייט ביז איהר וועט דיא באנדיטען ניעדערשלאָגען, און איהר האָט מיט אייער שארפען פערשטאנד און מיט אייער גרויסען העלדענמוטה געמאכט, אז גלייך ביי'ם ערשטען צוזאמענ־שטויס מיט דיא רעבעלען האָט איהר גערעטעט רוסלאנד און געצייגט דעם גרעס־טען זיעג אין דער היסטאָריע פון מיין מדינה.

"פון דיא ידיעות וואָס זיינען אונז טאָג טעגליך אָנגעקומען האָבען מיר מיט שטאָלץ און פרייד ערפאהרען מיט וואָס פאר א קראפט און מוטה איהר האָט אונזערע רעגימענטען געפיהרט. דערפאר פערדיענט איהר אונזער קייזערליכען טיעפסטען דאנק. אָבער צו גלייכער צייט ווענדען מיר זיך צו אונזערע העלדישע בראווע סאָלדאטען און מיר זאָגען צו זיי טיעף געריהרט:

— וואָס איהר האָט געטהאָן פאר אייער פאטערלאנד וועט אייך דאָס פאַ־טערלאנד פערגעבינען מיט האָנאָר און רעספּעקט און וואָס איהר האָט געטהאָן פאר אייער קייזערין, דערפאר וועט איהר ערהאלטען אונזער קייזערליכע בע־לאָהנונג.

— האָך לעבע קאטהערינא! הורא פיר אונזער ליעבע קייזערין! האָט דיא פּרעאָבראזשענסקי גווארדיע און דאן אלע רעגימענטען אויסגעדונערט און דיעזער אויפרוף האָט זיך פערשפּרייט אימער ווייטער און ווייטער איבער דיא גאסען פון פּעטערבורג. עס האָט אויסגעזעהן אזוי וויא דאָס פּאָלק וואָלט יעצט דעם ערשטען מאָל געפייערט דעם יובילעאום פון דער קייזערין זעלבסט, ריכטיג וויא זיי וואָלטען דאָס אויף ס'ניי צו איהר טרייהייט געשוואָרען.

— דעם זיעגער פּאסט דיא זיעגעס קרוין! האָט קאטהערינא אויסגעשפּראָ־כען, ווען עס איז ווידער שטיל געוואָרען. און מיט א לייכטען גראציעזען וואונק האָט זיא א בעפעהל געגעבען צו איהר פּאזש גאבריעל ער זאָל ברייננגען דעם גאָלדענעם לאָרבער־קראנץ וואָס דיא שטאָדט פּעטערבורג פּרעזענטירט דעם העלד פון מאָסקווא.

דער בעפעהל איז נאטירליך באלד ערפילט געוואָרען. דער שעהנער פּאזש

איז צוגעגאנגגען צום גאַראַדסקאַי גאָלאָווא (סיטי מעיר) און האָט פון איהם גענו־מען דיא זיידענע קיסען, אויף וועלכער ס'איז געלעגען דער שעהנער קראנץ, דאן האָט ער עס צוגעטראָגען צו דער קייזערין און האָט זיך פאר איהר געשטעלט אויף דיא קניע. מיט א ליעבליכען שמייכעל האָט קאטהערינא אויפגעהויבען דעם קראנץ פון קיסען און האלטענדיג איהם איבער פאָטעמקין'ס קאָפּ, האָט זיא אויס־גערופען:

— דיעזער קראנץ בעשטעהט פון גאָלדענע בלעטער, בלעטער וואָס וועלען קיינמאָל ניט פערוועלקט ווערען, אזוי וועט אויך קיינמאָל ניט פערוועלקט ווע־רען אייער העלדישער נאָמען, אלעקסאנדער פאָטעמקין. דאָס איז דיא בעדייַ־טונג פון'ם פרעזענט, מיט וועלכען דיא שטאָדט פעטערבורג בעעהרט אייך און צוזאמען מיט אייך בעעהרט אויך דיא שטאָדט דיא קייזערין, וועלכע גיט אָב דיא עהרע פון דעם טאָג צו דעם יעניגען וואָס האָט דיא עהרע פערדיענט. דיא קרוין פון דעם זיעג זאָל עביג שטראהלען אויף'ן געליעבטען קאָפּ פון אלעקסאנ־דער פאָטעמקין וואָס האָט גערעטעט אונזער ליעבע פאטערלאנד.

דיא ווערטער "אויף'ן געליעבטען קאָפּ", האָט קאטהערינא אויסגעשפּראָכען עטוואָס שטילער, מיט א טאָן פון אמת'ע הערצליכע ליעבע, א טאָן וואָס האָט געקלונגען מיט ווארימען געפיהל און ליידענשאַפט, א טאָן פון געליעבטע וואָס קומען צו זיך צוזאמען און רעדען ניט פון מויל צו מויל, נור פון הארץ צו הארץ.

און אין דער זעלבער צייט ווען קאטהערינא האָט אָנגעטהאָן אויף אלעק־סאנדער פאָטעמקין'ס שעהנעם קאָפּ דעם גאָלדענעם לאָרבער־קראנץ האָבען צור־ערשט אויסגעשאַלט אלע טרומפּעטען און דאן האָבען אלע אָרקעסטערס מיט אמאָל פערקלונגען דיא לופט מיט ערהאבענע מוזיק.

פאָטעמקין האָט זיך געוואָלט אויפהויבען, אָבער דיא קייזערין האָט זאנפט ארויפגעלייגט איהר ווייכע האנד אויף זיין שולטער און מיט א ליעבענדע קראפט האָט זיא איהם געדריקט ער זאָל נאָך ווייטער בלייבען שטעהן אויף דיא קניע, וועהרענד זיא האָט פאָרטגעזעצט:

— דיעזער לאָרבער־קראנץ איז געווען דער דאנק פון פאָטערלאנד צום זיעגער פאָטעמקין, אָבער דיא קייזערין וויל צייגען נאָך א שעהנערען דאנק, נאָך א גרעסערע בעלאָהנונג פאר איהר העלד.

און נאָך א קורצען שווייגען האָט זיא אויסגערופען מיט א זיסע ריהרערנדע שטימע:

— אלעקסאנדער פאָטעמקין, אין דיעזען מאָמענט זעה איך איין, אז זאָגאר א קייזערין איז אָרים, ווען מען דארף איינעם גוט בעלוינען. מיט וועלכע טי־טולען זאָל איך אייך היינטיגען טאָג עמפּפאנגען? טיטולען, אָרדענס, רייכטהום — דאָס זיינען אלץ אזעלכע זאכען וואָס פערגעהען און האָבען קיין גרויסע ווערטה. דאָך וועל איך אייך יעצט ערהויבען, אלעקסאנדער פאָטעמקין, צו א

העבערען ראנג. פון יעצט אָן און ווייטער זיינט איהר קניאז פּאָטעמקין און דאָס הארץ פון אייער קייזערין וועט אימער קלאפּען צו אייך מיט דאנקבארקייט און ליעבע, דיא ליעבע פון א גוטע קייזערין צו דעם קניאז וואָס שטעהט אם נאָהענ־טעסטען צום טהראָן.

דאָס האָט געוואלטיג איבערראשט דעם גאנצען אדעל וואָס איז דאביי גע־ווען; אזא שפּרונג אין טיטולען האָט זעהר זעלטען פּאסירט און קיינער האָט עס ניט ערווארטעט.

— עס לעבע קניאז אלעקסאנדער פּאָטעמקין! עס לעבע דער זיעגער פון מאָסקווא! האָט דאָס פּאָלק געשריען.

— מאיעסטעט, האָט פּאָטעמקין געזאָגט מיט א טיעפע פערנייגונג. דאָס איז צופיעל גנאדע, צופיעל גליק! אָה, איך האָב מורא, אז אפילו דיא געטער וועלען מיר אָנהויבען מקנא זיין.

— שטעהט אויף, קניאז פּאָטעמקין! האָט קאטהערינא אויסגערופען, וועהרענד איהר שעהנע געזיכט האָט געשטראהלט מיט א זיסען שמייכעל. איך וויל, אז דיא פייערליכקייט פון דיעזען טאָג זאָל בלייבען עביג אין דער היסטאָריע פון מיין לעבען. דאן ווען מיין קערפּער וועט שוין רוהען אין קייזערליכער מערת המכפלה, דאן ווען איהר אלע וואָס זיינט יעצט דאָ אנוועזענד וועלען שוין זיין אויף דער אמת׳ער וועלט, זאָלען דיא קינפטיגע דורות געדענקען ווער אלעקסאנ־דער פּאָטעמקין איז געוועזן און וויא זיין קייזערין האָט איהם געעהרט. און דארום גיעב איך ארויס פּאָלגענדען בעפעהל: אויף דעם פּלאץ פון דיעזען זיעג־טעמפּעל וואו עס איז היינט געפייערט געוואָרען דאָס אָנקומען פון אלעקסאנדער פּאָטעמקין אין פּעטערבורג זאָל אויפגעשטעלט ווערען א מאָנומענט פון א מאר־מאָר בילד, פערפערטיגט פון׳ם בעסטען קינסטלער וואָס מען קען פאר געלד בעקומען, און דיעזער מאָנומענט זאָל אין דיא קומענדע דורות דערצעהלען וועגען אונזער יעצטיגען ליעבען העלד.

פּאָטעמקין האָט זיך טיעף פערבויגען און מיט א צערטליכען אויסדרוק פון ליעבע און רעספּעקט האָט ער צוגעליינט זיינע ליפּען צו קאטהערינא׳ס האנד. צו דער זעלבער צייט האָט אָרלאָוו געשעפּטשעט שטילערהייד צו זיין ברודער:

— זיא איז ווידער פּאָלשטענדיג אין זיין צויבערמאכט. זעה נור וויא איהרע אויגען לייכטען, אָבער דער פּלאטאָן זובאָוו האָט אויסגעשטעלט זיינע אויגען. דער נאר האָט געגלויבט, אז ער האָט שוין א רעכט אייפערזיכטיג צו זיין; ווען זיינע בליקען זאָלען זיין שפּיזען וואָלט שוין פּאָטעמקין באלד ניט געלעבט. פאר מיר פּאסט ער אָבער אויסגעצייכענט און איך וועל מיך שוין מיט זובאָוו׳ען בענוצען. איך וועל זעהן ער זאָל מיר אלע מיינע פּלענער דורכ־פיהרען.

— מאיעסטעט, האָט אין דער צייט פּאָטעמקין אויסגערופען מיט א הויכע

שטימע, פאר אזוי פיעל גנאדע וואס מיין קייזערין האט מיר היינט בעוויעזען גיעבט עס נור איין דאנק, וואס בעשטעהט אין דעם, אז איך שייער יעצט פון דאס נייע עביגע טרייהייט צו אייער קרוין. אזוי וואהר זאל מיר גאט העלפען אין נויטה און געפאהר, וויא איך וועל אנווענדען מיין גאנצע מאכט און אפפערען מיין לעבען אום נור צו דיענען טריי מיין ליעבער קייזערין, קאטהערינא דיא גרויסע.

— און יעצט, האט ער פארטגעזעצט, בעט איך דיא ערלויבנים פארצר־שטעלען נאך א זאך וואס וועט אין גאנצען בערוהיגען דאס הארץ פון מיין קייזערין. דיא רעבעלען זיינען געשלאגען און כמעט ביז׳ן לעצטען מאן פערניכטעט. דאך וויכטיגער פון אלע זאכען איז דאס וואס יענער שענדליכער פערפיהרער וואס האט אויפגעהעצט דיא ניעדעריגע מאסען איז יעצט אין אונזערע הענד. און ווען איהר וועט מיר ערלויבען וועל איך איהם יעצט צייגען. דאס גאנצע פאלק זאל איהם זעהן אט ריכטיג וויא ער קוקט אויס, אהן דער צארען מאסקע וואס ער האט ביז יעצט געטראגען אויף זיין ווילדע קאזאקען־געזיכט.

— אה, דאס וועט מיר זיין זעהר ניט אנגענעהם! האט דיא קייזערין גע־ענטפערט. צו וואס האט איהר איהם נאך געדארפט שלעפען אהער קיין פעטערבורג? וואצו האט איהר נאך געדארפט ווארטען ביז איך אליין זאל איהם פעראורטהיילען צום טויט?

— איך האב דאס געטהאן מיט א געוויסען צוועק, מיין ליעבע קייזערין. טויזענדע און טויזענדע פערפיהרטע האבען אין דעם באנדיט געגלויבט און ווען מען וואלט איהם שטיל און שנעל היינגעריכטעט, דאן וואלט זיך באלד געפונען אן אנדער פערפיהרער וואס וואלט ווייטער פארטגעזעצט זיין בעטריגערישע ראלע. איך האב דאריבער געוואלט דאס פאלק זאל זעהן וואס פיר אן ענדע ס׳איז געווארען מיט׳ן רעבעל וואס האט געוואגט געגען מיין גרויסע קייזערין אן אויפשטאנד צו מאכען.

קאטהערינא האט יעצט פערשטאנען, אז פאטעמקין האט ווירקליך זעהר קלוג געטהאן און טראץ דעם וואס עס האט זיא געעקעלט צו קוקען אויף דעם יעניגען וואס האט געגען איהר אזא שרעקליכען בונט ארויסגערופען, האט זיא געזאגט צו איהר געליעבטען:

— ווען עס קען אנדערש ניט זיין, דאן מוז איך איהם זעהן. אבער וואו איז ער, קניאז פאטעמקין? וואו איז דיעזער שרעקליכע מאן וואס האט אזוי פיעל מענשען־בלוט פערגאסען און אזא גרויסע שטיק רוסלאנד פערוויסטעט?

— וועט אייער מאיעסטעט ערלויבען, וועל איך איהם באלד צייגען פיר׳ן גאנצען פאלק. איך וועל הייסען איהם פערבייפיהרען.

קאטהערינא האט דארויף איינגעשטימט און פאטעמקין האט מיט א פער־נייגונג זיך צוריקגעצויגען. ער איז שנעל ארונטער דיא טרעפ און האט גענע־

בען א בעפעהל צו איינעם פון דיא אָפיציערען וואָס זיינען געשטאנען אונטען. יענער איז שנעל אוועקגעלאָפען און באלד האָט זיך פערשפרייט דיא נאכריכט צווישען דיא גרויסע מאסען פון מויל צו מויל, אז מען איז געגאנגען ברענגען פוגאטשעוו׳ען, אום איהם דער קייזערין צו צייגען.

פון גרויס נייגיעריגקייט איז דיא גרויסע מאסע א קורצע צייט געשטאנען שטיל. דאָך ווען קאטהערינא איז ארונטער פון טהראָן און האָט זיך געשטעלט אויף דער אונטערשטער טרעפ פון זיעגעס טעמפעל, האָט דאָס פאָלק וויעדער אויסגעקלונגען מיט הוררא געשרייען פיר דער שעהנער קייזערין.

מיט אמאָל האָבען זיך בעוויזען גאלאָפירענדע זשאנדארען רייטענדיג דורך דיא געדיכטע רייהען פון דיא מאסען. דאן האָט זיך געהערט שפיעלען א טרויער מארש און דער גערויש פון רעדער איז געקומען נעהענטער און נעהענטער צום זיעג־טעמפעל.

באלד איז דורך׳ן פעטערבורגער טויער אריינגעפאָהרען א קליינער האלב־צובראָכענער וואָגען פון ברעטער, אין וועלכען עס זיינען געוועזען איינגעשפאנט אייניגע העסליכע הינד. אויף׳ן וואָגען איז געשטאנען א סאָרט גרויסער קאס־טען, רונד ארום בעדעקט מיט א דיקע שמוציגע טוך. דער וואָגען איז געוועזען שטרענג בעוואכט פון זעקס קאָזאקען.

ווען דער וואָגען איז צוגעפאָהרען צום זיעג־טעמפעל, איז ער געבליעבען שטעהן ביי דיא אונטערשטע טרעפ, ריכטיג אנטקעגען דער קייזערין. דאן האָט פאָטעמקין א וואונק געטהאָן און דאָס טוך איז מיט אמאָל אראָבגעצויגען גע־וואָרען. אין נעכסטען מאָמענט האָט קאטהערינא ארויסגעלאָזט א געשריי פון שרעק און איז צוריקגעשפרונגען אויף אייניגע שריט.

אויף׳ן וואָגען איז געשטאנען אן אייזערנע שטייג מיט גאנץ דיקע אייזערנע שטאבעס. אפילו א לייב וואָלט זיי ניט קענען צוברעכען. דיא שטייג איז געוועזען א קליינע און אינוועניג איז געזעסען צוזאמענגעקאָרטשעט א מענשליכעס וועזען.

איבעריגענס איז שווער געוועזען צו זאָגען וואָס פאר א מין בעשעפענים דאָס איז. זאָל עס ווירקליך זיין א מענש אָדער איינע פון דיא גרויסע אבעזיאנעס וואָס מען ברענגט פון אפריקא וועלכע מען רופט "וואלד־מענשען"? גיכער האָט מען געקענט רעכענען, אז ס׳איז א וואלד־מענש, ווייל אויסער דעם שירץ וואָס האָט צוגעדעקט זיינע לענדען איז דער גאנצער קערפער געוועזען נאקעט. דיא האָאר אויף זיין קאָפ און דיא האָאר פון זיין באָרד זיינען געוועזען ווילד צופלאָנטערט און זיין גאנצע געזיכט האָט פאָרגעשטעלט א שרעקליכעס אויס־זעהן.

אין שטייג איז געשטאנען א קליינער אייזערנער טעפעל מיט א ביסעל וואַ־סער, אין וואסער האָבען ארומגעשוואומען שטיקער ברויט, דיא איינציגע ערנע־

רונג וואָס דיעזער געפאנגענער האָט בעקומען זייט מען האָט איהם אין שטייג איינגעשלאָסען.

— פוגאטשעוו! האָט קאטהערינא אויסגעשריען און האָט זיך אוועקגעקעהרט פון׳ם וואָגען מיט א שוידער. זאָל עס מעגליך זיין? איז דאָס פוגאטשעוו דער רעבעל?

— דאָס איז ער, מאיעסטעט, האָט פאָטעמקין געענטפערט. און מערקווירדיג איז דיא פערענדערונג וואָס מיט איהם איז פאָרגעקומען. פריהער איז דער זעלבער פוגאטשעוו געוועזן א שעהנער, הויכגעוואקסענער קאָזאק, קרעפטיגער און שעהנער פון אלע זיינע קאמעראדען פון דער סטעפּע, אָבער זייט דיא לעצטע פּאָאר וואָכען, נאָכדעם וויא מיר האָט געגליקט דעם רעבעל צו בעזיעגען און איינצושפּארען אין שטייג וויא א ווילדעס טהיער, האָט ער אָנגענומען אן ערשרעקענדע געשטאלט. עס ווייזט אויס, אז גאָט אליין בעשטראָפט איהם פאר דיא שוידערליכע מערדערייען וואָס ער האָט בעגאנגען.

— אָה, עס איז צום בעדויערן! האָט דיא קייזערין אויסגערופען מיט א זיפץ. איך טאָר מיט דיעזען אונגליקליכען קיין מיטלייד ניט האָבען און מוז איהם פעראורטהיילען. אָבער איך וויל גנעדיג זיין. ער זאָל אם שנעלסטען היגגעריכטעט ווערען און זאָל ניט דארפען לאנג זיך מאטערן אין דיעזען שרעקליכען שטייג.

— וועגען מיטלייד און גנאדע קען גאָר קיין רעדע ניט זיין, מאיעסטעט, האָט פאָטעמקין בעמערקט. דער באנדיט וואָס האָט זיך געבאָדען אין מענשענבלוט, דיעזער אויסוואורף וואָס האָט פיעלע טויזענדע מענשען אין אונגליק געשטירצט, פאר איהם איז דיא גרויזאמסטע שטראָף צו ווענינ. ער האָט פערדיענט, אז מען זאָל איהם לעבעדיגערהייד אין שטיקער צושניידען.

אין דער זעלבער צייט האָבען זיך געשטופּט ארום איהם אלע וואָס האָבען נאָר געקענט צוקומען נאָהענט צו דער שטייג און ווער נור עס האָט געהאט אין האנד א שטעקען אדער אן אייזען האָט איהם דורך דיא שטאבעס גערוקט אין דיא זייטען, געשטאָכען און געשלאָגען, ריכטיג וויא ער וואָלט געווען א ווילדע בעסטיע.

פוגאטשעוו איז דיא גאנצע צייט געבליבען רוהיג. קאלטבלוטיג האָט ער אַ״ם זיך געוואָרפען זיינע בליקען פון טיעפסטע פעראכטונג אויף דיא יעניגע וואָס האָבען איהם געפּלאגט און געמאטערט. זיינע אויגען האָבען געצייגט א שטומען וואונש, אז יעמאנד זאָל קומען און איהם ארייגשטעכען א מעסער אין הארצען. דאָס וואָלט געווען דיא גרעסטע טובה וואָס ער האָט אין דעם מאָמענט ערווארטעט פון מענשען.

פּלוצים איז געשעהן עטוואָס שרעקליכעס. צווישען דיא געגעראלען האָט

פוגאטשעוו דערזעהן גרעגאָר אָרלאָוו'ען. דער געפאנגענער האָט אויסגעשטויסען אַן אוננאטירליכען געשריי וויא דאָס ברומען פון א פערוואונדעטען לייב.

ער איז אויפגעשפרונגען אין שטייג און מיט ביידע הענד האָט ער אָנגע־פאנגען ברעכען דיא אייזערנע גראטעס. פון זיין מויל האָט געשלאָגען א שוים, זיינע אויגען זיינען פול געוואָרען מיט בלוט, מיט דיא פיס און מיט דיא הענד האָט ער געשטופּט און געריסען דיא שטאבעס און — א שרעקליכער קראך, א געשריי פון טויזענדע קולות האָט אויסגעדונערט. פוגאטשעוו האָט איין שטאנג פון דעם אייזערנעם שטייג ארויסגעריסען.

דעם נעכסטען מאָמענט האָט ער זיך דורכגעדריקט דורך דער עפנונג. דאָס איז איהם געווען זעהר לייכט, ווייל דיא איניגע וואָכען פון זיין געפאנגשאפט איז ער שרעקליך־מאָגער געוואָרען, וויא א סקעלעט האָט ער אויסגעזעהן. ער איז דאריבער גאנץ שנעל ארויס פון שטייג און געלאָפען גלייך צו גרעגאָר אָרלאָוו.

דער שווארצער גראף האָט זיך אויף א פּאָאר טריט צוריקגעצויגען. אלע זיינע גליעדער זיינען פון פלוצלינגען שרעק אזוי וויא געלעהמט געוואָרען. ער, דער ריעזען־קרעפטיגער מאן, וועלכער האָט זאָנסט פאר קיין געגנער ניט מורא געהאט, ער איז אין דיעזען אויגענבליק אזוי איבערראשט געוואָרען, אז ער האָט זאָגאר דיא האנד ניט אויפגעהויבען זיך געגען זיין ווילדען אָנגרייפער צו פער־טהיידיגען.

נאָך איידער מען האָט צייט געהאט צו בעגרייפען וואָס דאָ קומט פאָר האָט זיך פוגאטשעוו שוין מיט א ווילדען ברום ארויפגעוואָרפען אויף אָרלאָוו'ען און האָט איהם אָנגעהויבען שטיקען און ווערגען.

דיא קייזערין איז בלאַס געוואָרען. דיא דערשראָקענע מאסע וואָס איז גע־שטאנגען נעהענטער צו דיעזער סצענע איז אין גרעסטען שרעק פונאנדער געלאָ־פען. דיא סאָלדאטען האָבען ניט געוואוסט וואָס צו טהאָן. שיסען האָבען זיי ניט געקענט, דיא געפאהר איז גרויס געווען, אז דיא קוילען קענען טרעפען אונ־שולדיגע פערזאָנען און פיעלע מענשען־לעבענס וואָלטען פערלאָרען געגאנגען.

אין דיעזען געפעהרליכען מאָמענט איז צוגעשפרונגען א שלאנקע, שעהנע פערזאָן און מיט אן אייזערנער האנד געפאקט דעם צוקאָכטען פוגאטשעוו פאר'ן האלז, און ער האָט געמוזט דעם גראף אָרלאָוו אָבלאָזען. דאָס איז געווען אלעק־סאנדער פּאָטעמקין. ער האָט פוגאטשעוו'ען אזא געוואלטיגען שליידער גע־טהאָן צו דער ערד, אז דער אונגליקליכער איז געבליבען ליעגען האלב אונ־מעכטיג.

אָרלאָוו האָט זיך דאן אויפגעכאפּט וויא פון א שרעקליכען טרוים. ער האָט ארויסגעכאפט זיין רעוואָלווער און אויסגעשאָסען. דיא קויל איז אריינגעפלוי־גען אין פוגאטשעוו'ס ברוסט, און ער איז באלד געבליבען ליעגען טויט.

דיעזע גאנצע סצענע האָט זיך אָבגעשפּיעלט אין איינינע סעקונדען. אָר־לאָוו האָט שוין לאנג געציטערט, אז זיין אינטריגע מיט פוגאטשעוו'ען וועט פּיעלייכט ענטדעקט ווערען און גראדע יעצט איז פאר איהם געוועזן דיא בעסטע געלעגענהייט פון דעם געפאנגענעם פטור צו ווערען. יעצט האָט עס געהייסען א סאָרט זעלבסט־פערטהיידיגונג און עס וועט קיינעם ניט איינפאלען אין זינען, אז ער האָט עפּעס געהאט א פערבינדונג מיט דעם באנדיטישען רעבעל וואָס האָט אזוי פיעל רוסישע שטעדט און דערפער פערניכטעט.

דיא קייזערין האָט א וואונק געגעבען און מען האָט פוגאטשעוו'ס טויטען קערפער אריינגעלייגט צוריק אין וואָגען און באלד איז דער טרויער־צוג פער־שוואונדען.

ווען דיא אויפרעגונג איז איינגעשטילט געוואָרען, האָט דיא קייזערין גנע־דיג בעדאנקט דעם יונגען קניאז טרובעצקאָי און דיא אנדערע אָפיציערען וואָס האָבען אנטהייל גענומען אין זיעג, דאן האָט זיא געררייכט פּאָטעמקין'ען איהר האנד און ער האָט מיט א צערטליכקייט פון א קינד איהרע פינגער געקושט.

— היינט אבענד, מיין ליעבער קניאז, האָט זיא צו איהם געזאָגט, וועט אין ווינטער פאלאסט געגעבען ווערען א באנקעט פיר אייער האָנאָר. צום וויעדער־זעהן, מיין ליעבלינג.

דיא לעצטע ווערטער האָט זיא גערעדט גאנץ שטיל מיט א צערטליכען טאָן און איהר שוידערהאפטער בליק איז אריינגעקראָכען טיעף אין פּאָטעמקין'ס ברוסט, אזוי אז זיין גאנצע בלוט האָט אויפגעקאָכט מיט א זיסע אויפרעגונג. אייניגע מינוטען שפּעטער איז קאטהערינא מיט איהרע בעגלייטער אָבגעפאָהרען און פּאָטעמקין האָט אן דער שפּיצע פון זיינע זיעגרייכע רעגימענטען אריינמאר־שירט ווייטער אין דער רעזידענץ.

## 26טער קאפּיטעל

## אין טהעאַטער.

### א יאָהר איז פערבייגעגאנגען.

עס איז געוועזן גראדע אין דעם טאָג ווען ס'איז פאָרגעקומען דיא שלאכט ביי מאָסקווא, דיא שלאכט וועלכע פּאָטעמקין האָט מיט אזוי פיעל פראכט און גלאנץ געוואונען.

אויפ'ן בעפעהל פון דער קייזערין איז דיעזער יאָהרעספעסט געפייערט גע־וואָרען נאָך מיט מעהר טריאומף וויא לעצטעס יאָהר. אלע הייזער אין פּעטער־בורג זיינען געוועזן דעקאָרירט מיט בלומען און גירלאנדען. אויף אבענד איז בעשטעלט געוואָרען א פראכטפאָלע אילומינאציע און פייערווערק אויף אלע הויפּט פּלעצער פון פּעטערבורג, אין קייזערליכען טהעאטער האָט געזאָלט פאָר־קומען א גאלא־פאָרשטעלונג און אין ווינטער פאלאסט א גלענצענדער באל.

דער העלד פון'ם טאָג קניאז פאָטעמקין איז געריטען דורך דיא גאסען פון שטאָדט אויף זיין טהייערען פערד. ער איז געפאָהרען צום פאראד־פלאץ, וואו עס ווערט היינט אָבגעהאלטען א מיליטערישער מארש. אויך יעצט איז ער נאָך געוועזן דער ליעבלינג פון פאָלק און איבעראל האָט מען איהם בעגריסט מיט גרויס ענטהוזיאזמוס. כמעט פון אלע פענסטער האָבען שעהנע פרויען און מיידלאך געוואָרפען בלומען צום בעליעבטען העלד.

ביי'ם קאָרנער פון פעטראָווסקא גאס איז געשטאנען א הויז וואָס האָט אויסגעזעהן וויא א פאלאסט. דיא געביידע איז געוועזן אויסגעפוצט שעהנער און רייכער וויא אלע אנדערע אין דער נאכבארשאפט. פון איין פענסטער צום אנדערען האָבען זיך געצויגען בלומען־געביידען און דיא ווענד זיינען געוועזן בעהאנגען מיט פערשיעדענע קאָלירען אילומינאציע לאנטערענס, אזוי אז יעדער פערבייגעהער האָט זיך ביי דיעזער שעהנער דעקאָראציע געמוזט אָבשטעלען.

פאָטעמקין האָט פערביירייטענדיג צופעליג אויפגעהויבען דיא אויגען און האָט דערזעהן אויף'ן באלקאָן פון ערשטען עטאזש א ליעבליכע שלאנקע פרויען־געשטאלט; נעבען איהר איז געשטאנען אן אלטער מאן, זעהר עלעגאנט געקליידעט, מיט גאָלדענעברילען אויף דיא אויגען.

דער יונגער קניאז האָט געלאָזט זיין פערד עטוואָס לאנגזאמער, ער האָט געוואָלט דיעזע מערקווירדיג שעהנע יונגע פרוי עטוואָס גענויער בעטראכטען. אויף איהר עטוואָס בלאסע גזיכט האָט געשטראהלט א זעלטענער חן און א מערקווירדיגע נאָבעלקייט. א פאָר גרויסע דונקעלע אויגען האָבען געלויכטען אין איהר געזיכט און האָבען פאָרגעשטעלט א לעבהאפטען קאָנטראסט געגען איהרע האָאר וואָס האָבען אויסגעוויזען וויא געשפּינט פון גאָלד און האָבען געגליהט פון רויטקייט. מיט אזעלכע האָאר האָט דער בעריהמטער מאהלער טיציאן פאָרגעשטעלט פרויען וואָס זיינען פול מיט צויבער און מוזען ניט ווילענדיג צוציהען צו זיך אפילו מלאכים.

דיא שעהנע פרויענצימער האָט געטראָגען א קלייד פון דונקעל בלויע זיידענס וואָס איז געלעגען אויסגעגאָסען אויף איהר זעלטענע פיגור. אויף איהר הויכע רונדע ברוסט האָט זיא געטראָגען א בינטעל רויטע ראָזען, דיא בלומען דער ליעבע.

— וואָס זאָל דאָס בעדייטען? האָט פאָטעמקין געמורמעלט צו זיך אליין, וועמען ליעבט דיעזע פרוי? פילייכט דעם אלטען מאן מיט דיא גרייז־גרויע האָאר וואָס שטעהט ביי איהר זייט? אָבער ניין, דאָס קען ניט זיין. ער איז געוויס איהר פאָטער. אָבער ווער איז זיא? אן אלמנה? א גרושה? א פערהייראטהע פרוי? א מיידעל?

פאָטעמקין האָט נאטירליך זיך אליין ניט געקענט פערענטפערן דיעזע אלע

פראגען און א מערקווירדיגע קראפט האָט איהם געצווינגען צו דער פּראָוינציאַלער
וואָס איז אויף'ן באלקאָן געשטאַנען.

וואונדערבאר איז דער מענש, ווען ליעבע בעהערשט מיט אמאָל זיין נשמה!
פּאָטעמקין, דער געליעבטער פון דער קייזערין האָט וועהרענד דיא פּאָאר יאָהר
זייט ער איז מיט איהר בעקאַנט געוואָרען געזעהען פיעל בעריהמטע שעהנהייטען
און דאָך איז ער אימער צו געבליבען גלייכגילטיג, ווייל ער האָט געפיהלט, אז
ער בעלאַנגט צו קאַטהערינא'ן מיט זיין גאַנצען הארצען און מיט זיין גאַנצער
נשמה. און דיעזע אונבעקאַנטע אויף'ן באלקאָן האָט איהם עפּעס וויא מיט
א מאַגנעט צוגעצווינגען צו זיך. וואָס זאָל דאָס בעדייטען?

א פּאָאר מינוטען זיינען אזוי פערביייגעגאַנגען און פּאָטעמקין האָט נאָך
אלץ זיינע אויגען פון דער שעהנער געשטאַלט ניט אראָבגענומען. מיט אמאָל
האָט זיא דיא ראָזען פון איהר ברוסט אראָבגעריסען און מיט א גראַציעזען
שמייכעל האָט זיא זיי לאַנגזאם אראָבגעלאָזען. פּאָטעמקין האָט אויסגעשטרעקט
דיא האַנד און מיט דער שנעליגקייט פון א בליץ האָט ער דעם בוקעט בלומען
אויפגעכאַפּט נאָך איידער ער איז אויף דער ערד אראָבגעפאַלען. ער האָט צוגע-
לייגט דיא בלומען צו זיינע ליפּען און האָט געפיהלט וויא בערוישט פון זייער
פּראַכטפאָלען אראָמאַט.

דער אַלטער מאַן וואָס איז נעבען איהר געשטאַנען האָט זאַנפט ארויפגע-
לייגט אויף איהר זיין האַנד און האָט איהר שטילערהייד געזאָגט א פּאָאר ווער-
טער, דאַן האָט ער זיא ארייננגעפיהרט דורך דער באלקאָן טיהר צוריק אין הויז.
פּאָטעמקין איז געבליעבען שטעהן א מאָמענט אין גרויס איבערראַשונג, דאַן
האָט ער מיט אמאָל א טרייב געטהאָן זיין פערד און האָט וויעדער גאַלאָפּירט
שנעל צום פּאראַד-פּלאַץ.

אבענד איז דער קייזערליכער טהעאטער געוועזען פול בעזעצט מיט דיא
גרעסטע דאַמען און העררען פון פּעטערבורג. קיין בילעטען האָט מען צו דיעזער
גאַלא-פּאָרשטעלונג ניט פערקויפט. דאָס גאַנצע פּובליקום איז בעשטאַנען פון
געלאַדענע געסט פון'ם פּאָרנעהמסטען אדעל און פון דיא העכסטע ראַנגע אָפי-
ציערען מיט זייערע דאַמען.

דיא קייזערין קאַטהערינא האָט פאַר דיעזען אבענד עקסטרא אויסגעשריע-
בען דיא בעריהמטע זינגערין קאַטאלאַני מיט איהר אָפּערא קאָמפּאַניע. קאַטא-
לאַני איז דאַן געוועזען פערערבענט אלס דיא גרעסטע קינסטלערין פון איהר צייט
און דיא גאַנצע וועלט האָט מיט איהר געקאָכט.

אין צענטער פון דיא ערשטע רייהען האָט זיך געפונען דיא לאָזשע פון דער
קייזערין, אויסגעשטאַטעט מיט'ן גרעסטען לוקסוס. ביי דיעזער לאָזשע איז
אויך געוועזען אַן עקסטרא צימער אלס אַן עמפּפאַנגס-זאַאל פיר דער קייזערין.
דאָרט האָט דיא קייזערין אָנגענומען געסט און האָט מיט זיי געטרונקען טהעע

און עטוואס צתעביסען צווישען דיא אקטען. דאביי איז נאָך געווען א צימער פיר'ן טואלעט וואָס דיא קייזערין האָט געברויכט. אין דעם צימער פלעגט קאַ־טהערינא אריינגעהן זיך אויסרוהען אביסעל, ווען זיא האָט געפיהלט עטוואָס מיעד.

דער גרויסער קייזערליכער אָפּערא־אָרקעסטער האָט אָנגעפאנגען צו שפּיע־לען "באָזשע צאריא כראני", דיא אלטע נאציאָנאלע רוסישע ליעד און דיא גאנ־צע הויכע געזעלשאפט איז אויפגעשטאנען, ווען דיא קייזערין איז ערשיענען אין טהעאטער.

קאטהערינא האָט געטראָגען א ווייסע זיידענע קלייד בעפּוצט מיט גאָלדענע שניר געזעצט מיט בריליאנטען. אויף איהרע פּראכטפאָלע רויט־בלאָנדע האָאר האָט זיא געטראָגען א קרוין צוזאמענגעשטעלט פון טהייערע סאפיר־שטיינער און רובינען. זיא האָט געשיינט וויא דיא ליכטיגע זון.

צוזאמען מיט דער קייזערין איז אויך ערשיענען אלעקסאנדער פּאָטעמקין. ער איז געווען אָנגעטהאָן אין א גענעראל מונדיר וואָס האָט געשיינט און גע־בלישצעט פון דיא גאָלדענע בעפּוצונגען. אויף זיין ברוסט האָט ער געטראָגען דעם גרויסען וולאדימיר אָרדען און ביים זייט אן עהרען שווערד בעזעצט מיט דיאמאנטען. אויסער איהם האָבען זיך געפונען אין דער בעגלייטונג פון דער קייזערין דיא ביידע ברידער אָרלאָוו, דער ערשטער מיניסטער פּאנין און מאַיאָר פּלאטאָן זובאָוו, צו בעדיענען דיא קייזערין.

זעקס פּאזשען, צווישען וועלכע עס האָט זיך אויך געפונען גאבריעל, זיינען געשטאנען אין לאָזשע פון הינטען, פערטיג צו ערפילען יעדען וואונש פון דער קייזערין.

וואָס אָנבעלאַנגט דעם פּובליקום, איז נאָך אין קייזערליכען טהעאטער קיינ־מאָל ניט געווען אזא פּראכט־פערזאמלונג וויא דיעזען אבענד. יעדע דאמע איז ערשיענען אין פולען גלאנץ. סאמעט, זייד און עדעל־שטיינער האָבען פער־בלענדעט דיא אויגען מיט זייער בליץ און שטראהלענדע פונקען. אלע פּלע־צער זיינען געווען בעזעצט, נור איין לאָזשע לינקס פון דער קייזערליכער לאָזשע איז נאָך געווען לעער. דאָרט זיינען געשטאנען צוויי שטוהלען וואָס האָבען גע־ווארט אויף זייערע בעזיצער.

באלד איז געגעבען געוואָרען א צייכען מיט א גלעקעל און דער פאָרהאנג האָט זיך אויפגעהויבען. דיא פאָרשטעלונג האָט זיך אָנגעפאנגען און דיא גרויסע קינסטלערין קאטאלאני האָט בעוויזען איהר ערהאבענעס טאלאנט. זיא האָט מיט איהר שטימע ענטציקט אלע הערצער פון דיא צוהערער. זיא האָט דאָ אין פּעטערבורג ארויסגערופען דעם זעלבען בייפאל און דעם זעלבען ענטהוזיאסטישען אפּלאוז וויא ביי דיא פראנצויזען און ענגלענדער. זיא האָט שוין געהאט געשפּיעלט אין אלע לענדער און איבעראל האָט מען איהר טאלאנט פערגעטערט.

איהר זיסע שטימע האט ארייננעדרונגען טיעף אין דיא הערצער פון דיא צוהערער. אויך דיא קונסט־ליעבענדע קייזערין האט מיט גרויסע אינטערעסע צוגעהערט דאס געזאנג פון דער בעריהמטער ארטיסטין און איהר בעגייסטערונג איז געוועזען אהן א שיער און אהן א גרעניץ.

איין איינציגער מענש האט דיעזע הימלישע טענער צוגעהערט נור מיט א האלבען אויער. דאס איז דער יונגער קניאז פאטעמקין. מערקווירדיג, פון דעם מאמענט וואס ער האט געזעהן יענע שעהנע, יונגע פרויענצימער אויף'ן באלקאן איז ער דעם גאנצען טאג געוועזען אזוי צוטראגען און פערטראכט, אז ער האט אליין ניט געוואוסט וואס מיט איהם איז.

און גראדע איז ער דעם גאנצען טאג געוועזען שטארק בעשעפטיגט, פריהער מיט'ן מיליטערישען פאראד און דאן מיט עמפפאנגען פערשיעדענע געסט, מיט וועלכע ער האט נאטירליך געמוזט עטוואס רעדען און פיהרען געזעלשאפטליכע געשפרעכען. דאך איז איהם פארגעקומען, אז אלעס וואס ער רעדט און אלעס וואס ער טהוט, טהוט אן אנדערער, ניט ער, ווייל זיין גאנצער גייסט, זיין גאנצע נשמה איז געוועזען ערגיץ אנדערש, ניט דא.

יעדע מינוט וואס ער האט נור געקענט אבורייסען האט ער זיך צוריקגע־צויגען אין זיין שלאף צימער וואו עס איז געשטאנען אין א קאסטבארע שעהנע וואזע דער בוקעט פון רויטע בלומען וואס יענע אונבעקאנטע האט פון איהר ברוסט אראבגענומען און איהר צוגעווארפען. ער אליין האט דיא ראזען אריינ־געשטעלט אין וואזע און אנגעגאסען וואסער, זיי זאלען ניט פערוועלקט ווערען און זאלען ניט פערליערען זייער אראמאט, מיט וועלכען ער האט זיך אלע וויילע געקוויקט.

ער האט זיך אליין קיין רעכנונג ניט געקענט אבגעבען וואס ער איז מיט אמאל וויא משוגע געווארען און לאזט זיך בעהערשען פון א נארישע אונמעגליכע פאנטאזיע און וואס ער, דער געליעבטער פון א מעכטיגע קייזערין זאל זיך איבער־הויפט גאר איבערגעבען צו אזעלכע געדאנקען.

איינמאל האט ער שוין זאגאר אויסגעשטרעקט דיא האנד און האט געוואלט כאפען דעם בלומען־קראנץ און איהם אין שטיקער צופליקען און ארויסווארפען.

— דיעזע ראזען, האט ער צו זיך אליין געמורמעלט, קענען דאך מיין גאנץ גליק צושטערען, איך מוז זיי פערניכטען, מיינע אויגען זאלען זיי ניט זעהן און זייער דופט זאל מיך ניט בערוישען.

אבער אין זעלבען מאמענט האט ער מיט א שטילען זיפץ זיך צוריקגעצויגען און האט ווידער געלאזט דיא בלומען שטעהן אין וואזע.

אויך יעצט, ווען ער איז אין טהעאטער געזעסען אין אזא גלענצענדע געזעל־שאפט, ביי דער זייט פון א שעהנער קייזערין, אפילו יעצט האט ער געפיהלט דיא זעלבע אונבעשטימטע געפיהלען פון דענקען גראדע וויא דאן ווען ער האט

**אויף דיא ראָזען געקוקט. וואָס זאָל דאָס בעדייטען? פאר וואָס קען ער זיך פון דיעזע געדאנקען ניט אָברייסען?**

אלע זיינען איבערראשט און בעגייסטערט פון דער אָפּערא זינגערין קא־טאלינא, יעדער איינער האָט אפּלאָדירט מיט ענטהוזיאזם, דיא קייזערין זעלבסט האָט אלע ווײלע אויסגערופען:

— אָה, וויא שעהן, וויא זיס!

און ער? ער איז געבליבען קאלט און שטום. איהם האָט זיך אויסגעוויזען אז אלעס וואָלט געווען פיין און גוט ווען יענע אונבעקאנטע זאָל אויך דאָ זיין. עס האָט איהם עפּעס דאָ אין טהעאטער געפעהלט, און ער האָט נאָך דעם שרעק־ליך געבענקט.

— וואָס איז דיר, אלעקסאנדער? האָט איהם קאטהערינא שטילערהייד געפרעגט. דו ביסט בלאס און קוקסט אויס אזוי טרויעריג.

פאָטעמקין האָט געשוויגען און זיא האָט ווייטער פאָרטגעזעצט:

— איך וויים וואָס דיר פעהלט, טהייערער, מיר האָבען זיך היינט דעם גאנצען טאָג ניט געזעהן און דו גלייכסט צו זיין אליין מיט מיר. אָבער האָב נור געדולד, נשמה, דיא שטונדע פון אונזער גליק וועט באלד קומען. נאָך'ן דריטען אקט וועלען מיר דעם טהעאטער פערלאָזען און וועלען פאָהרען צום באנקעט אין ווינטער פאלאסט, דאן ווען דער באל וועט זיך אָנפאנגען וועלען מיר זיך ארייננעהן אין אונזער צימער און זיצען גאנץ אליין, דאָרט וועסט דו מיך ארומנעהמען און צודריקען פעסט צום הארצען און וועסט מיר דערצעהלען אלעס וואָס ביי דיר אין דער נשמה קאָכט זיך.

— יא, האָט ער געענטפערט פערטראכט. ווען דער באל וועט זיך אָנפאנ־גען וועל איך — וועלען מיר זיין אליין.

און ער האָט דיעזע ווערטער גערעדט אזוי אונבעטראכט וויא אין א טרוימ־האפטען צושטאנד. ער האָט אליין ניט געוואוסט וואָס מיט איהם איז געשעהן, אָבער ער האָט יעצט ניט געקענט דענקען וועגען דער געליעבטער קייזערין. זיינע געדאנקען האָבען געשוועבט ערגיץ אנדערש.

פּלוצים האָט ער ערוואכט וויא פון א שלאָף. דער פאָרהאנג איז געפאלען און דער בייפאל פון פובליקום האָט וויא א ברויזענדער שטורם פערהילכט דיא גאנצע זאאל. דיא קינסטלערין קאטאלינא איז אייניגע מאָל ארויסגערופען גע־וואָרען צו עמפפאנגען דעם בעגייסטערטען דאנק פון דיא פעטערבורגער הויכע געזעלשאפט.

ווען דער פאָרהאנג איז צום לעצטען מאָל אראָבגעפאלען און דיא צושויער האָבען אָנגעפאנגען רעדען הויך איבער אלעס וואָס זיי האָבען געזעהן און גע־הערט, האָט זיך פּלוצים געעפענט דיא טיהר פון יענער לאָזשע וואָס איז ביז יעצט געשטאנען לעער.

צו ערשט איז אריינגעקומען א פאנטאסטיש געקליידעטער שווארצער דיע־נער איינגעהילט אין א ווייסען מאנטעל און דיא לענדען פערגארטעלט מיט א טערקישע שאַל, פון וועלכער דיא עקען האָבען אראָבגעהאנגען ביז דער ערד. אויף'ן שווארצען געגרייזעלטען קאָפּ האָר האָט ער געטראָגען א הויכען טורבאן, ער האָט זיך אוועקגעשטעלט אין א זייט און באלד נאָך איהם זיינען אריינגעקו־מען אין לאָזשע זיינע הערשאַפטען.

פּאָטעמקין האָט זיך קוים געקענט איינהאלטען פון אויסצושרייען אויס איבערראשונג. אָבער צום גליק איז איהם געלונגען זיך צו בערוהיגען און איינ־צוהאלטען זיינע געפיהלען. דאָך האָט ער זיך געמוזט מיט ביידע הענד שטארק צוהאלטען אין שטוהל, ווייל עס האָט איהם געצויגען מיט א מערקווירדיגע קראפט ער זאָל זיך איבערבויגען איבער דער אָבצאהמונג פון דער קייזערליכע לאָזשע אום ער זאָל קענען בעסער זעהן וואָס דאָרט אין יענער נאכבאר־לאָזשע קומט פאָר.

דער אלטער נאָבעל־אויסזעהענדער מאן מיט דיא גאָלדענע ברילען איז אריינגעקומען געארמט מיט דער שעהנער רויט־בלאָנדער פרוי, דיא זעלבע וועלכע פּאָטעמקין האָט היינט פאר מיטאָג געזעהן אויף'ן באלקאָן. און וויא שעהן, וויא פּראכטפאָל איז איהר טואלעט! א גרינע זיידענע קלייד בעפּוצט מיט דיא טהייערסטע וואלענסיען שפּיצען האָט בעדעקט דיא וואונדער־שעהנע געשטאלט, אויף'ן קלאָר־ווייסען האלדז האָט זיא געטראָגען א בריליאנטענעם באנד וואָס האָט געפינקעלט מיט טויזענד שטראהלען פארבען. אויף דער ברוסט האָט זיא ווידער געטראָגען א בוקעט רויט־גליהענדע ראָזען.

— דיא ראָזען־דאמע, האָט פּאָטעמקין געשעפּטשעט צו זיך אליין מיט א געוואלטיגע בעגייסטערונג.

דער אלטער האָט צוערשט געלאָזט זיין בעגלייטערין זיך זעצען אויף איינע פון דיא צוויי שטוהלען וואָס זיינען געשטאנען אין לאָזשע, דאן האָט ער זיך אליין אנידערגעזעצט ביי איהר זייט.

אָבער ניט נור פּאָטעמקין, נור אויך דאָס גאנצע פּובליקום איז געוואָרען אויפמערקזאם אויף דיעזע אונגעוועהנליכע פּאָאר. אלע אויגען האָבען געקוקט אויף יענער לאָזשע, וואו מען האָט געזעהן א לעבעדיגע בילד וויא ווינטער און פריהלינג וואָלטען זיך צוזאמענגעטראָפען. אין דיא רייהען פון פּובליקום האָט זיך געהערט א מורמעל, א געטומעל, איינער ביי'ם אנדערען האָט געפרעגט:

— ווער זיינען זיי? רוסען אָדער אויסלענדער? אך, וואָס פיר טהייערע עדעלשטיינער, וואָס פיר א פּראכטפאָלע האלדזבאנד! אָבער זיא אליין איז נאָך שעהנער פון איהרע בריליאנטען. ווער קען זיי?

אָבער דיעזער שטילער גערויש האָט אויפגעהערט, דיא מוזיק האָט אָנגע־פאנגען צו שפּיעלען דיא אָווערטיורע פון צווייטען אקט. דיא קייזערין האָט דאן

א וואינק געטהאָן צו איהר ערשטען מיניסטער און ווען ער איז צוגעקומען האָט זיא ביי איהם געפרעגט:

—זאָגט מיר, מיין ליעבער פאנין, ווער זיינען דער העדר און דיא דאמע וואָס זיינען יעצט אריינגעקומען אין יענער לאָזשע? און ווענדענדיג זיך צו פּאָטעמ־קין'ען האָט זיא געזאָגט: דיא דאמע איז מערקווירדיג שעהן. וואָס זאָגט איהר? וואָס איז אייער מיינונג, מיין ליעבער קניאז פּאָטעמקין?

— איך בין פאָלקאָמען איינפערשטאנדען מיט דער מיינונג פון אייער מאיעסטעט.

פּאָטעמקין האָט געענטפערט דיעזע ווערטער וויא מעגליך רוהיג דיא קייזע־רין זאָל קיין פערדאכט ניט האָבען ווענען אלעס וואָס האָט זיך יעצט ביי איהם אין הארצען געקאָכט.

— אָבער איהר בעגלייטער, האָט קאטהערינא ווייטער געשפּראָכען מיט א שפּאָס. איך גלויב, גראף פאנין, אז דיעזער העדר האָט א ריכטיגע אידישע פיזיאָנאָמיע.

— ניט גראָדע א אידישע, אָבער אן אָריענטאלישע, האָט דער מיניסטער געענטפערט מיט א פערנייגונג. איך האָב דיא מעגליכקייט אייער מאיעסטעט צו ערקלערען, ווער דיעזער אויסלענדער איז. ער וואָהנט שוין אין פּעטערבורג זייט דיא לעצטע פּאָר מאָנאטען. זיין נאָמען איז מאהאמעד אלי פּאשא. ער איז א צייט מיט יאָהרען געווען קאזנאטשיי, שאצמייסטער, פון סולטאן. וויא עס ווייזט אויס, איז ער שטארק רייך, זיין הויז איז פול מיט פּראכט און לוקסוס און ער האָט מאסען געלד אין פערשיעדענע בייננק. ווען איך האָב ניט לאנג צו־ריק אויף'ן בעפעהל פון אייער מאיעסטעט אויסגעשריעבען א רעגיערונגס אנלייהע, האָט מאהאמעד אלי פּאשא אליין געקויפט פאר צוואנציג מיליאָן רובעל פון דיעזע שטאאטס פּאפּירען און ער איז געווען דער אייגציגער וואָס האָט בע־צאָהלט בארעם געלד גליך אויף'ן פּלאץ. דאָס האָט אונז פיעל געהאָלפען צו מאכען דיא אנלייהע אן ערפאָלג.

— אויב אזוי, איז ער דאָך ווירקליך א זעהר רייכער מאן, האָט דיא קייז־זערין בעמערקט, פיליכט דער רייכסטער אין מיין קרוין־שטאָדט.

— דאָס איז זעהר מעגליך און לויט וויא איך האָב אויסגעפונען דורך פער־שיעדענע נאָכפאָרשונגען איז ער אויך אן עהרען־מאן, מערקווירדיג עהרליך און נאָבעל. דאריבער האָב איך איהם געצייגט דיא עהרע און האָט איהם געשיקט אן איינלאדונג צו דער היינטיגער גאלא פאָרשטעלונג און צום באל אין ווינטער פּא־לאסט. איך האָב דאָס געטהאָן אויף'ן גרונד וואָס אייער מאיעסטעט האָט מיר ער־לויבט, אז איך זאָל איינלאָדען אלע דיא יעניגע, וועלכע איך וועל געפינען ווירדיג אין אזא געזעלשאפט צו קומען.

— און איך בין זעהר צופריעדען דאמיט, גראף פאנין, איך האָב ביי מיר

איין כלל, אז דיא רייכע לייט דארף מען אימער פראטעזשירען. אמת, מיין לאנד איז רייך גענוג, דאך איז עס זעהר וויכטיג צו האבען וואס מעהר רייכטהום אין לאנד. רייכע שאפען גליק פיר אנדערע אויך. יעדענפאלס האט איהר מיר זעהר פיעל אינטערעסאנטעס דערצעהלט וועגען דיעזען רייכען פאשא, מיין ליעבער גראף, און וואס ווייסט איהר עפעס וועגען דער דאמע? קענט איהר אונז וועגען איהר אויך עטוואס אינטערעסאנטעס דערצעהלען?

פאטעמקין האט נאטירליך מיט דער גרעסטער אינטערעסע צוגעהערט יעדען ווארט וואס דער מיניסטער האט גערעדט וועגען אלטען פאשא. יעצט אבער, ווען דיא קייזערין האט א פרעג געטהאן וועגען דער שעהנער דאמע, האט פאטעמקין געפיהלט, אז זיין ברוסט פאנגט אן געוואלטיג צו שטורמען. באלד וועט ער ערפאהרען ווער און וואס דיעזע דאמע איז, ענדליך וועט ער הערען א ריכטיגען אנטווארט אויף דיא פראגען וואס האבען איהם דעם גאנצען טאג געפייניגט און געמאטערט, באלד וועט ער הערען אין וואס פיר פערהעלטניסע דער אלטער מאן שטעהט מיט דיעזער רייצענדער יונגער פרוי.

— וואהרשיינליך, האט קאטהערינא בעמערקט, איז דיעזע דאמע א טאכטער פון מאהאמעד אלי פאשא.

אבער גראף פאנין האט געשאקעלט מיט'ן קאפ אויף ניין וועהרענד אויף זיינע ליפען האט זיך בעוויזען א דיפלאמאטישער שמייכעל.

— וויא? האט דיא קייזערין געפרעגט ערשטוינט. איז דען מעגליך, אז דיעזע יונגע דאמע איז —

קאטהערינא האט ניט געענדיגט איהר פראגע, זיא האט געווארט צו הערען וואס דער מיניסטער וועט דארויף ענטפערען.

— מאיעסטעט, האט ער געזאגט. דיא דאמע, וועגען וועלכע איהר האט דיא גנאדע זיך צו ערקינדיגען, איז דיא פרוי פון מאהאמעד אלי פאשא.

פאטעמקין האט געמוזט אבווענדען זיין געזיכט מען זאל ניט בעמערקען וואס פאר אן איינדרוק דיעזע ווערטער האבען אויף איהם געמאכט. ער האט געפיהלט אין דעם מאמענט וויא דיא גאנצע וועלט איז מיט אמאל חרוב געווארען און פון לעבען און שטערבען און האפען איז קיין שריד ופליט געבליבען.

— אזוי, איז זיא זיין פרוי? האט קאטהערינא געזאגט מיט א זיסען געלעכטער, דאס איז ווירקליך ניט קיין גלייכע פאר, א ראזע פערפלאנצט אין שנעע. דאך, גראף פאנין, גלויב איך, אז עס וואלט פאסענד געווען פאר אונז דעם רייכען אויסלענדער צו בעעהרען און א פאר ווערטער איהם צו זאגען. קניאז פאטעמקין, זייט אזוי גוט, געהט אריין צו זיי אין לאזשע און זאגט דעם מאהאמעד אלי פאשא, אז נאך'ן צווייטען אקט ערלויב איך איהם אן אודיענץ.

דעם יונגען קניאז איז דיעזער בעפעהל זעהר ניט אנגענעהם געווען יעצט, ווען ער ווייסט, אז דיעזע יונגע דאמע איז פערהייראט. מיט א פאר מינוט

צוריק וואָלט ער דיעזען אויפטראג מיט פערגעניגען געוועז אָנגענומען, אָבער יעצט, ווען ער וויסט, אז זיא איז דיא פרוי פון אן אנדערען, דיא פרוי פון אן אלטען גרייז־גרויען מאן, יעצט איז ביי איהם זאָגאר אויסגעקומען, אז ער מוז זיא האסען און פעראכטען, ווייל וואָס האָט זיא געקענט צווינגען צו הייראטען אזא זקן? געוויס ניט ריינע ליעבע, נור זיא האָט עס געטהאָן, ווייל ער איז רייך. זיא האָט זיך אלזאָ גאנץ איינפאך פערקויפט פאר געלד. אָה, וויא העסליך, וויא געמיין דאָס איז!

פאָטעמקין האָט זיך אָבער ניט געקענט העלפען, ער האָט געמוזט ערפילען קאטהערינא׳ס וואונש. ער האָט זיך אויפגעהויבען פון זיין שטוהל, גענומען זיין הוט אין האנד און איז ארויס פון דער קייזערליכער לאָזשע.

צוויי דיענער זיינען איהם פאָראויס געגאנגען. איינער האָט פאר איהם געמאכט א וועג דורך׳ן האלב־רונדען טהעאטער־זאל און דער אנדערער איז שנעל אוועק אין לאָזשע פון׳ם פאשא און אָנגעזאָגט דעם שווארצען דיענער, אז קניאז פאָטעמקין קומט מיט זיין הערשאפט צו שפרעכען. דער שווארצער האָט באלד וועגען דעם געמעלדעט זיין הערשאפט.

ווען פאָטעמקין איז אריין אין לאָזשע, האָט איהם דער פאשא עמפפאנגען ביי׳ם טיהר און רייכענדיג איהם דיא האנד האָט ער געזאָגט מיט אן אויסלענ־דישען אקצענט אויף רוסיש:

— עס פרייט מיך, וואשע סיאטעלסטוואָ (אייער דורכלויכט), צו זעהן און שפרעכען מיט׳ן מאן, וועלכער איז דער העלד פון היינטיגען טאָג און פון אלע גרויסארטיגע פאראדען וואָס ווערען יעצט אין פעטערבורג געמאכט צוליעב איהם. ערלויבט מיר, קניאז, אייך צו גראטולירען מיט׳ן גלענצענדען זיעג וואָס איהר האָט מיט א יאָהר צוריק אויסגעקעמפפט געגען דיא רעבעלען ביי מאָסקווא.

— איך דאנק אייך, פאשא, און דאביי ווען איהר זיינט אזוי פריינדליך וועגען מיין נאָמען צו שפרעכען, וויל איך אויך האָבען דיא פערגעניגען עטוואָס וועגען אייך צו וויסען.

— איך בין מאהאמעד אלי פאשא. ביז מיט איניגע יאָהר צוריק בין איך געוועזען דער פערוואלטער פון דיא טערקישע פינאנסען. ווען איך האָב מיך צוריק־געצויגען פון געשעפט, איז מיין בעשלוס געוועזען צו פערברענגען א רוהיגען, פריעדליכען לעבען אין מיין פאטערלאנד. אָבער מיין יונגע פרוי האָט אויסגע־שפראָכען דעם וואונש מיר זאָלען מאכען פערשיעדענע פערגעניגענס־רייזען אי־בער דער וועלט. און אזוי זיינען מיר געקומען קיין פעטערבורג. איך מוז אייך זאָגען, אז פעטערבורג האָט אויף מיר זעהר א גוטען איינדרוק געמאכט — אָבער, פערצייהעט מיר, דעם עיקר האָב איך פערגעסען, ערלויבט מיר אייך פאָרצו־שטעלען מיין פרוי.

פאָטעמקין האָט א בליק געוואָרפען אויף דער רייצענדער שעהנהייט. זיין

בליק האָט זיך בענעגענט מיט איהרען. דאן האָט זיא זיך שנעל אָבגעווענדעט צום טהעאטער זאאל.

— ערלויבט מיר צוערשט דעם קייזערליכען אויפטראג אייך איבערצוגעבען, האָט פּאָטעמקין געזאָגט צום פּאשא. איהר מאיעסטעט, דיא קייזערין קאטהע־רינא פון רוסלאנד וויל אייך זעהן און פערלאנגט איהר זאָלט זיך איהר פּאָר־שטעלען אין איהר לאָזשע נאָך׳ן צווייטען אקט.

מאהאמער אלי פּאשא האָט זיך פערנייגט מיט א מינע פון גרויס פערגעני־גען איבער דיעזע קייזערליכע גנאדע, ווייל דיעזען אבענד האָט דיא קייזערין אפילו צו איהרע העכסטע בעאמטע ניט געציינט אזא אויפמערקזאמקייט און האָט קיינעם אין איהר לאָזשע ניט עמפּפאנגען.

— און יעצט קען איך האָבען דיא פערגעניגען איהר זאָלט מיר אייער פרוי עטוואָס נעהענטער פּאָרשטעלען ? האָט פּאָטעמקין געזאָגט.

— מיט׳ן גרעסטען כבוד, מיין קניאז.

דער אלטער פּאשא, וועלכער איז דיא גאנצע צייט פון דיעזען געשפּרעך עטוואָס אונרוהיג געווען, האָט זיך יעצט פון איהם אָבגעווענדעט און צוגעהענדיג צו דער שעהנער דאמע האָט ער איהר שטילערהייד עפּעס א סוד איינגערוימט אין אויער. זיא האָט זיך לאנגזאם אויפגעהויבען און פּאָטעמקין האָט יעצט צום ערשטען מאָל געזעהן איהר געזיכט גאנץ נאָהענט פאר זיך.

דער איינדרוק וואָס איהר שעהנהייט האָט אויף איהם פון וויטען געמאכט איז יעצט נאָך פיעל שטארקער געוואָרען. ער האָט געפיהלט, אז ער האָט נאָך קיינמאָל ניט געזעהן אזא רייצענדע שעהנהייט און ווען ניט דיא רויט־בלאָנדע האָר וואָס האָבען איהר קאָפּ בעקרוינט וואָלט ער יעצט מיט ערשטוינונג אויס־גערופען דעם נאָמען "עליזאבעט". איהר געזיכט האָט איהם ווירקליך עראינערט אין זיין אמאָליגע כלה, יענע אונגליקליכע מיידעל, וועלכע ער האָט פערלאָזען און פון וועלכע ער ווייסט ביז יעצט ניט וואו זיא איז אהין געקומען. ער האָט זיך דיא גאנצע צייט זאָגאר ניט אינטערעסירט צו פּאָרשען וואָס מיט איהר איז גע־וואָרען, אויב זיא לעבט נאָך אָדער זיא איז שוין לאנג געשטאָרבען.

"אָבער, ניין, האָט ער געדענקט, דאָס מוז בלויז זיין א צופעליגע עהנ־ליכקייט.

— מיין טהייערע עלי, האָט זיך דער פּאשא געווענדעט צו זיין שעהנע יונגע פרוי, וועלכע איז מינדעסטענס מיט 40 יאָהר יונגער פון איהם. ערלויב, איך זאָל דיך פּאָרשטעלען צום קניאז אלעקסאנדער פּאָטעמקין.

דיא רויט־בלאָנדע טירקישע פרוי האָט געמאכט א שטאָלצע קורצע פער־נייגונג וועהרענד איהר מאן האָט ווייטער געשפּראָכען מיט א זעהר פריינדליכען טאָן :

— איך גלויב, אז ס׳איז איבעריג דיר פיעל ערקלעהרונגען צו געבען וועגען

דער בעדייטונג פון דיזען נאָמען, וועלכען דו אליין האָסט היינט איינינע מאָל דערמאָנט, און ניט נור דו, זאָנדערן גאנץ רוסלאַנד רעדט וועגען איהם אלס דעם וואָס האָט זיך אויסגעצייכענט מיט'ן גרעסטען העלדענמוטה אין דער היסטאָריע פון רוסלאנד.

— אָבער, מיין ליעבער פאשא, האָט פּאָטעמקין אויסגערופען. איהר אי־בערטרייבט אביסעל מיין העלדענמוטה —

— ניין, ניין, האָט איהם דיא שעהנע יונגע דאמע אונטערבראָכען. דאָ איז קיין זאך איבערטריבען, דער נאָמען פּאָטעמקין קלינגט איבעראל. איך האָב זאָגאר דעם נאָמען געהערט מיט א יאָהר צוריק, ווען מיר האָבען נאָך געוואָהנט אין קאנסטאנטינאָפּאָל. אמת, אז צו יענער צייט האָט מען וועגען פּאָטעמקין ניט גערעדט אלס פון א קריעגס־העלד, אָבער עטוואָס אנדערעס, אונגעוועהנלי־כעס איז דאן געווען מיט אייער נאָמען פערבונדען. ליידער האָב איך פערגעסען וואָס מען האָט דאמאָלס וועגען אייך אזוי פיעל גערעדט.

פּאָטעמקין איז רויט געוואָרען. ער האָט גוט פערשטאנען וואָס דיא טערקי־שע שעהנהייט מיינט דאמיט. מען האָט נאַטירליך דאמאָלס גערעדט, אז ער איז אויף אָרלאָוו'ס פּלאַץ געוואָרען דער געליעבטער פון דער קייזערין קאטהערינא, א זאך, מיט וועלכע ער קען זיך גאנץ ווייניג בעריהמען, און דיא שעהנע טערקין האָט זיך בלויז געמאכט פערגעסענדיג, אום איהם ניט צו בעליידיגען.

— און נאַטירליך, האָט זיא ווייטער געשפּראָכען, פרייט עס מיך יעצט זעהר דעם העלד פּאָטעמקין פערזענליך צו קענען. אָבער ביטע, נעהמט פּלאַץ, קניאז.

און מיט א גראציעזע האנד־בעוועגונג האָט זיא איהם געציינט אויף א שטוהל ביי איהר זייט. פּאָטעמקין האָט זיך אוועקגעזעצט, אָבוואָהל ער האָט געוואוסט, אז ער דארף אזא זאך ניט טהאָן. ער דארף זיך ניט אריינלאָזען אין איבעריגע בעקאנטשאפט מיט א פרוי וואָס געהערט צו אן אנדערען; ער דארף ניט לאָזען בעצויבערען זיין הארץ וואָס געהערט נור צו דער קייזערין. ער האָט זיך אָבער ניט געקענט בעהערשען און ער איז געבליבען זיצען.

און באלד איז ער געווען פערטיעפט אין א זעהר אינטערעסאנטען געשפּרעך מיט דער שעהנער פרוי. ער האָט פערגעסען, אז דיא קייזערין, זיין געליעבטע קאטהערינא, וועלכע איז שרעקליך אייפערזיכטיג, האָט איהם אהער געשיקט בלויז מיט א קורצע שליחות. ער האָט זיך גאָר ניט ארומגעזעהן וויא שנעל דיא צייט איז אוועק און דאָ האָט זיך דער פאָרהאנג פון דער ביהנע אויפגעהוי־בען און דער צווייטער אקט האָט זיך אָנגעפאנגען.

יעצט איז איהם שוין געווען אונמעגליך צוריקצוגעהן אין דער קייזערליכער לאָזשע. דאָס איז געגען דיא עטיקעטע. וועהרענד דיא פאָרשטעלונג אויף דער ביהנע געהט אן פּאסט ניט ארומגעהן איבער'ן טהעאטער און שטערען דאָס

פובליקום און ער האט דאריבער שוין געמוזט פערבלייבען רוהיג ביז צום ענדע אקט.

ער האט געוואוסט, אז דאס וועט איהם שוין קאסטען א סך געזונד. פאָ־טעמקין האט גוט געקענט דיא קייזערין און ער האט געוואוסט וויא זיא וועט זיך דאריבער ערגערן. און ווירקליך, ווען ער האט א קוק געטהאן אויף דער קייזער־ליכער לאָזשע, האט ער געזעהן, אז קאטהערינא קוקט גאר ניט מעהר אפילו אויף דער גרויסער קינסטלערין וואס שטעהט אויף'ן סטיידזש און אז זיא האלט איהרע אפערא־גלעזער דירעקט געווענדעט צו איהם, וואו ער זיצט דא יעצט מיט דער שעהנער טערקישער דאמע.

דער אלטער מאהאמעד פאשא האט זיך געזעצט גאנץ פון ווייטענס. עס האט אויסגעזעהן, אז ער טהוט עס מיט אבזיכט אום פאטעמקין זאל קענען אונ־געשטערט פיהרען זיין געשפרעך מיט דער יונגער פרוי.

איבריגענס קען אויך זיין, אז דער פאשא וויא געוועהנליך א מאן אין זיינע יאהרען האט געפיהלט מיעד און ער האט דאריבער געזוכט אין א ווינקעלע אביסעל אויסצורוהען זיך.

דיא קייזערין האט דאס געוויס אויך בעמערקט און עס האט פאטעמקין'ען זעהר שטארק פערדראסען פאר וואס ער איז דא געבליבען. אויסער דעם האט אויסגעזעהן, אז דיא רויט־בלאנדע שעהנהייט וויל דורכאויס איהם אריינקריגען אין איהר נעץ. זיא האט איהם כמעט וויא געצוואונגען ער זאל נעבען איהר בלייבען וואס לענגער. זיא האט אויך גאנץ גוט געזעהן וויא דיא קייזערין האט זיך געערגערט, וויא זיא האט קוים אויף איהר שטוהל געקענט איינזיצען און וויא זיא האט אפט געררעדט צום מיניסטער פאנין פערדריסליך, מיט א שרעקליך אויפגערעגטע מינע. אבער דיא שעהנע טערקישע דאמע האט דאביי געשמיי־כעלט מיט גרויס צופריעדענהייט און עס איז דייטליך געווען צו זעהן, אז עס מאכט איהר פיעל פערגעניגען דיא קייזערין צו ערגערען.

און קאטהערינא האט יעצט ווירקליך געברענט פון אייפערזוכט. עס האט זיא שוין פערדראסען דיא גאנצע געשיכטע פאר וואס זיא האט פאטעמקין'ען געשיקט צו יענער פרוי. זיא האט שוין זאגאר געוואלט שיקען דעם מיניסטער פאנין, ער זאל איהם רופען צוריק, אבער זיא האט זיך בעדענקט. אז דאס וואלט געווען זעהר מיאוס, און זיא איז געווען געצוואונגען איהרע שטורעמדיגע גע־פיהלען איינצוהאלטען.

ענדליך איז דער צווייטער אקט געווען געענדיגט און דער פארהאנג איז געפאלען. פאטעמקין האט זיך אויפגעהויבען און האט גענומען אבשיעד פון דער טערקין און פון איהר מאן.

— מיר וועלען זיך היינט נאך ווידער זעהן, האט זיא געזאגט צו פאטעמ־

קין'ען. מיין מאן און איך האָבען ערהאַלטען אַן איינלאַדונג צום באַל אין ווינטער פּאַלאַסט און מיר האָפען, קניאז פּאָטעמקין, אייך דאָרט צו טרעפען.

פּאָטעמקין האָט אַ שאָקעל געטהאָן מיט'ן קאָפּ אלס אַ צייכען פון יא.

— מען האָט מיר אויך אַ טאַנץ־קאַרטע צוגעשיקט, האָט דיא שעהנע פרוי פּאַרטגעזעצט מיט אַ ליעבליכען שמייכעל און האָט דאַביי ארויסגענומען פון איהר ברוסט־טאַש אַן עלעגאַנטע קאַרטע, אויף וועלכער ס'איז געווען אויפגע־דרוקט דאָס בילד פון דער קייזערין מיט אַ גאָלדענע קרוין. דאָס איז אַ נייע מאָדע, פון וועלכער מען ווייסט נאָך ניט זאָגאר אין פּאַריז. מען זאָגט, אַז דאָס האָט אַ געוויסע דאַמע אין לאָנדאָן אויסגעטראַכט. וויא איז אייער מיינונג, קניאז? איז דאָס ניט אַ פיינע קאַרטע?

— זעהר אַ פיינע, האָט פּאָטעמקין געענטפערט אונגעדולדיג און האָט דאַביי אַ בליק געוואָרפען אויף דער קייזערליכער לאָזשע, אָבער דיא שעהנע טערקין האָט, וויא עס שיינט, געוואָלט מיט אַלע מעגליכקייטען נאָך לענגער פּאָטעמקין'ען אָבהאַלטען און זיא האָט ווייטער געשפּראָכען:

— מען דערצעהלט וועגען אַ געוויסע פראַנצויזין, וועלכע איז געווען רייך און קלוג, אָבער זעהר העסליך און זיא האָט דיא ערשטע זיך בענוצט מיט דיזע קאַרטען, אַז יעדע דאַמע זאָל קענען אַנגאַזשירען צום טאַנץ וועלכען הערר זיא וויל; ניט וויא ביז יעצט איז געווען דער סטייל, אַז אַ דאַמע זאָל מוזען זיצען און וואַרטען ביז אַ הערר האָט אויף איהר רחמנות און קומט זיא נעהמען טאַנצען.

"וויא געזאָגט, יענע פראַנצויזין פלעגט ביי אַלע טענץ בלייבען זיצען און דאָס האָט זיא שטאַרק געערגערט. און מערקווירדיג, זיא איז געווען זעהר אַ קלוגע דאַמע! וויא מיינט איהר, קניאז פּאָטעמקין, איז דאָס ניט קאָמיש גענוג, אַז אַ קלוגע דאַמע זאָל זיך ערגערען איבער אַזאַ קליינינקייט, ווארום דיא מענער פערנאַכלעסיגען זיא?

דער קניאז האָט אין פערלעגענהייט ארויסגעשטאַמעלט אַ פּאָר ווערטער. ער האָט געזעהן וויא קאַטהערינא קוקט אויף איהם און אויף דער טערקישער שעהנ־הייט מיט ברענענדיגע בליקען, אָבער זיא, דיא טערקין, האָט, וויא עס שיינט, דערפון געהאַט גרויס פערגניגען און מיט אַ זיסען געלעכטער האָט זיא ווייטער גערעדט:

— קורץ און גוט, יענע פראַנצויזין האָט אַראַנזשירט אין איהר פּאַלאַסט אַ גלענצענדען באַל, ביי וועלכען דיא דאַמען האָבען טאַנץ־קאַרטען. זיא אַליין האָט דאַן אַנגאַזשירט איינעם פון דיא מענער, וועלכען זיא האָט געליעבט, און באַלד האָבען זיי צווישען דיא אַנדערע פּאָארלאַך געשוועבט אין טאַנץ זאַאַל אונטער דיא טענער פון לוסטיגע מוזיק. נאַטירליך האָט זיך דיא זאַך געענדיגט מיט אַ חתונה. דיא קלוגע פראַנצויזין האָט בעקומען דעם מאַן וועמען זיא האָט

געוואָלט, ווייל נאכדעם וויא ער האָט זיא קענען געלערענט, וויא ליעבענסוויר־דיג און גייסטרייך זיא איז, האָט ער זיך אין איהר פערליעבט, טראָץ דעם וואָס זיא איז ניט געווען אזוי שעהן וויא אלע אנדערע.

"אלזאָ, היינט אבענד ביי'ם באל אין ווינטער פּאלאסט דארפען דיא דאמען אנגאזשירען דיא מענער צום טאנצען. זעהט איהר, קניאז, דאָ שטעהט עס אויף דער קארטע געדרוקט.

דאביי האָט זיא איהם געצייגט דיא קארטע און ארויסנעהמענדיג א קליינעם בליישטיפט וואָס איז געווען ארייגעשטעקט אין קארטע האָט זיא געפרעגט מיט א ליעבליכען שמייכעל:

— ווילט איהר אייער נאָמען אויף דער קארטע אויפשרייבען, קניאז? איך ערלויב מיר, אייך צום טאנץ צו אנגאזשירען. איהר זעהט וויא פּארזיכטיג איך בין, איך וויל זיך פּאראוים מיט א קאוואליער בעזאָרגען, ווער ווייס, פיליכט וועט זיך אויף'ן באל ניט געפינען קיין איינציגער וואָס זאָל וועלען מיט מיר געהן טאנצען.

— אָה, מאדאם! האָט פּאָטעמקין אויסגערופען. איהר קענט אויסקלייבען וועמען איהר ווילט און יעדער איינער וועט זיך שעצען גליקליך מיט אייך צו טאנצען.

מיט דיעזע ווערטער האָט פּאָטעמקין גענומען דעם בלייפעדער און האָט אויפגעשריעבען זיין נאָמען אויף דער טאנץ־קארטע פון דער שעהנער טערקישער דאמע. דאן האָט ער איהר געגעבען דיא קארטע צוריק מיט א העפליכער פערנייגונג.

— איך דאנק אייך, האָט זיא געזאָגט, און יעצט קניאז פּאָטעמקין וויל איך אייך לענגער ניט פערהאלטען פון אייער פפליכט, דיא קייזערין ווארט אויף אייך מיט אונגעדולד. צום וויעדערזעהן!

דיא לעצטע ווערטער האָט זיא אויסגעשפּראָכען מיט א הויכען געלעכטער וועהרענד פּאָטעמקין איז רויט געוואָרען אין גרויס פערלעגענהייט.

— מיין מאן וועט אייך בעגלייטען צו איהר מאיעסטעט, האָט זיא געזאָגט ביי'ם אבשיעד, און דער אלטער פּאשא איז אויפגעשטאנען און ביידע מענער זיינען ארוים פון דער לאָזשע.

דיא שעהנע רויט־בלאָנדע דאמע האָט זיך דאן צוריקגעזעצט אויף איהר שטוהל און האָט בעדעקט איהר געזיכט מיט'ן פעכער.

דאָס גרויסע עלעגאנטע פּובליקום אין זאאל וואָלט העכסט ערשטוינט גע־וואָרען, ווען זיי וואָלטען געקענט יעצט א קוק טהאָן אונטער'ן קאָסטבארען פע־כער. דיא שעהנע טערקישע פרוי, וועלכע האָט נור־וואָס געלאכט און געפיהרט מיט פּאָטעמקין'ען א לייכטען פרעהליכען געשפרעך, איז יעצט גאנץ בלאס געוואָר־

רען און צוויי גרויסע טהרערען האָבען זיך ארויסגעקייקעלט פון איהרע שעהנע אויגען.

— מאיעסטעט, האָט פּאָטעמקין געזאָגט, ווען ער איז אריינגעקומען אין איהר לאָזשע מיט׳ן אלטען פאשא, איהר האָט מיר געגעבען א בעפעהל אייך פאָרצושטעלען דעם געוועזענעם גרויס־שאצמייסטער פון סולטאן. מאהאמעד אלי פאשא איז גליקליך פון אייער מאיעסטעט עמפּפאנגען צו ווערען.

דער אלטער פאשא האָט זיך טיעף פערנייגט פאר דער קייזערין, וועלכע איז געזעסען צוטראָגען אויף איהר שטוהל און האָט בעטראכט פּאָטעמקין׳ען מיט פאָרשענדע בליקען. דיא קלוגע קאטהערינא האָט באלד דערקענט, אז פּאָטעמקין איז שרעקליך אויפגערעגט. זיין געזיכט איז געווען רויט, זיינע אויגען האָבען געשפריצט מיט פייער און זיין גאנצער קערפּער האָט געציינגט א מערקווירדיגע נערוועזיטעט.

איין שארפער בליק פון דער קייזערין איז געווען גענוג זיך צו איבערציינגען, אז איהר ליעבלינג איז צוריקגעקומען א גאנץ אנדערער וויא ער האָט זיא פערלאָזען. דאָך האָט זיא שטאָלץ אויפגעהויבען איהר שעהנעם גאָלד־בלאָנדען קאָפּ וועהרענד אויף איהרע ראָזע ליפּען האָט זיך אָבגעשפּיעלט א שמייכעל פון גיפט. דאן האָט זיא זיך געווענדעט צום אלטען מיט א גאנץ געלאסענעם טאָן:

— וויא לאנג וואָהנט איהר שוין אין פּעטערבורג, פאשא?

— זיעט פיער מאָנאטען, מאיעסטעט.

— זיינט איהר געקומען אין פּעטערבורג דירעקט פון טערקיי?

— ניין, מאיעסטעט, איך האָב מיט מיין פרוי א לאנגע צייט פערבראכט אין לאָנדאָן, אין פאריז, אין בערלין און וויען.

— אָבער אייער פרוי ווייזט גאָר ניט אויס וויא א טערקין. אזוי ווייט וויא איך ווייס, טראָגען אלע טערקישע דאמען א שלייער, זאָגאר דאן ווען זיי בעזוכען א טהעאטער. דאָך איז אייער פרוי ליעבענסווירדיג גענוג צו ערשיינען אין פּובליק מיט אן אויפגעדעקטע געזיכט און אלעמען צו צייגען איהר שעהנהייט.

קאטהערינא האָט ביי דיעזע ווערטער געוואָרפען א בליק פון שפּאָט אויף איהר ליעבלינג. פּאָטעמקין האָט ביי דיעזע לעצטע ווערטער אראָבגעלאָזען דיא אויגען פערשעהמט. ער האָט געוואוסט, אז אונטער קאטהערינא׳ס שפּאָטישען בליק ליעגט פערבאָרגען א שטארקער פערדרוס פאר וואָס ער האָט אזוי לאנג פערבראכט מיט א פרעמדע פרוי.

— מאיעסטעט, האָט דער פאשא געענטפערט. עס ערגערט מיך זעהר וואָס מיין פרוי האָט פיליייכט ערוועקט אייער אונגנאדע. אין דער ווירקליכקייט איז זיא ניט קיין געבאָרענע טערקין, זיא שטאמט פון גריכעלאנד, און וויא שעהן איהר געזיכט איז, אזוי איז אויך איהר זעעלע. זיא איז אימער גוט און לוסטיג.

— גוט און לוסטיג מעג זיא געווים זיין ביי אייער זייט. וויא לאנג רעכענט איהר אין פעטערבורג צו פערבלייבען?

— איך האָב בעשלאָסען אין גאנצען צו בלייבען אין פעטערבורג וואָהנען. אין קיין פלאץ אין דער וועלט וואָלט איך זיך ניט בעזעצט מיט אזא פרעהליכען מוטה וויא דאָ אונטער דער מעכטיגער רעגיערונג פון אייער מאיעסטעט. איך וועל מיך שעצען אמת גליקליך צו לעבען אין דיזער רעזידענץ, נאָהענט צו דער גרעסטער מאָנארכין דער וועלט.

קאטהערינא האָט מיט א שמייכעל געציינגט, אז דער קאָמפּלימענט איז ביי איהר אָנגעלייגט, ווייל נאָך אלעמען איז זיא געווען זעהר צופריעדען וואָס דער מיליאָנער, דער רייכער פאשא וויל פערבלייבען אין פעטערבורג. איהר קלוגע פּאָליטיק איז אימער געווען ארייינצוציהען אין רוסלאנד פרעמדע איינוואָהנער מיט גרויסע פערמעגענס און אזעלכע פערזאָנען פלעגט זיא זאָגאר אליין שטיצען, זיא פלעגט זיי געבען געוויסע האנדעלס פריווילעגיען, אום דאמיט דיא אינדוסט־ריע און דאָס רייכטהום פון לאנד בעסער צו ענטוויקלען.

— זעהר שעהן, אלי פאשא, האָב זיא צו איהם געזאָגט און האָט געמאכט א בעוועגונג וויא צו געזעגענען זיך. איך האָף, אז איהר און אייער פרוי וועלען היינט דעם באל בעזוכען. האָט איהר פון גראף פאנין איינלאדונגען ערהאלטען?

— יא, מאיעסטעט, איך בין גליקליך מיט דיזע גנעדיגע ערלויבנים דעם ווינטער־פאלאסט צו בעזוכען.

דער פאשא האָט מיט דיזע ווערטער זיך צוריקגעצויגען און דיא קייזערין האָט באלד ערקלערט, אז זיא וויל דעם טהעאטער פערלאָזען.

— מיין ליעבער קניאז פּאָטעמקין, האָט זיא צו איהם געזאָגט. קומט, איהר וועט מיך בעגלייטען אין ווינטער־פאלאסט.

פּאָטעמקין האָט זיך געהאָרכזאם פערניינגט. ער האָט געוואוסט, אז באלד וועט ער אויף זיך האָבען א שווערען שטורם. פאָהרענדיג אין קארעטע וועט איהם שוין קאטהערינא פּאָרהאלטען פאר וואָס ער איז אזוי לאנג געבליבען אין לאָזשע מיט דער שעהנער דאמע און האָט מיט איהר אזא אינטימען געשפּרעך געפיהרט. און אזוי איז טאקי געווען. באלד וויא ער איז נור אריין אין עקי־פּאזש און דער קוטשער האָט דיא פערד א טרייב געטהאָן, האָט קאטהערינא גלייך אויסגערופען מיט א ליידענשאפטליכע שטימע:

— ענדליך זיינען מיר היינט פאר'ן גאנצען טאָג ווידער אליין, אָבער דיין הארץ געהערט מיר שוין ניט, ניין, לייקען עס ניט אָב. זוך ניט מיך איבערצייגען, אז איך האָב א טעות. דו ליעבסט מיך ניט מעהר וויא אמאָל. ס'איז געווען צייטען, ווען דו ביסט מיר געווען איבערגעבען מיט לייב און לעבען, קיין פרוי אין דער וועלט האָט אויף דיר קיין איינדרוק ניט געקענט מאכען. יעצט אָבער ביסט דו פערטיג אין איין מינוט מיט מיר אָבשלאָגען כפּרות און זיך פערליעבען

אין אן אנדערע. אָה, אלעקסאנדער, איך בין ניט בלינד, איך האָב באלד געזעהן, אז דו ביסט פערליעבט אין יענער שעהנער טערקין. דאָ מוז עטוואָס זיין. פאר וואָס איז יעצט דער אלטער מערדכען־הענדלער געקומען נאָך פעטערבורג? איך זאָג דיר דעם אמת, אז איך גלויב ניט אין דער גאנצער לעגענדע, אז זיא איז זיין ווייב. עס הויבט זיך ניט אָן, ס'איז א ליגען. ווער איז דיעזע פרוי, אלעקסאנ־דער? אָבער,ניין, איך וויל צומאָל איהר נאָמען ניט וויסען. נור דו זאָלסט מיר זאָגען אויב דו געפינסט, אז יענע פרוי איז שעהנער אדער ליעבליכער פון מיר. אלעקסאנדער, וואָס טראכסט דו? זאָג מיר, ווארום ביסט דו מיר אונטריי געוואָרען אין דער צייט ווען איך ליעב דיך בעסער וויא אלעם אין דער וועלט?

קאטהערינא האָט דאָס אלעס אויסגעשפּראָכען האסטיג, אויפגערעגט. און באלד האָט זיא זיך געוואָרפען וויינענדיג אין ווינקעל פון עקיפּאזש און האָט בעדעקט איהר געזיכט מיט'ן טאשען טוך.

— קאטהערינא, מיין געליעבטע, מיין טהייערע נשמה, האָט פּאָטעמקין אויסגערופען. דו טהוסט מיר אונרעכט, איך שווער דיר, אז איך האָב דיעזע פרעמדע היינט צום ערשטען מאָל געזעהן און אז איך האָב מיט איהר געשפּראָכען וועגען גאנץ אונשולדיגע אינטערעסען.

— און דאָס איז וואהר? זאָל איך עס דיר גלויבען? האָט זיא געפרעגט מיט א טאָן פון צווייפעל, אָבער אין נעכסטען מאָמענט איז זיא איהם אויף'ן האלדז געפאלען און דריקענדיג איהם צו איהר ברוסט האָט זיא אויסגערופען:

— ניין, איך ווייס, אז דו קענסט קיין ליגען ניט זאָגען. האָסט מיך נאָך קיינמאָל ניט אָבגענארט — און איך האָב דיר שוין אָפט געמאכט פערדרוס מיט אומזיסטע אייפערזוכט. אָה, געוויס, איך בין דום, נאריש, שלעכט, וויא קומען מיר גאָר אזעלכע געדאנקען אין קאָפּ אריין? איך קען ניט, איך דארף ניט צווייפלען אין דיין ליעבע און אין דיין עדלען כאראקטער. דו וועסט מיך אימער ליעבען. דו וועסט אימער זיין מיינער און קיינמאָל וועסט דו צו אן אנדער פרוי ניט געהערען. אָה, אלעקסאנדער, טהייערער, הייס־געליעבטער מאן מיינער, גיב מיר דיינע ליפּען. איך שטארב נאָך דיינעם א קוש!

וועהרענד זיא האָט אויסגעשפּראָכען דיא ווערטער מיט א ציטערענדע שטימע האָט זיא איהם איינגעשלאָסען אין איהרע אומארמונגען און האָט בע־דעקט זיינע אויגען, זיין שטערן, זיינע ליפּען און זיינע באקען מיט הייסע, ברע־נענדע קוסען.

און פּאָטעמקין האָט דאָ פערגעסען אין אלע אנדערע געדאנקען. דאָס בילד פון דער שעהנער טערקין איז וויא א פאנטאזיע פערפלויגען. ער האָט דיא שעהנע קייזערין דאָך געליעבט. זיין בלוט האָט געקאָכט אין זיינע אָדערען. זיין הארץ האָט געשטורעמט מיט בערוישענדע ליידענשאפט. מיט גליהענדע ווערטער האָט ער פערזיכערט דיא געליעבטע קייזערין, אז ער ליעבט זיא און וועט

זיא עביג ליעבען. קאטהערינא האט זיך דאן פאלשטענדיג איבערציינגט, אז פאַ־טעמקין איז איהרער.

— היינט ביי נאכט, האט קאטהערינא צו איהם געשעפּטשעט מיט געוואל־טיגע אויפרעגונג, זאלסט דו מיך ערוואַרטען אין דיין צימער. איך וועל אוועק־געהן אין מיטען באל. אה, אלעקסאנדער, וויא שווער איז מיר געווען היינט דעם גאנצען טאג פון דיר געשיידט צו זיין און וויא גליקליך, וויא שטאלץ בין איך מיט דיין ליעבע!

דיא קארעטע האט זיך אבגעשטעלט. דיענער אין גאלד־פערציערטע ליוו־רעען זיינען צוגעפלויגען און האבען דיא טיהר געעפענט. פאטעמקין איז צו־ערשט ארויסגעשפּרונגען און דאן האט ער פון קארעטע ארויסגעהויבען דיא קייזרין, וועלכע האט זיך צו איהם צוגעדריקט מיט א זעלטענע ליעבליכקייט.

זיי האבען זיך געשיידעט און ער איז אוועק אין זיינע צימערען. ווען ער איז אריינגעקומען אין קאבינעט, האט ער אראבגעוואָרפען דעם הוט, דיא שווערד און דיא האנדשוה, דאן האט ער אנגעפאנגען ארומצוגעהן הין־און־צוריק איבער'ן צימער שטארק אויפגערעגט.

— וואס איז מיט מיר? האט ער צו זיך אליין געמורמעלט, וואס איז מיט מיר געוואָרען? האט מען מיר אבגעטהאן א מין כישוף? ליעב איך נאך דיא שעהנע קייזערין מיט דער זעלבער ליידענשאפט און מיט דער זעלבער טרייהייט וויא אימער? יא, איך וויים, איך פיהל, אז מיין גאנצע הארץ געהערט נאך יעצט אויך צו איהר און דאך — איך קען מיך אליין ניט בעגרייפען — דאך מוז איך נעגען מיין ווילען דענקען וועגען יענע זאנדערבארע פרוי. יעצט שטעהט שוין ווידער איהר געשטאלט פאר מיר. איהרע גרויסע דונקעלע אויגען דרינגען דורך מיין הארץ מיט זייערע בליקען און איך הער איהר זיסע שטימע. איך קען זיא ניט פערגעסען.

"זאל דאס זיין דאריבער, ווייל זיא איז אזוי שטארק עהנליך צו מיין געווע־זענע כלה? אבער ס'איז דאך בלויז אן עהנליכקייט. האט דען עליזאבעט געהאט רויטע האאר? אויך דער אויסדרוק פון איהר געזיכט איז געווען א גאנץ אנדערער. יעדענפאלס וואס האבען דיא אלע זאכען מיט מיר צו טהאן? אפילו יענע עליזאבעט אליין האט מיך אויך גאנץ ווייניג צו קימערען. זיא האט זיך ארויסגעציינט אלס אן אונווירדיגע פרויענצימער, זיא האט מיך בעטראגען און בעשווינדעלט און איך וואלט זיך סוף כל סוף געמוזט פון איהר ענטזאגען. אה, קאטהערינא, טהייערע געליעבטע מיינע! איך פיהל, אז איך וועל קיינמאל קיין אנדער פרוי ניט קענען ליעבען אויסער דיך!

דאביי איז ער געפאלען אויף'ן דיוואן פערטיעפט אין א גאנצען ים אויפרע־גענדע און ווידערשפּרעכענדע געדאנקען ביז ער האט געפיהלט שרעקליך אויסגעמאטערט און איז איינגעשלאפען.

## 27טער קאַפּיטעל

## דער באַל.

ווען פּאָטעמקין האָט ערוואַכט און אַ קוק געטהאָן אויף׳ן זייגער, איז ער אַ פערציטערטער געוואָרען. ער האָט דערזעהן, אַז ס׳איז שוין באַלד האַלבע נאַכט, צוואַנציג מינוט צו צוועלף. דער באַל האָט זיך שוין געווים אָנגעפאַנגען. און אויב די קייזערין געפינט זיך שוין אויך צווישען די געסט, וועט זי איהם געווים זוכען און האָבען פערדרוס וואָס ער איז ניטאָ. און פּיליכט וועט זי נאָך האָבען אַ פערדאַכט געגען איהם און וועט ווידער מאַכען סקאַנדאַלען אויס אייפערזוכט.

פּאָטעמקין האָט אָנגעקלונגען און ווען דער קאַמערדיענער איז אַריינגעקומען האָט ער איהם געהייסען ער זאָל איהם שנעל העלפען זיך אָנצוקליידען. דער קאַמערדיענער האָט אַלעס ערפילט אַזוי גיך וויא ס׳איז נור געווען מעגליך, אָבער פאַר פּאָטעמקין׳ען האָט עס אויסגעציינט צו לאַנגזאַם. מען האָט געזעהן, אַז זיין אונגעדולד איז יעצט שרעקליך.

ענדליך איז דער יונגער קניאַז פערטיג געווען מיט זיין טואַלעט און ער האָט זיך בעטראַכט אין גרויסען שפּיגעל וואָס איז געווען העל בעלויכטען פון ביידע זייטען. פּאָטעמקין איז מיט זיך אַליין געווען זעהר צופריעדען, ווייל נאָך דעם וויא ער האָט זיך אַביסעל אויסגערוהט, האָט ער יעצט אויסגעקוקט נאָך פיעל שעהנער וויא אימער.

צו עהרע פון זיין קריעגס־קאַמעראַד, קניאַז טרובעצקאָי, האָט ער היינט אָנגעטהאָן אַ מונדיר פון זיין דראַגונער רעגימענט. דער בלויער מונדיר איז געלעגען וויא אויסגעגאָסען אויף זיין ערהאַבענע פיגור. די שמאָלע הויזען מיט די זילבערנע לאַמפּאַסען, אַריינגעשטעקט אין גלאַנציגע הויכע שטיוועל מיט שפּאָרען, די דיקע זילבער שנור אויף דער ברוסט מיט די אַראָבהענגענדע גענעראַל־עפּאָלעטען — דאָס אַלעס האָט איהם אַזוי שעהן געקליידעט, אַז פּאָטעמקין האָט פון זיך אַליין אָנגעקוואָלען.

ער האָט אָנגעטהאָן דעם עהרען־שווערד וואָס די קייזערין האָט איהם געשענקט, דאַן האָט ער אָנגעטהאָן די האַנדשוה און איז שנעל אַרויס פון צימער.

די דיענער און די לאַקייען, די פּאַזשען און די הויפבעאַמטע, וועלכע ער האָט בעגעגענט אויף די טרעפּ, האָבען זיך אַלע פאַר איהם טיעף געבייגט מיט אַ מערקווירדיגען רעספּעקט, אָט ריכטיג וויא ער וואָלט געווען דער קייזער פון רוסלאַנד.

ענדליך האָט מען געמעלדעט זיין נאָמען אין גרויסען זאַאַל, וואו די קייזערין איז געשטאַנען און האָט איהרע געסט עמפּפאַנגען.

ווען זיא האט איהם דערזעהן, האבען איהרע אויגען געשיינט פון פרייד און פערגעניגען און אלע אנוועזענדע האבען עס בעמערקט.

קאטהערינא האט באלד געגעבען א סיגנאל דער באל זאל זיך אנפאנגען. דער אבער־צערעמאָניען־מייסטער איז צוגעגאנגען צום יונגען קניאז און האט איהם געמעלדעט, אז איהר מאיעסטעט לאדעט איהם איין צום ערשטען טאנץ, מיט וועלכען דער באל דארף אפיציעל ערעפענט ווערען.

דאס איז געווען אן עהרע וואס קיינער האט נאך ביז יעצט ניט געהאט. דורך דער גאנצער צייט פון איהר רעגיערונג האט קאטהערינא קיינמאל אליין ניט אנטהייל גענומען אין אירגענד וועלכע טענץ ביי דיא בעלער וואס פלעגען פארקומען אין ווינטער־פאלאסט און קיינמאל האט זיא ערלויבט יעמאנדען זיא צו פיהרען ביי'ם ארם. זאגאר דעם מעכטיגען גראף ארלאוו אין דער צייט פון זיין גרויסקייט האט זיא דאס קיינמאל ניט ערלויבט. זיא פלעגט אימער בלייבען זיצען אויף איהר טהראן און בלויז צוזעהן דיא טענץ פון ווייטענס.

און דאס מאל האט זיא פאר איהר ליעבלינג געמאכט דיא ערשטע אויס־נאהמע. דורך דיא רייהען פון דיא געסט האט זיא געהערט אן איבערראשענדע שושקעריי, ווען מען האט דערפון ערפאהרען.

דיא שעהנע קייזערין איז באלד פון איהר שטוהל אויפגעשטאנען און איז צוגעגאנגען צו פאטעמקין'ען און האט אריינגעלייגט איהר ארם אין זיינעם.

באלד האט דיא מוזיק אנגעפאנגען שפיעלען און דער גרויסער זאאל איז פול געווארען מיט זיסע טענער פון א בריליאנטענעם מארש וואס דער קאפעל־מייסטער האט פערפאסט ספעציעל פאר דיעזען אבענד.

אלע פאארלאך האבען זיך אויסגעשטעלט אין א רייהע. פאראויס איז גע־שטאנען קאטהערינא אנגעלעהנט אויף פאטעמקין'ס ארם. אין דעם מאמענט איז ווירקליך געווען שווער צו בעשטימען וועך פון זיי איז שעהנער. דיא קייזע־רין האט געשיינט אין איהר שטאלצע שטראהלענדע שעהנהייט און פאטעמקין האט אויסגעזעהן וויא א שעהנעס בילד וואו א גרויסער מאהלער שטעלט פאר דיא ליעבענסווירדיגע קרעפטיגע יוגענד.

דיעזע צוויי שעהנהייטען האבען זיך געשטעלט אן דער שפיצע פון דער גלענצענדער פראצעסיאן, דער צערעמאניען־מייסטער מיט זיין גאלדענעם שטע־קען איז געגאנגען פאראויס און האט געפיהרט א בעוואוסטען טאנץ אונטער'ן נאמען "פאלאנעז" און באלד האבען זיך אלע אנגעפאנגען צו בעוועגען נאך'ן גרויסען טאנץ־זאאל.

דיא פרעכטיגע קליידער, דיא ראזע געזיכטער און דיא אויסגעבלייזטע ארמס און העלדזער, דיא גלענצענדע מונדירען, דיא ארדענס, דיא בריליאנטען, דאס גאלד, דער ווייסער מארמאר פון זאאל — דאס אלעס צוזאמענגעגאסען מיט שטראהלענדע בעלייכטונג האט איינפאך דיא אויגען פערבלענדעט.

ווען דיא פּאַלאַנעזע איז געווען געענדיגט, האָט קאטהערינא נעהייסען איהר געליעבטען ער זאָל זיא פיהרען אין בעוואוסטען פערלמוטער זאאל, וואו דיא קייזערין עמפּפאנגט נור דיא העכסטע פּערזאָנען. דאָרט זעצט זיא זיך אויף א הויכען שטוהל און דיא געסט, וועלכע זיא וויל זעהן און רעדען מיט זיי, ווערען אריינגערופען דורך'ן צערעמאָניען־מייסטער.

פּאָטעמקין איז געשטאנען נעבען איהר שטוהל און ביי אלע געשפּרעכען וואָס זיא האָט געהאט מיט דיא עמפּפאנגענע געסט האָט זיא זיך ביי יעדען צופאל געווענדעט צו פּאָטעמקין'ען נאָך א מיינונג, אום אלע זאָלען זעהן וויא האָכגע־שעצט ער איז ביי איהר.

ווען זיי זיינען געבליבען אויף אייניגע מינוטען אליין, האָט זיא צו איהם גערעדט אזוי זיס און צארט וויא א מוטער צו א געליעבטע קינד. אין אלגעמיין האָט זיא זיך מיט איהם היינט אזוי בענומען גראדע וויא ער וואָלט געווען איהר געזעצליכער מאן און זיא קען עפענטליך צייגען איהרע פערהעלטעניסע צו איהם.

זיא האָט געוואָלט אלע זאָלען זעהן, אז זיא ליעבט איהם און אז זיא ווערט אויך פון איהם געליעבט.

ענדליך איז אריינגעקומען א יונגער אָפיציער, וועלכען דער צערעמאָניען־מייסטער האָט אריינגעפיהרט און האָט געזאָגט צו דער קייזערין:

— אייער מאיעסטעט האָט בעפאָהלען דעם מאיאָר זובאָוו אריינצופיהרען, דאָ האָט ער דיא עהרע אייך צו בעגריסען.

קאטהערינא האָט דיא לעצטע צייט דיעזען שעהנעם יונגען אָפיציער אויס־געצייכענט. זיא האָט איהם שוין געגעבען דיא ראנגע פון מאיאָר און האָט איהם שוין אויך בעשטימט אין איהר לייב־גוואַרדיע.

— אָה, האָט דיא קייזערין אויסגערופען מיט א פריינדליכען טאָן, ווען ער האָט זיך פאר איהר פאָרגעשטעלט, דער איינציגער איבערגעבליבענער פון אָרענ־בורג!

און ערשט יעצט איז פּאָטעמקין עטוואָס מעהר אויפמערקזאם געוואָרען אויף דיעזען אָפיציער. ער האָט אויסגעזעהן זעהר יונג, וויא א שעהנער אינגעל, א זעלטענער חן האָט אויף איהם גערוהט. אָבער דיא אויגען האָבען געצייגט, אז אין הארצען איז ער א פאלשע בריאה.

— מיין ליעבער אלעקסאנדער, האָט קאטהערינא געזאָגט צו פּאָטעמקין'ען. איך ווייס ניט אויב דו ביסט שוין נעהענטער בעקאנט געוואָרען מיט פּלאטאָן זובאָוו, אָבער דו געדענקסט דאָך געוויס יענע שטונדע פון אונזער אבענד, ווען איך האָב דיך געשטעלט אן דער שפּיצע פון מיין ארמעע אום נעגען פיינד אין שלאכט צו געהן. דאמאלס האָט פּלאטאָן זובאָוו געבראכט דיא שרעקליכע נאכ־ריכט פון אָרענבורג. ער איז דער איינציגער סאָלדאט וואָס איז פון דאָרט לעבעדיג ארויסגעקומען.

— עס פרעהט מיך מיט אזא בראווען יונגען אָפיציער בעקאנט צו ווערען. האָט פּאָטעמקין גענענטפערט. און עס מאכט מיר אויך פערגעניגען צו זעהן, אַז הערר זובאָוו איז בעלאָהנט מיט דער קייזערליכער גנאדע פאר זיינע שווערע, מיהעפאָלע טעג אין אָרענבורג.

זובאָוו האָט זיך העפליך פערנייגט פאר'ן העלד פון רוסלאנד און האָט בעמערקט:

— און איך שעץ זיך גליקליך נעהענטער בעקאנט צו ווערען מיט'ן בעריהמ־טען ליעבלינג פון אונזער פאָלק, מיט דעם יעניגען וועמען אונזער אלגנע־דיגסטע קייזערין שענקט איהר בעסטען צוטרויען. איך וועל זעהר שטאָלץ זיין, ווען קניאז פּאָטעמקין וועט מיר ערלויבען זיין האנד צו דריקען.

מיט אַן אָפענהערציגע פריינדליכקייט האָט איהם דער אדעלער פּאָטעמקין גערייכט זיין האנד, וועלכע דער יונגער אָפיציער האָט אָנגענומען מיט א מינע פון טיעפע דאנקבארקייט.

— אויסגעצייכענט! האָט דיא קייזערין אויסגערופען מיט פערגעניגען. איך וויל איהר זאָלט ביידע ווערען גוטע פריינד און אום דאָס זאָל וואָס שנעלער געשעהן, וועל איך מאָרגען אונטערשרייבען א בעפעהל אז מאיאָר פּלאטאָן זובאָוו איז ערנאנט אלס אדיוטאנט פון קניאז פּאָטעמקין. איך האָף, אז דאמיט וועט איהר ביידע זיין צופריעדען.

— יא, מאיעסטעט, האָט פּאָטעמקין גענענטפערט. איך בין צופריעדען פון גאנצען הארצען.

— און איך, האָט זובאָוו אויסגערופען. איך דאנק אייער מאיעסטעט פיר דיעזע נייע גנאדע.

דאן האָט ער זיך געווענדעט צו פּאָטעמקין'ען און האָט געזאָגט:

— וואשע סיאטעלסטוואָ (אייער דורכלויכט), מאָרגען אין דער פריה וועל איך זיך שטעלען צו אייער בעפעהל.

דיא קייזערין האָט אויסגעשטרעקט זובאָוו'ען איהר האנד, אויף וועלכער דער יונגער אָפיציער האָט מיט עהרע־פורכט זיינע ליפען געדריקט און דאן האָט ער זיך צוריקגעצויגען.

דאמיט האָט זיך דער עמפּפאנג געענדיגט און דיא קייזערין האָט געגעבען א צייכען צו עפענען דיא טיהרען פון שפייזע זאאל. דיא טראמפּעטען האָבען אויסגעשאלט א סיגנאל, אז עס פאנגט זיך אָן דער אבענד מאָל־צייט, און דיא געסטע האָבען זיך פאָר־ווייז געצויגען צו דיא געדעקטע טישען וואָס זיינען געווען סערווירט מיט טהייערסטע וויינען און שפייזען און אלעס לרוב כיד המלך.

דער עהרליכער גלאנץ פון דיא זילבערנע און גאָלדענע געשיר, גלעזער און פלעשער פון עכטען קריסטאל, טעלער פון כינעזישען פארפאָר און דיא טישעז

בעקראנצט מיט בלומען — דאס אלעס האט פארגעשטעלט א פראכטפאלעס בילד.

הינטער יעדען פון דיא גאלדענע שטוהלען איז געשטאנען א דיענער אין א רויטע סאמעטענע ליווערע רייך בעפוצט מיט גאלד און יעדער פון זיי איז געווען בערייט צו בעדיענען דיא געסט מיט דער גרעסטער פינקטליכקייט.

דיא קייזערין אליין האט קיינמאל ניט געגעסען ביי'ם זעלבען טיש מיט איהרע געסט. פאר איהר איז אוועקגעשטעלט געווארען אין מיטען פון א האלב־רונדען קרייז א בעזונדערער קליינער טישעל, דארט פלעגט זיא זיצען גאנץ אליין און פיהרען לעבהאפטע געשפרעכען, יעדען פון דיא געסט בעעהרען מיט א פאאר ווערטער. אפט מאל פלעגט זיא אויך זאגען א שארפען וויץ און דורכוואָרפען א קריטישע בעמערקונג אויף יעמאנדען וואס האט זיך ניט געוואוסט וויא צו בענעהמען.

היינט איז דער קייזערליכער טיש געווען געגרייט פאר צוויי פערזאן. דיא אנוועזענדע האבען זיך ניט געוואונדערט. עס האט שוין איינמאל געטראָפען, אז קאטהערינא האט געמאכט אן אויסנאהמע פאר איהר ליעבלינג און צו־זאמען מיט איהם געגעסען ביי איהר בעזונדער טיש. דאך האט פאטעמקין אין זיין בעשיידענהייט זיך ניט ערלויבט דאס צו טהאן אהן איהר עקסטרא איינלא־דונג. אויך יעצט האט ער צוגעפיהרט דיא קייזערין צו איהר שטוהל און האט זיך שוין געוואלט צוריקציהען, אבער קאטהערינא האט איהם אבגעהאלטען פאר'ן האנד און האט געזאגט הויך, אלע זאלען הערען:

— ניין, מיין פריינד, איהר זיינט היינט מיין קאוואליער פאר'ן גאנצען אבענד. זעצט זיך ביי מיין טיש.

צווישען דיא צוויי סערוויזען ביי'ם טיש איז געווען קונסטפאל אראנזשירט א גרויסער בלומען טאפעל, אויף וועלכען עס איז געווען אויסגעפלאכטען דער נאמען "קאטהערינא" פון ראזען, מיט א קרוין איבער'ן נאמען, דאן איז געווען מיט ליליען דורכגעפלאכטען דער נאמען "אלעקסאנדער" דורך'ן נאמען פון דער קייזערין.

קאטהערינא האט זיך אזוי פערגעסען, אז זיא האט אייגענהענדיג בעדיענט איהר ליעבלינג. זיא האט איהם אליין דערלאנגט פערשיעדענע שפייזען און האט איהם צוגערעדט ער זאל עסען און טרינקען. אפט מאל האט זיא אליין אנגעגאסען זיין בעכער און איהר בעכער וויין און האט צו איהם אליין געטרונ־קען לחיים.

צווישען דיא געסט ביי'ם טיש איז געזעסען דער שווארצער גראף ארלאָוו און דיעזער פערהאסטער פיינד האט אפט געוואָרפען פרעכע בליקען אויף'ן יונגען קניאז. ער האט עס געטהאן אזוי אפען, אז א סך פון דיא געסט האבען עס בע־

מערקט. פאטעמקין אליין האט עס אויך בעמערקט און ער האט קוים געקענט בעהערשען זיין כעס. ער איז געווען פערטיג אויפצושפרינגען און פאדערן פון דיעזען באנדיט דין וחשבון פיר זיין אונאנשטענדיגע בענעהמונג. דאך האט ער זיך געמוזט צוריקהאלטען אום אין דער אנוועזענהייט פון דער קייזערין און איהרע געסט קיין סקאנדאל ניט צו מאכען.

דער מאהלצייט איז שוין געווען באלד צו ענדע. מען האט שוין דערלאנגט צו דיא טישען שעהנע טארטען צום דעסערט. קאטהערינא האט אויפגעבראכען איהר טארט און האט מיט גרויס ערשטוינונג אין איהם בעמערקט א צוזאמענגעוויקעלטען פאפיער.

— אלעקסאנדער, האט זיא צו איהם שטילערהייד געזאגט, זעה, וואס פיר א זאנדערבארע ענטדעקונג איך האב דא געמאכט. אין מיין טארט שטעקט א בלאט פאפיער.

— אום גאטעס ווילען, קאטהערינא, האט ער זיך אבגערופען דערשראקען, לייג אוועק דעם טארט, עס ניט, פיעלייכט איז דער פאפיער פערגיפטעט.

— ניין, מיין ליעבער, האט זיא געענטפערט מיט א שמייכעל, קיין גיפט איז דא זיכער ניטא. איך בין איבערצייגט, אז יעמאנד האט אויף דיעזער ארט מיר אריינגעשיקט א פראשעניע, א ביטשריפט. לאז נור זעהן וואס אויף'ן פאפיער איז געשריבען, דאן וועלען מיר קענען פערשטעהן, אויב דא שטעקט א בייזע אבזיכט אדער א שעהנער איינפאל.

דיא קייזערין האט ארויסגענומען פון דעם צוזאמענגעוויקעלטען פאפיער א בלאט און האט אנגעפאנגען צו לעזען. אין דער זעלבער צייט האט זיך פאטעמקין צוגעבויגען מיט'ן קאפ נעהענטער און האט עס אויך געלעזען.

עס זיינען בלויז געווען איינינע צייליען, וועלכע זיינען בעשטאנען אין פאלגענדען:

"מאיעסטעט, דיא אונטערזוכונג האט בעוויעזען, אז דער אונגליק אין ארענבורג איז געשעהען נור דאריבער, ווייל דער קאמאנדאנט קניאז דאשקאוו איז געווען א פייגלינג. אבער יעצט איז דיא רייד ניט וועגען איהם, נור וועגען אן אונגליקליכע וואס האט פון איהם שרעקליך געליטען. דאס איז זיין געוועזענע פרוי, קניאגיניא אלגא, וועלכע אייער מאיעסטעט האט פערורטהיילט און איבערגעגעבען אין זיין טיראנישע מאכט.

"מאיעסטעט, דיא אונגליקליכע געפינט זיך יעצט נאהענט פון אייך און זיא ווארט נור אויף איין וואונק אום ביי אייערע קייזערליכע פיס צו קניען און גנאדע צו בעטען. אויב אייער מאיעסטעט האט וועט געוויירדיגט דיעזע פרוי מיט פריינדליכקייט — און מען ווייסט אז קניאגיניא אלגא איז ווירקליך געווען ביי אייך טהייער — דאן קענט איהר געברויכען דעם שעהנסטען רעכט

פון א הערשערין, דיא אונשולדיגע וואס האט שוין אזוי פיעל געליטען צו בעגנאדיגען. א פריינד פון דער אונגליקליכער".

דיא קייזערין איז א ווייל שטיל געבליעבען, פערטיעפט אין ערנסטע מחשבות, דאן האט זיא זיך געווענדעט צו פאטעמקין'ען און האט ביי איהם געפרעגט:

— וויא מיינסט דו, מיין ליעבלינג? איז עס דען ניט אלעס וואהר וואס אין דיעזער פראשעניע איז געשריבען? איך האב דאמאלס ווירקליך צו שנעל געהאנדעלט מיט מיין אורטהייל געגען דער אונגליקליכער אלגא און איך קען מיר פארשטעלען וויא דער אלטער טיראן האט זיך דאמיט בענוצט אום דיא אונגליקליכע צו פייניגען.

— איך גלויב אויך און בעט זאגאר, האט פאטעמקין געזאגט, דו זאלסט דיא קניאגיניא אלגא בעגנאדיגען. זיא האט גענוג געליטען און עס איז ניט מעהר וויא רעכט מען זאל איהר צוריק אבגעבען איהר טיטול און איהר פערמעגען.

— דיא גיטער פון קניאז דאשקאוו זיינען קאנפיסקירט, איך האב גאר גערעכענט דיעזע גיטער דיר אוועקצושיינקען.

— וויא באלד אזוי, געליעבטע קייזערין, פערלאנג איך פון דיר דורכאוים מען זאל דיא גיטער צוריק אבגעבען צו דער קניאגיניא אלגא דאשקאוו.

— דו גוטער, איינציגער אלעקסאנדער! האט קאטהערינא אויסגערופען ווארפענדיג אויף איהם א ליעבליכען בליק, איך ווייס ווירקליך ניט וואס איך זאל אין דיר מעהר ליעבען, דיין מענליכע שעהנהייט אדער דיין ערדלע הארץ. איך וועל דיין וואונש ערפילען און מארגען וועט פובליצירט ווערען, אז פירסטין אלגא דאשקאוו איז בעגנאדיגט.

דיא קייזערין האט זיך אויפגעהויבען פון איהר שטוהל וואו זיא איז געזעסען. דאס איז געוועזען א צייכען, אז דער מאהלצייט איז געענדיגט. דיא געסטע האבען אנגעפאנגען ארויסצוגעהן און באלד האבען זיך געהערט דיא טענער פון מוזיק וואס האט גערופען צום מאנצען.

— איך וועל יעצט געהן אין מיינע צימערען, האט קאטהערינא געזאגט צו פאטעמקין, מיר וועלען זיך נאך דיעזע נאכט זעהן, מיין געליעבטער, וויא שפעט איז יעצט?

— א פיערטעל צו איינס, האט פאטעמקין געענטפערט א קוק געבענדיג אויף זיין זייגער.

— גוט, דו פערבלייב נאך אונגעפעהר א שטונדע ביי'ם באל, דער עולם זאל ניט האבען וואס צו רעדען, אז מיר זיינעןביידע גלייך אוועקגעגאנגען. דאן זאלסט דו אוועק אין דיינע צימערען. אין א פאר מינוט נאך צוויי וועל איך זיין ביי דיר און מיר וועלען אביסעל שמועסען.

דאביי האָט זיא איהם צוגעוואָרפען א צערטליכען בליק און דאן איז זיא דורך א זייטיגע טיהר ארויסגעגאנגען צו איהרע פריוואט צימערען.

ערשט ווען דיא קייזערין איז ארויסגעגאנגען, האָט זיך דער באל אָנגעפאנגען לעבעדיג און לוסטיג וויא עס געהער צו זיין. געוועהנליך אין דער געגענווארט פון קאטהערינא'ן האָט מען ניט געקענט ארויסציינען אזוי פיעל פרייהייט און באלד וויא זיא איז נור ארויס פון זאאל איז געוואָרען א לעבעדיגע וועלט, דיא קאוואליערען און דיא דאמען האָבען זיך געפיהלט פריי צו געניסען אלע פערגעניגען וואָס מען קען אין אזא אונטערהאלטונג געניסען.

פּאָטעמקין איז אויך אריינגעגאנגען אין טאנץ-זאאל און ערשט יעצט האָט ער זיך דערמאָנט אין דער שעהנער טערקישער דאמע, וועלכע ער האָט געגעבען א שריפט, אז ער וועט מיט איהר דיעזע נאכט טאנצען.

זיין הארץ האָט ווידער אָנגעפאנגען צו שטורמען מיט א מערקווירדיגען געפיהל פון ליעבע און ליידענשאפט. ער האָט זיא געזוכט מיט דיא אויגען צווישען דיא געסט, אָבער זיא איז ניט געווען. פּאָטעמקין איז געגאנגען אין דיא זייטיגע צימערען וואו עס זיינען געווען אויסגעשטעלט אלערליי ערפרישונגען און אלערליי וויינען, טאָמער וועט ער זיא דאָרט געפינען, אָבער אויך דאָרט איז זיא ניט געווען.

ענדליך ווען ער איז פערבייגעגאנגען דעם קאבינעט וואָס געפינט זיך ביי'ם אינדישען זאאל, האָט ער מיט אמאָל דערהערט פון אינוויינינג א פערצווייפעלטען געשריי פון א פרויען-שטימע:

— לאָזט מיך אָב, גראף אָרלאָוו! אוועק פון מיר, זאג איך אייך, איהר ניעדערטרעכטיגער מענש! אָה, איהר ווילט מיך פערגוואלטיגען? הילפע! רעטעט מיך! מענשען, קומט אריין!

אין'ם ציטערנדען טאָן, מיט וועלכען דיא שטימע האָט געקלונגען, האָט פּאָטעמקין דערקענט, אז דאָס איז דיא שעהנע יונגע טערקישע דאמע, וועלכע ער זוכט יעצט. ער איז צוגעפאלען צו דער טיהר און האָט זיא געוואָלט עפענען, אָבער באלד האָט ער געזעהען, אז דיא טיהר איז פון אינוויינינג פערשלאָסען. אין דער זעלבער צייט האָט ער געהערט וויא אָרלאָוו האָט אויסגערופען מיט א פער'שיכור'טען קול:

— אָה, שעהנע טירקין, דו האָסט וואהרשיינליך נאָך מיין נאָמען ניט געהערט, דו ווייסט ניט, אז ס'איז פאר דיר אן עהרע, ווען דער בעריהמטער גראף וויל מיט דיר נאָהענטע פריינדשאפט שליסען. גיב מיר א קוש, שעהנע פרוי, און איך שווער דיר, אז דו וועסט האָבען אלעס וואָס דיין הארץ קען נור גלוסטען, דו וועסט —

— איהר זיינט א געמיינער, ניעדערטרעכטיגער באנדיט, האָט דיא טירקין געשריען, איהר זיינט א ווילדע חיה, אָהן עהרע, אָהן געוויסען.

— דערפאר בין איך א מענש מיט א גרויסען געפיהל פיר שעהנהייט, האט דער שיכור'ער גראף געשטאמעלט, און איך פערשטעה דאריבער וויא צו שעצען דיין שעהנע, ליעבליכע געזיכט — קום.

ביי דיעזע ווערטער איז ער אבגעהאקט געווארען. דיא פערשלאסענע טיהר האט א ציטער געטהאן פון א געוואלטיגען שטויס מיט א פוס און אין דעם זעלבען מאמענט איז דיא גאנצע טיהר צושמעטערט געווארען און פאטעמקין איז וויא א וואהנזיניגער אריין אינוועניג און כאפענדיג ארלאוו'ען פאר'ן קאלנער האט ער אויסגערופען מיט א דונער־טשימע:

— דו שענדליכער פרויען־רויבער! דאס איז דיין העלדענמוטה? איך וועל דיר ווייזען וויא צו בעפאלען אויף אנשטענדיגע דאמען!

און מיט דיעזע ווערטער האט איהם פאטעמקין דערלאנגט אזא קרעפטיגען שטויס פון זיך, אז דער שווארצער גראף האט זיך איבערגעקייקעלט און איז אוועקגעשליידערט געווארען צום צווייטען ענד פון צימער. באלד אבער איז ער אויפגעשפרונגען וויא א שלאנג, וועלכען מען האט אנגעטראטען אויף'ן גיפטיגען צאהן, און וועהרענד זיין געזיכט איז טויט־בלאס געוועז פון צארן, האט ער ארויס־געכאפט זיין שווערד און האט אויסגערופען:

— אויף דיעזער געלעגענהייט האב איך לאנג געווארט. איך האב שוין לאנג ארויסגעקוקט צו רעדען מיט דיר אווארט מיט'ן שווערד אין האנד. א פרויען־רויבער רופסט דו מיך און וואס ביסט דו אליין? האסט דו דען ניט דער קייזע־רין'ס הארץ פון מיר אוועקגערויבט? ארויס מיט'ן שווערד! איך פאדער דיך אויף צום דועל, דו קליינער, געמיינער יונג!

— זעהר שעהן, איך בין פערטיג! האט פאטעמקין געזאגט און מיט דער שנעלקייט פון א בליץ האט ער ארויסגעכאפט זיין שווערד אום זיך צו פערמהיי־דיגען געגען ארלאוו'ען וואס איז שוין אויף איהם בעפאלען מיט א רציחה פון אן אויפגערעגטען טיגער.

דיא שעהנע טירקין איז אויפגעשפרונגען א פערציטערטע און ווארפענדיג זיך צווישען ביידע קעמפפענדע מענער האט זיא אויסגעשריען:

— הערט אויף! אום גאטעס ווילען, הערט אויף! אה, פאטעמקין, איך וויל ניט, אז צוליעב מיר זאלט איהר זיך שטעלען אין אזא געפאהר. איך בעט אייך, איך בעשווער אייך מיט אלעם וואס ביי א מענשען איז הייליג און טהייער, איהר זאלט דעם קאמפף אבלאזען.

— טרעט צוריק, יונגע דאמע, האט פאטעמקין געזאגט מיט א געלאסענעם טאן, איך בעט אייך, שטעלט זיך ניט אין געפאהר. איינע פון אונזערע שווערדען קען אייך נאך טרעפען. אה, דו באנדיט! האט ער זיך געווענדעט צו ארלאוו'ען, דו ווילסט דורכשטעכען מיין ברוסט? איך וועל דיך גיכער טויטען וויא דו מיך, זיי זיכער —

און דריי מאָל האָט פּאָטעמקין אָנגעגריפען דעם ריעזען־שטארקען אָרלאָוו׳ן, אָבער דער שווארצער גראף האָט יעדעס מאָל בעוויזען דעם אנגריף פון זיין געג־נער אזוי געשיקט אָבצואוועגדען, אז ער איז געבליבען ניט פערוואונדעט.

דער קלאנג פון דיא שווערדען, דיא געשרייען און דער געוויין פון דער טיר־קין איז באלד דערהערט געוואָרען אין טאנץ־זאאל. אין א האלבע מינוט שפּע־טער איז דער קאָרידאָר פול געפּאקט געוואָרען מיט נייגיעריגע צושויער.

— מען דארף שיקען אָנזאָגען דער קייזערין, האָבען זיך געהערט קולות פון צווישען דיא געסט. אין נאָמען פון איהר מאיעסטעט, לאָזט אָב, צוגעהט זיך! אין קייזערליכען פּאלאסט איז ניט דער ארט דועלען צו פיהרען.

— ער מוז שטארבען! האָט אָרלאָוו געשריען א צוקאָכטער, שוין לאנג האָס איך איהם וויא מיין ערגסטען טויט־פיינד. איך בין אויך בערייט צו שטאר־בען אבי איך זאָל נור קענען איהם אוועק׳הרג׳ענען וויא א משוגענעם הונד! יא, קניאז פּאָטעמקין, דו האָסט זיך דיעזען טיטול ערוואָרבען נור דאצו, אז ער זאָל זיין אויפגעשריעבען אויף דיין מצבה. דו וועסט זיין דער ערשטער און דער לעצטער פון דיין קניאזשעסטוואָ.

מיט דיעזע ווערטער איז אָרלאָוו וויעדער בעפאלען פּאָטעמקין׳ען, וועלכער האָט געפיהלט, אז זיינע קרעפטען האָבען אָנגעפאנגען שוואכער צו ווערען. אָר־לאָוו איז ווירקליך געווען א שרעקליכער געגנער און א מערקווירדיגער העלד צו קעמפּפען מיט׳ן שווערד.

— גרויסער גאָט! האָט דיא טירקין געיאָמערט, איך זעה, אז זיינע קרעפ־טע ווערען שוואכער. איך בעט איך, קניאז פּאָטעמקין, אויב איהר האָט מיך כאָטש עטוואָס ליעב, ווארפט אוועק דיעזען קאמפף!

— איך קען ניט, עס האנדעלט זיך אום מיין עהרע!

— שטעהט דען אייער לעבען ניט העכער? האָט זיא געשטאמעלט. און ווען איך וועל אייך זאָגען, אז אייער לעבען איז ביי מיר טהייערער פון מיין איי־גענעם לעבען, וועט דאָס זיין גענוג פאר אייך?

— וואָס — וואָס מיינט איהר דאמיט? וואָס בעדייטען אייערע ווערטער?

— מיינע ווערטער בעדייטען, אז איך בין ניט קיין טירקין, איך בין קיינמאָל ניט געווען פערהייראטה מיט מאהאמעד אלי פּאשא. איך בין עליזאבעט וואָ־ראָנצאָוו, דיין כלה עליזאבעט, וועלכע האָט דיך אימער טריי געליעבט און וועט דיך ליעבען ביז צו איהר לעצטע שטונדע.

פּאָטעמקין האָט פון גרויס איבערראשונג געמאכט אן אונפּאָרזיכטיגע בע־וועגונג און מיט דיעזען מאָמענט האָט זיך זיין געגנער אָרלאָוו בענוצט. איין אויגענבליק איז גענוג געווען, אז ער זאָל איהם קענען געבען א שרעקליכען קלאפּ מיט׳ן שווערד.

פּאָטעמקין איז מיט א יאָמערליכען אויסגעשריי געפאלען צו דער ערד.

אָרלאָוו׳ס שווערד האָט איהם געטראָפען ביים לינקען אויג און א שטראָם בלוט האָט זיך ארויסגעגאָסען איבער׳ן געזיכט פון׳ם יונגען קניאז.

— געטראָפען! האָט דער שווארצער גראף אויסגערופען מיט א טייפליכע פרייד. איך האָב איהם בעזיעגט! אהא, יעצט פאלט ער א צוקאליעטשעטער. ער וועט בלייבען א בלינדער אויף זיין גאנצען לעבען. אָה, דאָס איז מיין ראכע, אלעקסאנדער פּאָטעמקין, א ראכע וואָס וועט פאר דיר זיין ערגער וויא דער טויט. א קריפּעל זאָלסט דו זיין, א מיאוסער קריפּעל און דאן וועסט דו אויך פון דיין הויכקייט אראָבגעשליידערט ווערען צוריק אין דעם "נישט" פון וואנען דו ביסט ארויסגעקראָכען.

מיט א העסליכען ברוטאלען געלעכטער איז דער שווארצער גראף ארויס פון צימער לויפענדיג שנעל צווישען דיא געסט וואָס זיינען געשטאנען און האָבען דיא גאנצע טראגעדיע צוגעזעהן.

עליזאבעט האָט זיך געזעצט אויף׳ן פלאָר ביי׳ם געפאלענעם העלד. זיא האָט זיין קאָפּ אוועקגעלייגט אויף איהר שויס און האָט געטרייעט מיט איהר זייערענעם טאשען־טוך אָבצוהאלטען דאָס בלוט וואָס איז געפלאָסען איבער זיין שעהנע פערוואונדעטע געזיכט.

— אָה, מיין געליעבטער! האָט זיא געמורמעלט, מיין איינציגער טהייערער מאן, דיך זאָל אזא לומפּ בעזיעגען! אָה, גאָט אין הימעל, איז דאָס מעגליך, אז דער גלאנץ פון דיעזע שעהנע, ליעבע אויג זאָל אויף עביג פערלאָשען ווערען? ניין, אזוי גרויזאם קען דער שיקזאל געגען דיר ניט זיין!

פּאָטעמקין האָט שוין ניט געהערט דיא ליעבליכע שטימע און ער האָט שוין אויך ניט געפיהלט דיא שמערצען פון דער געפעהרליכער וואונד, ער איז שוין געלעגען בעוואוסטלאָז.

אין דעם מאָמענט איז געוואָרען א שושקעריי צווישען פּובליקום אין קאָרידאָר און איינער צום צווייטען האָט געשעפּטשעט:

— מאכט פּלאַץ פאר איהר מאיעסטעט, דיא קייזערין קומט!

דערשראָקען ביז צום טויט, בלאַס וויא א לייכע האָט זיא זיך ארומגעקוקט וויא וואהנזיניג. זיא האָט קיין פראגע קיינעם געשטעלט און מיט גרויס פערצווייפלונג איז זיא געפאלען אויף דיא קניע ביי׳ם פערוואונדעטען און האָט אויסגערופען מיט א יאמער:

— אָה, מיין ליעבלינג, מיין אלעקסאנדער, וואָס איז געשעהן? בלוט! גרויסער גאָט! דו ביסט פערוואונדעט און אין אויג! ווער האָט דאָס געטהאָן?

דיא לעצטע ווערטער האָט קאטהערינא געדונערט וויא אן אויפגערייצטע טיגערין, ביי וועלכע מען האָט איהר קינד אוועקגענומען. זיא האָט ווידערהאָלט איהר פראגע נאָך אמאָל, אָבער קיינער האָט איהר ניט געענטפערט.

עליזאבעט האָט זיך צוריקגעצויגען נאָך בעפאָר דיא קייזערין איז אריינגע־

קומען אין צימער. עליזאבעט האָט אין איהר גרויסען טרויער ניט פערגעסען, אז זיא דארף זיך ניט לאָזען זעהן אין אזא מאָמענט, ווייל דאָס קען נאָך שאדען פּאָטעמקין׳ען.

פּאָטעמקין האָט נאָך אימער ניט געוואוסט, אז יעצט האָבען צוויי אנדערע ווייבע פרויען הענד זיין קאָפּ ארומגענומען. ער איז געבליבען אין קאטהערינא׳ס שוים מיט געשלאָסענע אויגען און זיין ברוסט האָט שרעקליך שווער געאָטהמעט.

דיא קייזערין האָט געוויינט און גענאָסען מיט טרעהרען איבער איהר הער־צענס־געליעבטען און עס זיינען פּאַראיבער אייניגע מינוט ביז זיא איז אים שטאנד געווען ווידער א וואָרט צו רעדען.

דאן אָבער האָט זיא זיך אויפגעהויבען און דיעזעס מאָל האָט איהר שטימע געקלונגען ניט מיט א פראגע, נור מיט בעפעהל פון א מעכטיגע הערשערין, מיט׳ן ראכע־געפיהל פון א בעליידיגטע פרוי, ביי וועמען מען האָט דעם טהייערסטען אויף דער וועלט גערויבט.

— איך וויל וויסען ווער דאָס האָט געטהאָן. ענטפערען זאָל מען מיר! דער יעניגער וואָס וויים און וויל עס ניט זאָגען וועט בעשטראָפט ווערען גראדע וויא דער וואָס האָט עס געטהאָן.

אין דעם מאָמענט איז גראף פאנין, דער ערשטער מיניסטער, ארוים פון צווישען דעם פּובליקום. ער האָט אויך געזעהען וואָס דאָ איז פּאָרגעקומען צום לעצטען מאָמענט, ווען עס איז שוין געווען צו שפּעט דיעזע שרעקליכע טראגעדיע אויסצומיידען.

— מאַיעסטעט, האָט ער געזאָגט מיט א טיעף בעטריעבטע הארץ, איך מוז אייך מעלדען, אז דער שולדיגער איז גראף אָרלאָוו, ער איז בעפאָלען דעם קניאז פּאָטעמקין, וועלכער האָט זיך געמוזט פערטהיידיגען. נאָך מעהר איז אָרלאָוו שולדיג דאמיט וואָס ער האָט זיך ערלויבט צו שטערען דעם פריעדען אין קייזער־ליכען פּאלאסט. לײדער בין איך געקומען צו שפּעט, גראדע אין דעם מאָמענט, ווען ער האָט דעם קניאז פערוואונדעט.

— און דעם דאָקטאָר!? ווארום האָט מען ביז יעצט נאָך ניט געשיקט נאָך מיין לייב־דאָקטאָר?

ווירקליך האָט מען אין דער מהומה דערפון נאָך גאָר ניט געטראכט, אָבער קאטהערינא האָט ניט קוקענדיג אויף איהר גרויסען טרויער ניט פערגעסען וואָס איז נויטיג צו טהאָן. און ביי׳ם ערשטען וואָרט וואָס זיא האָט אויסגעשפּראָכען איז איינער פון דיא דיענער אוועקגעלאָפען רופען דעם דאָקטאָר. דער מיניסטער פאנין האָט צו גלייכער צייט געשיקט רופען אָרלאָוו׳ען, ניט װארטענדיג אויף׳ן בעפעהל פון דער קייזערין, וועלכע האָט זיך דערווייל אליין גענומען אָבצוהאלטען דאָס בלוט פון פּאָטעמקין׳ס וואונד.

עס האָט לאנג ניט גענומען און אָרלאָוו׳ס אויפגערעגטע פינסטערע גע־

שטאלט האָט זיך בעוויעזען אין טיהר. אלע געסט זיינען פון איהם אָבגעשפּרונ־גען וויא פון א פערפּעסטעטען. יעדער האָט פערהאסט און פערדאמט דעם שענדליכען באנדיט. דיא קייזערין האָט אויף איהם געוואָרפען א ווילדען, אויפ־גערעגטען בליק און האָט ביי איהם מיט א ציטערנדע שטימע געפרעגט:

— וויא האָט איהר זיך געקענט ערלויבען דאָס צו טהאָן?

— ווייל איך האָב דאצו א רעכט געהאט, האָט ער געענטפערט מיט עזות. דיעזער מאן האָט מיך בעליידיגט.

— שווייגט! האָט קאטהערינא געדונערט און האָט זיך אוועקגעשטעלט נעגען איהם מיט'ן שטאָלץ פון איהר מאכט און הערשאפט, איהר וועט ענטפע־רען דאן ווען מען וועט אייך נעהמען אין געריכט צו משפט'ען פאר אייער פער־ברעכען. מיניסטער פאנין, האָט ז״א זיך געווענדעט צום ערשטען מיניסטער, נעהמט אָב ביי גרעגאָר אָרלאָוו דעם שווערד!

אָרלאָוו'ס געזיכט איז געוואָרען שווארץ וויא דיא ערד פון כעס. איין מינוט האָט עס אויסגעזעהן, אז ער וויל דיא קייזערין אויך בעליידיגען אין דער אנוועזענהייט פון אלע פּראָמינענטע געסט, אָבער גראף פאנין, וועלכער האָט פון אימער אָן אָרלאָוו'ען פיינד געהאט וויא דעם טויט, איז יעצט צוגעגאנגען צו איהם און האָט מיט א קאלטען געלאסענעם טאָן געזאָגט:

— גיט מיר אָב אייער שווערד, גראף אָרלאָוו.

אָרלאָוו האָט א קוק געטהאָן אויף'ן מיניסטער מיט א מינע פון א רוצח, אָבער דער גראף פאנין האָט זיך פאר איהם וועניג וואָס דערשראָקען און האָט נאָך אמאָל ווידערהאָלט זיין פערלאנג מיט אן ערנסטען, בעפעהלענדען טאָן:

— אייער שווערד פערלאנג איך אויף'ן בעפעהל פון איהר מאיעסטעט!

— גיב אָב דיין שווערד, האָט צו איהם שטילערהייד געזאָגט זיין ברודער אלעקסיי. אונגליקליכער, דו ווילסט אונז אלע אונגליקליך מאכען?

אָרלאָוו האָט אראָבגענומען זיין גאָלדענעם שווערד, דעם זעלבען וואָס דיא קייזערין האָט איהם אמאָל געשענקט און האָט איהם איבערגעגעבען צום גראף פאנין.

— און יעצט, גרעגאָר אָרלאָוו, האָט קאטהערינא געזאָגט, וועהרענד זיא האָט נאָך אימער געהאלטען אין איהר אומארמונג דעם פערוואונדעטען געליעב־טען, יעצט זאָלט איהר געהן אהיים און פערבלייבען אין אייערע צימערען, אין הויז־ארעסט, ביז איך וועל וועגען אייך וויטערע בעפעהלע ארויסגעבען.

— איך — אן ארעסטאנט? האָט אָרלאָוו געברומט.

— יא, איהר אן ארעסטאנט, האָט דיא קייזערין געענטפערט, פאָרלויפיג נאָך אין אייער הויז, אָבער עס וועט נאָך קומען א צייט ווען איהר וועט זיין גע־פאנגען אנדערסוואו.

אָרלאָוו האָט זיך געביסען דיא ליפּען ביז'ן בלוט. זיין ריעזען־געשטאלט

איז דורכגעציטערט געוואָרען וועהרענד זיין ברודער אלעקסיי האָט איהם אָנגע־נומען פאר'ן האנד און ארויסגעפיהרט פון פאלאסט.

נעכסטען מאָמענט איז געקומען דער אידישער לייב־דאָקטאָר פון דער קייזערין, אברהם בענרובען. דיא קייזערין איז איהם אנטקעגען געלאָפען און אויס־שטרעקענדיג איהם דיא האנד האָט זיא געבעטען:

— דאָקטאָר, מיין פריינד, מיין בעראטהער, אויב איהר זייט מיר ווירק־ליך וועלט געווען טריי און דאנקבאר, דאן זאָלט איהר אָנווענדען אייער גאנצע קונסט. זעהט וואָס מען האָט געמאכט פון מיין אלעקסאנדער, זעהט וואָס פון איהם איז געוואָרען דורך א ווילדע געוואלד־טהאט. זיין אויג, דאָקטאָר, זיין אויג איז פערוואונדעט דורך דעם שפּיץ פון א שווערד.

— בארמהערציגער גאָט! האָט אויסגערופען דער דאָקטאָר מיט א טיעף־בעוועגטע שטימע זיך איינבויגענדיג צו דעם פערוואונדעטען. אָה, דער ערעלער, שעהנער מאן! יא, דאָס איז א שרעקליכע טהאט! דאָך לאָזט מיך זעהן, מא־יעסטעט, לאָזט מיך זעהן וואָס עס איז מעגליך צו טהאָן, פיליייכט קען מען נאָך זיין אויג רעטען.

— ארויס פון דאנען, ארויס אלע! האָט בעפאָהלען דיא קייזערין צו דיא אנוועזענדע. געהט אייך אין גרויסען זאאל און לאָזט מיך אליין מיט דעם דאָק־טאָר. אויב דיא געפאהר וועט זיך בעווייזען גרויס, דאן זאָל גאנץ רוסלאנד, דאָס גאנצע פאָלק טרויערען צוזאמען מיט זייער קייזערין.

דיא גאנצע געזעלשאפט איז ארויסגעגאנגען און צוזאמען מיט זיי אויך דיא פערשטעלטע עליזאבעט. זיא האָט לענגער ניט געטאָרט פערבלייבען אין דיעזען צימער וואו זיא איז ביז יעצט געשטאנען אין א ווינקעלע.

אך, זיא האָט אין איהר יונגען לעבען שוין אזוי פיעל געליטען; זיא האָט דיא פורכטבארסטע אונגליקען איבערגעטראָגען, אָבער יעצט ליידעט זיא נאָך שרעקליכער וויא צו אירגענד וועלכע פריהעריגע צייט. זיא זעהט איהר גע־ליעבטען חתן, אָבער זיא טאָר צו איהם ניט צוגעהן. ער איז פערוואונדעט, זיין לעבען איז פיעלייכט אין געפאהר, אָבער איהם וועט פפלעגען און שיצען אַן אנדערע, יענע האלט איהם אין איהרע אומארמונגען און זיא מוז איהם פע־לאָזען.

דיא לעצטע איז זיא ארויס פון צימער און מיט א הארץ פול פון פינסטערניס און טרויער איז זיא געבליבען אין צווייטען צימער אום צו הערען וואָס דער דאָק־טאָר וועט זאָגען. א לענגערע צייט איז דאָרט גאנץ שטיל געווען, וואהרשיינ־ליך איז דער דאָקטאָר בעשעפטיגט געווען דיא וואונד צו אונטערזוכען. ענדליך האָט עליזאבעט געהערט וויא דיא קייזערין פרעגט:

— דאָקטאָר, ווארום שפּרעכט איהר ניט? אָה, מיין גאָט, איך שטארב דאָך פון אונגעדולד צו הערען וואָס איהר וועט מיר זאָגען.

— איך קען אייך נאָר אזוי פיעל זאָגען, מאַיעסטעט, האָט געענטפּערט דער דאָקטאָר, אז דאָס לעבען פון דעם יונגען קניאז וועט פיעלייכט מעגליך זיין צו רעטען. ווען דער שפּיץ פון דעגען וואָלט אריינגעדרונגען נור מיט איין האַלבען צאָל טיעפער אין קאָפּ, וואָלט דער רעטער פון פאַטערלאַנד שוין געוועזען טויט.

— אָה, גאָט! האָט געיאָמערט קאטהערינא, ווענגען דעם האָב איך גאָר ניט געדאכט, אז דער טויט זאָל מיין ליעבלינג אוועקרויבען, דאָך זאָגט מיר, דאָס אויג, זיין טריי־געליעבטע אויג —

— דיא לינקע אויג פון קניאז פּאָטעמקין איז וואהרשיינליך פערלאָרען, האָט דער דאָקטאָר געענטפערט טרויעריג. איך צווייפעל זעהר אויב עס וועט מעגליך זיין דיעזע אויג צו רעטען. איבריגענס קען מען דאָס נאָך יעצט ניט בעשטימען ביז מען וועט דיא וואונד אויסוואשען און דיא געשוויר וועט אָבגעהן.

איידער דער דאָקטאָר האָט נאָך דיעזע לעצטע ווערטער געענדיגט, האָט זיך שוין הינטער'ן טיהר געהערט א דומפּפער פאַל. עליזאבעט איז געפאַלען אין אָהנמאכט. דיא קייזערין און דער דאָקטאָר האָבען דאָס ניט געהערט און זיינען גאָר דארויף ניט אויפמערקזאם געוואָרען.

אויך דער קייזערין האָט דער אויסשפּרוך פון דאָקטאָר געטראָפען וויא מיט א דונער אין קאָפּ. איינינע מינוטען איז זיא געזעסען וויא א סטאטוע און האָט זיך פון אָרט ניט געקענט ריהרען. בלויז דער שוידער אויף איהר בלאַסען געזיכט האָט געצייגט, אז זיא לעבט. דאן אָבער האָט זיך פון איהרע אויגען אר.יסגעגאָסען א שטראָם טרעהרען וואָס האָט בעשפּרענקעלט דיא פערוואונדעטע געזיכט פון איהר געליעבטען.

— מיין אָרימער אלעקסאַנדער, האָט זיא געיאָמערט פערצווייפעלט, וועסט דו ווירקליך נור מיט איין אויג קענען קוקען אויף דיין קאטהערינא? אָבער מיין ליעבע צו דיר וועט איבער דעם אויף א האָאר ניט שוואכער ווערען. איך וועל דיך אטענדען און היטען, מיין טהייערער, ביז דו וועסט געזונד ווערען און ווען דו וועסט אלעס איבערשטעהן, ווען דו זאָלסט זאָגאר דיין אויג פערליערען, וועל איך פאר דיר מיטביידע אויגען זעהן, איך וועל דיך בעשיצען פון אלע דיינע פיינדע.

מיט אמאָל איז דיא קייזערין אויפגעשפּרונגען און צוזאמענקרעמפּפענד.ג דיא פויסטען פון איהרע צארטע ליעבליכע הענטעלאך, האָט זיא אויסגערופען מיט א ברענענדען כעס:

— אָבער יענעם באנדיט, דעם מערדער וואָס האָט מיין אלעקסאנדער אין אזא לאגע געבראכט, איהם וועט טרעפען מיין ראכע. ווען ער וואָלט מיך בעליידיגט אין מיין אייגענעם כבוד וואָלט איך איהם נאָך געקענט פערצייהען, אָבער דערפאר וואָס ער האָט אויסגעשטרעקט זיין פערדאמטע האנד געגען דעם טהייערסטען און ליעבסטען פון מיין הארצען — אָה, דערפאר וועל איך געפינען

א שווידערליכע שטראפע. גרעגאָר אָרלאָוו האָט זיך דאמיט אליין זיין אייגענעם קבר געגראָבען.

— מאיעסטעט, האָט זיך דער דאָקטאָר אָנגערופען, איך בעט אייך, בע־הערשט אייער צאָרן און אייער יאָמער. עס איז יעצט העכסט נאָטהווענדיג דעם שווער פערוואונדעטען אוועקצולייגען אין א בעט, איך מוז זאָפאָרט דיא וואונד גוט אויסרייניגען. עס איז זעהר מעגליך, אז דער שפיץ פון'ם שווערד, מיט וועלכען אָרלאָוו האָט איהם געשטאָכען, איז געוועזען אונריין, דאן קען דער פאַל זיין זעהר שלעכט.

—אָה, דאָקטאָר, טהוט אלעס וואָס דיא מעדיצינישע וויסענשאפט פאָדערט און מאכט מיין אלעקסאנדער'ן געזונד. איך וועל עס רעכענען נאָך מעהר וויא איהר וואָלט דאָס אלעס טהאָן פאר מיר אליין. קענט איהר מיר ווירקליך קיין בעשטימטע האָפנונג ניט געבען, אז זיין אויג וועט זיין געראַטעט?

— אז ער זאָל דאמיט קענען זעהן? דאָס איז ווירקליך שווער צו האָפען. דאָס בעסטע וואָס מען קען ערוואַרטען איז, אז מען זאָל דאָס אויג ניט דארפען ארויסנעהמען, עס זאָל בלייבען, אָבער דיא זעהע־קראַפט וועט עס ניט האָבען. אָבער מען קען קיין זאַך אין אזעלכע פעלע ניט פערזיכערען, מאיעסטעט. ס'איז אן אויג און דאָס איז זעהר אן עדעלע זאַך.

— אָט געה איך אליין רופען א פּאָאר דיענער, האָט קאַטהערינא געשטאַ־מעלט, זיי זאָלען דעם קניאַז אוועקטראָגען אין זיינע צימערען. אָה, זעהט נור וויא בלאַס ער איז, מיין אָרימער אלעקסאנדער!

— פערליערט קיין צייט, מאיעסטעט, זיינע שמערצען וועלען נאָכלאָזען אזוי גיך וויא איך וועל איהם נור זיין וואונד אויסוואשען.

קאַטהערינא איז שנעל ארויסגעלאָפען און לויפענדיג איבער'ן צווייטען צימער שנעל צום קאָרידאָר, האָט זיא זיך אָנגעשלאָגען אין א מענשען וואָס איז געלעגען בעוואוסטלאָז אויף'ן קאָרפעט.

— וואָס איז דאָס? האָט זיא זיך אליין געפרעגט ערשטוינט. א פרוי — אין אונמאכט — אָה, דאָס איז דיא שעהנע יונגע פרוי פון'ם אלטען פּאַשאַ! אָבער וואָס זאָל דאָס בעדייטען? איהרע וואונדערשעהנע רויטע האָאר פון קאָפּ זיינע אראָבגערוקט — זיא האָט גאָר אלזאָ געטראָגען א פּארוק....

קאַטהערינא האָט זיך איינגעבויגען און האָט בעטראַכט דיא אונמעכטיגע פרוי מיט נייגעריגע בליקען. באלד אָבער איז דער קייזערין'ס געזיכט בע־דעקט געוואָרען מיט א שווערען וואָלקען און אין איהרע אויגען האָט זיך בע־וויזען א פייער פון שרעקליכען האַס און צאָרן.

— ס'איז זיא — עליזאַבעט וואָראָנצאָוו, דיעזע קללה פון מיין לעבען. נאָך לעבט זיא? אָה, דיעזע שלאַנג, זיא האָט זיך גאָר פערשטעלט אום צו מיין אלעקסאנדער נעהענטער צו קומען און איהם פון מיר אוועקצורייסען. אָה,

יעצט פערשטעה איך אלעס. זיא איז געווען ביי דער טראגעדיע, וועלכע איז נאך פיעלייכט אין גאנצען איבער איהר ארויסגעקומען און יעצט הערענדיג דעם אויסשפרוך פון דאקטאר איז זיא אין אונמאכט געפאלען.

— אלזא, ביזט דו יעצט ווידער אריינגעפאלען אין מיינע הענד, עליזא־בעט וואראנצאוו? אבער מעהר זאלסט דו זיך פון מיינע הענד ניט ארויסדרע־הען א לעבעדיגע. און דער אלטער וואס רופט זיך פאשא און גיט זיך ארויס אלס איהר מאן איז אויך א בעטריגער. אויך מיט איהם וועל איך זיך אברעכע־נען — און דאס זאל נאך דיעזע נאכט געשעהען.

קאטהערינא איז ארויס אין קארידאר און אויף איהר בעפעהל זיינען באלד צוגעלאפען אכט לאקייען.

— צוויי פון אייך, האט זיא בעפאהלען, זאלען נעהמען דיעזע פרוי, וועל־כע ליעגט דא און זיא ערגיץ איינשליסען אין א בעזונדער צימער און מען זאל זיא בעוואכען ביז מיינע וויטערע בעפעהלע. און דיא איבריגע זעקס, געהט און ברענגט בעט־געוואנד און טראגט איבער דעם קניאז פאטעמקין אין זיין שלאף־צימער. מאכט עס אבער זעהר פארזיכטיג און זייט געהיט וויא מעגליך.

דיא זעקס לאקייען זיינען אוועק זייער ארבייט צו טהאן און דיא איבעריגע צוויי האבען זיך גענומען אויפצוהויבען דיא אונמעכטיגע עליזאבעט. וויסענ־דיג אז זיא איז איינע פון דיא געסט וואס זיינען געווען געלאדען צום קייזער־ליכען באל האבען זיי זיך מיט איהר זעהר צערטליך בענומען. אבער קאטהערינא האט אויסגערופען מיט צארן:

— שלעפט זיא אוועק, זאג איך אייך, און מאכט נים מיט איהר קיין איבע־ריגע צערעמאניעס. נעהמט זיא אן פעסט און אויב זיא וועט ערוואכען און שרייען, זאלט איהר איהר פערשטאפען דאס מויל.

דיא לאקייען האבען דיא ארימע עליזאבעט אוועקגעשלעפט. באלד זיינען געקומען דיא אנדערע זעקס לאקייען וואס האבען געבראכט א טראג־בעטעל מיט בעט־געוואנד און אונטער דער פערזענליכער אויפזיכט פון דער קייזערין האט מען גאנץ פארזיכטיג ארויפגעלייגט דעם פערוואונדעטען פאטעמקין און אוועק־געטראגען אין זיינע צימערען.

דיא קייזערין האט נאך פריהער געשיקט רופען באראן פאסעק, דעם גע־נעראל־גובערנאטאר פון פעטערבורג, און יעצט ווען מען האט איהר געמעלדעט, אז ער איז געקומען, איז זיא אוועק אין איהר קאבינעט. אויף איהר בעפעהל איז פאסעק אריינגעקומען. א פערציטערטער איז ער געווען, ווייל ער האט גע־וואוסט, אז יעדעס מאל ווען דיא קייזערין רופט איהם, כאפט ער פון איהר א שווארצען סוף.

— באראן פאסעק, האט זיא אויסגערופען, ניט ענטפערענדיג אויף זיין פערנייגונג, איך האב אימער געגלויבט, אז איהר זיינט אן אינטעליגענטער, עהר־

ליבער מאן, יעצט אָבער זעה איך, אז איהר זיינט ענטוועדער א שארלאטאן אָדער א דומקאָפּ.

— מאיעסטעט, האָט ער געשטאמעלט.

— שווייגט! האָט דיא קייזערין געדונערט, איך וועל אייך באלד בעווייזען אז דאָס איז ריכטיג. זאָגט מיר ווער איז דיא רויט־בלאָנדע דאמע, וואָס וואָהנט שוין א פּאָר מאָנאטען אין מיין קרוין־שטאָדט? און ווער איז דער אלטער פּאשא? זיי זיינען היינטביידע איינגעלאדען געוואָרען אין קייזערליכען טהע־אטער און דאן צום באל אין ווינטער פּאלאסט. ווער זיינען זיי? וואָס זיינען זיי?

— מאיעסטעט, דיא דאמע איז א טירקין און דער אלטער, איהר מאן איז מאהאמעד אלי פּאשא, דער געוועזענער שאצמייסטער פון סולטאן און דער רייכסטער מאן פון טערקיי.

— זעהר אינטערעסאנט. און פון וואנען ווייסט איהר דאָס?

— איך האָב געזעהן דיא פּאפּיערען פון'ם אלטען פּאשא.

— און פון דיעזע פּאפּיערען, האָט קאטהערינא געשריען מיט צאָרן, האָט איהר ארויסגעלעזען אייער דומהייט און אייער אונפעהיגקייט. איך וועל אייך בעסער זאָגען ווער דיא לייטע זיינען. קודם זיינען זיי גאָר ניט קיין מאן און פרוי. און דער אלטער בעטריעגער הייסט ניט מאהאמעד אלי פּאשא, נור — אָבער ווער ער איז וויל איך איהר זאָלט אליין ערפאהרען און דאביי זאָלט איהר מיר צושטעלען א בעריכט וואָס האָט איהם בעוועגען צו דיעזען שענדליכען בע־טרוג אום דיא בעוואוסטע עליזאבעט וואָראָנצאָוו צו אונטערשטיצען?

— וואָראָנצאָוו??

דער אָרימער פּאסעק איז א פערציטערטער געוואָרען.

— מאיעסטעט! גאָט איז מיט אייך! האָט ער אויסגערופען איבער־ראשט. איהר קענט דאָך ניט דענקען, אז דיעזע טירקין איז עליזאבעט וואָ־ראָנצאָוו?

— געוויס קען איך עס ניט דענקען, אָבער איך ווייס עס פּאָזיטיוו. איך בין ניט אזוי דום וויא איהר. זיא איז דיא זעלבע עליזאבעט וואָראָנצאָוו, וועלכע איהר קענט אזוי גוט וויא איך.

— אָה, דאן לויף איך שוין זיא ארעטירען!

— ניט נויטיג. דאָס האָב איך שוין אָהן אייך בעזאָרגט. אייך אָבער גיב איך דעם בעפעהל איהר זאָלט זאָפאָרט געהן צום זאָגענאנטען פּאשא אין הויז, איהם ארעטירען און אויסגעפינען ווער ער איז אין דער ווירקליכקייט. איך ערווארטע פון אייך א ריכטיגען אנטוואָרט נאָך דיעזע נאכט. צו גלייכער צייט זאָלט איהר בעזאָרגען, עס זאָל פערטיג זיין א טראנספּאָרט נאָך סיביר פּאר דריי פערזאָן.

— פאר דריי פערזאָן? האָט פאסעק געשטאמעלט דערשראָקען. ס'איז נאָך דאָ א דריטער פערברעכער? קען איך פיעלייכט וויסען דעם נאָמען פון דיעזען דריטען פערברעכער? מען מוז דאָך איהם ארעטירען.

— וועגען דעם זאָלט איהר אויך ניט זאָרגען. געהט און ערפילט מיין בעפעהל.

בארא̈ן פאסעק האָט זיך פערנייגט און איז ארויסגעגאנגען. ווען דיא טיהר איז אונטער איהם געשלאָסען געוואָרען, האָט קאטהערינא מיט א בייזען געלעכ־טער אויסגערופען:

— דו האָסט עס שוין לאנג פערדיענט, דו אלטער לומפּ. ער וועט געווען ערשטוינט ווערען, ווען ער וועט ערפאהרען ווער דער דריטער פערברעכער איז.

באלד האָט מען אָנגעקלאפּט אין טיהר. א דיענער איז אריינגעקומען און האָט געמעלדעט דער קייזערין, אז דער קניאז האָט ערוואכט פון אונמאכט און פערלאנגט זיא צו זעהן. פערגעסען האָט אין דיעזען מאָמענט קאטהערינא אלעס מיט וואָס זיא האָט זיך בעשעפטיגט. זיא האָט זאָגאר פערגעסען אין עליזאבעט וואָראָנצאָוו און אין דעם אלטען פאשא. זיא איז מיט דער שנעלקייט פון א בליץ ארויסגעלאָפען פון צימער און מיט א ליעבליכען צערטליכען טאָן האָט זיא גערעדט צו זיך אליין:

— איך געה צו דיר, מיין נשמה, מיין קרוין, איך לויף און וועל דיך אליין בעדיענען ריכטיג וויא איך וואָלט זיין אן איינפאכע דיענסט. קיין זאך איז מיר ניט שווער צו טהאָן פאר דיר, מיין ליעבער אלעקסאנדער.

ווען קאטהערינא איז אריינגעגאנגען אין פּאָטעמקין'ס שלאָף־צימער, וואו ער איז געלעגען אויף זיין זיידענע בעטציג, בלאס מיט א באנדאזש אויף'ן לינ־קען אויג, איז צוערשט דער דאָקטאָר בענרובען איהר אנטקעגען געקומען און האָט געמעלדעט:

— וויא עס שיינט, וועט נאָך פיעלייכט מעגליך זיין דאָס אויג צו רעטען. יעדענפאלס קען איך שוין אזוי פיעל גאראנטירען, אז אויב דיא זעהע־קראפט זאָל אפילו זיין צושטערט, וועט פון דעסטוועגען דער קניאז דאָס אויג ניט פער־ליערען און עס וועט גאָר ניט קענטיג זיין, אז דאָס אויג איז א בלינדע.

קאטהערינא האָט אויפגעהויבען דיא הענד צום הימעל און מיט הייסע פריידענס־טרעהרען האָט זיא אויסגערופען:

— אך, גאָט, איך דאנק דיר!

* * *

אין א פראכטפאָל אויסגעשטאטעטען קאבינעט אין א גרויסע הויז אין איינע פון דיא הויפּט גאסען פון פעטערבורג, איז צו דער זעלבער צייט געזעסען דער אלטער מאהאמעד אלי פאשא, פערטיעפט אין לעזען א בוך. ער האָט גאָר ניט בעמערקט, אז דער זייגער האָט שוין געשלאָגען צוויי נאָך האלבע נאכט.

ענדליך האָט ער ארויסגענומען זיינע אויגען פון בוך און האָט זיך ארומגע־קוקט וויא פון א טרוים ערוואכט. דאן האָט ער א בליק געוואָרפען אויף'ן זיי־גער און האָט אָנגעפאנגען אונרוהיג ארומצוגעהן איבער'ן צימער.

— שוין נאָך צוויי אוהר, האָט ער געמורמעלט צו זיך אליין, נאָך איז זיא ניט צוריקגעקומען פון'ם באל, וואוהין איך האָב זיא געלאָזען געהן מיט א זעהר שווערע הארץ. אָבער זיא האָט אזוי דורכאויס געוואָלט, זיא האָט בעשלאָסען זיך פריהער צוזאמענצוקומען מיט פּאָטעמקין'ען ער זאָל זיא ניט דערקענען, זיא זאָל האָבען דיא מעגליכקייט צו ערפאהרען אויב ער איז נאָך ניט אין גאנצען פערדאָרבען, אויב זיא קען נאָך האָפען זיין הארץ ווידער צו געווינען.

— דיעזע יונגע קריסטין, האָט ער גערעדט צו זיך זעלבסט, איז מערקוויר־דיג קלוג און בעזיצט א נשמה וואָס איז לויטער וויא פיין זילבער. אין א לע־בען פון גלאנץ און לוקסוס איז זיא געבליבען ריכטיג אזוי בעשיידען וויא פריי־הער אין אָרימקייט. דיא מיליאָנען, דיא ברילאנטען און דיא רייכע קליידער האָבען ביי איהר גאָר קיין ווערטה ניט. אָה, גאָט אין הימעל, וויא גליקליך וואָלט איך געוועזען, ווען מיין טאָכטער וואָלט נור בעזיצען העלפט פון איהר גוטען עדעלען כאראקטער.

דער אלטער האָט זיך ווידער אוועקגעזעצט און אין זיינע אויגען האָט זיך בעוויזען אן אויסדרוק פון טרויער און שמערצען, וועהרענד ער האָט ווידער גערעדט צו זיך אליין:

— יא, אין איהר, אין דיעזער פרעמדער קריסטין האָב איך געפונען אן אנדער טאָכטער אנשטאָט מיין אייגענע קינד וואָס איז פאר מיר פערלאָרען אויף עביג. אָלגא וואָלט קיינמאָל צו מיר ניט געוועזען אזוי גוט, אזוי ליעבליך און אזוי צערטליך וויא זיא. און גראדע אזא ליעבע קינד זאָל מוזען אזוי פיעל ליידען! יא, ווען פּאָטעמקין זאָל אפילו פערלאָזען דיא קייזערין און צוריקקעהרען צו איהר, וועט ער מיט'ן גאנצען לעבען פון ליעבע און דאנקבארקייט ניט קענען גוט מאכען דאס וואָס ער האָט געגען איהר געזינדיגט.

דער אלטער האָט זיך א וויילע פערטראכט, דאן האָט ער אָנגעקלונגען און א קאמערדיענער איז אריינגעקומען און האָט מיט גרויס רעספּעקט געפרעגט וואָס דער פּאשא פערלאנגט.

— געה אריין צו מיין וויב'ס קאמער־פרוי און ווער געוואר, אויב מיין וויב איז שוין געקומען.

דער קאמערדיענער איז ארויסגעגאנגען און איז באלד צוריקגעקומען מיט דער נאכריכט, אז דיא יונגע פרוי איז נאָך ניטאָ צו הויז. דער אלטער איז נאָך מעהר אונרוהיג געוואָרען.

— אום גאָטעס ווילען, וואָס זאָל דאס בעדייטען? האָט ער געשטאמעלט. מעגליך, אז דאָרט האָט עטוואָס פּאסירט. פיליייכט האָט מען זיא דערקענט?

אויב קאטהערינא זאָל ערפאהרען ווער זיא איז, דאן איז עליזאבעט פערלאָרען און איך אויך צוזאמען מיט איהר. איך האָב פריהער געוואוסט, אז דיא געפאהר איז זעהר גרויס, דאָך איז מיר ניט מעגליך געווען איהר וואונש צו ענטזאגען.

דיא זאָרג און אונרוהיגקייט פון'ם אלטען איז אלע מאָל מעהר געשטיגען. ער איז צוגעגאנגען צום פענסטער, האָט אויפגעהויבען דעם פאָרהאנג און האָט בעמערקט ביי'ם אנדערען זייט גאס א פרויען-געשטאלט, איינגעהילט אין א ווייסען מאנטעל. ער האָט בעמערקט וויא זיא דרעהט זיך ארום הין און צוריק.

— איך האָב דיעזע פרוי בעמערקט זיך ארומדרעהענדיג שוין מיט א שטונדע בעפאָר, האָט ער געמורמעלט, זיא דרעהט זיך ארום און קוקט אויף מיינע פענסטער, אָבער איך קען איהר געזיכט ניט זעהן. פיליייכט איז דאָס א שפּיאָנין? פיליייכט האָט שוין קאטהערינא אלעס ערפאהרען?

אין דיעזען אויגענבליק האָט זיך דערהערט א הויכער געשפּרעך אויף דיא טרעפּ, באלד האָט זיך דיא טיהר געעפענט און דער זעלבער קאמערדיענער איז אריינגעקומען.

— פּאשא, ס'איז געקומען א דיענער פון קייזערליכען הויף און פערלאנגט אייך אָנצוזאָגען א נויטווענדיגע נאכריכט. איך גלויב, אז דאָ האנדעלט זיך וועגען אייער פרוי.

דער אלטער איז א פערציטערטער געוואָרען, דאָך האָט ער זיך בעהערשט און האָט געהייסען דעם קייזערליכען דיענער אריינלאָזען.

— איהר זייט פון הויף? האָט ער ביי'ם דיענער געפרעגט.

— יא, הערר פּאשא, איך בין דער קאמערדיענער פון איהר מאיעסטעט און בין געקומען מעלדען, אז אייער פרוי איז פּלוצים קראנק געוואָרען און איז געפאלען אין אונמאכט. אויף'ן בעפעהל פון דער קייזערין האָט מען זיא דאָרט אריינגענומען אין א בעזונדער צימער און —

— גרויסער גאָט! האָט דער אלטער פּאשא אונטערבראָכען, פאר וואָס האָט מען זיא בעסער ניט אבגעשיקט אין מיין קארעטע צו הויז? דאָ וואָלט זיא דאָך פיעל לייכטער און בעקוועמער זיך געקענט ערהאָלען?

— איהר מעגט זיין זיכער, אז אויך דאָרט, אין קייזערליכען פּאלאסט, ווערט מען פאר דער פרוי טהאָן אלעס וואָס נור מעגליך אום זיא געזונד צו מאכען. דער לייב-דאָקטאָר פון איהר מאיעסטעט אטענדעט צו איהר און מיך האָט מען געשיקט אום אייך צו איהר ברענגען. זיא וויל אייך זעהן.

— איך געה, איך געה שוין, האָט דער פּאשא געזאָגט אין גרויס פערצווייפלונג און דאָס הארץ האָט איהם שרעקליך געקלאפּט טאָמער איז עליזאבעט ווירקליך געפעהרליך קראנק געוואָרען.

ער האָט שנעל אויף זיך ארויפגעכאפּט א מאנטעל און דעם הוט און אין

נעכסטען מאָמענט איז ער מיט'ן קאמערדיענער ארויס פון הויף. אונטען ביי'ם טיהר איז געשטאנען א קארעטע, אין וועלכער דער פּאשא האָט זיך אריינגע־זעצט, וועהרענד דער קאמערדיענער האָט זיך געזעצט אויף דער קעלני נעבען קוטשער.

א שווידער האָט בעפאלען דעם אלטען, ווען ער האָט יעצט גענומען נאָכדענ־קען, אז אויסער דער קראנקהייט געפינט זיך עליזאבעט אין גרויס געפאהר, טאָמער דערקענט מען זיא, און דאן איז דיא אונגליקליכע מיידעל אויף עביג פערלאָרען, ווייל קאטהערינא דיא גרויסע איז צו דער זעלבער צייט אויך קאטהע־רינא דיא גרויזאמע.

און דאן איז ניט נור עליזאבעט, נאָר אויך ער פערלאָרען. אויף איהם שטעהט פאָר א שרעקליכער שיקזאל. ער האָט געוואוסט זעהר גוט, אז דיא קיי־זערין וועט שטרענג בעשטראָפען יעדען איינעם וואָס האָט אונטערשטיצט עלי־זאבעט'ס פּלאן, דעם געליעבטען פּאָטעמקין פון איהר אָבצורייסען.

וואָס נעהענטער דער פּאשא איז געקומען צום קייזערליכען פּאלאסט אלץ אונרוהיגער איז ער געוואָרען, פון שרעק און מורא. אָבער ער האָט אָנגעווענדעט אלע קרעפטען זיך צו בעהערשען. ער האָט זיך פּרובירט צו טרייסטען, אז נאָך איז אלעס ניט פערלאָרען. מען האָט נאָך עליזאבעט'ן ניט דערקענט און אויב ער זאָל נור קומען צו דער רעכטער צייט וועט ער שוין געוויס זיין אין שטאנד צו פערהיטען, אז קיין אונגליקליכער צופאל זאָל ניט קענען פּאסירען.

— אָבער ווארום פאָהרט דיא קארעטע אזוי לאנג? האָט ער געשטאמעלט צו זיך אליין, צום ווינטער פּאלאסט איז גאָר ניט אזוי ווייט. נאָך זיין רעכנונג וואָלט דיא קארעטע שוין לאנג געדארפט זיין דאָרט. ער האָט ארויסגענומען זיין טאשען טוך און אויסגעווישט דיא שטויב פון'ם פענסטער, צו בעטראכטען דעם וועג, דיא גאס און זעהן וואו ער געפינט זיך.

דאן האָט ער דערזעהן, אז דיא גאס איז איהם אין גאנצען אונבעקאנט. ער האָט זיך בשום אופן ניט געקענט עראינערען אין וואָס פיר א געגענד פון פּע־טערבורג דיא גאס געפינט זיך, אָבער אויף אזוי פיעל איז ער געווען זיכער, אז דיעזער וועג פיהרט ניט צום קייזערליכען פּאלאסט. דאָך האָט ער אויך יעצט געזוכט זיך צו בערוהיגען; עס קען זיין, אז דער קוטשער האָט געוויסע אורזאכען צו פאָהרען דורך ארומיגע גאסען.

פּלוצלים איז דיא קארעטע אריינגעפאָהרען אין אן אָפענעם טויער און האָט זיך אָבגעשטעלט אין הויף. דער פּאשא האָט דערזעהן פאר זיך א גרויסע גע־ביידע מיט פיעלע בעלייכטעטע פענסטער. וואהרשיינליך מוז עס זיין עפּעס א טהייל פון'ם ווינטער פּאלאסט, האָט ער גערעכענט, ווייל אויך דאָ זיינען ארומגעגאנגען סאָלדאטען אויף'ן וואך, בעוואפענט מיט ביקסען. וועהרענד

דער קאמערדיענער האָט געעפענט דיא טיהר, האָט ביי איהם דער אלטער גע־פרעגט ארויסקריכענדיג פון קארעטע:

— זיינען מיר אין ווינטער פאלאסט?

— געוויס, האָט איהם דער קאמערדיענער פערזיכערט. קומט נור, קומט שנעל, פאשא!

— אָבער איך וויים ניט, דיעזער הויף קומט מיר אוים אזוי פערענדערט — איך קען זיך גאָר ניט עראינערען —

— גאנץ ריכטיג, ווייל דאָס איז א זייטיגער הויף, אין וועלכען פרעמדע קומען זעהר זעלטען אריין.

דער פאשא איז אפילו גאנץ ווענינ בערוהיגט געוואָרען פון דער ערקלערונג. אָבער וואָס האָט ער זיך געקענט העלפען? ס'איז שוין געווען צו שפעט צו־ריקצוקעהרען. ער איז ארויף אין ערשטען עטאזש בעגלייטעט פון'ם קאמער־דיענער, וועלכער האָט געעפענט א טיהר און האָט איהם אָנגעצייגט אריינצוגעהן. וויא ער האָט נאָר אריבערגעטראָטען דיא שוועל, האָט דער פאשא פאר זיך דער־זעהן א גרויסען העלל בעלויכטעטען צימער, אין וועלכען עס האָבען זיך געפונען אייניגע קאָזאקען. אין מיטען איז געשטאנען א גרויסער שרייב־טיש, ביי וועל־כען ס'איז געזעסען דער גענעראל־גובערנאטאָר פון פעטערבורג.

באראָן פאסעק איז אויפגעשטאנען און צוגעהענדיג מיט שנעלע טריט צום אלטען, האָט ער איהם בעטראכט מיט פאָרשענדע בליקען. דאן האָט ער אויס־געשטרעקט דיא הענד און האָט פון איהם אראָבגעריסען דעם וויים־גרויען פארוק מיט'ן פאלשען באָרד און פאר איהם איז געבליבען שטעהן א גאנץ אנדער פער־זאָן וואָס האָט אויסגעזעהן מיט א צוואנציג יאָהר יונגער.

— אָה, אן אלטער בעקאנטער, אראָן קראָנבערג! — האָט פאסעק אויס־גערופען מיט א ברוטאלען געלעכטער. צום טייפעל, און איך האָב נאָך מיט דיר געדארפט מאכען אזוי פיעל צערעמאָניעס, מורא האָבענדיג טאָמער וועל איך בעליידיגען דעם טירקישען פינאנץ מיניסטער. זאָג מיר אָבער, וויא קומט עס דו זאָלסט שפיעלען אזא קאָמעדיע אום צו בעשיצען דיא שענדליכע עליזאבעט וואָראָנצאָוו?

— יענע נאָבעלע מיידעל וועט דורך אייער שימפפען און בעליידיגען ניט ערניעדעריגט ווערען, האָט קראָנבערג געענטפערט, און איבערהויפט וועל איך אייך אויף קיינע פראגען ניט ענטפערען.

— וויא באלד אזוי, וועסט דו באלד אנדערסוואו מוזען ענטפערען, דו פערדאמטער איד! האָט פאסעק אויסגערופען מיט כעס. דו פערגעסט, אז דיין גלאנץ אין קייזערליכען הויף איז שוין געענדיגט. איהר מאיעסטעט וועט געוויס צופריעדען זיין מיט דער געלעגענהייט נאָך אמאָל מיט דיר זיך אָבצו־רעכענען.

— דאָס איז איהר זאַך, האָט קראָנבערג געענטפערט קאַטעגאָריש, און איבעריגענס זעה איך נאָך ניט איין אין וואָס מען קען מיך בעשולדיגען.

— און דאָס איז נאָך ווייניג, אז דו האָסט געגעבען דער רעבעלין עליזאבעט מיטלען זיך צו פערקליידען און קומען נעהענטער צו דער קייזערין, פיעלייכט נאָך זיא צו ערמאָרדען?

— ערמאָרדען? האָט קראָנבערג איבערגעפרעגט שרעקליך אויפגערעגט, דאָס איז א פאַלשע, ניעדערטרעכטיגע פערלייַמדונג און דיא קייזערין אליין וועט עס ניט גלויבען.

— פאר וואָס וועט זיא עס ניט גלויבען? דער גראָספאטער איהרער איז דאָך דער בעקאנטער רעוואָלוציאָנער, דער אלטער וואָראָנצאָוו. ער איז דער גרעסטער און דער ביטערסטער פיינד פון דער קייזערין און דו שטעקסט מיט זיי צוזאמען אין איין פערשווערונג. איבעריגענס איז ניט מיין זאַך דיך צו פערהערען. דאָס וועט שוין דיא קייזערין אליין בעזאָרגען. עה, קאָזאקען! האָט ער אויסגעשריען, נעהמט דעם געפאנגענעם און פיהרט איהם מיט מיר.

איינינע מינוט שפּעטער איז פון דיעזען הויף וואו עס האָט זיך געפונען דיא פּאָליציייסקע אופראוולעניע פון פעטערבורג ארויסגעפאָהרען א געשלאָסענע קאַרעטע, אין וועלכער עס איז געזעסען בּאַראָן פאסעק און קעגען איהם דער אונגליקליכער אראָן קראָנבערג צווישען צוויי קאָזאקען. דיא קאָזאקען האָבען געהאַלטען געלאָדענע רעוואָלווערען, אום דעם געפאנגענעם צו שיסען זאָ שנעל וויא ער וועט נור פּרובירען צו אנטלויפען. אָבער קראָנבערג האָט גאָר ניט געדענקט פון אנטלויפען. ער האָט געוואוסט, אז עס גיעבט מעהר פאר איהם קיין רעטונג און אז אויך דיא אָרימע עליזאבעט איז פערלאָרען.

אָבער ער האָט ניט געוויינט אויף זיין אייגענעם לעבען. ער האָט אויף דער וועלט איבערהויפּט קיינע פריידען צו ערווארטען. דיא טרעהרען, וועלכע האָבען זיך בעוויעזען יעצט אין זיינע אויגען, האָט ער פערגאָסען אויף'ן שיקזאל פון דיא אונגליקליכע עליזאבעט. זיא, אזוי יונג, שעהן און עדעל, זיא וועט מוזען שטארבען, דען זיכער איז עס, אז זיא קען יעצט פון דער קייזערין קיין אנדער זאַך ניט ערווארטען אלס דעם טויט. קאטהערינא וועט זיך געוויס בענוצען מיט דיעזער געלעגענהייט אום פון איהר פערהאסטע פיינדין אן ענדע צו מאכען.

דיא קאַרעטע האָט זיך אָבגעשטעלט ביי'ם ווינטער פּאַלאסט און דיא ביידע קאָזאקען האָבען דעם געפאנגענעם קראָנבערג איבער א געהיימע טרעפּ ארויפגעפיהרט אין דעם קאבינעט פון דער קייזערין. קאטהערינא איז יעצט געזעסען ביי איהר שרייב־טיש און געארבייט ביי דער שיין פון א לאָמפּ אונטער א גרינעם אבאזשור. ערשט מיט איינינע מינוטען צוריק איז זיא אהער אריינגע־

קומען נאָכדעם וויא זיא האָט א לייננערע צייט פערבראכט ביי פאָטעמקין׳ס קראנקען בעט.

וויא מערקווירדיג איז דיעזע מאיעסטעטישע פרוי און וויא פערשיעדען זיינען דיא ברויזענדע געפיהלען, וועלכע האָבען געשטורעמט דיעזע נאכט אין איהר שטארקע ברוסט. ערשט ניט לאנג האָט זיך איהר זעעלע אויסגעגאָסען אין ליעבע און מיטלייד וועהרענד זיא איז געזעסען ביי דעם געליעבטען מאַן ציטערנדיג אז ער זאָל זיין טהייערען לעבען אָדער דאָס ליכט פון זיין שעהנע אויג ניט פערליערען. דאָך שטערט איהר דאָס יעצט ניט זיך גרינדליך צו בע־שעפטיגען מיט דיא וויכטיגסטע שטאאטס אנגעלעגנהייטען און יעדע זאך גע־בען א קלאָרען אורטהייל. באלד אָבער איז זיא וויעדער אויפגערעגט געוואָרען מיט א ברענענדיגען האס און געפיהלען פון גרויזאמע ראכע, דערזעהענדיג דעם באראָן פאסעק מיט דיא קאָזאקען, וועלכע האָבען דעם געפאנגענעם צו איהר אריינגעפיהרט.

קאטהערינא האָט זיך אויפגעהויבען, איז צוגעגאנגען נעהענטער און בע־טראכט דעם באראָן מיט א לאנגען דורכדרינגענדען בליק, וועהרענד דער גענע־ראל־גובערנאטאָר פאסעק האָט איהר געמעלדעט:

— איך האָב דעם בעפעהל פון אייער מאיעסטעט ערפילט. איך בין גליק־ליך, אז עס איז מיר געלונגען צו ענטדעקען ווער דיעזער געפאנגענער איז אין דער ווירקליכקייט. ער האָט פאלש אָנגענומען דעם נאָמען מאהאמעד אלי פאשא, וועהרענד אין דער טהאט איז ער דער בעוואוסטער באראָן קראָנבערג, דער גע־וועזענער הויף־באנקיער פון צאר פעטער.

— באראָן קראָנבערג! האָט דיא קייזערין אויסגערופען, יעצט דערקען איך איהם. איינער פון מיינע אלטע פיינדע, דער פריינד פון דעם גרויסען רע־בעל פעטער וואראָנצאָוו. נו, קראָנבערג, אויב דו ווילסט דיין לעבען רעטען, זאָלסטו מיר זאָגען וויא קומסט דו צו דיעזע עליזאבעט. ביזט דו ווירקליך מיט איהר פערהייראט און צו וועלכען צוועק האָט איהרביידע זיך אריינגעשמוגעלט אין דיא הויף־געזעלשאפט? זאָג מיר דיא גאנצע וואָרהייט.

— איך וועל אויף דיא פראגען פון אייער מאיעסטעט געבען אן אָפענהער־ציגע ערקלערונג. עליזאבעט איז ניט מיין פרוי, איך האָב נור אויס מיטלייד און מענשענליעבע זיך אָנגענומען אין איהר אונגליק זיא צו שטיצען.

— און דיעזע שטיצע בעשטעהט אין א שענדליכע אינטריגע, אין א פער־שווערונג, וואהרשיינליך א פלאן פון דעם אלטען וואראָנצאָוו, אום מיך, דיא קייזערין, צו ערמאָרדען.

— אָה, ניין, מאיעסטעט, איך קען אייך ביי מיין עהרע פערזיכערען, אז ניט איך און ניט עליזאבעט האָבען איבערהויפט פון וואראָנצאָוו׳ען געהערט זייט

ער איז פערשיקט געוואָרען נאָך סיביר. אונזער פּלאַן איז יעצט געוועזען א גאנץ אנדערער —

— גענוג! האָט איהם דיא קייזערין אונטערבראָכען. ארויס, געהט אַלע ארויס. זאָל מען אהער אריינפיהרען יענע שענדליכע עליזאבעט.

פּאסעק מיט דיא קאָזאקען און דער געפאנגענער זיינען ארויסגעגאנגען.

איינינע מינוטען שפּעטער האָט זיך דיא טיהר געעפענט און עליזאבעט איז אריינגעקומען. זיא האָט זיך שוין א לענגערע צייט ערהאָלט פון אָהנמאכט און אָבוואָהל איהר שעהנעס געזיכט איז נאָך מעהר בלייך געוועזען איז זיא פון דעסטוועגען צוגעגאנגען מיט אן ענטשלאָסענע שטאָלצע האלטונג.

— עליזאבעט וואראָנצאָוו, האָט קאטהערינא געזאָגט קוקענדיג אויף איהר געענגערין מיט ברענענדיגע בליקען פון האס, צוויי מאָל ביסט דו מיר שוין געקומען אין וועג און יעצט, דעם דריטען מאָל, מוז איך מיט דיר אן ענדע מאכען. אין סיביר, אונטער דער ערד, צוגעשמידעט צו א וועגעל, געמאטערט און געפּיי־ניגט ביי דיא קאטאָרגע־ארבייט, אין יענע היילען וואו עס דרינגט ניעמאלס אריין א שטראהל פון דער זון, וואו דיא לופט איז פערפעסטעט מיט גיפטיגע גאזען, דאָרט זאָלסטו פערזומפּפען און פערפוילט ווערען ביז דו וועסט שליעס־ליך צוזאמענברעכען און דיין לעצטען אטהעם אויסהויכען. אומזיסט וועסטו דאָרט יאָמערען און רופען אום גנאדע, עס וועט זיך ניעמאנד געפינען ווער עס זאָל דיר קענען העלפען.

האסטיג זיינען דיא ווערטער ארויסגעקומען איבער קאטהערינא'ס בלייכע ליפּען, איהר שטורמיגע ברוסט האָט געארבייט וויא אין א קראמפּף און איהרע דונקעלע אויגען האָבען געשאָסען מיט בליצען פון טריאומף, בעפריעדיגטע ראכע און גרויזאמען האס.

— העלפען וועט מיר גאָט! האָט געענטפערט עליזאבעט מיט א פעסטע שטימע, אָהן דעם מינדעסטען צייכען פון שרעק. איין וואונק פון זיין אלמעכ־טיגע האנד וועט צושטערען מיינע קייטען און פון אונטער דער ערד מיך בע־פרייען. דאן וועל איך צוריק קומען אויף אייער וועג, קאטהערינא פון רוסלאנד, איך וועל צוריק קומען, אום מיין ציעל צו עררייכען.

— און וואָס איז דיין ציעל, דו שענדליכע פרוי? האָט דיא קייזערין אויס־גערופען ציטערענדיג פון כעס — אָבער וואָצו פרעג איך נאָך? דו האָסט דאָך שוין איינמאָל פּרובירט מיין געליעבטען אלעקסאנדער ביי מיר צו רויבען, איהם פון מיר אָבצורייסען, און יעצט האָסטו זיך זאָגאר פערשטעלט אונטער א מאסקע און מיט דיעזען ציעל זיך צו איהם צוגע'גנב'עט. אזוי טהוען אלע אויסגעלאסענע פּרויענצימער, וועלכע יאָגען זיך נאָך פרעמדע מענער.

— דיעזען פאָרוואורף קען איך מאכען מיט פיעל מעהר רעכט, קייזערין פון רוסלאנד, האָט געענטפערט עליזאבעט, פּאָטעמקין איז געוועזען און ער איז

נאָך יעצט אויך מיין חתן. איהר האָט איהם פון מיר אוועקגענומען און יעצט ווילט איהר דורכאוים מיך פערניכטען, וויא איהר האָט עס שוין צוויי מאָל גע־פרובט טהאָן, אָבער דאָס איז אייך ניט געלונגען. נו גוט, רופט אייערע קאָזאקען, לאָזט מיך טויטען אָדער בעגראָבען אין סיביר. דאָך אזוי לאנג וויא איך לעב וועל איך געגען אייך קעמפפען פיר מיין רעכט, קעמפפען און זיעגען אָדער שטארבען.

— יא, שטארבען וועסטו און אויך דיין קאמפף ביז יעצט איז געווען אומ־זיסט. אלעקסאנדער האסט דיך. ער פעראכטעט דיך, אלס אן אונווירדיגע און דארום האָסטו אויף איהם קיינע רעכטע, וויא דו רעדסט זיך איין.

— דאָס וועל איך גלויבען נור דאן, ווען איך וועל עס פון איהם אליין הערען.

— איהם וועסטו ניעמאלס אין דיין לעבען זעהן, דאפיר וועל איך שוין זאָרגען.

אזוי רעדענדיג האָט קאטהערינא אָנגעקלונגען און געהייסען דעם אריינגע־קומענעם דיענער ער זאָל רופען דעם מיניסטער גראף פאנין, וועלכער איז באלד ערשיענען. גלייכצייטיג האָט מען אויך אריינגעפיהרט צוריק אראָן קראָנבערג אין דער בעגלייטונג פון באראָן פאסעק.

— גראף פאנין! האָט זיך צו איהם דיא קייזערין געוועגדעט איבערגע־בענדיג איהם א פאפיער, דאָ איז א בעפעהל מיט וועלכען איך האָב פעראור־טהיילט דריי פערזאָנען פערשיקט צו ווערען נאָך סיביר. צוויי פין זיי זאָלען דאָרט ארבייטען אין דיא היילען אונטער דער ערד ביז זייער ענד לעבען; דער דריטער, וועלכער איז שולדיג אין מיסברויך פון זיין אמט, זאָל דאָרט פערבלייבען צעהן יאָהר און האָבען דיא פרייהייט זיך צו בעשעפטיגען מיט וואָס ער וויל. איך ווינש אָבער, אז דיעזע פערזאָן זאָל אָבגעשיקט ווערען מיט דעם זעלבען טראנספאָרט גלייך מיט דיעזע מיידעל און אראָן קראָנבערג.

— און ווער איז דער דריטער, מאיעסטעט? האָט פאסעק געפרעגט. גע־ווים א בעאמטער וואָס האָט גענומען כאבאר אָדער געמאכט עפּעס א פערשוועֿ־רונג? אָה, אזא פערברעכער פערדיענט ווירקליך ניט מען זאָל איהם שוינען און אויב איהר מאיעסטעט ערלויבט וואָלט איך זעהר געוואָלט וויסען זיין נאָמען.

— זיין נאָמען איז באראָן פאסעק, דער געוועזענער גענעראל גובערנאטאָר פון פעטערבורג.

— אָה, מאיעסטעט! האָט דער גובערנאטאָר געשטאמעלט א פערצוי־טערטער.

— יא, דו ביסט דער שענדליכער פערברעכער, האָט דיא קייזערין אויסגע־רופען. איך האָב דיר איינפערטרויעט איינע פון דיא הויכע עמטער אין מיין רעזידענץ און ווען דו וואָלסט מעהר ניט געווען וויא אונפעהיג, וואָלט איך דיך

פילייכט געקענט פערצייהען, אָבער איך האָב בעווייזע, אז דו האָסט אויך פיעלע פערברעכענס בעגאנגען אין דיין אמט. דיא אָרימע האָסט דו געשטיקט און געדריקט און פאר כאבאר האָסט דו דיא גרעסטע פערברעכער געלאָזט אנטלויפען. איך האָב דאָס שוין לאנג געוואוסט און האָב דיר געשוויגען, אָבער יעצט איז שוין דיא מאָס איבערפילט געוואָרען. געה נאָך סיביר אויף צעהן יאָהר און ווען דו וועסט צוריק קומען, וועל איך זעהן אויב דו ביסט געוואָרען עהרליך, דאן וועל איך פאר דיר פיליכט עטוואָס טהאָן.

ווייגענדיג איז פאסעק געפאלען דער קייזערין צו דיא פיס און האָט ביי איהר געבעטען גנאדע. ער האָט זיך אויך געווענדעט צום מיניסטער פאנין ער זאָל פאר איהם א גוט וואָרט זאָגען. אָבער אלעס איז געווען אומזיסט, ווייל אויך פאנין האָט געוואוסט, אז אלעס וואָס דיא קייזערין זאָגט איז ריכטיג און אז פאסעק האָט זיין שטראָף כשר פערדיענט.

— און יעצט פיהרט זיי ארויס אלע דריי, האָט דיא קייזערין בעפאָהלען. גראף פאנין, איהר וועט דערפאר פעראנטוואָרטליך זיין, אז קיין איינציגער פון דיעזע פערברעכער זאָל אויף'ן וועג ניט אנטלויפען. איהר הערט, גראף, איך פערלאנג, אז איבערהויפט דיא עליזאבעט וואָראָנצאָוו זאָל שטרענג בעוואכט ווערען ביז זיא וועט קומען צום פלאץ פון קאטאָרזשנע ארבייט אין סיביר. זיא טאָר ניט און זיא זאָל ניט אנטלויפען.

פאנין האָט זיך פערנייגט און דאן האָט ער געגעבען א בעפעהל צו דיא קאָזאקען און זיי האָבען דיא פעראורטהיילטע ארויסגעפיהרט.

## 28טער קאפיטעל

## א קלויסטער געהיימנים.

אין איינע פון דיא זייטיגע פעטערבורגער גאסען אין א קליינע הויז האָבען זייט דיא לעצטע אייניגע וואָכען געוואָהנט א פּאָר פאָלק, מיט וועלכע אלע ארומיגע שכנים האָבען זיך שטארק אינטערעסירט. קיינער האָט ניט געוואוסט ווער אייגענטליך זיי זיינען און מיט וואָס זיי בעשעפטיגען זיך.

דאָס הויז האָט געהערט צו אן אלמנה און דאָרט האָט דאָס פּאָר פאָלק זיך געדונגען צוויי אנשטענדיגע צימערען. דיא יונגע פרוי, וועלכע איז געווען א בילד שעהנהייט, פלעגט טעגליך ארומגעהן מיט איהר קאָרב אום פאר איהר קליינע ווירטשאפט פערשיעדענע ארטיקלען איינצוקויפען און זיא האָט קיינמאָל ניט געקויפט עטוואָס פון לוקסוס זאכען, בלויז דאָס וואָס איז אם העכסטען נאָטווענדיג צום לעבען.

אויסער איהר שעהנהייט איז דיא האלטונג און דיא בענעהמונג פון דיעזע יונגע פרוי געווען אזוי נאָבעל און אזוי עקסטרא פיין, אז זיא האָט געצויגען צו זיך דיא אויפמערקזאמקייט פון אלע וואָס זיינען מיט איהר געקומען אין נאָהענ־

טע בעציהונגען. דעם מאן האט מען גאנץ זעלטען געזעהן, דאך איז געווען בעוואוסט אזוי פיעל, אז ער איז ווירדיג אזא פרוי צו בעזיצען. ער איז אויך געווען זעהר א שעהנער מיט אמת'ע אינטעליגענץ און ערדעלקייט.

דיא אלמנה ביי וועלכע זיי האבען געוואהנט, האט אויך ניט פיעל געוואוסט וועגען זיי. נאך איהר מיינונג האט דער יונגער מאן געמוזט זיין ערגעץ א שריי־בער אין א צייטונג אדער גלאט א געלעהרענטער, ווייל שטענדיג איז ער געזעסען און האט ענטוועדער געלעזען אדער געשריעבען. אלעס וואס זיא האט געוואוסט איז, אז זיין נאמען איז רוסקין און דיא יונגע פרוי איז זיין ווייב. אזוי איז געווען פערשריעבען אין זייער פאספארט, מיט וועלכען זיי זיינען געקומען פון מאסקווא. דיא פעטערבורגער פאליציי האט צוגעלייגט איהר זיעגעל צום פאס־פארט אהן אירגענד וועלכע איינווענדונג.

דאמיט האבען דיא נייגיריגע שכנים זיך געמוזט צופריעדען שטעלען, ווייל מעהר האבען זיי ניט געקענט ערפאהרען. דיא יונגע פאר האט מיט קיינעם ניט פערקעהרט, נור אפט מאל פלעגט צו זיי קומען א הויכגעוואקסענער אלטער מאן, אבער זיין געזיכט האט מען קיינמאל ניט געקענט דייטליך זעהן, ווייל ער פלעגט אימער קומען ביי נאכט.

דאך מיט דער צייט האט מען אנגעפאנגען מורמלען זעהר ניט שעהנע זא־כען וועגען דער יונגער פרוי, מען האט געזעהן אייניגע מאל וויא זיא געהט ארויס פאר נאכט פון הויז גאנץ אליין און קומט צוריק ערשט שפעט ביי נאכט. וואו קען דיא מאדאם רוסקין זיין ביי נאכט? ווארום נעהמט זיא ניט מיט איהר מאן, ווען זיא געהט ביי נאכט שפאציערען? דאס האט אויף איהר גע־ווארפען א פערדאכט, איבערהויפט דערפאר וואס זיא איז געווען אזוי שעהן און פרויען גלייבען אימער צו זוכען חטאים אויף זייערע שוועסטער וואס זיינען שעהנער פון זיי.

דיא יונגע פאר האבען אבער, וויא עס שיינט, זיך גאנץ ווייניג געקימערט וועגען דעם וואס מען רעדט און מען מורמעלט וועגען זיי. זיי זיינען געזעסען יעצט אין זייער שפייז־צימער וואס איז געווען אויפגעפיקסט ניט זעהר עלעגאנט, אבער גאנץ זויבער און בעקוועם.

דאס איז געווען אויף מארגען אין דער פריה נאכדעם וויא אראן קראנבערג און עליזאבעט וואראנצאוו זיינען אויף'ן בעפעהל פון קאטהערינא'ן פערשיקט געווארען נאך סיביר צוזאמען מיט באראן פאסעק.

רוסקין און זיין פרוי זיינען געזעסען ביי פריהשטיק. זיא האט אויסגע־זעהן בלאס און שרעקליך צוטראגען.

— נו, אלגא, האט ער ביי איהר געפרעגט. פאר וואס טרינקסט דו ניט דיא טהעע? דו קלערסט און טראכסט וועגען אזעלכע זאכען וואס האבען פיליכט נאר ניט פאסירט.

דיעזע פאר פאלק זיינען געוועזען מיראָוויטש און אַלגא דאשקאָוו. דער אַלטער וואָס האָט זיי בעזוכט אבענד צייט איז קיין אנדערער וויא פעטער וואָראָנצאָוו. נאָכדעם וויא זיי זיינען אוועק פון מאָסקווא און א לענגערע צייט פערבראכט אין אויסלאנד האָבען זיי זיך אומגעקערט צוריק קיין פעטערבורג אַבוואָהל דאָס האָט פאר זיי געשמעקט מיט גרויס געפאהר, ווייל מיראָוויטש'ען האָט מען נאָך אַלץ געזוכט און וואָראָנצאָוו'ען אויך. דאָך האָט אַלגאביידע מענער איבערגערעדט דיעזע געפעהרליכע רייזע צו מאכען.

אין אויסלאנד האָט זיא צופעליג ערפאהרען, אז איהר פאָטער האָט אָנגענומען אן אנדער נאָמען אלס מאהאמעד אלי פאשא און איז אַבגעפאָהרען קיין פעטערבורג. אַלגא, נאָכדעם וויא זיא האָט זיך אזוי פיעל אָנגעליטען און אָנגעפלאגט, האָט יעצט געזוכט דעם פאָטער איבערצובעטען און ווידער פון איהם אויפגענומען צו ווערען אלס טאָכטער. זיא האָט דאביי ניט אין זינען געהאט דעם פאָטער'ס רייכטהום, זיא האָט זאָגאר ניט געדענקט וועגען זיין געלד. אַלעס וואָס זיא האָט געוואָלט איז צוריק זיין פאָטערליכע הארץ צו געווינען. עס האָט זיא געצויגען צום פאָטער וויא א מאגנעט און דאָך האָט זיא ביז יעצט קיין געלעגענהייט געהאט זיך מיט איהם צו בעגעגענען.

אויסער דעם האָט אַלגא געהאט נאָך אן אנדער אבזיכט, א צווייטען הערצליכען וואונש וואָס האָט זיא געצויגען קיין פעטערבורג. דאָ איז ביי איהר אין א געוויסע אונגליקליכע נאכט גערויבט געוואָרען איהר קינד, דיא ליעבליכע קליינע קאטהערינא און נאָך איז ביז יעצט דיעזע געהיימניס ניט ערקלערט געוואָרען, ווער איז דער רויבער און וואָס פון'ם קינד איז געוואָרען.

אומזיסט האָט דיא אָרימע אַלגא געפאָרשט און געזוכט. גאנצע נעכט פלעגט זיא אָפט דורכוואנדערען דיא גאסען פון פעטערבורג, פילייכט וועט זיא עטוואָס הערען אדער זעהן וועגען איהר געליעבטע טאָכטער, דאָך ביז יעצט איז איהר ניט געלונגען זאָגאר דעם מינדעסטען סליאד צו געפינען.

דאצו איז נאָך געקומען אן אנדער פראגע וואָס האָט דיא פרוי שטארק אונרוהיג געמאכט : וועט זיא איבערהויפט דאָס קינד דערקענען, ווען מען זאָל עס אפילו געפינען ? קאטהערינא איז אלט געוועזען בלויז א פאָר חדשים, ווען מען האָט זיא מיט געוואלד אָבגעריסען פון איהר מוטער־הערץ. פון דאן אָן איז שוין א היבשע צייט פאָריבער. וויא וועט זיא אַלזאָ זיכער זיין, אז דאָס איז ווירקליך איהר קינד, ווען עס זאָל אפילו קומען א גליקליכער צופאל וואָס זאָל זיא צוריק מיט'ן קינד צוזאמענברייננגען ?

— אָה, ניקאָלאי, האָט אַלגא אויסגערופען מיט טהרערען אין דיא אויגען. וועלען מיר שוין קיינמאָל ניט קענען געניסען קיין פרייד אין אונזער לעבען ? דער געדאנק, אז אונזער ליעבע קינד, אונזער אָרימע קאטהערינא, איז אזוי

פריה פון אונז אָבגעריסען געוואָרען הענגט וויא א שווארצער וואָלקען איבער'ן הימעל פון אונזער גליק.

— געליעבטע, האָט מיראָוויטש געזאָגט טרויעריג, וועהרענד ער האָט זיך געזעצט נעבען זיין פרוי אויף'ן דיוואן און האָט צערטליך איהר האנד גענומען. איך האָב שוין לאנג יעדע האָפנונג אויפגעגעבען. בעטראכט נור גוט, מיין זיסע נשמה, דאָס קינד איז געוועזען אזוי יונג, ווער ווייסט אין וואָס פאר הענד מען האָט זיא אריינגעגעבען? אזא קליינע בעשעפּעניס מוז דאָך אָטענדעס ווערען וויא א צארטע בלום. אָלגא, מיין אָרימע אָלגא, מיר קומט אימער פאָר, אז אונזער קינד איז פאר אונז אויף עביג פערלאָרען, אז זיא איז שוין פילייכט לאנג געשטאָרבען.

אָלגא האָט פערדעקט איהר געזיכט מיטביידע הענד און האָט אָנגעפאנגען שטיל צו וויינען. אָבער באלד האָט זיא אויסגעווישט דיא אויגען און האָט זיך בערוהיגט.

— ניין, האָט זיא אויסגערופען מיט אן ענטשלאָסענעם טאָן, מיר זאָגט מיין הארץ, אז אונזער קינד לעבט און אז מיר וועלען זיא געפינען דורך דיא געהיימע פערבינדונגען פון אונזער פריינד וואָראָנצאָוו. איך האָב אויך געשריעבען אן אנאנימען בריעף צו דער קייזערין און האָב ביי איהר געבעטען, אז זיא זאָל מיך בעגנאָדיגען און פערצייהען. איך בין זיכער, אז זיא וועט דאָס טהאָן, קאַ־טהערינא בעזיצט א נאָבעלע הארץ, זיא איז צו מיר אימער געוועזען גוט און פריינד־ליך און איך האָף דאריבער, אז זיא וועט סוף כל סוף אויך דיר פערצייהען, דאן ווען מיר וועלען זיך קענען פריי בעוועגען אין פּעטערבורג, וועט אונז זיין פיעל לייכטער אונזער קינד צו זוכען און געפינען.

זיי זיינען פיר א קורצע צייט ביידע שטיל געבליבען. אָלגא איז געזעסען פערטיעפט אין איהרע געדאנקען און ניקאָלאי איז ארומגעגאנגען איבער'ן צימער פערטיעפט אין מחשבות.

— דיא זאָרג וועגען פאָטער מאכט מיך אין דיעזען אויגענבליק נאָך מעהר נערוועז און אונרוהיג וויא אימער, האָט אָלגא ענדליך איבערגעהאקט דאָס שוויי־גען. געסטערן אבענד האָב איך געזעהן וויא ער איז אָבגעפאָהרען מיט א קאַ־מערדיענער פון דער קייזערין און אויף זיין געזיכט איז געוועזען דייטליך צו בעמערקען אנגסט און שרעק. איך גלויב, מיין הארץ שרעקט מיך שטארק, אז מיט איהם האָט עפּעס אן אונגליק געטראָפען.

— דיין דענקען וועגען אונגליקען איז א גרויסע נארישקייט. וואָס האָט איהם געקענט פּאסירען, ווען ער שפּיעלט יעצט אזא גרויסע ראָליע אלס מאהאַ־מעד אלי פּאשא? דיעזער טיטול בעשיצט איהם יעצט אין פּעטערבורג פון אלע אונאנגענעהמליכקייטען. וויא ווייט איך ווייס לעבט ער יעצט לוסטיג און גליק־ליך; איך האָב זיין יונגע פרוי קיינמאָל ניט געזעהן, אָבער מען זאָגט, אז זיא

איז א מערקווירדיגע שעהנהייט און אז דיין פאטער האט אויף איהר פערשוועג־דעט א מאסע געלד און זיא קומט אין געזעלשאפט מיט פראכט און גלאנץ וויא א פרינצעסין.

— און ווארום זאל ער דאס ניט טהאן? האט אלגא בעמערקט. ווער קען איהם פערדענקען, אז ער האט אויף זיינע עלטערע איינזאמע יאהרען געוואלט נאך אמאל גליקליך זיין? פילייכט האט ער געוואלט האבען א געטרייע ווייב וואס זאל איהם אבהיטען זיין געזונד. גלויב מיר, מיראוויטש, איך שווער דיר ביי אלעס וואס ביי א מענשען איז הייליג און טהייער, אז איך האב אויף מיין פאטער גאר קיין פאראיבעל ניט וואס ער האט א צווייטען מאל חתונה געהאט.

— איך זאג אויך ניט, אז ער האט דאמיט בעגאנגען אן עולה, אבער א נארישקייט האט ער יא בעגאנגען. ער האט געדארפט נעהמען א פרוי וואס זאל פאסען צו זיינע יאהרען. זיין יעצטיגער שריט אבער בעווייזט, אז ער האט עס געטהאן דיר אויף להכעיס, אום עס זאל דיך פערדריסען. ער וועט געוויס מאכען, אדער פילייכט האט ער שוין געמאכט א צואה, אז דו זאלסט קיין אנ־שפרוך ניט האבען אויף זיין פערמעגען, אויף דיא מיליאנען וואס וועלען נאך איהם בלייבען.

— אזעלכע ווערטער האב איך פון דיר ניט ערווארטעט, ניקאלאי, האט אלגא בעמערקט מיט פערדרוס. דיר ליעגט נור אין זינען מיין פאטער'ס רייכ־טהום. וואס דארפען מיר עס? מיר זיינען אליין רייך גענוג. דיא אוצרות וואס זיינען געבליבען פון'ם אלטען קניאז דאשקאוו, וואס מיר האבען ענטדעקט אין דער סטעפע, געפינען זיך יעצט זיכער אין האלאנד און אונזער צוקונפט איז אויף אונזער גאנצען לעבען פערזארגט. ווארום זאל זיך אונז אלזא געלוסטען נאך מעהר רייכטהימער צו בעקומען? וואס איך פערלאנג איז ניט מיין פאטער'ס געלד, נור זיין הערצליכע פערצייהונג, זיין פאטערליכע ליעבע, וועלכע איך האב צו מיין בעדויערען פערלארען דערפאר וואס איך האב איהם אזוי פיעל געקרענקט און בעליידיגט.

א קורצע צייט איז אין צימער ווידער שטיל געווארען און ווידער איז אלגא געוועזן דיא ערשטע אנצופאנגען רעדען:

— איבעריגענס בין איך איבערצייגט, אז מיט מיין פאטער'ס צווייטע חתונה מוז עטוואס זיין פערבונדען א זאך וואס מיר ווייסען ניט. ער איז גאר ניט דער מאן וואס זאל זיך פערליעבען אין א יונגע פרויענצימער. און בע־טראכט נור, ניקאלאי, ווארום האט זיך מיין פאטער יעצט א נאמען געגעבען מאהאמעד אלי פאשא? פאר וואס רופט ער זיך ניט מיט זיין ריכטיגען נאמען אראן קראנבערג?

— פילייכט דאריבער, ווייל זיין שעהנע יונגע פרוי פאסט ניט דער אידי־שער נאמען און זיא וויל שפיעלען דיא ראלע פון א טערקישע אריסטאקראטקע.

איבערינענס האָסט דו גאנץ רעכט, אָלגא, דיין פּאָטער׳ס רייכטהום דארף אונז גאנץ ווייניג אינטערעסירען, און וואָס אנבעטרעפט זיין פערצייהונג, מיין איך גראדע פערקעהרט, אז ער איז געגען דיר מעהר שולדיג וויא דו געגען איהם. איך קען אויף קיין פאל נים סימפּאטיזירען מיט א פאָטער וואָס פערשילט זיין איינציגע קינד.

— אָבער, ניקאָלאי, בעטראכט זיך וויפיעל שמערצען און טרויער איך האָב איהם פערשאפט. קום נור אהער, מיין געליעבטער מאן, זעץ זיך נעבען מיר און הער מיך אוים געדולדיג. דו ביסט דאָך אזוי גוט און איבערלייגענד וועגען יעדען מענשען און דארום ועסט דו אויך וועגען מיין פאָטער אנדערש אורטהיילען, ווען איך וועל דיר גענוי ערקלערען וואָס מיט מיר האָט פּאסירט.

— אדרבה, לאָמיך הערען.

— ס׳איז איבעריג דיר צו דערצעהלען וויא טהייער איך בין געוועזן ביי מיין פאָטער. אין מיר האָט ער געזעהן זיין גאנצע האָפנונג, זיין איינציגעס גליק. איך בין נאָך געוועזן זעהר יונג, כמעט א קינד, ווען אויף מיין פאָטער איז דער גרויסער אונגליק געקומען. מען האָט איהם אונשולדיג ארעסטירט און מיך האָט מען אָבגעגעבען אין א קריסטליכע הויז מיט׳ן צוועק, אז מען זאָל מיך לאנגזאם, אָבער זיכער בעקעהרען צום קריסטענטהום.

"אנשטאָט אידישע תפילות, וועלכע מיין פאָטער האָט מיך געלערענט, האָט מען מיך געצוואונגען צו בעטען תפילות, וועלכע איך האָב ניט אָנגעפאנגען צו פערשטעהן. מען האָט מיר דערצעהלט דיא געשיכטע פון יעזוס׳ען, וועלכען דיא אידען האָבען געקרייציגט און דארום זיינען זיי אויף עביג פערדאמט.

— און צו א פאָלק וואָס האָט ערמאָרדעט גאָט אליין ווילסט דו געהערען? פלעגט מען מיר שטענדיג זאָגען. דו האָסט דאָך דיא מעגליכקייט פון זיי זיך אָבצורייסען און דאן וועט דיין נשמה זיין ריין וויא זילבער.

"אלס קינד וויא איך בין דאמאָלס געוועזן, האָבען דיעזע ווערטער ביסלעכ־וויין געמאכט א שטארקען איינדרוק אויף מיין יונגע הארץ. איך האָב אָנגע־פאנגען צו קוקען מיט האס און פעראכטונג אויף דיא יעניגע, צווישען וועלכע איך בין געבאָרען געוואָרען. יא, איך האָב ענדליך זיך אָנגעפאנגען צו שעהמען דאמיט וואָס איך בין א אידישע טאָכטער.

"אָנפאנגס מיט גוטע ווערטער, מיט קינדערשע געשענקע און דאן מיט פאנאטישע פאָרשטעלונגען האָט מען אויף מיר אזוי ווייט געווירקט, אז מיין גייסט איז אויפגעפלאקערט געוואָרען מיט רעליגיעזע פאנטאזיעס. מיין פאָטער, האָט מען מיר געזאָגט, איז אלס איד פערדאמט עביג צו ברענען אין גיהנום, אָבער איך קען איהם דערפון מציל זיין, ווען איך וועל ווערען א פרומע נאָנע און בעטען פאר איהם.

"מיט דיעזע צוועקען האָט מען מיך געבראכט אין א קירכע, א מאָנאסטיר

אין מאָסקווא, און דאָרט האָט מען מיך מיט גרויס פּאראד געטויפט. מעגליך, אז איך וואָלט מיט דער צייט געווען געוואָרען אן אמת'ע קריסטין און וואָלט אין מיין נאציאָן אין גאנצען געווען פערגעסען. איך האָב אָבער אין מאָנאסטיר געזעהן אזעלכע זאכען וואָס האָבען מיר בעוויזען, אז דיא גאנצע געשיכטע איז בלויז א קאָמעדיע. איך האָב געזעהן, אז דער מאָנאסטיר וואָס פּרעטענדירט צו זיין דיא טיהר צום גן עדן איז אין דער ווירקליכקייט א נעסט פון אויסגעלאַסענהייט און זינד.

"נאָך א זאך האָב איך בעמערקט וואָס האָט מיך צוריקגעשטויסען פון דער קירכע. פון מיין פאָטער'ס הויז, ווייס איך, איז קיין אָרעמאַן ניט אוועקגעגאנגען אָהן שטיצע. ער האָט געמעגט זיין א איד אָדער א קריסט, קוים איז ער געווען אן אָרעמאן האָט איהם מיין פאָטער ניט ארויסגעלאָזט ליידיג, אָבער וועה איז געווען דעם אָרימען אידען וואָס האָט פערבלאָנדזעט אין מאָנאסטיר. מען פלעגט איהם בעפאלען, שלאָגען אונערבארעמליך און נאכהער ערשט א הונ־געריגען, א צוקאליעטשעטען ארויסווארפען אין גאס. און דאָס הייסט ביי אייך דיא רעליגיאָן פון ליעבע, מישטיינס געזאָגט.

"אין מיין פאָטער'ס הויז האָט מען קיין ליגען ניט געטאָרט זאָגען, וועה־רענד אין מאָנאסטיר איז אלעס געווען לוג און טרוג. מיין פאָטער האָט קיינמאָל ניט געשטערט זיין הויז־געזינד זיך צו בילדען און לערנען, אין געגענטהייל ער האָט אימער געשטיצט און געשיצט יעדען איינעם וואָס האָט געוואָלט שטו־דירען. אין קירכע אָבער האָט געהערשט א פאנאטישע פינסטערניס און דיא גאנצע שטרעבונג פון דער קירכע איז דעם מענשען'ס פערשטאנד צו פערדומען.

"אָה, ניקאָלאי! דו קענסט זיך ניט פאָרשטעלען וויא איך האָב געפיהלט, ווען איך האָב דיא אלע זאכען ערפאהרען. קיין אידישע טאָכטער בין איך שוין דאן ניט געווען און קיין קריסטין האָב איך ניט געקענט ווערען. איך האָב געשפּירט, אז דיא לופט פון קלויסטער שטיקט מיך, און עס האָט מיך געצויגען וויא מיט א מאגנעט צו דער גרויסער פרייער וועלט. איך האָב געשטרעבט צו אנטלויפען פון קלויסטער וויא פון א געפענגניס.

"ווען איך בין דאָרט געווען, האָט מען מיר דערצעהלט א געשיכטע פון א שוועסטער וואָס האָט געוואָלט אנטלויפען פון מאָנאסטיר. אָבער דיא געשיכטע איז זעהר לאנג און איך גלויב קוים, אז זיא וועט דיך אינטערעסירען.

— אָה, יא, געליעבטע, האָט ניקאָלאי געבעטען. דערצעהל, איך בין גראדע נייגעריג דיא געשיכטע צו הערען.

אָלגא האָט א קורצע צייט נאָכגעדענקט און דאן האָט זיא אָנגעפאנגען פאָל־גענדע געשיכטע צו דערצעהלען:

— מיט אייניגע יאָהר פריהער וויא מען האָט כייך געבראכט אין מאָנאסטיר איז דאָרט אָנגעקומען א 16 יעהריגע מיידעל מיט'ן נאָמען ראָזאליע. אין גאנצען

מאנאסטיר האט עס ניט געגעבען נאך איינע וואס זאל זיין אזוי נאבעל וויא ראזאליע, אבער עס איז אויך זעלטען געווען צו געפינען אזא מערקווירדיגע שעהנהייט.

דיעזע שעהנע און פרומע קינד איז געקומען אין מאנאסטיר תשובה טהאן און זיך אויפאפפערען פאר א שרעקליכען פערברעכען וואס איהר פאטער האט בעגאנגען. איהר פאטער איז געווען א רייכער פאמעשטשיק און א זעהר א הייסער כאראקטער. איינמאל האט ער אין אויפרעגונג געכאפט זיינעם אן איינענעם פריינד און האט איהם אויף טויט דערשטאכען.

דער אונגליקליכער האט זיך אליין איבערגעגעבען צום געריכט און ער איז פעראורטהיילט געווארען צו צעהן יאהר קאטארגע־ארבייט אויף סיביר.

דיא לעצטע נאכט בעפאר מען האט איהם אבגעשיקט מיט'ן עטאפ נאך סיביר האט מען איהם ערלויבט זיין טאכטער אין געפענגניס צו זעהן. וויינענ־דיג האט דער פעראורטהיילטער אומגעארעמט זיין שעהנע קינד און האט איהר דערצעהלט וויא יעדע נאכט ווערט ער שרעקליך געפייניגט פון א פאנטאזיען־בילד. פונקט אין דער זעלבער שטונדע ווען ער האט זיין פריינד דערשטאכען בעווייזט זיך אין געפענגניס דער גייסט פון'ם ערמארדעטען און קוקט אויף איהם מיט אזעלכע שרעקליכע בליקען, אז ער שפירט דאביי דיא מאטערניס פון גיהנום.

— פאטער, האט ראזאליע דארויף געענטפערט. איך וועל דיך רעטען. דיין געזעצליכע שטראף פאר'ן שווערען פערברעכען וואס דו האסט בעגאנגען מוזט דו אריבערטראגען מיט געדולד, אבער דיין נשמה מוז איך ארויסרייסען פון אב־גרונד און דערפאר וועל איך מיין יוגענד און מיין גליק אפפערען. איך וועל געהן אין א קלויסטער און מיין גאנצען לעבען וועל איך פערברענגען אין בעטען גאט פאר דיין נשמה, ער זאל דיר מוחל זיין דיין זינד.

דער פאמעשטשיק איז געווען א נאבעלער טרייער פאטער און ער האט זיין טאכטער זאגאר בעשווארען זיא זאל עס ניט טהאן. עס איז איהם געווען שווער אריבערצוטראגען דעם געדאנק, אז זיין געליעבטע קינד זאל זיך לעבעדיג בע־גראבען צווישען דיא פינסטערע קלויסטער־ווענד. אבער דיא יונגע מיידעל מיט איהר פעסטען כאראקטער האט דורכאויס פערלאנגט ער זאל עס איהר ערלויבען און זיא האט עס אויך אויסגעפיהרט.

ערשט אין דער פריה איז ראזאליע ארויס פון איהר פאטער'ס געפענגניס און זיא האט נאך אליין געמוזט צוזעהן וויא מען האט איהם ארויסגעפיהרט אין הויף, איהם אנגעטהאן שווערע קייטען און צוזאמען מיט צוואנציג אנדערע פער־ברעכער איבערגעגעבען צו א טראנספארט קאזאקען וואס האבען מיט זייערע נאגייקעס דיא אונגליקליכע ארויסגעטריבען פון הויף אויף'ן וועג נאך סיביר.

ראזאליע איז אוועק צו הויז און האט פערקויפט דעם גאנצען אייגענטהום,

זאָגאר דיא פאמיליען ציערונג, זיא האָט אויך איינקאסירט אלע חובות וואָס ס'איז געקומען איהר פאָטער פון פערשיעדענע מענשען און אויף דיעזען אופן האָט זיא צוזאממענגענומען א גרויסען פערמעגען, מיט וועלכען זיא איז אוועק אין מאָסקווא צו דער פאָרשטעהערין פון מאָסקווער מאָנאסטיר

ווען דיא פאָרשטעהערין האָט פאר זיך דערזעהן דיא שעהנע יונגע מיידעל, וועלכע האָט ליעגענדיג אויף דיא קניע ערקלערט וואָס זיא האָט פערלאנגט, האָט דיא הייליגע נאָנען-מוטער זיך אָבגערופען:

— גוט, ראָזאליע, איך בין בערייט דיך אריינצונעהמען אין אונזער גע-מיינדע, אָבער געדענק, אז דיא טויערען פון דעם מאָנאסטיר וועלען פאר דיר אויף עביג זיין געשלאָסען. דיין גאנצען לעבען מוזט דו דאָ פערברענגען און קענסט מעהר קיינמאָל זיך צוריקקעהרען צו דער וועלט.

— איך בין צופריעדען, האָט ראָזאליע געענטפערט מיט א פעסטע שטימע.

— וייטער זאָלסט דו געדענקען, אז דיין הארץ און דיין נשמה מוז בעלאנ-גען נור צו גאָט אליין, וועהרענד דיין קערפער געהערט צום מאָנאסטיר. דו וועסט ניט דארפען האָבען דיין אייגענעם ווילען, דו וועסט נור מוזען טהאָן וואָס מען וועט דיר הייסען.

— איך בין דאצו בערייט, האָט ראָזאליע געענטפערט. מיין גאנצען פער-מעגען גיעב איך איבער דעם קלויסטער און עס וועט מיר ניט שווער זיין אלס דיא נידעריגסטע דיענסט מיין פפליכט צו ערפילען.

— און בעדענק נאָך צו לעצט, ראָזאליע, אז דיא ליעבע צו א מאן טאָר קיינמאָל דיין הארץ ניט בעריהרען, דו וועסט ווערען דיא כלה פון יעזוס קריסטוס און עביגע אונשולד וועט זיין דיין בעלאָהנונג.

— איך האָב ניעמאלס געליעבט, נאָנע-מוטער, האָט ראָזאליע געענטפערט און האָט דער פאָרשטעהערין דיא הענד געקושט. איך האָב נאָך קיינעם ניט געליעבט און וועל ניעמאלס קיינעם ליעבען אויסער מיין גאָט, מיין ערלעזער.

דאן האָט דיא נאָנען-מוטער איהר געגעבען דיא ערלויבנים און ראָזאליע איז אויפגענומען געוואָרען אין מאָנאסטיר. דריי יאָהר, וועהרענד דיא פראָבע צייט האָט זיא שווער און ביטער געארבייט, אָבער אָהן פערדרוס און מיט'ן גאנצען הארצען. דיא מעהרסטע מיידלאך וואָס קומען אריין אין מאָנאסטיר ווערען דורך דער צייט פון דיא דריי יאָהר פראָבע אויסגעמאטערט און פער-וועלקט. זייערע ראָזע געזיכטער ווערען בלאס און איינגעצויגען, זייערע שעהנע קערפער ווערען אָבגעצעהרט און זייערע אויגען פערליערען דעם גאנצען גלאנץ. מיט ראָזאליע'ן איז פון דעסטוועגען געגאנגען גאנץ אנדערש. טראָץ דעם וואָס זיא איז אויך געוועזן בערויבט פון'ם העלען זונען-שיין פון לעבען, האָט זיא פון דעסטוועגען געבליהט און געשיינט וויא א ליכטיגער בריליאנט פון צווישען דיא דונקעלע, קאלטע מאָנאסטיר ווענד.

ביי דער נאַנען־מוטער און ביי אלע שוועסטער איז ראָזאליע געווען זעהר בע־ליעבט פאר איהר גוט־הערציגקייט און פאר איהר קלוגשאפט. א קורצע צייט נאָכדעם וויא זיא איז געוואָרען א נאָנע, אין א געוויסען טאָג האָט מען אויפ׳ן גאס אין מאָסקווא געפונען א מאן וואָס איז פּלוצים געפאלען קראנק, מען האָט איהם געבראכט אין האָספיטאל. ער איז געווען א מאטראָז.

דיא דאָקטוירים האָבען אויסגעפונען, אז דער מאן איז א מצורע, א קראנק־הייט, וועלכע איז שרעקליך אנשטעקענד. דיא דאָקטוירים און דיא נאָירסעס האָבען זיך אלע ענטזאגט דעם קראנקען צו אטענדען. אין שטאָדט איז געוואָרען א גרויסער גערודער און אויך אין מאָנאסטיר האָט מען ערפאהרען, אז עס גע־פינט זיך ניט קיין איינציגער מענש וואָס זאָל זאָגאר פאר דער גרעסטער בע־לאָהנונג זיך וועלען בעשליסען דיעזען געפעהרליכען קראנקען צו אטענדען.

דיא שעהנע ראָזאליע האָט זיך באלד געמעלדעט צו דער נאָנען־מוטער און ערקלערט, אז זיא וויל איבערנעהמען דעם אונגליקליכען צו פּפלעגען. דיא היי־ליגע מוטער און אלע אנדערע אין מאָנאסטיר האָבען זיא דערפון אָבגערעדט, אָבער ראָזאליע איז געווען פעסט ביי איהר בעשלוס צו געהן רעטען א מענשען־לעבען, ווען זיא זאָל אפילו וויסען, אז זיא וועט דאביי איהר אייגענעם לעבען פערלירען.

מען האָט דעם קראנקען געבראכט אין א קליינע אָבגעזונדערטע הייזעל וויים פון שטאָדט. ראָזאליע איז אהין באלד אוועק און דאָרט איז זיא פערבליבען מיט׳ן קראנקען פולע אכט וואָכען. זיא פלעגט דעם קראנקען וואשען און שמירען און רייניגען און געבען עסען און מאכען דעם געלעגער. דיא גאנצע צייט האָט זיא קיין לעבעדיגען מענשען ניט געזעהן אין דיא אויגען, אויסער דעם קראנקען, וועלכער איז וואָס ווייטער אלץ מעהר און מעהר געפעהרליך קראנק געוואָרען.

אלע מאטעריאלען און דיא נויטיגע שפּייזען פלעגט מען ברייננען פון האָספּיטאל און אוועקשטעלען צוואנציג טריט פון הייזעל, דאן איז דער איבער־ברייננער אנטלאָפען שנעל און האָט געציטערט טאָמער שטעקט ער זיך אָן מיט דיעזער שרעקליכער קראנקהייט. ראָזאליע פלעגט עפענען דיא טיהר, צונעהמען אלעם וואָס מען האָט געבראכט און צוריק אריין אין הייזעל און פערריגלען דיא טיהר.

דאָס אלעם האָט פּאסירט ווינטער צייט. איינמאָל אין א געוויסע נאכט האָט אויסגעבראָכען א געוואלטיגער שטורם. דיא כוואליעס פון טייך מאָס־קווא האָבען געברויזט ריכטיג וויא זיי וואָלטען וועלען קעמפּפען געגען קאלטען ווינד וואָס וויל זיי בעגראָבען אונטער א שווערע דעקע פון אייז.

ראָזאליע איז געזעסען ביי׳ם קראנקען און איהרע שעהנע ראָזע ליפּען האָבען זיך בעוועגט מיט געבעט. זיא האָט זיך געפיהלט אזוי איינזאם, אזוי אָבגעזונדערט פון דער גאנצער וועלט, גראדע וויא זיא וואָלט דאָ געווען אליין

אויף אן אונבעוואָהנטען אינזעל, אין מיטען שטורמדיגען ים, ווייט פון יעדע מענשליכע הילפע.

דער שטורם האָט געריסען דיא פענסטער און האָט אויף זיי געוואָרפען גאנצע בערג מיט שנעע. פלוצלונג איז דיא יונגע נאָנע אויפגעשפרונגען און האָט זיך צו עפּעס צוגעהערט. וואָס איז דאָס? וואָס זאָל עס בעדייטען? עס האָבען זיך געהערט טריט ארום דער הייזקע. באלד האָט זיך דערהערט א מענשליכע שטימע, א קלאַפּ אין טיהר. וואהרשיינליך — האָט זיא געדענקט — פערלאנגט יעמאנד הילפע אין נויט.

—עפענט, האָט רחמנות, אום גאָטעס ווילען, עפענט! האָט מען גערופען פון דרויסען, האָט מיטלייד, לאָזט מיך אריין אין הויז!

— איך קען ניט, איך דארף אייך ניט עפענען, האָט ראָזאליע געענטפערט פון אינעווייניג. אונגליקליכער, אנטלויפט פון דאנען, דאָ הערשט דיא טויט־געפאהר!

אָבער אין נעכסטען מאָמענט האָט זיך דיא טיהר האסטיג געעפענט, ראָזאליע האָט גראדע היינט פערגעסען דיא טיהר צו פערריגלען. באלד איז אריינגעקומען א וואונדער־שעהנער, הויך־געוואקסענער יונגער מאַן. ער איז אין גאנצען געוועזען בעדעקט מיט שנעע און פון זיינע בלאָנדע לאָקען וואָס זיינען אראָבגעהאנגען איבער׳ן שטערן האָט געטריפט וואסער.

ווען ער האָט דערזעהן דיא שעהנע יונגע נאָנע, איז ער איבערראשט גע־בליבען שטעהן. אָבער דאן האָט ער זיין הוט אראָבגענומען און מיט א העפליכע פערנייגונג האָט ער געזאָגט:

— ענטשולדיגט מיר, פרומע שוועסטער, וואָס איך האָב מיך אהער אריינ־געריסען כמעט וויא מיט געוואלד. איך בין דאצו געצוואונגען געוועזן. איך האָב געוואָלט געהן נאָך מאָסקווא, אָבער אין וועג האָט אויסגעבראָכען דער שטורם און ס׳איז אונמעגליך יעצט אין גאס צו געהן, עס שמעקט מיט טויט געפאהר. גראדע האָב איך מיר נאָך אין וועג עטוואָס אויסגעלונקען א פּוס און אויב איך זאָל ווייטער געהן, וועל איך געוויס דערפרוירען ווערען. איך בעט אייך אלזאָ, פרומע שוועסטער, אויב ס׳איז ניט מעגליך איך זאָל דאָ איבערנעכטיגען, דאן ערלויבט מיר זיך אם וויינגסטען אָנצוואָרימען און פערבלייבען אזוי לאנג ביז איך וועל זיך עטוואָס ערהאָלען אָדער פיליייכט וועט דער שטורם אונטער־דעסען נאָכלאָזען.

— ניין, פרעמדער, האָט ראָזאליע געזאָגט. אויב אייער לעבען איז אייך ליעב, מוזט איהר שוין פון דאנען ארויסגעהן. ווען איהר וואָלט וויסען וואָלט איהר בעסער אריבערגעטראָגען קעלט און שטורם און אהער ניט אריינקומען.

— אזוי אונערבארעמליך זיינט איהר, פרומע שוועסטער? האָט דער יונגער מאַן געפרעגט און האָט בעטראכט איהר שעהנע געזיכט מיט פאַרשענדע

בליסען. איהר ווילט גאָר ניט העלפען א רייזענדען, וועלכער איז אזוי מיעד און אויסגעמאטערט און שוועבט צווישען לעבען און טויט?

— גראדע דאריבער ווייל איך האָב מיט אייך מיטלייד דארף איך ניט ערלויבען איהר זאָלט אין דיעזען הויז פערבלייבען. דאָ ליעגט א מצורע, אן אנשטעקענדער קראנקער, מיט וועלכען איך בין גאנץ אליין. זיין צושטאנד ווערט אלע מאָל ערגער. ער וועט וואהרשיינליך אין קורצען שטארבען, דען דיא ערצטע האָבען מורא געהאט איהם צו קורירען און עס האָט זיך פאר איהם אויך קיין ווערטעריין געפונען. דארום האָב איך דיעזע פפליכט איבערגענומען.

— דאן זיינט איהר ווערטה מען זאָל אייך בעוואונדערען, פרומע שוועסטער.

— אונז דארף מען ניט בעוואונדערען, האָט ראָזאליע געענטפערט, וועהרענד א ליעבליכע רויטקייט האָט בעדעקט איהר שעהנעב געזיכט. מיר נאָנען פערלאנגען רעספעקט ניט פאר זיך נור פאר אונזער הייליגען אמט. דארום מוזט איהר מיך פאָלגען ווען איך בעט אייך, אז איהר זאָלט פון דיעזען הויז וואָס שנעלער ארויסגעהן. אָה, וויא שרעקליך וואָלט דאָס געווען, ווען עס זאָל מיט אייך, חלילה, אזא אונגליק פאסירען!

ראָזאליע האָט דיעזע ווערטער אויסגעשפראָכען מיט גרויס אנגסט און אויפרעגונג, וועהרענד דער יונגער מאן האָט אויסגערופען:

— וואָס פיר אן אונגליק קען מיך דען טרעפען? ווען איהר זיינט דאָ, מעג איך דאָך אויך זיין.

— וועגען מיר איז ניטאָ וואָס צו רעדען, מיין אמט און מיין בערוף פאָדערען עס פון מיר. איך האָב זיך יעדענפאלס פון דער וועלט ענטזאגט און בין פערטיג צו שטארבען, ווען דאָס זאָל זיין גאָט'ס ווילען.

— אין דיעזען פאל האָב איך אן אמט וואָס פאָדערט עס פון מיר אויך, דען איהר מוזט וויסען, פרומע שוועסטער, אז איך בין א דאָקטאָר.

ראָזאליע האָט ביי דיעזע ווערטער אויף איהם א קוק געטהאָן, שטארק איבערראשט. אין איהר אונגלויבליכען שמייכעל האָט ער געזעהן, אז זיא צווייפעלט אויב דאָס איז ריכטיג, ווייל ער האָט אויסגעזעהן צו יונג. ער האָט דאריבער ווייטער פאָרטגעזעצט:

— מיינט ניט, אז איך זאָג אייך אן אויסגעטראכטע זאך. קוקט ניט דאָרויף וואָס איך בין יונג. איך האָב שוין זעהר פיעל שטודירט און בעקומען מיין דיפּלאָם אלס דאָקטאָר ניט אין רוסלאנד, נור אין אויסלאנד, אין דייטשלאנד.

— אויב אזוי, איז זעהר גוט, האָט זיא געזאָגט. אויב איהר זיינט א דאָקטאָר, דאן וועט איהר נאָך מעהר בעגרייפען וויא געפעהרליך עס איז פאר אייך דאָ לענגער צו פערברענגען מיט א מצורע אין איין הויז.

— אָה, דאן האָט מיך גאָט אליין אהער געבראכט! האָט דער יונגער דאָקטאָר זעהר דערפרעהט אויסגערופען. איהר דארפט וויסען, אז גראדע יעצט קום

איך פון כינא וואו איך האב דיעזע קראנקהייט שטודירט אויף ארט און שטעלע און עס האט מיר גאר ניט געשאדעט. איהר זעהט אלזא, ווירדיגע שוועסטער, אז איהר האט קיין ריכטיגע אורזאכע מיך ארויסצוטרייבען אין שנעע־שטורם. גראדע פערקעהרט, אייער פפליכט איז מיר צו ערלויבען דעם אונגליקליכען בע־האנדלען און עס איז זעהר מעגליך, אז נאכדעם וויא דיא מאסקווער ערצטע האבען זיך ענטזאגט איהם צו קורירען וועט ער דורך מיר געהאלפען ווערען.

ראזאליע האט א קורצע צייט זיך איבערלעגט. דא האנדעלט זיך וועגען א מענשען לעבען, וועלכער קען גערעטעט ווערען אויב זיא וועט ניט שטערען, דארום איז עס דאך ווירקליך איהר פפליכט צו ערלויבען דעם פרעמדען, אז ער זאל דא פערבלייבען און קורירען דעם קראנקען.

— זעהר גוט, האט זיא ענדליך איינגעשטימט. פיליכט איז ווירקליך גאט׳ס ווילען, אז דער אונגליקליכער זאל גערעטעט ווערען. פערבלייבט דא.

— דיא מאסקווער ערצטע, האט דער יונגער מאן געזאגט ארייגגעהענדיג אין צימער און ארויבנעהמענדיג זיין מאנטעל, זיי מאכען זיך נור לעכערליך מיט זייער אויסמיידען אזא קראנקען. דיא געפאהר פון אנשטעקונג איז אין דיעזען פאל ניט גרעסער וויא ביי אירגענד אנדערע קראנקהייט, מען דארף נור עטוואס פארזיכטיג זיין. — אלזא יענער דארט איז דער קראנקער?

ראזאליע האט עס בעשטעטיגט מיט קאפ־פערנייגונג, וועהרענד דער יונגער דאקטאר איז צוגעגאנגען צום פאציענט און אונטערזוכענד איהם גענוי האט ער בעטראכט דיא מעדיצין, וועלכע דיא ערצטע האבען איהם געשיקט פון שטאדט, אבוואהל זיי האבען דעם קראנקען קיינמאל געזעהן.

— מיינע מאסקווער קאלעגען, האט דער פרעמדער דאקטאר בעמערקט מיט א שמייכעל, האבען וועגען דיעזען פאל א בעגריף וויא א בלינדער וועגען קאלירען. ווען דער קראנקער זאל אויסטרינקען זאגאר גאנצע פעסער פון דיעזען מעדיצין וואלט עס איהם אויך ניט געהאלפען. איך וועל אנפאנגען מארגען אויף א גאנץ אנדער ארט איהם צו בעהאנדלען.

ראזאליע האט געווארפען א בליק אויף דעם יונגען דאקטאר, אויף זיין שטארקע, שעהנע געשטאלט, זיינע בלאנדע האאר און דאס עדעלע, העכסט סימפאטהישע געזיכט, דאן איז זיא ארויס אין צווייטען צימער און באלד איז זיא פון דארט צוריק געקומען טראגענדיג א טאבלעט מיט שפייזען און א פלאש וויין.

— איהר מוזט זיך דערקוויקען. דאס וויינינגע וואס איך האב דא גיב איך אייך פון גאנצען הארצען, האט זיא געזאגט.

דער פרעמדער האט זיך לאנג ניט געלאזט בעטען און זיך זעצענדיג צום טיש האט ער מיט א גוטען אפעטיט געגעסען און געטרונקען. דאן האט ער

זיך צוריק אין שטוהל געזעצט און פעררויכערט א סיגארעט, נאכדעם וויא ראָזאליע האָט דאָס איהם ערלויבט.

דיא יונגע נאָנע האָט איהם בעטראכט דיא גאנצע צייט מיט זאָנדערבארע בליקען. ניט ווילענדיג האָט זיך ערוועקט אין איהר הארצען א געפיהל פון זיסע, אנגענעהמע הויזליכקייט. דאָס צימער איז איהר פאָרגעקומען גאנץ אנדערש וויא ביז יעצט, גראדע אזוי וויא א טרויער־וואָלקען וואָלט פערפלויגען און אנשטאָט דעם איז יעצט אלעס בעשיינט געוואָרען מיט דיא זונען־שטראהלען פון פרייד.

— דאָס איז א מאַן, האָט זיא ביי זיך געטראכט בעוואונדערענדיג זיין מוטה. געוויס גיבט עס גאנץ וועניג אנדערע מענער וואָס זאָלען זיך קענען מיט איהם פערגלייכען.

דער יונגער דאָקטאָר האָט יעצט אָנגעפאנגען צו דערצעהלען וועגען זיינע וויטע רייזען און וועגען זיין דייטשע היימאט. ראָזאליע, זיצענדיג אין דעם אנדערען ווינקעל פון צימער, האָט איהם צוגעהערט מיט גרויס אינטערעס. זאָגאר דער קראנקער איז שטילער געוואָרען, גראדע אזוי וויא דיא שטימע פון דעם יונגען דאָקטאָר וואָלט אויף איהם געמאכט א בערוהיגענדע ווירקונג.

— אָבער איך האָב אייך צומאָל נאָך ניט ערקלערט מיין נאָמען, האָט זיך אָבגערופען דער פרעמדער. איך הייס וויליאם שטיין. מיין פאָרנאָמען איז אן ענגלישער, ווייל מיין טהייערע, זעליגע מוטער איז געווען אן ענגלענדערין און זיא האָט דורכאויס געוואָלט מיר געבען אזא נאָמען. און וויא הייסט איהר, פרומע שוועסטער?

— איך הייס שוועסטער ראָזאליע.

— און וויא לאנג זייט איהר שוין אין קלויסטער?

— מעהר וויא דריי יאָהר.

אויף דעם שעהנעם געזיכט פון דעם יונגען דאָקטאָר האָט זיך בעוויזען א מיענע פון איבערראשונג און בעדויערען. ער האָט אָבער מעהר קיינע פראגען געשטעלט, נור ער האָט ארויסגענומען פון דעם קליינעם מעדיצין־קעסטעל וואָס ער האָט מיט זיך געבראכט עפּעס א פלעשעל און איינגעגעבען דאפון דעם קראנקען, וועלכער איז צו ראָזאליע׳ס ערשטוינונג ווירקליך באלד נאָך מעהר רוהיג געוואָרען. דעם ערשטען מאָל זייט איינינע וואָכען האָט ער שטארק איינגעשלאָפען.

עס איז געווען דריי אוהר נאָך האלבע נאכט, ווען דער פרעמדער און ראָזאליע האָבען זיך געשיעדען.

— איהר האָט אזוי לאנג געוואכט, ראָזאליע, האָט ער צו איהר געזאָגט, אז עס איז אונבעדינגט נויטווענדיג איהר זאָלט דיעזע נאכט שלאָפען. לאָזט

איבער דעם קראנקען אין גאנצען אויף מיינע הענד, איהר וועט זעהן וויא גוט איך וועל איהם פפלעגען.

ראזאליע האט איהם גענאנקט מיט א שטומען בליק און דאן איז זיא אוועק אין צווייטען צימער וואו עס איז געשטאנען איהר בעט, וועהרענד דער דאקטאר האט זיך צורעכט געמאכט א געלעגער אויף דער ערד.

— ביי גאט! האט געמורמעלט וויליאם שטיין, קוקענדיג אויף דיא טיהר, הינטער וועלכע ראזאליע'ס שעהנע געשטאלט איז פערשוואונדען. יעצט מוז איך זעלבסט גלויבען, אז דיא געטליכע השגחה האט מיך אהער געבראכט. דא האנדעלט זיך ניט נור דעם פאציענט צו רעטען, זאנדערן נאך אן אנדערע קראנקע. וועו א מעדכען איז אזוי שעהן, אזוי ליעברייצענד, אזוי אונשולדיג וואס וויים גע־ווים פון קיינע זינד, ווען זיא ענטזאגט זיך פון דער וועלט און בעגראבט זיך אין א קלויסטער, דאן איז אהן צווייפעל איהר גייסט קראנק. פילייכט וועל איך איהר ערדליע זעעלע קענען אויסקורירען און איך וועל זיך שעצען גליקליך ווען דאס זאל מיר געלינגען.

דעם ערשטען מאל זייט איינינע וואכען האט ראזאליע רוהיג און פעסט געשלאפען דיעזע נאכט און ווען זיא האט אויפגעוואכט איז שוין דיא זונן גע־שטאנען הויך אין הימעל. ווען זיא איז אריינגעקומען אין ערשטען צימער האט זיא געפונען וויא דער דאקטאר זיצט ביי'ם קראנקען, וועלכער האט געשיינט צו זיין היינט פיעל בעסער.

באלד דארף קומען דער געשיקטער פון האספיטאל, וועלכער ברייננט מעג־ליך שפייזען און אנדערע נויטוועגדיגע ארטיקלען. ראזאליע האט גענומען א קארב און אריינגעלייגט אין איהם א צעטעל מיט פאלגענדע אויפשריפט:

— גאט האט מיר צוגעשיקט א דאקטאר, וועלכער האט זיך אונטערגענומען אויסצוקורירען דעם קראנקען. שיקט דיא מעדיצין וועלכע ער פערלאנגט.

אין דיעזען צעטעלע איז געוועזען אריינגעלעגט א צווייטער, אויף וועלכען וויליאם שטיין האט אויפגעשריבען אלע ארטיקלען, וועלכע ער ברויכט דעם קראנקען צו בעהאנדלען. דיעזען קארב האט ראזאליע, וויא געוועהנליך, אוועק־געשטעלט וויים פון הויז און אלס דער געשיקטער פון האספיטאל איז געקומען האט ער עס צוגענומען און געלאזען זיין קארב מיט דיא געבראכטע זאכען.

אין האספיטאל איז מען שטארק איבערראשט געווארען דערפון וואס עס האט זיך געפונען אזא מוטהיגער דאקטאר און מען האט נאטירליך באלד גע־שיקט אלעס וואס ער האט פערלאנגט, אזוי אז וויליאם שטיין האט געקענט דעם קראנקען גאנץ ריכטיג בעהאנדלען. אין פערלויף פון אכט טאג איז דער קראנ־קער אויף אזוי פיעל בעסער געווארען, אז ער האט שוין געקענט אראבגעהן פון בעט און יעדע געפאהר פון אנשטעקונג איז פאריבער.

וויליאם און ראזאליע זיינען אין דער צייט שטארק בעפריינדעט געוואָרען, דאָך האָט קיינער פון זיי וועגען ליעבע א וואָרט ניט גערעדט. ראזאליע האָט איהם נור בעוואונדערט פיר זיין ערעל־מוטה און פיר זיין מערקווירדיג גוטען כאראקטער. וויליאם האָט אויך אין איהר איינגעפונען דעם ערהאבענעם אי־דעאל פון אזא מיידעל, וועלכע ער וואָלט זיך ניעמאלס פאָרגעשטעלט.

דעם אכטען טאָג נאָכדעם וויא דער יונגער מאַן איז געקומען האָט ראזאליע געפונען אונטען אין קאָרב וואָס מען האָט געבראכט פון שטאָדט א בריעף אדרעסירט צו איהר. ביי'ם ערשטען בליק האָט זיא גלייך דערקענט דיא האנד־שריפט פון דער נאָנען־מוטער אויף'ן קאָנווערט.

נאָך איידער זיא האָט דעם בריעף געעפענט איז זיא שרעקליך בלאס גע־וואָרען. דיא הענד האָבען איהר געציטערט וויא אין א פיבער, ווערהענד זיא האָט שנעל דעם בריעף געעפענט און געלעזען. ענדליך האָט זיא זיך ארויפגע־וואָרפען אויף א שטוהל און האָט צוגעדעקט איהר געזיכט מיטביידע הענד ארויסלאָזענדיג פון צייט צו צייט א שווערען זיפץ.

— אום גאָטעס ווילען, וואָס איז מיט אייך, ראזאליע? האָט ביי איהר וויליאם געפרעגט צולויפענדיג צו איהר.

זיא האָט א מאַך געטהאָן מיט דער האנד ער זאָל אוועקגעהן און עס זיינען פאָריבער אייניגע מינוטען איידער זיא איז אין שטאנד געווען א וואָרט צו ענטפערען.

— ס'איז גאָר ניט, האָט זיא געשטאמעלט, איך בין פאָלשטענדיג געזונד.

דאָך איז זיא שנעל אויפגעשטאנען און איז אוועק אין צווייטען צימער. באלד האָט וויליאם געהערט פון דאָרט א ריהרענדעס געוויין און ווען זיא איז אין א שטונדע ארום פון דאָרט ארויסגעקומען זיינען איהרע שעהנע אויגען געווען רויט פון טהרערען.

— דאָקטאָר שטיין, האָט זיא צו איהם געזאָגט זעהר טרויעריג, איך מוז פון אייך אבשיעד נעהמען.

— אבשיעד?!? האָט ער אויסגערופען און האָט איהר געקוקט גלייך אין דיא אויגען. אָבער, ראזאליע, אָה, ניין — ניין! איך קען עס ניט גלויבען, ס'איז אונמעגליך.

— ליידער איז דאָס מעגליך און נויטווענדיג, האָט ראזאליע געענטפערט מיט אראָבגעלאָזענע בליקען. איך מוז געהן. איך האָב ערהאלטען א בריעף פון דער נאָנען־מוטער פון מאָנאסטיר דיעזע הויז זאָפאָרט צו פערלאָזען און קומען צוריק אין מאָנאסטיר און מיין פפליכט איז דיא נאָנען־מוטער צו פאָלגען.

ראזאליע איז ניט אין שטאנד געווען מעהר צו רעדען. דיא טהרערען האָבען זיא געשטיקט. זיא האָט זיך אָבגעווענדעט און האָט פערדעקט איהר גע־

זיכט מיט ביידע הענד און איז ארויסגעלאָפען אין צווייטען צימער. אָבער ער איז איהר נאָכגעלאָפען און האָט אויסגערופען מיט א בעטענדע שטימע:

— אָה, ראָזאַליע, נאָך איינינע ווערטער, הערט אוים וואָס איך וויל אייך זאָגען.

— ניין, ניין, איך דארף אייך ניט הערען, געהט, געהט, אָה, מיין גאָט! פערגעסט דאָך ניט, אז איך בין א נאָנע, אז מיין לעבען געהערט נור צו גאָט — ווילט איהר מיך בעליידיגען?

— בעליידיגען? האָט דער יונגער דאָקטאָר אויסגערופען. גאָט האָט דיא ליעבע איינגעפלאנצט אין מענשען־הערצער, איז דאָס פאר איהם א בעליידיגונג, ווען איך וויל אויסשפרעכען דיא געפיהלען, וועלכע ער האָט מיר געגעבען? ראָזאַליע, איך האָב דיך געליעבט פון׳ם ערשטען אויגענבליק ווען דו ביסט פאר מיר ערשיענען. מיין ליעבע איז פון טאָג צו טאָג גרעסער געוואָרען און יעצט, טהייערע, ווען דו ווילסט פון מיר אוועקגעהן, פיהל איך, אז איך וועל אָהן דיר ניט קענען לעבען.

— אָבער —

— ווארט, טהייערע, איך בין נאָך ניט פערטיג, האָט ער איהר אונטער־בראָכען. וואָס אנבעלאנגט דער גאנצער אידעע דיינער פון ליגען פערשלאָסען אלע דיינע יאָהרען אין מאָנאסטיר, וויא אין א געפענגניס, פערשטעה איך ניט וואָס דאָס האָט פאר א זינן. ניט צו דיעזען צוועק איז דער מענש בעשאפען געוואָרען. דעם מענשען׳ס אויפגאבע דארף זיין צו לעבען און שטרעבען, צו קעמפפען און געניסען. און גיבט עס דען א גרעסערער געגוס אויף דער וועלט וויא זיך צו פערייניגען אין ליעבע? דו ביסט נאָך אזוי יונג, ראָזאַליע, און דו דארפסט דאָך וויסען, אז צו ענטזאגען זיך פון גאָט׳ס שעהנער וועלט איז א פערברעכען.

ראָזאַליע האָט געשוויעגען. זיא האָט גאָר ניט געענטפערט. זיא איז געשטאנען אָבגעווענדעט פון איהם, ווערענד איהר שעהנע געשטאלט האָט געציטערט וויא א לולב. ער האָט דאן ארומגענומען דיא ליעבליבע מיידעל מיט זיינע שטארקע הענט און האָט זיא צוגעדריקט פעסט צו זיין ברוסט.

— לאָזט מיך אָב! לאָזט מיך אָב! האָט זיא זיך פון זיינע הענד געריסען. דאָס וועט דאָך מיך קאָסטען מיין לעבען!

אָבער וויליאם האָט זיא ניט געהערט, דער פייער פון ליידענשאפט וואָס האָט געברענט אין זיין נשמה האָט איהם זיין גאנצען פערשטאנד גערויבט. ער האָט אין דיעזען אויגענבליק איין זאך געוואוסט, אז דיעזע מיידעל איז פאר איהם דיא טהייערסטע אויף דער וועלט און ער קען זיך פון איהר ניט ענטזאגען. און אויך דיא אָרימע שעהנע ראָזאַליע האָט זיך לענגער ניט געקענט צוריקהאל־טען און מיט טהרערען פון פרייד האָט זיא געשטאמעלט:

— איך קען ניט און איך וויל אויך לענגער ניט קעמפפען. מעג מיך דער הימעל פארדאמען, אבער דיא ליעבע איז שטארקער וויא דער גלויבען. וויליאם, געליעבטער, איך בין דיינע!

דאס גליקליכע ליעבענדע פאאר האבען זיך פעראייניגט מיט פייערדיגע קוסען ביז איהר שעהנער קאפ איז וויא ערמידעט געפאלען אויף זיין שולטער. זיא איז געלעגען ביי זיין ברוסט וויא א געבראכענע ראזע און ער האט צערטליך געגלעט איהרע שעהנע, דונקעלע האאר.

— ווילסט דו נאך אימער פון מיר אוועקגעהן, ראזאליע? האט ער גע־פרעגט.

— אבער איך מוז דאך, איך טאר ניט געהן געגען דעם בעפעהל פון דער נאנען־מוטער.

— וויא? דו מיינסט ווירקליך צוריק אין מאנאסטיר צו געהן? אה, ראזאליע, מיין לעבען, מיין נשמה, טהו עס ניט מעהר, בלייב ביי מיר. מיר װעלען ביידע אנטלויפען!

— דאס קען איך ניט, געליעבטער, האט זיא געענטפערט וויינענדיג. איך טאר עס ניט טהאן איבער דיר; דו ביסט דאך א פרעמדער אין רוסלאנד. דיא גייסטליכע דא זיינען זעהר מעכטיג. מען וועט אונז פערפאלגען און כאפען — און דאן ביסטו פערלארען, אזוי גוט וויא איך.

דאך אויף זיינע ערקלערונגען און בקשות האט ראזאליע איינגעשטימט דיעזען טאג צו פערבלייבען מיט איהם. דאן האבען זיי אבגערעדט, אז זיא זאל דעם נעכסטען טאג צוריקגעהן אין מאנאסטיר און ביי דער ערשטער בעסטער געלעגענהייט זאל זיא ערקלערען דער נאנען־מוטער איהרע פערהעלטניסע צום יונגען דאקטאר און זיי האבען גאר ניט געצווייפעלט, אז מען יועט איהר אהן אירגענד וועלכע שטערונגען ערלויבען דעם מאנאסטיר צו פערלאזען. צו וואס פיר א צוועק זאל מען זיא דען דארט וועלען האלטען געגען איהר ווילען?

ראזאליע האט זיך אפילו זעהר געשראקען. זיא האט געפיהלט, אז זיא וועט האבען א שווארצען סוף פון דער נאנען־מוטער, ווען זיא וועט ערפאהרען, אז איהרע א נאנע האט זיך פריהער געלאזט פון א מאן קוסען און יעצט וויל זיא געהן מיט איהם הייראטהען, דאך האט זיא בערעכענט, אז קיין גרויסער אונגליק קען דאך דערפון ניט ארויסקומען. אלעס וואס זיא האט ערוואַרטעט איז, אז דיא נאנען־מוטער וועט פאר כעס אנהויבען שרייען, אז אזא זינדיגע מיידעל טאר זיך אין מאנאסטיר ניט געפינען און זיא זאל זאפארט דעם הייליגען פלאץ פערלאזען, און דאס איז דאך אלעס וואס ראזאליע פערלאנגט.

נאך דיעזען געשפרעך האט דיא געליעבטע פאאר בעשלאסען, אז וויליאם זאל אבווארטען אכט טאג און אין דער צייט וועט ראזאליע דארט אין קלויסטער

אלעם ברייננען אין אָרדנונג. און אזוי האָבען זיי זיך צושיידט מיט הייסע גלי־הענדע קוסען און מיט זודיגע טהרערען אין דיא אויגען.

ווען ראָזאליע איז געווען א פּאָאר הונדערט טריט פון דער הייזקע וואו זיא האָט דעם קראנקען מיט איהר געליעבטען געלאָזט, האָבען זיך פון הינטער א ווערדעל בעוויזען צוויי דונקעלע געשטאַלטען, וועלכע זיינען צוגעגאנגען דירעקט צו איהר. דאָס זיינען געווען צוויי נאָנען פון מאָנאַסטיר. זיי האָבען זיא גאנץ קאַלט בעגריסט און זיינען געגאנגען ווייטער מיט איהר צוזאמען. ראָזאליע האָט זיי געפרעגט וואָס עס הערט זיך דאָרט ביי זיי נייעס, אָבער דיא נאָנען האָבען איהר געענטפערט גאנץ קורץ און גאנץ קאַלט און ס'איז געווען דייטליך צו זעהן, אז זיי ווילען מיט איהר קיין איבעריגע געשפּרעכען ניט פיהרען.

זיי זיינען ענדליך געקומען אין מאָנאַסטיר און מען האָט ראָזאליע'ן גלייך אריינגעפיהרט צו דער נאָנען־מוטער, וועלכע איז דאן גראדע געליעגען אויף דיא קניע און האָט געבעטען. דיא נאָנען זיינען ארויסגעגאנגען און ראָזאליע האָט געמוזט א לענגערע צייט ווארטען ביז דיא מוטער האָט געענדיגט איהר געבעט.

ענדליך איז דיא "הייליגע" מוטער אויפגעשטאנען און איז צוגעגאנגען צו ראָזאליע'ן מיט א רציחה פון א מערדערין.

— אלזאָ, ביסט ענדליך צוריקגעקומען, שוועסטער?

— יא, עהרענווירדיגע מוטער, האָט ראָזאליע געענטפערט מיט שרעק, איך האָב געפאָלגט דעם בעפעהל וואָס איהר האָט מיר צוגעשיקט.

— ווארום ביסט דו ניט געקומען נעכטען ביי נאכט? האָט דיא אלטע געשריען פערקרימענדיג איהר צוקראַטשעטע געזיכט.

— דער קראנקער האָט נאָך געדאַרפט מיין הילפע און ס'איז געווען מיין פּפליכט נאָך א טאָג לענגער ביי איהם צו פערבלייבען.

— עס גיבט קיין פּפליכטען נעגען מיין בעפעהל! האָט דיא אלטע אויס־גערופען מיט צאָרן. אָבער זאָג מיר נור, ראָזאליע, ביסט דו אין דיא לעצטע אכט טעג געווען גאנץ אליין ביי'ם קראנקען?

— ניין, עהרענווירדיגע מוטער, צופעליג איז דאָרט געקומען א פרעמדער דאָקטאָר און ער האָט מיט זיין בעהאנדלונג דאָס לעבען פון אָרימען קראנקען גערעטעט.

— א פרעמדער דאָקטאָר? וואהרשיינליך אן אלטער מאן?

— ניין. ער איז א יונגער מאן.

— און דו ביסט געבליבען אליין מיט איהם צוזאמען, דו אונגליקליכע? האָט דיא הייליגע מוטער אויפגעשטורמט מיט א געוואַלדיגע רציחה. האָסט דו דען פערגעסען, אז דאָס איז דיר שטרענג פערבאָטען? ווארום ביסט דו

ניט אנטלאָפען דיא זעלבע מינוט וויא א פרעמדער מאן איז אהין אין הייזקע אריין?

— הייליגע מוטער, וויא האָב איך דען געקענט ארויסטרייבען דעם דאָקטאָר, וועהרענד פאר׳ן קראנקען איז עס דאָך געווען א לעבענספראגע? איהר ווייסט גאנץ גוט, אז אלע אנדערע דאָקטוירים האָבען זיך ענטזאגט איהם צו קורירען,

— זאָל שוין זיין וויא דו זאָגסט, אז דעם דאָקטאָר האָט מען געמוזט האָבען, אָבער איך פרעג דאָך ביי דיר ווארום ביסט דו דאָרט געבליבען? פאר וואָס ביסט דו ניט אנטלאָפען אזוי שנעל וויא ער איז אין הויז אריינגעקומען? אָבער איך בין א מבין אויף אזעלכע זאכען. איך וועל דיר ערקלערען: פאר וואָס דו ביסט דאָרט געבליבען. עס האָבען זיך אין דיר ערוועקט זינדיגע געדאנקען. א חשק איז צו דיר געקומען צו לעבען אויף דער וועלט אין לוסט און פערגעניגען און דו האָסט ניט געקענט איינהאלטען דיין יצר הרע. אָה, איך ווייס אלעס. כאָטש דו און דער דאָקטאָר זיינט דאָרט געווען גאנץ אליין, פון דעסטוועגען ווייס איך אלעס, ריכטיג וויא איך בין דאביי געווען. איך זעה אויף דיין געזיכט וואָס ביי דיר אין הארצען קומט פאָר. פאל אויף דיא קניע, דו שענדליכע מיי־דעל! דו ביסט אין אונזער גאָט׳ס הויז צוריקגעקומען א זינדיגע.

ראָזאַליע איז פון דיעזע ווערטער אזוי אויפגעקאָכט געוואָרען פון אויפ־רעגונג, אז מעהר האָט זיא איהר כעס ניט געקענט בעהערשען און מיט אן ענט־שלאָסענעם טאָן האָט זיא אויסגערופען:

— א זינדיגע בין איך?! ווארום? איז דען דיא ליעבע, וועלכע גאָט האָט אין אונזערע הערצער איינגעפלאנצט, א זינד? אויב יא, דאן מעגט איהר יעצט וויסען וואָס איך האָב אייך געדענקט צו זאָגען מיט א פאָר טעג שפּעטער. איך וויל מעהר קיין נאָנע ניט זיין. און אין הארצען האָב איך זיך שוין ענטזאגט פון אייך. איך ליעב דעם מאן מיט וועלכען דיא געטליכע השגחה האָט מיך צו־זאמענגעבראכט. זיינע ליפען האָבען מיך געקושט און זיינע הענד האָבען מיך ארומגענומען. איך בין זיין כלה און איך וועל ווערען זיין פרוי.

— זיין פרוי? האָט דיא אלטע אויסגערופען מיט גרויזאמען געלעכטער. דארויף וועסט דו נאָך לאנג ווארטען. גלויבסט דו, אז מען קען געבען א שבועה צו גאָט און שפּעטער דיעזע שבועה ברעכען? מיינסט דו, אז מען קען אריינ־קומען אין א מאָנאסטיר און דעם מאָנאסטיר נאכהער פערלאָזען ווען מען וויל? ניין, שוועסטער! דו וועסט פערבלייבען אין מאָנאסטיר, אָבער ניט אלס א נאָנע, זאָנדערן אלס געפאנגענע, אזוי לאנג ביז דו וועסט תשובה טהאָן און חרטה האָבען אויף דיינע זינד.

דאביי האָט דיא מוטער אָנגעקלונגען און באלד זיינען אריינגעקומען צוויי קרעפטיגע נאָנען וואָס האָבען געשפּיעלט דיא ראָלע פון העגקערינס און דיא מוטער האָט זיך צו זיי געווענדעט:

— איך איבערגיב אייך דיעזע שווערע זינדערין, פיהרט זיא ארונטער אין מארטער־צימער און טהוט מיט איהר לויט דיא געזעצע פון אונזער היילינע הויז.

דיא צוויי גרויזאמע הענקערינס זיינען בעפאלען דיא אָרימע ראָזאליע. עס האָט ניט געהאָלפען איהר וויינען, איהר בעטען, איהר שרייען. דיא בעס־טיעס האבען זיא מיט געוואלד ארויסגעשלעפט פון צימער און ווען זיא האָט ניט געוואָלט געהן, האָבען זיי זיא אָנגענומען פאר דיא הענד מיט דיא פיס און אוועק־געטראָגען.

טיעפער און טיעפער, פון איין טרעפ צום אנדערען, האָבען זיי זיא גע־שלעפט אין איינעם פון דיא קעלערען פון מאָנאסטיר. ראָזאליע איז נאָך אין דיעזע שרעקליכע קעלערען קיין מאָל ניט געווען, אָבער זיא פלעגט אימער דענקען מיט שוידער וועגען זיי. גאנץ אָפט ביי נאכט ווען אלעס אין מאָנאסטיר איז געווען שטיל פלעגט זיא הערען פון דארט פערצווייפעלטע יאָמער געשרייען. און דאן האָבען איהר דיא נאָגען דערצעהלט, אז אונטען אין דיא קעלערען מאַ־טערט מען דיא זינדיגע נאָנען. און אָט אין דיא זעלבע שרעקליכע פלעצער ווארפט מען זיא דאָס יעצט אריין.

אָבער דאָס וואָס מיט דער אונגליקליכער איז באלד פאָרגעקומען איז נאָך געווען פיעל ערגער וויא אלע שרעקענס וואָס זיא האָט זיך געקענט פאָרשטעלען. דיאביידע נאָנען האָבען זיא אריינגעטראָגען אין א קעלער, אראָבגעריסען פון איהר דיא קליידער און איהר נאקעטען קערפער צוגעבונדען מיט שטארקע שטריק צו א הויכען, שווארצען קרייץ און יעדע פון זיי האָט גענומען שמייסען דיא אונגליקליכע מיט גראָבע רימענס.

אומזיסט האָט ראָזאליע געבעטען רחמנות. זיא וואָלט מיט איהרע פער־צווייפעלטע געשרייען גיכער געקענט ריהרען דיא שטיינערנע ווענד פון קעלער וויא דיא מערדערישע הערצער פון דיעזע שענדליכע נאָנען, וועלכע האָבען זיא מיט א טייפעלשע לוסט געפייניגט און געמאַטערט.

דיא צארטע ראָזא־הויט פון ראָזאליע'ס שעהנעם קערפער איז צוריסען גע־וואָרען און פון פיעלע ערטער האָט אָנגעפאנגען פליסען בלוט. איהרע שנעע־ווייסע ארמס, איהר ליעבליכע געזיכט, וועלכע וויליאם האָט געסטערן אזוי האר־ציג געקוסט — אלעס איז געוואָרען ברוין און בלוי און דיא ווייבליכע בעסטיעס האָבען זי אזוי לאנג געמאַטערט און געשמיסען ביז איהר שעהנער קאָפּ איז ענדליך אראָבגעזונקען אויף'ן ברוסט און זיא איז גאנץ שטיל געבליבען.

— יעצט מוזען מיר אויפהערען, האָט איינע פון דיא הענקערינס זיך אָב־גערופען. זיא איז אין אונמאכט און זיא פיהלט שוין יעדענפאלס ניט דיא שמערצען.

— זאָל זיא דאָ בלייבען הענגען אויף'ן קרייץ, האָט דיא אנדערע געזאָגט

מיט א ברוטאלען געלעכטער, ווען דיא הייליגע מוטער וועט חי'סען וועלען מיר זיך צו איהר וויעדער נעהמען.

ווען ראַזאליע האָט ערוואכט איז זיא געוועזען אליין. זיא איז נאָך אימער געשטאנען צוגעבונדען צום שווארצען קרייץ און זיא האָט געפיהלט שלעכט וויא צום שטארבען. אָבער דער געדאנק ועגען וויליאם האָט איהר געגעבען קראפט אלע יסורים אריבערצוטראָגען. זיא האָט געהאָפט, אז אין אכט טאָג ארום וועט ער קומען און וועט פאָדערען מען זאָל זיא איהם ארויסגעבען. און ווען דיא "מוטער" וועט אפילו דארויף ניט איינוויליגען וועט ער שוין געפינען א מיטעל וויא זיא צו בעפרייען.

דיעזע האַנדלונג, דיעזע טרייסט האָט פון דעסטוועגען ניט געקענט פערלייכטערען דיא שרעקליכע שמערצען וואָס זיא האָט געליטען פון דיא וואונדען. אין פערלויף פון אכט און פיערציג שטונדען האָט מען זיא געלאָזט שטעהן אין אזא לאגע אָהן שפייז און אָהן א טרונק וואסער אפילו. דיא פיס זיינען שוין געוועזען ביי איהר אזוי וויא אָבגענומען. דער רוקען האָט איהר געבראָכען, דער הונגער האָט זיא געפייניגט און דער דורשט האָט זיא פירכטערליך געמאַטערט. דאָך האָט זיך קיינער ניט בעוויזען, דיא טיהר פון קעלער איז געבליבען פערשלאָסען.

ענדליך האָט זיך דיא טיהר געעפענט. דיא שענדליכע "הייליגע" מוטער איז אריינגעקומען און האָט בעטראכט דיא געפייניגטע מיט קאלטע מערדערישע בליקען.

— האָסט דו שוין יעצט חרטה אויף דיינע זינד? האָט זיא געפרעגט ביי ראַזאליע'ן.

— בינדט מיך אָב, האָט זיך ביי איהר דיא אָרימע געבעטען וויא מען בעט זיך ביי א מערדערין. איך וועל דיעזע מאַטערנים לענגער ניט אריבערטראָגען. אויב איהר מיינט מיך ניט צו טויטען, דאן האָט מיטלייד און בעפרייט מיך!

— איך פרעג דיך אויב דו האָסט יעצט איינגעזעהן דיין גרויסען פערברעכען, אויב דו ביסט גרייט זיך צו ענטזאגען פון דיין זינדיגע ליעבע און ווערען צוריק א פרומע כלה פון אונזער גאָט יעזוס קריסטוס?

ראַזאליע האָט ניט געענטפערט, נור איהר אויפגערעגטע ברוסט האָט געאטהעמט שווער וויא אין א געפעהרליכען פיבער.

— ווילסט דו שווערען, האָט ביי איהר נאָך אמאָל געפרעגט דיא גרויזאמע מוטער, ווילסט דו שווערען, אז דו וועסט פערגעסען יענעם מאן, וועלכער האָט דיך אָבגנערעדט פון גאָט?

— איהם פערגעסען? האָט ראַזאליע אויסגערופען אויפהויבענדיג איהר שעהנע געזיכט, אָה, ניין. דאָס קען איך ניט. איך וועל איהם ניעמאלס פערגעסען, ווייל איך ליעב איהם.

— אָה, דו שענדליכע, דאמיט האָסט דו דיין שיקזאל בעשלאָסען, בינדט זיא אָב!

דיאביידע הענקערינס, וועלכע זיינען געשטאנען אויף דיא טרעפ גרייט צו דיענען דער היילינער מוטער מיט אלעם וואָס זיא וועט זיי בעפעהלען, זיינען באלד ארּאבגעלאָפען און האָבען ראָזאליע׳ן אָבגעבונדען און אוועקגעפיהרט נאָך אין א טיעפערען אונטער־אירדישען קעלער וואו דיא געפאנגענע איז געפאַלען אויסגעמאטערט אויף א פערפוילטען בינטעל שטרוי. מען האָט איהר דאן געבראכט א שטיקעל פערדארטע ברויט מיט שמוציגע וואסער און וויא עקעלהאפט דיעזע שפייז איז געוועזען האָט זיך ראָזאליע דאמיט ערנעהרט אום איהר לעבען צו ערהאלטען.

און לעבען האָט זיא געוואָלט יעצט מיט איהר גאנצער נשמה, לעבען פאר איהר וויליאם׳ען. זיא האָט געהאָפט, אז אין איינינע טעג ארום וועט ער קומען און וועט זיא רעטען. האלב פון דער בעשלאָסענער צייט איז דאָך שוין פערגאנגען. קוים האָט זיא אזוי פיעל אריבערגעטראָגען וועט זיא שוין דיא אנדערע העלפט אויך וויא עס איז אריבערקומען. ווען דיא גרויזאמע היילינע מוטער זאָל זאָגאר הייסען נאָך שווערער זיא צו פייניגען, וועט איהר גאָט געבען קראפט אלעם אריבערצוטראָגען.

אזוי איז דיא אונגליקליכע געלעגען אין איהר שרעקליכען קערקער, ניט וויסענדיג צומאָל ווען ס׳איז טאָג און ווען ס׳איז נאכט און אין דער זעלבער צייט האָט וויליאם אין גרוים אונגעדולד פערבראכט דיא צייט אין יענע איינזאמע הייזקע אונטער׳ן שטאָדט און האָט אויף א מינוט ניט געקענט פערגעסען אין זיין געליעבטע.

באלד וויא זיא איז אוועק פון איהם איז ער געוואָרען זעהר שטארק אונרוהיג. ער האָט נאטירליך זיך זאָגאר ניט געקענט פאָרשטעלען וואָס פיר א שרעקליכער שיקזאל זיין ראָזאליע׳ן ערווארטעט דאָרט אין מאָנאסטיר. דאָך האָט ער ניט געקענט אריבערטראָגען דעם געדאנק וואָס ראָזאליע וועט פיללייכט מוזען האָבען אונאנגענעהמליכקייטען פון דער פאָרשטעהערין פון מאָנאסטיר.

— איך האָב זיא אייגענטליך געדארפט בעגלייטען, האָט ער זיך געטראכט. ווען דיא נאָנען־מוטער וואָלט געזעהן, אז זיא איז געקומען צוזאמען מיט מיר, וואָלט זיא געוואוסט, אז ראָזאליע מיינט אין ערנסט ארויסצוטרעטען פון מאָנאסטיר און אז עס איז אומזיסט זיא אָבצורייידען אָדער אָבצוהאלטען.

אין א פאָר טעג ארום האָט מען דעם קראנקען פון דער הייזקע אָבגעפיהרט אין מאָסקווער האָספיטאל, ווייל יעצט איז שוין קיין געפאהר פון אנשטעקונג ניט געוועזען. דיא גרעסטע פּראָפעסאָרען זיינען געקומען צום יונגען דאָקטאָר און האָבען איהם אויסגעשפּראָכען זייער דאנק און זייער בעוואונדערונג. מען האָט איהם אויך איינגעלאדען אין דיא פאָרנעהמסטע קרייזען פון שטאָדט,

אבער וויליאם האט בעשלאסען דיא הייזקע ניט צו פערלאזען און ווארטען דארט אויף זיין געליעבטע. עס קען דאך זעהר מעגליך זיין, האט ער גערענקט, אז זיא וועט קומען צו איהם פריהער וויא דיא אבגעמאכטע צייט.

ענדליך איז געקומען דער אכטער טאג נאכדעם וויא ראזאליע איז פון איהם אוועקגעגאנגען. וויליאם האט געברענט פון אונגעדולד. ער איז אלע ווײלע געלאפען אין דרויסען ארויס און זיינע אויגען זיינען געווען געווענדעט צום ברעג פון טייך מאסקווא. דארט מוז זיא זיך בעוויזען, האט ער געמורמעלט צו זיך אליין, און זא שנעל וויא ער וועט זיא נור דערזעהן וועט ער איהר אנטקעגען לויפען און וועט זיא אומארמען מיט'ן אמת'ען פייער פון ליעבע און טרייהייט, דאן וועלען זיי ביידע פערלאזען רוסלאנד און אבפאהרען אין זיין היימאטה. ער שטאמט פון א גאנץ רייכע פאמיליע און ער ווייסט, אז זיין מוטער וועט ראזאליע'ן בעגריסען מיט פרייד אלס איהר געליעבטע טאכטער, דאן וועט ער פאלשטענדיג גליקליך זיין.

אין אזעלכע געדאנקען איז ער ארומגעגאנגען ביז פאר נאכט. אבער ראזאליע איז ניט ערשיענען. עס איז ענדליך גאנץ פינסטער געווארען. יעדע מינוט האט זיך איהם געדאכט, אז ער הערט טריט, אבער דאס האט איהם בלויז זיין אויפגערעגטע פאנטאזיע אבגענארט. ראזאליע האט זיך ניט בעוויזען.

דעם נעכסטען טאג גאנץ פריה האט ער זיך אויף שנעל אנגעטהאן און איז אוועק נאך מאסקווא. ער איז געלאפען דירעקט אין מאנאסטיר. דארט האט ער אנגעקלונגען און ווען מען איז איהם אנטקעגען געקומען עפענען דיא טיהר האט ער געבעטען מען זאל וועגען איהם מעלדען צו דער פארשטעהערין פון מאנאסטיר.

— וואס פערלאנגט איהר, מיין הערר? האט זיא ביי איהם געפרעגט מיט א מינע פון פאלשע פריינדליכקייט. מיט וואס קען איך אייך דיענען?

— עהרענווירדיגע מוטער, האט וויליאם געענטפערט. איך בין געקומען אום אייער קירכע א שאדען צו טהאן. איך האב דיא שוועסטער ראזאליע קענען געלערענט. גאט האט אונז צוזאמענגעפיהרט און אונזערע הערצער זיינען מיט ליעבע פערבונדען געווארען. שוועסטער ראזאליע האט אלזא בעשלאסען דעם מאנאסטיר צו פערלאזען.

"דאס פערמעגען וואס זיא האט אריינגעבראכט מעג בלייבען אין מאנאס־טיר. איך בין אליין גענוג רייך און אונזער פאמיליע שטעהט זאגאר אין געוויסע בעציהונגען נאהענט צום הויף פון אונזער קעניג פריעדריך דעם גרויסען. איך האב מיט מיר רעקאמענדאציאנס בריעף צום דייטשען געזאנדעטען אין פע־טערבורג, וועלכער וועט געוויס זיך אננעהמען פאר מיר און פאר מיין כלה. דאך וואלט איך בעסער וועלען, אז זיא זאל נעהמען א פריעדליכען אבשיעד פון דיא יעניגע, וועלכע זיא האט געליעבט.

"איך וויל איך נור אויפמערקזאם מאכען, עהרווירדיגע מוטער, אז ראזאליע איז נאך פארלויפיג ניט געווארען קיין פאלשטענדיגע נאנע. זיא ענדיגט יעצט בלויז איהר פראבע צייט און קיינער קען זיא דאריבער ניט צוריקהאלטען אין מאנאסטיר, ווען זיא וויל דא ניט בלייבען. איך בעט אייך אלזא איהר זאלט שיקען זיא זאל אהער אריינקומען און איהר זאלט אונז ערלויבען צוזאמען פון דאנען ארויסגעהן.

דיא אלטע נאנען-מוטער האט אלעס געלאסען אויסגעהערט, אבער אין איהרע פינסטערע געדאנקען האט זיא שוין געהאט אן אנדער פלאן בעשלאסען. זיא האט געוואוסט, אז דער יונגער מאן האט רעכט. און ווען ער זאל זיך ווירק־ליך ווענדען צום דייטשען קאנסול קען דערפון ארויסקומען א גרויסער סקאנדאל און זיא אלס פארשטעהערין קען דערפון זעהר מיאוס אבשניידען פאר וואס זיא האט אן אונשולדיגע מיידעל אזוי גרויזאם געפייניגט און געווארפען אין גע־פענגנים.

— גוט, פרעמדער, האט זיא געענטפערט נאך א קורצען נאכדענקען. אויב איהר זיינט פעסט ענטשלאסען ראזאליע'ן צו הייראטהען, דאן קען איך אייך ניט שטערען. אבוואהל דיא ווארהייט זאגענדיג קומט עס אויס ביי מיר אלס א גרויסע זינד און איך צווייפעל אויב איהר וועט בלייבען ביי אייער בעשלוס ווען איהר וועט זיך דיא זאך רוהיג איבערלייגען.

— איך דארף קיינע איבערלעגונגען, הייליגע מוטער, ראזאליע מוז ווערען מיין פרוי, דאס איז דער איינציגער ציעל פון מיין לעבען. איך בעט אייך נאך א מאל, האלט מיך ניט לאנג, שיקט זיא אריינרופען און לאזט אונז געהן.

— דאס געהט ניט אזוי שנעל וויא איהר מיינט, הערר דאקטאר. ראזאליע האט מיר שוין דאס אלעס ערקלערט און דאס געזעץ פון אונזער מאנאסטיר זאגט, אז יעדע נאנע וואס וויל ארויסטרעטען פון אונזער גאטעס-הויז מוז אכט טאג פערבלייבען איינגעשלאסען אין א צימער גאנץ אליין מיט איהרע געדאנקען, קיינער זאל אויף איהר קיין איינפלוס האבען, פיללייכט וועט זיא אין דער צייט זיך אנדערש בעדענקען.

— און ווען איז דיעזע בעדענקס-צייט פאר ראזאליע'ן געענדיגט?

— היינט אבענד.

— און דאן וועל איך שוין קענען מיין ראזאליע'ן זעהן און זיא ארויספיהרען פון מאנאסטיר?

דיא "הייליגע" מוטער האט דארויף ניט געענטפערט. זיא האט גענומען ארומגעהן איבער'ן צימער הין־און־צוריק פערטיעפט אין מחשבות, דאן איז זיא פלוצים געבליבען שטעהן געגען איהם און האט אויסגערופען מיט א פעסטען טאן:

— הערט נור אויס, מיין הערר, וויא געזאגט וואלט איך קיינמאל ניט צוגע־שטימט דארויף וואס איהר פערלאנגט, דאך איז עס מיר פון דער צווייטער זייט

כמעט וויא אנגענעהם, אז ראָזאליע זאָל פערלאָזען דיא הייליגע הויז נאכדעם וויא ס'איז שוין צווישען איהר און אייך אזוי וויט געקומען. איך גיב אלזאָ מיין איינוויליגונג, אָבער אויף געוויסע בעדינגונגען.

— צום ביישפּיעל?

— ראָזאליע מעג ווערען אייער פרוי, אָבער אזוי שנעל און גלאט וויא איהר שטעלט זיך עס פאָר איז דאָס אונמעגליך. איהר מוזט דאָך בערעכענען, אז דער גוטער בערוף פון אונזער מאָנאסטיר ווערט דערפון זעהר פיעל ליידען. ווען מען זאָל אין דער עפענטליכקייט ערפאהרען, אז איינע פון אונזערע שוועסטער איז ארוים כמעט וויא געארמט פון דאנען מיט א פרעמדען מאנספערזאָן, וועט עס אויפקאָכען דיא גאנצע רעליגיעזע וועלט. מיר מוזען דאריבער מאכען דיא זאַך אזוי שטיל און געהיטזאם וויא מעגליך. און איהר אלס עהרען־מאן מוזט דארויף איינוויליגען.

— זעהר גערן. דען איך מוז צוגעבען, אז אין א געוויסען זינן איז דאָס גאנץ ריכטיג. אָבער וויא, דענקט איהר, ווען מיר עס מאכען?

— צוערשט מוזט איהר באלד און טאקי היינט פערלאָזען רוסלאנד —

— וויא? האָט וויליאם אויסגערופען א דערשראָקענער, איך אליין? אָהן ראָזאליע'ן? ניין, דארויף קען איך ניט איינוויליגען.

— פאָר וואָס? האָט דיא "הייליגע" מאמע געפרעגט מיט א גאנץ געלאַסענעם טאָן. האָט איהר פיליכט געגען אונז א פערדאכט, אז מיר ווען איהר עטוואָס שלעכטעס טהאָן? גלויבט איהר, אז מיר זיינען אזעלכע גרויזאמע אונמענשען דאָס מיר וועלען אנוועגדען געוואלד־טהאטען און זיא צוריקהאלטען?

וויליאם איז אין גרויס פערלעגענהייט עטוואָס רויט געוואָרען און ער האָט ווירקליך ניט געוואוסט וואָס ער זאָל דארויף ענטפערען.

— איהר מיינט אלזאָ, עהרענווירדיגע מוטער, אז ראָזאליע וועט מיר באלד נאָכפאָהרען? האָט ער ענדליך געזאָגט. וועט איהר מיר דארויף געבען אייער הייליג וואָרט?

— יא, איך שווער אייך ביי מיין הייליגען אמט, האָט זיא געענטפערט, אז ראָזאליע וועט מיט דריי טעג שפּעטער פון דאנען אָברייזען און אין פערלויף פון אכט טאָג וועט זיא זיין ביי אייך. וויא איך האָב געהערט וואָהנט איהר אין בערלין. דענקט איהר דאָרט ראָזאליע'ן צו ערווארטען?

— ניין, עהרענווירדיגע מוטער. איך וועל זעהן וואָס שנעלער זיך מיט איהר צוזאמענטרעפען. דארום וועל איך דיא דריי טעג פערבלייבען אין טהאָרן, א פעסטונג־שטאָדט ביי'ם רוסיש־פּרייסישען גרענעץ. דאָרט וועל איך דיא דריי טעג פערבלייבען אין דעם האָטעל "קעניג פון פּרייסען".

— זעהר גוט. און איך שווער אייך נאָך אמאָל, אז ראָזאליע וועט ווערען אייער פרוי.

— קען איך פיליכט מיין כלה זעהן, וויינינגסטענס אויף א פאר מינוט?

— אונמעגליך. איך האב אייך שוין געזאגט, אז וועהרענד דיא אכט טאג פון בעדענק־צייט טאר קיינער אויף איהר ניט מאכען דעם מינדעסטען איינפלוס. איך אליין און דיא אנדערע שוועסטער קומען צו איהר ניט אריין. זיא מוז בלייבען גאנץ אליין מיט איהרע געדאנקען און דאן א פרייען בעשלוס אננעהמען.

— אָה, דאן ערלויבט מיר וויינינגסטענס, עהרענווירדיגע מוטער, איינינע צייל'ען צו מיין געליעבטער צו שרייבען.

— איך וואלט אייגענטליך דאס אויך ניט געדארפט ערלויבען, האט זיא געזאגט גוטמוטהיג, דאך בין איך אזוי טיעף געריהרט פון אייער טרייע ליעבע, אז ס'איז מיר אונמעגליך אייך דאס צו ענטזאגען. זעצט זיך אלזא דארט ביי'ם שרייב־טיש און לאזט איבער ראזאליע'ן אייער שריפטליכען גרוס.

— איך דאנק אייך, גוטע מוטער, פאר אייער גוטהערציגקייט.

מיט דיעזע ווערטער האט וויליאם זיך געזעצט צום טיש און אין גרוים אויפרעגונג האט ער האסטיג אויפגעשריבען פאלגענדע צייל'ען:

„מיין טהייערע, הייסגעליעבטע ראזאליע: —

„דורך דיא גוטהערציגקייט פון דער הייליגער נאנען־מוטער בין איך אין שטאנד דיר וויינינגסטענס דיעזע איינינע צייל'ען צו שרייבען. אָך, דיעזע טויטע בוכשטאבען קענען דיר אפילו קיין טויזענד חלק ניט איבערגעבען פון מיינע ליעבעס געפיהל'ען צו דיר, מיט וואס פיר א הייסע אונגעדולד, מיט וואס פיר א טרייע ליעבע איך ערווארט יענע גליקליכע שטונדע ווען מיר וועלען וויעדער זיין פעראייניגט, ווען דו וועסט זיין מיינע. איך וועל דיך ערווארטען אין טהארן, ביי דעם רוסיש־פרייסישען גרענעץ. דיא עהרענ־ווירדיגע מוטער וועט דיר אלעס ערקלערען פאר וואס דאס איז נויטיג געוועזען. אָה, שנעל, טהייערע ראזאליע, קום שנעל! דיא ארמס פון דיין וויליאם זיינען אָפען דיך צו עמפפאנגען.

„איך דריק אין געדאנק א קוס אויף דיינע ראזע־ליפעלאך. איך קוק אין דיינע שעהנע אויגען און בלייב דיינער אויף אימער און עביג — וויליאם".

דיעזען בריעף האט ער דאן פערזיגעלט אין א קאנווערט און דערלאנגט דער נאנען־מוטער, וועלכע האט פערשפראכען זיין וואונש צו ערפילען און ראזאליע'ן דעם בריעף איבערגעבען.

וויליאם האט מיט גרויס רעספעקט געקושט דיא דארע האנד וואס דיא אלטע נאנע האט איהר געררייכט צום אבשיעד און דאן איז ער מיט א פרעהליכע האפ־נונגספולע הארץ ארויס פון מאנאסטיר.

איהם האט זיך אויסגעוויזען אנפאנגס אז עס וועט איהם אויסקומען צו האבען א שווערען קאמפף מיט דער נאנען־מוטער. צום סוף איז אלעס אבגע־

מאכט געוואָרען אזוי לייכט און אזוי גלאט, אז ער האָט זיך יעצט געפיהלט אלס דער גליקליכסטער מענש אויף דער וועלט.

ער איז אוועק צוריק אין'ם הייזעל אונטערן שטאָדט און האָט צוזאמענגע־פּאקט זיינע זאכען אין א באַנדעל. ער האָט אין זיינע רייזען ניט געגלייכט מיטצו־שלעפּען מיט זיך שווערע באגאזשען. אין א האלבע שטונדע ארום איז ער שוין געזעסען אויף'ן דיליזשאנס וואָס פּאָהרט צום דייטשען גרעניץ.

אין אונזערע צייטען ווען מען פליהט פון וויען נאָך פּעטערבורג אין 47 שטונדען, ווען אין 24 שטונדען קען מען פון דעם רוסיש־פּרייסישען גרענעץ קומען ווייט אין צארען־רייך, איז גאָר ניט מעגליך זיך צו מאכען א פּאָרשטעלונג מיט וועלכע שוועריגקייטען, מיט וועלכע געפאהרען אזא רייזע איז דאמאָלס גע־ווען פערבונדען. דיא שלעכטע וועגען, דיא שיכור'ע פּאסטאָליאָנען, דיא שמור־ציגע גאסטהייזער, וואו עס איז זאָגאר פאר גוטעס געלד ניט מעגליך געווען עטוואָס אנשטענדיגעס צו קריעגען, דאן ווידער דיא אויסזיכט פון א רויבער־בעפאל — דאָס אלעס האָט געוויס דעם רייזענדען וועניג פערגעניגען געקענט פערשאפען.

אונזער יונגער דאָקטאָר איז אָבער טראָץ זיין גרויסע אונגעדולד געווען זעהר פרעהליך וועהרענד דיא גאנצע צייט פון דיא יעצטיגע רייזע. איהם האָט זיך פאָרגעשטעלט, אז ער פאָהרט צום הערליכסטען גליק און אז דיא גאנצע נאטור יובעלט מיט איהם פון פרייד. און אזוי איז ער נאָך פערלויף פון אייניגע טעג אָנגעקומען אין דיא פעסטונג־שטאָדט טהאָרן, וואו ער איז ארויסגע־שפּרונגען פון פּאָסט־דיליזשאנס מיט אן אויסרוף פון פרייד. דאָ וועט ער באלד זיין ראָזאליע ווידער געפינען, דאָ וועט ער איהר ערוואָרטען, דאָ וועט ער איהר צו זיין שטורמדיגע ברוסט דריקען און דאָ וועט ער קומען צום שעהנ־סטען ציעל פון זיין לעבען.

"קעניג פון פּרייסען", דאָס איז געווען דער נאָמען פון דעם עלעגאנטעס־טען האָטעל אין דיעזער שטאָדט, וואו וויליאם האָט זיך אָבגעשטעלט אין נומער 2. טראָץ זיין יוגענדליכע קראפט האָט דיא לאנגע רייזע איהם שטארק אָנגע־גריפען און ערמיעדעט כמעט ביז צום טויט איז ער באלד געגאנגען שלאָפען.

ווען ער האָט אויפגעוואכט איז שוין געווען גרויסער טאָג. ער האָט אָב־געשלאָפען גאנצע 10 שטונדען. נאָך דעם פריהשטיק איז זיין ערשטער געדאנק געווען וויא זאָל ער פערברייגגען דיא גאנצע דריי טעג פון אונגעדולדיגען וואר־טען אויף זיין כלה, וועהרענד יעדע שטונדע קומט איהם פאָר וויא א גאנצע עוויגקייט.

ניט האָבענדיג איבעריגעס וואָס צו טהאָן איז ער ארויסגעגאנגען אין גאס. טהאָרן איז שוין דאמאָלס ניט געווען אזא פערשלאָפענע שטעדטעל וויא מען וואָלט זיך געקענט פאָרשטעלען. אונטער דיא טהעטיגע רעגיערונג פון פריעדריך

דעם גרויסען האט שוין אויך אין דיעזען ווייטען ווינקעל געבליהט האנדעל און וואנדעל. דיא פארטען זיינען פערבעסערט געווארען און אויף דיא גרויסע פלעצער זיינען שטענדיג פארגעקומען מאנעווורעס פון זיעגרייכע מיליטערישע רעגימענטען. דער יונגער דאקטאר, וועלכער האט ערשט צוריקגעקעהרט פון א לענגערע רייזע נאך כינא, האט דאס אלעס געפונען אזוי פיעל אינטערעסאנט, אז ער האט וויינינסטענס געקענט זיין צייט פערטרייבען. פלוצלונג האט ער דערהערט וויא מען רופט איהם פון ווייטען:

— וויליאם, דאקטאר שטיין, וויא קומסט דו אין טהארן, פריינד? דו וועלט־שפרינגער, כינא־רייזענדער!

וויליאם האט זיך נים אומגעווענדעט און האט שוין געוואוסט, אז דאס איז זיין בעסטער פריינד, דער יונגער מאיאר פאן־טירפיץ. זיי האבען צוזאמען אין בערלין געלערענט אין איין שול, דאן איז טירפיץ אנגעקומען אין קאדעטען־קארפוס, אום אלס אפיציער זיך אויסצובילדען. ער האט ווירקליך אין א קורצע צייט געמאכט א גלענצענדע קאריערע, דען אם ענדע פון 7־יעהריגען קריעג האט ער זיך אויסגעצייכענט אין מעהרערע מלחמות און דער קעניג זעלבסט האט איהם אויף דעם אפענעם שלאכטפעלד ערנאנט אלס מאיאר.

ביידע פריינדע האבען זיך הערצליך אומגעארמט, וועהרענד טירפיץ האט ביי וויליאם׳ען געפרעגט מיט א מונטערען טאן: וואו האסט דו זיך אבגע־שטעלט?

— אין האטעל "קעניג פון פרייסען".

— זעהר גוט, דארט איז גראדע דער פערזאמלונגס לאקאל פון אלע אונזערע אפיציערען. קום, מיין יונגע, מיר וועלען אונזער וויעדערזעהן בעגריסען מיט א גוטע פלאש וויין און דאביי וועל איך דיך בעקאנט מאכען מיט מיינע קא־מעראדען.

דיעזע איינלאדונג האט וויליאם נאטירליך ניט געקענט ענטזאגען. גראדע פערקעהרט, ער האט עס מיט פערגעניגען אנגענומען און אין א קורצע צייט זיינען זיי ביידע צוריק אין האטעל געקומען און זיינען אריין גלייך אין גרויסען עלעגאנטען שפייזע זאאל.

דיא גרעסטע טהייל פון דיא אפיציערען זיינען דאביי אנוועזענד געווען און וויליאם איז מיט זיי בעקאנט געווארען. זיין נאמען איז איבעריגענס געווען גענוג בעקאנט צו יעדען וואס האט געלעזען אין צייטונג פון׳ם יונגען בעריהמטען דאקטאר וואס האט געמאכט גרויסע ווייטע רייזען אין דיא מזרח־לענדער און איז יעצט געקומען פון כינא, דורך רוסלאנד, צוריק נאך זיין דייטשע היימאטה.

וויליאם האט זיך לאנג ניט געלאזט בעטען און האט אנגעפאנגען צו שיל־דערען זיין רייזע און דיא אינטערעסאנטע פאסירונגען וואס זיינען מיט איהם פארגעקומען, אויף אלעס וואס מיט איהם האט פאסירט אין רוסלאנד. בלויז

איין זאך האָט ער פערשוויגען: זיין בעגעגענים מיט ראַזאליע. דערפון האָט ער ניט דערצעהלט — דיעזע טהייערע געהיימנים האָט ער קיינעם ניט געוואָלט אויסזאָגען.

אויך דיא נעכסטע צוויי טעג האָט וויליאם פערבראכט אין דער געזעלשאפט פון זיין יוגענד־פריינד פאָן־טירפּיץ. דעם פערליעבטען יונגען מאז איז דאָס נאטירליך געווען זעהר אנגענעהם אום עטוואָס זיינע געדאנקען צו צערשטרייען, זאָנסט וואָלט ער דאָס בענקען נאָך ראַזאליע'ן ניט געקענט אריבערטראָגען. אָבער ענדליך וועט שוין מאָרגען זיין דער דריטער טאָג און זיין ראַזאליע וועט געוויס קומען, אויב דיא "הייליגע" מוטער פון קלויסטער וועט ערפילען איהר שבועה וואָס זיא האָט איהם געגעבען. און אז זיא וועט עס געוויס טהאָן, האָט דער יונגער מאן אויף א מינוט ניט געצווייפעלט, דען אזא פרומע, געטליכע פרוי וועט דאָך געוויס ניט שווערען פאַלש.

דעם דריטען טאָג נאָך דעם וויא זיי האָבען אָבגעגעסען מיטאָג האָט זיין פריינד פאָן־טירפּיץ איהם געזאָגט:

— וויסט דו, מיין ליעבער וויליאם, אז היינט אבענד וועלען מיר דאָ אין האָטעל האָבען זעהר אינטערעסאנטע פערגעניגען?

— ווירקליך? האָט וויליאם געפרעגט גלייכגילטיג, ווייל דיא גאנצע זאך איז איהם אין זינען ניט געלעגען.

— דו מוזט וויסען, מיין פריינד, האָט פאָן־טירפּיץ פאָרטגעזעצט, אז מיר האָבען דאָ כמעט גאָר קיין געלעגענהייט ניט צו זעהן ווען עס איז א פאָרשטעלונג. עס טרעפט זעהר זעלטען עס זאָל אמאָל קומען אהער א טרופּע ארטיסטען, א צירק אָדער אנדערע זאכען צום אמוזירען. אָבער גראדע היינט אבענד וועט א בעוואוסטער פראנצויזישער מאגיקער געבען א פאָרשטעלונג אויף דער ביהנע טאקי דאָ אין האָטעל און אלע אונזערע אָפיציערען האָבען בעשלאָסען דיעזע פאָרשטעלונג בייצוּוואוהנען.

— איך וועל וואהרשיינליך דיעזע פאָרשטעלונג ניט בייוואָהנען.

— ווארום? ביסט דו ערגיץ געלאַדען פיר הייטע אבענד?

— ניין, אָבער איך מוז אין מיין צימער איינעם ערווארטען.

— איינעם אָדער איינע? האָט דער מאיאָר געלאכט, וואהרשיינליך איז דאָס איינע. איבעריגעס וויל איך צו דיר אין דער נשמה ניט אריינקריכען, אָבער איך זעה ניט איין ווארום דו זאָלסט ניט געפינען וויניגסטענס א קורצע פרייע צייט צו קומען זעהן דיא פאָרשטעלונג.

וויליאם האָט שליסליך דארויף איינגעוויליגט אוןביידע פריינד זיינען ארויסגעגאנגען אין שטאָדט שפּאצירען. ווען זיי זיינען געקומען צום וואל פון פעסטונג האָבען זיי דאָרט בעגעגענט א מאן זאָנדערבאר געקליידעט אין א

קורצען, ברייטען באנטעל, אויף זיין שפּיציגע געזיכט און אין זיינע גרויסע אוי־גען האָט זיך געזעהן אן אויסדרוק פון שארפען פערשטאנד.

זיין נאָמען איז געווען מאָנסיע טריבולין.

— דאָס איז דער פראנצויזישער מאגיקער, האָט פאָן־טירפּיץ געזאָגט צו זיין פריינד.

— ער איז א זשוליק, א שארלאטאן און אזוי קוקט ער אויך אויס, האָט וויליאם בעמערקט, אין אלגעמיין האלט איך ניט פון אזעלכע מענשען וואָס זייער גאנצע פּראָפעסיאָן בעשטעהט נור אין שווינדעל און בעטרוג.

ביי דיעזען געשפּרעך זיינען זיי ביידע אָנגעקומען אין פאָרשטאָדט. דאָרט האָט פאָן־טירפּיץ פון זיין פריינד אבשיעד גענומען און וויליאם איז צוריק אוועק־געגאנגען אין זיין האָטעל־צימער, צו ערוואָרטען זיין ראָזאליע'ן.

שרעקליך אונרוהיג איז ער ארומגעגאנגען הין און צוריק איבער זיין צימער און וואָס ווייטער א שטונדע אלץ מעהר אונרוהיג און מעהר אויפגערעגט איז ער געוואָרען. יעדע מינוט ווען ער האָט נור דערהערט, אז פון ווייטענס פאָהרט דורך א קארעטע איז ער געלאָפען צום פענסטער זעהן פיליכט איז דאָס ראָזאליע, אָבער ס'איז שוין אכט אזייגער ביי נאכט און דיא ערוואַרטעטע האָט זיך נאָך אלץ ניט געוויזען.

ווען דער זייגער האָט געשלאָגען אכט איז דיא ווירטהין אריינגעקומען מיט א לאָמפּ און האָט געפרעגט ביי וויליאם'ען אויב ער וויל שוין עסען וועטשערע, אָבער וויליאם האָט איהר גלייך ערקלערט, אז ער האָט קיין אפּעטיט און אז ער וויל גאָר ניט עסען.

דיא ווירטהין איז ארויסגעגאנגען און וויליאם איז ווידער געבליבען אליין, אָבער נור אויף א קורצע צייט. באלד איז אריינגעקומען זיין פריינד טירפּיץ און האָט איהם כמעט וויא מיט געוואלד אוועקגעפיהרט זעהן דיא פאָרשטעלונג. דיא סצענע איז שוין געווען אָפען און דער וואונדערמאן טריבולין האָט שוין געציינט זיינע קונסט־שטיק. ס'איז געווען גאנץ אינטערעסאנט. צוערשט האָט ער געציינט דיא געוועהנליכע קונצען מיט קארטען, דאן ווידער וויא א שטיק וואטע אָנגעשטאָפּט אין א גלאָז איז פערוואנדעלט געוואָרען אין שאמפּאניער וויין. נאָכדעם האָט ער ארויסגעטראָגען א קאנאריען־פויגעל אין א פערמאכטע שטייגעל. דאָס פייגעלע איז פּלוצלונג פערשוואונדען געוואָרען און אין א פּאָר מינוטען שפּעטער איז דאָס אריינגעפלויגען אין זאאל דורך א פענסטער פון דער גאלערי.

טריבולין האָט נאכהער געציינט איינינע פיעל שווערערע פאָרשטעלונגען וואָס זיינען געווען אזוי וואונדערבאר, אז קיינער האָט זיך דאָס ניט געקענט ערקלערען. אלס לעצטע שטיק איז געווען אָנאָנסירט א פאָרשטעלונג פון לע־בעדיגע בילדער. ווען דער פאָרהאנג האָט זיך צום לעצטען אקט אויפגעהויבען

איז אין זאאל געוואָרען פינסטער, נור טיעף אין הינטער־גרונד איז דיא סצענע געוועזען העל בעלויכטעט. דאָרט האָט מען געזעהן א יונגע פּאָר, א מיידעל און א יונגען מאן. דיא מיידעל איז געוועזען געקליידעט וויא א נאָנע און איז געוועזען אזוי וואונדער שעהן, אז דאָס גאנצע פּובליקום איז אויפגעקאָכט געוואָרען. זיא איז געלעגען אין דיא אומארמונגען פון׳ם יונגען מאנספּערזאָן און אויף זייערעביידענס געזיכטער האָט געשיינט דיא שכינה פון הימלישע פרייד, פון גליק און פון ליעבע.

וויליאם איז געזעסען אויף זיין שטוהל וויא געלעהמט פון איבערראשונג. ער האָט אָנפאנגס אליין ניט געוואוסט אויב ער זעהט אלעס ווירקליך מיט זיינע אויגען אָדער עס איז עפּעס בלויז אן אונערקלערליכע פאנטאזיען־בילד. דאָרט אויף׳ן סטיידזש, אויף דער ביהנע איז געשטאנען זיא, ראָזאליע, און אין דעם מאנספּערזאָן האָט ער דערקענט — זיך אליין. אָבער נאָך איידער ער איז עט־וואָס צו זיך געקומען פון איבערראשונג, האָט זיך דיא סצענע אויף דער ביהנע געענדערט און יעצט האָט ער דערזעהן וויא דיא זעלבע שעהנע ראָזאליע איז געשטאנען האלב נאקעט צוגעבונדען צו א שווארצען קרייץ, איהר צארטער קער־פּער איז געוועזען בעדעקט מיט שווערע וואונדען, פון וועלכע עס האָט געשפּריצט בלוט, און איהר שעהנע געזיכט איז געוועזען פערקרימט פון פּיין און מאטערנים און אראָבגעלאָזען אויף איהר ברוסט בעדעקט מיט דער בלאַסקייט פון טויט.

וויליאם איז ביי דיעזער סצענע וויא פערשטיינערט געוואָרען. ער האָט געוואָלט אויפשפּרינגען מיט א געשריי, אָבער ער האָט מיט קיין גליעד ניט געקענט בעוועגען און .זיין אטהעם איז איהם פערשטיקט געוואָרען. דערוויייל האָט זיך אויף דיעזע סצענע געביטען. דיא זעלבע מיידעל איז געלעגען אין א ווינקעל פון א דונקעלען קעלער אויף א בינטעל פערפוילטע שטרוי צוזאמענגע־קאָרטשעט, טויט. דאן זיינען אריינגעקומען צוויי אלטע העסליכע נאָנעס, האָבען זיא אָנגענומען פאר דיא הענד און פיס און האָבען זיא ארויסגעטראָגען דורך דער אייזערנער טיהר פון קעלער.

מיט אמאָל איז דער זאאל פערהילכט געוואָרען מיט א שויד־ערליכען געשריי. וויא א פערוואונדעטער לייב איז וויליאם אויפגעשפּרונגען, איז צוגעלאָפען צו דער סצענע איבער וועלכער דער פאָרהאנג איז אין דעם מאָמענט ארונטערגע־פאלען. וויליאם האָט אָבער דעם פאָרהאנג אויפגעריסען, איז ארויפגעשפּרונגען אויף דער ביהנע, אָבער דאָרט איז שוין געוועזען פינסטער. פון דעם מאגיקער און פון דיא געשטאלטען איז קיין שפּור ניט געבליבען, אלעס איז פערשוואונדען. דער אונגליקליכער יונגער מאן איז געשטאנען א פּאָר מינוטען א פערציטערטער און איז ענדליך אין אונמאכט געפאלען.

אין זאאל איז געוואָרען א שרעקליכע מהומה. מאיאָר פאָן־טירפּיין מיט איינינע פון זיינע קאמעראדען האָבען דעם אונמעכטיגען אויפגעהויבען און

אוועקגעטראָגען אין זיין צימער. אלע אנדערע אָפיציערען האָבען דאן אָנגעפאנ־
גען זוכען דעם מאגיקער צו פאָדערען פון איהם אן ערקלערונג, וואָס ער האָט
מיט דיעזער וואונדערבארער פאָרשטעלונג בעצוועקט, אָבער דער מאגיקער איז
וויא אין דער ערד איינגעזונקען געוואָרען.

ניטאָ און א סוף!

דיא אָפיציערען האָבען זיך ענדליך געווענדעט צום קאָמאנדירענדען גענע־
ראל און אויף זיין בעפעהל האָט דער בירגערמייסטער נאָך דיא זעלבע נאכט
געמאכט אן אָבלאווע אין אלע הייזער אין טהאָרן, נאטירליך אויסער דיא רע־
גיערונגס געביידען און דעם גרויסען קלויסטער וואָס האָט זיך געפונען אין
שטאָדט, אָבער אין ערגיץ האָט מען טריבולין'ען ניט געפונען. קיין איינציגער
מענש האָט איהם ניט געזעהן, כאָטש ס'איז נאָך געווען פריה אין אבענד, ווען
דיא גאסען זיינען נאָך געווען פול מיט פערביי־געהער.

דיעזע גרויסע געהיימניס איז דאריבער געבליבען פאָלקאָמען אונערקלערט
און עס קען זיין, אז דארום וייל מען האָט ניט געזוכט אין קלויסטער. פיליכט
וואָלט זיך דאָרט געפונען דער זעלבער טריבולין פערקליידעט אלס גלח. פון
דיא וויטערע נאָכפאָרשונגען וואָלט אויך מעגליך ענטדעקט געוואָרען, אז אלע
גלחים פון דיעזען קלויסטער שטעהן אין פערבינדונג מיט'ן מאָנאסטיר אין
מאָסקווא און דאן וואָלט מען שוין אויך וואהרשיינליך ערפאהרען ווער ס'איז
אייגענטליך דיעזער געהיימניספאָלער צויבערער און צו וועלכען צוועק ער איז
געשיקט געוואָרען אין טהאָרן.

דער אָרימער וויליאם שטיין איז אין דער זעלבער צייט געלעגען קראנק אין
א שטארקען נערוועזען פיעבער. זיין לעבען האָט געשוועבט אין דיא גרעסטע גע־
פאהר און ער וואָלט געוויס געווען געשטאָרבען, אָבער דער רעגימענטס דאָק־
טאָר און מאיאָר פאָן־טירפיץ האָבען אונערמיעדליך איהם אטענדעט און אָב־
געהיט. פון דעסטוועגען האָט עס גענומען פיער וואָכען ביז וויליאם האָט וויע־
דער געוואונען זיין פערשטאנד און אנדערע פיער וואָכען האָט גענומען ביז ער
האָט געקענט א פוס פון בעט אראָבשטעלען.

זיין ערשטע פראגע באלד איז געווען, גלייך וויא ער האָט נור דיא אויגען
געעפענט:

— וואו איז ראָזאליע?

ווען ער האָט געזעהן, אז זיין פריינד פאָן טירפיץ און דער דאָקטאָר קוקען
אויף איהם מיט פערוואונדערטע, אונפערשטענדליכע בליקען, האָט ער מיט א
שוואכע שטימע אויסגערופען:

— איז דאָ קיין דאמע צו מיר ניט געקומען אין דער צייט פון מיין
קראנקהייט?

דאָך איידער די פריינד האָבען איהם נאָך דארויף עטוואס געענטפערט, האָט ער געשטאמעלט מיט גרויס פערצווייפלונג:

— אָה, מיין גאָט! ווארום פרעג איך נאָך? איך האָב דאָך געזעהן וויא זיא איז געשטאָרבען! אָה, מיין געליעבטע, מיין נשמה, זיא איז פאר מיר אויף עביג פערלאָרען!

— וואָס מיינסט דו מיט דיעזע ווערטער? האָט ביי איהם פאָן־טירפיץ נעפרעגט. וואו האָסט דו געזעהן? ווער איז געשטאָרבען?

וויליאם האָט אין קורצען דערצעהלט אלעס און די פריינד האָבען געזוכט איהם צו בערוהיגען, אז דיעזע סצענעס זיינען בלויז געווען פאנטאסטישע, מאַגישע, וואָס האָבען קיין ווירקליכען ווערטה, אָבער זיי זיינען ניט אין שטאנד געווען דעם אָרימען וויליאם צו געבען א ריכטיגע ערקלערונג וועגען דיעזע געהיימניס און דאריבער איז ער געבליבען ביי זיין פערצווייפעלטע איבערצייגונג אז ראָזאליע איז שוין טויט. די שענדליכע נאָנען־מוטער האָט אָהן א צווייפעל זיא ערמאָרדעט.

ווען וויליאם איז אין גאנצען געזונד געוואָרען און זיינע נערווען האָבען זיך פאָלשטענדיג בערוהיגט, האָט ער זיינע פריינדע גענויער דערצעהלט אלעס וואָס מיט איהם האָט פאסירט אין מאָסקווא. מיט גרויס סימפּאטי האָבען זיי איהם אויסגעהערט און שווייגענדיג האָבען זיי געדריקט זיינע הענד מיט א הערצליכען מיטגעפיהל.

וויליאם האָט געפרעגט ביי זיי אן עצה אויב ער זאָל צוריקקעהרען נאָך רוסלאנד, פאָדערען אן ערקלערונג פון דער נאָנען־מוטער און נעהמען פון איהר ראכע פאר איהר מערדערישע ניעדערטרעכטיגקייט, אָבער דער שטאב־דאָקטאָר, א זעהר קלוגער מאן האָט איהם דערפון אָבגערעדט.

— איהר וועט אין רוסלאנד קיין רעכט ניט דערגעהן און קיין יושר ניט געפינען, האָט ער געזאָגט. איהר, אן אויסלענדער וועט אין קאמפף מיט א קירכע געוויס דורכפאלען. בעסער פאָהרט צוריק קיין בערלין צו אייער מוטער. גיט זיך אָב מיט אלע אייערע געדאנקען צו וויסענשאפט און דאס וועט אייך מאכען אין איהר צו פערגעסען.

דעם אנדערען טאָג האָט זיך וויליאם געזעגענט מיט זיינע פריינד. ער האָט פערשפּראָכען צו פאָלגען דעם ראטה פון דאָקטאָר און איז אוועקגעפאָהרען, אָבער ביי דער נעכסטער סטאציאָן איז ער פּלוצים אראָב פון וואָגען און האָט זיך אומגעקעהרט צוריק דירעקט נאָך מאָסקווא. עס האָט איהם אהין געצויגען וויא מיט א צויבער־מאכט.

פינף מאָנאטען זיינען פאָריבער. וויליאם איז נאָך אלץ געווען אין רוסלאנד. שוין א מאָל הונדערט האָט ער זיך געווענדעט צו דער נאָנען־מוטער און זיא האָט איהם ניט עמפּפאנגען. די טיהר־וועכטערין האָט איהם איינפאך

ניט אריינגעלאזט. וויליאם האט זיך דאן פארגעשטעלט מיט א פראשעניע צום גובערנאטאר פון מאסקווא, דאן האט ער זיך געווענדעט צום דייטשען געזאנדטען אין פעטערבורג, אבער דער גובערנאטאר האט איהם אויף׳ן פלאץ גלייך ענטזאגט, מיט דער ערקלערונג, אז ער קען אין דיעזער בעציהונג גאר ניט טהאן. א פרעמדער, אן אויסלענדער דארף זיך ניט מישען אין דיא אנגעלע־גענהייטען פון א רוסישען נאנען־קלויסטער, וויל ער האט דאצו קיין רעכט און טאר איבערהויפט מיט א נאנע קיין מחותן ניט זיין, סיידען ער איז איהרער א פערוואנדטעטער.

דער דייטשער קאנסול האט עטוואס מעהר געטהאן. אויף זיין אויפפאדע־רונג דורך דער רוסישער רעגיערונג, האט דיא "היילינע" מוטער צוגעשיקט אן אפיציעלען דאקומענט, אן אויסצוג פון דיא ביכער, אין וועלכע ס׳איז פערשריבען, אז דיא מיידעל ראזאליע איז אין מאנאסטיר געשטארבען און בעערדיגט גע־ווארען אויף׳ן מאנאסטיר בית עלמין. דיעזען אנטווארט האט דער דייטשער געזאנדטער איבערגעגעבען דעם יונגען דאקטאר מיט אן ערקלערונג, אז מעהר קען ער אין דיעזער אנגעלעגענהייט גאר ניט טהאן.

וויליאם האט פון דעסטוועגען זיין מוטה און זיין האפנונג ניט פערלארען. אן אונבעוואוסטע אינערליכע שטימע האט איהם געזאגט, אז דא איז עפעס פאראן א שרעקליכע געהיימניס. צייטענוויז ווען ער פלעגט זיצען טרויעריג אליין אין זיין האטעל־צימער פלעגט זיך איהם אין דיא געדאנקען פארשטעלען דיא ליעבליכע געשטאלט פון זיין עביג פערלארענע ראזאליע און ער האט דאן געגלויבט צו הערען וויא איהר שטימע רעדט צו איהם שטילערהייד:

— רעטע מיך, וויליאם! רעטע מיך, געליעבטער!

ער פלעגט דאן אויפשפרינגען אין א שרעקליכע אויפרעגונג און עס פלעגט געהמען לאנגע שטונדען ביז ער האט זיך געקענט בערוהיגען.

וויליאם האט בעשלאסען צו בלייבען אין מאסקווא אין זיך בעזעצען אויף׳ן זעלבען פלאץ, וואו ער האט צום ערשטען מאל זיין שעהנע ראזאליע געזעהן, אין דיא הייזקע וואו ער האט מיט ראזאליע׳ן געוואהנט אכט טעג.

דיא הייזקע וואו ער האט אכט טעג מיט ראזאליע׳ן געוואהנט איז נאך אלץ געשטאנען ליידיג. קיינער האט ניט געוואלט אריין אין אזא הויז וואו ס׳איז געווען א געפעהרליכע אנשטעקענדע קראנקהייט. וויליאם האט דיעזע הייזקע אבגעקויפט ביי׳ם אייגענטהימער און באלד געהייסען ארונטערברעכען, און אויף׳ן זעלבען פלאץ אויפצובויען א שעהנע לאנדהויז, מיט מעהרערע שעהן אויסמעבלירטע צימערען, וואו עס זאל איהם זיין בעקוועם צו וואהנען . . צו דיעזען צוועק האט ער געמאכט א קאנטראקט מיט א בילדער וועלכער האט זיך גלייך גענומען צו דער ארבייט.

וויליאם פלעגט אפט אליין קומען צו דיעזען פלאץ און אליין אכטונג גע־

בען, אז אלעס זאָל געמאכט ווערען וויא ער וויל, ווייל ער האָט ביי זיך אָבגע־מאכט פעסט זיין בעשלוס, אז דאָ זאָל ער וואָהנען ביז צו דער ענדע פון זיין לעבען.

עס האָט לאנג ניט גענומען און דיא געביידע איז שוין געווען אויפגעשטעלט ביז'ן דאך. איינמאָל וועֶן וויליאם איז געשטאנען ביי דער געביידע און האָט געפיהרט א געשפּרעך מיט'ן ארכיטעקטאָר, האָבען זיי פּלוצים דערהערט א יאָמערליכען אויסגעשריי און אין דעם זעלבען מאָמענט האָבען זיי געהערט וויא יעמאנד האָט א שווערען פאל געגעבען צו דער ערד, פון יענער זייט געביידע.

— גאָט! דאָ האָט עפּעס אן אונגליק געמראָפען! האָט אויסגערופען דער ארכיטעקטאָר, איינער פון דיא ארבייטער האָט געמוזט ארונטערפאלען פון אויבען!

וויליאם און דער ארכיטעקטאָר זיינען שנעל געלאָפען אונטער'ן הויז פון וואנען דער פאל האָט זיך געהערט און באלד האָבען זיי אויסגעפונען, אז עס איז ליידער ריכטיג, א מאן איז ארונטערגעפאלען און ליעגט אָהנמעכטיג אויף דער ערד, אויף זיין קאָפּ האָט זיך אפילו געזעהן א לייכטע וואונד, פון וועלכע עס האָט געגאָסען בלוט, דאָך האָט וויליאם אלס דאָקטאָר געזעהן, אז דער אונ־גליקליכער האָט אויך אינערליכע וואונדען בעקומען און אז זיין לעבען איז אין געפאהר. ער האָט עס פערשטאנען פון דער בלאסקייט וואָס האָט בעדעקט דעם אונגליקליכען'ס געזיכט.

ביי'ם ערשטען בליק האָט דער ארכיטעקטאָר, וועלכער איז געווען דער בילדער, דערקענט, אז דיעזער מאן געהערט ניט צו דיא ארבייטער און אויף דער פראגע ווער ער איז, האָט דער פאָרמאן ערקלערט, אז ערשט היינט האָט ער איהם אָנגענומען.

— אָבער וויא קומט עס וואָס ער איז דאָך ארונטערגעפאלען? האָט דער ארכיטעקטאָר געפרעגט פערוואונדערט.

— דאָס וואונדערט מיך אויך, האָט דער אויפזעהער געענטפערט. ער האָט דעם גאנצען טאָג ווירקליך געארבייט זעהר פלייסיג און גוט. אָבער ערשט מיט א פּאָר מינוט צוריק, וועֶן איך בין געשטאנען ביי א פענסטער און אכטונג גע־געבען אויף דיא ארבייטער, האָב איך דערזעהן מיט אמאָל וויא דער פרעמדער קומט ארויף דעם לייטער שלעפּענדיג מיט זיך א פאס קאלך. פּלוצים איז ער געבליבען שטעהן. זיין געזיכט איז געוואָרען שרעקליך בלאס און מיט אן אונ־נאטירליכע שטימע האָט ער אויסגעשריען: אָט איז זיא וויעדער! דיא טויטע! דיא איינגעמויערטע! דאביי איז דיא פאס ארויסגעפאלען פון זיינע הענד און ער איז אראָבגעפאלען. איך גלויב, אז ער מוז זיין געריהרט פון זינען, משוגע.

וויליאם האָט אין דער צייט דערוויל געהייסען ברייננגען א בעטעל מיט בעטציינג און אריינטראָגען דעם אונמעכטיגען ארבייטער אין הויז. זיין בע־

פעהל איז באלד ערפילט געווארען און דאן איז ער אליין אריינגעגאנגען דעם פערוואונדעטען געגוי צו בעטראכטען און זעהן וואס ער קען פאר איהם טהאן.

ביז יעצט האט ער דאס געזיכט פון דיעזען מאן גאנץ ווייניג בעטראכט, אין דיעזער מינוט אבער, ווען ער איז נעהענטער צוגעגאנגען און האט זיך צום מאן גוט צוגעקוקט איז ער געבליבען שטעהן שטארק איבערראשט. ער האט שוין דיעזען מאן ערגיץ געזעהן, אבער וואו?

פלוצים איז וויא א בליץ דורכגעפלויגען אין זיין געדאנק:

— דאס איז דער מאטראז פון כינא, דער מצורע, יא. דאס איז ער! אה, וויא מערקווירדיג! גראדע ער, און אויף דער זעלבער שטעלע, וואו ראזאליע האט איהם אטענדעט און זיין לעבען געראטעט.

דאקטאר וויליאם האט יעצט דעם פעראונגליקטען געגוי אונטערזוכט און באלד איז איהם קלאר געווארען דער פאקט, אז זיין רוקען־ביין איז צובראכען; אויסער דעם האט ער אנדערע שווערע אינערליכע וואונדען בעקומען. דאך האט דער מענשענפריינדליכער דאקטאר בעשלאסען צו טהאן אלעס וואס איז נור מעגליך דעם אונגליקליכען צו ראטעווען. ער האט געשיקט אין שטאדט און באלד זיינען פון נעהענטסטען אפטייק געבראכט געווארען פערשיעדענע מעדי־קאמענטען. א קורצע צייט נאכדעם ווען דיא ארבייטער זיינען אוועקגעגאנגען איז וויליאם געבליבען מיט זיין פאציענט אליין אין הויז.

אין פערלויף פון א פיערטעל שטונדע האט דער מאן געעפענט דיא אויגען און האט ביטער געקרעכצט. ער האט זיך פרובירט אויפהויבען, אבער ער האט ניט געקענט און מיט א שמערצליכען אויסגעשריי איז ער צוריקגעפאלען אויף זיין געלעגער.

— האט איהר גרויסע שמערצען? האט איהם וויליאם געפרעגט.

— שמערצען? איך פיהל איבערהויפט גאר ניט, אז איך האב נאך א קערפער. איך וויים, אז איך מוז שטארבען, יא, שטארבען, און דאס איז שווער פאר מיר — זעהר שווער.

וויליאם האט ווירקליך איינגעזעהן, אז דער מאן איז פערלארען, עס איז ישוין ניט מעגליך איהם צו רעטען, דאך אום איהם צו טרייסטען האט ער געזאגט:

— איהר דארפט פון דעסטוועגען ניט פערליערען דיא האפנונג געזונד צו ווערען. איך בין א דאקטאר און איך וועל טהאן דאס בעסטע אייך געזונד צו מאכען.

— א דאקטאר? און אייער שטימע איז מיר אזוי בעקאנט? אה, יעצט דערקען איך אייך, איהר זיינט מיין רעטער — דאקטאר וויליאם שטיין!

— ניט איך בין אייער רעטער, איך האב בלויז עטוואס געטהאן פאר אייך, דיא הויפט וואהלטהעטערין איז געווען זיא, דיא נאנע. געדענקט איהר נאך איהר נאמען?

— זיא איז ביי אייך געבליבען דאן, ווען אלע זיינען פון אייך אנטלאפען. האט וויליאם ווייטער פארטגעזעצט און אין זיינע אויגען האבען זיך בעוויזען טהרערען. איז דאס מעגליך, אז איהר האט שוין גאר אין גאנצען פערגעסען דיא ארימע ראזאליע?

קוים האט דער דאקטאר דאס ווארט אויסגעשפראכען, האט דער קראנקער פלוצים צוזאמענגעביסען דיא ציינער, זיין געזיכט איז פערקרומט געווארען און מיט א ריהרענדע שטימע האט ער אויסגערופען:

— דאקטאר, מיין לעצטע שטונדע קומט, איין ווארט — בלויז איין ווארט.

— וואס ווילט איהר, ארימער מאן?

— דאקטאר, זאגט דאך מיר דיא ריינע ווארהייט, — מוז איך שטארבען? וויליאם האט געשוויגען.

— צום טייפעל, ווארום ענטפערט איהר מיר ניט, דאקטאר? איך בין א מאן, איך קען דיא ווארהייט פערטראגען. האב איך דען ניט אפט גענוג זיך געראנגעלט מיט'ן טויט וועהרענד דיא גרויסע שטורעמס אויפ'ן ים? און דאן — איהר ווייסט דאך וויא קראנק איך בין געווען. ווען ניט איהר און שוועסטער ראזאליע, וועלכע האט מיך אזוי טריי געפפלעגט וואלט שוין דאמאלס מיט מיר געווארען אן ענדע. דאך איהר ווייסט ניט ווארום איך פרעג, וויא לאנג איך האב נאך צו לעבען. זאגט עס מיר און דאן וועל איך אייך עטוואס דערצעהלען, ווען איך וועל אייער אורטהייל הערען.

וויליאם האט איינגעזעהן, אז עס איז גלייכער דעם אונגליקליכען מענשען צו זאגען דיא ריכטיגקייט. פיליכט האט ער אירגענד אן אנגעלעגענהייט אין ארדנונג צו ברייגנען אדער פעררריכטען א זאך וואס לאסטעט שווער אויף זיין געוויסען. נאך א קורצען נאכדענקען האט ער געזאגט:

— איך האב זיך דאן ניט אינטערעסירט צו ערפאהרען ווער איהר זייט. וויא הייסט איהר?

— ארנאלד סוועבבארן.

— איהר זייט אלזא ניט קיין געבארענער רוס?

— ניין, איך בין א שוועד. אבער פון מיין קינדהייט אן געפין איך זיך אין רוסלאנד און וואהרשיינליך וועל איך יעצט אויפ'ן רוסישען באדען שטארבען.

— יא, אזוי ווייזט עס אויס. איהר פערלאנגט פון מיר ד'יא ווארהייט צו ערפאהרען, דארום מוז איך אייך זאגען, אז איהר דארפט זיך פארבערייטען צו אייער לעצטע שטונדע. גאט קען אייך נאך רעטען, אבער דיא מענשליכע קונסט איז ניט אים שטאנדע דאס צו טהאן.

— און וויא לאנג וועט עס נאך דויערען? האט ארנאלד געפרעגט מיט א פערקלעמטע שטימע.

— אונגעפעהר א שטונדע, פיליכט אויך וועניגער.

דער שוועד איז איינינע מינוטען שטיל געבליבען און דאן האט ער אויס־גערופען מיט א ריהרענדען טאָן:

— דאָקטאָר, איך וועל אייך דערצעהלען א שרעקליכע פאסירונג. פיליכט וועט נאָך מעגליך זיין דיא אונגליקליכע צו רעטען, פיליכט איז עס שוין צו שפעט. איך האב עס געוואָלט אליין טהאָן, אָבער דאָס איז מיר ניט געלונגען.

— אָה, לופט, דאָקטאָר, גיט מיר לופט, איך ווער דערשטיקט.

— דאָקטאָר, האט ער ווידער אָנגעפאנגען נאכדעם וויא ער האט עטוואָס פרייער אויפגעאטהעמט. איהר גערענקט דאָך געווים אייערע ווערטער. מען האט מיך אָבגעפיהרט פון דאנען אין האָספיטאל, האט איהר געזאָגט, אז איך ברויך נור א קורצע צייט זיך צו ערהאָלען און דאן קען איך ווידער ארויסגעהן צווישען מענשען, אָהן געפאהר יעמאנדען אָנצושטעקען. אזוי איז עס געווען. איך בין אין א קורצע צייט ארום ארויס פון האָספיטאל און אָנגעפאנגען צו זוכען ארבייט, אָבער אזא געלעגענהייט איז פאר מיר ניט מעגליך געווען צו געפינען. דיא מענשען האָבען נאָך אימער מורא געהאט פיליכט וועל איך זיי אנשטעקען און זיי זיינען פון מיר געלאָפען וויא פון א פערפעסטעטען. איינינע מאָל איז מיר יא געלונגען צו קריגען ארבייט, אָבער באלד וויא עס איז בעוואוסט געוואָרען ווער איך בין, האט מען מיך מיט שימפף און פלוך ארויסגעיאָגט, נאָכוואָרפענ־דיג אויף מיר מיט שטיינער.

מיין לאַגע איז געווען זעהר ביטער. אָנפאנגס האָב איך זיך ערנעהרט מיט דעם גאָלדשטיק, וואָס איהר האט מיר געשאָנקען ביי'ם אבשיעד. אָבער אלס דיעזעס געלד איז אויסגעגאנגען איז מיר קיין אנדער אויסזיכט געבליבען וויא צו פערהונגערען. איך האָב ניט געהאט וואָס צו עסען און וואו צו שלאָפען, מיין לעבען איז מיר איבערדריסיג געוואָרען און איך האָב בעשלאָסען צו בעגעהן זעלבסטמאָרד.

מיט דיעזע געדאנקען בין איך איין טאָג אין דער פריה ארייגעגאנגען אין דיא קליינע קירכע, וועלכע געפינט זיך ביי דעם נאָנען־קלויסטער, דען אין דיא גרויסע קירכע וואָס איז אין הויף לאָזט מען דאָך קיינעם ניט אריין, אויסער אין דיא יעהרליכע פייערטאגען אָדער ביי אירגענד אן אנדערען אונגעוועהנליכען צופאל און דאן אויך איז דאָרט ערלויבט אריין צו קומען נור דיא רייכע וואָס זיינען שעהן געקליידעט. דארום רופט מען דיא קליינע קירכע, וואו דאָס גע־וועהנליכע פאָלק ווערט צוגעלאָזען, דיא בעטלער־קירכע.

מיט א ביטערע פערצווייפלונג אין הארצען בין איך דאָרט אין א ווינקעלע געפאלען אויף דיא קניע און מיט טהרערען האָב איך געבעטען ביי גאָט פער־צייהונג פאר דיא זינד וואָס איך וויל יעצט בעגעהן, זיך זעלבסט דאָס לעבען צו נעהמען. פלוצלונג האט זיך פון הינטען א האנד ארויפגעלייגט אויף מיין שולטער און יעמאנד פרעגט מיך:

— **ווארום ווייגט איהר?**

אלס איך האָב זיך אומגעווענדעט האָב איך געזעהן, אז פאר מיר שטעהט א פערהילטע פרויען־געשטאַלט, מיט א שלייער איבער'ן געזיכט. אין דער האַלבער דונקעלהייט וואָס האָט געהערשט אין דער קירכע האָב איך גאָר ניט בעמערקט, אז דאָס איז א נאָנע.

— מאדאם, האָב איך געענטפערט. מיר געהט זעהר שלעכט און איך וויל אייך זאָגען דיא ווארהייט, אז איך בין ענטשלאָסען אויף דעם לעצטען שריט, צו מאכען אן ענדע פון מיין לעבען.

— אזוי פערצווייפעלט זייט איהר?

— יא, פון הונגער און עלענד. קיין ארבייט קען איך ניט קריעגען און איך האָב ניט מיט וואָס זיך צו ערנעהרען און וואו מיין אונגליקליכען קאָפּ אוועק־צולייגען.

— וואָס איז אייער בעשעפטיגונג? האָט זיא ביי מיר נעפרעגט.

— איך בין אייגענטליך א מאטראָז און האָב וויטע רייזען געמאכט, אָבער יעדעס מאָל ווען עס איז מיר ניט געלונגען צו קריעגען ארבייט אויף א שיף, פלעג איך זיך בעשעפטיגען אלס מויערער ביי פערשיעדענע געביידען.

— אלזא, א מויערער — און וואָלט איהר געווען אים שטאנד גאנץ אליין א מויער־וואנד אויפצושטעלען?

— גאנץ געוויס, אויב דיא וואנד זאָל נור ניט זיין צו הויך.

— גוט, דאן קען איך אייך געבען א געלעגענהייט עטוואָס געלד צו פער־דיענען. אָבער דאצו זיינען נויטיג צוויי זאכען: ערשטענס, מוזט איהר האָבען מוטה און ענטשלאָסענהייט און דאן פערשפּרעכען דיא געהיימניס קיינעם ניט אויסצוזאָגען.

דאָס האָב איך דעם ערשטען מאָל אין מיין לעבען יעצט געהערט, אז אום אויפצושטעלען א מויער־וואנד דארף מען האָבען מעהר וויא צוויי געזונדע הענד און עטוואָס קענטניס פון דיזען פאַך. יעדענפאלס האָב איך פערשטאַנען, אז דאָ האנדעלט זיך וועגען אן אונגעוועהנליכע זאך. דאָס האָט מיך אָבער ווייניג געקימערט, ווען איך זאָל נור געפינען א געלעגענהייט עטוואָס געלד צו פערדיענען און פאַרלויפיג מיין לעבען צו רעטען.

— מאדאם, האָב איך זיך אָבגערופען, וויא איך פערשטעה, פערלאנגט איהר פון מיר ניט א געוועהנליכע מויער אויפצושטעלען, זאָנדערן דאָ האנדעלט זיך וועגען א זאך וואָס דארף אין דיא עפענטליכקייט ניט בעוואוסט ווערען.

— איהר דארפט קיין מורא האָבען, אז דאפיר וועט אייך עטוואָס געשעהן. איך פערזיכער אייך, אז קיינער וועט אייך דאפיר גאָר ניט טהאָן, דען דיא גאנצע זאך האנדעלט זיך נור וועגען דעם, איהר זאָלט א טויטען קערפּער פערמויערען אין א וואנד.

מיר איז דיעזער אויפטראג פאָרגעקומען זעהר זאָנדערבאר, זאָגאר אונ־היימליך, דאָך ניט האָבענדיג קיין אנדער ברירה האָב איך ערקלערט מיין איינ־וויליגונג דיא ארבייט איבערצונעהמען.

— קומט, האָט דאן דיא פרוי צו מיר געזאָגט. געהט גראדע הינטער מיר און איך זאָג אייך נאָך אמאָל איהר זאָלט קיין מורא האָבען, עס וועט אייך קיין שלעכטעס ניט געשעהן.

דיא פרוי האָט מיך אוועקגעפיהרט הינטער דעם אלטאר וויאו עס איז גע־שטאנען א גרויסער בילד פון דיא הייליגע מאריא. זיא האָט דאן הינטער דיעזען בילד א דריק געטהאָן אויף א געהיימע קנעפּעל און פלוצלונג האָט זיך געעפענט אין באָדען א ליעגענדע טיהר, פון וועלכע עס האָט זיך געצייגט א טרעפּ נאָך אונטען, אין א דונקעלען קעלער.

דיא פרוי איז צוערשט ארונטער און איך בין איהר נאָכגעגאנגען. ווען מיר האָבען אראָבגעשטיעגען צעהן שטופען האָב איך געהערט א קלאַפּ איבער מיין קאָפּ און דיא ליעגענדע טיהר האָט זיך וויעדער געשלאָסען.

יעצט האָט דיא פערהילטע פרוי אָנגעצונדען א וואקסענע ליכט און האָט מיך געפיהרט דורך א לאנגען, דונקעלען קאָרידאָר און פון דאנען איבער נאָך א טרעפּ ארונטער ביז מיר זיינען געקומען אין א גרויסען, געוועהנליכען קעלער.

דאָ האָב איך ערקלערט, אז עס איז מיר אונמעגליך וויטער צו געהן, דען איך פיהל זעהר שוואך פון הונגער. דיא פרוי האָט מיך געלאָזען אליין אין דער פינסטער, אָבער באלד איז זיא צוריקגעקומען און געבראכט אייניגע קאלטע שפּייזען מיט א פלאַש גוטען שנאפּס, אזוי דאָס איך האָב זיך באלד גוט ערקוויקט און מיינע קרעפטען צוריק געוואונען.

איך האָב פּרובירט נאָכצודענקען צו וועלכען הויז געהערט אייגענטליך דיעזער קעלער, אָבער ס'איז מיר אונמעגליך געווען דאָס צו ערפאהרען. נור אזוי פיעל האָב איך געזעהן, אז דיא גרונד מויערען זיינען זעהר דיק און אויבען מוז געווים שטעהן אויף זיי א גרויסע געביידע.

ווען איך בין פערטיג געוואָרען מיט'ן עסען, האָט מיך דיא פרוי וויטער געפיהרט דורך אייניגע אנדערע געוועלבען ביז מיר זיינען אין איינעם פון זיי געבליבען שטעהן. דאָרט האָט זיא מיר געצייגט אויף אן אויסגעהוילטען ווינקעלע אין מויער־וואנד, וועלכער איז געווען אונגעפעהר צעהן פוס ברייט און אכט פוס הויך.

— וועט איהר קענען פערמויערען דיעזען ווינקעלע? האָט זיא ביי מיר געפרעגט.

— גאנץ געווים, אויב מען וועט מיר נור געבען דעם נויטיגען מאטעריאָל, האָב איך געענטפערט.

— דאָ ליעגט עס שוין, אלעס פערטיג צו דער ארבייט, האָט זיא געזאָגט.

און ווירקליך, ווען איך האָב זיך אומגעקעהרט מיט מיין געזיכט צום צווייר־טען זייט, האָב איך דערזעהן א מאסע ציגעל, קאלך, זאמד און אלע נויטינע ווערקצייג פיקס און פערטיג צום ארבייטען.

— פאר דיעזער וואנד אויפשטעלען, האָט מיר דיא פרוי געזאָגט, קריגט איהר ביי מיר הונדערט רובעל. אָבער איך זאָג אייך נאָך אמאָל, אז אין אייער גאנצען לעבען טאָרט איהר דערפון קיינעם א וואָרט ניט דערצעהלען. קוים וועט איהר זיך פאר יעמאנדען אויסרעדען אפילו אויף א האאר, זאָלט איהר וויסען, אז אייער טויט איז זיכער. מען וועט אייך געפינען איבעראל וואו איהר זאָלט נור זיין.

פון דעם גאנצען געשפרעך האָבען מיך בלויז אינטערעסירט דיא הונדערט רובעל. דאָס איז א פרייז מעהר וויא צעהן מאָל אזוי פיעל וויא דיא ארבייט איז ווערטה און פאר מיר אין מיין יעצטיגע לאגע איז דאָס געווען א פערמעגען. איך בין געווען זיכער, אז מיט אזא קאפיטאל וועל איך שוין קענען צוקומען ערגיץ אין א האפען און געפינען פאר מיר שטענדיגע ארבייט אלס מאטראָז. איך האָב דאריבער איינגעוויליגט דיא ארבייט צו מאכען און האָב ערקלערט, אז ביז מאָרגען אין דער פריה וועט אלעס זיין פערטיג.

— איך האָב נאָך איין זאך פערגעסען, האָט צו מיר דיא פערשלייערטע פרוי געזאָגט. אין דער מויער־וואנד זאָלט איהר לאָזען א לאָך, א סאָרט קליינעם פענסטער. אלזאָ בלייבט דאָ וואַרטען ביז מען וועט ברייגנען באלד דיא גע־שטאָרבענע.

מיט דיעזע ווערטער איז זיא ארויסגעגאנגען און איך בין צוריקגעבליבען זעהר אונרוהיג. אויב מען וויל דאָ פערמויערען א געשטאָרבענע, צו וואָס זשע דארף מען נאָך א פענסטער? וואָס איז דאָס איבערהויפט פאר א מערקווירדיגע בעגרעבענים צווישען א מויער־וואנד אין אן אונטער־אירדישען קעלער? ווארום האָט מען מיר אזוי שטרענג אָנגעזאָגט, אז איך זאָל וועגען דיעזער געהיימניס קיין איינציגען וואָרט ניט אויסשפרעכען?

וועהרענד איך בין נאָך געווען בעשעפטיגט מיט דיעזע פראגע, אויף וועלכע איך האָב נאטירליך קיין ערקלערונג ניט געקענט געפינען, האָב איך דערהערט טריט קומענדיג נעהענטער. דיא טיהר האָט זיך געעפענט און אין קעלער איז אריינגעקומען א טרויער־צוג.

פיער נאָנען האָבען אריינגעטראָגען אן אָפענע טרונע און פאָראויס איז געגאנגען דיא נאָנען־מוטער מיט א קרייץ אין האנד. הינטער דער טרונע זיינען געגאנגען אלע אנדערע נאָנען פון מאָנאסטיר, יעדע מיט א געדיכטען דעקטוך איבער'ן געזיכט און מיט א ליכט אין האנד.

דאן איז מיר אלעס קלאָר געוואָרען און איך האָב שוין פערשטאנען וואוהין מען האָט מיך אויף אזא געהיימניספאָלען ארט אריינגעפיהרט. דער קעלער

האט בעלאנגט צום מאנאסטיר און אין דער טרונע איז געלעגען דיא יעניגע וואס דארף דארט געפינען אזא זאנדערבארען קבר. איהר געזיכט וואס איז געווען בעדעקט מיט א געדיכטען שלייער האב איך ניט געקענט זעהן, אבער פון איהר שלאנקע געשטאלט, אנגעצויגען אין ווייסע נאנען־קליידער, האט מען לייכט געקענט בעמערקען, אז זיא האט געמוזט זיין א יונגע ליעברייצענדע מיידעל.

אויף א וואונק פון דער נאנען־מוטער האט מען דיא טרונע אוועקגעשטעלט ביי דער אויסהוילונג אין מויער־וואנד. צוויי נאנען האבען דאן אריינגעווארפען אין ווינקעל א שטרוי־זאק און דיא אנדערע צוויי האבען ארויפגעלייגט אויף איהם דעם טויטען קערפער.

דיא נאנען־מוטער האט מיר דאן געהייסען זיך נעהמען צו דער ארבייט און וועהרענד איך האב געלייגט דיא ערשטע רייהען ציגעל האבען דיא נאנען גע־זונגען אזא טרויער־געזאנג, אז מיר האט דאס הארץ פערקלעמט. טראץ דער גרויסער בעלאהנונג פון הונדערט רובעל האט מיך שוין פערדראסען פאר וואס איך האב זיך גאר אונטערגענומען דיעזע מויער־וואנד אויפצושטעלען.

ענדליך איז דער געזאנג שטיל געווארען און אין נעכסטען מאמענט ווען איך האב מיך ארומגעקוקט בין איך געווען גאנץ אליין אין דעם אונטער־אירדי־שען קעלער — אליין מיט דער געשטארבענער.

— ארימעס וועזען, האב איך געטראכט, פארטזעצענדיג פלינק מיין ארבייט, דו האסט קיין סך פערגעניגען אין לעבען ניט געהאט. הינטער דיא קלויסטער ווענד האסט דו דיינע יונגע טעג פערבראכט און יעצט ווען דער טויט האט דיך גערופען פון דיעזען אירדישען יאמערטהאל, האסט דו נעבאך אזא פינסטערע קבורה.

איבעריגענס האב איך אויף דער לייכע גאנץ ווייניג געקוקט, נור איך האב געטהאן שנעל מיין ארבייט און עס האט לאנג ניט גענומען און דיא מויער־וואנד איז געווען א מאן דיא הויך. דיא עפנונג פיר א פענסטער האב איך גע־לאזט אויף אזוי פיעל, אז א מענש זאל קענען דעם קאפ ארויסשטעקען. דאן האב איך זיך גענומען ווייטער אויפצומויער'ען דיא וואנד ביז צום געוועלב און בין ענדליך אויך דאמיט פערטיג געווארען.

נאך מיין רעכנונג האט עס שוין געמוזט זיין נאהענט צו טאג. איך בין א וויילע געשטאנען ווארטענדיג, אז וואהרשיינליך וועט יעמאנד קומען אום נאכ־צוזעהן דיא ארבייט און מיר בעצאהלען. פלוצלונג — א טויט שרעק האט מיך בעפאלען. איך האב דערהערט א שטימע הינטער'ן מויער־וואנד, א שטי־לער זיפץ. איז דאס ווירקליך וואהר אדער דאס האט זיך מיר בלויז אבגעדוכט?

און וועהרענד איך בין אזוי געשטאנען און געקלערט וואס צו טהאן, אויב איך זאל פילייכט לויפען אין קלויסטער מעלדען וועגען דעם, האב איך שוין דייטליך געהערט א שווערען קרעכץ און אין דעם נעכסטען מאמענט — אה, גאט

אין הימעל! — דיא געשטאָרבענע איז אויפגעשטאנען און פלוצלונג האָב איך דערזעהן איהר קאָפּ אין דער פענסטער עפנונג. דיא אונגליקליכע האָט באלד אראָבגעריסען דעם שלייער פון געזיכט און מיט א געשריי פון פערצווייפלונג בין איך אָבגעשפרונגען, דען דאָס איז געווען —

— ווער איז דאָס געווען? האָט וויליאם אויסגערופען ציטערענדיג פון אויפרעגונג. זאָג דאָך מיר שנעלער, ווער?

— ראָזאליע!

וויליאם האָט געמוזט צוזאמענגעהמען זיין גאנצע ענערגישע ווילענסקראפט אום ניט צוזאמענצוברעכען, דען ער האָט געשפירט אזוי וויא זיין ברוסט וואָלט איהם דורכגעשטאָכען געוואָרען. דאן האָט ער געפרעגט מיט א פערשטיקטע שטימע:

— און וואָס האָסט דו געטהאָן, אונגליקליכער, אום איהר, דיין ערלע וואָהלטהעטערין, צו רעטען? ווארום ביסט דו ניט באלד ארויסגעלאָפען פון קלויסטער אום מענשען צו הילפע צו רופען? ווארום האָסט דו ניט צוריסען דיא זעלבע שרעקליכע מויער־וואנד, ועלכע דו אליין האָסט אויפגעשטעלט?

— לאָזט מיך, דאָקטאָר, איך אלעס ערצעהלען. שלאָגט מיר ניט איבער, דען איך פיהל, אז מיינע מינוטען זיינען שוין געצעהלטע. אלזאָ הערט ווייטער. ביי דעם ערשטען אנבליק אויף דיא לעבעדיג־פערמויערטע בין איך געפאלען אין א טיעפע אָהנמאכט. ווען איך בין ווידער צו זיך געקומען, איז מיר פאָר־געקומען, אז דער באָדען שאָקעלט זיך אונטער מיר, גראדע וויא איך וואָלט זיך געפונען ניט אויף דער פעסטער ערד, זאָנדערן אויף'ן וואסער.

אָנפאנגס האָב איך געמיינט, אז דאָס איז דארום, ווייל מען האָט מיך בלאָראָפאָרמירט און פון דיא שרעקליכע איבעלקייט האָט זיך עס מיר נור אויס־געוויזען, אז איך בין אויף'ן וואסער, אָבער איך האָב זיך באלד איבערצייגט, אז איך ליעג ווירקליך אין א הענגענדע בעטעל און געפין זיך אויף א שיף, אין דיא אונטערשטע מאטראָזען־אבטהיילונג.

א קורצע צייט נאָכדעם האָב איך דערהערט שווערע טריט און באלד איז אריינגעקומען א מאן און האָט ביי מיר מיט א גראָבע שטימע געפרעגט:

— וויא לאנג ועסט דו דאָ נאָך ליעגען? פאר וואָס געהסט דו ניט צו דער ארבייט?

— צו דער ארבייט? צו וועלכע ארבייט?

— צום טייפעל! האָט ער אויסגערופען מיט א ברוטאלע שטימע. דער באנדיט האָט זיך אזוי אָנגע'שיכור'ט, אז ער האָט אָבגעשלאָפען מעהר וויא פיער און צוואנציג שטונדען און האָט אויף אלעס פערגעסען. דו געדענקסט גאָר ניט, אז אין פעטערבורג האָסט דו זיך פערדונגען אלס מאטראָז אויף אונזער שיף "הארפונע"?

עס האָט מיר אָנגעפאַנגען שווינדלען אין דיא אויגען. איך האָב ניט גע־וואוסט פון וואָס צו זאָגען און האָב דעם מינדעסטען בעגריף ניט געהאט וואָס מיט מיר איז פאָרגעקומען ביז דעם יעצטיגען מאָמענט. דאָך אלס ערפאהרענער מאטראָז, האָב איך־געוואוסט גאַנץ גוט, אז דאָ וועט ניט העלפען קיין פּראָטעסט און קיין געשריי. אלעס וואָס איך וועל קענען אויספיהרען מיט עקשנות איז ארייינצוקריגען גוטע קלעפּ און סוף כל סוף וועל איך דאָך מוזען פאָלגען און טהאָן אלעס וואָס מען וועט מיר הייסען.

איך בין וויא עס איז אויפגעשטאַנען און ארויסגעקראָכען אויף'ן דעק. דיא פרישע ים־לופט האָט מיך עטוואָס דערקוויקט און איך בין אין שטאַנד געווען צו ארבייטען. דעם גאַנצען טאָג בין איך געוועזן שטארק בעשעפטיגט און האָב אפילו קיין צייט ניט געהאט צו דענקען וועגען דער געהיימניס וואָס מיט מיר אליין האָט פּאסירט.

פאר נאכט, ווען מיין ארבייט פאר'ן טאָג איז געווען געענדיגט, האָב איך זיך געזעצט ביי'ם גרויסען מאסט און האָב זיך גענומען טראַכטען וואָס האָט דאָ מיט מיר פּאסירט. איך האָב ענדליך בעגריפען, אז דיא נאָנען פון'ם מאָנאסטיר האָבען מיר אייינגעגעבען כלאָראָפאָרם, אָבגעפיהרט נאָך פּעטערבורג און פער־קויפט אויף דיעזער שיף, וועלכע געפינט זיך אין מיטען ים. דיא רייזע, וויא איך האָב ערפאהרען, וועט דויערען דריי יאָהר און זיי האָבען זיך אלזאָ פאָרלוי־פיג גוט פערזיכערט, אז איך וועל דיא שרעקליכע קלעזער־געהיימניס קיינעם ניט ענטדעקען.

טראכטענדיג וועגען דיא נאָנען האָב איך זיך עראינערט, אז זיי האָבען מיר פערשפּראָכען הונדערט רובעל. און ווירקליך, ווען איך האָב דורכגעטאַפּט מיינע קליידער, האָב איך געפונען ביי מיר אין ברוסט־טאַש א דיקען קאָנווערט און אין איהם האָב איך געפונען ריכטיג הונדערט רובעל.

לאַנג האָב איך געקוקט אויף דיעזעס געלד, ווערהענד דיא בלייכע שטראה־לען פון דער לבנה האָבען אויף מיר אראָבגעשיינט. דער געדאַנק, אז פיר דיעזען פעררעטהער־לאָהן האָב איך א מענשען לעבעדיג איינגעמויערט, א מעדכען און דאצו נאָך מיין וואָהלטהעטערין, דיא עדעלע ראָזאַליע — דיעזער געדאַנק האָט געמאַטערט און געפּייניגט מיין זעעלע.

איך האָב שוין געוואָלט דאָס פערפלוכטע געלד ארויסוואַרפען אין מעער, אָבער דאַן האָב איך זיך בערעכענט, אז דאָס וואָלט געווען א גרויסע דומהייט. ווער וויים וויא גוט דאָס וועט מיר קענען צונוץ קומען אין דיא נעכסטע צו־קונפט.

איך בין ארונטער געשטיגען און געפאַלען אויף מיין בעטעל וויא א שטיין פון גרויס מיעדקייט. אין דיעזע נאכט האָב איך דעם ערשטען מאָל געטרוימט וועגען ראָזאַליע. איך האָב זיא דייטליך געזעהן אין חלום וויא זיא שטעהט

הינטער דער מויער־וואנד און שטרעקט אויס צו מיר איהרע ווייסע, ציטערענדע הענד, בעטענדיג אום הילפע. איך האב זיך אויפגעכאפט אבגעבאדען אין שוויים און דיא נעכסטע נאכט איז מיר ווידער ערשיענען דיעזער טרוים.

איך וויל אייך ניט אויפהאלטען, הערר דאקטאר, מיט א גענויע שילדערונג וויא פיעל איך האב געליטען דיא פיער מאנאטען וואס איך בין געוועזען אויף'ן שיף. אימער האט זיך מיר גערוכט, אז איך בין דער מערדער פון מיין וואהלטהע־טעריז, אז איך וואלט זיא נאך געקענט רעטען ווען איך זאל נור קענען קומען נאך מאסקווא, אבער עס וועט מיר ניט מעגליך זיין פון דיעזע שיף זיך צו בעפרייען, איבערהויפט ווען זיא וועט אריינקומען אין נארד־מעער.

צום גליק האט זיך מיר געמאכט א געלעגענהייט אין דעם האפען פון אמסטערדאם זיך אראבצו'גנב'ענען פון שיף און צו אנטלויפען. איך האב זיך דאמיט בענוצט אום נאך רוסלאנד באלד צוריק צו קעהרען.

דיא לעצטע צייטען איז ראזאליע מיר ווידער ערשיענען יעדע נאכט אין חלום און איך האב דייטליך געהערט איהר שטימע וויא זיא רופט אויס מיט פערצווייפלונג: "קום! רעטע מיך!"

דיעזע ערשיינונג האט זיך דאן ווידערהאלט ביי מיר זאגאר אין מיטען העלען טאג און יעדעס מאל פלעגט דאס מיך דורכשווידערען מיט פורכט און גרויל. עס איז ביי מיר געווארען אזוי וויא א פיקסע אידעע איינצודרינגען אין קעלער פון קלויסטער און דיא אונגליקליכע צו בעפרייען, אבוואהל איך האב דאך געמוזט דענקען, אז זיא איז שוין געווים לאנג געשטארבען אין איהר לעבעדיגען קבר.

ענדליך, ווען איך בין געקומען נאך מאסקווא, האב איך באלד זיך איבער־צייגט, אז עס וועט מיר ניט מעגליך זיין מיין פלאן אויסצופיהרען. אין קלויסטער האט מען מיך ניט אריינגעלאזען און דיא פאליציי האט מיר ניט געענטפערט.

מעהרערע מאל האב איך פרובירט אויסצוגעפינען יענע ליעגענדע טיהר הינטער דעם אלטאר פון דעם קליינעם נעבען־קלויסטער, דורך וועלכער מען האט מיך דאן אין קעלער אראבגעפיהרט. עס איז מיר אבער ניט געלונגען זאגאר דעם שפור פון אירגענד א טיהר צו ענטדעקען.

אונטערדעסען האב איך ביסלעכווייז פערצעהרט מיין גאנצעס געלד און גע־מוזט אנפאנגען צו זוכען ארבייט. אבער אויך דיעזעס מאל האב איך אין ערגעץ ניט געקענט קריעגען אירגענד וואס צו פערדיענען, נור היינט האט עס מיר בע־גליקט ביי דיעזער געביידע אנגעשטעלט צו ווערען.

ווען איך בין ארויפגעשטיגען דיא לייטער מיט דיא שווערע לאסט פון א טון קאלך איז מיר פלוצלינג ווידער פארגעקומען דיא ערשיינונג. פאר מיינע

אויגען האַט געשוועבט דיא געשטאַלט פון ראָזאליע. און דייטליך האָב איך גע־הערט איהר שטימע וויא זיא רופט אויס:

— קום, רעטע מיך!

איך בין דערביי אזוי דערשראָקען געוואָרען, אז מיין גאנצער קערפּער איז דורכגעשטירצט געוואָרען און דאן — דאן איז געשעהען דיעזעס אונגליק. איך בין ארונטערגעפאַלען פון לייטער און פאַלענדיג האָב איך נאָך אימער געזעהן איהר געשטאַלט וויא זיא קוקט אויף מיר מיט טרויעריגע בליקען.

דער שטערבענדער סוועגבארן האט דאמיט געענדיגט זיין ערצעהלונג און איז געבליבען ליגען עטוואס שטילער. ער האט זיך ווירקליך פיעל בערוהיגט נאָכדעם וויא דיעזע שווערע געהיימניס איז איהם אראָב וויא א משא פון האר־צען. אויך וויליאם איז א ווײַלע געזעסען שטיל וועהרענד פון זיינע געשלאָסענע אויגען האָבען זיך אראָבגעקייקעלט צוויי גרויסע טרעהרען.

— ראָזאליע, האט וויליאם שטיל געשעפּטשעט מיט א ביטערען זיפץ, לעבסט דו נאָך, געליעבטע? — איך, דיין חתן, וועל געפינען א וועג צו דיין פורכטבארע געפענגניס און איך וועל דיך צוריק ארויספיהרען אין דיא ליכטיגע וועלט.

וויליאם איז דאן א לענגערע צייט געזעסען פערטיעפט אין שווערע גע־דאנקען ביז ער האט ענדליך דערהערט א שוואכען קרעכץ און אין דער נעכסטער מינוט האט ער בעמערקט, אז ארנאָלד סוועגבארן האט זיין לעצטען אטהעם אויסגעהויכט.

דריי טעג זיינען פערביי געגאנגען נאָכדעם וויא וויליאם האט בעערדיגט דעם געשטאָרבענעם מאטראָז און דאָך האט ער ביז יעצט ניט געקענט אויסגע־פינען א מיטעל זאָגאר דעם ערשטען שריט צו טהאָן אום זיין געליעבטע צו רע־טען. ביי איהם איז קיין צווייפעל געוועזן, אז מען האלט זיא אין יענעם קערקער געפאנגען און אז איהר יונענדליכע קראפט האט איבערגעטראָגען דיעזע שרעק־ליכע מאטערניסע און זיא לעבט נאָך דאָרט, דען זאָנסט וואָלט מען איהם געוויס אריינגעלאָזען אין קלויסטער אום וועניגסטענס איהר קבר איהם צו צייגען.

אָבער וואָס זאָל ער טהאָן אום זיין אונגליקליכע געליעבטע צו בעפרייען? זאָל ער פערקלאָגען דיא נאָנען־מוטער ביי'ם געריכט? ניין. דאפון וועט גע־וויס קיין נוצען ניט ארויסקומען. ער וועט נור זיך זעלבסט ברענגען אין גרויס געפאהר, ווען ער זאָל נאכהער ניט זיין אים שטאנד זיין בעשולדיגונג צו בעווייזען.

דיא פאָרשטעהערין פון קלויסטער איז א בעוואוסטע פערזאָן אין רוסלאנד און מען זאָגט זאָגאר, אז דיא קייזערין פּראטעזשירט און בעשיצט זיא, ווייל זיא האט געטהאָן עפּעס א זאָך, פאר וועלכע קאטהערינא איז איהר שולדיג דאנקבארקייט.

ביי דיעזע אומשטענדען קען וויליאם ניט רעכנען, אז ער וועט דורך'ן גע־

ריכט עטוואס אויספיהרען. אויב מען וועט איהם דיא קלאגע זאגאר באלד אויף דער שטעלע ניט ענטזאגען, וועט זיך דער פראצעס שלעפען א לאנגע צייט און דיא אונטערזוכונג וועט זיך ענדיגען מיט גאר ניט. און אויב דאס געריכט זאל זאגאר געצוואונגען זיין צו געהן דורכזוכען דעם קלויסטער וועט שוין דיא נאנען־מוטער פריהער בעזארגען, אז מען זאל דארט קיין זאך ניט געפינען. זיא וועט געוויס דיא אונגליקליכע ראזאליע טויטען אדער פערשיקען אין אן אנדער קלויסטער און דאן וועט מען נאך איהם מאכען פעראנטווארטליך פאר וואס ער האט אויסגעטראכט אויף דיא נאנען־מוטער אזא פערברעכען.

וויליאם האט שוין אויך געטראכט וועגען דעם צו פאהרען נאך פעטער־בורג פערזענליך בעטען דעם דייטשען געזאנדטען, אז ער זאל זיך ווענדען צו דער קייזערין וועגען דיעזע אנגעלעגענהייט, אבער נאך א גענויע בערעכנונג האט ער איינגעזעהן, אז ער וועט אויך דאמיט גאר ניט אויספיהרען. אין קייזערליכען הויף זיינען געוויס דא גענוג אזעלכע פערזאנען וואס שטעהען אין פערבינדונג מיט דער נאנען־מוטער, וועלכע וועט אויך אויף דיעזען אופן אלעס ערפאהרען פריהער וויא מען וועט שיקען פון פעטערבורג מאכען אן אונטערזוכונג.

ענדליך איז דעם יונגען דאקטאר איינגעפאלען א געדאנק זיך צו בענוצען מיט דעם זעלבען וועג, אויף וועלכען מען האט דאן דעם מאטראז אראבגעפיהרט אום דיא מויער־וואנד אויפצושטעלען. עס איז צוואר ריכטיג, אז סוועגבארן האט יענע לינענדינע טיהר געזוכט און ניט געקענט געפינען, אבער דאס בע־וויזט גאר ניט. עס איז מעגליך, אז מען האט דיא טיהר פערבויעט, אבער דיא טרעפ, דער אונטער־אירדישער גאנג מוז דאך יעצט נאך אויך עקזיסטירען. אלעס וואס מען דארף איז נור אויסצוגעפינען א וועג וויא דארט גאנץ אונבעמערקט ארונטערצוגעהן.

וויא זאל ער אבער איינער אליין אנפאנגען אזא שווערע אונטערנעהמונג, וועהרענד ער האט אין מאסקווא קיין פריינד, קיין בעקאנטען, אין וועמען ער זאל זיך קענען איינטרויען? אין דיעזען מאמענט האט ער זיך עראינערט וועגען זיינע פריינדע אין דייטשלאנד, מאיאר פאן־טירפיץ און דעם שטאב־דאקטאר. יא, זיי זיינען אם נעהענסטען ביי דיא רוסישע גרענעץ און זיי וועלען געוויס באלד צו איהם קומען און מיט אלע מעגליכקייטען העלפען.

וויליאם האט באלד אויפגעשריעבען צוויי בריעף און געמעלדעט דיא פריינ־דע אלעס וואס עס איז איהם אין מאסקווא געלונגען צו ענטדעקען. דיעזע בריעף האט ער אבגעשיקט מיט א בעזונדערען שנעלען קוריער אום קיין איבריגען טאג צייט ניט פערליערען, דען דער יונגער דאקטאר איז געוועזן זעהר רייך און ער איז געוועזן בערייט זיין גאנצען אייגענטהום צו פערברויכען, ווען ער זאל נור דאמיט קענען דיא געליעבטע איין שטונדע פריהער בעפרייען.

פיערצעהן טעג שפעטער זיינען מאיאר טירפיץ און דער שטאב־דאקטאר

שוין געווען אין מאָסקווא. טיעף גערירט האָט וויליאם דיא פריינדע עמפפאנגען אין דעם זעלבען לאנד־הויז וואָס איז שוין יעצט פערטיג געווען און וואו ער האָט שוין געוואָהנט. דאָ זיינען זיי געווען זיכער, אז קיינער וועט זייערע געהיימע אונטערררעדונגען ניט בעאָבאכטען. באלד אָבער האָט זיך געמאכט א גינסטיגער צופאל, וועלכער איז זיי געקומען צו הילף אויף א גאנץ אונערווארטעטען אופן.

עס איז נעמליך בעקאנט געוואָרען, אז קייזערין קאטהערינא וועט דיא נעכסטע טעג קומען נאָך מאָסקווא. דער זעלבער קלויסטער איז געגאנגען פייערען זיין דריי־הונדערט יעהריגען יובילעאום און אויף דער ביטע פון דער פאָרשטעהערין האָט קאטהערינא איינגעוויליגט דיזע פייערליכקייטען בייצוואָהנען.

גאנץ מאָסקווא איז געווען אויסגעפוצט מיט גלאנץ, ווען דיא קייזערין איז אָנגעקומען. דער ראטה פון שטאָדט און אלע הויכע בעאמטע האָבען זיא עמפפאנגען ביי'ם טהויער און מיט א בעגייסטערטען טריאומף האָט דאָס פאָלק בעגלייטעט דיא פראכטפאָלע קארעטע, אין וועלכע זייער בעליעבטע הערשערין איז געפאָהרען דירעקט צו דעם גרויסען נאָנען־קלויסטער.

עס איז בעוואוסט געווען, אז דיא קייזערין בעאבזיכטיגט צוויי טעג אין דיעזען קלויסטער צו פערברענגען. דעם צווייטען אבענד וועט זיא אויספאָהרען דורך דיא אילומינירטע שטאָדט מאָסקווא און דאן צוריקקעהרען אין קלויסטער אום בייצוואָהנען א באנקעט, ביי וועלכען דיא העכסטע קירכליכע פירסטען פון רוסלאנד וועלען זיך אויך געפינען.

און אזוי איז עס געשעהען. דיא פאָרשטעהערין און אלע איהרע נאָנען האָבען דיא קייזערין עמפפאנגען ביי דער שוועל פון קלויסטער מיט א יובעלגעזאנג ווערענד דיא נאָנען־מוטער שטעהענדיג אויף דיא קניע האָט דער קייזערין איבערגעגעבען דיא שליסלען פון קלויסטער. דיעזע איבערגעבונג איז געווען ניט בלויז א צערעמאָניע, זאָנדערן דאָס האָט געהאט א וויכטיגע פאָליטישע בעדייטונג.

אונטער דער רעגיערונג פון דער פאָריגער פאנאטישער קייזערין עליזאבעט און דאן אויך דעם שוואכען פעטער דעם 3טען, האָבען דיא גייסטליכע אין רוסלאנד זיך ערוואָרבען גרויסע פריווילעגיעס. פון יאָהר צו יאָהר זיינען זיי אימער געוואָרען מעכטינער, אזוי דאָס דיא מעטראָפאָליטען און אויך דיא אנדערע בישאָפען האָבען אין צארענרייך געפיהרט כמעט וויא אן איינענע רעגיערונג און אונטערדריקט דאָס פאָלק.

קאטהערינא, באלד וויא זיא איז בעשטיעגען דעם טהראָן, האָט איינגעזעהן, אז דיא קירכען־פירסטען זיינען א צו געפעהרליכע מאכט, וועלכע מוז געבראָכען ווערען. ניט לאנג ווארטענדיג האָט זיא דעם גרעסטען טהייל פון דיעזע קירכליכע פריווילעגיעס אָבגעשאפט. דיא יעניגע בישאָפען וואָס האָבען נור אם מינ־

דעסטען ניט געוואָלט פאָלגען איהרע בעפעהלע האָט זיא ארויסגעטריבען פון אמט אָדער זאָגאר פעראורטהיילט צו שווערע שטראָפען. איינער אזא בישאָף וואָס האָט זיך ערלויבט אויפצוטרעטען געגען דיא קייזערין איז אויף איהר בע־פעהל געשמידט געוואָרען אין קייטען און פערשיקט אויף לעבענסלענגליכע גע־פענגניס.

דאָס אלעס האָט אָנפאנגס פעראורזאכט א געוואלטיגע אויפרעגונג און דיא גייסטליכע האָבען געזוכט מיט אלע מיטלען שטילערהייט אויפצורייצען דאָס פאָלק געגען דיא נייע קייזערין. אָבער קאטהערינא מיט איהר אייזערנעם כא־ראקטער האָט ניט אויף א האָאר נאָכגעגעבען פון איהר בעשלוס. דער פערבי־טערטער קאמפף צווישען איהר און דער קירכע האָט ניט לאנג געדויערט און זיא איז געבליבען דיא פאָלקאָמענע זיעגערין.

ערשט מיט א קורצער צייט צוריק האָט זיא ארויסגעגעבען אן אוקאז, לויט וועלכען פיעלע גרויסע קירכען גיטער זיינען איבערגענומען געוואָרען פון דער רעגיערונג, וועלכע וועט דאפיר דיא גייסטליכע אויסצאָהלען א געוויסע יעהר־ליכע פענסיאָן. דיא וועלט האָט דאמאָלס בעטראכט דיעזען בעפעהל אלס זעהר קלוג. פון איין זייט וועלען דאדורך פערשטאָפּט ווערען דיא מיילער פון דיא אויפהעצער, וועלכע אינטריגירען שטילערהייט, אז דיא קייזערין בערויבט דיא קלויסטערס, און פון דער צווייטער זייט האָט קאטהערינא ערדייכט איהר ציעל און געבראָכען דיא הויפט מאכט פון דיא גייסטליכע, וועלכע איז געווען גע־שטיצט נור דארויף וואָס זיי זיינען געווען בעדייטענדע גרונד אייגענטהימער.

דאָך האָבען דיא שטילע מאָרד־פערשווערונגען ניט אויפגעהערט. אין דער קירכע האָט מען געמאכט פערשיעדענע פלענער דיא קייזערין צו טויטען און עס האָט שוין זאָגאר איינינע מאָל פאסירט, אז אויפגערייצטע פאנאטיקער זיינען אויף איהר בעפאלען. קאטהערינא האָט גוט געוואוסט, אז דיעזע שענדלי־כע אינטריגען שטאמען פון דער קירכע, קיין דירעקטע בעווייזע האָט מען אָבער קיינמאָל ניט געקענט געפינען און דיא שולדיגע זיינען אימער געבליעבען אונ־בעשטראָפט.

אום צו בעווייזען איהר מאכט האָט אלזאָ קאטהערינא אָנגענומען דיא איינלאדונג צו קומען אין מאָנאסטיר צום יובילעאום, נור מיט דעם תנאי, אז דיא "היילינע" נאָנען־מוטער אליין זאָל זיא עמפפאנגען שטעהענדיג אויף דיא קניע ביי'ם שוועל און דאביי זאָל דיא "היילינע" מוטער איבערגעבען דער קיי־זערין דיא שליסעל אלס צייכען פון טיעפסטע אונטערטהעניגקייט. דיא מאכט פון דער קירכע איז שוין געווען אזוי געבראָכען, אז דיא הויכע גייסטליכע האָבען אויף דיעזע בעדינגונג געמוזט איינשטימען.

און דאָך איז קאטהערינא געקומען אין מאָסקווא געגען איהר אייגענעם ווי־לען, ווייל ערשטענס זיינען איהר דיא גאנצע קירכען־צערעמאָניעס געווען פער־

האסט און צוויטענס האט זיא גאנץ גוט געוואוסט, אז מאסקווא איז א פאנאטישע שטאדט, אז דא איז דיא הויפט נעסט פון דיא גרויסע פאפעס וואס וועלען זיך פיעלייכט בענוצען מיט דער געלעגענהייט אום עפעס א געדהנגענעם מערדער געגען איהר ארויסצושיקען. דאך איז קאטהערינא געווען מוטהיג גענוג און האט זיך פאר דיא אלע זאכען גאנץ ווייניג וואס געשראקען. זיא האט גראדע פערקעהרט געוואלט צייגען איהרע געהיימע קירכען־פיינד, אז זיא פעראכטעט זייערע אינטריגען און האט דוקא קיין מורא ניט אין זייערע קרייזען צו קומען.

און גראדע מיט דיעזער געלעגענהייט האט וויליאם בעשלאסען זיך צו בענוצען. דער יונגער דאקטאר איז געווען קלוג גענוג צו וויסען, אז ווען ער זאל דער קייזערין צושיקען א ביטשריפט אויף א געוועהנליכען וועג, וועט עס פיעלייכט צו איהר גאר ניט אנקומען. ווען ער זאל איהר אפילו אזא פראשעניע דערלאנגען ביי איהר פערבייפאהרען, וויא אנדערע טהון, וועט זיא עס פיליייכט אויך גאר ניט דורכלעזען. זיא וועט דאן איבערגעבען דאס פאפיער צום מיניסטער און ער וועט דיא גאנצע געשיכטע געוויס פערשטיקען. עס איז אלזא נויטיג צו מאכען א גרויסע סענסאציאן אום דיא קייזערין זאל אויף איהם בעזונדערס אויפמערקזאם ווערען.

קאטהערינא איז אין דער צייט מיט גרויס פאראד עמפפאנגען געווארען. דיא גרעסטע קירכען־פירסטען, זאגאר פון דיא ווייטעסטע טהיילען פון רוסלאנד זיינען געקומען פאר דער קייזערין צו קניען. זיי האבען עס פיעלייכט געטהאן קריצענדיג דיא צייהן שטילערהייט און מיט א פערבארגענעם כעס אין הארצען, אבער דיא שטארקע האנד פון דער מעכטיגער פרוי האט זיי געבויגען צו זיין אונטערטהעניג פאר איהר מאיעסטעט.

דיא היילינע נאנען־מוטער האט איבערהויפט געצייגט איהר טיעפסטע ערגעבענהייט. זיא האט בעגלייטעט דיא קייזערין איבעראל אין דיא מאנאסטיר געביידען וואו עס זיינען פאר איהר עהרע פארבערייטעט געווארען פערשיעדענע איבערראשונגען. דאך האט דיא שארף־בליקענדע קאטהערינא גוט פערשטאנען אז דיא אלע פארבערייטעטע צייכענס פון עהרע זיינען נור אויסערליך אום יוצא צו זיין פון אויבען, אבער אין תוך זיינען דיא גייסטליכע איהר בלוטיגע שונאים, געגען וועלכע זיא מוז זעהר פארזיכטיג זיין.

נאכמיטאג האט דיא קייזערין צוריקגעצויגען אין איהרע צימערען אום זיך עטוואס אויסצורוהען. באלד וויא עס איז אבער נאכט געווארען איז מאסקווא ערשיענען אין א ים פון ליכט און גלאנץ. אלע הייזער, פון'ם רייכסטען פאלאסט ביז'ן ארימסטען שטיבעלע זיינען אלע געווען הערליך בעלויכטען און איבער אלע עפענטליכע פלעצער האבען געברענט גאנצע זיילען פייער, אלס צייכען פון פרייד וואס דיא קייזערין געפינט זיך אלס גאסט אין מאסקווא.

א פראכטפאלע קארעטע מיט פיער טהייערע פערד איז שוין געשטאנען

ביי דער פאראדנע טיהר פון מאנאסטיר. דיא קייזערין האט זיך אריינגעזעצט אינעווענינ און געגען איהר איז געזעסען דיא נאנען־מוטער צוזאמען מיט גראף ארלאוו, וועלכער איז נאך דאמאלס געווען דער מעכטיגער ליעבלינג פון דער קייזערין. נאך איהר זיינען נאכגעפאהרען א גאנצע רייהע קארעטען מיט אלע גרעסטע גלחים און בעאמטע פון מאסקווא.

דיא פראצעסיאן איז געגאנגען לאנגזאם, ווייל אלע גאסען זיינען געווען פול מיט געדיכטע רייהען פון פאלק וואס האבען אויסגעדריקט זייער בעגייסטער־טע פרייד מיט ענטהוזיאסטישע געשרייען ”הורא“ פיר דער בעליעבטער קייזערין.

אויף דיעזען אופן איז דיא קייזערליכע קארעטע צוגעפאהרען צום קרעמעל־שלאס, וועלכער איז נאך געווען פיעל שעהנער אילומינירט וויא אלע אנדערע גע־ביידען, וועהרענד פון דעם גרויסען באלקאן האט געשפיעלט א ריעזען אר־קעסטער מוזיק.

פלוצלונג איז פון א זייטיגער גאס ארויסגעלאפען א יונגער מאן געקליידעט וויא אן ארבייטער, האלטענדיג אין איין האנד א גאנץ לאנגען רעוואלווער. מיט דיא הענד האט ער פונאנדערגעשטויסען דיא מענגע מענשען און אין נעכ־סטען מאמענט, איידער מען האט איהם נאך צייט געהאט אבצוהאלטען, איז ער ארויפגעשפרונגען אויף דער טריט־ברעט פון דער קייזערליכער קארעטע.

קאטהערינא איז א פערציטערטע געווארען, ווען זיא האט דערזעהן דיא טויט־וואפע אויסגעשטעלט געגען איהר ברוסט. אבער ארלאוו האט דעם רע־וואלווער שנעל וויא א בליץ ארויסגעריסען פון דעם אונבעקאנטען׳ס האנד וועה־רענד דאס פאלק איז אויף׳ן פערברעכער בעפאלען און האבען איהם נור געוואלט אין שטיקער צורייסען. דיא פאליציי האט איהם קוים א לעבעדיגען ארויסגע־ריסען פון זייערע הענד און אויף׳ן בעפעהל פון דער קייזערין האט מען איהם אבגעפיהרט אין נאנען־קלויסטער, אין מאנאסטיר, ווייל זיא אליין האט גע־וואלט מאכען דעם פערהער און וויסען ווארום ער פיהלט אזא האס צו דער קיי־זערין, דאס ער ריזיקירט מיט זיין אייגענעם לעבען אבי זיא צו ערמארדען.

דיא נאנען־מוטער איז געבליבען זיצען אין קארעטע. עס האט מיט איהר געווארפען א צאהן אן א צאהן וועהרענד דיא קייזערין האט אויף איהר געקוקט מיט פערדעכטיגע בליקען.

— שיער וואלט זיך דער גאנצער פאראד געווען געענדיגט מיט טרויער פאר גאנץ רוסלאנד, בלויז דיא פאלשע גלחים וואלטען זיך געפרייט, האט דיא קייזערין בעמערקט מיט א גיפטיגען שמייכעל.

דיא נאנען־מוטער האט געשוויגען. זיא האט אווארט ניט געענטפערט. זיא האט געפיהלט, אז דיא קייזערין מיינט זיא צו שטעכען, אבער זיא האט גע־מוזט שוויינען.

קאטהערינא האט דאן געגעבען א בעפעהל מען זאל צוריקפאהרען אין מאָנאסטיר און אין פערלויף פון צוואנציג מינוט איז שוין דיא קארעטע געשטאנען דארט אין הויף.

ארויסשטייגענדיג פון עקיפאזש האט קאטהערינא געשיקט אנזאגען דורך ארלאוו'ען, אז זיא וועט אין דעם באנקעט קיין אנטהייל ניט נעהמען און אז איבערהויפט וויל זיא אין א שטונדע ארום אין גאנצען פערלאזען מאסקווא און אוועקפאהרען צוריק קיין פעטערבורג. פירסטען און בעאמטע וואס זיינען געוועזען פערזאמעלט אין גרויסען אודיטאריום פון מאנאסטיר זיינען שרעקליך ניעדערגעשלאגען געווארען, ווען זיי האבען געהערט, אז דיא קייזערין פאהרט אב פון'ם באנקעט בייז.

— נו, ארלאוו, וואס זאגט איהר דארויף? האט זיך קאטהערינא אבגערופען, ווען ער איז נאכהער אריינגעקומען צו איהר אין צימער. איך האב אבער גערעכנט אזוי, אז מען רופט מיך דאריבער קיין מאסקווא אום מיך דא צו ערמארדען. דער גאנצער יובילעאום איז צוליעב דעם געמאכט געווארען. אה, וויא איך האס דיעזע גאטס-סטראפצעס! דאס זיינען דיא זעלבע וואס זיינען פאר מיר היינט אין דער פריה אויף דיא קניע געלעגען און האבען מיינע הענד געקושט, דיא זעלבע הייליגע נלחים וואס רעדען אזוי זיס מיט'ן מויל און גלאצען מיט דיא אויגען ארויף צום הימעל, האלטען צוזאמען דאמיט מעסערס אונטער זייערע שווארצע מאנטלען. דיעזעס מאל אבער וועל איך זייער גאנצע פינסטערע אינטריגע אויפדעקען. הייסט מען זאל דעם פערברעכער אריינפיהרען און איך אליין וועל ביי איהם אלעס אויספרעגען.

אין דער זעלבער צייט האט ארלאוו גענוי בעטראכט דעם רעוואלווער וואס ער האט ביי'ם אונבעקאנטען אוועקגענומען און מיט אמאל האט ער אויסגערופען איבעררראשט:

— מאיעסטעט, איך גלויב, אז דיא גאנצע געשיכטע מוז האבען א גאנץ אנדערע בעדייטונג. וויא איך זעה יעצט, איז דער רעוואלווער זאגאר ניט אנגעלאדען. דער מאן האט דאריבער, וויא עס שיינט, אייך גאר ניט געוואלט קיין בייזעס טהאן.

— איז דאס מעגליך? האט דיא קייזערין געפרעגט ערשטוינט. אויב אזוי טא וואס איז ער ארויפגעשפרונגען און אויסגעשטעלט געגען מיר דעם רעוואלווער?

— דאס וועט זיך וואהרשיינליך באלד ערקלערען, האט ארלאוו געענטפערט און האט דאביי צושרויפט דעם גאנצען רעוואלווער.

— אה גאנץ ריכטיג, האט ער גערעדט וויא צו זיך אליין, אט איז א פאפיער, א פראשעניע וואהרשיינליך, א ביטשריפט אדער עפעס א וויכטיגע אנציינע.

ביי דיזע ווערטער האט ארלאוו ארויסגעצויגען פון'ם רעוואלווער גאנץ פארזיכטיג א צוזאמענגעלייגטען פאפיער, אום ער זאל עס ניט צורייסען, וועהרענד דיא קייזערין האט אלעס בעטראכט מיט גרויס אינטערעסע.

— איז דאס פאפיער ווירקליך בעשריבען? האט דיא קייזערין געפרעגט.

— גאנץ געוויס, מאיעסטעט, דאס איז א פראשעניע וואס דער מאן האט אויף דיזען אונגעוועהנליכען שטייגער געוואלט אייך דירעקט איבערגעבען. ווען אייער מאיעסטעט וועט ערלויבען, וועל איך אייך דעם אינהאלט פארלעזען.

עטוואס אויפגערעגט, האט זיך קאטהערינא געזעצט אויף א שטוהל נריים צו הערען און האט אויסגערופען מיט א שטילען ליעבליכען טאן:

— לעזט, לאמיך הערען.

ארלאוו האט גענומען דעם פאפיער און האט גענומען לעזען. דיא פראשעניע איז געוועזען געשריבען אין דייטש און האט געלויטעט פאלגענדעס:

„אייער מאיעסטעט, דורכלויכטיגע קייזערין פון רוסלאנד! אן אונגליקליכער האט אויסגעוועהלט דיזען פערצווייפעלטען וועג אום דיא אויפמערקזאמקייט פון אייער מאיעסטעט אויף זיך צו ציהען. קיין אנדער מיטעל איז מיר ניט איבערגעבליעבען. איך בין איבערצייגט, אז זאנסט וועט מיין בריעף אין אייערע קייזערליכע הענד ניט אנקומען.

„עס האנדעלט זיך וועגען א מענשען־לעבען! נאך מעהר: עס האנדעלט זיך וועגען א גרויזאמען, שענדליכען פערברעכען וואס איז בעגאנגען געווארען אין דעם זעלבען הויז וואו אייער מאיעסטעט געפינען זיך יעצט און דיזער פערברעכען בעשטעהט דא נאך יעצט אויף.

„מאיעסטעט, מען האט אייך געצייגט אלע געביידען און אלע רוימען פון דיזען קלויסטער, אויסער איין ארט, נעמליך דיא אונטער־אירדישע קעלערען. הייסט מען זאל אייך אהין פיהרען און הייסט גענוי אונטערזוכען דיא מויער־ווענד איבעראל, וועט איהר דאן ענטדעקען, אז דיא פרומע גאטספארכטיגע נאנען האבען דארט א יונגע מיידעל לעבעדיגערהייט איינגעמויערט.

„איך בין א דייטשער אונטערטהאן. איך האב יענע ארימע אונגליקליכע מיידעל הערצליך און טריי געליעבט. זיא איז נאך ניט געוועזען אין גאנצען א נאנע און זיא האט איינגעוויליגט מיט מיר צו הייראטהען, אבער דיא מאנאסטיר־פרויען האבען עס ניט דערלאזט און זיי האבען דיא אונגליקליכע קינד פערמויערט אין א פינסטערען קעלער.

„איך בערוף זיך אויף'ן פרייסישען געזאנדטען אין פעטערבורג. זאגאר זיין מאיעסטעט, דער קעניג פון פרייסען, קען מיך פערזענליך. זיי וועלען פאר מיר גאראנטירען, אז איך בין קיין פערברעכער און אז מיין אבזיכט איז

ניט נעוועז אייך עטוואס צו שאדען אדער חלילה וועה צו טהאן. איך פער־בלייב דער טרייער דיענער פון אייער מאיעסטעט, דאקטאר וויליאם שטיין."

קאטהערינא האט יעדעם ווארט פון דיעזען בריעף אויסגעהערט מיט גרויס אויפרעגונג און באלד איז זיא האסטיג אויפגעשטאנען פון שטוהל און האט אויסגערופען:

— ארלאוו, אויב דאס זאל ריכטיג זיין, אויב עס זאל זיך ריכטיג בעווייזען, אז אין דעם מאנאסטיר איז בעגאנגען געווארען אזא שוידערהאפטער פערברעכען —אבער, ניין. עס קען ניט זיין, עס איז אונמעגליך צו גלויבען, אז זאגאר דיא פערדארבענסטע מענשען זאלען פעהיג זיין אזא זאך צו טהאן.

ארלאוו איז צו יענער צייט נאך ניט געשטאנען אין א געהיימע פערבינדונג מיט דיא פינסטערע אינטריגעס פון דיא גייסטליכע, ער איז דאן געוועזען אבגעגע־בען מיט לייב און זעעלע צו ארבייטען פיר דער ליבעראלער רעגיערונג פון דער יונגער קייזערין, דאריבער האט ער מיט א פעסטען טאן געענטפערט:

— מיין מיינונג וואלט זיין דורכאויס איהר זאלט דיא שרעקליכע געשיכטע גענוי אונטערזוכען. מען קען זיך פארשטעלען דעם פירכטערליכען שיקזאל פון דער איינגעמויערטער מיידעל. דיא מענשליכקייט פאדערט מען זאל זיא שנעל וויא מעגליך רעטען און בעפרייען. אויסערדעם דארף אייער מאיעסטעט אין זינען האבען נאך אזא זאך. אויב עס זאל זיך ווירקליך ארויסצייגען, אז דיעזע נאנעס האבען אזא שרעקליכען פערברעכען בעגאנגען, דאן איז דאס פאר אונז דער גרעסטער זיעג. דיא קירכע איז נאך אימער צו מעכטיג און דיא גרויסע גלחים זוכען נאך יעצט אויך אייער מאיעסטעט צו שאדען און שטילערהייד אויפצוהעצען געגען אייער רעגיערונג. דיעזער פערברעכען וועט אזוי פיעל ער־ניעדריגען זיי, אז קיינער פון זיי וועט שוין מעהר דעם קאפ ניט קענען אויפ־הויבען. דיא גאנצע וועלט וועט זיי פערדאמען און דיא הייליגע קירכען־פארטיי וועט דאדורך אין גאנצען צופאלען און פערניכטעט ווערען.

— איהר האט רעכט, גראף ארלאוו, מיר מוזען דיא זאך גענוי אונטערזוכען, אבער פריהער וויל איך זעהן דעם דאקטאר וויליאם שטיין.

אין א פאר מינוט ארום איז דער יונגער דאקטאר שטיין געשטאנען פאר דער קייזערין. אויף זיין מעגליך שעהנע געזיכט איז ניט געוועזען צו זעהן דעם מינדעסטען שפור פון שרעק. רוהיג און געלאסען איז ער געשטאנען און האט געווארט ביז דיא קייזערין וועט צו איהם אנפאנגען רעדען.

— איהר זיינט א דייטשער אונטערטהאן? האט ביי איהם דיא קייזערין געפרעגט נאכדעם וויא זיא האט איהם בעטראכטעט פון קאפ ביז דיא פיס.

— יא, מאיעסטעט, האט ער געענטפערט, איך בין א געבארענער בערלינער און מיין נאמען איז דארט בעקאנט אלס גוטער ארצט.

— און וויא זיינט איהר געקומען צו דיעזער משוגענער אידעע מיר צו דער־לאנגען א ביטשריפט אויף אזא אוננאטירליכען וועג?

— מיר איז קיין אנדער וועג געבליבען. איך האב זיך געווענדעט צום גע־ריכט און מען האט מיר אבגעוויעזען. ווען איך זאל אפילו געוועז שיקען דיא ביטשריפט צו אייך אין קאבינעט וואלט מען עס אויך דארט געוועז פערניכטעט איהר זאלט עס ניט זעהן. מען ווייסט דאך איבעראל וויא גרויס עס איז אין רוסלאנד דער איינפלוס פון דער קירכע.

— איהר האט דאך אבער ריזיקירט מיט אייער לעבען. נאך א האאר און ראס פאלק וואלט אייך געווען אין שטיקער צוריסען.

— מיין לעבען, מאיעסטעט, איז אין גאט׳ס הענד. איך האב עס געמוזט טהאן אום צו רעטען מיין אונגליקליכע געליעבטע, געגען וועלכער מען האט אזא הימעל־שרייענדען פערברעכען בעגאנגען.

דיא קייזערין איז טיעף געריהרט געווארען און רייכענדיג דיא האנד דעם יונגען דאקטאר האט זיא געזאגט:

— איהר זיינט א בראוועה מאן, דאקטאר שטיין. ביי מיר איז קיין צוויי־פעל, אז אייער אבזיכט איז גוט, דארום פערצייהע איך אייך אייער אויפטריט.

קאטהערינא האט זיך דאן געווענדעט צו ארלאוו׳ען:

— און איהר, גראף ארלאוו, געהט זאגט דער נאנען־מוטער, אז איך האב בעשלאסען צו בלייבען אנטהייל נעהמען אין דעם באנקעט. אין א האלבע שטונדע ארום וועל איך דארט זיין.

גראף ארלאוו האט דאס צימער פערלאזען און וויליאם האט אויסגערופען מיט אן ערמונטערטען טאן:

— איך בין איבערגליקליך, מאיעסטעט, וואס מיר איז געלונגען אייך פער־זענליך איבערצוגעבען מיין קלאגע. יעצט וועל איך געפינען גערעכטיגקייט.

קאטהערינא דיא גרויסע איז אויך בעוואוסט אלס קאטהערינא דיא גערעכטע.

דיא קייזערין האט א שמייכעל געטהאן און האט געזאגט:

— הערט מיך אויס וואס איהר האט יעצט צו טהאן. ווען איך וועל געהן צום באנקעט, וועט איהר מיך בעגלייטען פערקליידעט אלס מיין דיענער. איהר וועט שטעהען הינטער מיין שטוהל פערטיג צו טהאן אלעס וואס איך וועל אייך הייסען. זייט זיכער, אז איך וועל נעהמען שטרענגע ראכע פון דיא שולדיגע, אויב עס איז נור וואהר אלעס וואס אין אייער ביטשריפט איז געשריעבען.

— לײדער איז עס וואהר, מאיעסטעט, מען האט דיא אונגליקליכע ראזא־ליע לעבעדיגערהייד איינגעמויערט. איך האב עס געהערט פון דעם ארבייטער וואס האט אליין דיא מויער־וואנד אויפגעשטעלט.

ארלאוו איז יעצט אריינגעקומען צוריק און דיא קייזערין האט צו איהם געזאגט:

— גראף אָרלאָוו, נעהמט מיט דיעזען יונגען מאן און בעזאָרגט איהם ער זאָל זיין פערקליידעט אלס איינער פון מיינע דיענער. איך גלויב, עס איז איבע־ריג אייך אויפמערקזאם צו מאכען, אז אלעס וואָס דאָ קומט פאָר דארף בלייבען א געהיימניס.

דער גרויסער זאאל פון קלויסטער איז געווען געבויעט נאָך'ן אלטען רוסי־שען סטיל מיט צוועלף גרויסע מארמאָרנע זיילען. ער איז יעצט געווען הערליך פערפוצט. א לאנגער טיש איז געווען בעדעקט מיט דיא טהייערסטע זילבער און גאָלד־געשיר און ארום טיש זיינען געזעסען דיא פאָרנעהמסטע מענער פון מאָסק־ווא. גאנץ אויבען־אָן איז געזעסען דער מעטראָפּאָליט פון מאָסקווא ארומגע־רינגעלט פון בישאָפּען און הויכע קירכען בעאמטע. אויך דיא גרעסטע בעאמטע און דעפּוטאציעס פון פערשיעדענע רוסישע שטעדט זיינען געווען אנוועזענד. נאטירליך האָט אויך דיא היילינע נאָנען־מוטער דאָ פערנומען איינעם פון דיא פיינסטע פלעצער אויבען־אָן.

צווישען דעם מעטראָפּאָליט און דער נאָנען־מוטער זיינען געשטאנען צוויי ליידיגע שטוהלען. איין שטוהל פאר דער קייזערין און איינער פאר אָרלאָוו'ען. אלע זיינען געזעסען און האָבען געפיהרט א טיעפען, ערנסטען געשפּרעך וועגען אָנפאל וואָס איז געמאכט געוואָרען אויף דער קייזערין און אלע האָבען שרעקליך יסורים געהאט און שטארק בעדויערט דעם פאקט וואָס דיא קייזערין האָט זיך ענטזאגט אנטהייל צו נעהמען אין דעם באנקעט.

פּלוצים איז גראף אָרלאָוו אריינגעקומען אין זאאל, איז צוגעגאנגען צום מעטראָפּאָליט און צו דער נאָנען־מוטער און האָט זיי עפּעס איינגערוימט א סוד אין אויער. דאן האָט זיך דער מעטראָפּאָליט אויפגעהויבען און האָט מיט א שטימע פון פרייד אויסגערופען:

— מיינע ווערטהע געסט און פריינדע, איהר מאיעסטעט, דיא קייזערין, האָט אלגנעדיגסט איינגעוויליגט אין אונזער געזעלשאפט צו ערשיינען און מיר דארפען עס בעגריסען מיט אונטערטהעניגסטע דאנקבארקייט. איהר מאיעסטעט בעווייזט אונז דיעזע הויכע עהרע ניט קוקענדיג דארויף וואָס זיא איז יעצט זיכער שטארק אונרוהיג פון'ם אנגריף וואָס א באנדיט האָט געמאכט אויף איהר לעבען. מיר דארפען איהר דאריבער זעהר, זעהר דאנקבאר זיין.

דיא גאנצע געזעלשאפט האָט מיט גרויס בייפאל אָנגענומען דיעזע מיט־טהיילונג, איבערהויפּט איז דאָס געווען א פרעהליכע, אָנגעלייגטע בשורה ביי דער אלטער נאָנען־מוטער. איהר געזיכט האָט אזש געשטראהלט פון פרייד.

עס האָט לאנג ניט גענומען און דיא טראָמפּעטען האָבען אויסגעשאלט. צו־ערשט זיינען ערשיענען דיא קייזערליכע פּאזשען און דאן איז קאטהערינא אריינגעקומען אין זאאל. הינטער איהר איז געגאנגען א דיענער אָנגעטהאָן אין א קייזערליכע ליוורעע. איהם האָט נאטירליך קיינער ניט בעטראכט, **אָבער**

ווען דיא נאַנען־מוטער וואָלט אויף איהם געקוקט אויפמערקזאם, וואָלט זיא שטארק איבערראשט געוואָרען דערקענענדיג זיין שעהנע בלאסע געזיכט.

דיא קייזערין האָט זיך געזעצט אויף איהר פּלאַץ, דער מעטראָפּאָליט האָט אָבגעהאלטען א פרומע דרשה און דאן האָבען זיך אָנגעפאנגען פערשיעדענע רעדעס, אין וועלכע דיא קייזערין האָט אויך אנטהייל גענומען. מען האָט גע־רעדט וועגען אלעס וואָס האָט צו טהאָן מיט דיעזען גרויסען אלטען מאָנאסטיר און עס איז אויסגעקומען גאנץ נאטירליך, ווען דיא קייזערין האָט זיך מיט אמאָל געווענדעט צו דער נאָנען־מוטער און האָט ביי איהר געפרעגט:

— איז דאָס מעגליך, עהרווירדיגע מוטער, אז דיא קעלערען פון דיעזען מאָנאסטיר זיינען נאָך אלץ דיא זעלבע וויא זיי זיינען אויפגעבויט געוואָרען מיט דריי הונדערט יאָהר צוריק? איך האָב געהערט זאָגען, אז מען האָט זיי נאָך זאָגאר קיינמאָל ניט רעפּארירט. איז דאָס וואהר?

— יא, מאיעסטעט, דאָס איז וואהר, האָט דיא נאָנען־מוטער געענטפערט צופריעדען וואָס דיא קייזערין אינטערעסירט זיך אזוי מיט'ן מאָנאסטיר.

— איך האָב געלעזען אין א בוך, האָט קאטהערינא ווייטער פאָרטגעזעצט, אז דאָרטען אונטען אין קעלער איז דאָ א טאָוועל, א שטיינערנער, אויף וועלכען עס איז אויפגעשריעבען דער נאָמען פון דעם יעניגען וואָס האָט דיעזע הייליגע גרויסע געביידע אויפגעבויט.

דיא נאָנען־מוטער איז איבערראשט געוואָרען פון דער ערקלערונג. זיא האָט פון אזא טאָוועל ניעמאלס געהערט און זיא האָט אזא טאָוועל קיינמאָל ניט געזעהן.

— איהר מוזט מיר פערצייהען, מאיעסטעט, איך גלויב, אז דאָס מוז זיין אן אירטהום, האָט דיא נאָנען־מוטער געזאָגט. דער שרייבער פון דעם בוך האָט געמוזט האָבען א טעות. איך בין שוין דרייסיג יאָהר אין מאָנאסטיר און האָב נאָך אזא טאָוועל אין ערגעץ ניט געזעהן.

— און איך זאָג אייך, עהרווירדיגע מוטער, אז דער טאָוועל מוז דאָרט יא זיין. דער בוך בעשרייבט גענוי אלע איינצעלהייטען וועגען דיעזען טאָוועל און עס קען דאריבער קיין טעות ניט זיין.

— פיעלייכט, האָט דיא נאָנען־מוטער א קוועטש געטהאָן מיט דיא פּליי־צעס. אויב יא, מוז ער שוין זיין בעדעקט מיט אזא דיקען שטויב, אז עס איז ניט מעגליך געוועזען איהם צו בעמערקען.

— מיר קומט פאָר דיא זאך זעהר אינטערעסאנט. צו זעהן א ווערק וואָס איז הונדערטע יאָהרען אלט איז אימער כדאי און בעלעהרענד. איבערהויפּט בין איך נאָך קיינמאָל אין דיא קעלערען ניט געוועזען אין דיעזען וועלט־בעריהמטען מאָנאסטיר. איהר וועט זיין אזוי גוט און וועט מיך אהין בעגלייטען, הייליגע

מוטער, און אויך איהר, גראף אָרלאָוו. זאָל דיעזער לאקיי מיטנעהמען א לאָמפּ אונז צו בעלייכטען דעם וועג.

דיא אלטע נאָנע האָט ניט בעמערקט וואָס פאר א געפיהל פון ראכע עס האָט אויפגעבליצט אין דיא אויגען פון׳ם לאקיי און וויא אויף זיין געזיכט האָט זיך בעוויעזען א שטראהל פון האָפנונג. זיא, דיא נאָנען־מוטער, איז יעצט גע־ווען בעשעפטיגט מיט איהרע אייגענע געדאנקען פון שרעק און מורא.

— דיא קייזערין וויל געהן בעזוכען און בעקוקען דיא קעלער־געוועלבען, האָט זיך דיא נאָנען־מוטער געטראכט און איז א פערציטערטע געוואָרען. דאָך האָט זיא געזוכט איהר שרעק און אויפרעגונג צו פערבאָרגען און האָט מיט א פרומע מינע געזאָגט:

— מאיעסטעט, איך בין געווים בערייט אייער וואונש צו ערפילען מיט פרייד און פערגניגען, אָבער איך האלט עס פאר מיין פּפליכט אייך דערפון אָב־צוראטהען. דיא קעלערען זיינען פייכט, איך ציטער פון׳ם געדאנק, אז טאָמער חלילה וועט אייך דער בעזוך שאדען צו אייער טהייערע געזונדהייט.

— איהר ציטערט, עהרווירדיגע מוטער? האָט דיא קייזערין געפרעגט מיט א שארפע שטימע קוקענדיג דער אלטער גלייך אין דיא אויגען. יא, איהר ציטערט, דאָס זעה איך, אָבער איהר קענט גאנץ רוהיג זיין. איך בין ניט אזוי פערצערטעלט וויא איהר גלויבט און אביסעל שלעכטע לופט וועט מיר גאָר ניט שאדען — געהט פאָראויס, גראף אָרלאָוו.

דיא קייזערין איז אויפגעשטאנען צו געהן אין דיא קעלערען. דיא נאָנען־מוטער האָט עס ניט ווילענדיג געמוזט נאָכטהאָן, אָבער זיא האָט דאביי גע־פיהלט וויא מען וואָלט זיא פיהרען צום עשאפאָט הינגעריכטעט צו ווערען.

זיא האָט זיך נאָכגעשלעפּט הינטער דער קייזערין וועהרענד איהר געקאָר־טשעטע געזיכט איז געוואָרען שוואַרץ וויא דיא ערד. דער קייזערליכער דיענער איז איהר נאָכגעגאנגען און האָט פון איהר קיין אויג ניט אראָבגעלאָזט.

אין קאָרידאָר האָט דער דיענער גענומען א גרויסען פאקעל, וועלכער האָט זיי בעלויכטען דעם וועג מיט א רויטליכען אונהיימליכען שיין. באלד זיינען זיי אלע פיער אראָבגעשטיגען דיא שטיינערנע טרעפּ. דיא לופט איז דאָרט ווירקליך געווען פייכט און שווער, דאָך אויף קאטהערינא׳ן האָט עס קיין איינ־דרוק ניט געמאכט און זיא איז געגאנגען פאָרווערטס מיט פעסטע טריט.

זיי זיינען אריינגעקומען אין ערשטען קעלער. דיא קייזערין האָט געקוקט גוט רונד ארום און האָט געצייגט, אז זיא נעהמט א שטארקע אינטערעסע אין דער געביידע. זיא האָט פון צייט צו צייט זאָגאר דיא פייכטע ווענד געטאפּט מיט איהרע הענד. דאָך האָט זיא קיין זאך ניט ענטדעקט.

דער פאקעל אין וויליאַם׳ס האנד האָט געציטערט. ער איז געווען אזוי

אויפגערעגט, אז עס איז איהם קוים מעגליך געווען דעם פאסעל אין האנד איינ־צוהאלטען.

אויך אין צווייטען קעלער געוועלב איז קיין זאך ניט ענטדעקט געוואָרען טראָץ דעם וואָס אָרלאָוו האָט מיט זיין שווערד געקלאפּט אין פערשיעדענע שטע־לען אויף דער וואנד.

מען איז אריין אין דריטען קעלער געוועלב. וויליאם איז געבליבען שטעהן. ער האָט בעטראכט מיט ברענענדע בליקען דיא שטומע מויער־וואנד. ער האָט געזוכט דיא פענסטער עפנונג, פון וועלכע דער מאטראָז האָט איהם דערצעהלט, אָבער עס איז קיין זאך ניט געווען צו בעמערקען. א מאָדנע מורא האָט בעפאַ־לען דעם יונגען דאָקטאָר: אויב מען זאָל זיין אונגליקליכע געליעבטע ראָזאליע ניט ענטדעקען, דאן איז ער אויך פערלאָרען. דיא קייזערין וועט איהם בע־טראכטען אלס א שווינדלער און בעטריגער און וועט איהם פיר אזא ביטערען שפּאס אויף סיביר פערשיקען פיר אימער.

אָרלאָוו איז דערווייל ארומגעגאנגען און האָט ווייטער בעטראכט און גע־קלאפּט דיא וואנד מיט זיין שווערד. מיט אמאָל איז ער געבליעבען שטעהן איבערראשט. אנשטאט דעם פעסטען קלאנג וואָס דיא מאסיווע שטיינער האָבען פון זיך ביז יעצט ארויסגעגעבען האָט זיך געהערט א קלאנג וויא מען קלאפּט אויף א ברעט און דאך האָט זיך נור געזעהן א הויכע גלאטע מויער־וואנד ביז אויבען צום געוועלב.

אין דעם מאָמענט האָט אָרלאָוו מיט זיין גאנצע קראפט א זעץ געטהאָן מיט'ן שווערד און דער שפּיץ פון שווערד איז אריינגעזונקען אין וואנד אויף צוויי צאָל דיא טיעף.

— דאָס איז וואונדערבאר! האָט אָרלאָוו אויסגערופען זיך ווענדענדיג צו דער אלטער נאָנען־מוטער. וויא עס שיינט, איז דאָ אריינגעשלאָגען א היל־צערנע וואנד אין מויער. צו וועלכען צוועק?

אָבער נאָך איידער דיא אלטע האָט נאָך צייט געהאט צו ענטפערען עטוואָס האָבען זיך פון אינוועניג דערהערט ווילדע יאמער־געשרייען פון א פרויען־שטימע און אין נעכסטען מאָמענט האָבען שוואכע פויסטען־קלעפּ אָנגעפאנגען צו שלאָ־גען אין דיא ברעטער.

דיא נאָנען־מוטער האָט אָנגעפאנגען צו ציטערען מיט אלע איהרע גליעדער. זיא האָט איהרע ליפּען צוזאמענגעפרעסט אום זיא זאָל זעלבסט ניט אויסשרייען פאר שרעק.

באלד האָט זיך צו איהר דיא קייזערין געווענדעט און ארויפלעגענדיג דיא האנד שווער אויף איהר שולטער האָט זיא געפרעגט מיט א שניידענדען טאָן:

— זאָגט מיר, וועמען האלט איהר דאָרט אונטער דער פערמויערטער וואנד. איז דאָס א ווילדעס טהיער?

— מאיעסטעט, האט דיא אלטע מכשפה געשטאמעלט. איך וויים ניט, איך קען עס זיך ניט ערקלערען.

— דאך גלויב איך, אז עס מוז זיין א געפעהרליכע בעסטיע, האט קאטהערינא געלאכט מיט א גיפטיגען געלעכטער. אבער ווארום האלט מען אזא בעשעפענים אין א קלויסטער? גראף ארלאוו, זייט אזוי גוט און ברעכט דורך דיא וואנד. איך בין העכסט נייגעריג צו זעהן ווער געפינט זיך דארט איינגעמויערט.

דער פערקליידעטער דיענער וויליאם האט אונטערדעסען ארייגעשטעלט דעם פאקעל אין א שפאלט פון מויער און וויא א וואהנזיניגער האט ער אנגעפאנגען מיט דיא הוילע הענד צו רייסען דיא הילצערנע ווענטעל. מיט אמאל איז דיא שטימע פון אינוועניג שטיל געווארען און עס האט דארט געהערשט בלויז א טויטע שטילקייט.

— ווערקצייג! האט וויליאם געשריען, גיט מיר ווערקצייג, ברעך־אייזענס, שנעלער! זיא לעבט, זיא לעבט! מען קען זיא נאך רעטען!

מיט דיעזע ווערטער האט ער מיט זיין גאנצער קראפט גענומען רייסען דיא ברעטער פון מויער. ארלאוו, וועלכער איז געווען פיעל קאלטבלוטיגער, האט איינגעזעהן, אז מיט הוילע הענד און זאגאר מיט זיין שווערד איז ניט מעגליך דיא מויער וואנד צו צושטרען און ער איז שנעל ארויסגעלאפען פון קעלער־געוועלב אום צו רופען דיא בעדיענטע פון מאנאסטיר.

— און יעצט וועל איך זיך מיט אייך אברעכענען, האט זיך אין דער צייט קאטהערינא געווענדעט צו דער אלטער נאנע. זאגט מיר דעם אמת: ווער געפינט זיך דארט אינווייניג איינגעמויערט?

דיא הייליגע נאנען־מוטער האט פערשטאנען, אז זיא איז פערלארען. עס האט זיא געשטיקט אין האלז און זיא האט קוים געקענט דעם אטהעם אבציהען. אבער ענטפערען האט זיא דאך געמוזט. און גראדע אין דעם מאמענט איז איהר איינגעפאלען א געדאנק וויא זיך צו רעטען.

— מאיעסטעט, האט זיא אויסגערופען און האט זיך געשטארקט מיט אלע איהרע קרעפטע. מאיעסטעט, איך וועל זאגען דיא ווארהייט.

— יא, דיא ווארהייט, דאס איז אלעס וואס איך וויל פון אייך האבען.

— מאיעסטעט, אין דיעזען מאנאסטיר, פון וועלכען איך האב דיא עהרע צו זיין דיא אויפזעהערין, האט געלעבט א יונגע מיידעל. זיא האט שוין געדארפט ווערען א נאנע, אבער איבער צופיעל אנשטרענגונג און צופיעל לערנען איז זיא ארייגעפאלען אין א רעליגיעזען וואהנזין —

— דאס הייסט, איהר ווילט זאגען, האט קאטהערינא אונטערבראכען, אז דיא מיידעל איז געריהרט געווארען פון זינען?

— יא, מאיעסטעט, דאס וויל איך זאגען. זיא איז געווארען אזוי ווילד משוגע, אז מען האט זיא געמוזט האלטען בעזונדער איינגעשפּארט.

— אבער ווארום האט איהר ניט גערופען א דאקטאר? איהר האט דאך איבערהויפּט ניט געקענט וויסען גענוי וואס פיר א סארט קראנקהייט דאס איז. ווען א דאקטאר וואלט זיא אונטערזוכט און ערקלערט, אז זיא איז משוגע, וואלט מען זיא דאן געווען געדארפט איינשפּארען אין א בעזונדערע ליכטיגע און לופטיגע צימער און איהר צייגען א פריינדליכע בעהאנדלונג. זיא איז דאך ניט קיין פערברעכערין. אזא מענש איז דאך בלויז אונגליקליך און פערדיענט דיא סימפּאטהיע פון יעדען וואס בעזיצט א מענשליכע הארץ.

דיא אלטע נאנען־מוטער איז שוין געווארען אזוי בלאס וויא א געשטאר־בענע. זיא האט אראבגעלאזען איהרע גרויזאמע בליקען און האט געשטא־מעלט:

— פערצייהעט מיר, מאיעסטעט, דאס וואלט איך ווירקליך געדארפט טהאן און האב עס ניט געטהאן. ביי מיר איז אויסגעקומען, אז דיא וועלט דארף דערפון ניט וויסען; עס פּאסט ניט מען זאל ערפאהרען, אז אין מאנאסטיר איז א מיידעל משוגע געווארען און דאצו נאך משוגע פון רעליגיאן. דאס וואלט געגעבען שטאף דיא פיינדע פון אונזער קירכע, דיא אפּיקורסים, צו מאכען אונ־זער מאנאסטיר צו שאנד און צו שפּאט.

— ווען מען האט נור אן עהרליכען געוויסען דארף מען פאר דער וועלט קיין מורא ניט האבען, האט זיא דיא קייזערין אונטערבראכען. אלזא, וואס האט איהר מיט דער אונגליקליכער געטהאן?

— מאיעסטעט, עס איז מיר קיין אנדער וועג ניט געבליעבען וויא זיא צו האלטען בעזונדער.

— דאס האב איך שוין געהערט, איך פרעג אייך אבער וואוהין האט איהר דיא וואהנזיניגע געבראכט?

— אהער אין דיעזען קעלער־געוועלב.

— אזוי גאר, אין דיעזען קעלער־געוועלב? און איהר אליין האט מיר מיט אייניגע מינוטען צוריק געזאגט, אז דיא קאלטע, פייכטע און שטיקעדיגע לופט איז געפעהרליך זאגאר פאר געזונדטע מענשען און אפילו א קורצער בעזוך איז דא שעדליך — איבעריגענס ערקלערט מיר וויא לאנג געפינט זיך שוין דא דיא אונגליקליכע איינגעשפּארט?

— צוויי — ניין — דריי —

— נור דעם אמת זאלט איהר זאגען! האט קאטהערינא געדונערט מיט א שטרענגען טאן.

— מאיעסטעט, עס איז עטוואס מעהר פון פינף מאנאטען, האט דיא אלטע געשטאמעלט.

— און דער מויער איז שוין דאמאלס געשטאנען?

— ניין, איך האב געהייסען דיעזע וואנד אויפשטעלען אום דיא וואהנזי־ניגע זאל ניט קענען שאדען דיא אנדערע נאנען.

— דאס הייסט, איינפאך גערעדט, איהר האט דיא אונגליקליכע געלאזט איינמויערען?

— איינמויערען? אה, מאיעסטעט, דאס איז א שרעקליכעס ווארט.

— אבער דיין טהאט, דיין ארבייט איז דאך טויזענד מאל שרעקליכער, האט קאטהערינא אויסגערופען, און דאביי איז זיא אזוי אין כעס געווארען, אז מעהר האט זיא זיך שוין ניט געקענט צוריקהאלטען און האט דערלאנגט דער אלטער מכשפה א פאר הייסע פייערדיגע פעטש.

— ניעדער אויף דיא קניע, דו שענדליכע בעשעפעניס! האט דיא קייזע־רין אויסגערופען מיט אזא דונער־שטימע, אז עס האט געקלונגען אין אלע קע־לערען. דו ביסט עס דיא פארשטעהערין פון א קלויסטער, דו, וועלכע האט גע־דארפט דיענען אלס מוסטער פון פרומקייט און גוטהערציגקייט, דו, וועלכע האט געדארפט זיין דיא פריינדליכע לעהרערין פון דיא ארימע יונגע פרויען וואס קומען אהער אבגעבען זייער לעבען פיר גאט, דו האסט אזא גרויזאמע שאנד־טהאט בעגאנגען! — דו ביסט דאך ערגער וויא א מערדערין! — שטיל, קאנא־ליע! אויף דיא קניע, זאג איך דיר נאך אמאל!

דיא אלטע איז געפאלען צוזאמענגעבראכען צו דער קייזערין'ס פיס און אויסשטרעקענדיג איהרע הענד האט זיא געשטאמעלט:

— מאיעסטעט, גנאדע! ערבארמען!

— איך וועל מיט דיר האבען אזוי פיעל גנאדע און ערבארמען וויפיעל דו האסט געהאט מיט יענע אונגליקליכע. ביי גאט, דיא וועלט מורמעלט איבער גרויזאמקייטען אין קאטארגע, מען בעשטורמט מיך פאר וואס איך פערשיק פערברעכער נאך סיביר, דו האסט אבער דיעזע אונשולדיגע מיידעל פעראור־טהיילט צו א פיעל שרעקליכען שיקזאל. פאר דיר איז סיביר און קאטארגע א צו לייכטע שטראף. איך וועל מיט דיר טהאן פונקט דאס זעלבע וואס דו האסט מיט איהר געטהאן.

דיא נאנען־מוטער האט זיך געקייקעלט אויף דער ערד אין קרעמפפען און אין דיעזען מאמענט איז צוריקגעקומען גראף ארלאוו און אריינגעפיהרט אייניגע דיענער פון קלויסטער, בעוואפענט מיט העק און ברעך־אייזענס. דיא קייזערין האט בעטראכט מיט גרויס שפאנונג וויא זיי נעהמען זיך קרעפטיג צו דער ארבייט. אין אייניגע מינוטען איז דער ברעטער־בעשלאג ארויסגעהאקט גע־ווארען, דאן האבען זיי אויסגעבראכען איין שטיין נאך דעם אנדערען, אזוי דאס דער נאנצער קעלער איז בעדעקט געווארען אזוי וויא מיט א וואלקען פון שטויב. ווילאם איז אריבערגעשפרונגען דעם הויפען שטיינער פון דיא צובראכע־

נע וואנד אום אין דיא מויער־געפענגניס אריינצופאלען, אבער אין נעכסטען מאָמענט איז ער צוריקגעשפרונגען, דען דאָרט האָט זיך געהערט א גערוף אזוי וויא פון א פעסט, א גערוף וואס האט פערכאפט דעם אטהעם. אין א ווינקעל פון דיזע פורכטבארע געפענגניס איז געלעגען א פערפוילטער בינטעל שטרוי און אויף איהם איז געזעסען צוזאמענגעקארטשעט א האלב נאקעטע געשטאלט.

— דאס איז ראזאליע! יא, דאס איז זיא!

דער אונגליקליכער וויליאם האט שוין קוים דערקענט דיא בעדויערענסווערטהע כלה. זיא, וועלכע האט ערשט מיט איניגע מאנאטען צוריק געבליהט אין יוגענד און שעהנהייט; זיא, אויף וועלכע ער האט געקוקט מיט אזוי פיעל ענטציקונג און בעוואונדערונג, זיא האט יעצט אויסגעזעהן וויא א לייכע, וויא א בעגליכער סקעלעט, און שוין איז ניט צו בעמערקען אין איהר קיין שפור פון מענשליכען פערשטאנד.

און וויא האט עס דען אנדערש געקענט זיין! — ביינאהע זעקס מאנאטען אהן א מענשליכע נעזעלשאפט, ניט הערענדיג זאגאר קיין מענשליכע שטימע, געלעבט פון עקעלהאפטע שפייזען וואס מען ווארפט ארוים פון קיך, אין דיזער פערפוילטער און פערפעסטעטער מויער־וואנד — עס איז אין דער טהאט געוועזען א וואונדער, אז דיא אונגליקליכע האט עס געקענט איבערלעבען.

וויליאם איז א קנאפע מינוט געשטאנען דורכגעשווידערט, בעטראכטענדיג דיזע שרעקליכע בילד, דאן איז ער נאך אמאל געלאפען צו יענע אונגליקליכע וואס זיצט דארט אויף דער ערד. ער איז געפאלען פאר איהר אויף דיא קניע, ער האט זיא ארומגענומען מיט זיינע אומארמונגען און בעדעקט מיט הייסע קושען. ער האט זיא נאך יעצט אויך געליעבט טראץ דעם עקעלהאפטען שמוץ וואס האט בעדעקט איהר שעהנעם קערפער. און שליעסליך האט דיזער שטארקער מאן, פיליייכט דעם ערשטען מאל אין לעבען, זיך ביטער פאנאנדערגעוויינט און האט אויסגערופען:

— ראזאליע, דערקענסט מיך שוין ניט מעהר?

— מעהר — מעהר — מעהר — האט זיא געשטאמעלט, שאקלענדיג מיט'ן קאפ.

— ראזאליע, קענסט דו דען ניט דעם קלאנג פון מיין שטימע? — איך בין עס דאך, וועלכער רעדט צו דיר; איך, דיין געליעבטער חתן, וועלכער האט געוואלט מיט דיר הייראטהען, — ראזאליע, דיין וויליאם איז צו דיר געקומען.

— דיא ראטטען, — דיא ראטטען לויפען! האט זיא געפלוידערט וויא א וואהנזיניגע, און דער אויסדרוק פון איהרע אויגען האט געציינט, אז יעדער פונק פון פערשטאנד איז ביי איהר אויסגעלאשען.

— מיין גאט, זיא איז ווירקליך וואהנזיניג געווארען! האט וויליאם געיאמערט און בעדעקט זיין געזיכט מיטביידע הענד.

— מען מוז אלעם מעגליכע אַנווענדען אום דיא אַרימע צו רעטען, האָט דיא קייזערין אויסגערופען טיעף געריהרט. לויפט שנעל, אַרלאָוו, רופט א דאָקטאָר און זאָל מען אויך ברייגגען א טראַג־בעטעל. אין דעם פערזאמלונגס־זאאַל אויבען זאָגט אָן, אז דער באנקעט איז אַבגעשאפט. אין אזא הויז וויא דיעזע דארף קיין פרייד און קיין יובעל ניט פאָרקומען.

אַרלאָוו איז געלאָפען דיא בעפעהלע פון דער קייזערין צו ערפילען, און צו גלייכער צייט האָט ער בעמערקט, אז דיא אלטע נאָנע געפינט זיך שוין ניט אין קעלער־געוועלב.

— מאיעסטעט! האָט ער אויסגערופען. דיא מערדערין איז דאָך ענט־לאָפען!

— זאָל מען זיא אויפזוכען! האָט בעפאָהלען דיא קייזערין. מען וועט זיא דאָך אירגענד וואו געפינען און דאן זאָל מען זיא גלייך שמיעדען אין קייטען.

אונטערדעסען האָט וויליאם זיין גערעטעטע כלה גענומען אויף דיא הענד, אום זיא ארויסצוטראָגען פון קערקער, אָבער דאָס איז איהם קוים געלונגען מיט געוואַלט אויסצופיהרען, דען דיא אַרימע וואהנזיניגע האָט זיך פון איהם געריסען. איהרע וואונדערשעהנע, דונקעל בלאָנדע האאר זיינען אויסגעוואקסען ביז דיא קניע און פון דיא נעגעל זיינען געוואָרען וואהרע קראלען, מיט וועלכע זיא האָט געוואָלט זיין געזיכט צוקראַצען.

— ראָזאַליע! האָט אויסגערופען דער אונגליקליכער יונגער מענש מיט א צערטליך ביטענדע שטימע. ראָזאַליע, פיהלסט דו דען ניט וויא מיין ברוסט שלאָגט ביי דיין הארץ? — אָה, געליעבטע, ווען דו וואָלסט ויסען וואָס איך בין צוליעב דיר אויסגעשטאנען!

— ניט שלאָגען — דער קאנטשיק און דיא ברענענדיגע אייזענס. — ער־בארמען! — אַרימע ראָזאַליע וועט שוין פאָלגען — דיא ראטטען, אָה, דיא ראטטען לויפען!

— מען האָט וואהרשיינליך דיא אונגליקליכע געפייניגט און געברענט מיט הייסע אייזענס, האָט געמורמעלט דיא קייזערין מיט גרוים מיטלייד. אָה, וויא פירכטערליך דאָס איז!

וויא אן עווינקייט האָבען זיך געצויגען דיא מינוטען, ביז אַרלאָוו איז צוריקגעקומען מיט א דאָקטאָר און מעהרערע בעדיענטע פון מאָנאסטיר וועלכע האָבען געבראכט אלעס וואָס דיא קייזערין האָט געהייסען און דאצו וואַרימע מאנטלען און דעקען אין וועלכע מען האָט דיא אַרימע קראנקע איינגעהילט.

— עס איז יעצט שווער צו זאָגען, אויב זיא וועט איהר פערשטאנד ווידער געווינען, האָט דער דאָקטאָר שטיל ערקלערט אויף דער פראגע פון דער קייזערין. דיא הויפטזאך איז גוטע פּפלעגע און ריכטיגע בעהאנדלונג, דאן וועט פיליכט מעגליך זיין זיא צו רעטען.

אין איינעם פון דיא בעסטע און בעקוועמסטע צימערען פון קלויסטער האָט מען דיא קראנקע ראָזאליע אוועקגעלייגט אויף א בעט, און וויליאם האָט זיך נעבען איהר אוועקגעזעצט, דען ער איז ענטשלאָסען געווען פון דער שטעלע ניט אוועקצוגעהן און דיא געליעבטע צו פפלעגען, ביז עס וועט זיך בעווייזען א בעסערונג אין איהר צושטאנד.

אויף זיין בקשה האָט מען אויך גערופען זיינע פריינד, וואָס זיינען צו איהם געקומען פון דייטשלאנד, דעם רעגימענט דאָקטאָר און מאיאָר טירפיץ.ביידע זיינען מיט איהם געבליבען אין דער קירכען צעלע. דער רעגימענט דאָקטאָר האָט אויך אונטערזוכט דיא קראנקע און האָט ערקלערט, אז נאָך זיין מיינונג איז מעגליך זיא צו רעטען.

אין דער זעלבער צייט איז אָרלאָוו דערווייל אוועקגעלאָפען אין דער צעלע פון דער נאָנען־מוטער. ער האָט געגלויבט, אז זיא איז פּילייכט אוועק אהין אום אזוי שנעל וויא מעגליך זיך צו בעזאָרגען מיט געלד און צו מאכען פליטה.

ווען ער איז אהין צוגעגאנגען, האָט ער געפונען, אז דיא טיהר איז פון אינ־ווייניג פערשלאָסען. ער האָט גלייך צוגערופען מעהרערע דיענער און מען האָט דיא טיהר באלד אויפגעבראָכען.

דיא סצענע וואָס זיי האָבען דערזעהן פאר דיא אויגען איז געווען א שרעק־ליכע. דיא פרומע מכשפה האָט זיך אליין בעשטראָפט. זיא האָט זיך אויפגע־האנגען מיט א שטארקע זיידענע שנור אויף'ן גרויסען קרייץ וואָס איז געשטאנען איבער איהר בעט. איהר געזיכט איז געווען שרעקליך פערקרומט און עס האָט אויסגעזעהן, אז איהר שווערער פערברעכען איז געבליבען אָנגעשריבען אויף איהר שטערן.

א נאכט פון פיעל עגמת נפש און שמערץ איז פאָריבער. אונטער דיא ליעבע בעהאנדלונג פון וויליאם'ען און זיינע קאָלעגען איז ראָזאליע עטוואָס רוהיגער געוואָרען. און ווען דיא ערשטע זאָנענשטראהלען האָבען זיך בעוויזען אין צימער האָט ראָזאליע צום ערשטען מאָל געעפענט איהרע שעהנע אויגען מיט פערשטענדליכע בליקען.

— וויליאם, האָט זיא געשטאמעלט זעהר שוואך, דו ביסט ענדליך געקומען, מיין וויליאם.

ציטערענדיג פון שמערץ און פרייד, האָט דער יונגער מאן זיך בעגאָסען מיט א מבול פון טהרערען.

— ווייין ניט, מיין לעבען, האָט זיא איהם צערטליך געבעטען. איך, אָה, איך האָב דיך אזוי ליעב!

א קורצע צייט נאָכדעם אָבער האָבען זיך ביי איהר שוין אָנגעהויבען בעװייזען שפורען פון א געפעהרליכע היץ־קראנקהייט, וועלכע עס איז געווען אונ־מעגליך צוריקצוהאלטען מיט דער גאנצער קראפט וואָס דיא מעדיצינישע ווי־

סענשאפט האט אנגעווענדעט. ראזאליע האט ווידער אנגעפאנגען צו פאנטא־זירען, אבער שוין מעהר ניט פון משוגעת, זאנדערן פון פיבער.

— דיא ראטטען לויפען! האט זיא געשריען מיט א שוידערליכע שטימע שפרינגענדיג פון בעט, אה, שלאגט מיך ניט! אט קומט זיא ווידער מיט'ן קאנטשיק! אה, ברענענדיגער אייזען! רעטעט, ערבארעמט אייך אויף מיר!

אכט טאג האט דיא קראנקע געשוועבט צווישען לעבען און טויט. איהרע אויגען האבען שוין געהאלטען אין גאנצען ביי'ם אויסגעלאשען ווערען. עס זיינען געוועזען מאמענטען ווען עס האט אויסגעזעהן, אז איהר ריינע, אונשולדיגע נשמה פליהט שוין ארויס פון דעם אויסגעמאטערטען, אבגעצעהרטען קערפער. דיא ערצטע ארום איהר האבען אנגעווענדעט אלע מעגליכקייט און עס האט זיי ענד־ליך געלונגען זיא פון טויט לעבעדיג צו מאכען. זיי האבען זיא גערעטעט. דער געפעהרליכער קריזיס איז פאריבער און דיא שעהנע ראזאליע האט ווידער ערוואכט, צו דער אונענדליכער פרייד פון איהר געליעבטען, פיר א בעסערען לעבען און א גליקליכע צוקונפט.

אויף'ן בעפעהל פון דער קייזערין האט מען געמאכט א שטרענגע אונטער־זוכונג און עס האט זיך ארויסגעצייגט, אז דיא הויפט שולדיגע זיינען דיא צוויי שענדליכע נאנען וועלכע האבען געדיענט אלס הענקערינס אין מאנאסטיר. זיי האבען דיא אונגליקליכע ראזאליע אונבארמהערציג געפייניגט, און נור זיי האבען געוואוסט פון דער געהיימניס אז ראזאליע איז איינגעמויערט געווארען אין א מויער־וואנד לעבעדיגערהייד.

אויף'ן בעפעהל פון דער נאנען־מוטער האבען זיי ראזאליע'ן איינגענע־בען כלאראפארם און ערקלערט פאר דיא איבעריגע נאנען, אז זיא איז געשטאר־בען. זיי זיינען דאריבער געגאנגען צו איהר לויה גלויבענדיג, אז זיא איזווירק־ליך טויט. דאן האט איינע פון דיא הענקערינס איינגעגעבען כלאראפארם דעם אונמעכטיגען ארבייטער וואס האט דיא וואנד פערמויערט און אין דעם צושטאנד האט מען איהם אבגעפיהרט צו דער נעכסטער האפען שטאדט און מען האט איהם אבגענעבען אלס מאטראז אויף א שיף.

דיא צוויי הענקערינס זיינען אויף'ן בעפעהל פון דער קייזערין פערשיקט געווארען נאך סיביר אויף עביגע קאטארגע. דער מאנאסטיר איז געשלאסען געווארען און פון דיא נאנען האט מען א מאסע צושיקט אין אנדערע קלויסטערס און אנדערע האט מען אבגעשיקט אהיים צו זייערע פאמיליען, ווען זיי האבען עס נור פערלאנגט.

אין פערלויף פון א מאנאט איז ראזאליע אין גאנצען געזונד געווארען און דאן האט איהר שוין קיינער ניט געשטערט אבצופאהרען מיט איהר געליעב־טען חתן נאך דייטשלאנד. זיא וואהנט יעצט אין בערלין אלס וויליאם'ס גליקליכע פרוי.

מיט דיזע ווערטער האט אַלגא געענדיגט איהר ערצעהלונג און איז א קורצע צייט שטיל געבליבען, ווערהענד ניקאָלאי האט זיא מיט גרויס ליעבע און צערטליכקייט ארומגענומען און א קוש געטהאָן.

— איך האב דיר דיזע געשיכטע דערצעהלט, ניקאָלאי, האט זיא געזאָגט צו איהר געליעבטען, אום דו זאָלסט וויסען וויא פערדאָרבען עס זיינען דיא פערטרעטער פון יענער רעליגיאָן, וועלכע מען האט מיך געצוואונגען אָנצונעהמען. דערפון קענסט דו פערשטעהן, אז מיין פאָטער איז פאָלקאָמען גערעכט געווען וואָס ער האט מיך אזוי פערדאמט פאר וואָס איך האב אויסגעביטען דיא ריינע מענשען־פריינדליכע אידישע אמונה אויף דיזען בארבארישען, מערדערישען גלויבען. איך וואָלט אויך דיך געבעטען...

מיט אמאָל איז שטיל געבליבען. יעמאנד האט אָנגעקלאָפט אין טיהר. ביידע האבען זיך דערשראָקען.

## 29טער קאפיטעל

## א גרוס פון אַלגא'ס פאָטער.

מיראָוויטש איז אויפגעשפרונגען א פערציטערטער און האט געוואָרפען א פראגענדען בליק אויף אַלגא'ן, אויב ער זאָל עפענען אָדער ניט. דאן האבען זיי אָבער דערהערט א שטילען הוסט אלס אן אָבגערעדטער צייכען, און דאָס האט זיי ביידע בערוהיגט.

— דאָס איז פעטער וואראָנצאָוו, האט מיראָוויטש געזאָגט שטילערהייד.

— עס האט גענומען עטוואָס אונגעוועהנליכעס פאסירען, האט זיך אָבגערופען אַלגא, איך קען ניט בעגרייפען וויא אזוי דער אלטער האט ריזיקירט ארויסצוגעהן פון זיין פערבאָרגענע וואָהנונג אין מיטען העלען טאָג. ער ברייננגט דאָך דאמיט זיך און אויך אונז אין געפאהר.

מיראָוויטש האט אָבגערוקט דעם ריגעל פון טיהר און באלד איז דער אלטער וואראָנצאָוו אריינגעקומען זעהר אויפגערעגט. ער איז צוגעלאָפען האסטיג צו אַלגא'ן און אָנגעהמענדיג איהרע ביידע הענד, האט ער אויסגערופען:

— איך האב זיא געפונען — געפונען. אָבער יעצט איז זיא פאר מיר אויף עביג פערלאָרען.

— געפונען — וועמען?

— וועמען? האט ער איבערגעפרעגט וויא אָהן אן אָטהעם. מיין עליזאבעט, מיין היים־געליעבטע עליזאבעט!

— איז דאָס מעגליך?! האט אַלגא אויסגערופען איבערראשט. זיא איז אלזאָ ניט געשטאָרבען וויא מיר האבען געגלויבט? זיא לעבט נאָך?

— יא, זיא לעבט. אָבער יעצט איז זיא פעראורטהיילט צו א שרעקליכען שיקזאל, א שיקזאל וואָס איז נאָך פיעל ערגער וויא דער טויט.

דער אלטער איז קוים אין שטאנד געווען צו רעדען. זיין גאנצער קערפער האט געציטערט און ער איז שווער געפאלען אויף א שטוהל וואס מיראָוויטש האט איהם אונטערגעטראָגען.

— קודם בערוהיגט אייך אביסעל, האט אָלגא געזאָגט, דאן וועון איהר וועט זיין אין שטאנד צו רעדען וועט איהר אונז אלעס דערצעהלען און מיר וועלען זיך צוזאמען אן עצה האלטען וואס מיר קענען פאר עליזאבעט טהאָן.

עס האט געדויערט איינינע מינוט ביז וואראנצאָוו האט זיך בערוהיגט צו קענען רעדען און דאן האט ער אָנגעפאנגען:

— איך וויים, אז איהר וועט מיר העלפען, האט ער געזאָגט קוקענדיג אָלגא'ן גלייך אין דיא אויגען. איהר וועט מיר העלפען, ווייל איהר זיינט א פריינד צו מיר און אויך דאריבער ווייל אייער פאטער איז אויך אין דעם זעלבען אונגליק וויא מיין עליזאבעט.

— מיין פאָטער! איז אָלגא אויפגעשפרונגען א פערציטערטע, איך פער־שטעה עס ניט, הערר וואראנצאָוו. וויא קומט מיין פאָטער צו אייער עליזאבעט? ווען איז ער מיט איהר בעקאנט געוואָרען?

— דאָס קען איך אייך ניט ערקלערען. דאָך אזוי פיעל וויים איך בעשטימט, אז מיין יונגע, שעהנע עליזאבעט איז געוואָרען אייער אלטען פאָטער'ס פרוי.

— איך קען עס ניט גלויבען, האט זיך מיראָוויטש אריינגעמישט. אייער עליזאבעט, וועלכע איהר האט מיר אימער געשילדערט אלס א סאמפעל פון הויכע מאָראל, וועט זיך ניט ערלויבען צו הייראטהען מיט אן אלטען, גייציגען, שמוציגען אידען.

— שטיל זאָלסט דו זיין! האט אָלגא אויסגעשריען אן אויפגעקאָכטע. דאָס איז געווען צום ערשטען מאָל וויא זיא האט אזא כעס בעוויזען געגען איהר געליעבטען. דו זאָלסט זיך ניט אונטערשטעהן צו בעליידיגען מיין פאָ־טער. אמת, ער איז אלט און איז א איד, אָבער גראדע דאמיט קען ער זיין שטאָלץ. ער איז ניט פון דיא יעניגע אידען וואס פאלען כורעים און ערנידע־ריגען זיך פאר יעדען קריסטליכען לומפ. ער איז א איד מיט א זעלבסט־רעס־פעקט, א איד מיט א בעוואוסטזיין. ער איז שטאָלץ דאמיט וואס ער שטאמט ארויס פון דער עלטסטער און נאָבעלסטער נאציאָן פון דער וועלט. און מיט וואָס פאר א רעכט זאָגסט דו אויף מיין פאָטער, אז ער איז גייציג? אמת, ער איז ניט קיין שארלאטאן, ניט קיין פערשווענדער וויא פיעלע פון דיא אויס־געלאסענע קריסטען; ער האט צונויפגעזאמעלט א גרויסען פערמעגען — אָבער דערפאר העלפט ער דיא אָרימע און אונטערשטיצט קראנקע און נויט־בעדירפטיגע. און וואס אנבעלאנגט צום וואָרט שמוציג — אָה, דו שלעכטער ניקאָלאי! דאָס קענסט דו זאָגען אויף מיין פאָטער? דו מוזט ניט פערגעסען, אז מיין פאָטער איז א מאן פון גרויסע בילדונג, א מאן וואָס האט געוואוסט

זיך צו פערשאפען עהרע און אכטונג אין א קייזערליכע הויף־געזעלשאפט. ניין, ניקאלאי, דאס וועל איך דיר קיינמאל ניט פערצייהען.

אלגא האט זיך ברוגז אוועקגעקעהרט פון איהם און איז צוגעגאנגען צום פענסטער. מיראוויטש האט זיא אנגעפאנגען איבערצובעטען און זיך פער־ענטפערען, אז ער האט גאר אזוי ניט געמיינט, עס האט זיך ביי איהם ארויס־געכאפט פון מויל און אין הארצען איז ער פאלשטענדיג איינפערשטאנדען, אז דיא קריסטען האבען א שלעכטע געוואהנהייט ביי יעדער געלעגענהייט צוווארפען שמוץ אויף אידען. ער האט זיא אבער פערזיכערט, אז אויף ווייטער וועט ער זיך היטען דאס צו טהאן, און ער האט ביי איהר געבעטען זיא זאל איהם דיעזען מאל פערצייהען. אלגא האט איהם דארויף גאר ניט געענטפערט. נור זיא האט זיך געווענדעט צו וואראנצאוו'ען און האט געזאגט:

— מיין אלטער פריינד, יעצט וועהרענד איך האב פערטהיידיגט מיין פאטער איז מיר ארויפגעקומען א אידעע, אז ער האט געוויס גאר ניט געהייראט מיט אייער אייניקעל עליזאבעט. איך ווייס וויא געטריי ער איז צו דער אנ־דענקונג פון מיין פערשטארבענע מוטער, וועלכע ער האט מיט זיין גאנצע נשמה געליעבט, און ער וועט קיינמאל אנשטאט איהר קיין אנדער פרוי ניט נעהמען. דיא זאך ערקלערט זיך גאנץ איינפאך. עליזאבעט איז געבליבען אליין, פערשטויסען פון איהר געליעבטען חתן, עלענד און פערצווייפעלט. מיין גוטער, נאבעלער פאטער האט אויף איהר איינפאך רחמנות געהאט און זיא אויפגענומען אין זיין הויז. דאביי האט ער איהר געגעבען א נאמען אלס זיין פרוי אום זיא זאל ניט דארפען זיצען פערשפארט און זאל קענען קומען אין געזעלשאפט. א בעווייז דאצו איז, אז ער האט זיך זעלבסט א נאמען געגעבען מאהאמעד אלי פאשא. וואהרשיינליך האט ער דאצו געהאט א געוויסען צוועק. יעצט זאגט מיר, הערר וואראנצאוו, אין וואס פיר אן אונגליק איז עליזאבעט צוזאמען מיט מיין פאטער אריינגעפאלען? זאגט אונז אלעס און דאן וועלען מיר זיך שנעל בעראטהען וואס עס איז מעגליך צו טהאן אום זיי צו רעטען, אויב זיי קענען נאך איבערהויפט געראטעט ווערען.

— דאס איז א גרויסע פראגע, האט וואראנצאוו געענטפערט מיט א שווע־רען זיפץ. קענט איהר דען רעטען א מענשען וואס איז פעראורטהיילט געווארען צו קאטארגע־ארבייט אונטער דער ערד אין סיביר?

— וואראנצאוו! האט אלגא אויסגעשריען, וועהרענד זיא איז שרעקליך בלייך געווארען, איז דאס ווירקליך וואהר, אז דיא גרויסע, גערעכטע קייזערין קאטהערינא האט מיין פאטער און עליזאבעט פעראורטהיילט צו קאטארגע אין סיביר?

— יא, דאס איז ליידער וואהר, האט ער געענטפערט מיט א ריהרענדע שטימע. און איהר ווייסט, אז מיט דיעזען אורטהייל האט קאטהערינא געשטירצט

דיא אונגליקליכע אין א לעבעדינען קבר. עס וואָלט ווירקליך פאר זיי טויזענד מאָל בעסער געווען, ווען זיא וואָלט זיי פערורטהיילט צום טויט. היינט אבענד וועלען זיי ארויסגעשיקט ווערען צוזאמען מיט באראָן פאסעק, דעם געוועזענעם גענעראל־גובערנאטאָר פון פעטערבורג. איהם האָט דיא קייזערין געהייסען פערשיקען נאָך סיביר, פאר וואָס ווייס איך ניט, אָבער ער האָט עס גראדע כשר פערדיענט.

— און פון וועמען ווייסט איהר דאָס אלעס? האָט איהם מיראָוויטש גע־פרעגט, ווער האָט אייך דיעזע נאכריכטען איבערגעגעבען?

— א מאן, אויף וועלכען איך קען זיך פאָלקאָמען פערלאָזען. און אום איהר זאָלט עס פערשטעהן, וועל איך אייך פון איהם דערצעהלען פאָלגענדע געשיכטע: זיין נאָמען איז קאזימיר פיאָדאָראָוו. יעצט פערנעהמט ער א גרויסע שטעלע אלס דירעקטאָר פון פאָליציי דעפּארטמענט אין מיניסטעריום דעם אינערען; אָבער מיט אייניגע יאָהר צוריק איז ער געווען א קאסירער אין דער שטאָדט פערוואלטונג. דורך זיין האנד זיינען דורכגעגאנגען בעדייטענד גרויסע סומעס, דאָך זיין געהאלט איז געווען זעהר קליין, אזוי קליין, אז ער האָט איינפאך ניט געהאט מיט וואָס זיין פרוי און קינדער צו ערנעהרען.

איהר דארפט וויסען, מיינע פריינדע, אז צו יענער צייט האָט דיא שטאָדט פעטערבורג זעהר שלעכט בעצאָהלט איהרע בעאמטע און יעדער פון זיי איז געצוואונגען געווען צו נעהמען כאבאר און זיך אָבצוגעבען מיט זייטיגע אונ־עהרליכע געשעפטלעך. דאָך פיאָדאָראָוו איז א מאן מיט א ריינעם געוויסען, ער איז אויף אזעלכע זאכען ניט פעהיג געווען. אָבער אום זיין פאמיליע זאָל ניט דארפען ליידען הונגער און זיינע קינדער זאָלען ניט ארומלויפען באָרפוס און אָבגעריסען, האָט ער זיך ערלויבט ביסלעכווייז צו נעהמען געלד פון דער קאסע, אין דער לייכטזיניגער האָפנונג, אז מיט דער צייט וועט זיך איהם וויא עס איז מאכען א צופאל, אז ער זאָל קענען דאָס גענומענע געלד צוריק אָבגעבען.

אין אָנפאנג האָט ער גענומען בלויז א קלייניגקייט, ווען עס האָט אויסגע־פעהלט אין הויז צום לעבענסמיטעל, און מאנכעס מאָל עטוואָס מעהר, ווען עס האָט זיך געמאכט, אז א קינד איז קראנק געוואָרען אָדער אן אנדער עקסטרא צופאל פון בעזונדערע נויטווענדיגע אויסגאבען. דאָך אין פערלויף פון זיעבען יאָהר איז דיעזע סומע אימער גרעסער געוואָרען, אזוי דאָס אם ענדע האָט שוין געפעהלט אין דער קאסע גאנצע פינף טויזענד רובעל.

פון דעם ערשטען מאָמענט, ווען פיאָדאָראָוו האָט נור אָנגעפאנגען זיך צו בענוצען מיט דיעזע גע׳גנב׳טע געלד, איז דער פריעדען פון זיין זעעלע פער־פלויגען. קיין נאכט האָט ער ניט געקענט רוהיג שלאָפען און קיין פערגעניגען האָט איהם ניט געקענט צערשטרייען. אימער איז ער ארומגעגאנגען אזוי וויא דערשראָקען און פערביטערט.

ביי זיינע העכערע בעאמטע האָט פּיאָדאָראָוו געהאַט דעם בעסטען צוטרויען. זיי וואָלטען ניעמאַלס געגלויבט, אז דער מאַן וואָס איז בעריהמט מיט זיין עהרליכקייט, דער מאַן, וועלכען זיי שטעלען אוים אלס שעהנעם מוסטער פיר אלע אנדערע, איז פּשוט א גנב. דער צוטרויען צו איהם איז געווען אזוי גרויס, אז מען האָט זאָגאר ניעמאַלס רעווידירט ביי איהם דיא קאסע און ווען עס האָט זעלטען פּאסירט, אז א קאָמיסיאָן איז צו דיעזען צוועק געקומען, האָבען זיי נור א בליק געגעבען אויף דיא פּערזיענגעלטע זעק און ניעמאַלס זיי געעפענט דאָס געלד אין זיי איבערצוצעהלען.

פּיאָדאָראָוו איז געווען מיט ליִיב און זעעלע אָבגעגעבען פיר זיין פאַמיליע, איבערהויפּט האָט ער געליעבט זיין איינציגע טאָכטער סאָניא, א בילד־היבשעס מעדכען, וועלכע האָט געהאַט א פּראַכטפאָלע שטימע און גרויסע געבאָרענע פעהיגקייטען צום זינגען. אָבער אום איהר אויסצובילדען אלס קינסטלערין האָט מען געדאַרפט האָבען זעהר פיעל געלד. דארום האָט ער דיא לעצטע צייטען גענומען אימער מעהר פון דער קאַסע ביז עס האָט שוין געפעהלט גאַנצע פינף טויזענד רובעל.

איין טאָג, ווען פּיאָדאָראָוו איז געקומען אין ביורא, האָט ער געפונען אויף זיין טיש א גרויסען פּערזיענגעלטען בריעף. זיינע קאָלעגען האָבען איהם הערצליך גראַטולירט, דען מען איז געווען זיכער, אז אין דיעזען בריעף ענטהאַלט זיך פיר איהם א גליקליכע בשורה, אז ער איז ערנאַנט געוואָרען צו א העכערען אמט. ער זעלבסט אָבער איז דורכגעציטערט געוואָרען ביי דיעזען געדאַנק, דען אין אזא פאַל וועט ער דאָך מוזען איבערגעבען דיא קאַסע און דאַן וועט אלעס ענט־דעקט ווערען.

און ווירקליך, ווען פּיאָדאָראָוו האָט מיט ציטערענדע הענד געעפענט דעם קאָנווערט, האָט ער אין איהם געפונען א גרויסען פּאַפּיער, גלאַט און שעהן אויפגעשריעבען, אין וועלכען מען האָט איהם געלאָזט וויסען, אז ער איז ערנאַנט צו דעם הויכען אמט פון א פּאָליציי־דירעקטאָר אין מיניסטעריום דעם אינערען. זיין געהאַלט וועט יעצט זיין דריי מאָל אזוי גרוים וויא ביז יעצט, מיט איין וואָרט ער איז גערעטעט און פּערלאָרען.

געראטעט — ווייל פון יעצט אָן וואָלט ער קענען פיהרען מיט זיין פאַמיליע א גליקליכען, בעקוועמען לעבען; פּערלאָרען, ווייל אנשטאָט צו זיצען אויף דיעזע אנגעזעהענע, גוטע שטעלע, וועט איהם גאָר אויסקומען צו זיצען אין פּריזאָן אָדער זאָגאר נאָך סיביר פּערשיקט צו ווערען אלס א געמיינער פּער־ברעכער, א בעאמטער וואָס האָט גע'גנב'עט דיא געלדער, וועלכע זיינען איהם אנפּערטרויט געוואָרען.

באַלד איז צו איהם צוגעגאַנגען דער פּרעזידענט פון שטאָדט־ראַטה און מיט א פריינדליכען, גנעדיגען שמייכעל געזאָגט:

— מארגען וועט איהר איבערנעהמען אייער נייעם אמט. שליעסט אלזא אייערע ביכער און מאכט אלעס פערטיג אום היינט אבענד דיא קאסע מיר איי־בערצוגעבען.

— געוויס, הערר פרעזידענט, געוויס! האט געשטאמעלט דער אונגליק־ליכער.

— עס איז נאטירליך איבעריג צו פרעגען אויב אלעס איז ביי אייך אין ארדנונג, האט דערביי בעמערקט דער פרעזידענט.

דער פרעזידענט איז צוריק אוועקגעגאנגען אין זיין קאבינעט און פיאדא־ראוו איז געפאלען אויף זיין שטוהל וויא א דערשלאגענער. וואס זאל ער יעצט טהאן? וויא קען ער זיך דא רעטען פון אונגליק און שאנדע? אבער טהאן מוז ער דאך עטוואס; ער מוז אלע מיטלען אנווענדען אום דיא פינף טויזענד רובעל צו בעקומען. ער האט דאך פריינד. פערוואנדטע; גאנץ געוויס, זיי וועלען איהם העלפען, זיי וועלען איהם ניט לאזען פאלען.

ער האט ניט געמיינט זיך צו רעטען מען זאל איהם דאס געלד שענקען. פון דעם גרויסען געהאלט וואס ער וועט בעקומען פון דער נייער שטעלע האט ער גאנץ לייכט דיא מעגליכקייט אין א פאר יאהר אבצושפארען דיא סומע און צו בעצאהלען דעם חוב.

וויא עלעקטריזירט ביי דיעזען געדאנק איז ער פון שטוהל אויפגעשפרונגען און איז אוועק דירעקט צום פרעזידענט אין קאבינעט.

— נו, פיאדאראוו, האט איהם דער פרעזידענט געפרעגט, האט איהר שוין פילייכט דיא ביכער פערטיג געמאכט דיא קאסע איבערצוגעבען? זעהר גוט, איך קען שוין ביי אייך אלעס איבערנעהמען.

— הערר פרעזידענט, האט פיאדאראוו געענטפערט, קוים וואס ער האט דעם שטורם אין הארצען איינגעהאלטען, איך בין פון דיעזען גליק זעהר אויפ־גערעגט, עס איז מיר ווירקליך שווער אין דיא יעצטיגע שטונדען צו ארבייטען, איך בעט אייך איהר זאלט מיר ערלויבען אויף א קורצע צייט אהיים צו געהן איך זאל צוערשט מיין פרוי און קינדער דיא גוטע בשורה אנזאגען.

— געוויס, מיט'ן גרעסטען כבוד ערלויב איך עס אייך, האט דער פרעזידענט געזאגט, פון מיינעטוועגען קענט איהר זאגאר דעם גאנצען טאג פערברייגגען מיט אייער פאמיליע, בלויז אבענד קומט צוריק דיא קאסע איבערגעבען, דאס איז אלעס וואס מיר פערלאנגען פון אייך, איידער איהר וועט אונז פערלאזען.

פיאדאראוו האט איהם געדאנקט און איז אויף שנעל ארויס אין גאס. אבער ער איז ניט געגאנגען אהיים. ער איז צוערשט געלאפען צו זיין ברודער.

זיין ברודער איז געווען א רייכער ארכיטעקט. דיא לעצטע צייט האט ער חתונה געהאט מיט א רייכע פרוי און פון זיין ברודער, דעם ארימען בעאמטען האט ער זיך אין גאנצען צוריקגעצויגען. פיאדאראוו, אלס א שטילער מענש,

האט זיין רייכען ברודער קיינמאל ניט דאקוטשעט און זיי זיינען געוועזן גאנץ פון ווייטען איינער פון אנדערען.

פיאדאראוו האט געטראפען זיין ברודער אין קאנטאר, בעשעפטיגט מיט פלענער פון פערשיעדענע געביידען. דער ברודער האט איהם גאנץ פריינדליך עמפפאנגען.

— דו האסט זיך שוין לאנג ניט געלאזט זעהן, האט ער געזאגט צו פיאדא־ראוו׳ען, וויא געהט עס דיר, מיין טהייערער קאזימיר?

— אה, גוט. פארטרעפליך גוט. מען האט מיך גראדע היינט ערנאנט צו דער שטעלע פון א דירעקטאר אין פאליציי דעפארטמענט.

— ווירקליך? איך גראטוליר דיך הערצליך. דיא בשורה איז ווערטה א גוטע פלאש וויין. איך ווינש, אז פון יעצט אן זאלסט דו מיט דיין פרוי און קינדער צו אונז אפט קומען.

— איך האב צו דיר א בקשה, האט איהם פיאדאראוו אונטערבראכען, איך דארף האבען געלד, איך בין אין גרויסע שולדען.

— שולדען! האט דער ברודער אויסגערופען וויא מען װאלט איהם מיט אמאל אבגעגאסען מיט א קאלטען עמער וואסער, שולדען! א בעאמטען איז דאך פערבאטען צו מאכען שולדען און איבערהויפט קיין אנשטענדיגער מענש טהוט עס ניט.

פיאדאראוו האט שוין געוואלט דעם ברודער ערינערען וויא ערשט מיט א פאר יאהר צוריק, ווען ער איז געווען אין נויט, האט ער פון זיין ארימען געהאלט איהם אויסגעהאלפען מיט אייניגע הונדערט רובעל, דאך האט ער איהם ניט געוואלט ארייננברענגען אין כעס און ער האט אויסגערופען מיט א ביטערען טאן פון פערצווייפלונג:

— ברודער, דו ווייסט דאך, אז איך האב א גרויסע פאמיליע און געלעבט האבען מיר זעהר קארג. מיין געהאלט איז אבער געווען אזוי קליין, אז איך בין א בעל חוב געווארען אויף פינף טויזענד רובעל. דו מוזט מיר דאס געלד בארגען, איך וועל עס דיר אין פערלויף פון דיא נעכסטע פאר יאהר געווים אבצאהלען.

— פינף טויזענד רובעל! האט דער ברודער אויסגערופען בייז, דו מיינסט מסתמא, אז איך בין רייך וויא קורח. איך אליין האב דיא לעצטע צייט גרויסע פערלוכטען געהאט. מיין גאנצע געלד ליגט אין געביידען, דיא מויערען קען מען ניט בייסען, און אויסער דעם מוז איך דיר זאגען גאנץ אפען, אז מיין פרוי האלט איהר געלד אויף איהר נאמען און —

— ברודער, רעד מיט דיין פרוי, האט איהם פיאדאראוו אונטערבראכען מיט א ריהרענדע שטימע, איך מוז דיא פינף טויזענד רובעל האבען. דו הערסט? איך מוז! פרעג מיך ניט פיעל, אבער וויסען זאלסט דו, אז ווען דו העלפסט מיר ניט, האב איך קיין אנדער וועג ניט וויא זעלבסטמארד צו בעגעהן.

— אזוי ווייט האלט עס ? האט דער ברודער זיך אבגערופען און האט אויף פיאדאראוו'ען געווארפען א קאלטען דורכדרינגענדען בליק. יעצט פערשטעהע איך אלעס. עס טהוט מיר ווירקליך לייד, אבער העלפען קען איך דיר ניט. וויא איינער בעט זיך אויס, אזוי שלאפט ער.

— ברודער, ערבארעם זיך אויף מיר, האב רחמנות אויף מיין פרוי און קינדער, אויף אונזער הערליכען נאמען.

— וועגען דעם האסט דו פריהער געדארפט דענקען, האט דער ברודער גע־ענטפערט מיט א קאלטען טאן און האט געעפענט דיא טיהר פון קאנטאר צימער.

פיאדאראוו איז ארויסגעגאנגען וויא אבגעגאסען מיט הייסער וואסער. ער האט זיך קוים אויף דיא פיס געקענט שלעפען. ער האט דאריבער געמוזט נעה־מען א דראזשקע און האט אנגעפאנגען ארומצופאהרען צווישען זיינע גוטע פריינד, וועלכע האבען איהם אימער ביי א גלאז וויין פערזיכערט, אז זיי זיינען פערטיג פאר איהם זייער בלוט צו אפפערען. יעצט האט ער פון זיי דאך בלויז א קליינע טובה פערלאנגט, זיי זאלען איהם אויסבארגען עטוואס געלד אויף א קורצע צייט.

איינינע פון זיינע פריינד זיינען געוועזען גאנץ רייך. איינער איז געוועזען א פראפעסאר פון פילאזאפיע וואס האט געהאט א נאמען אלס א בעוואוסטער גוטער, מאראלישער מאן. ער האט גע'ירש'ענט פון זיין פאטער, א וואוכערער, איבער א מיליאן רובעל. פיאדאראוו איז געוועזען איבערציינגט, אז דער פילאזאף וועט איהם געווים אויסהעלפען אין זיין נויט.

ער האט דעם פראפעסאר געטראפען אין הויז. דער פילאזאף האט זיך מיט'ן נאסט גאר מחיה געוועזן. ער האט איהם אזש ארומגעכאפט קושען און האט איהם אריינגעפיהרט אין זיין רייכען קאבינעט. ווען ער האט זיך אבער דערוואוסט וועגען וואס ער איז געקומען און וואס פאר א טובה ער פערלאנגט פון איהם, האט דער פראפעסאר אויסגערופען :

— איך בין א מאן מיט פעסטע פרינציפען. און מיין פרינציפ איז קיין געלד ניט צו בארגען. איבערהויפט א גוטען פריינד ,עווים ניט. דען דער סוף איז אימער, אז מען פערליערט ביידע זאכען : דאס געלד און דעם פריינד. דיין פריינדשאפט איז ביי מיר זעהר טהייער און איך האף, אז דו וועסט אויף מיר ניט זיין בייז דערפאר וואס איך וויל דיר קיין געלד ניט בארגען.

— נערעכט, נערעכט, האט פיאדאראוו געשטאמעלט און איז אוועק א צור־טומעלטער פון'ם פראפעסאר'ס פרינציפען.

ער איז דאן געגאנגען צו אנדערע פריינדע און איבעראל האט מען איהם געענטפערט, אז געלד איז זעהר אן ערדלע זאך און מען קען עס איהם ניט געבען.

— דאס אלזא איז דיא וועלט ! דאס זיינען גוטע ברידער ! האט ער צו זיך אליין געמורמעלט א פערצווייפעלטער און עס איז ביי איהם געבליבען בע־

שלאפען ער זאל בעגעהן זעלבסטמארד, איידער צו בלייבען לעבען א לעבען פון שאנדע און וועהטאג. דאך האט ער קודם געוואלט געהן אהיים און זעהן זיין פרוי און קינדער בעפאר ער נעהמט זיך דאס לעבען.

ער איז דאריבער געפאהרען אהיים. ווען זיין פרוי און קינדער האבען גע־זעהן, אז ער פאהרט מיט א דראזשקע, וועלכעס ער האט קיינמאל ניט געטהאן, האבען זיי פערשטאנען, אז דא האט עטוואס געמוזט פאסירען און נעווים עטוואס גוטעס. זיי זיינען אלע ארונטערגעלאפען דיא טרעפ איהם אנטקעגען, האבען איהם ארומגערינגעלט און האבען ביי איהם געפרעגט מיט לוסטיגע שטימען ער זאל זיי זאגען וואס מיט איהם איז דיא שמחה, וואס ער איז געקומען מיט א דראזשקע.

— איך בין געווארען דירעקטאר אין מיניסטעריום, האט ער געשטאמעלט.

דאס גאנצע הויז איז פול געווארען מיט פרייד, זיין פרוי האט איהם ארומ־געכאפט און האט איהם מיט טהרערען פון פרייד און איבערראשונג געהאלזט און געקושט. אויך זיין ליעבע טאכטער סאניא איז געקומען און האט איהם געקושט וועהרענד זיינע אויגען זיינען געווען פול מיט ברענענדע שמערצליכע טהרערען. אבער זיי אלע האבען געמיינט, אז ער וויינט פון פרייד.

פיאדאראוו האט נור א קורצע צייט פערבראכט מיט זיין פאמיליע. באלד איז ער אריין אין א בעזונדער צימער און האט זיך דארט פערשלאסען. ער האט געעפענט דאס קעסטעל פון זיין שרייב־טיש וואו עס איז געלעגען א רעוואלווער, וועלכען ער האט לכתחילה פארבערייטעט פיר אזא פאל. דיעזען רעוואלווער האט ער יעצט אנגעלאדען און האט איהם אוועקגעלייגט נעבען זיך.

דאן האט ער זיך אוועקגעזעצט און מיט א ציטערענדע האנד אנגעפאנגען צו שרייבען א בריעף צו זיין פאמיליע. ער האט זיי דערצעהלט אלעס אין וואס פאר א לאגע ער האט זיך געבראכט און האט ביי זיי געבעטען זיי זאלען איהם פערצייהען. וועהרענד ער האט דיעזען בריעף געשריבען האבען זיך ביי איהם גענאסען ביטערע טהרערען פון דיא אויגען און זיינען געפאלען גלייך אויף'ן פאפיער.

מיט אמאל האט ער דערפיהלט, אז א ווייכע צערטליכע האנד האט זיך אוועקגעלייגט אויף זיין שולטער און ווען ער האט זיך אומגעקוקט, האט ער דערזעהן פאר זיך זיין עלטערע טאכטער סאניע, וועלכע האט צו איהם גערעדט וויינענדיג מיט א שרעקליך ריהרענדע שטימע:

— פאטער, מיין גוטער פאטער, וואס ווילסט דו טהאן?

דער אונגליקליכער האט גענומען זיין געליעבטע קינד אין זיינע אומאר־מונגען און האט איהר אלעס דערצעהלט. ער האט איהר ערקלערט דעם גאנצען אמת, אז אום זיין פאמיליע אנשטענדיג צו ערנעהרען האט ער געמוזט נעהמען געלד פון דער קאזנאטשייסטווא און ביז היינט אבענד מוז ער ענטוועדער שאפען

פינף טויזענד רובעל אָדער שטארבען. קיין אנדער אויסוועג איז איהם ניט געבליבען. דאן האָט ער ביי איהר געפרעגט וויא אזוי איז זיא אייגענטליך אריינגעקומען אין צימער, וואו ער האָט זיך איינגעשלאָסען.

— פאָטער, האָט סאָניע געענטפערט, באלד וויא דו ביסט אריין אין הויז האָב איך בעמערקט, אז דו ביסט צוטראָגען און שרעקליך אויפגערעגט. איך האָב אויך געזעהן, אז דו וויינסט ניט פון פרייד, זאָנדערען פון ביטערע פערצווייפלונג. דאריבער איז ביי מיר געבליבען צו ערפאהרען וואָס איז מיט דיר דיא אורזאכע און ווארום ביסט דו אזוי ניעדערגעשלאָגען. איך האָב דאריבער בענוצט דעם מאָמענט, ווען דו ביסט אריינגעגאנגען מיט דער מאמע אין קיך און האָב זיך דאָ בעהאלטען הינטער דיא גארדינען. איך האָב אלעס געזעהן און באלד פערשטאנען, אז דו ווילסט זיך שלעכטעס טהאָן.

— אָה, סאָניע! האָט דער פאָטער אויסגערופען. בעסער וואָלסט דו מיר ניט געשטערט. יעצט וואָלט שוין אלעס געווען פאָריבער.

סאָניע איז איהם ארויפגעפאלען אויף'ן האלז און האָט איהם בעשוואָרען, אז ער זאָל דעם געדאנק פון זעלבסטמאָרד אויפגעבען. עס איז דאָך ניט מעגליך, אז איבער אזא קליינע סומע וויא פינף טויזענד רובעל זאָל אזא אונגליק געשעהן. געוויס וועט ער קענען געפינען הילפע.

— הילפע? האָט ער אויסגערופען. אָה, מיין קינד, איך האָב פיעלע מענשען מיט מיינע לעצטע מיטלען געהאָלפען, יעצט אָבער ווען איך דארף הילפע ענטזאגען זיך אלע פון מיר.

— ניט אלע, האָט זיך סאָניע אָנגערופען. גראדע אין דעם מאָמענט האָט מיר גאָט אריינגעשיקט א גליקליכען געדאנק, קענסט דו מיין פריינדין עליזאבעט וואָראָנצאָוו?

— געוויס קען איך זיא. זיא קומט דאָך אָפט צו אונז אין הויז דיך בעזוכען. איך האָב אויך געהערט פון איהר גרויס-פאטער פעטער וואָראָנצאָוו וואָס וואָהנט דאָ אלס דיאמאנטען שלייפער, אונטער א פרעמדען נאָמען.

סאָניע האָט א ליעבליכען בליק געוואָרפען אויף איהר פאָטער און האָט געזאָגט:

— יא, פאָטער, וועגען איהם וויל איך מיט דיר יעצט שפרעכען. איך בין איינינגע מאָל ביי זיי געווען און האָב בעמערקט, אז דער אַלטער וואָראָנצאָוו איז ניט נור גוטהערציג, נור אויך זעהר קלוג. ער וועט דיר העלפען.

— וואָס רעדסט דו, מיין קינד? א מאן, מיט וועלכען איך האָב קיינמאָל א וואָרט ניט גערעדט, א ווילד פרעמדער, וויא קום איך צו איהם בעטען געלד, ווען אלע מיינע פריינד האָבען מיר ענטזאגט?

— פון א פרעמדען קען מען אָפט גיכער האָבען א טובה וויא פון דיא יעניגע

וואָס רופען זיך פריינד, האָט דיא מיידעל געענטפערט. איך לויף שוין צו וואָראָנצאָוו'ען, אָבער עס וואָלט פיעל בעסער געוועזן מיר זאָלען געהן צוזאמען.

פיאָדאָראָוו האָט זאָגאר גערעכענט, אז דאָס איז א נארישע פאנטאזיע פון א יונגע קינד, אָבער וואָס האָט ער דאָ צו פערליערען, ווארום זאָל ער דיעזען לעצטען רעטונגס מיטעל ניט פּרובירען?

— איך בין עטוואָס מעהר פערוואונדערט געוואָרען, האָט וואָראָנצאָוו ווייטער דערצעהלט, דערזעהענדיג אז סאָניע איז צו מיר אריינגעקומען מיט אן אונבעקאנטען מאן, אָבער נאָך א קורצען געשפּרעך האָב איך אלעס געוואוסט. איך האָב זיך איבערצייגט, אז פיאָדאָראָוו איז א וואהרער עהרען מאן, א צערטליכער פאמיליען־פאָטער און ער האָט זיך פאר זיין פרוי און קינדער אויפגעאָפּפערט. איך האָב אלזאָ ניט פיעל רעדענדיג ארויסגענומען פינף טויזענד רובעל און האָב איהם דערלאנגט. יעצט האָט ער אָנגעפאנגען וויינען טאקי באמת פון פרייד און גליק. פול מיט דאנקבארקייט אין הארצען האָט ער פון מיר אבשיעד גענומען און איז אוועקגעגאנגען.

פארנאכט האָט ער איבערגעגעבען דיא קאסע און נאטירליך האָט קיין איינציגער רובעל געפעהלט. דער פּרעזידענט האָט מיט א טיעפע פריינדליכקייט ארויפגעלייגט דיא האנד אויף זיין שולטער און האָט געזאָגט:

— איך האָב פריהער געוואוסט, אז ביי אונזער עהרליכען פיאָדאָראָוו איז אלעס אין אָרדנונג. איך ווינש אייך גליק אין אייער נייע קאריערע.

— מיט א קורצע צייט צוריק, האָט ווידער וואָראָנצאָוו דערצעהלט, ווען איך בין געגאנגען צו אייך, וויא געוועהנליך ווען עס איז נאכט געוואָרען, אום קיינער זאָל מיך ניט דערקענען, האָב איך פּלוצים דערהערט וויא מען רופט מיך ביי'ם נאָמען. א דערשראָקענער האָב איך מיך אומגעקוקט מורא האָבענדיג טאָמער איז דאָס א פּאָליציי שפּיאָן. אָבער צו מיין פרייד האָב איך דערקענט, אז דאָס איז דער זעלבער קאזימיר פיאָדאָראָוו.

— דו ביסט ניט פּאָרזיכטיג גענוג, האָט ער צו מיר געזאָגט. ווען אן אנדערער וואָלט דיך דערקענט, דאן וואָלסט דו געוועזן פערלאָרען.

— דאָס וויים איך, האָב איך געענטפערט, אָבער איך האָף, קאזימיר, אז דו וועסט שווייגען.

— ניט נור שווייגען, נור איך וועל דיר אויך העלפען מיט וואָס איך וועל נור קענען. איך קען ניעמאלס פערגעסען דיא טובה וואָס דו האָסט מיר געטהאָן.

— וואָס איז דאָ פון אזא קליינע געפעליגקייט אזוי פיעל צו רעדען? האָב איך בעמערקט. דיא פינף טויזענד רובעל וואָס איך האָב דיר געליהען האָסט דו מיר שוין לאנג אָבגעגעבען. דערפאר ביסט דו געוואָרען מיין בעסטער פריינד, מיין בעסטער בעשיצער און נור דיר האָב איך צו פערדאנקען וואָס איך האָב

זיך דאמאלס אזוי לאנג געקענט אויפהאלטען אין פעטערבורג אהן א פאספארט. דיין איינפלוס איז געוועזן געוואלדיג, אז דיא פאליציי זאל מיך לאזען צו־רוה.

— ווארום זשע האסט דו זיך יעצט צו מיר ניט געווענדעט? איך ווייס דאך, אז דו געפינסט זיך יעצט אין פעטערבורג נאך אין א גרעסערע געפאהר וויא דאמאלס.

— דאס איז ריכטיג. און טאקי איבער דעם האב איך דיך ניט געוואלט בעלעסטיגען. דו, אלס בעאמטער, וואלסט גרויסע אונאנגענעהמליכקייטען גע־האט, ווען מען זאל געוואהר ווערען, אז דו האסט געוואוסט פון מיר און ניט אנגעצייגט.

— אונזינן! האט אויסגערופען פיאדאראוו, ווענען דעם דארפסט דו ניט זארגען. איך בין זיכער געגוג אין מיין זאך. קום מיט מיר נאך מיין הויז.

איך האב דארויף איינגעוויליגט און ווען מיר זיינען געקומען אין זיין וואה־נונג, וואלט איהר געדארפט זעהן מיט וואס פאר א פרייד זיין פרוי און קינדער האבען מיך בעגריסט, אלס זייער רעטער און וואהלטהעטער. דיא שעהנע סאניע האט מיך זאנאר אומגעארמט און געקושט.

מיר האבען פערבראכט זעהר א אנגענעהמען אבענד און ביי'ם אבשיעד האט מיר פיאדאראוו דערצעהלט, אז ער וויים ניט נור מיין פערבארגענע וואה־נונג, זאנדערן אויך אייערע, אבער ער וואכט איבער אונז אלעמען און בעשיצט אונז, אז דיא פאליציי זאל אונז גאר ניט קענען טהאן.

היינט אין דער פריה, ווען איך בין געזעסען און געטרונקען טהעע, האט מען פלוצלונג אנגעקלונגען אין מיין טיהר און אלס איך האב געעפענט איז פיאדאראוו צו מיר אריינגעקומען. ביי דעם ערשטען בליק אויף איהם, אויף זיין בלייכע געזיכט און טרויעריגע בליקען, האב איך באלד פערשטאנען, אז דא האט עטוואס אונגעוועהנליכעס געמוזט פאסירען.

— וואס איז דען געשעהן? האב איך איהם דערשראקען געזאגט, האט מען פיליייכט ענטדעקט, אז איך געפין זיך אין פעטערבורג און מען וויל מיך ארעטירען?

— ניין, דאס ניט, האט ער האסטיג געענטפערט. דו און דיינע פריינדע, איהר זייט זיכער, אבער איך האב דיר געבראכט א גאנץ אנדערע נאכריכט, א שרעקליכע נאכריכט, וועלכע וועט דיך זעהר בעאונרוהיגען.

— און אויב ניט וועגען מיר און מיינע פריינדע, וואס דען קען עס זיין?

— עליזאבעט —

ביי דיזען ווארט זיינען אלע מיינע אלטע גליעדער דורכגעציטערט געווא־רען און איך בין פון שרעק געפאלען אויף דעם נעכסטען שטוהל.

— עליזאבעט? האב איך אויסגעשטויסען, מיין ארימעס קינד, וועלכע רוהט שוין לאנג אין איהר יונגען קבר?

— עליזאבעט איז ניט טויט, דו האָסט א טעות, גלויבענדיג, אז זיא איז געשטאָרבען.

— ניט טויט — איך בין אויפגעשפרונגען פון פרייד און געוואָלט אומאר־מען דעם טהייערען פריינד, וועלכער האָט מיר אזא גליקליכע בשורה געבראכט. ער אָבער האָט אָנגענומען מיין האנד און מיט א טרויעריגע שטימע געזאָגט צו מיר:

— לײדער איז אָבער דיין עליזאבעט אין אזא לאגע וואָס איז ערגער וויא געשטאָרבען.

דאן האָט מיר פיאָדאָראָוו דערצעהלט דיא גאנצע געשיכטע, אז עליזאבעט איז געוואָרען דיא פרוי פון דעם אלטען אראָן קראָנבערג, וועלכער האָט דיא לעצטע צייט געוואָהנט אין פעטערבורג אונטער א פאלשען נאָמען, אלס מא־האמעד אלי פאשא, געוועזענער שאטצמייסטער פון טערקישען סולטאן. פאָריגע נאכט האָט מען אין קייזערליכען פאלאסט ביי'ם באל ענטדעקט ווער זיא איז און דיא קייזערין זעלבסט האָט איהר און קראָנבערג'ען פעראורטהיילט צו א לעבענסלענגליכע ארבייט אין דיא אונטעראירדישע מינען פון סיביר. צוזאמען מיט זיי ווערט אויך פערשיקט נאָך סיביר באראָן פאסעק, דער גענעראל גובער־נאטאָר פון פעטערבורג, פאר וואָס ער האָט פאר דעם ניט געוואוסט ריכטיג ווער זיי זיינען. דיא פעראורטהיילטע וועלען וואהרשיינליך היינט אבענד ארויס־געשיקט ווערען.

איך האָב זיך בעגאָסען מיט הייסע טהרערען הערענדיג דיעזע נאכריכט. פיאָדאָראָוו האָט געזוכט מיך צו טרויסטען, אָבער נאטירליך איז דאָס געווען אומזיסט. איך האָב נור געפרעגט זיין ראטה, וואָס דענקט ער איז מעגליך צו טהאָן, אום מיין קינד צו רעטען.

— דו ווייסט דאָך, מיין פריינד, האָט ער געענטפערט, אז עס איז שווער אָדער ריכטיגער צו זאָגען גאנץ אונמעגליך צו רעטען א מענשען וואָס ווערט טראנספּאָרטירט נאָך סיביר. דאָך אויב מען זאָל יא פּרובירען עטוואָס טהאָן איז עס נאָך צייט יעצט, ווערענד זיא געפינט זיך אויף'ן וועג. פון סיביר וועט מען איהר שוין ניט קענען ארויסקריגען. קומענדיג אהין איז זיא אויף עביג פערלאָרען.

פיאָדאָראָוו האָט מיר דאן פערשפּראָכען היינט נאָכמיטאג זיך מיט מיר צוזאמענטרעפען. ביז דאן וועט ער נאָכדענקען וואָס עס איז צו טהאָן אין דיעזער אנגעלעגענהייט. איך אָבער בין דירעקט געקומען צו אייך, אום דיעזע נאכריכט אייך איבערצוגעבען.

טיעף ערגריפען, האָבען מיראָוויטש און אָלגא אויסגעהערט דעם אלטען וואָ־ראָנצאָוו'ס געשיכטע, דאן האָט אָלגא זיך אָבגערופען:

— פיאדאראָוו האָט רעכט, רעטען איז זיא מעגליך נור אויף דעם טראנס־פאָרט.

— דאָס איז גאנץ ריכטיג, האָט מיראָוויטש איינגעשטימט, אָבוואָהל איך זעה נאָך ניט איין קיין בעשטימטען פּלאן וויא דאָס זאָל אויסגעפיהרט ווערען. מיר וויסען דאָך וויא אזא טראנספּאָרט ווערט געפיהרט און וויא שווער עס איז דעם געפאנגענעם פון זיינע וועכטער אוועקצונעהמען.

— און דאָך מוז דאָס אויסגעפיהרט ווערען! האָט וואָראָנצאָוו אויסגע־רופען מיט א פעסטע שטימע. ווען איך זאָל זאָגאר וויסען מיין לעבען צו פער־לירען. איך קען זאָ וויא זאָ ניט לעבען ביי דעם געדאנק, אז מיין בליהענדע, שעהנע עליזאבעט ארבייט אונטער דער ערד אין א סיבירישע גרוב וואו זיא ווערט לאנגזאם געמאטערט ביז צום טויט. אָה, ניין, ווען איך זאָל אפילו מוזען קעמפּפען מיט אלע קאָזאקען וואָס רינגלען זיא ארום, וועל איך זיא דאָך בע־פרייען.

— איך גלויב, האָט אָלגא געזאָגט, עס איז דאָס בעסטע, אז מיר זאָלען פריהער הערען די מיינונג פון דעם דירעקטאָר פיאָדאָראָוו. וואו האָט איהר אָבגע־רעדט מיט איהם זיך צוזאמען צו קומען, וואָראָנצאָוו?

— אין א קאפעע־הויז אויף נעווסקי פּראָספּעקט.

— קענען מיר אויך מיטגעהן מיט אייך?

— נאטירליך, איך האָב איהם זאָגאר געזאָגט, אז איהר וועט וואהרשיינליך מיטקומען און ער האָט דארויף איינגעשטימט.

וואָראָנצאָוו איז אלזאָ פערבליבען צו מיטאג ביי זיינע פריינד און נאכהער זיינען אלע דריי אוועק אין קאפעע־הויז אויף נעווסקי פּראָספּעקט און אין א קורצע צייט ארום איז אויך אהין אָנגעקומען דער פּאָליציי דירעקטאָר פיאָדאָראָוו.

זיי זיינען אלע אריין אין א בעזונדער צימער און האָבען זיך אוועקגעזעצט ביי א טיש.

— דאָ קענען מיר גאנץ רוהיג שפּרעכען, האָט פיאָדאָראָוו געזאָגט נאכדעם וויא וואָראָנצאָוו האָט איהם פאָרגעשטעלט צו זיינע פריינדע. איך בין דעם ווירטהע גוט בעקאנט און אויף מיינעם א וואונק וועט ער קיינעם צו אונז אין צימער ניט אריינלאָזען.

— נו, מיין פריינד, וואָס פאר א מיטעל האָסט דו אויסגעפונען אום מיין קינד צו רעטען? גלויבסט דו, אז ס'איז נאָך דאָ א שטראהל פון האָפנונג? אָה, גאָט! ווען עס וואָלט געווען מעגליך ארויסצורייסען עליזאבעט פון דיא הענ־קער'ס הענד, דאן וואָלט איך רוהיג געקענט שטארבען.

— פעטער וואָראָנצאָוו, האָט פיאָדאָראָוו געזאָגט רייכענדיג דעם אלטען זיין האנד, דו האָסט מיך גערעטעט פון טויט און מיינע קינדער פון שאנדע און דארום וויל איך יעצט דיר מיין דאנקבארקייט בעווייזען. יא, עליזאבעט וועט

גערעטעט ווערען. זיא וועט זיין פריי און דאס אלעס וועט מיך נור קאסטען מיין שטעלע.

— גאט בעהיט! האט וואראנצאוו אויסגערופען, דאס קען איך ניט פער־לאנגען. דו ביסט א פאמיליען פאטער און דו טארסט דיין שטעלע ניט פער־לירען.

— וועגען דעם זארג ניט, מיין פריינד, האט פיאדאראוו געענטפערט מיט א שמייכעל. איך האב אין דער צייט וואס איך ארבייט ביי מיין נייע שטעלע אבגעשפארט א שעהנעם פערמעגען. אויסערדעם איז מיין טאכטער סאניע יעצט א גוטע זינגערין און זיא פערדיענט אויך פיעל געלד. איך בין דאריבער גליקליך מיט דיזער געלעגענהייט דיר צו דיענען. הערט אוים מיין פלאן.

דיא פיער פערזאנען זיצענדיג ביי'ם קליינעם טישעל האבען מיט דער גרעסטער אויפמערקזאמקייט צוזאמענגעלייגט א קאפ צו א קאפ און פיאדאראוו האט א שטונדע נאכאנאנד גערעדט און ערקלערט זיין פלאן וואס מען האט צו טהאן אום עליזאבעט צו בעפרייען. און ווען ער האט געענדיגט, האבען אלע דריי אויסגערופען:

— יא, אזוי איז פאראן א ריכטיגע אויסזיכט, אז עליזאבעט און אראן קראנבערג וועלען זיין פריי.

## 30טער קאפיטעל

## אויף'ן וועג נאך סיביר.

צווישען פעטערבורג און מאסקווא ציהט זיך אן אונגעהויער גרויסע שטיק פלאכע לאנד און דיא יעניגע וואס האבען דעם אונגליק טראנספארטירט ווערען נאך סיביר, מוזען דורכוואנדערען דיזע שטרעקע, וועלכע איז גראדע אזוי שרעקליך וויא דיא קאלטע שנעע־פעלדער פון סיביר. דארט אין יענעם יאמער־טהאל פון סיביר ווערען דיא ארימע געפאנגענע געפייניגט פון ביטערע קעלט און דא אויף דיזע גראז־פעלדער ברענט דיא זון וויא א קאלך אויווען, אזוי אז עס טרעפט גאנץ אפט, אז דער געפאנגענער וואס מוז געהן צו פוס געשמידט אין קייטען פאלט אין מיטען דער רייזע טויט. ער קען ניט איבערטראגען דעם שרעקליכען ברענענדען פייער.

אין איינעם פון אזעלכע ברענענדע זומער טעג איז איבער דיזע רוסישע גהינם־פעלדער געגאנגען א קאראוואן, א טרויער־צוג וואס איז נאך פיעל שרעק־ליכער פון א טויטען־צוג. צוועלף קאזאצקע רייטער האבען געטריבען פאר זיך דריי געפאנגענע וואס זיינען געגאנגען צו פוס, איינער צום אנדערען גע־שמידט אין קייטען.

דיעזע געפאנגענע זיינען געוועזען צוויי מענער און איין פרוי. דיא פרוי איז גע־גאנגען צווישען זיי ביידע און גראדע וויא זיי האט זיא אויך געטראגען א גרויען

ארעסטאנטען־מאנטעל מיט א רויטע לאטע אויף'ן רוקען. זיא האט זיך גע־האלטען מעהר מוטהיג וויא דיא מענער.

צווישען דיא צוויי מענער איז איינער געווען הויך און קרעפטיג, אין דיא מיטעלע יאהרען, און דער אנדערער איז געווען אן אלטער מאן מיט אן אינטע־ליגענטען ערעלען געזיכט. אבער ער איז שוין קוים אין שטאנד געווען זיינע פיס צו דערשלעפען.

פון צייט צו צייט האט זיא איהם בעטראכט מיט הערצליכע מיטליידענדע בליקען און האט איהם אויסגערעדט דאס הארץ. ווען עס איז דעם אלטען זעהר שווער געווארען דער גאנג, האט זיא איהם ערלויבט ער זאל זיך אנשפארען אן איהר און ער האט זיא דערפאר בעלאהנט מיט א דאנקבארען בליק.

— איך האף, ליעבע עליזאבעט, האט צו איהר אהרן קראנבערג געזאגט. איך האף, אז איך וועל דיר שוין לאנג ניט פאלען צו לאסט. איך קען שוין דיעזע מאטערניס ניט אריבערטראגען. דיא קייטען צושניידען מיינע גלידער, מיינע פיס זיינען געשוואלען און איך קען זיך שוין קוים דערשלעפען. פאר מיר איז איבעריגענס א סך בעסער צו שטארבען דא אויף'ן וועג נאך סיביר. וואס דארף איך זיך אומזיסט מאטערען? דיא איינציגע זאך וואס מיך ערגערט איז דאס וואס דו, מיין ארימע עליזאבעט, וועסט בלייבען עלענד וויא א שטיין, וויא א פערלאזענע שאף. דאס טהוט מיר לייד.

— מוטה, מיין פריינד, האט זיא איהם געזאגט מיט א זיסע טרייסטענדע שטימע. פאלט ניט ביי זיך און גיט ניט אויף דיא האפנונג. וויפיעל מאל האט עס שוין פאסירט וואס אונגליקליכע וואנדערער נאך סיביר ווערען דורך געטליכע אונערווארטעטע הילפע גאנץ אונערווארטעט פריי. כל זמן מען לעבט טאר מען דיא האפנונג ניט פערלירען.

— יא, איך האב האפנונג פריי צו ווערען, האט ער געשאקעלט מיט'ן קאפ. אבער ווייסט דו, קינד, ווער עס וועט זיין מיין בעפרייער? דער טויט!

— דאן וועל איך אויך שטארבען, האט עליזאבעט אויסגערופען מיט א טרויעריגען טאן, דען וואס וועט פון מיר ווערען אליין צווישען פרעמדע מענער? יעצט האב איך וויניגסטענס אייך און כאטש איהר קענט מיך ניט בעשיצען, דאך גלויבען זיי, אז איהר זיינט מיין פאטער, און אייער געגענווארט אליין איז שוין גענוג, אז זיי זאלען מיך ניט בעהאנדלען ברוטאליש. אבער אהן אייך — אה, גאט! איך וואלט מיר אליין גלייך א מיתה אנגעטהאן.

— האט שוין יעמאנד פרובירט דיך בעליידיגען, מיין קינד?

פערשעהמט האט עליזאבעט א שאקעל געטהאן מיט'ן קאפ אלס צייכען אויף יא.

— און ווער? האט ווייטער קראנבערג נעפרעגט.

— דער לייטענאנט דארט פאראויס.

— דיעזער יונגער אריסטאָקראטישער שארלאטאן ? אָה, איך קען איהם. זיין נאָמען איז קניאז פאול סאלטיקאָוו, ער איז א ברודער פון דער קניאגיניא נאטאליא סאלטיקאָוו, וועלכע איז געוועזן אנוועזענד ביי'ם דועל וואָס דו האָסט געהאט מיט דער קייזערין.

— אָה, וואָס פיר אן אונטערשיעד ! נאטאליא איז א בריליאנטענע מיי־דעל, בעזיצט א גאָלדענע נשמה ! וויא קומט ער צו איהר ? האָט עליזאבעט אויסגערופען. איך וועל קיינמאָל ניט פערגעסען איהר דאנקבאר צו זיין. זיא איז געוועזן דיא איינציגע וואָס האָט מיך ניט פערלאָזען, ווען איך בין געלעגען שווער פערוואונדעט און בעוואוסטלאָז. זיא האָט איבער מיר געוואכט וויא אן אייגענע שוועסטער ביז איהר זיינט געקומען מיך צו רעטען.

— יא, נאטאליא סאלטיקאָוו, האָט דער אלטער געזאָגט, אלע עלטערען זאָל גאָט בענשען מיט אזעלכע קינדער. זיא איז שעהן און גוט וויא א מלאך. און זיא איז דאָס דיא שוועסטער פון דיעזען ניעדערטרעכטיגען, אויסגעלאסענעם יונג ! אָבער, אך, עליזאבעט, מיין קאָפּ ברענט ! אָה, גאָט ! עס איז מיר אזוי שלעכט געוואָרען ! עליזאבעט, איך שטארב !

דער אלטער איז געבליבען שטעהן. ער האָט דעם אטהעם ניט געקענט אבציהען און איז געפאלען פון דיא פיס.

— האלט ! האָט עליזאבעט אויסגערופען מיט א הויכע שטימע צו דיא קאָזאקען. שטעלט זיך אָב, אום גאָטעס ווילען ! דער אלטער מאן שטארבט.

איינער פון דיא קאָזאקען האָט אוועקגאלאָפּירט צום שפּיץ פון דעם צוג וואו עס האָט גערייטען דער יונגער לייטענאנט און האָט איהם געמעלדעט וואָס דאָ איז פּאָרגעקומען. סאלטיקאָוו איז שנעל צוגעלאָפען צו דער שטעלע וואו דיא דריי געפאנגענע זיינען געבליבען שטעהן, דען אויך דער דריטער האָט ווייטער ניט געקענט געהן, ווייל ער איז געוועזן צוגעשמידט אויף איין קייט צו קראָנבערג און עליזאבעט.

— שוין ווידער געבליבען שטעהן ! האָט דער יונגער אָפיציער מיט צאָרן אויסגעשריען. ווירקליך, עס וואָלט געוועזן בעסער, אז דער אלטער זאָל שנעלער קראפּירען. וויא קען מען אזעלכען בריינגען ווען יעצט, ביי'ם אָנפאנג וועג, פאלט ער יעדע ווייל אין אָהנמאכט ?

— דאָס מאכט ער זיך נור, הערר לייטענאנט, האָט זיך אָבגערופען דער דריטער געפאנגענער באראָן פאסעק. איך האלט עס פיר מיין פפליכט אייך דארויף אויפמערקזאם צו מאכען.

— שטיל ! האָט אויף איהם סאלטיקאָוו געדונערט, דו האָסט מיר ניט וואָס אויפמערקזאם צו מאכען און איבערהויפּט קיין וואָרט צו רעדען, ווען איך פרעג דיך ניט.

— יונגער מאן, האָט פאסעק מיט כעס געזאָגט, וואָס איהר זייט יעצט ביין

איך שוין מיט יאָהרען צוריק געווען, און איהר וועט געווים ניט קומען צו דער שטופע, אויף וועלכע איך בין געשטאנען.

קאלטבלוטיג האָט סאלטיקאָוו אראָבגענומען דעם גראָבען קאנטשוק פון זיין זאָטעל־קנאָפּ און דערלאנגט דעם געפאנגענעם פּאסעק אזא זעץ איבער׳ן גע־זיכט, אז ער איז פערבלוטיגט געוואָרען.

— דאָ האָסט דו! האָט סאלטיקאָוו אויסגערופען. דאָס איז דיא שפּראַך, וועלכע איך רייד מיט דיר און דיין גלייכען.

פּאסעק האָט זיך געריסען פון קייט וויא א צוקאָכטע ווילדע חיה, אָבער נאַ־טירליך האָט ער גאָר ניט געקענט מאכען.

— מיר וועלען שפּעטער דיא געפאנגענע פאנאנדער שליסען, האָט דער אָפיציער געזאָגט צו דיא קאָזאקען, דיעזער באנדיט (ער האָט געצייגט אויף פּאסעק) זאָל מען אויסער דיא קייטען אנטהאָן בלייערנע קוילען אויף דיא פים. יעצט אָבער וועלען מיר זיך אָבשטעלען אונטער יענע בוימער צום מיטאָגס־לאגער. זאָל זיך דער אלטער אונטערדעסען ערהאָלען.

אראָן קראָנענבערג האָט צוזאמען גענומען זיינע לעצטע קרעפטען און גע־שטיצט אויף עליזאבעט האָט ער זיך קוים דערשלעפּט ביז אונטער דעם שאטען פון א בוים, וואו ער איז גלייך אנידער געפאלען. דיא קאָזאקען האָבען דערוויל פאנאנדער געשלאָסען דיא קייט פון דיא געפאנגענע, אזוי דאָס זיי האָבען זיך געקענט יעצט עטוואָס פרייער בעוועגען. דיא קלענערע קייטען אויף יעדען איינעם בעזונדער זיינען נאָך אויף זיי געבליבען. דיעזע דארף מען פון דיא אונגליקליכע ניעמאלס אראָבנעהמען ביז זיי שטארבען אָדער ביז זיי ווערען פריי.

עליזאבעט האָט ארויסגענומען פון איהר זעקעל א טאָפּ און שנעל אוועק־געלאָפען צו א קוואל וואסער וואָס האָט געפליסט ניט ווייט צווישען דיא בוימער. באלד איז זיא געקומען צוריק און געגעבען קראָנענבערג׳ען טרינקען.

מיט יעדען זופּ פון דיא פרישע, דערקוויקענדע וואסער האָט דער אלטער געפיהלט, אז זיינע קרעפטען קומען אימער מעהר צוריק. אויסער דעם האָט דער לייטענאנט איהם צוגעשיקט א פלעשעל גוטע שנאפּס און קראָנענבערג איז וויא נייע בעלעבט געוואָרען.

— איך גלויב, מיין קינד, האָט ער צו עליזאבעט געזאָגט דריקענדיג איהר האַנד, אז דיא גרעסטע געפאהר איז שוין פאַריבער. יעצט, נאָכמיטאג, ווען דיא זון ברענט שוין ניט אזוי היים, וועט מיר פיעל לייכטער זיין צו געהן.

— פּרובירט איינשלאָפען, מיין פריינד, האָט זיא געזאָגט, זעהט איהר, דער לייטענאנט האָט זיך אויך געלייגט אין גראָז און וואהרשיינליך וועלען מיר דאָ שטעהן א פּאָר שטונדען. איהר קענט זיך אונטערדעסען גאנץ גוט ערהאָלען.

און ווירקליך האָט זיך דער לייטענאנט אויסגעשטרעקט אין דעם הויכען גראָז און דאָס זעלבע האָבען געטהאָן אלע קאָזאקען, יעדער אונטער דעם שאטען

פון דיא גערינכטע בוימער. ארנאן קראנבערג האט באלד פעסט איינגעשלאפען. נור עליזאבעט איז ניט ווייט פון איהם א קורצע צייט געלעגען וואך, טראץ יעם וואס איהרע צארטע גליעדער זיינען געוועזן אזוי וויא אנגעגאסען מיט בליי פון גרויס מיעדיגקייט.

זיא האט ניט געקענט איינשלאפען. איהרע געדאנקען זיינען אויפגערעגט געוועזן מיט דיא טרויעריגע בילדער פון דיא אונלענגסט פערגאנגענע צייט. זיא האט געדענקט וועגען פאטעמקין, איהר אמאליגען חתן, וועלכען זיא האט איבערגעלאזען געפעהרליך פערוואונדעט. אך, וויא ווייט וועט זיא יעצט פון איהם זיין! טויזענדע מיילען שיידען זיא פון איהם און ניעמאלס, ניעמאלס וועט זיא איהם וויעדערזעהן!

נאך אמאל האט זיך דער קאמפף פיר איהר געענדיגט מיט א פורכטבארע נידערלאגע. קאטהערינא, איהר קייזערליכע פיינדין, האט וויעדער געזיעגט און, וויא עס ווייזט אוים, אויף אימער, דען פון דיא סיבירישע קאטארגע־גריבער, אזוי וויא פון קבר, קומט מען ניט צוריק.

ענדליך האט עליזאבעט עטוואס איינגעדרימעלט. דער טרוים־גאט האט זיך אויף דעם ענטציקענד־שעהנעם מיידעל ערבארעמט און איהר הערליכע בילדער פארגעשטעלט. גרויסע זומער־פויגעלאך פליהען ארום איהר און שטעלען זיך אב אויף איהרע לאנגע זיידען־ווייכע האאר, אויף איהר וואונדערליך געפארמטע ברוסט. פון אונטער איהר גרויסען ארעסטאנטען־מאנטעל זעהן זיך דיא קליינע ציערליכע פיסלאך פון דער געפאנגענער.

זיא טרוימט — זיא טרוימט שלאפענדיג אין דיזע וויסטע סטעפע, אז זיא ליעגט אין דיא אומארמונגען פון דעם געליעבטען; ער ציהט איהר פעסט צו זיין ברוסט. און יעצט — יעצט לייגען זיך זיינען ליפען אויף איהרע — אזוי דריקענד, אזוי פייערדיג. —

הייליגער גאט! מען קושט זיא, אבער ניט אין טרוים, זאנדערן אויף'ן וואהר.

עליזאבעט האט געעפענט דיא אויגען און געוואלט אויפשפרינגען, אבער צוויי שטארקע הענד האבען זיא פעסט געהאלטען און מיט א שוידערליכען געפיהל האט זיא געזעהן איבער זיך איינגעבויגען דעם יונגען לייטענאנט מיט זיין היבשע געזיכט, וועלכע האט געברענט פון ליידענשאפט.

— ווארום האסט דו זיך דערשראקען, מיידעל? האט סאלטיקאוו שטיל געשעפטשעט צו דער געפאנגענער, האסט דו דען ניט געקענט פערשטעהן, אז איך וועל צו דיר קומען? האסט דו דען ניט בעמערקט מיינע בליקען וואס איך האב געווארפען אויף דיר וועהרענד דיא גאנצע רייזע? אין דיזע בליקען איז דא געלעגען א גאנצע ליעבעס־ערקלערונג און זיי זיכער, אז מיר וועלען ביידע באלד פערטיג ווערען.

— לאזט מיך אב, האט זיא ערוויעדערט שטיל, אבער מיט אן ענטשלאָסע־נעם טאָן, איהר האט קיין רעכט מיך צו בעלעסטיגען. — לייטענאנט, איך וועל ביי דיא נעכסטע עטאפפען־סטאציאן אייך פערקלאָגען ביי אייער הויפטמאן.

— פערקלאָגען? האט זיך סאלטיקאָוו אויסגעלאכט, און דו גלויבסט ווירקליך, אז דאס וועט דיר עטוואס נוצען? ווייסט דען ניט, אז א געפאנגענער וואס איז פעראורטהיילט צו קאטארגע האט מעהר קיינע מענשליכע רעכטע?

— קיינע רעכטע? האט דיא אונגליקליכע טיעף אבגעזיפצט, אָה, גאָט, לײדער איז דאס א טרויעריגע ווארהייט!

— ווילסט דו דיינע רעכטע וויעדער בעקומען, דאן ערפיל מיין וואונש און דאן וועל איך דיר געבען דיא געלעגענהייט אין איינעם פון דיא נעכסטע נעכט צו אנטלויפען. ווען אלע וועלען שלאפען וועל איך זעלבסט דיינע קייטען ארונ־טערנעהמען און דו קענסט דאן געהן וואוהין דיינע אויגען וועלען דיך טראגען. עס וועלען זיך איבעראל געפינען גוטע מענשען, וועלכע וועלען דיך בעהאלטען. זעהסט דו, וויא גוטהערציג איך בעהאנדעל דיך. איך בעט ביי דיר דאס וואס אן אנדערער אויף מיין פלאץ וואלט ביי דיר גענומען מיט געוואלט.

— מיט געוואלט? האט זיא פערצווייפעלט אויסגעשריען.

— אָה, דו גלויבסט, פיליכט, אז מיינע קאמעראדען, וועלכע פיהרען טראנספּארטען נאך סיביר, מאכען פיעל צערעמאָניעס מיט דיא געפאנגענע פרוי־ענצימער? און דיזע טהוען עס איבריגענס זעהר גערן, דען וויניגסטענס גע־ניסען זיי דאפיר וועהרענד דיא רייזע בעסערע בעהאנדלונג. איך אבער באט דיר אן פיעל מעהר, איך וויל דיר געבען דיא פרייהייט.

און וועהרענד ער האט גערעדט דיזע ווערטער מיט א ברענענדיגע לײדענ־שאפט האט ער צוגעדריקט דאס מעדכען אליץ פעסטער אין זיינע אומארמונגען. ער האט געזוכט מיט זיינע ליפען איהר מויל צו קושען, אבער דיא שעהנע גע־פאנגענע האט געקעמפפט געגען איהם מיט דיא קראפט פון פערצווייפלונג.

— לאזט מיך אב! האט זיא זיך געבעטען, אָה, וויא נידערטרעכטיג דאס איז זיך צו בענוצען מיט דער מאכט וואס איהר האט איבער מיר! וואס ווילט איהר פון מיר?

— נור דריי גליקליכע נעכט! האט ער אויסגערופען מיט א ציטערענדע שטימע פון אויפרעגונג.

— אך, געהט, איהר בענעהמט זיך וויא א גראָבער יונג, ניט וויא אן עדעלמאן.

— היט זיך מיך צו בעליידיגען!

— איהר בעליידיגט זיך זעלבסט. טהוט דען אזוי אן עדעלמאן וואס זיין ערשטע פפליכט איז דאך יעדע פרויענצימער צו בעשיצען און רעספעקטירען?

— אבער דו ביזט דאך אזוי שעהן?

— גראדע דיא שעהנהייט דארפט איהר פערעהרען און ווען מיין שעהנ־הייט איז דיא אורזאכע פון אזעלכע סקאנדאלען — אַה, דאן בעט איך ביי גאָט ער זאָל מיך מאכען העסליך, ער זאָל ארויפשיקען אויף מיר א קראנקהייט, אז מיינע אויגען זאָלען בלינד ווערען און מיין געזיכט זאָל פערענדערט ווערען. דאָס איז טויזענד מאָל בעסער אלס צו דיענען פיר א העסליכע שאנדע.

אזוי רעדענדיג האָט עליזאבעט בעוויזען זיך ארויסצורייסען פון דעם אָפּי־ציער'ס אומארמונגען און זיך צוריק צו ציהען אויף א פּאָר טריט וועהרענד ער איז געבליבען שטעהן פאר איהר אויף דיא קניע און דער אונהיימליכער פייער וואָס האָט געברענט אין זיינע אויגען האָט געצייגט, אז איהרע ווערטער האָבען אויף איהם קיין איינדרוק ניט געמאכט.

— און יעצט לאָזט מיך אָב, האָט זיא געבעטען מיט א וויכע, הערצליכע שטימע. געהט און פערגעסט מיך. בעהערשט אייער ליידענשאפט און קוקט אויף מיר ניט וועהרענד דיא גאנצע רייזע — אַה, זייט דאָך בארמהערציג, מאן! איהר האָט דאָך געהאט א מוטער און איהר האָט יעצט א שוועסטער, וועלכע איהר פערעהרט און ליעבט; איהר האָט פיללייכט א כלה, מיט וועלכע איהר ווילט גליקליך ווערען. דענקט אלזאָ, אז דיעזע אלע דריי זיינען גראדע אויך פרויען וויא איך און אז זייער הייליגער, העכסטער אייגענטהום איז אויך דיא פרויען־עהרע; דענקט וועגען דעם, אז אן אונגליק קען טרעפען יעדען איינעם, זאָגאר דעם וואָס געפינט זיך אין דיא העכסטע לאגע. וויא גליקליך וואָלט אייער שוועסטער זיין ווען זיא וואָלט קענען מיט איהרע טהרערען, מיט איהרע ביטען ווייך מאכען דאָס הארץ פון דעם מאן וואָס וויל ביי איהר רויבען איהר אונשולד, און ווען דיעזער מאן זאָל דאָך זיין אונבארמהערציג נעגען אייער שוועסטער —

— גענוג! האָט איהר דער יונגער אָפּיציער אונטערבראָכען, דאָ איז ניט דיא רייד פון מיין שוועסטער, וועלכע וועט קיין מאָל ניט קומען אין אזא לאגע. ווען מען בעגעהט א פערברעכען, פיר וועלכען מען ווערט פערשיקט נאָך סיביר, מוז מען זיין בערייט צו פערטראָגען אלעס וואָס עס קען פּאַרקומען אויף דער רייזע נאָך דיעזען טאָדעס־לאנד. און איך פרעג דיך, ווארום וויקעלסט דו זיך איין אין דעם מאנטעל פון טוגענד און ווילסט מיך צוריק ווייזען? גלויבסט דו דען ווירקליך, אז מען וועט דיך שוינען דאָרט וואוהין דו געהסט? אויב אזוי, האָסט דו א פאלשען בעגריף וועגען דיא הענקערס פון סיביר. דאָרט, אונטען אין דיא פינסטערע גרובען, וואו דו וועסט מוזען ארבייטען ביז דיין לעצטען טאָג, דאָרט וועט מען דיך צושמיעדען צו א מאן, וועלכען דו האָסט אין דיין לעבען זאָגאר ניט געזעהן.

— אָה, מיין גאָט, וויא שרעקליך! האָט עליזאבעט מיט א שוידער אויס־

געשריען וועהרענד זיא האט פערבראכען דיא הענד און פון איהרע אויגען האבען זיך געגאסען טהרערען וויא פון א טייך.

דאך האט דער לייטענאנט אהן א געפיהל פון מיטלייד ווייטער געשפראכען:

— און זאגאר שלאפען וועסט דו מוזען ביי דער זייט פון יענעם פרעמדען מאן, דעם פערברעכער, וועלכער איז פערשיקט געווארען נאך סיביר וואהרשיינ־ליך אלס מערדער אדער פילייכט אזעלכער וואס האט פערגוואלטיגט און גע־שענדעט פרויען. איהרביידע זייט צוגעשלאסען צו דיא זעלבע קייט, וועלכע רינגעט ארום יעדען פון אייך וויא א גארטעל, אבער זיינע הענד זיינען פריי. — איך פרעג דיך, עליזאבעט, ווען ער וועט דארט אונטען אין גרוב בעפאלען דיך צו שענדען, ווער וועט דיך דאן רעטען פון יענעם עקעלהאפטען אויסוואורף, אז ער זאל ביי דיר ניט רויבען דאס וואס דו ווילסט פון מיר פערהיטען?

—שווייגט, אה, אום גאטעס ווילען, שווייגט! אדער ווילט איהר מיך וואהנ־זיניג מאכען?

— ניין, ניט וואהנזיניג, אבער גליקליך, אז דו זאלסט קענען אנשטאט דעם פערברייינגען א לעבען פון גליק און פרייהייט. און נאך איין זאך: איך האב בע־מערקט, אז דו אינטערעסירסט זיך זעהר מיט דעם אלטען אידען, וועלכער איז מיט דיר מיטגעפאנגען. איך בין אלזא צופרידען אויך איהם צו בעפרייען, ווען דו, עליזאבעט, וועסט ערפילען מיין וואונש. דריי נעכט אלס מיין געליעבטע און דיא פיערטע נאכט וועלען שטעהן אנגעגרייט צוויי פערד, פאר דיר מיט'ן אלטען. איך וועל דיר געבען א געוויסע סומע געלד, אום אייער נעכסטע צו־קונפט זאל זיין בעזארגט, דאן קענט איהר ביידע גאנץ רוהיג אבפאהרען, קיינער וועט אייך ניט אבהאלטען און קיינער וועט אייך ניט פערפאלגען.

עליזאבעט וואלט זיך ניעמאלס אין לעבען געקענט פארשטעלען, אז זיא וועט הערען אזא שענדליכען, נידערטרעכטיגען פארשלאג און זאגאר איין מינוט דענקען וועגען דעם, אז זיא זאל עס ווירקליך אננעהמען, דען איהר לאגע איז דאך אין דער ווירקליכקייט פורכטבאר און פערצווייפעלט. זיא ווייס זעהר גוט, אז דער יונגער אפיציער האט ניט איבערטריבען מיט זיינע שילדערונגען, וויא זיא וועט דארט, אין א קאטארגע־גרוב, זיין צוגעשמיעדט צו א פערברעכער און דאן גיבט עס פיר איהר קיין מענשליכע הילפע. איהר אונשולד, איהר שעהנ־הייט, איהר לעבענסמוטה — אלעס וועט זיא דאן פערלירען.

אין גרונד גענומען ערווארטעט זיא דארט דער זעלבער שיקזאל וויא אין דיא נעכסטע נאכט, — ווען זיא זאל איינוויליגען אויף דיעזען אפיציער'ס פארשלאג. דאפיר אבער באט ער איהר אן א קאסטבארען פרייז, ניט נור איהר פרייהייט, זאנדערן אויך דיא פרייהייט פון דעם אלטען קראנבערג, איהר אונ־גליקליכען וואהלטהעטער, וועלכער וועט געוויס שטארבען אויף'ן וועג, שלעפענ־

דיג זיך צו־פוס טויזענדע מײלען. אך, איז עס דען ניט זאָגאר איהר פפליכט איהם, איהר בעסטען פאטערליכען פריינד, צו רעטען ?

ווען זיא זאָל נור זאָגען דעם לייטענאנט איין וואָרט, דאן זיינען זיי ביידע גערעטעט. אראָן קראָנבערג בעזיצט נאָך יעצט א פערמעגען פון פיעלע מיליאָנען, אין זיכערע בענק פון אויסלאנד, וואו זיא וועט מיט איהם קענען אוועק אום דאָרט צו ערווארטען נאָך א געלעגענהייט, ווען זיא וועט ווידער קענען אויפנעהמען דעם קאמפף געגען איהר קייזערליכע פיינדין און דיעזעס מאָל אויספיהרען דעם קאמפף מיט מעהר ערפאָלג.

א קאמפף ? אָבער מיט וועלכען רעכט ? ווען זיא וועט יעצט פריייוויליג פערקויפען איהר אונשולד, ווען זיא וועט שוין זיין א געפאלענע, בערויבט פון איהר מעדכען־עהרע, וויא וועט זיא דאן קענען זאָגאר דענקען צו פאָדערען איהר רעכט אלס כלה פון איהר ליעבען אלעקסאנדער פאָטעמקין ?

— נו, עליזאבעט ? האָט סאלטיקאָוו נאָך א לענגערע פויזע געפרעגט, האָסט דו זיך מיין פאָרשלאג איבערלייגט ? ווילסט דו פערברייינגען מיט מיר דריי גליקליכע נעכט אנשטאָט דעם, אז דו זאָלסט שליסליך פאלען אלס אָפּפער פון אירגענד אן עקעלהאפטען אויסוואורף ?

אין דיעזען אויגענבליק האָט זיך מיט אמאָל דערהערט א גערויש פון יענעם זייט לאגער. דאָרט האָבען זיך צוויי קאָזאקען צוקריעגט איבער א פלאש בראנ־פען און איינער האָט אויף דעם אנדערען געשריען :

— זאָל דיך דער טייפעל נעהמען ! מיינסט דו פיליכט, אז איך האָב מורא פאר דיר ? דו ביזט א לומפ ! דו ביזט ניט ווערטה צו דיענען אין אזא ארמעע וואָס שטעהט אונטער דער קאָמאנדע פון אונזער נאָבעלען קניאז אלעקסאנדער פאָטעמקין.

עליזאבעט האָט געגלויבט, אז דיעזע ווערטער פון דעם איינפאכען קאָזאק זיינען גראדע וויא פון הימעל אראָבגעקומען, דען וויא זיא האָט נור דערהערט דעם נאָמען אלעקסאנדער פאָטעמקין, איז איהר מעדכען־שטאָלץ און דער בעוואוסט־זיין פון איהר עהרענפאָלע אונשולד ווידער ערוואכט און ערמוטהיגט געוואָרען אין איהר הארצען און ווען דער לייטענאנט האָט יעצט ווידער אָנגענומען איהר האנד און געפרעגט : „נו, עליזאבעט, ווילסט דו ווערען מיינע ?" איז זיא מיט ענטשלאָסענהייט אויפגעשפרונגען און האָט אויסגערופען :

— ניין און טויזענד מאָל ניין ! ליעבערסט וויל איך צו גרונדע געהן דאָרט, אין דיא קאטאָרגע־גריבער פון סיביר ; ליעבערסט וויל איך געשענדעט ווערען אונטער דער ערד, ווען איך וועל זיך שוין ניט קענען העלפען פון פער־דערבען ; אָבער אזוי לאנג וויא איך האָב נאָך א פרייען ווילען, אזוי לאנג וויא איין פונק פון פערשטאנד ערהעלט נאָך מיינע געדאנקען, אזוי לאנג וויא

מיין אויג זעהט נאָך גאָטעס הימעל און דיא שעהנהייט פון דער נאטור, וועל איך אימער מיין עהרע היטען. אוועק פון מיר, פערפיהרער!

פלוצלונג איז פאול סאלטיקאָוו אויף איהר ארויפגעפאלען און כאפענדיג זיא אין זיינע קראפטפאָלע אומארמונגען האָט ער זיא געשלעפט הינטער'ן וועל־דעל. דיעזען בעפאל אויף דער אונגליקליכער יונגע פרוי האָט ער אזוי בליץ־שנעל אויסגעפיהרט, אז זיא איז פון שרעק אונמעכטיג און בעטויבט געוואָרען, אזוי דאָס עס איז איהר גאנץ אונמעגליך געווען זיך צו פערטהיידיגען געגען דיא ברוטאלע געוואלט פון דיעזען אריסטאָקראטישען באנדיט.

עליזאבעט האָט זאגאר אויסגעשריען מיט צאָרן און פערצווייפלונג, ווען דער באנדיט מיט זיינע הענד וואָס האָבען געציטערט פון ליידענשאפט, האָט זיא אוועקגעשלעפט הינטער דיא בוימער, אָבער ווער זאָל דער אונגליקליכער העל־פען און שיצען? דיא קאָזאקען? אָה, זיי זיינען שוין לענגסט געוואָהנט צו אזעלכע סצענעס און קיינער פון זיי וואלט ניעמאלס געקענט זיך אונטערשטעהן געגען אן אָפיציער אויפצוטרעטען. ביי זיי קומט עס אויס גאנץ נאטירליך, אז דער לייטענאנט וויל פערטרייבען דיא צייט מיט א שעהנע, יונגע ארעסטאנטין, און זיי אליין רעכנען אויף דארויף, אז עס וועט זיי געלונגען איהר פיר זיך צו קריגען, נאָכדעם וויא זיא וועט דעם לייטענאנט איבערדריסיג ווערען, דען דער וועג איז נאָך ווייט און זיי האָבען נאָך דארויף צייט גענוג.

דער אָרעמער קראָנבערג, טויטליך ערמיעדט, איז געלעגען פערזונקען אין א טיעפען שלומער און האָט ניט געהערט עליזאבעט'ס געשרייען אום הילפע. נור איינער וואלט פילייכט געקענט דיעזען פערברעכען פערהינדערען, דאָס איז באראָן פאסעק, דער געוועזענער גענעראל גובערנאטאָר פון פעטערבורג; אָבער ער איז זיך געלעגען גאנץ רוהיג און האָט געשמייכעלט זאָגאר מיט פערגעניגען הערענדיג דיא געשרייען פון דער אונגליקליכער עליזאבעט.

— דאָס איז גוט, האָט ער געברומט צו זיך זעלבסט. זיא מאכט איהרע שטאָלצע תנועות, גראדע וויא זיא וואלט געווען ווער ווייס וואָס פיר א פרינצע־סין, אָבער ער וועט מיט איהר באלד פערטיג ווערען און דאן וועט זיא אויפהערען צו שפיעלען דיא ראָלע פון א כשרה צנועה.

סאלטיקאָוו האָט אונטערדעסען דיא דערשראָקענע, שוואכע עליזאבעט א וואָרף געטהאָן אויף דעם הויכען גראָז. אין נעכסטען אויגענבליק האָט ער זיך געשטעלט נעבען איהר אויף דיא קניע און וויעדער נעהמט ער זיא ארום, וויעדער בעדעקט ער איהר קאָפ מיט זיינע קושען. און אימער נעהענטער פיהלט זיא דיא בעריהרונג פון זיין קערפער, אימער שוואכער ווערט איהר פערטהיידיגונגס־קאמפף געגען איהם. וויא צוקאָכט פון וואהנזין רייסט ער אויף דעם גרויען ארעסטאנטען־מאנטעל פון איהר ברוסט און — —

— הערר לייטענאנט, הערר לייטענאנט! האבען גלייכצייטיג אויסגערר פען מעהרערע קאזאקען צולויפענדיג צו דיעזע שטעלע.

סאלטיקאוו איז אויפגעשפרונגען צוקאכט פון צארן. זיין געזיכט איז פערקרימט געווארען און זיינע אויגען האבען געבליצט וויא ביי א וואהנזיניגען.

— געהט צום הענקער, פערדאמטע לומפען! האט ער געשריען. וואס ווילט איהר פון מיר?

— קומט שנעל, הערר לייטענאנט, האט געזאגט אן אלטער וואכמייסטער. דארט פון וויטען זעהן זיך אייניגע רייטער, וועלכע קומען דירעקט צו אונז. געוויס ברייגגען זיי עפעס א נאכריכט פון פעטערבורג. דא מוז זיך האנדלען וועגען א וויכטיגע זאך.

פאול סאלטיקאוו האט אויסגעמורמעלט א פלוך און דאן האט ער געזאגט צו עליזאבעט:

— דיעזעס מאל ביסט דו גערעטעט, אבער אבגעלייגט איז ניט אוועקגע־לייגט, היינט ביי נאכט וועלען מיר זיך זעהן.

דיא ארימע עליזאבעט האט געשוויגען. זיא איז געלעגען אהן א בעווע־גונג, איהר געזיכט בעדעקט מיטביידע הענד. עס איז איהר יעצט געווען אזוי צו מוטה, אז דער טויט וואלט איהר געווען העכסט ווילקאמען.

פאול סאלטיקאוו אין גרויס ערגערניס פארוואס מען האט איהם געשטערט, איז צוריק אוועק אין לאגער וואו דערזעלבער וואכמייסטער האט צו איהם געזאגט:

— זעהט איהר דארט, הערר לייטענאנט? פארלויפיג בעווייזען זיך נאך יענע רייטער אזוי וויא אונקענטליכע שאטענס. זיי זיינען נאך זעהר וויים, אבער זיי קומען אימער נעהענטער צו אונז.

— דומקאפ! האט געברומט סאלטיקאוו, דאן האסט דו נאך צייט געהאט אייניגע מינוטען צו ווארטען.

דער וואכמייסטער האט זיך אבגעווענדעט מיט א ביטרען שמייכעל. פאול סאלטיקאוו האט אונטערדעסען גענומען דעם ספאקטיוו און בעטראכט יענע שאטען־פיגורען, וועלכע זיינען געקומען שנעל אימער נעהענטער.

ענדליך האט סאלטיקאוו בעמערקט וויא פאראויס רייטען דארט צוויי קא־זאקען און דיא קליינע פאהנען זיינען אויפגעהויבען ביז צום שפיץ פון זייערע פיקעס. אין דער סטעפע דיענט דאס אלס א צייכען, אז מען קומט מיט א וויכ־טיגע נאכריכט און אז דער טראנספארט, צו וועלכען מען ברייגגט דיא נאכריכט, מוז זיך אבשטעלען.

— יא,מען לויפט, מען קומט, האט דער דער לייטענאנט געמורמעלט צו זיך אליין. אינטערעסאנט צו וויסען וואס פיר א נייעס זיי ברייגגען אונז. אבער צום טייפעל, דארט קומען נאך מעהרער. א געשלאסענע קארעטע בעוואכט

מיט פיער קאזאקען און דאן ווידער א רייטער וואס ווייזט גאר ניט אויס וויא א סאלדאט. דאס אלעס איז עפעס זעהר זאנדערבאר. זיי זאלען מיך כאטש לאנג ניט באדערען, ווייל היינט ביי נאכט —

ווידער האט זיך אנגעצונדען אין זיין ברוסט א ברוטאלע ליידענשאפט וועהרענד ער האט גענומען טראכטען פון דיא פערגעניגען וואס ער וועט האבען ביי נאכט.

דערווייל זיינען דיאביידע פאראויסרייטענדע קאזאקען אנגעקומען אין לאגער־פלאץ. איינער פון זיי איז צוגעריטען נאהענט צום לייטענאנט און אראב־לאזענדיג דיא פאהן האט ער צוגעליינט דיא פינגער צו זיין פעלצענע היטעל און האט געפרעגט:

— זיינט איהר לייטענאנט פאול סאלטיקאוו פון סיבירישען טראנספארט־צוג נומער 736?

— יא, וואו איז דער בריעף?

— הערר לייטענאנט, איך מעלד אונטערטהעניגסט, אז הינטער מיר קומט אן א שליח פון דער קייזערליכער פאליציי. איך ברייננ דעם בעפעהל דער הערר לייטענאנט זאל אבשטעלען דעם צוג און איבערנעהמען דיא נאכריכט וואס דער שליח פון פעטערבורג ברייננט.

— זעהר גוט, דו און דיין קאמעראד, אראב פון דיא פערד. נעהמט, מען וועט אייך געבען עסען און טרינקען.

ביידע קאזאקען זיינען נאטירליך געווען גאנץ צופריעדען דאמיט. באלד זיינען זיי געזעסען מיט זייערע קאמעראדען אויפ'ן גראז און האבען צוזאמען געטרונקען שנאפס פון א גרויסע פלאש.

איינינע מינוטען שפעטער זיינען אנגעקומען דיא אנדערע קאזאקען מיט דער געשלאסענער קארעטע. סאלטיקאוו האט באלד בעמערקט, אז דער רייטער, וועלכען ער האט פריהער בעמערקט, טראגט א מונדיר פון א העכערען בעאמטען אין מיניסטעריום. דיעזער רייטער איז אראבגעשפרונגען פון'ם פערד און צוגעהענדיג צום יונגען אפיציער האט ער ביי איהם געפרעגט:

— זיינט איהר לייטענאנט פאול סאלטיקאוו?

— יא. איך בין עס.

— פיהרט איהר עס נאך סיביר דעם טראנספארט נומער 736?

— יא.

— איך בין דער דירעקטאר פון פאליציי דעפארטמענט קאזימיר פיאדראוו און יעצט שטעהט אונטער מיין פערוואלטונג דיא פעטערבורגער געהיים־פא־ליציי. זייט אזוי גוט, הערר לייטענאנט, און לעזט דורך מיינע אפיציעלע פאפיערען.

אזוי רעדענדיג האט פיאדראוו ארויסגענומען פון זיין טאש א בינטעל

פאפיערען און איבערגעגעבען דעם יונגען אפיציער. סאלטיקאוו האט גלייך ביי'ם ערשטען בליק געזעהן, אז דיא רעפארטען זיינען ריכטיג, אלעם איז אונטער־שריעבען און געזיעגעלט פון דער הויפט פאליציי און בעשטעטיגט מיט'ן אונטער־שריפט פון דער קייזערין זעלבסט.

— הערר דירעקטאר, האט דער לייטענאנט געזאגט רייכענדיג דיא האנד דעם הויכען בעאמטען, איך האב דיא עהרע אייך אלס גרויסען בעאמטען צו בעגריסען. ווילט איהר געפעליגסט מיר ערקלערען וואס פיר אן אויפטראג איהר האט מיר איבערצוגעבען?

— מיט פערגעניגען, מיין הערר, אבער צוערשט לאמיר זיך זעצען אונ־טער'ן שאטען פון יענע בוימער.

פיאדאראוו האט דאבי געווארפען א שנעלען פארשענדען בליק איבער דעם גאנצען לאגער און אין דיעזער מינוט האט זיך אויף זיין געזיכט בעוויזען אן אויסדרוק פון שמערץ, ווען ער האט ניט בעמערקט דיא פערזאן, וועלכע ער זוכט. ער האט דאן געפרעגט מיט אן ערנסטען טאן:

— אויף וויא ווייט איך וויס, הערר לייטענאנט, האט איהר דאך דריי געפאנגענע, ניט וואהר?

— יא, דריי האב איך אין פעטערבורג איבערגענומען.

— אבער איך זעה דאך נור צוויי. איז פילייכט איינער פון זיי אין וועג אנטלאפען אדער געשטארבען?

— אה, ניין, דירעקטאר, ביי מיר אנטלויפט מען ניט און שטארבען הא־בען זיי נאך צייט. איבעריגענס דארט קומט דיא דריטע געפאנגענע.

אין דיעזען מאמענט איז עליזאבעט ארויסגעקומען פון הינטער דיא בוימער אום וויעדער צו געהן אין לאגער־פלאץ צו איהר אלטען וואהלטהעטער אראן קראנבערג. איהר ליעבליכע שעהנע געזיכט איז געווען טויט־בלאס און דיא אויגען האט זיא געהאלטען אראבגעלאזען.

דער דירעקטאר האט אויף איהר א שנעלען בליק געווארפען און דאן האט ער זיך פון איהר שנעל אבגעווענדעט. ער האט זיא זעהר גוט געקענט נאך פון יענער צייט אן, ווען ער האט זיא איינמאל געזעהן. פיאדאראוו האט מורא גע־האט פילייכט וועט זיא איהם דערקענען און מיט איהר איבערראשונג וועט זיא ערוועקען א פערדאכט. אבער עליזאבעט האט איהם ניט דערקענט, זיא האט אפילו ניט געקענט טרוימען, אז דער פאטער פון איהר אמאליגער פריינדין סאניע זאל יעצט קומען אהער פון פעטערבורג.

ביידע, דער לייטענאנט און דער דירעקטאר, האבען זיך אנידערגעזעצט אונטער'ן שאטען פון א בוים. סאלטיקאוו האט געגעבען א בעפעהל איינעם פון דיא קאזאקען מען זאל באלד בעזארגען טהעע, קאלטע פלייש און אנדערע

דעליקאטעסען וואָס מען פיהרט עקסטרא פאר איהם. דאן האָבען זיי ביידע פערררויכערט סיגארעטס און האָבען אָנגעפאנגען שמועסען.

— איהר האָט אין פעטערבורג איבערגענומען דריי געפאנגענע, הערר לייטענאנט, און איך האָב אייך יעצט געבראכט נאָך דריי ארעסטאנטען צום טראנספּאָרטירען נאָך סיביר.

— אזוי, מיין קאָמאנדע פערברעכער ווערט פערגרעסערט?

— יא, עס טהוט מיר ווירקליך זעהר לייד וואָס אייער ארבייט און שווע־ריגקייט וועט פערדאָפּעלט ווערען. אָבער באלד נאָכדעם וויא איהר האָט פער־לאָזען פעטערבורג האָט עס אונזער פּאָליציי געלונגען צו ענטדעקען נאָך דריי פערברעכער וואָס זיינען פערוויקעלט אין דער זעלבער זאַך, פאר וועלכער יענע מיידעל און אראָן קראָנבערג ווערען פערשיקט נאָך סיביר. דיא קייזערין האָט קורץ און שארף געגעבען א בעפעהל מען זאָל זיי אויך מיט'ן זעלבען טראנספּאָרט ברייגנען נאָך סיביר. דיעזע דריי זיינען פערורטהיילט פערשיקט צו ווערען קיין אירקוטסק אויף 15 יאָהר.

— אזוי? האָט געפרעגט סאלטיקאָוו גלייכגילטיג, דאן זיינען זיי פיעל לייכטער בעשטראָפט. יענע צוויי זיינען פערורטהיילט אויף עביגע קאטאָרגע ארבייט אין דיא סיבירישע מינען־גרובען.

— ווילט איהר אזוי גוט זיין דיא נייע דריי געפאנגענע יעצט פון מיר אי־בערצונעהמען?

— אָה, עס האָט נאָך צייט, הערר דירעקטאָר, צוערשט ווע׳לען מיר פריה־שטיקען, אָבוואָהל עס טהוט מיר זעהר לייד וואָס איך קען אייך קיין עלעגאנטערע מאָהלצייט ניט אָנבאָטען. אבער איהר ווייסט דאָך, אויף'ן וועג נאָך סיביר מוז מען זיך שוין וויא עס איז צופריעדען שטעלען.

— עס מאכט ניט אויס, הערר לייטענאנט, איך שעץ זעהר אייער גאסט־פריינדשאפט.

באלד זיינען געקומען א פּאָר קאָזאקען און האָבען סערווירט דעם פריה־שטיק. זיי האָבען אויסגעשפרייט אויף'ן גראָז א קלאָר־ווייסען טישטוך און אוועקגעשטעלט אויף איהם א גאנצען זילבערנעם סערוויז. דיא טעלער, דיא קאנען און יעדע פון אלע אנדערע כלים האָבען געטראָגען אויף זיך דעם שטעמ־פּעל־הערב פון דיא פירסטליכע פאמיליע סאלטיקאָוו און זיינען געווען פול מיט דיא בעסטע קאלטע מאכלים.

— זייט אזוי גוט און געניעסט, הערר דירעקטאָר, האָט איהם סאלטיקאָוו געלאדען, איך בין זעהר ערפרעהט, אז נאָך דיא לאנגע, ערמיעדליכע רייזע קען איך אייך יעצט געבען דיא געלעגענהייט זיך צו ערקוויקען.

— איך דאנק אייך פאר אייער ליעבענסווירדיגקייט, הערר לייטענאנט.

און וועהרענד דיא ביידע מענער האָבען גאנץ בעקוועם געגעסען, געטרונקען

און גערויכערט, האט זיי פאסעק בעטראכט מיט בייזע, פינסטערע בליקען. יעצט האט ער איינגעזעהן אין וואס פאר א טיעפען אבגרונד פון עלענד ער איז גע־פאלען. ערשט מיט אייניגע טעג צוריק וואלטען דאך דיעזעביידע געציטערט פאר זיין מאכט און גערעכענט פאר דיא העכסטע עהרע, ווען ער וואלט נור צו זיי א ווארט געשפראכען, יעצט אבער ווילען זיי צומאל אויף איהם א קוק ניט געבען.

פיאדאראוו, וועלכער קען זיך מיט דעם געוועזענעם גענעראל־גובערנאטאר זעהר גוט, ווייס וואס פיר א נידערטרעכטיגער מענש ער איז, דאך איז ער טיעף געריהרט געווארען פון זיין יעצטיגען שיקזאל און ער האט איהם זעלבסט צוגע־טראגען א שטיקעל גערויכערטע הוהן מיט ברויט און האט איהם דאביי געזאגט:

— עסט, מעהר קען איך פאר אייך גאר ניט טהאן.

פאסעק האט זיך יעצט מיט א הייסען אפעטיט צוגעכאפט צו דער שטיק פלייש און פערשלונגען גרויסע ביסענס, וויא א טהיער. דאן האט ער זיך אווארף געטהאן אויף'ן גראז פאר דעם דירעקטאר און האט אויסגערופען האלב וויינענדיג:

— אה, פיאדאראוו, איך בעשווער אייך, טהוט עטוואס פאר מיר, רעטעט מיך!

— איך זאל אייך רעטען? — אבער איהר ווייסט דאך, אז דאס איז אונ־מעגליך. מיינט איהר איך זאל אייך העלפען אנטלויפען, וואס? ניין, פאסעק, רעטען קען איך אייך ניט, נור בעדויערען.

פאסעק האט צוזאמענגעקראמפפט דיא פויסטען פון כעס, אבער ער האט דאך איינגעזעהן, אז פיאדאראוו איז גערעכט. אויסער דער קייזערין זעלבסט קען איהם קיין מענש ניט רעטען. פיאדאראוו האט אונטערדעסען זיך געווענ־דעט צום אפיציער, ער זאל דיא נייע געפאנגענע פון איהם איבערנעהמען.

— און איהר רעכענט באלד צוריק צו קעהרען נאך פעטערבורג? האט איהם סאלטיקאוו געפרעגט.

— נאטירליך, איך האב דארט גענוג ארבייט צו בעזארגען, איבערהויפט יעצט, ווען דיא פיהרונג פון דיא גאנצע געהיים־פאליציי איז אין מיינע הענד איבערגעגאנגען.

— דאן וואונדערט עס מיך ווארום איהר זעלבסט האט זיך געדארפט בע־מיהען אום דיעזע געפאנגענע פון פעטערבורג אהער צו ברייגנען.

— ווייל דיא קייזערין האלט עס פיר העכסט וויכטיג, אז זיי זאלען זיכער אבגעליפערט ווערען, דארום האב איך זיך ניט געוואלט פערלאזען אויף קיינעם. אויסערדעם האב איך ביי דיעזער געלעגענהייט אייך עטוואס בעזאנדערעס צו ערקלערען: דיא קייזערין איז איבערצייגט, אז עס איז נאך ניט אלעס ענטדעקט וואס צווישען דיעזע פינף פערשווארענע איז אבגעמאכט געווארען. און איהר

קענט זיך פארשטעלען וויא וויכטיג דאס איז אלעם געגוי צו ערפאהרען. איהר מאיעסטעט שיקט אלזא דורך מיר צו אייך א בעפעהל, איהר זאלט דיעזע פינף געפאנגענע לאזען גאנץ פריי צווישען זיך פערקעהרען און רוהיג פיהרען זייערע געשפרעכען. צו דער זעלביגער צייט דארפט איהר אבער גאנץ פארזיכטיג און אונבעמערקט וויפיעל עס וועט מעגליך זיין אויסהערען וואס זיי רעדען און דאן אלעם וואס איהר וועט ערפאהרען זאלט איהר פערצייכענען און צושטעלען א בעריכט צו דער קייזערין נאכדעם וויא איהר וועט פון דיעזע רייזע צוריקקומען.

— אה, וואס פיר אן עהרענפאלער אויפטראג! האט סאלטיקאוו אויסגע־רופען זעהר ערפרעהט. איך וועל געווים דעם בעפעהל פון איהר מאיעסטעט פינקטליך ערפילען.

— מען רעכענט דארויף גאנץ בעשטימט און נאטירליך וועט מען אייך דאפיר גאנץ שעהן בעלאהנען.

וועהרענד דיעזען געשפרעך זיינען דיאביידע מענער צוגעגאנגען צו דער געשלאסענער קארעטע, פון וועלכע דיא פענסטער זיינען געוועזן אזוי געדיכט פערהאנגען, אז מען האט בשום אופן ניט געקענט זעהן ווער עס געפינט זיך דארט אינוועניג.

ניט ווייט פון דער קארעטע איז געזעסען אויף'ן גראז עליזאבעט, ביי דער זייט פון ארען קראנבערג, וועלכער האט עבען יעצט ערוואכט פון שלאף.

— וואס האט דאס צו בעדייטען? האט ער געפרעגט איבערראשט וועה־רענד ער האט אויסגעווישט דיא אויגען און בעטראכט דיא קארעטע. האט מען אונז פיליכט בעגנאדיגט? איז דיעזע קארעטע געשיקט אום אונז נאך פע־טערבורג צוריק אבצופיהרען?

— ארימער, ארימער פריינד! האט זיא אויסגערופען מיט א ריהרענדען קרעכץ. וויא קענט איהר גאר דענקען און האפען אויף אזא גליק? ניין, פיר אונז גיבט עס קיין בעגנאדיגונג, קיין רעטונג, אונזער פורכטבארער שיקזאל איז דארט אין דיא גרובען פון סיביר אונטערצוגעהן.

ארען קראנבערג האט ביטער געזיפצט און ארבגעלאזען זיין גרויען קאפ.

— און וואס דיעזע קארעטע אנבעלאנגט, האט עליזאבעט ווייטער גאנץ שטיל געזאגט, גלויב איך, אז מען האט אין איהר געבראכט נאך אזעלכע אונ־גליקליכע געפאנגענע וויא מיר זיינען. איהר זעהט, דער פרעמדער הערר מיט דעם לייטענאנט זיינען צוגעגאנגען. מען עפענט דעם פענסטער, באלד וועלען זיי ארויסקומען. מיר וועלען אין קורצען ערפאהרען, אויב דיעזע נייעס וועט אונז ברייננען אונאנגענעהמליכקייט אדער ניט.

— וואס מיינסט דו דאמיט, מיין קינד? וואס קען אייגענטליך דיא גאנצע זאך האבען צו טהאן מיט אונז?

— זעהר פיעל. אויב דיעזע געפאנגענע זיינען אויך אונשולדיג פעראור־

טהיילטע, אזוי וויא מיר, דאן װעלען מיר װייניגסטענס זיך געפינען אין דער געזעלשאפט פון גוטע מענשען. עס איז אָבער אויך מעגליך, אז זיי זיינען שענד־ליכע פערברעכער, ברוטאלע מערדער אָדער רויבער, דאן וועט אונזער לאגע זיין פיעל ערגער.

— העדר לייטענאנט! האָט זיך פיאָדאָראָוו אָבגערופען אזוי הויך, אז עליזאבעט האָט געקענט הערען יעדעס וואָרט. איך גיעב אייך איבער דיא דריי געפאנגענע און וועל אייך פאָרלעזען דיא נעמען פון יעדען איינציגען. דאן וועט איהר דארפען אונטערשרייבען, אז איהר האָט זיי ריכטיג פון מיר ערהאלטען. דער ערשטער פון דיעזע ארעסטאנטען איז דער געוועזענער לייטענאנט מיראָוויטש.

ביי דעם אויסרוף "מיראָוויטש" זיינען עליזאבעט און קראָנבערג זעהר איבערראשט געוואָרען. עליזאבעט האָט גוט געקענט דיעזען נאָמען נאָך מיט פינף יאָהר צוריק אלס פריינד פון איהר געוועזענעם חתן פאָטעמקין. קראָנבערג ווידער האָט איהם גוט געקענט אלס דעם געליעבטען פון זיין פערפיהרטער טאָכטער אָלגא.

אונטערדעסען איז ארויס פון קארעטע מיראָוויטש געשמידט אין קייטען און אויף'ן בעפעהל פון'ם לייטענאנט איז ער לאנגזאם צוגעגאנגען און זיך אוועק־געזעצט נעבען עליזאבעט און קראָנבערג.

— אָרימער מאן, האָט עליזאבעט שטיל געשעפּטשעט מיט גרויס מיטלייד. איהר זייט דאָך געוויס פערשמאכט. טרינקט אביסעל טהעע. דיא טהעע איז אפילו קאלט, דאָך וועט דאָס אייך דערקוויקען.

און באלד האָט זיא איהם דערלאנגט א בלעכענע טעפּעל מיט טהעע. ער האָט עס גענומען צו דיא ליפּען און שטיל געשעפּטשעט:

— צייגט קיינע איבערראשונגען און זייט פאָרזיכטיג. אלעס וואָס דאָ געהט פאָר, איז נור אום אייך צו בעפרייען.

— איך איבערגיב אייך דעם צווייטען געפאנגענעם, האָט זיך יעצט אָבגע־רופען דער דירעקטאָר. פעטער וואָראָנצאָוו, שטייגט ארויס. מאכט עס שנעל, איך האָב קיין איבעריגע צייט צו פערלירען.

דער אלטער, אויך געשמיעדט אין קייטען, איז ארויסגעקראָכען און ער האָט אויסגעזעהן אזוי שוואך, אז ער האָט זיך קוים געקענט האלטען אויף דיא פיס. אויך ער, אזוי וויא מיראָוויטש איז געווען געקליידעט אין א גרויען ארעסטאנטען מאנטעל מיט א רויטע לאַטע אויף'ן רוקען.

דערזעהענדיג איהר גרויספאטער איז עליזאבעט שנעל געפאלען מיט'ן פנים אויף'ן גראָז, דיא קאָזאקען זאָלען ניט זעהן דיא הייסע טהרערען וואָס האָבען זיך פון איהרע אויגען געגאָסען און עס זאָל דאדורך קיין פערדאכט ניט פאלען, אז דאָ קומט עטוואָס פאָר אן אינטריגע.

איהר גרויספאטער! אָה, וויא לאנג האָט זיא שוין זיין ליעבע געזיכט ניט געזעהן! פינף יאָהר זיינען שוין פאָריבער פון יענער צייט זייט ער איז אוועק דיא אונגליקליכע פערשווערונג נעגען דער קייזערין דורכצופיהרען. אין וואָס פיר שרעקליכע פערהעלטניסע מוז זיא זיך יעצט מיט איהם ווידער זעהן!

— וויא אלט איז ער געוואָרען און וויא שוואך ער זעהט אויס! האָט עליזאבעט שטילערהייד געזיפצט. אָה, ער וועט דאָך דיעזע שרעקליכע רייזע נאָך סיביר ניט קענען אריבערטראָגען!

— בערוהיגט זיך, עליזאבעט, האָט צו איהר מיראָוויטש געזאָגט גאנץ שטיל, אייער גראָספאטער איז נאָך גאנץ שטארק און קרעפטיג, גראדע וויא מיט פינף יאָהר צוריק. ער מוז זיך נור אזוי צייגען ווייל דאָס איז נויטיג פאר אונזער ציעל, איהר וועט אין קורצען זעהן מיט וואָס פאר אן ענטשלאָסענעם מוטה ער איז פעהיג דורכצופיהרען געוויסע גרויסע אונטערנעהמונגען.

אראָן קראָנבערג האָט ביז יעצט דאָס אלעס צוגעקוקט גאנץ גלייכגילטיג. פלוצלונג אָבער האָט ער געמאכט א בעוועגונג אויפצושפרינגען און ווען מיראָוויטש וואָלט איהם ניט צוגעהאלטען מיט א פעסטע האנד און צוגעדריקט צום גראָז, וואָלט דער אלטער דאמיט געמאכט אזא געפעהרליכען אויפזעהן, אז דער גאנצער בעפרייאונגס-פלאן וואָלט דאדורך פערניכטעט געוואָרען.

— מיין טאָכטער! מיין קינד! האָט קראָנבערג שטיל געיאָמערט, ווען אָלגא איז אויף דעם בעפעהל פון דעם דירעקטאר ארויסגעשטיגען פון דער שווארצער קארעטע.

— איהר וועט אונז נאָך אלעמען אונגליקליך מאכען, האָט זיך אויף איהם מיראָוויטש געבייזערט גאנץ שטיל, אום גאָטעס ווילען האלט זיך איין, זייט שטיל!

אָלגא איז אויך געווען געקליידעט וויא א געפאנגענע, דאָך זאָגאר אין דעם גרויען ארעסטאנטען-מאנטעל האָט זיא געשיינט וויא דער ליכטיגער מאָרגענ-שטערן.

לייטענאנט סאלטיקאָוו, דער אויסגעלאָסענער אָפיציער, איז זעהר פרעהליך געווען וואָס ער האָט אין זיין טראנספאָרט אזעלכע צוויי שעהנהייטען וויא עליזאבעט און אָלגא. קומענדיג צוריק נאָך פעטערבורג וועט ער זיך האָבען מיט וואָס צו בעריהמען פאר זיינע קאמעראדען און זיי וועלען איהם נעוואלטיג מקנא זיין אויף אזא גליק.

— דאָס זיינען דיא דריי נייע געפאנגענע, וועלכע איך האָב אייך געבראכט, האָט פּיאָדראָוו געזאָגט, זייט אזוי פריינדליך און שרייבט מיר אונטער דיעזען פאפיער, אז איך האָב זיי אייך ריכטיג אויסגעליפערט. פערגעסט ניט וואָס איך האָב אייך אָנגעזאָגט, לאָזט דיא געפאנגענע פריי פערקעהרען צווישען זיך און זעהט וויא מעגליך עטוואָס צו ערפאהרען פון זייערע געשפּרעכען.

סאלטיקאָוו האָט אונטערגעשריבען דעם פּאַפּיער וואָס פּיאָדאָראָוו האָט איהם דערלאַנגט און האָט בעמערקט מיט א שמייכעל:

— איהר קענט זיך פאַלקאָמען אויף מיר פערלאָזען, אז איך וועל אלעס זעהען און הערען. עס וואָלט זאָגאר בעסער געווען ווען מען זאָל פון זיי אראָב־נעהמען די קייטען, אום זיי זאָלען זיך פיהלען פרייער און האָבען מעהר לוסט צו שפּרעכען, אָבער דאָס געזעץ ערלויבט עס ניט און איך דאַרף דאָס ניט טהאָן.

— טהוט וויא איהר ווילט. איך ווינש אייך א גליקליכע רייזע. צום וויע־דערזעהן אין פּעטערבורג.

די ביידע מענער האָבען דאמיט איינער פון אנדערען אבשיעד גענומען. פּיאָדאָראָוו אין דער בעגלייטונג פון זיינע קאָזאקען איז צוריק אָבגעפאָהרען נאָך פּעטערבורג און סאלטיקאָוו האָט באלד געגעבען א בעפעהל, אז דער טראַנס־פּאָרט זאָל אָנפאַנגען זיך ווייטער צו בעוועגען.

— די שטראָף וואָס איך האָב בעשטימט פיר דעם ארעסטאנט פּאסעק זאָל יעצט ערפילט ווערען, האָט ער בעפאָהלען צו די קאָזאקען. טהוט איהם אָן קוילען אויף די פיס.

פּאסעק איז אויפגעשפּרונגען פון כעס און פערצווייפלונג, אָבער וואָס האָט ער זיך געקענט העלפען? די קאָזאקען האָבען איהם צוגעשנאלט מיט רי־מענס אויף יעדע פוס א גרויסע קויל, וואָס וועגט מינדעסטענס 10 פונט, וועלכע ער האָט נעביך געמוזט שלעפּען אויף זיין ווייטערע וואנדערונג.

דער אונגליקליכער פּאסעק האָט געשריען און געשאָלטען, אָבער דאָס האָט נור געבראכט דערצו, אז די קאָזאקען האָבען איהם אראָבגעלאָזען א פּאָר טיכ־טיגע שמיץ מיט די נאגייקעס און די קוילען איז ער דאָך געצוואונגען געווען צו שלעפּען ביז אבענד, וויא דער לייטענאנט האָט בעשטימט.

— וואָס אנבעטרעפט די איבעריגע פינף געפאנגענע, האָט סאלטיקאָוו גע־זאָגט צו די קאָזאקען, זאָלט איהר זיי רוהיג לאָזען געהן צוזאמען און ניט היג־דערן אין זייערע געשפּרעכען. פיער קאָזאקען פאָראויס, אכט הינטער זיי. פאָרוועלטס! מארש!

דער טרויער צוג האָט זיך אָנגעפאנגען ווייטער צו בעוועגען. לייטענאנט סאלטיקאָוו איז געפאָהרען פאָראויס זעהר פרעהליך. אויסער דעם פערגעניגען וואָס ער האָפט צו געניסען וועהרענד דעם טראנספּאָרט שטעהט איהם נאָך פאָר אן אלערהעכסטע, קייזערליכע בעלאָהנונג, ווען ער וועט צוריק קומען נאָך פּעטערבורג.

אָבער דאָס איז נאָך ניט אלעס. די געדאנקען פון לייטענאנט סאלטיקאָוו זיינען בעשעפטיגט מיט אנדערע פּלענער, וועלכע זיינען פאר איהם העכסט וויכטיג. נור צוויי טאגע־רייזען פון דאנען געפינט זיך די הויפּט־לאנדגוט פון

דער פירסטליכער פאמיליע סאלטיקאָוו. דיעזעס גוט געהערט יעצט, נאָך׳ן טויט פון זייערע עלטערן, צו איהם און צו זיין שוועסטער נאטאליא.

דיא געגענד אין וועלכע דיא אימעניע געפינט זיך איז זעהר שעהן און ארומגערינגעלט מיט הערליכע אייכען־וועלדער. סאלטיקאָוו האָט בעשלאָסען א פּאָר טעג זיך דאָרט אָבצושטעלען און אויסצורוהען. דיא געפאנגענע וועט ער וועהרענד דיעזע צייט קענען האלטען איינגעשפּארט אין דעם פעסטען קעלער פון שלאָס.

זיין שוועסטער נאטאליא געפינט זיך גראדע יעצט אויף יענעם שלאָס. ער האָט זי שוין א לאנגע צייט ניט געזעהן און אָבוואָהל זיי ביידע הארמאָנירען ניט זעהר, דאָך האָט ער יעצט בעזאָנדערע אנגעלעגענהייטען מיט איהר צו בעשפּרע־כען. פאול סאלטיקאָוו, אלס יונגער אָפיציער האָט אין פעטערבורג געפיהרט אן אויסגעלאסענעם לעבען פון א גרויסען פערשווענדער. דאָס גאנצע פערמעגען איז געווען אין דער האנד פון דער שוועסטער, וועלכע האָט געהאט דיא איינ־ציגע דעה דארויף און דארום האָט ער געמאכט פיעלע שולדען, געליהען געלד ביי וואוכערער אויף וועקסלען, וועלכע מוזען אין א קורצע צייט בעצאָהלט ווערען.

דאָס אלעס האָט איהם יעצט געצוואונגען זיך צו זעהן מיט נאטאליא׳ן. זיא וועט אפילו זעהר אונפריינדליך אויסהערען דיא געשיכטע, אָבער אלס ליעבע, גוטע שוועסטער, וועט זיא דאָך איהם מוזען העלפען.

סאלטיקאָוו האָט אויסערדעם אין געדאנק נאָך א שארלאטאנישען פּלאן. נאטאליא איז אימער געווען א לעבענס־לוסטיגע מעדכען, ביז דער צייט וואָס זיא האָט געדיענט אלס הויף־דאמע ביי דער קייזערין קאטהערינא. דאָך האָט דאָרט וואהרשיינליך מיט איהר עטוואָס זאָנדערבארעס פּאסירט, דען אין א גע־וויסען טאָג איז זיא פּלוצלונג פון פעטערבורג צוריק געקומען אויף איהרע גיטער וואו זיא האָט פון דאמאָלס אָן געפיהרט אן איינזאמען לעבען; ווייט פון פערגניגען און אירגענד וועלכע געזעלשאפטען האָט זיא פערבראכט דיא צייט טרויעריג און ניעדערשלאָגען. אייניגע מאָל האָט זיא זאָגאר אויסגעשפּראָכען דעם וואונש, אז זיא וויל זיך צוריקציהען אין קלויסטער אום צו לעבען נור פיר וואָהלטהעטיגקייט און מענשען־ליעבע.

דיעזען פּלאן האָט נאטאליא פון דעסטוועגען נאָך ניט אויסגעפיהרט און דאָס איז דעם ברודער זעהר ניט אנגענעהם, דען אויב זיא זאָל ווירקליך אוועק־געהן אין א קלויסטער און זיך ענטזאגען פון עולם הזה, דאן וועט זיא דאָך געוויס דעם גאנצען פערמעגען איהם איבערגעבען.

סאלטיקאָוו האָט אלזאָ גערעכענט צו בענוצען דיא צוויי טעג וואָס ער וועט פערברענגען אין שלאָס ביי זיין שוועסטער, זיא איבערצורעדען, אז זיא זאָל פערלאָזען דיעזע שלעכטע, ניעדערטרעכטיגע וועלט, וועלכע איז פול מיט

אויסגעלאסענהייט און זאָל אוועק אין דיא פריעדליכע איינזאמקייט פון א קלויסטער.

דאָס זיינען געווען דיא גערואנקען, מיט וועלכע פאול סאלטיקאָוו איז יעצט געווען בעשעפטיגט און דאריבער איז ער אזוי מונטער און פרעהליך גע־ווען, ווייל ער האָט גענלויבט, אז דיעזער פּלאן וועט איהם שליסליך געלינגען.

צו דערזעלבער צייט איז געגאנגען עליזאבעט ביי דער זייט פון איהר גרויספאטער און וועהרענד זיי ביידע האָבען זיך געהאלטען פאר דיא הענד הערצליך צוזאמענגעדריקט האָט זיא צו איהם שטילערהייד גערעדט:

— אָ, גרויספאטער, איך בין קוים אין שטאנד מיינע אויפגערעגטע גע־פיהלען צו בעהערשען! אָך, טהייערער, הייס געליעבטער גרויספאטער, וואָ־רום האָסטו זיך יעצט בעגעבען אין אזא גרויסע געפאהר און פרייוויליג אָנגעטהאָן קייטען אום —

— שטיל, מיין קינד, האָט איהר וואָראָנצאָוו אונטערבראָכען, מיר מוזען ביידע זיך צייגען גאנץ גלייכגילטיג, אום דיא קאָזאקען זאָלען אויף אונז ניט ווערען אויפמערקזאם. אלעס איז געשעהן אום דיך און דעם אלטען צו בע־פרייען. דאָס וועלען מיר נאָך היינט ביינאכט אויספיהרען.

— אלזאָ איז דאָס אן אָבמאך מיט יענעם הויכען בעאמטען פון פּע־טערבורג?

— יא, ער איז אונזער פריינד און בעשיצער. דו קענסט איהם אויך. דאָס איז קאזימיר פיאָדאָראָוו, דער פאָטער פון דיין אמאָליגער פריינדין סאָניא.

— אָה, יא, יעצט עראינער איך זיך. ער איז ווירקליך א פאָרטרעפלי־כער מאן.

— ער טהוט עס אויס דאנקבארקייט. דאָס איז א זאך, וועלכע מען גע־פינט אין אונזערע צייטען גאנץ ווייניג. יעצט אָבער, מיין קינד, דערצעהל מיר וואָס עס האָט מיט דיר פּאַסירט דיא גאנצע פינף יאָהר זייט מיר האָבען זיך ניט געזעהען, איבערהויפּט זאָג מיר דיא וואָרהייט: ביסט דו פערהייראַטעט מיט אראָן קראָנבערג?

— ניין, גרויספאטער, ער איז מיין אלטער פריינד, מיין רעטער און איך האָב פאר איהם אויך קיינע אנדערע געפיהלען אויסער דאנקבארקייט.

און יעצט האָט דיא אָרעמע יונג־פרוי דערצעהלט איהר גרויספאטער אלע שוידערליכע פּאסירונגען פון דער צייט וואָס ער האָט זיך פון איהר גע־שיידעט, וויא דיא קייזערין קאטהערינא האָט זיא געצוואונגען צו טרינקען גיפט, אויף וואָס פיר א וואונדערבארען אופן זיא איז גערעטעט געוואָרען, דאן איהר דועל מיט דער קייזערין, ביי וועלכען זיא איז געפאלען טויטליך פערוואונ־דעט און וואָלט געווים געשטאָרבען, ווען ניט אראָן קראָנבערג, ווען ניט זיין מענשענפריינדליכע הילפע. ביי איהם איז זיא פערבליבען דיא גאנצע צייט

און ער האט פיר איהר געפונען דיא געלעגענהייט נאך א מאל זיך צו זעהען מיט אלעקסאנדער פאטעמקין.

— פאטעמקין? האט וואראנצאוו אויסגערופען מיט כעס. וויא קענסט דו נאך זיין שענדליכען נאמען אויסשפרעכען?

— אה, גרויספאטער, רייד דאס ניט! איך ליעב איהם און וועל איהם ליעבען ביז צו מיין לעצטע שטונדע.

— טראצדעם וואס ער האט דיך פערראטהען און פערלאזען? טראצדעם וואס ער איז געווארען דער געליעבטער פון דער קייזערין?

— אבער ער איז אונשולדיג, גרויספאטער! ער איז פערפיהרט געווארען פון איהר און איך האב זיך גענומען דיא אויפגאבע פון איהר פערדערבליכע מאכט איהם צו בעפרייען.

— א שווערע אויפגאבע, מיין קינד, מיין ארעמע, אונגליקליכע עליזאבעט. פאטעמקין וועט ניעמאלס אויפהערען צו ליגען ביי דיא פיס פון יענע פערדאמטע צויבערין.

— דאך קען איך ניט אויפהערען צו האפען, אז דיעזע אויפגאבע וועט מיר געלינגען. דיעזע האפנונג איז מיין לעבען, זאנסט וואלט איך שוין לאנג אויף דער וועלט ניט געוועזן.

וואראנצאוו איז א קורצע צייט געבליבען שטיל, דאן האט ער זיך אבגערופען

— נו, מיין קינד, אויב דו קענסט זיך פון פאטעמקין'ען ניט ענטזאגען, אויב דו ביסט זיכער, אז דו קענסט איהם נאך צוריק געווינען, דאן וועל איך דיר העלפען אין דיעזען קאמפף, דאן וועל איך דיך ניט פערלאזען.

צו דערזעלבער צייט איז אויף דער אנדערער זייט פון דער רייהע געפאנגענע פארגעקומען נאך א ריהרענדערער געשפרעך. אלגא איז געגאנגען ביי דעם זייט פון איהר פאטער און קוקענדיג אויף איהם מיט בעטענדע בליקען האט זיא געשטאמעלט:

— פאטער, ליעבער פאטער, ווילסט דו מיך הערען?

קראנבערג האט זאגאר זיין געזיכט ניט אומגעקעהרט און האט געשוויגען.

— פאטער! האט זיא נאך אמאל געבעטען. קענסט דו מיר ניט פערצייהען?

— דיר? האט ער ענדליך געענטפערט מיט צארן, דיר, אן אויסגעלאסענע טאכטער, וועלכע האט איהר פאטער פערלאזען און זאגאר פעראכטעט?

— אה, פאטער, דו האסט געוויס רעכט, איך בין זעהר שלעכט געווען געגען דיר, אבער זעה וויא שטארק איך האב יעצט חרטה דארויף. איך האב זיך יעצט

פרייוויליג אין דיזע געפאהר איבערגעגעבען נור דיך צו זעהען אום ביי דיר פערצייהונג צו בעטען.

— יא. אראָן קראָנבערג, האָט זיך מיראָוויטש ארייגעמישט, גענוג מיט אייער האס. יעצט, ווען מיר זיינען אלע אין אן אונגליקליכע לאגע, מוזען מיר זיך צוזאמען האלטען. אָלגא האָט גענוג געליטען, ביטערע טרעהרען פערגאָסען איבער איהר שלעכטע האנדלונג געגען אייך; זיא האָט דאפיר אויך גענוג געליטען און יעצט האָט זיא פרייוויליג אָנגעטהאָן קייטען, נור אום אייך צו רעטען.

— מיך צו רעטען? האָט קראָנבערג איבערראשט אויסגערופען.

— איך שווער אייך, אז דאָס איז ריכטיג. אונזער צוועק איז אייך און עליזאבעט צו בעפרייען פון דיא רוסישע הענקער.

דאביי האָט מיראָוויטש גאנץ שטיל דערצעהלט דעם אלטען וועגען פּלאָן וואָס זיי האָבען אָבגערעדט מיט'ן דירעקטאָר פיאָדאָראָוו וויא איהם און עלי־זאבעט צו בעפרייען. קראָנבערג איז דאן עטוואָס רוהיגער געוואָרען. דאָך האָט ער שליסליך אויסגערופען:

— ניין, איך קען שוין מעהר ניט האָבען קיין צוטרויען צו מיין טאָכטער, ווייל זיא האָט זיך געטויפט און איז געוואָרען א קריסטין.

— פאטער, האָט אָלגא אויסגערופען, איך בין פעסט ענטשלאָסען צוריק צו קעהרען צו מיין פריהעריגען אידישען גלויבען. און איבערהויפּט קענסט דו מיך ניט פערדאמען פיר מיין טויפען זיך, ווייל איך בין נאָך דאן געווען א קינד און מען האָט מיך געצוואונגען צו דער שמד. אין הארצען בין איך אָבער אימער געבליבען א געטרייע אידישע טאָכטער. און אלס בעוויז קענסט דו אָננעהמען דאָס וואָס אויך מיין געליעבטער מאן איז פערטיג אָנצונעהמען דעם אידישען גלויבען נאָכדעם וויא מיר וועלען געפינען ערגיץ א זיכערע פרייע היימאט אין א פרייע לאנד.

— יא, האָט מיראָוויטש בעשטעטיגט. און טהאָן וויל איך דאָס נור דאָ־רום, ווייל אָלגא האָט מיך איבערצייגט, אז אייער גלויבען איז מעהר אידעאליס־טיש, פיעל בעסער און מענשליכער וויא דיא רעליגיאָן, אין וועלכער איך בין ערצויגען געוואָרען.

אראָן קראָנבערג האָט דארויף אויך גאָר ניט געענטפערט, געהענדיג ווייטער פערזונקען אין טיעפע מחשבות.

וואָראָנצאָוו, וועלכער האָט צוגעהערט דעם גאנצען געשפּרעך, האָט זיך מיט אמאָל געווענדעט צו אראָן קראָנבערג און האָט איהם געזאָגט:

— הער נור אויס, קראָנבערג, דו ווייסט, אז מיר זיינען אימער געווען פריינד. האָסט דו אין מיינע האנדלונגען ווען עס איז אויסגעפונען אונעהר־ליכקייט, פאלשקייט, אָדער שווינדעל?

— ניין.

— דאריבער מעג איך דיר זאגען אלס עהרליכער מאן: דו מוזט דיין טאָכטער פערצייהען. פערגעס ניט, אז וויא אין דיין רעליגיאן, אזוי אויך אין אונזערער איז אָנגעזאגט געוואָרען: "ליעב דעם נעכסטען וויא זיך זעלבסט". דאָס איז דער עסענץ, דער עיקר פון אלע רעליגיאָנען. און ווער איז צו דיר מעהר נעכסט וויא דיין איינציגע קינד, דיין טאָכטער? דו האסט ניט געקוקט אויף רעליגיאָנס־פערשיעדענהייטען צווישען דיר און מיין איינציגע עליזאבעט, דא־רויף וואס דו ביסט א איד און זיא איז א קריסטין. פאר וואס זאָלסט דו געגען דיין איינענער טאָכטער אנדערש האנדלען? דו מוזט איהר פערצייהען, ניט נור אלס איד, נור אויך אלס מענש און אלס פאָטער.

— געוויס מוזט איהר עס טהאָן, מיין פריינד, האט עליזאבעט זיך אָב־גערופען ארויפלייגענדיג איהר האנד אויף זיין שולטער. איך האָב מעהר רעכט פון אלע דאָס צו זאָגען. איך קען אייך אם בעסטען און וויים וויא גוט און נאָבעל איהר זיינט. איך וויים, אז אין הארצען בויינקט איהר נאָך אייער טאָכטער גראדע וויא זיא בויינקט נאָך אייך און נאָך אייער ליעבע. פערצייהעט איהר אין נאָמען פון איהר קינד קאטהערינא —

— מיין קינד, אָה, מיין קינד! האט אַלגא אָנגעפאנגען צו וויינען אזוי אז מען האט זיא קוים געקענט בערוהיגען אום דיא קאָזאקען זאָלען ניט ווערען אויף זיי פערדעכטיג.

— ליעבער קראָנבערג, האט עליזאבעט פאָרטגעזעצט, שעהמט זיך ניט אויסצוזאָגען דעם אמת, אז אויך איהר האט בעגאנגען א גרויסען אונרעכט גע־גען אייער טאָכטער דאמיט וואָס איהר האט ביי איהר דאָס קינד אוועקגענומען אָהן איהר וויסען. אמת, איהר האט דיא קליינע קאטהערינא ערצויגען מיט דער גרעסטער צערטליכקייט וויא אן אייגענער פאָטער, אָבער וויפיעל צרות, וויפיעל שמערצען האט איהר דאמיט פערשאפט אייער טאָכטער? דאמיט אליין איז זיא שוין גענוג אָבגעקומען, אויב זיא האט געגען אייך געזינדיגט.

— דאָס איז וואהר, וואהר! האט קראָנבערג אויסגערופען טיעף גע־ריהרט. ניין, איך קען מעהר ניט האסען מיין קינד, מיין איינציגע קינד, וועלכע איך האָב אין דער ווירקליכקייט גאָר קיינמאָל ניט געהאסט. אַלגא, מיין טאָכ־טער, איך ליעב דיך און פערצייהע דיר.

פאָטער און טאָכטער האָבען אין נעכסטען מאָמענט זיך אומגעארמט און זייערע הייסע טרעהרען פון גליק און אונגליק האָבען זיך צומישט.

מיט אמאָל האט זיך לייטענאנט פאול סאלטיקאָוו אומגעקעהרט און איז צוגעפאָהרען נעהענטער צו דיא נעפאנגענע. עליזאבעט האט געציטערט ביי יעדען בליק וואָס דער אריסטאָקראטישער שארלאטאן האט אויף איהר געוואָר־פען. זיא האט זיך דערמאָנט אין יענעם שרעקליכען מאָמענט וואָס איז צווישען

איהם און איהר פארגעקומען און א ראזא־רויטקייט האט זיך אויף איהר ליעב־ליכע געזיכט בעוויזען.

ענדליך איז געווארען דונקעל, דיא נאכט איז געקומען און א געדיכטער טומאן האט זיך פערשפרייט איבער דיא ווייטע, פלאכע לאנדשאפט. דער לייטע־נאנט האט א בעפעהל געגעבען מען זאל זיך אבשטעלען און דיעזעס מאל האבען דיא קאזאקען מיט זייערע געפאנגענע געמאכט דעם לאגער ניט ווייט פון א קליי־נעם טייך, וועלכער האט אבער זעהר שנעל געשטראמט דורך דער איינזאמער געגענד.

מיראוויטש האט בעטראכט דיא געגענד מיט זיינע ערפאהרענע בליקען. ער האט געוואוסט, אז דא דארף אויסגעפיהרט ווערען דיא העכסט ריזיקאלישע אונטערנעהמונג צו אנטלויפען פון געפאנגנשאפט, מען מוז אבער צוערשט אב־ווארטען ביז דיא קאזאקען וועלען איינשלאפען.

וואס אנבעלאנגט וויא זיך צו בעפרייען פון דיא קייטען, איז דאס פיר מיראוויטש, אלגא און ווארענצאוו געווען א קלייניגקייט. דיא קייטען זיינען געוועזן אזוי געמאכט, אז מען האט נור געדארפט א דריק געבען אויף א געוויסען פלאץ, דאן פאלען זיי באלד פון זיך אליין אראב. דיא הויפט שוועריגקייט וועט נור זיין עליזאבעט און קראנבערג׳ען פון זייערע קייטען צו בעפרייען. אבער מי־ראוויטש האט געהאפט, אז אויך דאס וועט איהם געלינגען.

דיא קאזאקען האבען זיך אוועקגעלעגט ביי אן אנגעצונדענעם פעלד פייער; עטוואס ווייטער פון דיא געפאנגענע האט מען אויסגעשפרייט ליילעכער, אויף וועלכע זיי האבען זיך אוועקגעלייגט אויסצורוהען דיא נאכט. דיעזעס מאל האבען די ארעסטאנטען זייער קארגען מאלצייט פון טהעע מיט ברויט פערצעהרט מיט דער האפנונג, אז באלד וועלען זיי אין גאנצען זיין פריי.

— הערט יעצט אוים מיין פלאן, האט מיראוויטש געזאגט צו זיינע פריינד וואס האבען זיך ארום איהם אוועקגעלייגט, אום אלע זאלען קענען צו־זאמען הערען וואס איינער וועט רעדען. קודם מוזען מיר זעהן בעקומען איניגע פערד פון דיא קאזאקען און דאס איז זעהר לייכט. וויא איהר זעהט, היטען ניט דיא קאזאקען זייערע פערד וואס זיי האבען איבערגעלאזט ביים ברעג פון טייך, דיא פערד פיטערען זיך דארט גאנץ רוהיג.

„באלד וויא דיא קאזאקען וועלען איינשלאפען, מוזען מיר גאנץ פארזיכ־טיג און אונבעמערקט אוועק אהין צום ברעג טייך, איך וועל נעהמען אלגא׳ן צו זיך אויף׳ן זאטעל און דו, ווארענצאוו, וועסט דאס זעלבע טהאן מיט עליזאבעט. עס בלייבט אלזא נור איבער אראן קראנבערג, וועלכער וועט מוזען זעהן וויא אליין פערטיג צו ווערען, אבוואהל דיא ווארהייט זאגענדיג וועט דאס ביי זיינע יאהרען פאר איהם זעהר שווער זיין.

— ניין, דאס וועל איך קיינמאל ניט ערלויבען, איך וויל ניט, אז מען זאל

מיין פאטער אזוי איבערלאזען, האט אלגא אויסגערופען מיט א ריהרענדע שטי־מע. איך בין א גוטע רייטערין און וועל זיך גיכער אליין קענען העלפען וויא ער. איך בעט דיך, ניקאלאי, נעהם מיין אלטען פאטער צו זיך אויף'ן פערד און פאר מיר זאלסט דו זיך ניט זארגען. איך וועל זיך שוין אליין אויסקלייבען א פערד.

— איך וועל אבער דאן שטענדיג זיין אין איין ציטערניס פיל־יכט האט מיט דיר עפעס פאסירט, פיל־יכט ווערסט דו וויעדער ארייגפאלען אין דיא הענד פון אונזערע הענקער. דאס וועט מיך ניט לאזען רוהען.

— און דאס זעלבע וועל איך דאך אויך דענקען וועגען מיין פאטער. איך זאג דיר, ניקאלאי, אויב דו ליעבסט מיך זאלסט דו טהאן וויא איך פערלאנג.

— וואס דארפסט איהר זיך אזוי פיעל קימערען וועגען מיר? האט קראנ־בערג געזאגט. איך בין שוין אלט, אויב איך וועל שטארבען דא אדער אין סיביר בלייבט זיך גאנץ גלייך.

— אה, פאטער, רעד עס ניט, האט אלגא אויסגערופען מיט א צערטליכע שטימע. ערשט יעצט זאלסט דו אנפאנגען גליקליך לעבען. איך וועל שוין דאפיר זארגען און איך וועל זעהן דו זאלסט אין פריידען געניסען דיא פרוכט פון דיין עהרליכע ארבייט.

— מיינע קינדער, האט דער אלטער געזאגט, ווען עס וואלט מעגליך גע־ווען אז מיר אלע זאלען געראטעט ווערען, וואלט איך געווים איבערגליקליך געווען. דאך גלויב איך, אז דאס וועט זיין זעהר שווער. אלזא הערט יעצט מיין לעצטען ווילען. פאר א קורצע צייט, ווען איך האב נאך געלעבט אונטער דעם אנגענומענעם נאמען פון מאהאמעד אלי פאשא, האב איך א קליינעם טהייל פון מיין פערמעגען דעפאנירט אין א פעטערבורגער באנק אום דאמיט צו צייגען וואס פיר א רייכער מאן איך בין. אבער מיין הויפט־קאפיטאל, איבער צעהן מיליאן רובעל האב איך איבערגעגעבען אין דיא ענגלישע באנק און איך האב ביי מיר א דראפט, אויף וועלכען מען וועט דאס געלד באלד אויסצאהלען דעם יענינגען וואס וועט דעם דראפט פארצייגען.

— א דראפט, האט זיך ניקאלאי געוואונדערט, אבער מען האט דאך גע־ווים ביי דעם ארעסטירען אייך דורכגעזוכט? וויא איז אייך דען מעגליך גע־ווען דיעזען פאפיער אזוי צו בעהאלטען, אז אייערע פערפאלגער זאלען איהם ניט געפינען?

— דאס וועל איך אייך צייגען, קינדער, האט ער געענטפערט מיט א שמיי־כעל, איך האב דיעזען פאפיער גאנץ דין צוזאמענגעראלט און בעהאלטען אין מיין גרויען בארד, וואו איך האב איהם צוזאמענגעבונדען מיט א ווייסען פאדים אזוי דאס קיינער וואלט עס ניעמאלס געקענט בעמערקען און ביי מיר אין בארד עטוואס זוכען.

ארגאן קראנבערג האט ביי דיעזע ווערטער פארזיכטיג זיך ארומגעקוקט און

דאן זעהענדיג, אז קיינער פון דיא קאָזאקען בעאָבאכטעט איהם ניט, האָט ער פאנאנדער געבונדען דיא הינטערשטע האָאר פון זיין גרויען באָרד, פון וועלכען עס איז באלד ארויסגעפאלען א קליינער צוזאמענגעלעגטער צעטעל. דאָס איז געווען דיא אָנווייזונג אויף דיא באנק פון ענגלאנד אויף א סומע פון 10 מיליאָן רובעל.

— ווען איהר וועט ציינען דיעזען שיין, האָט ער ווייטער געשפּראָכען, וועט מען אייך דאָס געלד אָהן אירגענד וועלכע פראגען אויסצאָהלען. אָבער דאַ־ביי שטעל איך פאָלגענדע בעדינגונגען: דו, מיין קינד אָלגא, זאָלסט ערהאל־טען פיער מיליאָן און נאָך צוויי מיליאָן פאר דיא קליינע קאטהערינא, מיין אייניקעל. איך פערלאנג אָבער אויסדריקליך, אז דו זאָלסט זיא ערציהען אלס א אידישע טאָכטער. גאָט זאָל זיא בענשען, אז זיא זאָל אויסוואקסען און זיין דיא פרייד פון איהרע עלטערען.

"דיא אנדערע פיער מיליאָן זאָלען געהערען מיין פריינדין, מיין צווייטע טאָכטער עליזאבעט וואָראָנצאָוו. איך וויל, אז זיא זאָל זיין רייך און דאָס וועט איהר געבען דיא מעגליכקייט ווייטער צו קעמפּפען געגען דיא גרויזאמע קאטהע־רינא און דיעזען קאמפּף אויסצופיהרען. דאָס וואָלט געווען מיין בעסטע ראכע, ווען איך זאָל דערלעבען צו זעהן קאטהערינא'ס ביטערע פערצווייפלונג, ווען זיא וועט איהר געליעבטען פערליערען.

"אויסערדעם, מיינע קינדער, האָב איך נאָך געוויסע סומעס געלד אין אנדערע בענק און געשעפטס־הייזער, צוזאמען א קאפּיטאל וואָס בעטרעפט אויך אונגעפעהר 10 מיליאָן. אלע וועקסלען און דאָקומענטען אויף דיעזע געלדער גע־פינען זיך ביי דעם רב פון קאָנסטאנטינאָפּאָל און ער וועט דיר, אָלגא, דיעזע פּאפּיערען אוועקגעבען, ווען דו וועסט איהם נור זאָגען דיא ווערטער אלס א ציי־כען וואָס איך האָב מיט איהם אָבגערעדט. דיעזע ווערטער בעשטעהען אין פאָל־גענדען פּסוק פון אונזער הייליגע שריפט: "גאָט האָט עס געגעבען, גאָט האָט עס גענומען, גאָט'ס נאָמען זאָל זיין געלויבט".

"דו, ניקאָלאי, זאָלסט דאן דיעזע אלע פּאפּיערען דורכזעהען, ברענגען אין אָרדנונג און דאן אָבנעהמען דיא געלדער און איינקאסירען דיא שולדען, אָבער איך זאָג דיר אָן איין זאך: דו זאָלסט מאָהנען נור ביי אזעלכע וואָס זיינען אים שטאנד צו צאָהלען. אויב ווער עס איז פון זיי וועט ניט קענען צאָהלען, זאָלסטו איהם ניט דריקען און ענטוועדער פּראָלאָנגירען דיא שולד אָדער אין גאנצען איהם מוחל זיין. דאָס גאנצע געלד, וועלכע וועט אויף דיעזען אופן איינ־קאָלעקטירט ווערען, זאָלט איהר פערווענדען אויף וואהלטהעטיגע אנשטאלטען.

"און יעצט, מיינע קינדער, לאָזט מיך א קורצע שטונדע שלאָפען. ווען אלעס וועט פערטיג זיין צו אנטלויפען, דאן וועקט מיך אויף און איך וועל פּרו־בירען רעטען מיין לעבען גלייך מיט אייך.

קראָנבערג האָט דאַן איבערגעגעבען דיא ענגלישע אָנווייזונג זיין טאָכ-
טער אָלגא, וועלכע האָט דיעזען דאָקומענט בעהאלטען אין בוזעם. ער זעלבסט
האָט זיך אנידערגעלעגט און באלד איז געווען צו הערען פון זיינע רעגעלמעסיגע
אטהעמציגע, אז ער איז פעסט איינגעשלאָפען.

אויף דעם לאַגער פלאַץ איז שטיל געוואָרען. דיא קאָזאקען, איינגעהילט
אין זייערע דעקעס, זיינען געלעגען און געשלאָפען גאַנץ געשמאַק נאָכדעם וויא
זיי האָבען זיך אָנגעטרונקען מיט בראַנפען. נור איין קאָזאק איז געשטאַנען מיט
דיא פיקע אין האַנד און האָט געהאַלטען וואַך.

”מיר וועלען געוויס זיין געצוואונגען איהם צו טויטען, דאָך עס האַנדעלט
זיך דאָ וועגען פינף מענשען-לעבענס און אין אַזאַ פאַל איז אויף איין איינצעל-
נעם ניטאָ וואָס צו קוקען. מיר דאַרפען זיך ניט צייגען שוואַך”, האָט וואָראָנ-
צאָוו געמורמעלט צו זיך אליין.

— האָסטו שוין דיא וואפען אויסגעטהיילט? האָט וואָראָנצאָוו געפרעגט
מיראָוויטש'ען.

— נאָך ניט, אָבער עס איז שוין צייט דאָס צו טהאָן, האָט מיראָוויטש
געענטפערט.

מיראָוויטש האָט פון אַ גרויסע טאַש אונטער זיין מאַנטעל ארויסגענומען
אייניגע קליינע פיסטאָלס און איבערגעגעבען איינעם וואָראָנצאָוו'ען און דיא
אנדערע צוויי צו אָלגא און עליזאבעט.

וועהרענד דיעזער צייט האָבען זיי ניט בעמערקט, אז אונגעפעהר צעהן
טריט הינטער זיי האָט זיך אויפגעהויבען אַ מענשליכער קאָפּ און אַ פּאָאַר בלי-
צענדע אויגען האָבען אויף זיי געוואָרפען בייזע בליקען פון האַס און שפּאָט.
צום גליק האָט ער נור געקענט לויערען, אָבער ניט הערען דעם שטילען גע-
שפּרעך פון דיעזע פריינדע. זיין קאָפּ איז דאַן צוריק געזונקען אין גראָז און עס
האָט אויסגעזעהן, אז ער שלאָפט.

— עס איז צייט! האָט ענדליך מיראָוויטש געזאָגט, און יעצט, מיינע
פריינדע, הערט דיא לעצטע ווערטער וואָס איך וויל אייך ערקלעהרען. אום צו
קומען גאַנץ אונבעמערקט ביז אהין וואו עס שטעהען דיא פערד מוזען מיר דיעזע
קליינע שטרעקע דורכקריכען אויף אלע פיער צווישען דיא הויכע, געדיכטע
גראָז. איך וועל עס טהאָן דער ערשטער; עליזאבעט און אָלגא זאָלען מיר
נאָכפאָלגען און דו, וואָראָנצאָוו, מוזט העלפען דעם אלטען קראָנבערג, אויב עס
וועט איהם שווער זיין דאָס צו טהאָן.

”האַלט אלע פערטיג אייערע וואפען און אין פאַל ווען דיא קאָזאקען זאָ-
לען אונז אָנגרייפען, דאַן גיט פייער. שוינט קיינעם ניט, דען זיי וועלען אונז
אויך ניט שוינען. ווען מיר וועלען אָנקומען צום ברעג טייך, זאָלט איהר אויגענ-
בליקליך בעשטייגען דיא פערד. יעצט אלזאָ אראָב דיא קייטען!

ביי דיעזע ווערטער האט מיראָוויטש א דריק געטהאָן אויף א געהיימען קנאָפּ פון א רינג אין דיא קייטען און זיי זיינען אין דעם זעלבען מאָמענט פון איהם אראָבגעפאַלען. דאָס זעלבע האָבען אויך געטהאָן אַלגא און וואָראָנצאָוו.

דאן האט מיראָוויטש ארויסגענומען א קליינע שטאָהלענע פייל און אָנגעפאנגען שנעל דורכצוזעגען דיא קייטען, מיט וועלכע קראָנבערג און עליזאבעט זיינען געווען געשמידט. דיא פייל איז געווען אזוי שארף, אז עס האט איהם גענונגען אין א קורצע צייט דאָס אויסצופיהרען אָהן דעם מינדעסטען גערויש.

— יעצט זיינען מיר אַלע פריי! האט מיראָוויטש נאָך איינינע מינוטען געזאָגט. און איצט מיט גאָט, מיינע ליעבע פריינדע. אויב עס וועט אונז געלונגען, דאן וועלען מיר אַלע גליקליך זיין און ווען ניט, דאן וועלען מיר ווענינסטענס צוזאמען שטארבען.

אויסשפרעכענדיג דיעזע ווערטער האט מיראָוויטש זיך אויסגעשטרעקט אין הויכען גראָז און אָנגעפאנגען לאנגזאם צו קריכען אויף'ן בויך. פון אויבען איבער'ן גראָז האָט מען ווירקליך גאָר ניט געקענט בעמערקען, נור פיליכט אזוי פיעל וויא א שטילער אבענד־ווינטעל וואָלט אויף זיי אריבער געוועהט. אין איינינע מינוטען איז ער שוין געווען ביי'ם ברעג טייך, נאָהענט ביי דיא פערד, וועלכע זיינען געשטאנען רוהיג און זיך געפיטערט אויף'ן גראָז.

עליזאבעט האט נאָכגעפאָלגט מיראָוויטש'ען און באלד איז זיא אויך געווען ביי זיין זייט.

— יעצט געהט איהר מיט מיין פאטער, וואָראָנצאָוו, האט צו איהם אַלגא געזאָגט, נאָכדעם וויא זיא האָט איהר פאטער אויפגעוועקט, איך וועל נאָכדעם אונטערקומען, דען עס איז מיר אונמעגליך זיך פון אָרט צו ריהרען אזוי לאנג וויא איך בין ניט זיכער, אז מיין פאָטער איז גערעטעט.

— אלזאָ קומט, מיין פריינד קראָנבערג, האָט צו איהם וואָראָנצאָוו געזאָגט, מיר ביידע האָבען שוין אָפט גענוג צוזאמען געקעמפּפט געגען טיראנניי און יעצט טהון מיר עס אויף אַן אַנדער ארט. יא, וואָס מיינט איהר, מיין פריינד, זאָנסט זיינען מיר דאָך ניט געוואָהנט געווען צו קריכען אויף'ן בויך פאר אירגענד יעמאנדען, אָבער יעצט מוזען מיר עס טהאָן.

— פיר מיינע אַלטע גליעדער איז דאָס ווירקליך זעהר שווער, האָט געמורמעלט קראָנבערג, אָבער וואָס זאָל איך טהאָן? איך וועל פּראָבירען מיטמאַכען. גאָט זאָל אונז בעשיצען.

וואָראָנצאָוו האָט אָנגענומען קראָנבערג'ען פאר'ן האנד און באלד זיינען זיי אויך פערשוואונדען אין הויכען גראָז. אָבער שווער איז עס ווירקליך געווען, איבערהויפּט פיר וואָראָנצאָוו'ען, וועלכער האָט גאנץ איינפאָך געמוזט שלעפּען קראָנבערג'ען, וועלכער איז פון שרעק און אויפרעגונג ניט אים שטאנד געווען זיינע גליעדער צו בעוועגען.

ביי דער ארעמער אַלגא איז דאָס הארץ פערדריקט געוואָרען בעטראכטענ־דיג דיעזע סצענע. זיא האָט געציטערט פיליינדם ווען דער קאָזאק אויפמערקזאם ווערען, אז דאָס גראָז בעוועגט זיך צו שטארק, ווייל דיא ביידע אלטע שלעפען זיך אזוי שווער. זיא זעלבסט איז אויך געקראָכען הינטער זיי, אָבער אזוי שטיל און געשיקט דאָס מען האָט געקענט זעהען, אז זיא איז פעהיג גענוג אין יעדע געפעהרליכע לאגע זיך צו העלפען.

דיא אָרעמע געפאנגענע, וועלכע האָבען געארבייט אזוי שווער פיר זייער בעפרייאונג, זיינען ענדליך צוזאמען. אלע האָבען זיך שוין געפונען אויף דעם פונקט וואו דער ערשטער האָפנונגס־שטראהל איז פאר זיי ערשיענען.

— יעצט קומט ענטשיידונג, האָט געמורמעלט מיראָוויטש. מוטה, מיינע פריינדע! בעשטייגט דיא פערד אזוי שנעל וויא איך. גאָט ווען אונז ניט פערלאָזען.

לאנגזאם האָבען דיא פינף געשטאלטען זיך אויפגעהויבען פון גראָז און ארום זיי איז געווען שטיל, קיין גערויש ניט צו הערען, אויסער דעם מורמעל פון דיא וועלען איבער'ן טייך, וועלכע טראָגען זיך אזוי שנעל מיט'ן שטראָם, פונקט וויא זיי וואָלטען זיך איילען אירגענד א געוויסען פונקט צו ערדייכען.

צוערשט האָט מען אראָן קראָנבערג אויפגעהויבען אויף'ן פערד און אָנ־געזאָגט ער זאָל זיך האלטען פעסט אן דעם פערד'ס האלז. וואָראָנצאָוו איז נאָך איהם ארויפגעשפרונגען אין זאָטעל.

אויף דעם צווייטען פערד האָבען זיך ארויפגעזעצט אַלגא און עליזאבעט און עס איז געווען א פראכט־בילד, וועלכעס וואָלט ווערטה געווען, אז דער גרעסטער קינסטלער זאָל עס אָבמאָהלען, וויא דיעזע צוויי הערליכע שעהנהייטען זיינען געזעסען אויף דעם שלאנקען פערד. צולעצט האָט מיראָוויטש שנעל וויא א בליץ זיך ארויפגעכאפט אויף'ן דריטען פערד און האָט געפרעגט:

— אלעם פערטיג?

— פערטיג! האָט מען פון ביידע זייטען געענטפערט.

— אלזאָ, מיט גאָט'ס הילף! מארש!

אין דעם נעכסטען מאָמענט האָבען דיא דריי פערד גאַלאָפירט וויא א שטורם איבער דיא ווייטע לאנדשאפט, מיראָוויטש פאָראויס און דיא אנדערע הינטער איהם. א מינוט שפעטער האָט מיראָוויטש פלוצלונג זיך אומגעווענדעט און פון זיינע ליפען האָבען ארויסגעהילכט דריי שארפע פייפען.

— אום גאָטעס ווילען, וואָס טהוסטו? האָט געפרעגט וואָראָנצאָוו דער־שראָקען, ווילסטו אויפמערקזאם מאכען דיא קאָזאקען, אז זיי זאָלען אונז באלד פערפאָלגען?

— גראדע פערקעהרט, האָט מיראָוויטש געלאכט, איך וויל זיי אוועק־נעהמען יעדען מיטעל, אז זיי זאָלען אונז ניט קענען פערפאָלגען. איך האָב לאנג

גענוג געלעבט צווישען דיא קאזאקען און דארום ווייס איך מיט וואס פיר א פייף מען קען זייערע פערד אנציהען. הא, הא, הא! זעהט נור צוריק, דארט קומען אלע פערד. איז דאס ניט וואונדערבאר? מיר רייטען אויף דריי פערד און צעהן אנדערע לויפען אונז נאך.

— געלונגען! האט געמורמעלט אלגא מיט גרויס ענטציקונג איבער דיע־זען איינפאל פון איהר געליעבטען. יעצט וועט מען אונז ניט קענען נאכ־לויפען, מיר זיינען גערעטעט.

אבער דיעזע פרייד איז נאך געוועזן צו פריה. באלד האט דורך דיא שטיל־קייט פון דער נאכט אויסגעהילכט א פירכטערליכע שטימע און דיא אנטלוי־פענדע האבען געהערט וויא מען שרייט הינטער זיי:

"האלט! יאגט זיי נאך. זיי אנטלויפען, — אלע אנטלויפען!

דאס איז געוועזן דיא שטימע פון דעם נידערטרעכטיגען פעררעטהער פא־סעק. דער קאזאק אויף'ן וואך, נאכדעם וויא ער האט זיך אנגעטרונקען מיט בראנפען פון זיין פעל־פלאש, איז שוין געזעסען האלב־שלאפענדיג און ער וואלט געוויס ניט בעמערקט וויא דיא געפאנגענע זיינען אנטלאפען און האבען זאגאר מיטגענומען אלע פערד פון זיינע קאמעראדען.

יעצט אבער איז אין לאגער געווארען א געוואלדיגער אויפרוהר. לייטע־נאנט סאלטיקאוו איז ארויסגעשפרונגען פון זיין געצעלט האלב נאקעט און ערפאהרענדיג וואס דא איז פארגעקומען האט ער אויסגערופען וויא צוקאכט פון פערצווייפלונג:

— איך בין פערלארען. אה, יעצט בלייבט מיר נור איין מיטעל, זיך אריינ־צושיסען א קויל אין קאפ.

— עס איז נאך ניט אלעס פערלארען, הערר לייטענאנט, האט זיך אבגע־רופען דער אלטער וואכמייסטער. מיר דארפען נור קריעגען צוריק אונזערע פערד און דאס, גלויב איך, וועט מיר זיין זעהר לייכט אויסצופיהרען.

און דער וואכמייסטער האט אנגעפאנגען צו פייפען אהן אויפהער מיט אזא זאנדערבארען טאן וויא קיין אנדערער אויסער א געבארענער קאזאק פון דער סטעפע קען עס ניט נאכמאכען. און באלד איז פארגעקומען א מערקווירדיגע סצענע. אלע פערד, אויך דיא יעניגע, אויף וועלכע דיא געפאנגענע זיינען גע־ריטען, האבען זיך אומגעקעהרט און וויא אנגעצויגען דורך א געוואלטיגע צוי־בער מאכט האבען זיי צוריק גאלאפירט אין לאגער.

דיעזע פלוצלונגע ענדערונג איז געקומען אזוי שנעל, אז זאגאר מיראוויטש האט אין דיא ערשטע מינוטען ניט געקענט זיך א ראטה געבען וואס צו טהאן. און דא זיינען שוין דיא צוריקגעלאפענע פערד נור א 20 טריט נאהענט פון דיא קאזאקען. באלד אבער האט דיא געפאהר אין איהם ערוועקט זיין גאנצען מוטה און מיט א געוואלטיגע קראפט האט ער אנגעפאנגען צו טרייבען זיין פערד צור־

ריק, מיט דער האָפנונג, אז אויך דיא אנדערע צוויי פערד, אויף וועלכע זיינע פריינדע רייטען, וועלען איהם נאָכפאָלגען.

דער וואכמייסטער האט ווייטער געפייפט און מיראָוויטש האָט א גאנצע מינוט געהאט א שווערען קאמפף ביז עס איז איהם ענדליך געלונגען צו צווינגען זיין פערד ער זאָל אריינשפּרינגען אין וואסער, אָבוואָהל אזא שריט איז זעהר געפעהרליך, דען דער שטראָם איז רייסענד שנעל און עס איז זעהר שווער געוועזען צו גלויבען, אז דיא פערד זאָלען קענען צושווימען ביז צו יענעם זייט ברעג; דאָך מיראָוויטש האָט קיין אנדער מיטעל געהאט וויא זיך און זיינע פריינדע צו רעטען.

יעצט האָט זיך אָנגעפאנגען א נייע געפאהר. דיא קאָזאקען, זעהענדיג, אז דיא געפאנגענע אנטלויפען דאָך, האָבען געכאפּט זייערע געוועהר און אָנגעפאנגען צו שיסען אזוי אז דיא קוילען האָבען זיך געשאָטען אויף זיינע אָרעמע פריינד וויא א געדיכטער האָגעל.

— בויגט זיך איין צום האלז פון אייערע פערד! האָט מיראָוויטש אויסגערופען און ווירקליך האָט זיך דאָס בעוויעזען אלס א גוטער מיטעל, דען פאָרלויפיג האָט זיי נאָך קיין קויל ניט געטראָפען.

— פערפאָלגט זיי! יאָגט זיי נאָך! האָט געשריען דער לייטענאנט. ווער עס וועט זיי כאפּען, קריעגט ביי מיר א בעלאָהנונג הונדערט רובעל.

— נאָכפאָלגען זיי אין טייך איז זעהר ריזיקאליש, האָט דער וואכמייסטער געזאָגט, איבערהויפּט ביי נאכט אין דעם יעצטיגען דיקען טומאן איז זעהר לייכט דערטרונקען צו ווערען.

— נעהמט פון מיר אראָב דיא קייטען און דאן וועל איך זיי נאָכיאָגען און איך וועל זיי זיכער כאפּען, האָט אויסגערופען דער פעררעטהער פאסעק.

ניט ווארטענדיג אויף אן אנטוואָרט און ערלויבניס האָט איינער פון דיא קאָזאקען שנעל אָבגעשלאָסען דיא קייטען. דער בעפרייטער פאסעק איז ארויסגעשפּרונגען אויף דעם ערשטען בעסטען פערד וואָס איז געשטאנען נאָהענט ביי איהם און אוועקגאלאָפּירט. א מינוט שפּעטער האָט זיך געהערט א גערויש, וויא דער רייטער איז אריינגעשפּרונגען אין וואסער און באלד נאָכדעם האָט אויסגעקלונגען א געלעכטער.

— נארען, דומקעפּ! האָט אויסגערופען פאסעק, דאָס איז דאָך פאר מיר דיא בעסטע געלעגענהייט פון אייך פּטור צו ווערען. געהט אליין נאָך סיביר, אָדער פון מיינעטוועגען צום טייפעל, איהר פערדאמטע הענקער! איך —

פאסעק האָט ניט געקענט ענדיגען זיינע ווערטער, דען אין נעכסטען מאָמענט האָט אויסגעקראכט א שאָס און דיא קויל האָט איהם געטראָפען פּונקט אין מוח. אויסשפּרייטענדיג דיא הענד איז פאסעק מיט א פירכטערליכען גע־

שריי אראבגעזונקען פון פערד און באלד איז ער פערשוואונדען אין טיעפען תהום.

מיראָוויטש און זיינע פריינד האָבען געהאט זעהר שווער צו קעמפפען מיט דיא רווישענדע כוואליעס פונ׳ם טייך. דיא פערד האָבען זיך קוים געקענט שלע־פען און, געטריעבען פון דיא רייטער, האָבען זיי זיך געמאטערט מיט אלע קרעפטע. דאָך האָבען זיי נאָך ניט ערדייכט דעם מיטען טייך.

אָבער ערגער פון אלע איז געווען דיא לאגע פון דיא פרויענצימער. זייער פערד האָט ביים אריינשפרינגען אין טייך שווערע וואונדען בעקומען און עס האָט זיך קוים געקענט ריהרען ווייטער צו געהן.

— צו הילפע, ניקאָלאי! שנעלער, האָט אָלגא געשריען, מיר געהן אונטער!

מיראָוויטש האָט זיך אומגעקוקט צוריק און מיט גרויס שרעק האָט ער בעמערקט, אז דאָס פערד לאָזט זיך לאנגזאם ארונטער צום גרונד און מיט איהם צוזאמעןביידע פרויען. מיראָוויטש און עליזאבעט זיינען ביידע געווען אויסגע־צייכענטע שווימער. אָבער אָלגא האָט זיך אין וואסער אפילו ניט געקענט בע־וועגען, און זיא וועט געוויס באלד דערטרונקען ווערען.

אום זיך אין דיעזער פערצווייפעלטער לאגע צו העלפען, איז מיראָוויטש אראָבגעשפרונגען פון זיין פערד און איז צוגעשוואומען צו דיא פרויען. ער און עליזאבעט האָבען בעשלאָסען צו נעהמען אָלגא׳ן פאר דיא הענד און ארבייטענ־דיג מיט זייערע אנדערע פרייע הענד וועט זיי פיליייכט דאָך געלינגען צום אנדע־רען ברעג אריבערצושווימען.

אָבער ער איז געקומען צו שפעט.

ווען ער איז שוין געווען בלויז א פינף פוס פון זיי זיינען זיי ביידע אראָב־געזונקען מיט׳ן פערד אין טייך. דיא כוואליעס האָבען זיך צוזאמענגעשלאָסען איבער זייערע קעפ, אָבער אין נעכסטען מאָמענט זיינען זיי ווידער ארויף פון אויבען. עליזאבעט האָט פעסט געהאלטען איהר פריינדין און האָט געארבייט מיט אלע קרעפטען. אָבער זיא איז שוין וויא געלעהמט געווען און זיא האָט ניט געקענט שווימען נאָך איהר ווילען. זיא איז געווען געצוואונגען זיך צו לאָזען טראָגען פון דיא וועלען וואָס האָבען געשטראָמט גראדע צום ברעג פון וואנען זיי זיינען אנטלאָפען.

דיא קאָזאקען האָבען דאָס גלייך בעמערקט און זיינען געלאָפען ארום ברעג שרייענדיג מיט קולות פון ראכע. זיי האָבען זיך שוין פערטיג געמאכט ביידע פרויען ווידער געפאנגען צו נעהמען זאָ שנעל וויא דיא כוואליעס וועלען זיי צוטראָגען צום ברעג.

— אָלגא, געליעבטע, האָט מיראָוויטש געשריען אין גרויס שרעק, נור איין אויגענבליק שטארק זיך, באלד בין איך נעבען דיר. איך וועל אייך ביידע רעטען.

אָבער אומזיסט האָט ער געפּרובט זיא ערמונטערען. אָלגא איז געווען אזוי פערטומעלט, אז זיא האָט זאָגאר ניט געהערט וואָס ער האָט צו איהר גערעדט און עליזאבעט האָט געארבייט מיט אלע קרעפטען זיך און איהר פריינדין אם ווענינגסטען האלטען פון אויבען אויף'ן וואסער, זיי זאָלען ביידע ניט דערטרונקען ווערען.

ענדליך האָט דער שטראָם זיי צוגעטראָגען ניט וויט פון ברעג אזוי אז יעצט האָבען זיי שוין נעקענט שטעהן אויף'ן גרונד און דיא געפאהר דערטרונקען צו ווערען איז פּאָראיבער. דערפאר אָבער זיינען דיא קאָזאקען יעצט אריינגעשפּרונגען אין טייך און באלד האָבען זיי דיא ביידע אונגליקליכע פרויען ארויסגעשלעפּט אויף'ן ברעג.

— וואָראָנצאָוו, מיין טהייערער פריינד, האָט מיראָוויטש אויסגערופען צושווימענדיג צוריק צו איהם. אלעס איז פערלאָרען. אָלגא און עליזאבעט זיינען געפאנגען.

— צוריקקעהרען, יא, אין געפאנגשאפט, אין אונגליק! האָט בעשטעטיגט וואָראָנצאָוו מיט א ביטערע פערצווייפלונג, און יענע טייוואָלים אין מענשענגעשטאלט ווייסען גאנץ גוט, אז מיר וועלען עס טהאָן. יעצט האָבען זיי אויפגעהערט צו שיסען, זיי זיינען זיכער, אז מיר וועלען צוריקקעהרען.

מיט דיעזע ווערטער האָט ער אויסגעקירעוועט זיין פערד, אום צום ברעג צו שווימען. אראָן קראָנבערג, וועלכער האָט זיך ביז יעצט קוים געהאלטען אויף'ן פערד און צוגעזעהען אלעס וואָס דאָ געהט פאָר, האָט פּלוצים אויסגערופען:

— איך קען ניט! ניין, איך וויל ניט ווידער אריינפאלען צו דיא רוסישע הענקער. ניקאָלאי, בעשיץ מיין קינד, מיין אָלגא, און אויך דו, וואָראָנצאָוו! לעבט און רעטעט זיא. איך אָבער האָב שוין גענוג געלעבט און וויל בעסער שטארבען אלס א פרייער מאן.

מיט דיעזע ווערטער האָט זיך קראָנבערג ארויסגעריסען פון וואָראָנצאָוו'ס הענד, איז אריינגעשפּרונגען אין וואסער און באלד איז ער פערשוואונדען געווארען אין דיא וועלען.

— אלמעכטיגער גאָט, ער דערטרינקט זיך! האָט אויסגערופען מיראָוויטש און מיט דיעזע ווערטער איז ער געלאָפּען אהין צו דעם פּלאץ וואו קראָנבערג האָט זיך אראָבגעלאָזען. אויב עס וועט ניט מעגליך זיין איהם צו רעטען לעבעדיג וויל ער ווענינגסטענס דעם טויטען קערפּער פון זיין שוויעגערפאָטער געפינען. ער האָט זיך ארונטערגעלאָזט אונטער'ן וואסער און האָט געזוכט אריבעראל, אָבער אומזיסט. קראָנבערג איז פערשוואונדען און עס איז ניט מעגליך געווען איהם צו געפינען.

מיט א פינסטערע פערצווייפלונג האָבען ביידע, מיראָוויטש און וואָראָנצאָוו, צוריקגעקעהרט צום ברעג וואו ביידע פרויען זיינען געשטאנען צווישען דיא

קאַזאַקען. אָלגא האָט פון ווייטען בעמערקט, אַז מיט איהר פאָטער איז עטוואָס פירכטערליכעס געשעהן, דאָך האָט זיא נאָך ניט געוואוסט פון זיין שרעקליכע ענדע. מיראָוויטש האָט אין אייניגע ווערטער איהר אַלעס ערקלעהרט און וועהרענד ביידע פרויען האָבען אויסגעבראָכען מיט א ביטערען געוויין, האָט זיך מיראָוויטש געווענדעט צום לייטענאַנט סאַלטיקאָוו ער זאָל שיקען אויפזוכען דעם טויטען קערפּער פון דעם דערטרונקענעם.

— זאָל איהם נעהמען דער טייפעל מיט אייך צוזאַמען! האָט דער באַנדיט געשריען מיט א ברענענדיגען צאָרן. איך וואָלט אייגענטליך בעסער געטהאָן אייך אַלעמען אויף דער שטעלע מיט איין ביקס צו דערשיסען, דען ווער ווייס אין וואָס פאַר אַן אונגליק איהר וועט מיך ברענגען ביז איך וועל אייך אויסליפערען אין סיביר.

— פאָרווערטס, טהוט זיי אָן דיא קייטען!

מיט דיא לעצטע ווערטער האָט ער זיך געווענדעט צו דיא קאָזאַקען, וועלכע האָבען זיין בעפעהל באַלד ערפילט. א קורצע צייט שפּעטער האָבען דיא אונגליקליכע געפאַנגענע אונטער א שטרענגע בעוואַכונג ווייטער אָבמאַרשירט אויף זייער טרויעריגען וועג נאָך דעם סיבירישען גיהנום.

## 31טער קאַפּיטעל

## ברודער און שוועסטער.

צוויי טעג זיינען פערלאָפען זייט יענע אונגליקליכע שטונדע, ווען דיא געפאַנגענע איז ניט געלונגען זייער פרייהייט אויסצוקעמפּפען, און זיי האָבען שוין יעצט זיך איבערגעגעבען זייער טרויעריגען שיקזאַל. און דיעזער שיקזאַל, וויא פירכטערליך ער איז! יעצט זיינען זיי שוין פערלאָרען; יעצט שטעהט זיי שוין געוויס פאָר צו ענדיגען זייער לעבען אין דיא פינסטערע סיבירישע מינען־גרובען.

זייער טרויער, זייער נידערגעשלאָגענהייט איז געוועזען אזוי גרויס, אַז וועהרענד דעם ווייטערען מאַרש האָבען זיי צווישען זיך כמעט קיין געשפּרעכען ניט געפיהרט. נור זעהר זעלטען האָט מען פון זיי געהערט א וואָרט מיט א ביטערען זיפץ.

דער צוג קומט שוין נעהענטער צו מאָסקווא. דיא אונגליקליכע האָפען, אַז דאָרט וועלען זיי ווענינגסטענס אייניגע טעג זיך קענען אויסרוהען, דען דאָרט געפינט זיך א גרויסע עטאַפּען־סטאַציאָן מיט א לאַזאַרעט פיר דיא אַרעסטאַנטען וואָס ווערען פערשיקט נאָך סיביר.

— אַך, ווען מיר וואָלטען שוין אמאָל קומען אין מאָסקווא, האָט אָלגא געזיפצט, איך קען שוין קוים געהן, מיינע פיס זיינען פערוואונדעט און יעדער

שרים פערזאוכט מיר ברענענדיגע שמערצען. דארט אין לאזארעט וועל איך וועניגסטענס געפינען הילפע.

— מיין ארעמע ווייב, האט זיך אבגערופען מיראַוויטש מיט א טאָן פון טיעפסטען בעדויערען. דו געפינסט זיך יעצט צום ערשטען מאל אין א טראנס־פארט נאך סיביר, אבער איך האב שוין דיעזע העלישע מאטערניסע דורכגע־מאכט און דארום מוז איך דיר לײדער זאָגען, אז דיא עטאפען־סטאציאָנען זייַ־נען נאך פיעל ערגער וויא דיא רייזע זעלבסט. דאָ געפינען מיר זיך וועניג־סטענס אויף דער פרייער, פרישער לופט, אבער דיא עטאפען־הייזער זיינען וואהרע פעסט־לעכער.

"אין א ניעדעריגען, האלב דונקעלען קעלער־צימער שפארט מען צוזאמען צוואנציג ביז דרייסיג געפאנגענע, מענער און פרויען, נים קוקענדיג אויף דיא שענדליכע פערהעלטניסע וואס קענען דאפון ארויסקומען. דיא לופט, וועלכע מען מוז דארט איינאטהעמען, איז וואהרע גיפט.

"אין אזא סארט קעלער־צימער געפינען זיך א צוועלף הילצערנע בענק, אויף וועלכע עס איז נאטירליך קיין פלאץ ניטא פיר אלע ארעסטאנטען צו שלאפען; דארום פאנגט זיך אן צווישען זיי א פערצווייפעלטער קאמפף. דיא שטארקערע שטופען אראב דיא שוואכערע אום דיא בענק צו פערנעהמען און דיעזע וועלכע האבען קיין ארט צו שלאפען מוזען פערברענגען דיא נאכט אין א ווינקעלע צוזאמענגעקארטשעט, דען זיך אויסציהען און אויסגלייכען דיא מיעדע גליעדער איז זאגאר אויף דער ערד קיין פלאץ ניטא.

"דיעזע פלעצער זיינען פול מיט דיא העסליכסטע אינזעקטען און דער שרעק־ליכער שמוץ וואס איז דארט פול פערזאוכט טיפוס, שווארצע פאקען און אנדערע געפעהרליכע קראנקהייטען. דארום טרעפט עס זעהר אפט, אז א דריי־טעל פון דיא געפאנגענע בלייבען צוריק אין דעם עטאפען לאזארעט טויט קראנק. דיא קראנקע אין דיא לאזארעטען ווערען ניט פיעל בעסער בעהאנדעלט וויא דיא געזונדע אין דיא קעלערן. אויסער דעם מוז מען אויסשטעהען גע־ברענטע לײדען פון דיא ברוטאלע וועכטער און פון דיא נידערטרעכטיגע מיט־געפאנגענע, וועלכע זיינען מייסטענס דיא ערגסטע אויסוואורפען, רויבער און מערדער.

"איך בין יעדעס מאל געוועזען איבערגליקליך, ווען איך האב זיך ארויס־געכאפט פון אן עטאפען־סטאציאָן. ליעבער בין איך געוועזען בערייט מיט פער־בלוטיגטע פיס ווייטער צו מארשירען, ליעבער שלאפען אויף דער הארטער ערד אונטער'ן פרייען הימעל איידער איבערצוטראָגען דיא מאטערניסע אין יענע געפענגניס־הייזער.

עליזאבעט און אלגא זיינען דורכגעציטערט געוואָרען הערענדיג דיעזע שיל־דערונגען. אבער מיראַוויטש האט געפונען פאר נויטהיג בעסער זיי אויף אלעס

פֿארצוברייטען, אז זיי זאָלען שוין יעצט וויסען וואָס פֿאר א שיקזאל עס ער־וואַרטעט זיי.

נאָך מיראָוויטש'עס חשבון האָבען זיי זיך יעצט געפינען אן ערך פֿון א צוואנציג שטונדען רייזע פֿון מאָסקווא, ווען פּלוצלונג האָט דער לייטענאנט גע־געבען א בעפֿעהל, אז מען זאָל פֿערלאָזען דעם גרויסען, שטויביגען וועג און דער גאנצער טראנספּאָרט האָט זיך בעגעבען אויף א זייטיגען וועג דורך א פּראכט־פֿאָל שעהנעם וואלד.

פֿאר דיא געפאנגענע איז דאָס געווען א זעהר אנגענעהמע איבערראשונג. אָנפֿאנגס האָבען זיי געמיינט, אז מען וועט זיך דאָ בלויז אָבשטעלען אויף א פּאָר שטונדען אין לאגער ביז דיא ברענעדיגע מיטאגס־זונן וועט אָנפאנגען אונ־טערצוגעהען, דאָך סאלטיקאָוו האָט געפֿיהרט דעם טראנספּאָרט אימער ווייטער און טיעפֿער אין וואלד. אין פֿערלויף פֿון א פּאָר שטונדען איז מען ארויסגעקו־מען פֿון צווישען דיא בוימער אויף א גאנץ אנדער וועג און באלד האָבען זיך געזעהען פֿון ווייטען קליינע, ווייסע, זעהר שעהנע הייזלאך פֿון א בליהענדע דאָרף.

— איך קען ניט פֿערשטעהן וואָס דאָס האָט צו בעדייטען, האָט געזאָגט מיראָוויטש צו זיינע פֿריינדע, נור אזוי פֿיעל וויים איך בעשטימט, אז מיר געהן ניט נאָך מאָסקווא.

באלד אָבער האָט מיראָוויטש גענויער ערפֿאהרען וואוהין מען פֿיהרט זיי, דען צוגעהענדיג עטוואָס נעהענטער האָט ער געהערט וויא סאלטיקאָוו זאָגט צום וואכמייסטער:

— איך גלויב, אז איהר און אייערע לייטע וועט זיין צופֿריעדען מיט דיעזע אונטערברעכונג פֿון דער רייזע. א פּאָר טעג רוהע ביי גוטע פּפֿלעגע איז זעהר אנגענעהם.

— גאנץ געוויס, האָט געענטפֿערט דער וואכמייסטער, און וואָס אנבע־טרעפֿט דיא אונטערברעכונג פֿון מארש, מאכט ניט אויס, דיא ארעסטאנטען האָבען נאָך צייט גענוג צו קומען נאָך סיביר און ווערען צוגעשמיעדט ביי דער ארבייט אין דיא מינען־גרובען.

— אין א שטונדע ארום וועלען מיר קומען נאָך מיין פֿאמיליען־שלאָס. מיין שוועסטער וועט זעהר איבערראשט און דערפֿרעהט ווערען מיך צו זעהען און דארום וועט זיא אויך אייך אויפֿנעהמען זעהר פֿריינדליך.

— ערלויבט מיר איין פֿראגע, הערר לייטענאנט, געפֿינט זיך אין שלאָס א זיכערער, פֿעסטער קעלער וואו מיר זאָלען קענען דיא געפֿאנגענע איינשליסען? איהר האָט שוין געזעהען מיט וואָס פֿאר א געפֿעהרליכע באנדע מיר האָבען צו טהאָן און עס וואָלט ווירקליך געווען זעהר ניט אנגענעהם, ווען מיר זאָלען זיי א צווייטען מאָל דארפֿען נאָכלויפֿען.

— ווענען דעם קענט איהר גאנץ רוהיג זיין, מיין ליעבער וואכמייסטער, האט סאלטיקאוו געענטפערט, מיין שלאס איז זעהר אלט, ער שטאמט נאך פון יענע בעסערע צייטען, ווען דער פאמעשטשיק האט געקענט טהאן מיט זיינע שקלאפען וואס ער האט נור געוואלט, גיט אנפרעגענדיג ביים געריכט, וויא עס איז לייד עריעצט דיא מאדע. דער פאמעשטשיק האט זיי געקענט פעראורטהיי־לען צום טויט אדער צו שווערע קערקער־שטראפען און פיר דיעזען לעצטען צוועק איז אין יעדען שלאס אונטען אין קעלער געווען איינגעריכטעט א שטארקע גע־פענגניס.

"אזא קעלער געפענגניס געפינט זיך אויך אין מיין שלאס און זא באלד מיר קומען נור אריין אין שלאס וועל איך די גאנצע חבריא דארט לאזען איינ־שפארען. דיא שליסעל וועל איך האלטען ביי זיך, וויל נאך דיא צרות וואס זיי האבען מיר פערשאפט מוז איך זעהר פארזיכטיג זיין.

—אבער דיא קייטען וועט מען דאך פון זיי דארפען אראבנעהמען, האט דער וואכמייסטער בעמערקט, אום זיי זאלען קענען אליין עסען און מיר זאלען ניט דארפען מיט זיי האבען צו טהאן וויא מיט קליינע קינדער.

— מיר קענען גאנץ רוהיג זיי בעפרייען פון דיא קייטען, האט סאלטי־קאוו איינגעשטימט, פון אזא שטייג וויא מיין קעלער וועלען שוין דיעזע פויג־לען ניט קענען אנטלויפען. און דאס האט איהר אויך רעכט, וואכמייסטער. וואר־רום זאלט איהר זיך פלאגען מיט דיא געפאנגענע, אז איהר קענט זיך דיא פאר טעג זעהר פיין אמוזירען ? מיין וויין־קעלער שטהעט פאר אייך אפען און איך בין דורכאויס ניט דאגעגען, אז איהר זאלט זיך אויך אנדערע פערגעניגען פערשאפען.

דיא לעצטע ווערטער האט סאלטיקאוו געענדיגט מיט א שענדליכען, פיעל בעדייטענדען געלעכטער. הערענדיג דיעזען געשפרעך האט מיראוויטש באלד פערשטאנען, אז סאלטיקאוו האט דא א געוויסען פלאן דאמיט וואס ער שמיי־כעלט זיך אזוי צום וואכמייסטער, אבער אין וואס דיעזער פלאן בעשטעהט, האט ער נאטירליך נאך ניט געקענט וויסען.

באלד האט מיראוויטש דערצעהלט זיינע פריינדע אלעס וואס ער האט געהערט און עליזאבעט'ען איז דאן איינגעפאלען א געדאנק פיעלייכט וועט גאר מעגליך זיין, אז נאטאליא סאלטיקאוו, דיא נאבעלע גוט־הערציגע קניאגיניא, וועט רעטען זיא און איהרע פריינד, אבוואהל אין הארצען האט זיא שטארק געצווייפעלט אויב דאס איז דיא זעלבע סאלטיקאוו, וועגען וועלכער קראנבערג האט געהאט אזוי פיעל גוטעס צו דערצעהלען. ער האט וואהרשיינליך געמוזט האבען א טעות, עס איז דאך אונמעגליך, אז דיעזער שענדליכער שארלאטאן, דער לייטענאנט, זאל זיין א לייבליכער ברודער פון אזא נאבעלע גוטע נשמה וויא נאטאליא סאלטיקאוו.

נאָך א ווייטערען מארשרוט פון א האלבע שטונדע איז דער צוג אריינגע־קומען אין א ברייטע אלעע, וואָס איז געווען אויסגעפלאסטערט מיט קליינע ווייסע שטיינדלאַך און בעזעצט פוןביידע זייטען מיט שעהנע געדיכטע בוימער. ביים ענדע פון דער אלעע האָט זיך בעוויזען פאר דיא געפאנגענע א גרויסער אלטער שלאָס וואָס איז געשטאנען אין מיטען פון א פראכטפאָלען פארק. דער פארק איז געווען רונד ארום ארומגעצאמט מיט א צאהם פון אייזערנע שטאַ־כעטען, ביי וועלכע דיא שפּיצען זיינען געווען געגאָלדעט און האָבען ערהאבען שעהן געפינקעלט געגען דיא שטראהלען פון דער זון.

פּאול סאלטיקאָוו איז אראָבגעשפּרונגען פון פערד און עפענענדיג דעם טויער האָט ער געגעבען א בעפעהל דעם גאנצען טראנספּאָרט אריינצוגעהן אין פּארק. דיא קאָזאקען האָבען אריינגעפיהרט דיא געפאנגענע, אָבער פלוצים האָט זיי פּאול געגעבען א וואונק זיי זאָלען שטעהן ביים טויער, בעהאלטען אונטער דיא בוימער.

פון דעם פּארק איז געגאנגען א וועג צו א פראכטפאָלען בלומענגארטען. דאָס איז געווען דער פאָרגארטען פון שלאָס. דאָרט איז יעצט געשטאנען א ליעבליכע יונגע מיידעל און האָט בעגאָסען דיא בלומען. אויף איהרע שעהנע דונקעלע לאָקען האָט זיא געטראָגען אן איינפאכע שטרויענע הוט מיט א גאנץ ברייטען ראנד אום דאמיט זיך צו שיצען געגען דיא ברענענדע שטראהלען פון דער מיטאגס־זונן.

דאָס איז געווען נאטאליא סאלטיקאָוו, וועלכע האָט יעצט געלעבט אין דיעזען אָבגעזונדערטען שלאָס זייט יענעם טאָג אָן ווען זיא האָט פערלאָזען דיא גרויסע וועלט מיט א געפיהל פון עקעל און פעראכטונג. פריהער האָט זיא ווירק־ליך פערגעטערט און געליעבט דיא מעכטיגע קייזערין קאטהערינא דיא גרויסע. זיא האָט געמיינט, אז קאטהערינא איז דער העכסטער אידעאל פון א נאָבעלע פרוי, אָבער וויא ביטער איז זיא ענטוישט געוואָרען זעהענדיג, אז דיא זעלבע קאטהערינא איז אזוי שלעכט און אזוי גרויזאם. דיא ליעבליכע נאטאליא, וועל־כע איז דורך איהר רייכטהום און דורך איהר יחוס בעשטימט געווען צו גלענ־צען אין דער וועלט, האָט זיך מיט אמאָל אין גאנצען פון דער וועלט ענטזאגט און איז אוועק אויף איהרע גיטער צו לעבען אליין, שטיל און איינזאם.

דאָ איז זיא געווען ארומגערינגעלט פון געטרייע דיענערשאפט און האָט זיך בעשעפטיגט זעהר פיעל מיט וואָהלטהאט און מיט דער פערוואלטונג פון איהרע גיטער. נאָך איהר געוועהנליכע שווערע ארבייט פלעגט זיא פערברענגען שטונדען לאנג אין איהר ביבליאָטהעק אין שרייבען און לעזען.

נאטאליא איז יעצט געווען אזוי בעשעפטיגט מיט איהר ארבייט, אז זיא האָט גאָר ניט בעמערקט וויא דער טראנספּאָרט איז אריינגעקומען אין פּארק. פּאול האָט זיא אָבער באלד דערזעהן און נאָכדעם וויא ער האָט אָבגעשטעלט

די קאָזאקען מיט די געפאנגענע ביים טויער איז ער זעלבסט גאנץ אונבע־מערקט פון הינטער די בוימער צוגעגאנגען צו זיין שוועסטער און פון הינטער איהר ארויפלייגענדיג די הענד אויף איהרע אויגען האָט ער ביי איהר געפרעגט לאַכענדיג:

— טרעף ווער איך בין.

נאטאליא איז אָנפאנגס איבערראשט און דערשראָקען געוואָרען, אָבער באלד האָט זיא דערקענט איהר ברודער'ס שטימע און מיט גרויס פרייד האָט זיא אויסגערופען:

— פאול, דו — דו ביסט עס?

דאביי האָט זיא זיך אומגעקעהרט און מיט וואהרע שוועסטער־ליעבע איז זיא איהם אויף'ן האלז געפאלען און האָט איהם אָנגעהויבען הארציג צו קושען.

— אָה, וואָס פאר א גליק, פאול, אז איך זעה דיך ווידער! האָט זיך די ליעבע קינד אמת דערפרעהט. איך האָב שוין מורא געהאט, אז דו וועסט דיעזען זומער דיין נאטאליא אין גאנצען פערגעסען — אָבער וויא העסליך דו קוקסט אויס אין מונדיר, גראדע וויא צו מאנעוורע, און בעדעקט מיט שטויב. ביסט דו דען רייטענדיג געקומען אהער פון פעטערבורג?

— געוויס, שוועסטער, דו מוזט וויסען, אז איך האָב ניט גענומען קיין ערלויבניס, נור איך פאָהר אין רעגיערונגס אנגעלעגענהייטען און בין געקומען אהער מיט א גרויסע געזעלשאפט.

— א גרויסע געזעלשאפט! נאטאליא האָט דיעזע ווערטער אויסגעשפראָ־כען מיט א טאָן פון פערדרוס, ווייל יעדע גרויסע געזעלשאפט איז איהר די לעצטע צייט געווען אונאנגענעהם און זיא וואָלט בעסער וועלען זיין מיט'ן ברודער גאנץ אליין ביים יעצטיגען ווידערזעהען.

— שרעק זיך ניט, שוועסטער, האָט פאול געלאכט. וויא איך זעה, ביסט דו שוין אין גאנצען אָבגעוואָהנט געוואָרען פון מענשען. אָבער די געזעלשאפט וואָס איך האָב מיטגעבראכט וועט דיך ניט פיעל בעלעסטיגען. איין טהייל פון די געסט וועל איך אוועקשיקען צו דער דיענערשאפט אין הויז און די אנדערע וועל איך איינשפארען אין קעלער הינטער די אייזערנע טיהרען.

— איך פערשטעה ניט וואָס דו רעדסט, פאול, האָט נאטאליא געזאָגט און האָט איהם געקוקט גלייך אין די אויגען.

— אויב דו פערשטעהסט ניט, וועל איך דיר באלד אלעס ערקלערען. איך פיהר א טראנספּאָרט געפאנגענע נאָך סיביר. שרעק זיך ניט, שוועסטער, איך וועל שוין אויף'ן וועג אהין ניט שטארבען און ניט דערפרוירען ווערען. אָבער יעצט אונטערוועגס, פאָהרענדיג אזוי נאָהענט פערביי אונזער שלאָס, האָב איך זיך בערעכענט דיר א וויזיט אָבצושטאטען. נאטירליך האָב איך קיין אנדער ברירה געהאט וויא די גאנצע פערברעכער־באנדע אהער מיטצונעהמען.

— א באנדע? אָה, פאול, דו דערשרעקסט מיך. זיינען זיי דען ווירקליך אזעלכע שרעקליכע פערברעכער?

— גאנץ געוויס. זעהר געפעהרליכע מענשען זיינען זיי. איך גלויב, אז זיי האָבען געמאכט א פערשווערונג געגען דער קייזערין. דיא גענויע פערהעלטניסע זיינען מיר איבעריגענס אונבעקאנט, נור אזוי פיעל ווייס איך, אז פאָרגעסטערן האָט עס געפעהלט א האָאר, אז זיי זאָלען מיך קאָסטען מיין לעבען. זיי זיינען אנטלאָפען געוואָרען און ווען עס וואָלט מיר ניט געלונגען זיי צוריק צו כאפּען, וואָלט מיר דאן קיין אנדער ברירה ניט געבליעבען וויא זיך אריינצושיסען א קויל אין מח.

— ברודער! האָט זיא אויסגערופען מיט א שוידער.

— נאטירליך וואָלט איך דאָס געטהאָן. גלויבסט דו, אז איך וואָלט לאנג געטראכט דאריבער? דו ווייסט וויא שטאָלץ איך בין ביי זיך.

— יא, דאָס ווייס איך. דו ביסט ליידער צופיעל שטאָלץ, מען דארף אזוי ניט זיין —

— קום בעסער, שוועסטער, האָט ער איהר אונטערבראָכען. קום, איך וועל דיר צייגען דיא באנדע. דיין קעכין וועט וועגען זיי ניט האָבען וואָס צו טהאָן צופיעל. פאר זיי איז גאנץ גענוג ברויט מיט וואסער און עטוואָס זופּ איינמאָל אין טאָג.

— אָה, ברודער, עס טהוט מיר הערצליך לייד אויף דיעזע אונגליקליכע. עס קען זיין, זיי האָבען זייער שטראָף פערדיענט. אָבער זיי זיינען דאָך מענשען און זיי שטעהט פאָר אזא שרעקליכע צוקונפט. ניין, פאול, איך קען ניט, איך וויל זיי ניט זעהן.

— טהו וויא דו פערשטעהסט, וויא דו ווילסט, אָבער יעצט מוזט דו מיר ענטשולדיגען פיר איניגע מינוטען. איך מוז געהן מיינע "הערראפטען" זייער קווארטיר אָנצייגען. דו געה אריין אין שלאָס, שוועסטער.

ווערענד פאול איז אוועק צוריק צו דיא קאָזאקען, איז נאטאליא א קורצע צייט געבליעבען שטעהן אונענטשלאָסען. זאָל זיא ווירקליך גאָר ניט א קוק טהאָן אפילו אויף דיא אָרימע געפאנגענע? אָה, ווארום זאָל זיא זיי ניט קענען רעטען און בעפרייען?

איבעריגענס עס קען דאָך נאָך זיין, אז זיי זיינען גאָר אונשולדיגע עהרליכע מענשען, אז זיי פערדיענען גאָר ניט אזא שווערע שטראָף וויא סיביר.

און ווידער קען אויך מעגליך זיין, אז וויפיעל זיי האָבען איז נאָך פאר זיי אלץ ווייניג. פיליכט זיינען זיי אזעלכע געפעהרליכע פערברעכער, אז מען האָט זיי געמוזט ארויסשטויסען פון דער מענשליכער געזעלשאפט. יעדענפאלס האָט אָבער דיא גוטהערציגע נאטאליא ביי זיך בעשלאָסען, אז זיא וועט בעזאָרגען זיי זאָלען ווייניגסטענס דיא צוויי טעג אין שלאָס אנגענעהם פערברענגען.

ניין, ניט מיט ברויט און וואסער זאָלען זיי אָבקומען, נאָר זיא וועט זיי שיקען פון דיא בעסטע שפּייזען אום זיי זאָלען זיך קרעפטיגען און האָבען כח פיר זייער ווייטערע וואנדערונג.

נאטאליא איז אוועקגעגאנגען אין שלאָס. איבער'ן באלקאָן וואָס איז גע־ווען בעקראנצט מיט שעהנע בלומען איז זיא ארייגעקומען אין גאָרטען־זאאל וואָס איז געווען פּראכטפאָל איינגעריכטעט מיט ריעזיגע פּאלמען און אנדערע זעלטענע בוימער. באלד איז איהר אויך פּאול צו איהר אריינגעקומען.

— ווילסט דו זיך צוערשט איבערטהאָן? האָט איהם נאטאליא געפרעגט. דיינע צימערען אין אויבערשטען עטאזש זיינען נאָך גראדע אין דער זעלבער אָרדנונג וויא דו האָסט זיי פערלאָזען.

— זעהר גוט, שוועסטער, דאָך וואָלט איך פריהער וועלען עסען, איך בין זעהר הונגעריג.

נאטאליא האָט דארויף איינגעשטימט און ברודער און שוועסטער געארמט זיינען ביידע ארויפגעגאנגען אין צווייטען עטאזש, אין שפּייזע־זאאל. דאָרט זיינען געווען אויסגעהאנגען אויף דיא וועגד פיעלע בילדער פון דיא מיטגליעדער פון דער פירסטליכער פאמיליע סאלטיקאָוו, צווישען זיי אויך דיא בילדער פון נאטאליא'ס און פּאול'ס עלטערען.

— אך, ברודער! האָט זיא אויסגערופען מיט א טיעף געריהרטע שטימע, ווארום זיינען זיי געשטאָרבען? ווען זיי וואָלטען נאָך יעצט געלעבט וואָלט פיעלעס גאנץ אנדערש געווען.

— ווארום זיי זיינען געשטאָרבען? האָט ער זיך אָבגערופען גאנץ גלייכ־גילטיג, וואָס איז דאָס פאר א פראגע? יעדער מענש מוז דאָך אמאָל שטארבען.

— פּאול, אזוי קאלט רעדסט דו וועגען אונזערע עלטערען?

— וואָס דען ווילסט דו? איך האָב אויף זיי אויך געטרויערט וויא דו, אָבער מען מוז דאָך אמאָל אויפהערען צו וויינען. פון דיין טרויער, וויא איך זעה, ווערט ניעמאלס אן ענדע נעהמען.

— ניעמאלס!

— און דו ביזט נאָך אימער געזאָנען זיך צוריקצוציהען אין א מאָנאסטיר? האָט ער ביי איהר געפרעגט און האָט יעדע מינע איהרע שטודירט. ווען איך בין דאָ געווען צום לעצטען מאָל האָסט דו מיר דערצעהלט דיין געשפּרעך מיט דעם בישאָף פון מאָסקווא, מיט וועלכען דו האָסט זיך בעראטהען וועגען דעם פּלאן זיך אָבצוזאָגען פון אלע פערגעניגענס פון עולם הזה און זיך איבערגעבען צום פריעד־ליכען לעבען פון א קלויסטער. פאר אונזער פאמיליע וואָלט דאָס ווירקליך געווען א גרויסע עהרע, ווען דו זאָלסט מיט דער צייט ווערען א פאָרשטעהערין פון א קלויסטער.

נאטאליא האט געוואָרפען א שנעלען, קלוגען בליק אויף איהר ברודער און ווען ער וואָלט געזעהען דעם אויסדרוק פון איהרע אויגען וואָלט ער באלד פערשטאנען, אז ער האט דאָ ניט צו טהאָן מיט א נעבאכעל. ער האט עס אָבער ניט בעמערקט. און זיא האט איהם געענטפערט מיט א זאנפטע שטימע:

— דאס איז גאנץ ריכטיג, דיא רוהיגקייט פון א קלויסטערליכען לעבען האט זעהר פיעל אנציהענדעס; מען איז דאָרט פריי פון דיא מענשליכע קעמפּפע, פון דיא אויפרעגונגען און ליידענשאפטען. דאָך וויל איך דיר ערקלערען, מיין ברודער, אז איך האב דיעזען געדאנק פון געהען אין קלויסטער שוין פון לאנג אויפגעגעבען.

— אויפגעגעבען? האט ער אויסגערופען אונרוהיג. יא, נאטירליך, אזוי זיינען דיא דאמען: היינט בעשלאָסען, מאָרגען אויפגעגעבען. דאָך, ווילסט דו מיר ערלויבען צו פרעגען, ווארום דו ענטזאגסט זיך פון אזא פרומען פּראָיעקט?

— ווייל איך האב זיך דיא לעצטע צייטען איבערצייגט וויא נויטווענדיג דאס איז איך זאָל פערבלייבען אין דער וועלט.

— נויטווענדיג? דאס איז גאָר א נייעס! און פאר וועמען ביזט דו דען נויטווענדיג, אויב איך דארף פרעגען?

— פאר דיר.

— גאָר אזוי? פאר מיר?

— גאנץ געוויס, ברודער, און עס איז גוט, וואָס דו האסט דיעזען געשפרעך אָנגעפאנגען, דען איך האָב מיט דיר א פּאָר נויטיגע ווערטער צו רעדען.

פאול האט א קוק געטהאָן אויף זיין שוועסטער מיט גרויס איבערראשונג. נאָך קיינמאָל האט ער אויף איהר מילדען, זאנפטען געזיכט אזא ערנסטען אויסדרוק ניט געזעהען. נאָך מעהר: ער האט בעמערקט אין איהר מיענע אן אייזערנע ענטשלאָסענהייט און עס איז איהם דערפון זעהר אונהיימליך געוואָרען.

נאטאליא איז אונטערדעסען צוגעגאנגען צום טיהר און נאָכדעם וויא זיא האט דיא טיהר פערשלאָסען, אז דיא דיענער זאָלען ניט אריינקומען און שטערען זייער געשפּרעך, איז זיא צוגעגאנגען צוריק צו איהם און האט געזאָגט:

— הער, פּאול, אזוי קען דאס ניט געהען. דיינע פערשווענדונגען וועלען דיך ברענגען צום רואין, אָדער, דייטליכער צו זאָגען, דו ביזט שוין רואינירט.

— וואָס, דו ווילסט מיר גאָר א מאָראַל־דרשה האלטען? האט ער געפרעגט מיט א געצוואונגענעם געלעכטער.

— עס איז טרויעריג גענוג, וואָס איך מוז דאס טהאָן. מיט דיין אויפפיהרונג מאכסט דו דעם נאָמען פון אונזער פאמיליע גאנץ וועניג עהרע. דענק ניט, אז וועהרענד איך בין דאָ, אין דעם איינזאמען שלאָס, ווייס איך ניט פון דיינע טהאטען. דו האסט געמאכט שולדען, פּאול, אונגעהויערע שולדען. איך האב ערהאלטען בריעפע, וועלכע האבען מיך זעהר, זעהר אונרוהיג געמאכט.

— בריעף? פון וועמען?

— פון פערשיעדענע וואוכערער אין פעטערבורג, פון לייטע, מיט וועלכע דו וואָלסט זיך געדאַרפט שעהמען צו פערקעהרען. און ווייסט דו נאָך וואָס, פאול? עס האלט שוין דערביי, אז דו וועסט מוזען אבשיעד נעהמען פון מיליטער. אויב מען וועט אַנצייגען דעם רעגימענטס־קאָמאַנדיר דיינע וועקסלען, וועלכע דו צאָהלסט ניט, וועט מען דיך גאנץ איינפאך ארויסטרייבען פון דיענסט.

פאול איז געוואָרען בלייך וויא קאלך. ערשט יעצט האָט ער זיך עראינערט, אז ער האָט געגעבען זיין עהרענוואָרט צו בעצאָהלען א חוב פון 200 טויזענד רובעל, אָבער אין זיין לייכטזיניגקייט איז ער אָבגעפאָהרען פון פעטערבורג און האָט עס ניט בעזאָרגט. יעצט בלייבט איהם נור איין מיטעל: צו בעטען דיא שוועסטער, זיא זאָל איהם העלפען. זיא איז מיליאָנען־רייך, איהר חלק ירושה איז זאָגאר פיעל פערמעהרט געוואָרען דורך דיא צינזען וואָס זיינען דארויף זייט פיעלע יאָהרען אָנגעוואקסען, אָבער ער האָט זיין טהייל כמעט שוין אין גאנצען פערשווענדעט.

— ליעבע שוועסטער, האָט ער אָנגעפאנגען צו בעטען, איך מוז דיר זאָגען דיא ווארהייט — יא, איך בין שולדיג 200 טויזענד רובעל אויף וועקסלען און איך האָב געגעבען מיין עהרענוואָרט צו בעצאָהלען דיעזען חוב אין פערלויף פון 8 טעג, און יעצט זיינען שוין זעכס טעג פערבייגעגאנגען.

— אונגליקליכער! האָט זיא אויסגערופען, ווארום ביסט דו אָבגעפאָהרען פון פעטערבורג בעפאָר דו האָסט דיא זאך אין אָרדנונג געבראכט?

— אין אָרדנונג? אָבער וואָס האָב איך געקענט טהון? דו ווייסט דאָך, אז איך האָב קיין געלד, און גראדע דארום בין איך יעצט צו דיר געקומען. דו מוזט מיר העלפען, נאטאליא, זאָנסט בלייבט מיר קיין אנדער ברירה וויא זיך ארייננצושיסען א קויל אין קאָפּ.

— דו רעדסט וועגען שיסען זיך שוין דעם צווייטען מאָל זייט דיא האלבע שטונדע וואָס דו ביזט דאָ. איך מוז דיר זאָגען, פאול, אז אזעלכע מענשען וואָס רעדען אזוי אָפט וועגען זעלבסט־מאָרד האָבען נאָך מיין מיינונג גאנץ וועניג עהרע.

— איך בעט דיך, נאטאליא, רייד צו מיר ניט אזעלכע ווערטער. זאָג מיר, ווילסטו מיר העלפען? יא אָדער ניין?

נאטאליא האָט איהם בעטראכט א קורצע מינוט מיט א רוהיגען בליק, דאן האָט זיא געענטפערט מיט א פעסטע שטימע:

— ניין.

— אלזאָ ווילסטו מיך טרייבען צום טויט?

— נאָך א מאָל דיעזע דומהייט. ערקלעהר מיר בעסער, וואָס קען זיין דער

סוף דאפון? דו האסט שוין פון מיין חלק ירושה ערהאלטען אונגעפעהר א מיליאָן רובעל.

— ענטשולדיג, איך האב דאך פאר דעם געלד דיר פערמשכן'ט אלע מיינע גיטער.

— וועלכע זיינען אזוי פיעל ניט ווערטה, ווען מען זאל צורעכענען דיא אנדערע שולדען. ווען מיר האבען זיך צום לעצטען מאל געזעהען האסטו מיר געגעבען דיין עהרענוואָרט, אז דו וועסט אָנפאנגען צו לעבען אנשטענדיג. דו האסט דיעזע פערשפרעכונג ניט געהאלטען, דארום קען איך דיר מעהר ניט העלפען. ווען איך זאל דיר יעצט ווידער געבען 200 טויזענד רובעל וועסטו אין א קורצע צייט פאַרדערען נאך און נאך. דו וועסט שליעסליך אויך מיין פערמעגען פערשווענדען.

— נאטאליא, ווארף מיך ניט אין אונגליק, האט ער געבעטען זעהענדיג, אז מיט בייזען וועט ער געוויס גאָר ניט מאכען. איך זאג דיר צו היילוג און טהייער, אז פון יעצט אָן וועל איך ווערען א גאנץ אנדער מענש.

— ווען דו וועסט דאס טהון גיב איך דיר 200 טויזענד רובעל און נאך מעהר; מיט איינעם וואָרט, אזוי פיעל געלד וויא פיעל עס וועט נויטהיג זיין אום דו זאָלסט קענען ווירטהשאפטען מיט דיינע גיטער, וועלכע איך וועל פון דיא שולדען בעפרייען.

— אָה, נאטאליא, דו ביזט אן ענגעל!

— הער אָבער פריהער וואס איך וויל דיר זאָגען. איך וויל דאס טהון פאר דיר, אָבער מיט א געוויסע בעדינגונג.

— מיט וועלכע בעדינגונג?

— פאול, דו האסט אָנגעפאנגען צו פיהרען א לייכטזיניגען, פערשווענדע־רישען לעבען זייט דו ביזט געוואָרען אן אָפיציער. דו זאָלסט אלזאָ ארויסטרע־טען פון מיליטערישע דיענסט און זיך פיהרען וויא אונזער פאָטער, וועלכער איז געוועזען אן עהרליכער, ארבייטענדער לאנד ווירטה. דאן וועל איך דיר געבען וויא פיעל געלד דו דארפסט.

פאול האט אָנגעפאנגען ארומצולויפען איבער'ן צימער אזוי וויא דער באָ־רען וואָלט געברענט אונטער זיינע פיס.

— וויא קענסטו דאס פערלאנגען פון מיר? האט ער געשריען. איך זאָל פערלאָזען דעם מיליטערישען דיענסט? איך, וועלכער האט אזא גלענצענדע קאריערע פאר זיך? ניין, נאטאליא, דאס וואָלט געוועזען א ריינער וואהנזינן, צו רואינירען מיין גאנצע צוקונפט. דאס קען איך ניט, דאס וויל איך ניט טהון.

— דאן קריעגסטו ביי מיר ניט איין גראָשען.

— נאטאשא, האט ער אָנגעפאנגען ווידער צו בעטען, אָנגעהמענדיג איהר האנד. דו ווייסט ניט וואס דו רעדסט, שוועסטערעל. איך האב גראדע יעצט דיא

בעסטע געלעגענהייט צו קומען צו א הויכען ציעל. די קייזערין האט מיך אוי־סערוועהלט דיעזען טראנספארט נאך סיביר צו פיהרען, מיר האט מען אנגע־טרויט דיעזע וויכטיגע פערברעכער און א הויכע בעלאהנונג איז פאר מיר בע־שטימט, ווען איך וועל זיי ברייננגען אהין וואו זיי ווערען געשיקט.

— און וואס האבען יענע מענשען דען געטהאן? האט זיך נאטאליא גע־וואונדערט. ווארום שיקט מען גראדע עקסטרא אן אפיציער און מען וויל איהם נאך בעלאהנען, ווען ער וועט זיי ריכטיג אויסליפערען נאך סיביר?

— איך האב דאך דיר שוין ערקלעהרט, אז עס איז מיר געגוי ניט בעקאנט וואס פאר א פערברעכען זיי זיינען בעגאנגען. מען זאגט, אז עס איז פארגעקומען עפעס א גרויסע פערשווערונג, אין וועלכע א פרויענצימער איז די הויפט שולדיגע. דיעזע פרויענצימער איז שעהן וויא א מלאך און וועגען ליעבעס אנ־געלעגענהייטען קען מען זיך מיט איהר גאר ניט צוזאמענרעדען —

— פאול, דו ווייסט, אז איך האב פיינד אזעלכע העסליכע רייד.

— אך, ענטשולדיג, איך האב פערגעסען. אלזא, דיעזע פרויענצימער מוז זיין א געוואלטיגע שטאאטס־פערברעכערין און די קייזערין וויל, אז איבער־הויפט זיא זאל פערשוואונדען ווערען אין די טיעפע סיבירישע גריבער.

— און וויא איז דער נאמען פון דער אונגליקליכער?

— זיא הייסט עליזאבעט, עליזאבעט וואראנצאוו.

נאטאליא איז בלאס געווארען און האט א ציטער געטהאן מיט איהר גאנ־צען קערפער.

— וואס איז מיט דיר, שוועסטער? האט פאול אויסגערופען פער־וואונדערט.

— גאר נישט, ס'איז גאר נישט, האט נאטאליא געשטאמעלט.

ווען פאול זאל ניט געווען זיין אזוי אויפגערעגט און זאל ניט געווען זיין אזוי בעשעפטיגט רק מיט זיינע אייגענע אינטערעסען, וואלט ער בעמערקט אויף וויא וויט זיינע לעצטע ווערטער האבען געווירקט אויף זיין שוועסטער. איהר גאנצע נשמה איז אויפגעקאכט געווארען, ווען זיא האט דערהערט דעם נאמען עליזאבעט וואראנצאוו, דעם נאמען פון די ארימע אונשולדיגע מיידעל וואס איז שוין איינמאל געווען אויף'ן שוועל פון טויט ווען זיא איז בעזיעגט גע־ווארען פון דער קייזערין אין קאמפף. איז דאס מעגליך אז דיעזע עליזאבעט האט יעצט בעגאנגען א פערברעכען פאר וועלכען עס קומט איהר אזא שוידער־האפטע שטראפע וויא שווערע ארבייט אין סיביר? נאטאליא האט עס אפילו ניט געגלויבט גלייך פון אנפאנג, דאך האט זיא געוואלט דאריבער עטוואס מעהר ערפאהרען פון איהר ברודער.

— פאול, האט זיא ביי איהם געפרעגט אין א פאר מינוטען ארום. וואס

פאר אן איינדרוק האט אויף דיר געמאכט דיעזע עליזאבעט וואראנצאוו? גלויבסט דו, אז זיא איז ווירקליך אין עטוואס שולדיג?

— וויא קען עס דען אנדערש זיין? זאנסט וואלט דאך דיא קייזערין זיא ניט פערשיקט נאך סיביר.

— דאס איז ניט אזא בעוויז, מען זאגט, אז א סך אונשולדיגע מענשען ווערען פערשיקט נאך סיביר.

— פיליינכט. אבער אזא טעות קען מאכען נור דיא פאליציי, ניט דיא קייזערין אליין. דו ווייסט, שוועסטער, אז דיא גאנצע געשיכטע איז דא פארגעקומען אויף א מאדנע געהיימען אופן. א געוויסע נאכט האט מען דיעזע עליזאבעט און אן אלטען אידען מיט'ן נאמען אראן קראנבערג ארעסטירט, דיא קייזערין אליין האט געמאכט דיא אויספארשונג, דאן האט זיא זיי אבגעשיקט נאך פעטראפאוולאווער פעסטונג מיט אן אוקאז, אז אין צייט פון פיער און צוואנציג שטונדען זאלען זיי טראנספארטירט ווערען נאך סיביר.

אין דיעזען מאמענט האט מען אנגעקלאפט אין טהיר און ווען פאול האט דיא טיהר געעפענט זיינען אריינגעקומען דיא דיענער און האבען געבראכט דעם מיטאג-מאהלצייט. ברודער און שוועסטער האבען זיך געזעצט צום טיש און פאול איז צוגעפאלען עסען וויא א הונגעריגער וואלף, וועהרענד נאטאליא האט זיך קוים צוגעריהרט צו דיא שפייזען.

— פאול, האט זיא פלוצים געזאגט, ענטפער מיר אויף איין פראגע.

— פרעג, שוועסטער, און איך וועל דיר ענטפערן. אה, דיא זופ איז אויסגעצייכענט!

— זאג מיר, ווען דו זאלסט זיין איבערצייגט, אז דיעזע מיידעל איז אבסאלוט ריין פון אירגענד וועלכען פערברעכען, וואלסט דו געקענט האבען אזא מוטה אין זיך זיא נאך סיביר צו שלעפען?

— נעוויס, וואס איז דען מיר דער אונטערשיעד אויב זיא איז שולדיג אדער ניט? דאס איז ניט מיין זאך. אבער, אה, וויא פראכטפאל דיא שפייזען זיינען, דו האלטסט נאך אלץ דיא זעלבע קעכין?

— פאול, האט נאטאליא אויסגערופען מיט גרויס פערדרוס, איך קען דיך ניט בעגרייפען. ביי אזא ערנסטען געשפרעך, וואו עס האנדעלט זיך אום דער פרייהייט אדער בעסער געזאגט אום דאס לעבען פון א מענשען, ליעגען דיר אין קאפ אזעלכע נארישקייטען, "דיא זופ איז גוט", "דיא שפייזען זיינען פיין", "ווער איז דיא קעכין?" איך ווייס ניט, ברודער, וואס פון דיר איז געווארען. עס טהוט מיר לייד —

— זאל דיר גאר ניט לייד טהאן, שוועסטער, האט ער איהר אונטערבראכען, איך זאג דיר נאך אמאל, אז וואס מיט מיינע געפאנגענע איז פריהער געוועזען קימערט מיך ניט. פאר מיר זיינען זיי נור פעראורטהיילטע פערברעכער, וועל-

כע איך דארף ברייננגען נאך סיביר. ווען איינער פון זיי פנר'ט אויפ'ן וועג בע־גראב איך איהם און געה ווייטער.

נאטאליא האט גאר ניט געענטפערט אויף דיעזע שענדליכע, גראבע ווער־טער פון איהר ברודער. אבער אין דיעזען מאמענט האט זיא פעסט בעשלאסען, דיא ארימע עליזאבעט צו רעטען, נאטירליך דארף איהר ברודער זאגאר קיין אהנונג דאפון ניט האבען.

דיא גאנצע צייט פונ'ם עסען האבען ביידע ווייטער גערעדט וועגען גאנץ גלייכגילטיגע זאכען. פאול, נאכדעם וויא ער האט שוין א רעכטע ביסעל גע־שטילט זיין אפעטיט, האט וויעדער אנגעפאנגען איינצורעדען דער שוועס־טער, אז זיא זאל זיך ענטזאגען פון דער וועלט און אוועקגעהן אין א קלויסטער.

— זעה, נאטאשא, האט ער געזאגט מיט היץ, דו ביזט דאך געווען ביי אונזער קייזערין אין הויף און דאך האסטו ניט פערשטאנען דיין קאריערע צו מאכען. אנדערע דאמען האבען זיך דאמיט בענוצט און דיא קייזערין זעלבסט האט זיי בעזארגט מיט גלענצענדע פארטיען.

— פיליייכט האסטו רעכט, ליעבער ברודער, אז איך בין ניט גענוג געשיקט אין א הויף־געזעלשאפט אדער צו עהרליך אום דארט א ראלע צו שפיעלען. אך, פאול, ווען דו וואלסט וויסען וויא גליקליך איך בין וואס איך בין פון יענע קריי־זען בעפרייט געווארען. דא, אין דער איינזאמקייט פון אונזער שלאס, צווישען דיא הערליכקייטען פון דער נאטור, איז מיר טויזענד מאל אנגענעהמער און דיא וועלט ערשיינט מיר פיעל שעהנער וויא דארט אונטער דיא שאטענס פון אויס־געלאסענהייט וואס שוועבען איבער'ן קעניגליכען הויף.

— און דיא איינזאמקייט פון א קלויסטער וואלט דיר געווען נאך מעהר אנגענעהם. ווען דו וואלסט פאלגען מיין ראטה —

— ניין, איך וועל דיך אין דיעזער בעציהונג ניט פאלגען. און האב קיין פערדאיבעל, ברודער, איך מוז דיר זאגען דיא ווארהייט, מיר שיינט, אז דו זוכסט נור דיין אייגענעם נוצען דאמיט וואס דו ווילסט דורכאויס איך זאל אוועק אין קלויסטער.

פאול איז שיער דערשטיקט געווארען מיט דעם זופ קאפע, וועלכע ער האט יעצט געטרונקען. צום טייפעל! ער וואלט ניעמאלס געגלויבט, אז דיא איינ־פאכע נאטאליא זאל אזוי קלוג זיין און גרינדליך פערשטעהן זיין געהיימע אב־זיכט. נאטאליא אבער האט זיך ניט וויסענדיג געמאכט און נאך א קורצע פויזע האט זיא מיט אן ערנסטע מינע זיך צו איהם געווענדעט:

— ליעבער פאול, איך האב דיר עטוואס צו ערקלערען, א זאך וואס וועט דיך זעהר אינטערעסירען.

— גוט, נאטאשא, איך הער, האט ער געענטפערט מיט א געמאכטע פרעה־

ליבע מינע, טראַצדעם וואָס ער האָט געטראָגען א גאַנצע משא מיט שטיינער אויפ'ן הארצען.

— ברודער, איך האָב שוין געמאכט מיין טעסטאמענט, איך האָב שוין א צוואה.

פּאול איז געבליעבען זיצען אזוי וויא א דונער וואָלט איהם דערשלאָגען און דאן האָט ער אויסגערופען מיט אן אונטערדריקטע שטימע:

— דו האָסט שוין געמאכט א טעסטאמענט? דו ביזט נאָך אזוי יונג, קוים 20 יאָהר. ווער האָט דיך צו אזא משוגעת אָנגערעדט, שוועסטער? וואָס האָסט דו קיין צייט ניט געהאט?

— נאָך א לענגערע איבערלעגונג האָב איך זעלבסט זיך דאצו בעשלאָסען. פאַרלויפיג האָב איך דעם טעסטאמענט בלויז אויפגעשריעבען און ער געפינט זיך נאָך ביי מיר אין שרייב־טיש. דאָך ערוואַרט איך קירצליך מיין נאָטאר, וועלכער וועט שוין דאן בעזאָרגען, אז דער דאָקומענט זאָל בעקומען א געזעטצליכע קראַפט. איך וויל דיר אויך זאָגען דיא ווארהייט, ברודער, אז דיך האָב איך פון דער ירושה אין גאנצען ענטזאגט.

— ענטזאגט!

פּאול איז אויפגעשפּרונגען א צוקאָכטער. זיין געזיכט איז געוואָרען בלייך וויא קאלך און אלע זיינע גליעדער האָבען געציטערט פון א געוואלטיגע, נערווען אויפרעגונג. איז דאָס מעגליך אז ער זאָל פון זיין שוועסטער'ס גרויסען פערמעגען גאָר ניט בעקומען?

— יא, מיין ברודער, האָט זיא ווייטער גאנץ רוהיג געשפּראָכען. ביי מיר איז געבליעבען אז מיין פערמעגען זאָל אין דיינע הענד ניט אריינפאלען, דען איך וויל ניט, אז דאָס געלד וואָס אונזערע עלטערן און אור־עלטערן האָבען ערוואָרבען דורך עהרליכע ווירטהשאפט זאָל דורך דיר פערשווענדעט ווערען.

"דו האָסט שוין דיין גאנצען פערמעגען אויסגעבראכט אויף זעהר שלעכטע זאכען. מיין געלד זאָל אָבער גוטצען אום דיא מענשהייט צו בעגליקען און דאמיט זאָל אויך בלייבען א בעריהמטע אנדענקונג פיר דיא פירסטליע פאמיליע סאלטיקאָוו, וועלכע האלט דאָך ביי'ם אויסשטארבען, אויב דו וועסט ניט הייראטהען.

פּאול האָט זיך ניט געקענט אונטערשטעהן עטוואָס דארויף צו ענטפערען, און ער וואָלט עס יעצט אויך ניט געוועזן אים שטאנד, דען ער האָט געפיהלט אז זיין האלז איז איהם פערשטיקט.

— יא, מיין אבזיכט איז, האָט זיא פאָרטגעזעצט, אז פון סאלטיקאָוו'ס רייכטהום זאָל פיר אונגליקליכע מענשען עטוואָס גוטעס ארויסקומען, דיא ביטערע פערצווייפלונג זאָל עטוואָס געשטילט ווערען, טהרערען זאָלען אָבגעטריקענט ווערען און א הילפע פאר אָרימע זאָל דערפון ענטשטעהען.

"צו דיעזען צוועק האָב איך אין מיין טעסטאמענט בעשטימט, אז צווישען

פעטערבורג און אירקוטסק זאָלען אויפגעבויט ווערען 20 גרויסע עטאפּען־סטאַ־ציאָנען, וואו דיא אונגליקליכע געפאנגענע זאָלען וועהרענד דעם טראנספּאָרט ערהאַלטען ערפרישונגען, גוטע מאָהלצייטען און ווען נויטיג אויך שיך און ווארעמע קליידער. אויף יעדע סטאציאָן זאָל זיך אויך געפינען א דאָקטאָר צו העלפען מיט מעדיצינישע בעהאנדלונג דיא יעניגע וואָס זיינען אין וועג קראנק געוואָרען.

"איך האָב שוין דיעזען פּלאן פאָרגעשטעלט דער קייזערין און מיניסטער פּאנין האָט מיר פערשפּראָכען, אז ער וועט ביי איהר פּועל׳ן, זיא זאָל דאָס ער־לויבען. איבריגענס איז גאָר קיין צווייפעל, אז זיא וועט דאָס מוזען טהון, דען זאָנסט וועט זיא פאר דער גאנצער וועלט בעוויזען אז זיא רעדט נור שעהנע ווערטער וועגען מענשליכקייט, אָבער אין הארצען האָט זיא קיינע געפיהלען.

"אויסערדעם האָב איך בעשלאָסען אויפצובויען א גרויסען האָספּיטאל אין פּעטערבורג און א וויזען־הויז אין מאָסקווא. אויך דיא מיידלאַך פון אונזער אדעל־קלאסע וויל איך העלפען און דארום וועל איך אין דיעזען שלאָס, וועלכער איז דאָך מיין אייגענטהום, גרינדען אן ערציהונגס אנשטאלט, וואו אדעליגע פרייליינס זאָלען קענען זיך געהעריג אויסבילדען.

וועהרענד דיעזע ערקלעהרונג איז פּאול אימער מעהר צוקאָכט געוואָרען, ער איז שוין קוים אימשטאנד געוועזן זיין כעס איינצוהאַלטען. ענדליך האָט ער געענטפערט מיט א הייזעריגע שטימע:

— איך מוז דיר נור אזוי פיעל זאָגען, שוועסטער, אז מיט דיין וואהנזי־ניגען טעסטאמענט האָסטו פערזאָרגט אלע פערברעכער, אלע לומפּען און אויס־וואורפען, נור וועגען דיינע נעכסטע פערוואנדטע האָסטו גאָר ניט געדאכט. אָבער נאָך דיעזע ערקלעהרונג מוזט דו דאָך איינזעהען, אז צווישען אונז איז אלעס געענדיגט, און איך האָב אויף דיין שלאָס מעהר ניט וואָס צו טהאָן. עס פערדריסט מיך איבערהויפּט ווארום איך בין נעקומען דיך בעזוכען, דארום וועל איך מאָרגען פריה אָבפאָהרען מיט מיינע געפאנגענע און דיא קאָזאקען, און דאן — יא, דאן וועלען מיר זיך וואהרשיינליך מעהר קיינמאל ניט זעהען.

מיט דיעזע ווערטער איז ער ארויס שנעל פון צימער און צוגעהאקט דיא טיהר. נאטאליא איז געבליעבען אליין און איהרע ליעבליכע אויגען האָבען זיך בענאָסען מיט טרעהרען.

— אָה, מיין גאָט! האָט זיא אויסגערופען מיט א פערצווייפעלטע שטי־מע, ווארום איז מיין ברודער אזוי ניעדעריג, אזוי פערדאָרבען? ער איז ניט בייגעשטאנען ביי דער פּראָבע, אויף וועלכע איך האָב איהם יעצט געשטעלט. אין מיין טעסטאמענט האָב איך דאָך אין דער טהאט איהם אָבגעזאָגט א העלפט פון מיין פערמעגען, 10 מיליאָן רובעל, אים פאל, ווען איך זאָל שטארבען אונ־פערהייראט. יעצט אָבער זעה איך איין, אז ער איז דאָס ווירקליך ניט ווערטה.

ער רעדט מיך צו איך זאָל געהן אין א קלויסטער, אום מיין גאנצעס פערמעגען זאָל איהם אָנקומען, אָבער איך וועל עס ניט טהאָן, דען יעצט וויים איך, אז אין קלויסטער איז דיא געמיינהייט, דיא ניעדערטרעכטיגקייט נאָך פיעל ערגער וויא אין דער אויסערליכער וועלט.

וועהרענד דיעזע סצענע איז פאָרגעקומען אויבען אין שפייזע זאאל, האָבען דיא ארעמע געפאנגענע אין קעלער ניט געהאט דיא מינדעסטע אהנונג, אז עס גיבט אין דיעזען שלאָס אן ערדעלע זעעלע, וועלכע זארגט פאר זיי און אינטערעסירט זיך מיט זייער אונגליקליכען שיקזאל. זיי האָבען שוין אויפגעגעבען יעדע האָפנונג, אז עס וועט זיי מעגליך זיין צו אנטלויפען. דער קעלער איז געװען געבויט פון פעסטע, דיקע מויערען און דיא טיהר איז געװען אונמעגליך אויפצוברעכען. דאָך װען דיעזע אונמעגליכקייט זאָל זיין אפילו געלינגען, שטעהן דאָרט אויף דער וואך הינטער דער טיהר פיער קאָזאקען, וועלכע בייטען זיך אלע דריי שטונדען, לויט דעם בעפעהל פון לייטענאנט.

אזוי האָבען דיא געפאנגענע פערבראכט דעם גאנצען נאָכמיטאג. קיין בעסערען מאָהלצייט האָבען זיי דאָ אויך ניט בעקומען. איינער פון דיא קאָזאקען האָט זיי געבראכט ברויט מיט וואסער און דאמיט זיינען זיי געצוואונגען געװען זיך צו בעגנינגען.

דאָך האָבען דיא אונגליקליכע געפאנגענע זיך ניט געלאָזט בעהערשען פון זייער ביטערע פערצווייפלונג. עליזאבעט און אָלגא האָבען געזוכט דיא מענער מיט אלע מעגליכקייטען אויפצומונטערען.

— מיר זיינען נאָך דערוויילל ניט אין דיא סיבירישע מינען־גרובען, האָט געזאָגט עליזאבעט. ווארום זאָלען מיר שוין יעצט טרויערען? דארויף וועט נאָך זיין צייט גענוג, ווען מען וועט אונז אָבדייסען איינעם פון אנדערען, אָבער פאָרלויפיג, ווען אונזערע ליעבענדע הערצער זיינען צוזאמען, מאכט עס ניט אויס וואו מיר געפינען זיך; און אז אונזערע שפייזען זיינען אזוי שלעכט איז אויך קיין גרויסער אונגליק ניט.

פארנאכט האָט זיך געעפענט דיא טיהר פון קעלער און צום גרויסען ערשטוינען פון דיא געפאנגענע זיינען אריינגעקומען צוויי קאָזאקען און האָבען אריינגעטראָגען א גרויסע טאץ מיט איינינע צוגעדעקטע שיסלען.

— איהר קענט זיך שעצען גליקליך, האָט זיך אָפּגערופען דער וואכמייסטער, וועלכער איז אריינגעקומען צוזאמען מיט דיא קאָזאקען. דיא שעהנע ווירטהין פון שלאָס האָט פון אייך געהערט און אויסגעבעטען ביי איהר ברודער דיא ערלויבניס אייך צו שיקען א גוטען מאָהלצייט. עסט און טרינקט, דען אזעלכע גוטע שפייזען וועט איהר אין אייער לעבען מעהר ניט אָנזעהען.

— הערר סערגעיעוו, האָט זיך מיראָוויטש געווענדעט צום וואכמייסטער,

זיים אזוי גוט און גיט איבער דער ווירטהין פון שלאָס אונזער הערצליכסטע דאנקבארקייט.

— שוין גוט, עסט נור שנעלער, אין א האלבע שטונדע וועלען מיר צוריק־קומען, אום דיא געשיר אַבצונעהמען.

דער וואכמייסטער מיט דיא קאָזאקען זיינען ארויסגעגאנגען און דאן האָט עליזאבעט זיך אַבגערופען:

— זעהט, מיינע פריינד, גאָט פערלאָזט אונז ניט. אַבוואָהל דאָס איז נור א מאָהלצייט וואָס דיא גוטהערציגע שלאָס־העררין האָט אונז געשיקט, דאָך איז עס ווירקליך א פרייד צו וויסען, אז עס גיבט נאָך אויף דער וועלט עדלע מענ־שען. צווישען דיא ווילדע קאָזאקען קען מען גלויבען, אז דיא גאנצע וועלט איז בעזעצט מיט ווילדע צוויי־פיסיגע טהיערע.

— עס קען זיין, אז מיר וועלען נאָך פון זיי אויך פטור ווערען, האָט מי־ראָוויטש בעמערקט, פיליכט וועט זיך נאָך אויף'ן וועג מאכען א געלעגענהייט צו אנטלויפען. אין דיעזער בעציהונג קענט איהר זיך פערלאָזען אויף מיר.

אונטערדעסען האָט אָלגא אויפגעדעקט דיא שיסלען און דיא געפאנגענע האָבען מיט אנגענעהמע איבערראשונג דערזעהען דיא בעסטע שפייזען, וועלכע מען קען געפינען נור אין דיא רייכסטע הייזער. דיא געפאנגענע האָבען מיט גרויס אפעטיט גענעסען דיעזע פראכטפאָלע געריכטען און דאן האָט אָלגא גע־עפענט דיא צוויי פלעשער וויין, וועלכע זיינען צוזאמען מיט דיא שפייזען גע־שיקט געוואָרען. פלוצלונג האָט זיא ארויסגעלאָזט אן אויסרוף פון ערשטוינונג און אלע האָבען בעמערקט יעצט, אז אין דער פוסטער פראָבקע פון איין פלאש איז געלעגען א צוזאמענגעלייגטער פאפיער.

ווען מען האָט דעם פאפיער ארויסגענומען, איז געפונען געוואָרען, אז דאָס איז א בריעף, אדרעסירט צו עליזאבעט פון דער שלאָס־העררין. דער בריעף האָט אין זיך ערהאלטען פאָלגענדעס:

"עליזאבעט וואָראָנצאָוו, עראינערסט דו זיך נאָך וועגען נאטאליא סאל־טיקאוו, וועלכע איז דיר בייגעשטאנען ביי דעם דועל וואָס דו האָסט געהאט מיט קייזערין קאטהערינא? איך האָב דיך דאמאָלס קענען געלערנט און מיין הערץ איז פול געוואָרען מיט סימפאטהיע צו דיר.

"איך ווייס ניט איבער וואָס פיר א פערברעכען מען שיקט דיך יעצט נאָך סיביר, אָבער איך גלויב, אז דיא אורזאכע איז דיא זעלבע: קאטהערינא'ס פיינדשאפט צו דיר. דארום האָב איך יעצט בעשלאָסען דיך נאָך אמאָל צו רע־טען, דיא אונשולד דארף ניט אונטערגעהן, צוזאמען מיט דיר מוז איך אויך בע־פרייען דיא איבריגע דריי געפאנגענע, דען זאנסט וועט דאָך מיר ניט מעגליך זיין דיך אליין ארויסצולאָזען פון קעלער.

"היינט ביינאכט אום 12 אוהר וועל איך צו דיר קומען און אלעס וועט

שוין זיין פארבעריטעט, אז דו און דיינע מיטגעפאנגענע זאלען זיכער קענען גערעטעט ווערען. איך פערבלייב דיין פריינדין נאטאליא סאלטיקאוו".

דיא פרייד פון דיא געפאנגענע איז געווען אונבעשרייבליך. מיט טהרערען פון טיעף גריהרטע הערצער זיינען זיי איינער דעם אנדערען געפאלען אויף'ן האלז, ווינשענדיג אלע הימעלשע ברכות דער עדעלער יונגער פירסטין וואס איז אין זייער יעצטיגער נויטה ערשיענען אלס מלאך פון הימעל.

## 32טער קאפיטעל

## א טייפעלשער פלאן.

נאך דעם אויפרעגענדען געשפרעך מיט איהר ברודער האט נאטאליא סאל־טיקאוו זיך צוריקגעצויגען אין איהרע צימערען און ווען איהרע געדאנקען זיי־נען עטוואס בערוהיגט געווארען האט זיא אנגעפאנגען צו טראכטען וועגען א פלאן וויא דיא געפאנגענע צו בעפרייען. יעדענפאלס קען זיא נאטירליך ניט אליין דיא זאך אויספיהרען און נאכדענקענדיג א לענגערע צייט איז ביי איהר געבליעבען זיך אנצופערטרויען דעם שלאס־פערוואלטער, א פראנצויז מיט דעם נאמען לעברון.

דיעזען לעברון האט דער אלטער סאלטיקאוו מיטגעבראכט פון פאריז און צוזאמען מיט איהם אויך זיינע א יונגע פרוי. דאס איז געווען אונגעפעהר מיט א יאהר 30 צוריק. דיא פרוי איז א פאאר יאהר נאכדעם געשטארבען און לעב־רון'ס טרויער איז געווען זעהר גרויס, דען ער האט זיא זעהר געליעבט; איהר אנדענקונג איז געווען ביי איהם אזוי טהייער, אז ער האט בעשלאסען מעהר ניט צו הייראטהען.

לעברון איז פון דאמאלס אן געבליבען אין שלאס און דיא פירסטליכע קינדער נאטאליא און פאול זיינען ערצויגען געווארען אויף זיינע הענד. זיין טרייעס הערץ האט זיך אין גאנצען געווענדעט צו זיי און ער האט זיי געליעבט וויא זיינע אייגענע קינדער. ער איז אויך געווען זייער לעהרער אין פראנצויזיש.

ווען קניאז סאלטיקאוו איז קורץ נאך דעם טויט פון זיין פרוי אויך גע־שטארבען האט ער פיר דעם געטרייען לעברון אין זיין טעסטאמענט אפגעזאגט א גרויסען יעהרליכען געהאלט. דער אלטער פראנצויז וואלט שוין יעצט געקענט לעבען גאנץ אונאבהענגיג, אבער ער איז בעסער געבליעבען אין שלאס, איבער־הויפט אום דיא יונגע פירסטין צו בעדיענען און איהר העלפען מיט זיין ראטה און ערפאהרענהייט.

און ווירקליך האט ער טראץ זיינע אלטע יאהרען ניט געשפארט קיין מיהע, אום צו היטען דיא אינטערעסען פון זיין בעליעבטע יונגע פירסטין, אכטונג צו געבען אויף דיא בוכפיהרונג, נאכצוזעהן דיא חשבונות פון דיא פערשיעדענע

ארענדאטארס און בעאמטע — קורץ, איבעראל צו בעזארגען, אז דער גוטס־
בעזיצערין זאל דער מינדעסטער שאדען ניט ארויסקומען.

פון דעם יונגען קניאז פאול איז דער געטרייער לעברון מיט גרויס בעדויע־
רען דיא לעצטע צייט אפגעפרעמדעט געווארען. איין א געוויסען טאג האט דער
אלטער זיך ענטשלאסען איהם אויפמערקזאם צו מאכען פאר וואס ער פיהרט
אזא פערשווענדערישען, אויסגעלאסענעם לעבען, וואס דאפון קען דאך געוויס
קיין גוטעס ניט ארויסקומען און דאס איז אויך געגען דער עהרע פון דיא פירסט־
ליכע פאמיליע. פאול האט דארויף איהם געענטפערט מיט גראבהייטען, אז ער,
דער אלטער בעטלער וואס עסט אין שלאס גנאדען־ברויט דארף זיך ניט אונ־
טערשטעהען צו איהם אזעלכע ווערטער צו רעדען.

לעברון האט דארויף גאר ניט געענטפערט. מיט א שטומע פערנייגונג איז
ער ארויס פון צימער. אבער פון דיעזען טאג אן האט פאול פיר איהם מעהר ניט
עקזיסטירט. עס האט אויסגעזעהען, אז לעברון האט איבערהויפט פערגעסען, אז
עס גיבט גאר אויף דער וועלט א יונגער קניאז סאלטיקאוו.

און פון דער זעלבער צייט האט ער נאך פיעל צערטליכער און טרייער
זיך איבערגעגעבען צו דער יונגער פירסטין נאטאליא. זיא איז יעצט געוועזן דיא
איינציגע בעשעפעניש אויף דער וועלט, וועלכע ער האט געליעבט מיט א וואה־
רע פאטערליכע ליעבע.

ווען נאטאליא האט איהם אריינגערופען און ערקלעהרט איהר וואונש צו
בעפרייען דיא געפאנגענע, איז לעברון זעהר איבערראשט געווארען און האט אנ־
געפאנגען זיא דאפון אבצורעדען.

— דיעזע אונטערנעהמונג קען אייך קאסטען זעהר טהייער, מיין פירסטין,
האט ער זיך אבגערופען, בערעכענט נור ווען דיא קייזערין זאל דאפון ערפאה־
רען ! זיא וועט דאך אלע אייערע גיטער קאנפיסקירען און פיליייכט זאגאר
פערשיקען נאך סיביר אנשטאט דיא יעניגע, וועלכע איהר האט בעפרייעט.

— מיין גוטער לעברון, האט נאטאליא געענטפערט, ווען אלע זאלען אזוי
רענקען וואלט דיא וועלט זעהר שלעכט אויסגעזעהען. דיא שעהנסטע וואהל־
טהאט איז דאך גראדע דיעזע, פיר וועלכע מען מוז זיך אויפאפפערען, און איך
בין דאצו פערטיג. צווישען דיא געפאנגענע געפינט זיך א מיידעל, פון וועלכע
איך בין איבערצייגט, אז זיא ליידעט אונשולדיג. נור איבער ראכע און פיינד־
שאפט ווערט זיא פערשיקט נאך סיביר אום דארט אין דיא פינסטערע מינען־
גרובען צו ליידען העלישע פיין, ביז זיא וועט אונטערגעהען. איך וויים, מיין
טרייער לעברון, אייער הארץ איז גוט און עדעל. קענט איהר הערען אזא
געשיכטע און דאס זאל אייך ניט ריהרען ? אלזא, לעברון, מאכט קיינע וויי־
טערע איינווענדונגען, מיין בעשלוס איז פעסט און איהר מוזט מיר אין דיעזער
אונטערנעהמונג העלפען.

— איהר דארפט נור בעפעהלען, פירסטין, האט דער אלטער שליסליך איינגעשטימט, וועו איהר זאלט מיר זאגען, איך זאל געהן פאר אייך אין פייער, וועל איך עס געוויס טהאן.

— מיין פלאן בעשטעהט אין פאלגענדען: אין קעלער געפינען זיך אויפ׳ן וואך פיער קאזאקען און דיעזע מוזט איהר מאכען בעטרונקען, אדער ריכטיגער צו זאגען זיי איינגעבען א שלאף טרונק. נאכדעם מוז מען אויפרייסען דיא טיהר, דען מיין ברודער האט דעם שליסעל צו זיך גענומען.

— אויפרייסען דיא טיהר וועט ניט נויטהיג זיין, דען איך האב נאך א שליסעל צו דעמזעלבען צימער פון קעלער.

— אה, זעהר גוט! האט נאטאליא אויסגערופען מיט פערגניגען, דאן וועלען מיר דיא זאך פיעל לייכטער און גאנץ שנעל קענען אויפטהאן. בעזארגט, אז ביים שלאס זאל ווארטען א פוהר מיט פיער גוטע, שנעלע פערד און דאן ווען דיא געפאנגענע וועלען בעפרייט ווערען, זאלט איהר זיי אבפיהרען אויף דעם צווייטען הויף פון מיין גוט. דארט זאלען זיי בלייבען זיכער פערבארגען ביז איך וועל געפינען א געלעגענהייט צו זיי צו קומען און זיך צו בעראטהען וועגען דיא ווייטערע רעטונג.

לעברון האט זיך פערנייגט און איז ארויסגעגאנגען פון צימער, דיא בעפעהלען פון זיין בעליעבטע פירסטין אויסצופיהרען.

עס איז געוועזן אונגעפעהר עלף אוהר אבענדס, ווען דער אלטער פראנצויז איז פלוצלונג אריינגעקומען אין קעלער וואו דיא קאזאקען האבען זיך געפונען אויפ׳ן וואך. ער האט זיי געפונען זיצען ארום א באנק, רויכערען און שפיעלען קארטען. לעברון האט מיט זיך אריינגעטראגען א גרויסע פלאש און בעגריסענדיג דיא קאזאקען האט ער אויסגערופען:

— נו חברה, וויא געפעהלט אייך דא אין אונזער שלאס?

— אויסגעצייכענט, האט זיך אבגערופען איינער פון דיא קאזאקען, געוויס איז דא פיעל בעסער וויא אין דעם קאלטען סיביר. מיר וואלטען נור ווינשען, אז דער הערר לייטענאנט זאל דא וואס לענגער פערבלייבען.

— האט איהר שוין געזעהן אונזער שעהנע יונגע ווירטהין פון שלאס?

— ניין, האבען דיא קאזאקען געענטפערט.

— דאן זאלט איהר וועניגסטענס פאר איהר געזונדהייט טרינקען. דא האב איך אייך מיטגעבראכט א גרויסע פלאש גוטען וויין, וועלכע אונזער פירסטין האט אייך געשיקט.

דיא קאזאקען האבען גלייך גענומען קוקען אויף דער פלאש מיט פלאמענדע אויגען. וויין, דאס איז דאך א זאך וואס זיי קענען זעלטען געניסען. יעדער פון זיי האט שנעל ארויסגעכאפט זיין בלייכענעם בעכער, מיט וועלכען זיי טרינקען שטענדיג בראנפען, און לעברון האט זיי אנגעגאסען פול מיט וויין.

— איהר דורכלויכט, דיא פירסטין זאָל לעבען! האָבען זיי אויסגערופען. יעדער פון זיי האָט האסטיג אויסגעטרונקען זיין בעכער.

דער אלטער פראנצויז האָט נאָך אמאָל אָנגעגאָסען דיא בעכער און עס האָט ניט לאנג געדויערט ביז דיא קאָזאקען האָבען דיא גרויסע פלאַש וויין אין גאנצען אויסגעטרונקען.

— וויא לאנג האָט איהר דאָ נאָך צו זיין אויף'ן וואך? האָט ער זיי גע־פרעגט.

— מיר זיינען ערשט ניט לאנג דאָ ארונטערגעקומען, האָט געענטפערט איינער פון דיא קאָזאקען קוים בעוועגענדיג מיט'ן צונג, דען דער שלאָף־טרונק האָט שוין אָנגעפאנגען צו ווירקען. פערדאמט, וויא שנעל מען ווערט דאָ אונטען ערמיעדעט. מען — מוז —

ער האָט ניט געקענט ענדיגען זיינע ווערטער און פאלענדיג וויא א סנאָפּ אונטער'ן באנק איז ער באלד פערזונקען אין א הארטען שלאָף.

דיא נעכסטע מינוט איז אויך דער צווייטער קאָזאק געלעגען נעבען איהם אָהן א בעוועגונג. דער דריטער און דער פיערטער האָבען שטאמלענדיג זיך ארומגענומען און זיינען געזונקען אויף דער ערד וויא דיא שטיינער.

ווען לעברון איז מיט דיא קאָזאקען פערטיג געוואָרען, איז ער שנעל ארויף אויף דיא טרעפּ און א קורצע צייט נאָכדעם איז ער צוריק געקומען אין דער בעגלייטונג פון דיא יונגע פירסטין, טראגענדיג א בלענד־לאנטערנע, אום דעם קעלער צו בעלייכטען, וועהרענד א זייטיגער זאָל דיעזע שיין ניט קענען בעמער־קען. מיט זיין נאָך־שליסעל האָט ער געעפענט דיא אייזערנע טיהר און זיי זיינען ביידע אריינגעגאנגען צו דיא געפאנגענע.

וויא א ליכטיגע ערשיינונג פון דיא הימעלשע ספערען האָט דיא עדעלע קניאגיניא זיך בעוויעזען צו דיא ארעמע מענשען וואָס האָבען זיך געפונען אין דיעזען פינסטערען קערקער. מיט אן אויסרוף פון פרייד איז עליזאבעט איהר איהר אנטקעגענגעלאָפען. זיא האָט איהר געוואָלט פאלען צו דיא פיס און קושען איהרע הענד, אָבער נאטאליא האָט זיא פריינדליך אומגעארעמט און בעטראכ־טענדיג איהר געזיכט האָט זיא אויסגערופען.

— יא, דו ביזט עס! אָה, ארעמעס מערכען, וויא פיעל ליידען ביזטו שוין אויסגעשטאנען איבער דעם אונגערעכטען האס פון א מעכטיגע פיינדין, וועלכע וויל דיך דורכאויס פערניכטען! אָבער וויין ניט, עליזאבעט, פערגיס קיינע טרעהרען. דיא שטונדע פון דיין בעפרייאונג איז געקומען.

— אָה, פירסטין! האָט עליזאבעט אויסגערופען טיעף געריהרט, וויא וועל איך דען אייך קענען אָבדיענען מיט דאנקבארקייט פיר אזוי פיעל וואהל־טהאט?

— קיין וואָרט פון דאנקבארקייט. איך טהו נור מיין מענשען־פפליכט. נור

איין זאך וויל איך וויסען, עליזאבעט, און איך בין זיכער, אז דו וועסט מיר זאָ־גען דיא ווארהיים. האָסטו קיין אנדער פערברעכען ניט בעגאנגען? איז דאָס נאָך אימער דער האס פון דער קייזערין וואָס שיקט דיך נאָך סיביר?

— יא, נור דער האס פון קאטהערינא.

— איך גלויב דיר פאָלקאָמען, אָבער אין וועלכער געזעלשאפט געפינסטו זיך יעצט? ווער זיינען יענע דריי? וואהרשיינליך שלימע פערברעכער?

— פירסטין, איך שוועהר אייך, אז זיי זיינען אזוי אונשולדיג וויא איך. זיי אלע זיינען מיר זעהר טהייער. דאָס איז מיין שוועסטערליכע פריינדין — אָלגא, איך גלויב אז איהר געזיכט מוז אייך פאָרקומען בעקאנט.

מיט דיעזע ווערטער האָט עליזאבעט אָנגענומען אָלגא'ן פאר'ן האנד און האָט זיא פאָרגעשטעלט צו נאטאליא'ן, וועלכע האָט אויף איהר א פאָר סעקונ־דען געקוקט און דאן האָט זיא אויסגערופען זעהר איבערראשט:

— מיין גאָט! איז דאָס מעגליך? זייט איהר דיעזעלבע, וועלכע האָט געגלענצט אלס איינע פון דיא שעהנסטע דאמען אין קייזערליכען הויף? זייט איהר דיא פירסטין אָלגא דאשקאָוו?

— יא, דאָס איז זיא, האָט בעשטעטיגט עליזאבעט.

ביידע קניאגיניא'ס האָבען זיך פריינדליך אומגעארעמט. עליזאבעט האָט דאן פאָרגעשטעלטביידע מענער, וועלכע האָבען אין קורצע ווערטער דערצעהלט אלע זייערע פאסירונגען אין לעבען. נאטאליא האָט אויסגעשפּראָכען איהר גרעס־טע צופריעדענהייט וואָס אלע, וועלכע זיא איז געקומען בעפרייען, זיינען אזעל־כע ווירדיגע פערזאָנען.

לעברון האָט זיך יעצט געווענדעט צו נאטאליא'ן און האָט געזאָגט:

— פירסטין, מיר דארפען קיין איבריגע צייט פערלירען. מעגליך אז דער לייטענאנט אָדער דער וואכמייסטער וועלען פלוצלונג ארונטערגעהן, דיא וואך צו קאָנטראָלירען.

ניט לענגער ווארטענדיג האָט נאטאליא ארויסגעפיהרט דיא געפאנגענע פון קערקער און זיי געבראכט אויבען אין איהרע אייגענע צימערען. דיא ערשטע זאך האָבען זיי דאָ אראָבגעוואָרפען דיא גרויסע ארעסטאנטען־מאנטלען און זיך אָנגעצויגען אין אנדערע קליידער. פעטער וואראָנצאָוו איז באלד געוועזען אָנגע־טהאָן וויא א פאָרנעהמער, רייכער גוטסבעזיצער. עליזאבעט און אָלגא האָבען באלד וויעדער געשיינט אין דיא רייכע קליידער פון נאטאליא'ס גארדעראָבע. מיראָוויטש איז געוועזען פערקליידעט וויא א יעגער און דער גרינער אנצוג האָט הערליך געפּאסט צו זיין שלאנקע פיגור.

נאטאליא האָט אויך בעזאָרגט דיא בעפרייטע מיט וואפען און דאן האָט זיא אָבגערופען עליזאבעט אָן א זייט און האָט איהר אריינגעלייגט אין האנד א בייטעל פול מיט גאָלדענע מטבעות.

— דאס איז בלויז פאר דיא צייט ביז מיר וועלען זיך וויעדער זעהען, האט נאטאליא געזאגט שטילערהייט, מיין אלטער לעברון, א מאן, אויף וועלכען איהר קענט זיך פערלאזען, וועט אייך יעצט אפפיהרען אויף מיינעם א ווייט אבגע־לעגענעם הויף וואו מען וועט אייך גוט אויפנעהמען. איהר קענט דארט רוהיג פערבלייבען ביז איך וועל בעזארגען וויא אייך זיכער ארויסצושיקען נאך אויס־לאנד.

— איך נעהם דיעזען אבשיעד מיט א שווערען הערצען, האט עליזאבעט געזאגט, ווייל איך ווייס, אז איהר ריזיקירט זעהר פיעל, פירסטין. ערשטענס, דיא פעראנטוואָרטליכקייט פון אייער ברודער —

— דאפיר האב איך קיין מורא, האט נאטאליא געשמייכעלט, העכסטענס וועט מען איהם ענטזאגען פון מיליטערישען דיענסט, און דאס איז גראַ־דע וואס איך וואלט ווינשען פון גאנצען הערצען, ווייל דאמיט האט ער א פיעל בעסערע צוקונפט.

— אבער איהר זעלבסט? ווען דיא קייזערין זאל ערפאהרען וואס פיר אן אנטהייל איהר האט גענומען אין דער בעפרייאונג פון איהרע פיינד!

— זיא וועט עס ניעמאלס ערפאהרען. פיר פינף רובעל מיט א שנאפס קען א קאזאק אלעס אין דער וועלט אבשווערען. דיא אונטערזוכונג וועט בעווייזען, אז דיא געפאנגענע זיינען אנטלאפען אין מיטען וועג און קיינער איז דארין ניט שולדיג. אבער גענוג וועגען דעם. איהר דארפט לענגער דא ניט פערבלייבען. פאהרט אב און גאט זאל אייך בעשיצען.

נאטאליא און עליזאבעט האבען זיך הערצליך אומגעארעמט און מיט טרעה־רען גענומען אבשיעד. אויך דיא אנדערע פריינדע האבען מיט טיעף געריהרטע הערצער זיך געזעגענט מיט זייער עדעלע רעטערין און דאן האט דער אלטער לעברון זיי ארויסגעפיהרט דורך א הינטער־טרעפ אין הויף.

לעברון האט געעפענט א טיהר פון א שטאהל און ארויסגעפיהרט פינף פראכטפאלע פערד. דיא פרויען האבען איהם פערזיכערט, אז זיי קענען אויך גוט רייטען און לעברון איז גראדע דאמיט געוועזען עכט צופריעדען, דען אזוי איז עס פיעל בעסער ווי איינצושפאנען א פוהר און מאכען דאמיט א גערויש, אויסער וואס דאס דארף קאסטען איבריגע צייט.

דער אלטער פארזיכטיגער פראנצויז האט זאגאר ארומגעבונדען דיא פיס פון דיא פערד מיט שטרוי אום קיינער זאל ניט הערען וויא מען רייט ארויס פון הויף. באלד זיינען אלע פינף ארויף אויף דיא פערד און אין נעכסטען מאמענט זיינען זיי פערשוואונדען געווארען אין דער דונקעלהייט פון דער נאכט.

צו דערזעלבער צייט ווען דיעזע סצענע האט זיך אבגעשפיעלט אין נא־טאליא׳ס צימערען, האט אויך פאול סאלטיקאוו ניט געקענט רוהען. טראץ דעם

וואס עס איז שוין געווען אזוי שפעט ביי נאכט, איז ער ארומגעגאנגען איבער זיינע צימערען אין גרויס אויפרעגונג.

דאס זיינען נאך דיעזעלבע צימערען, וועלכע ער האט פריהער בעוואהנט אלס קינד און וואו ער האט שפעטער, אלס יונגלינג, אונטער דיא לייטונג פון דעם אלטען לעברון געלערענט דיא ערשטע וויסענשאפטען; דאס זיינען דיזעלבע צימערען, אין וועלכע זיין טרוימענדע יונגע זעעלע האט צוערשט ערוואכט און שפעטער, ווען ער איז אבגעפאהרען נאך פעטערבורג אין דיא קאדעטען שוהלע, האט ער יעדעס מאל צו וואקאציאנס־צייט אהער צוריקגעקעהרט אום זיין בעסטע צייט צו פערברענגען.

אלעס געפינט זיך נאך אויף דעם זעלבען פלאץ וויא פריהער. דא שטעהט זיין בעט, וועלכע ער האט בענוצט פון קינדווייז אן און דאס זיינען נאך דיא זעלבע זיידענע פארהאנגען, וועלכע זיין מוטער פלעגט יעדען פריהמארגען אויפציהען אום איהר שלאפענדען ליעבלינג צו בעטראכטען. דארט שטעהט דער טיש, ביי וועלכען ער האט נאך אלס קינד געארבייט און דא דער טהייערער שרייב־טיש מיט קונסטפאלע שניטצערייען, א פרעכטיגע שטיק מעבעל, וועלכע זיין פאטער האט איהם געשאנקען צו זיין 15־יעהריגען געבורטסטאג.

דיא קאסטבארע קלייניגקייטען פון גאלד, ניי־זילבער און פארצעלייען, וועלכע זיינען געווען איבעראל אויסגעשטעלט; דיא שעהנע ביבליאטהעק אין דעם נעבען־צימער, וועלכע זיין פאטער פלעגט יעדען יאהר פערמעהרען מיט נייע, ניצליכע ביכער — דאס אלעס זיינען אזעלכע עראינערונגען, פון וועלכע יעדער מענש מיט מענשליכע געפיהלען מוז טיעף גערוהרט ווערען. דאך אויף פאול סאלטיקאוו האט דאס אלעס קיין איינדרוק ניט געמאכט. ער איז געזעסען ביי זיין שרייב־טיש, אויף וועלכען עס האט געברענט א לאמפ אונטער א רויטען שלייער, אבער דער יונגער מענש האט ניט געלעזען און ניט געשריעבען, נאר ער איז געזעסען פערטיעפט אין זיינע געדאנקען און עס איז דייטליך געווען צו זעהען, אז זיין געהירען מאטערט זיך און ארבייט זעהר שטארק.

ווענען וואס האט סאלטיקאוו געטראכט? ווארום איז ער אזוי אונרוהיג, אז עס לאזט איהם זאגאר ניט לאנג איינזיצען אויף איין ארט און יעדע מינוט שפרינגט ער אויף און געהט ארום איבער'ן צימער מיט האסטיגע, שווערע טריט? ער האט זיך צומאל ניט איבערגעקליידעט און טראגט נאך אימער דעם מונדיר וויא פון וועג, נאר דעם שווערד און דעם רעוואלווער האט ער אויסגעטהאן און אוועקגעווארפען אויף'ן דיוואן, איבער וועלכען עס זיינען געהאנגען דיא בילדער פון זיינע עלטערען.

מערקווירדיג! פאול סאלטיקאוו האט געזוכט אויסצומיידען דיעזע בילדער, אויף זיי ניט צו קוקען, גראדע וויא ער וואלט זיך ניט געקענט אונטערשטעהן זיינע אויגען צו זיי אויפצוהויבען. ווארום? איז פאול סאלטיקאוו פי־

ליכט פערליעבט אין איינע וואס איז ניט ווערטה צו טראגען דעם נאמען פירס־טין סאלטיקאוו?

ניין, דיא זעעלע פון דעם יונגען אפיציער איז יעצט געוועזען בעשעפטיגט מיט אנדערע געדאנקען, אנדערע פלאנען; אבער דאס זיינען אזעלכע גע־דאנקען און פלאנען וואס נור דער ערגסטער פערברעכער, דער געמיינסטער אויסוואורף קען אויסטראכטען. א מענש וואס האט נאך זאגאר דעם קלענסטען פונק פון מאראל קען וועגען אזעלכע פלאנען גאר ניט אנפאנגען צו דענקען.

פון נאך מיטאג ביז יעצט האט ער נאך אימער ניט געקענט א מינוט רוהען. דיא ערקלעהרונג פון זיין שוועסטער נאטאליא, אז זיא האט איהם אבגעזאגט פון ירושה האט אויפגעוועקט אין איהם א שרעקליכען, גרויזאמען געדאנק.

ער האט בערעכענט, אז דיעזער שלאס מיט זיינע גרויסע פעלדער און וועל־דער איז אן און פאר זיך א געוואלטיגע הערשאפט; דיא פאמיליען־ציערונג און דיא מעבעל, וועלכע זיין שוועסטער בעזיצט, זיינען אן אונגעהייערעס פערמע־גען; איהר קאפיטאל און מזומנים וואס זיא האלט דעפאנירט אין פערשיעדענע ביינק פון פעטערבורג און מאסקווא האט געדארפט בעטרעפען, נאך זיין רעכ־נונג, ניט ווייניגער וויא צוואנציג מיליאן רובעל.

זאל ער רוהיג צוזעהן וויא זיא וועט דאס אלעס אוועקשענקען פאר בעטלער און שנארערס, פאר אידיאטען און פערברעכער?

דיעזער געדאנק האט איהם שיער משוגע געמאכט.

אלס איינענציגער מענש פון דיא נידריגסטע ברואים איז איהם גאר ניט אויפגעקומען אויפ'ן זינען, אז זיין שוועסטער, וועלכע איז אזוי יונג און שעהן, האט דאך אויך א רעכט אויף לעבענסגליק, זיך צו פערהייראטהען מיט א גע־ליעבטען מאן און צו בענוצען איהרע רייכטהימער פיר זיך און איהרע קינדער.

ניין, זיא איז בלויז א מעדכען, זיא וועט ניט פערפלאנצען ווייטער דעם נאמען סאלטיקאוו, וועהרענד ער, דער לעצטער פון דיא פירסטליכע פאמיליע, איז דאך דער אמת'ער יורש און צו איהם דארף אלעס געהערען. און יעצט זאל דיא גאנצע ירושה פיר איהם פערלארען געהן, ווייל זיין שוועסטער וויל אזוי?

מיט א בייזען אויסרוף פון שרעקליכען כעס איז פאול געזונקען צוריק אויפ'ן שטוהל ביים שרייבטיש. ער האט צוגעדריקט ביידע הענד צום ברענענ־דיגען שטערען און זיינע אויגען האבען געשאסען מיט פייער. — אבער קען ער דאס ניט פערהינדערן? גיבט עס גאר קיין מיטעל דעם וואהנזיניגען פלאן פון זיין שוועסטער צו צערשטערען?

דיעזער יונגער אויסוואורף האט אין איינינע יאהר פערשוועגדעט זיין חלק ירושה, אן ערך פון 10 מיליאן רובעל, און האט נאך דאצו ווענינ הנאה געהאט דאפון, דען דאס געלד איז אוועקגעגאנגען פיר וואוכערער, אונ־

גליקליכע ספעקולאציאָנען און אויסגעלאסענע פערגעניגען. יעצט וויל ער אויך זיין שוועסטער ירש'ענען און ער טראכט וועגען א מיטעל.

יא, א מיטעל! נור איין איינציגע זאך קען איהם רעטען. איהר טעסטאַמענט האט זיא בלויז אויפגעשריעבען און נאך ניט איבערגעגעבען אין געריכט. דער דאָקומענט האט נאך אלזאָ קיין גילטיגקייט, קיין געזעצליכע קראפט. ווען זיין שוועסטער זאָל אלזאָ יעצט פלוצלונג שטארבען, דאן האט דאך איהר צואה קיין שום ווערטה און ער בלייבט דער יורש. אָבער נאטאליא איז נאך יונג, איינגער וויא ער. זיא וועט נאך געוויס לאנג לעבען, זיא וועט נאך האָבען גענוג צייט איהר געלד ארויסצואוואַרפען. ניין, ער דארף ניט צולאָזען, אז זיא זאָל עס קענען טהאָן.

און אימער טיעפער האָבען שווארצע שאטענס בעדעקט זיין פערדאָרבענע זעעלע; אימער קרעפטיגער האט געארבייט דער גייסט פון פינסטערניס, אום צו פערלעשען אין זיין ברוסט דעם לעצטען פונק פון עהרע און מאָראל; איימער דייטליכער האט זיך פאָרגעשטעלט אין זיין שארלאטאנישען מח דער מיטעל, וועלכער, ער דעקנט, קען פערווירקליכט ווערען. און פלוצלונג איז ער אויפגעשפרונגען פון זיין שטוהל, וועהרענד זיין געזיכט איז פערקרימט געווארען מיט א מערדערישע גרויזאמקייט און ער האט געשטאמעלט:

— איך בין ענטשלאָסען!

פלוצלונג האָבען אין דיעזען מאָמענט אזוי וויא ניט ווילענדיג זיינע אויגען זיך געווענדעט אויף דיא בילדער פון זיינע עלטערען און אויף א ווייַלע איז ער געבליבען שטעהען אזוי וויא א בליץ וואָלט איהם געטראָפען. זיין געזיכט איז שרעקליך בלייך געוואָרען און איהם איז פאָרגעקומען, אז דיעזע בילדער האָבען בעקומען לעבען און בעוועגונג, אז דיא בליקען פון זיין מוטער קוקען אויף איהם מיט צאָרן און פעראכטונג.

דאָס אָבער האט געדויערט נור א פּאָאר סעקונדען. באלד האט זיך בעוויזען אויף זיינע ליפען א גרויזאמער שמייכעל. יא, דיא לעבעדיגע מוטער האט מיט דעם ווילדען יונג שוין דאן גאָר ניט געקענט מאכען און דיא געשטאָרבענע יעצט קען איהם געוויס גאר ניט טהאָן. ער האט האסטיג אָנגעקלונגען און ווען א דיענער איז אריינגעקומען, האט ער צו איהם געזאגט:

— ברענג מיר א קרוג פון דעם בעסטען קאוועקאזער וויין און רוף מיר אהער דעם וואכמייסטער סערגעיעוו. זאג איהם, אז איך דארף איהם נויטיג האָבען.

— ער איז דער ריכטיגער מאן דאצו, האט פאול געדעדט צו זיך זעלבסט, ווען דער דיענער איז ארויסגעגאנגען. ביי דיעזען קאזאק איז דאָס א קלייניגקייט. יא, מיינע אייגענע הענד זאָלען ניט בעפלעקט ווערען מיט שוועסטערבלוט. דאָס זאָל אן אנדערער פאר מיר טהאָן און דאן — דאן מוז איך נאך בעטראכטען א מיטעל, אז ער, דער איינציגער מיטארבייטער אין דעם זאָל מיך

ניט קענען פערקלאגען. ווען איך זאל דאס אלעס גליקליך דורכפיהרען, בין איך מארגען דער אייגענטהימער פון מיליאנען, מיט וועלכע איך וועל שוין דאן קלינער אומגעהען וויא מיט דיא וואס זיינען מיר דורכגערונען דורך דיא פינ־גער.

ער האט זיך ווידער אוועקגעזעצט און האט פארטגעזעצט זיין טייפעלשע ארבייט צו שפינען זיינע שווארצע טייפעלשע פלענער.

— יא, אזוי וועט עס געהען, האט ער געמורמעלט צו זיך. סערגעיעוו וועט זיא ערמארדען. מען וועט זיא געפינען טויט און איך וועל אנפאנגען שרעקליך צו יאמערען, אז מען האט ביי מיר דיא טהייערע שוועסטער גערויבט. אין מיין אונגעהייערען שמערץ וועל איך באלד מאכען אן אונטערזוכונג און עס וועט זיך לייכט אויסגעפינען, אז סערגעיעוו איז דער מערדער, און בעפאר ער וועט נאך בעווייזען א ווארט פון אנקלאגע געגען מיר אויסצושפרעכען און אונזער געהיימנים צו פערראטהען, וועל איך מיט א גוט געשפיעלטע מיענע פון צארן און אויפרעגונג אויף דער שטעלע איהם דערשיסען פונקט אין הארצען, אז ער זאל אין איין מאמענט בלייבען ליגען טויט. דאן וועל איך האבען זיך צו פערענטפערען פארוואס איך האב דערשאסען דעם מערדער פון מיין שוועסטער. און דאפיר דארף איך קיין מורא ניט האבען, דאס גע־ריכט וועט מיך געווים פריישפרעכען און אלע וועלען נאך דאפיר מיך ריהמען.

דאמיט איז דער באנדיט פערטיג געווארען מיט זיין פלאן. מערקווירדיג, פאול סאלטיקאוו איז אין פעטערבורג געווען בעוואוסט אלס א מענשעלע מיט גאנץ ווייניג פערשטאנד און פיעלע פון זיינע בעקאנטע האבען איהם בעטראכט אלס א דומקאפ. געלערענט האט ער ווייניג און ווען עס איז געקומען עטוואס גוטעס און ניצליכעס אויפצוטהאן איז דאצו זיין קראפט און זיין געהירען גאנץ קליין געווען. יעצט אבער, ווען עס האנדעלט זיך אויסצופיהרען איינעם פון דיא ערגסטע פערברעכענס, איז ער פלוצלונג קלוג געווארען און פערשטאנען דאס אויסצורעכענען גאנץ גענוי מיט אלע קלייניגקייטען.

מען האט אנגעקלאפט אין טיהר. פאול האט זיך לאנגזאם אויפגעהויבען און באלד איז איהם געלונגען אנצונעהמען אזא גלייכגילטיגע רוהיגע מיענע, אז עס איז אויף איהם דיא מינדעסטע שפור פון אויפרעגונג ניט געווען צו בעמערקען.

ווען ער האט געעפענט דיא טיהר איז דער וואכמייסטער אריינגעקומען. דאס איז געווען א קרעפטיג־געבויטער קאזאק, פון מיטעלען וואוקס, מיט ברייטע שולטערען און א טהיערישען געזיכט, אויף וועלכען עס איז געלעגען דער אויס־דרוק פון ווילדהייט און גרוזאמקייט. פאול האט ניט אומזיסט איהם אויסגע־וועהלט זיין מארד־פלאן אויסצופיהרען, דען ער האט געקענט דיא לעבענס־גע־שיכטע פון דיעזען קאזאק און איז געווען זיכער, אז ער וועט דאס פעהיג זיין צו טהאן.

סערגעיעוו איז פריהער געוועזן א העכערער קאזאקען־אפיציער, ער האט געשטאמט פון א גוטע פאמיליע און דורך זיין טאפפערקייט אין פערשיעדענע קריגען האט ער זיך אויסגעצייכענט אזוי פיעל, אז מען האט איהם געמאכט פאר וואכמייסטער. עס זיינען איהם איבערהויפט אנפערטרויט געווארען צו פיהרען טראנספארטען נאך סיביר, ווייל איהם זיינען געוועזן דיא געגענדען זעהר גוט בעקאנט. נאטירליך האט מען איהם דאביי יעדעס מאל מיטגעגעבען א געוויסע סומע געלד אויף הוצאות פיר דיא געפאנגענע, דען דער וועג דויערט וועניגסטענס זיעבען מאנאט.

אמת, אז פאר דיא אונגליקליכע ארעסטאנטען איז לויט אינסטרוקציאן בעשטימט זעהר וועניג פראוויאנט. אבער ברויט מיט טהעע און ווען עס איז א שטיקעל געטרויכערטע פלייש קאסטען אויך געלד, איבערהויפט פיר א גרויסען טראנספארט דארף מען דאצו האבען א סך געלד. סערגעיעוו, וועלכער פלעגט אפט פיהרען מעהר וויא הונדערט מאן ארעסטאנטען, האט יעדעס מאל ערהאלטען אין פעטערבורג אייניגע טויזענד רובעל אויף וועג־הוצאות.

ענדליך איז מען אין פעטערבורגער מיניסטעריום אויפמערקזאם געווארען, אז פון דיא טראנספארטען, וועלכע סערגעיעוו פיהרט, קומען גאנץ וועניג קיין סיביר לעבעדיג. מען האט זיך דאס בשום אופן ניט געקענט ערקלערען און ווען מען האט ביי סערגעיעוו'ען געפרעגט דיא אורזאכע דערפון, האט ער געענטפערט אימער איין תירוץ: ער ווייסט ניט, עס איז ניט זיין שולד, אז אין סיביר איז אזוי קאלט, און מייסטענס גיט מען איהם איבער ארעסטאנטען וואס זיינען שוין אין פעטערבורג האלב־טויט און עס איז קיין וואונדער, אז זיי קענען אזא ווייטען וועג ניט אריבערטראגען.

אזוי האט זיך דאס געפיהרט א לענגערע צייט, ביז אין א געוויסען טאג האט זיך אין מיניסטעריום געמעלדעט א קאזאק, וועלכער איז אין כעס געוועזן אויף זיין אפיציער סערגעיעוו, פאר וואס ער האט פיר א קלייניגקייט איהם בעשטראפט מיט 25 קנוטעס. דיעזער קאזאק האט ערקלערט ווארום דער פערלוסט פון מענשען־לעבענס איז אין סערגעיעוו'ס טראנספארטען אזוי גרויס. אויף דעם וועג צווישען פעטערבורג און מאסקווא ווערען פיעלע געפאנגענע איינפאך ערמארדעט, און דאס טהוט סערגעיעוו זעלבסט. ער דערשטיקט זיי ביי נאכט ווערענד זיי שלאפען און אויף דיעזער ארט שפארט ער איין פאר זיך דיא וועג־הוצאות. אויף אזא אופן האט ער שוין ביז יעצט צוזאמענגעקליבען א קאפיטאל פון א 100 טויזענד רובעל.

מען האט באלד געמאכט א געהיימע אונטערזוכונג. אויף דעם בעפעהל פון מיניסטעריום האט דער דאמאליגער שעף פון פאליציי מיטגעשיקט א דעטעקטיוו, אלס א פערשטעלטען ארעסטאנט וואס ווערט אבגעשיקט נאך סיביר, אין וועג האט דער דעטעקטיוו זעלבסט געזעהן וויא סערגעיעוו ערמארדעט דיא

געפאנגענע. ער בעפאלט שטילערהייד דיא אונגליקליכע, ווארפט אויף זיי פלוצלונג ארויף א וואָלענע דעקע און דערשטיקט זיי אייניציגוויים. אזוי מאכט ער עס יעדע נאכט מיט אייניגע געפאנגענע און דעם נעכסטען פריהמאָרגען, ווען מען געפינט זיי טויט, הייסט ער זיי אויף דער שטעלע בעגראָבען און פיהרט דעם טראנספּאָרט ווייטער.

ווען מען איז געקומען אין מאָסקווא, האָט שוין דאָרט אויף דער עטאפּען סטאציאָן געווארט א קוריער פון פּעטערבורג. דער דעטעקטיוו האָט פּאָרגע־שטעלט זיין בעריכט און דער אָפיציער סערגעיעוו איז ארעסטירט געוואָרען. מען האָט דאן אויסגעגראָבען פיעלע געפאנגענע און א מעדיציינישע אונטערזו־כונג האָט באלד בעוויזען, אז זיי אלע זיינען ערמאָרדעט, דערשטיקט געוואָרען.

סערגעיעוו איז פערארורטהיילט געוואָרען צום טויט, אָבער גראף אָרלאָוו, וועלכער איז דאמאָלס געווען דער גאנצער בעל דעה ביי דער קייזערין, האָט זיך פאר איהם אָנגענומען, ווייל סערגעיעוו איז געווען איינער פון זיינע הויפט אגענטען, וואָס האָט צוגעשטעלט שעהנע פרויען אין זיין הארעם און האָט אויך געוואוסט פון פיעלע אנדערע זיינע געהיימע אינטריגען. אויף אָרלאָוו׳ס וואונש האָט דיא קייזערין סערגעיעוו׳ען בעגנאדיגט צו לעבענסלענגליכע קאָ־טאָרגא־ארבייט אין סיביר.

אין א צייט פון צוויי יאָהר האָט אָרלאָוו ווייטער דורכגעפיהרט, אז סער־געיעוו איז אין גאנצען בעגנאדיגט געוואָרען און מען האָט איהם ווידער אויפ־גענומען אין דער ארמעע, נאטירליך ניט אלס אָפיציער, זאָנדערן אלס איינפאַ־כער קאָזאק. אין א קורצע צייט האָט ער דורך דיא ריכטיגע ערפילונג פון זיינע פּפליכטען זיך פערדיענט געמאכט, אז ער איז אוואנסירט געוואָרען אלס וואכ־מייסטער אונטער דער קאָמאנדע פון לייטענאנט פּאול סאלטיקאָוו.

— קומט נור אהער, סערגעיעוו! האָט פּאול אויסגערופען מיט א בעפעה־לענדען טאָן. איך האָב אייך צו געבען אייניגע אינסטרוקציאָנען וועגען אונזערע געפאנגענע.

סאלטיקאָוו האָט געשפּיעלט דיעזע קאָמעדיע נור דארום, ווייל צוזאמען מיט׳ן וואכמייסטער איז אריינגעקומען דער דיענער, וועלכער האָט געבראכט צוויי גרויסע קריגעלעך וויין מיט צוויי בעכער און אוועקגעשטעלט אויף׳ן טיש. באלד אָבער וויא דער דיענער איז ארויסגעגאנגען האָט ער זיך געווענדעט צום קאָזאק מיט א פריינדליכען שמייכעל און ארויפלייגענדיג דיא האנד אויף זיין שולטער האָט ער געזאָגט:

— ווייסט איהר וואָס איך האָב אייך צו בעפעהלען, ליעבער סערגעיעוו? איהר זאָלט פערזוכען פון דעם קאווקאזישען וויין, וועלכער איז ביי אונז אין שלאָס אָבגעלאגערט נאָך פון מיין פאָטער׳ס צייטען. איהר זייט דאָך א מבין אויף א גוטע גלעזעל משקה.

— איך דאנק אייך זעהר, הערר לייטענאנט, האט געענטפערט סערגעיעוו מיט גרויס צופריעדענהייט, עס איז ווירקליך א פערגעניגען צו דיענען אונטער אייער קאמאנדע. איך וואלט ווינשען, אז איהר זאלט אונז וועניגסטענס א פאר וואכען האלטען אין דיעזען שלאס. ווען מיר וועלען אריבערגעהן דיא סיבירישע גרענעץ, דאן קען שוין וועגען בעקוועמליכקייט קיין רייד ניט זיין, דארט פאנגט זיך שוין אן דער מארש איבער שנעע־פעלדער.

— דארום דארפען מיר זיך יעצט פיר יענע צייט שטארקען, האט פאול געזאגט אנגיסענדיג דיא בעכערס.

— פאר אייער געזונדהייט, הערר לייטענאנט, און פאר דיא געזונדהייט פון דער קניאגיניא, אייער שוועסטער.

דער וואכמייסטער האט זיך דאביי געזעצט צום טיש און אויסגעטרונקען זיין בעכער, דאן האט ער זיך אבגערופען:

— דארף איך פרעגען, הערר לייטענאנט, פיהרט איהר יעצט דעם ערשטען מאל א טראנספארט נאך סיביר?

— יא, און איך וואלט דארום וועלען הערען, אויב דיעזע רייזע איז אין דער טהאט אזוי געפעהרליך וויא איך האב געהערט פון מיינע קאמעראדען וואס זיינען שוין דארט געווען.

— הערר לייטענאנט, האט געענטפערט סערגעיעוו זעהר ערנסט, איך האב שוין אין מיין לעבען געמאכט 67 אזעלכע רייזען און ווען איך זאל אייך דער־צעהלען וואס מיט מיר האט פאסירט וואלט איהר דאס ניט גלויבען. איך קען אייך נור אזוי פיעל זאגען, אז עס איז מיר אויסגעקומען זיך ארומצושלאגען מיט גרויסע סטאדעס וועלף, צו קעמפפען מיט דיא ווילדע קירגיזען, צוויי וואכען ניט צו האבען מיט וואס דעם הונגער און דעם דורשט צו שטילען, אבער דיא שרעקליכסטע פון דיעזע אלע געפאהרען איז א שנעע־שטורם.

— א שנעע שטורם? יא, איך האב געהערט, אז דיעזע פורכטבארע ווע־טערען קומען פאר אין דיא סיבירישע פעלדער גאנץ אפט.

— איהר האט געהערט, הערר לייטענאנט, אבער איך האב זיי געזעהן און איינמאל ביי אזא צופאל בין איך שוין געווען ניט ווייט פון טויט. נאך יעצט ווער איך דורכגעשוידערט ווען איך דערמאהן זיך וואס איך בין דאמאלס אויס־געשטאנען.

— דאס מוז זיין זעהר אינטערעסאנט. טרינקט, וואכמייסטער, און דער־צעהלט מיר דיא געשיכטע.

סערגעיעוו האט ווידער אמאל אויסגעטרונקען זיין בעכער און דאן האט ער אנגעפאנגען פאלגענדע ערצעהלונג:

— איך בין נאך דאמאלס געווען אפיציער. דאס איז געווען מיט א יאהר צעהן צוריק. מיר איז אויסגעקומען צו פיהרען א טראנספארט פון 6 ארעס־

טאנטען נאך סיביר, נאך סאכאלין, וואוהין מען פערשיקט דיא געפעהרליכסטע פערברעכער. מיינע געפאנגענע זיינען געוועזען מארד באנדיטען וואס האבען ארגאניזירט געפעהרליכע רויבער־באנדעס איבער רוסלאנד.

אנפאנגס האב איך פון דיעזע מערדער־באנדיטען געהאט גרויסע צרות. דריי מאל זיינען זיי ביי נאכט אנטלאפען טראצדעם וואס זיי זיינען געוועזען געשמידט אין שווערע קייטען. דאך האבען מיר זיי יעדעסמאל וויעדער גע־פאקט און געשמיסען מיט די קנוטעס ביז האלב טויט. זיי זיינען ענדליך געווארען געהארכזאם און זיינען געגאנגען צווישען אונז רוהיג וויא דיא לעמער.

מיר זיינען אריבער דעם אזיאטישען גרענעץ, דורכגעגאנגען דיא סיבירישע שנעע־פעלדער, ביז מיר זיינען אנגעקומען אין דיא אומגעגענדען פון סאכאלין. דאס וועטער איז געוועזען אזוי שעהן און ווארם, אז איך האב מיך אמת געוואונ־דערט וויא עס קומט אהין אזא שעהנע צייט, אט ריכטיג וויא מיר וואלטען זיך מיט אמאל געפונען אין דער שווייץ.

— העטמאן, האט זיך דארויף אבגערופען איינער פון דיא עלטערע קאזא־קען. דיעזע אונגעוועהנליכע ווארימקייט איז זעהר א שלעכטער סימן. מיר וועלען געוויס באלד האבען א גרויסען שנעע־שטורם און דאן זיינען מיר אלע פערלארען, דאן וועט קיינער פון אונז ניט קומען לעבעדיג נאך סאכאלין.

איך האב אנגעקוקט דעם קאזאק און האב זיך אויסגעלאכט פון איהם. דען זעהענדיג וויא דער הימעל איז קלאר און קיין שום וואלקען צייגט זיך ניט איז ביי מיר אויסגעקומען, אז דער אלטער רעדט דומהייטען. אויף מיין בעפעהל האט מען אויפגעשטעלט דעם לאגער, איך בין אריינגעגאנגען אין מיין געצעלט און, ערמידעט וויא איך בין געוועזען, האב איך באלד איינגעשלאפען.

דאס איז געוועזען אונגעפעהר 12 אוהר בייטאג. פלוצלונג האב איך פון שלאף דערהערט א גערויש און ערוואכענדיג האב איך בעמערקט מיט גרויס איבער־ראשונג, אז איך האב אבגעשלאפען וועניגסטענס צעהן שטונדען. ארום מיר איז געוועזען נאכט, אבער אזוי פינסטער, אז איך האב מיינע אייגענע הענד ניט געזעהן.

איך האב א פייף געטהאן, עס איז צוגעגאנגען א קאזאק מיט א לאנטערנע, וועלכע האט בשום אופן דיא דיקע פינסטערניס ניט געקענט בעלייכטען.

— דו ביזט א דומקאפ! האב איך אויף איהם זיך געבייזערט. וויא האסט דו געקענט אזוי לאנג מיך לאזען שלאפען? ווארום האסט דו מיך פריהער ניט אויפגעוועקט?

— אבער, העטמאן, האט זיך פערטהיידיגט דער קאזאק. איהר האט דאך געשלאפען בלויז א האלבע שטונדע. עס איז יעצט פונקט האלב נאך צוועלף ביי טאג און דאך איז עס פלוצלונג אזוי פינסטער געווארען.

מיט גרויס ערשטוינען האב איך א בליק געטהאן אויף מיין טאשען־אוהר

און האב געזעהן אז דיא ערקלערונג איז ריכטיג. אנדערע קאזאקען זיינען אונ־טערדעסען צוגעגאנגען און צווישען זיי אויך דער יעניגער וואס האט מיך אין דער פריה געווארנט.

— נו, העטמאן, האט ער זיך אבגערופען. האב איך אייך דען ניט געזאגט אז עס וועט קומען א שרעקליכער שטורם? אויב מיר וועלען אין פערלויף פון א האלבע שטונדע ניט געפינען ערגיץ א דארף זיינען מיר פערלארען.

אויף מיין בעפעהל האבען זיך אלע געזעצט אויף דיא פערד. דיא געפאנ־גענע האבען דיא קאזאקען גענומען צו זיך אויף דיא זאטלען און מיר האבען אנגעפאנגען צו רייטען מיט דיא שנעלקייט פון א שטורם. דאס וועטער איז איבריגענס געוועזן שטיל. קיין ביסעל לופט איז ניט געווען, נור צום דערשטיקט ווערען.

מיר זיינען אזוי געריטען אונגעפעהר 20 מינוטען, אלס דיא שטילקייט איז פלוצלונג אויף א שרעקליכען ארט אונטערבראכען געווארען. איבער אונזערע קעפ האט אנגעפאנגען צו קאכען און צו ברויזען, צו פייפען און צו רוישען, אזוי אז מיר האבען זיך געמוזט צוהאלטען אן דיא פערד, אום ניט אראבגעשלײדערט צו ווערען.

פלוצלונג איז דיא פינסטערניס וויא דורך א צויבער־קראפט אין איין מא־מענט פערשוואונדען. עס איז העל געווארען, אבער מיט אזא שארפע ליכטיג־קייט, אז מיר האבען גערעכענט מיר ווערען בלינד.

און דא האט אנגעפאנגען פאלען א שנעע. דיא גאנצע ערד איז מיט איין מאל פערוואנדעלט געווארען אין אן אונגעהייערען שנעע באל. עס האבען זיך געשאטען גאנצע בערג געדיכטע שנעע, וועלכער האט אין איינציגע מינוט פער־דעקט אונז און אונזערע פערד. דאצו האט זיך אנגעפאנגען א געוואלטיגער שטורם און מיר האבען ווייטער ניט אויף א טריט זיך געקאנט ריהרען און איך האב געמוזט געבען א בעפעהל זיך אבצושטעלען.

— גאט אין הימעל! האב איך אויסגעשריען. נאך א קורצע צייט און דער שנעע וועט אונז בעגראבען. אונזער איינציגע רעטונג איז נור ווען דיעזער שטורם זאל באלד אויפהערען.

— העטמאן, האט דער קאזאק געזאגט, דיעזע האפנונג איז זעהר שוואך. איך האב שוין געזעהען שנעע־שטורמס, וועלכע האבען געדויערט גאנצע 20 טעג.

מיר זיינען ארונטער פון דיא פערד און צוזאמענגעשטעלט דיא ארימע טהיערע רונד ארום אונז, אום דער שנעע זאל צו אונז ניט קענען צוקומען. דאך האבען מיר געמוזט שטארק און אהן אויפהער ארבייטען מיט דיא שופלען. צוויי פון אונזערע פערד זיינען אונטער דעם שנעע מיט יאמערליכע געשרייען געפאלען.

דער אלטער קאזאק איוואן האט שליסליך אונז א ראטה געגעבען אז דא

בלייבט קיין אנדער מיטעל אלס צו בויען א שנעע הויז. איך בין נאָך אין אזעלכע זאכען געווען אונערפאהרען, אָבער איוואן האָט געציינט וויא צו ארביי־טען און אין פערלויף פון צוויי שטונדען האָבען מיר געהאט פערטיג א גרויסע הויז צוזאמענגעשטעלט פון שנעע, אונטער וועלכע מיר און אונזערע פערד האָבען געהאט גענוג פלאץ. דיא קעלט האָט באלד דעם שנעע איינגעפראָרען אזוי אז דיא וועגד זיינען געווען וויא מויער.

דיא לופט אין דיעזען הויז איז געווען ציעמליך ווארעם. פראָוויאנט האָבען מיר געהאט גענוג אזוי אז עס איז אונז מעגליך געווען א לענגערע צייט, זאָגאר איניגע וואָכען דאָ צו פערבלייבען, ביז דער שנעע־שטורם וועט דאָך ענדליך אויפהערען.

דיא איינציגע אונבעקוועמליכקייט איז געווען דאָס מיר האָבען ניט געקענט מאכען קיין פייער, ווייל עס איז ניט מעגליך געווען צו לאָזען אן עפענונג וואו דער רויך זאָל אָבציהען. מיר האָבען זיך אלזאָ געמוזט בעגניגענען מיט אונזערע לאנטערנעס און וואָס אנבעטרעפט ווארעמע שפייזען איז דאָס שוין פאר אונז געווען אונמעגליך זיך צו פערשאפען.

אום צו וויסען ווען עס איז טאָג אָדער נאכט האָב איך בענוצט א שטעקען, אין וועלכען איך האָב יעדע 12 שטונדען איינגעשניטען א קארב, מיט א בעזונ־דערען צייכען. מיט דער הילפע פון דיעזען קאלענדער האָב איך בערעכענט אז מיר זיינען שוין אכט טאָג איינגעשלאָסען אין אונזער שנעע הויז.

און דער שנעע־שטורם האָט נאָך אימער ניט אויפגעהערט, גראדע פער־קעהרט. איך און איוואן זיינען אויף א פאָר מינוטען ארויסגעגאנגען, האָבען מיר געזעהען, אז דער שטורם איז שטארקער געוואָרען און דיא קעלט איז געווען אזוי שרעקליך, אז מעהר וויא דריי מינוטען וואָלט מען דרויסען ניט געקענט בלייבען לעבען.

אויף מאָרגען האָט זיך בעוויזען צווישען מיינע לייטע דיא געפעהרליכע קראנקהייט סקארבוט וואָס איז דאָרט שטארק שולט ביי אזעלכע צופעלע. דיעזע קראנקהייט איז זעהר אנשטעקענד, אזוי אז אין א פאָר טעג זיינען אלע געווען קראנק. בלויז איך און איוואן און דריי פון דיא געפאנגענע האָבען זיך נאָך וויא עס איז אויף דיא פיס געהאלטען.

פון'ם דרייצעהנטען טאָג האָבען מיינע לייטע אָנגעפאנגען צו שטארבען. יעדען טאָג האָבען מיר ארויסגעטראָגען צוויי אָדער דריי טויטע און האָבען זיי געמוזט לאָזען ליעגען אויף'ן שנעע. אויך אונזערע פערד זיינען געפאלען און מיר האָבען זיי ארויסגעשלעפט ניט ווייט פון שנעע־הויז. דאָס האָט צוגעצויגען מאסען הונגעריגע וועלף, און עס איז געוואָרען שוידערהאפט צו הערען יעדע נאכט זייערע בילערייען. מיר אליין זיינען דאריבער אויך געקומען אין א שרעקליכע געפאהר. מיר האָבען מורא געהאט אז סוף כל סוף וועלען דיא

וועלף אונז אויך בעפאלען און וועלען אונז לעבעדיגערהייד צורייסען, און אויפ־פרעסען גראדע אזוי וויא זיי האָבען אויפגעפרעסען אונזערע טויטע קאמעראדען.

ענדליך דעם נייןצעהנטען טאָג זיינען בלויז פינף מענשען געבליבען לע־בעדיג אין שנעע הויז: איך, דער אלטער איוואן און דריי פערברעכער. איך האָב אָנגעפאנגען זיך צו פיהלען אזוי אויסגעמאטערט און אזוי שוואך, אז עס איז מיר קוים מעגליך געווען ארומצוגעהן. אום זיך מונטער צו ערהאלטען, האָב איך זיך גענומען טרינקען שנאפס מעהר וויא געוועהנליך. איך האָב גע־האלטען אין איין שיכור'ען, אָבער דאָס האָט געהאָלפען נור אויף א קורצע צייט.

אויף מאָרגען זיינען מאסען וועלף בעפאלען אונזער שנעע־הויז און כאָטש עס איז זיי ניט געלונגען דיא דיקע איינגעפראָרענע וועגד דורכצוברעכען, האָבען מיר פון דעסטוועגען די גאנצע נאכט מורא געהאט די אויגען צו צומאכען. ענדליך ווען עס איז טאָג געוואָרען, האָבען דיא וועלף אונז אויפגעגעבען און מיר זיינען געפאלען שלאָפען.

מיט אמאָל האָב איך זיך אויפגעכאפט. איך האָב דערהערט א זאָנדער־בארען גערויש און עפענענדיג דיא אויגען, האָב איך בעמערקט וויא דיא פער־ברעכער רעדען שטילערהייד צווישען זיך. איך האָב זיך געמאכט ווייטער שלאָ־פענדיג און האָב גענוי צוגעהערט וועגען וואָס זיי האָבען גערעדט:

— ועמען זאָלען מיר צוערשט פון'ם וועג אָבראמען? האָבען זיי געפרעגט. דעם העטמאן אָדער דעם אלטען?

— איך מיין, אז מען זאָל אָנפאנגען מיט'ן אלטען איוואן, האָט דער צוויי־טער, א מערדער, א בלינדער אויף אן אויג, געענטפערט. איך וועל איהם אריינ־שטעכען א מעסער אין ברוסט און דאן וועלען מיר אלע דריי זיך נעהמען צום העטמאן.

ביי דיעזע ווערטער האָב איך לאנגזאם און אונבעמערקט גענומען אין האנד דעם געלאָדענעם רעוואָלווער וואָס איז געליגען ביי מיין זייט.

— דו ביסט א נאר, בלינדער, האָט דער ערשטער געזאָגט, דער העטמאן איז שוין שוואך וויא א פליעג, מיט איהם קענען מיר נאכהער פערטיג ווערען. אָבער דער אלטער וועט זיך געוויס פערטהיידיגען וויא א לייב.

— אלזאָ, צו דער ארבייט! האָט דער דריטער פערברעכער אויסגערופען. ער איז געווען דיק און הויך וויא א ריעז. לאָמיר אָנפאנגען פון העטמאן. איך וועל איהם מיט מיין האק צושפאלטען דעם קאָפּ.

מיט דיעזע ווערטער איז ער צוגעגאנגען גאנץ נאָהענט צו מיר. אָבער אין דעם זעלבען מאָמענט האָב איך שנעל אויפגעהויבען מיין האנד און האָב אויסגעשאָסען דעם ריעז פונקט אין הארצען. ער איז געפאלען טויט וויא גע־טראָפען פון בליץ, דאן בין איך אויפגעשפרונגען און האָב אויסגעשריען מיט א דונערשטימע:

— איוואן! איוואן, שטעה אויף! זאָנסט ביסט דו פערלאָרען!

— און דו אויך מיט איהם! דו אויך, פערדאמטער קאָזאק! האָט דער בלינדער מערדער געברומט וויא א ווילדע חיה און איז ארויפגעפאלען אויף מיר מיט זיין שארפען מעסער.

מיט דער שנעלקייט פון א בליץ האָב איך זיך ארויסגעריסען פון זיינע הענד און האָב מיט מיין רעוואָלווער איהם דערלאַנגט אזא שטארקען קלאָפּ אין קאָפּ, אז ער איז באלד אנידערגעפאלען מיט א צושמעטערטען מח. אין דער צייט איז דערוויייל איוואן אויך אויפגעשטאנען און ווען ער האָט געזעהן וואָס דאָ געהט פאָר, האָט ער געכאַפּט זיין ביקס און האָט גלייך אויף טויט דערשאָסען דעם לעצטען מערדער.

אויף אזא שרעקליכען ארט זיינען מיר בעפרייט געוואָרען פון דיא צוויי־פיסיגע מערדער. אָבער עס איז נאָך פאר אונז געבליבען דיא געפאהר פון דיא פיער־פיסיגע פיינדע, פון דיא וועלף וואָס וועלען ביי נאכט אויף אונז געוויס אָנפאלען.

מיר האָבען דאן ארויסגעשלעפּט דיא טויטע קערפּער און האָבען זיך דאביי איבערצייגט, אז מיר זיינען יעדענפאלס פערלאָרען. אנטלויפען פון שנעע־הויז איז אונמעגליך, ווען מיר וואָלטען זאָגאר געהאט דעם בעסטען פערד, ווייל דיא קעלט אין דרויסען איז נאָך מעהר געשטיגען, אזוי אז מיר וואָלטען אין איינינע מינוט זיכער געוועז דערפרוירען געוואָרען אויף טויט.

מיר זיינען אריין צוריק אין שנעע־הויז און האָבען פערמאכט דיא עפנונג מיט א דרייפאכען טויער פון שנעע, דאן האָבען מיר זיך אוועקגעזעצט ביי'ם שיין פון א לאנטערנע, פערטיג ווייטער צו פיהרען דעם קאמפּף מיט'ן טויט, ביז'ן לעצטען מאָמענט.

וויא לאנג מיר זיינען נאָך פערבליבען אין שנעע־הויז, האָב איך שוין דאן מעהר ניט געוואוסט. איך האָב אויפגעהערט צו פיהרען מיין שטעקען־קאלענ־דאר. באלד איז דער פּראָוויאנט אין גאנצען אויסגעגאנגען און צו אלע צרות האָבען מיר אָנגעפאנגען צו ליידען הונגער. בייגאכט האָבען אונז שטענדיג בע־לעסטיגט דיא וועלף, אָבער דיא שנעע־ווענד זיינען געוואָרען שטארק וויא אייזען און דיא וועלף האָבען צו אונז ניט געקענט צוקומען.

פון הונגער און פערצווייפלונג האָבען מיר אָנגעפאנגען צו קייען און פער־שלינגען שטיקער לעדער פון אונזערע שטיוועל. איוואן איז אָבער באלד אריינ־געפאלען אין א טיעפען שלאָף. זיין קערפּער איז אייז־קאלט געוואָרען און ער האָט שוין פון דיעזען טויטליכען שלאָף מעהר ניט אויפגעוואכט.

איך האָב דאנגען געקעמפּפט מיט אלע מיינע קרעפטען ניט איינצושלאָפען, אָבער לאנג האָב איך דעם קאמפּף מיט מיין נשמה ניט געקענט אָנפיהרען. איך בין ענדליך אויך געפאלען ביי דער זייט פון מיין לעצטען געשטאָרבענעם

קאמעראד. א שטארקער פיבער מיט מאָדנע חלומות האָבען מיך שרעקליך געפּייניגט און איך האָב שוין ערוואַרטעט דעם מאָמענט ווען מיין ענדע וועט קומען.

אָבער מיט אמאָל האָב איך דערהערט פון שלאָף א גערויש הינטער דער שנעע־וואַנד. איך האָב געדענקט, אז דאָס זיינען דיא וועלף, און עס האָט מיך שוין ווענינ געקימערט וואָס זיי וועלען מיך צורייסען. איך האָב יעדענפאַלס געפיהלט, אז איך שטארב. דאָך איז מיר פאָרגעקומען מערקווירדיג זאָנדערבאַר וואָס עס הערט זיך ניט קיין קוויטשעריי און קיין בילעריי פון דיא וועלף. איך האָב געהערט וויא מען ארבייט ארום דער פערמויערטער שנעע־וואַנד שנעל, אָבער שטיל.

— שנעל, שנעל, האָב איך פּלוצים דערהערט א מענשען־שטימע. מאכט עס שנעל און לאָמיר שוין אריינקומען אינווענינ און זעהן פיליכט לעבט נאָך יעמאַנד.

איך בין אויפגעשפּרונגען א פערציטערטער פון איבערראַשונג, און באלד בין איך צוריק אין אונמאכט געפאַלען.

ווען איך האָב ווידער ערוואַכט בין איך געלעגען אויף א ווייכען בעקוועמען לאַגער אין א ווארימען געצעלט און מיין ערשטער בליק איז געפאַלען אויף א קאָזאַקען־אָפיציער, מיינער א גוטער ברודער פון לאַנגע יאָהרען.

ער האָט מיך מיט פריידע בעגריסט און באלד האָב איך ערפאַהרען דיא וואונדערבארע געשיכטע פון מיין רעטונג. דיעזער אָפיציער האָט אויך גע־פיהרט א טראַנספּאָרט, אָבער צום גליק האָט דער שנעע־שטורם אויסגעבראָכען וועהרענד ער האָט זיך געפונען אויף אן עטאַפּנע סטאַנציע. ערשט ווען דיא קעלט האָט עטוואָס נאָכגעלאָזען איז ער ארויס אין וועג אריין. אויף'ן וועג וויי־טער האָט ער בעמערקט א זאָנדערבארען בערגעל שנעע. ניט ווייט ארום זיינען געלעגען צוריסענע טויטע קערפּער פון מענשען און פערד. אויף זיין בעפעהל האָבען דיא קאָזאַקען באלד אָנגעפאַנגען צו גראָבען און אויף דיעזען ארט בין איך געראַטעוועט געוואָרען. פון אכצעהן מענשען בין איך איינער געבליבען לעבען.

דאמיט האָט סערגעיעוו זיין ערצעהלונג געענדיגט און אויסגעטרונקען נאָך א בעכער וויין. פּאַול סאַלטיקאָוו איז דיא גאַנצע צייט געזעסען וויא אויף נאָד־לען און מיט גרויס אונגעדולד אויסגעהערט דיעזע ערצעהלונג וואָס וואָלט איהם ביי אן אנדער צייט געוויס שטארק אינטערעסירט. אָבער יעצט האָט ער איהם ניט געוואָלט אונטערברעכען... ניט געראָפען אום פון איהם שעהנע מעשות צו הערען. ער האָט איהם געראָפען וועגען א גאַנץ אנדער זאַך.

ער האָט אָנגעגאָסען דעם בעכער זעהר אָפט און ווען ער האָט געזעהן, אז דער קאָזאַק איז שוין גוט שיכור, האָט ער מיט איהם געגומען פערפיהרען פאָל־גענדען געשפּרעך:

— יא, מיין ליעבער סערגעיעוו, האט ער אנגעפאנגען, איהר האט זיך שטענ־דיג געצייגט אלס א מוטהיגער מאן. דאך האט דער שיקזאל אייך זעהר שלעכט געדיענט.

— דאס איז אמת, האט דער קאזאק געברומט מיט א בייזען טאן, מיך האט מען ניט בעלויינט לויט מיינע פערדיענסטען. טויזענדע פערברעכער האב איך געפיהרט און געבראכט נאך סיביר און האט דאמיט בעפרייט אונזער קייזערין פון איהרע געפעהרליכסטע פיינדע און דערפאר האט מען מיך נאך דעגראדירט. פון אן אפיציער בין איך געווארען אן איינפאכער קאזאק. א שעהנע קאריערע האב איך מיר געמאכט.

— יא, דיא מענשען זיינען איבערהויפט שלעכט און איהר האט רעכט זיי צו האסען.

— געוויס, האט דער קאזאק געשריען, און האט זיך א קלאפ געטהאן מיט'ן קולאק אין ברוסט, ביי מיר האט א מענשען־לעבען גאר קיין ווערטה ניט. בעס־טיעס זיינען זיי אלע, קאנאליעס, א מצוה זיי אויסצוראטען.

— איהר זיינט פערביטערט, האט פאול בעמערקט כלומרשט מיט סימפא־טהיע, אבער מען מוז דאס אייך פערצייהען. מען האט געגען אייך צו שטרענג געהאנדעלט.

דער קאזאק איז אויפגעשפרונגען. זיין געזיכט איז פערקרומט געווארען פון כעס און אויפרעגונג און זיינע אויגען האבען געברענט מיט רציחה.

— יא, מען האט מיך פעראורטהיילט צום טויט! האט ער אויסגערופען מיט א פייערדיגע שטימע. און ווארום? ווייל איך האב איינינע באנדיטען קורצער געמאכט מיט א קאפ. א געוואלטיגער פערברעכען! א קלייניגקייט? איז דען ניט גלייכער, אז זיי שטארבען אין וועג און מען פערשפארט זיך מיט זיי באדערען וויא מיט אומזיסטע קעסט־קינדער?

— אבער דאס געלד פאר דיא הוצאות אויף זיי האט איהר דאך צוגענומען?

— געוויס האב איך עס געטהאן, האט סערגעיעוו געענטפערט אונפער־שעהמט. און ווארום דען ניט? איך פרעג אייך, לייטענאנט סאלטיקאוו, וואס בעצוועקט מען דאמיט וואס מען פערשיקט דיא פערברעכער נאך סיביר? וויל מען דען, אז זיי זאלען דארט לאנג לעבען? דאס געוויס ניט. מען האט דארט אלעס אזוי איינגעארדענט, אז קיינער זאל לאנג ניט קענען אויסהאלטען. איך בין אלזא געוועזען בלויז א שליח, אז דער וואונש פון דער רעגיערונג זאל שנעלער ערפילט ווערען, און איך האב דאריבער געהאט פאלשטענדיג רעכט אויף'ן געלד וואס איך האב איינגעשפארט.

פאול האט אנגעגאסען דעם וואכמייסטער נאך א בעכער ווין, וועלכען דיעזער האט ווידער אויסגעטרונקען. דעם קאזאק'ס געזיכט האט שוין גע־

ברענט וויא פייער און יעדען ווארט פון זיין געשפרעך האט ער ארויסגערעדט מיט אזא כעס וויא א צורייצטער טיגער.

— אבער וויא האט איהר זיך פון דעם טויט אורטהייל אויסגעדרעהט? האט איהם פאול געפרעגט.

— דורך מיין פריינד גראף ארלאוו, וועלכער האט אויסגעווירקט פאר מיר א בעגנאדיגונג אין דער רעכטער צייט, דען אלעס איז שוין געווען פארבערייטעט איך זאל דעם דריטען טאג אויפגעהאנגען ווערען. איבריגענס האב איך געוואוסט, אז ארלאוו וועט זיך מוזען פאר מיר אננעהמען, דען זאנסט וואלט איך פאר דער הינריכטונג עטוואס אויסגעזאגט.

— אויסגעזאגט? האט געפרעגט סאלטיקאוו מיט א לויערנדען בליק. וואס מיינט איהר דאמיט?

— דאס איז שוין מיין עסק, האט געענטפערט דער בעטרונקענער קאזאק, וועלכער האט נאך טראצדעם זיין פערשטאנד ניט פערלארען. נור אייך, הערר לייטענאנט, קען איך אזוי פיעל זאגען: עס גיבט אין יעדען מענשליכען לעבען געוויסע דונקעלע פונקטען, פון וועלכע מען קען מאכען גרויסע, שווארצע פלעקען אויב מען וויים נור וויא. וואס אנבעטרעפט גראף ארלאוו, האב איך געוואוסט אזעלכע זאכען, פון וועלכע עס האט פיר איהם ניט געלאהנט אז אנדערע זאלען עס אויך וויסען. איך בין אלזא פערשיקט געווארען אויף׳ן גאנצען לעבען נאך סיביר און ארלאוו האט אויסגעווירקט, אז איך האב דארט זעהר לייכט געארבייט.

„אבער סיביר אליין איז דאך אויך ניט קיין פערגעניגען. אבער איך בין דארט לאנג ניט פערבליבען. ארלאוו האט מיך ענדליך אין גאנצען פריי געמאכט און דורך זיין ארבייט בין איך ווידער אויפגענומען געווארען אין מיליטער, צוערשט אלס איינפאכער קאזאק, אבער ארלאוו האט געהאלטען ווארט. נאך צוויי יאהר צייט בין איך געווארען וואכמייסטער, אבער ווידער צו בעקומען מיין אפיציער טשין דארף איך וואהרשיינליך ניט האפען, איבערהויפט יעצט, נאכדעם וויא גראף ארלאוו האט זיין גאנצע מאכט שוין לאנג פערלארען.

— אבער פארלויפיג מוזט איהר, הייסט עס, לעבען קארג און צו דעם אמאליגען פערמעגען וואס מען האט ביי אייך קאנפיסקירט וועט איהר דאך שוין געוויס ניט קומען.

— איך בין ארעם וויא א בעטלער, האט דער קאזאק אויסגעשריען מיט גרויס אויפרעגונג, און דאס קרענקט מיט ביז צום טויט. אלס אפיציער בין איך געוועזן פערלאבט מיט א שעהנע קאזאקען־מיידעל פון אוקריינא. זיא האט מיר איהר ליעבע פערזיכערט, אבער ווער עס האפט אויף ווייבערשע טריייהייט בויט אויף זאמד. נאכדעם וויא איך בין פערשיקט געווארען האט זיא געהייראטה אן אנדערען, א רייכען קאזאק. מיט א האלב יאהר צוריק איז איהר מאן געשטאר־

בען. איך האב זיא ניט לאנג צוריק געזעהן. זיא איז נאך אימער שעהן, פיעל שעהנער וויא פריהער ווען זיא איז א מיידעל געוועזן.

— און ווארום קענט איהר מיט איהר יעצט ניט הייראטהען?

— איך וואלט שוין קענען און וועלען, אבער זיא וויל ניט. דעם לעצטען מאל ווען איך בין ביי איהר געוועזן האט זיא מיר געזאגט, אז דער פערשטארבענער מאן האט איהר איבערגעלאזען א קאפיטאל פון צעהן טויזענד רובעל. זיא פאדערט אלזא דאס, איך זאל אויך מיטברענגען אזא סומע געלד, דאן וועט זיא מיט מיר הייראטהען, אבער ניט פריהער. זיא האט מיר דארויף געגעבען איין יאהר צייט.

— און וויא פיעל געלד האט איהר שוין, וואכמייסטער?

— איך? זאל מיך דער טייפעל צורייסען אויף שטיקער אויב איך האב זאגאר א גראשען.

פאול האט פלוצלונג ארויפגעלעגט זיין האנד אויף דעם קאזאק'ס ארם און האט זיך אבגערופען:

— אלזא, סערגעיעוו, זאגט מיר, ווילט איהר דיא צעהן טויזענד רובעל נאך דיעזע נאכט קריגען אום איהר זאלט דאמיט אייער גליק געווינען?

דער וואכמייסטער איז ביי דיעזע ווערטער מיט איינמאל פיעל ניכטערער געווארען. ער האט אויף סאלטיקאוו'ן זיינע פערוואונדערטע בליקען געווארפען און האט געפרעגט העכסט ערשטוינט:

— אויב איך וויל? געוויס! זאגט מיר נור וואס דארף איך דאפיר טהאן. דען אומזיסט וועט איהר מיר דאך אזא סומע געלד ניט געבען.

— עס איז א פערגעניגען מיט אייך צו רעדען, האט דער לייטענאנט געשמייכעלט. זעצט זיך צו מיר נעהענטער, דען דאס וואס איך האב אייך יעצט צו זאגען דארפט נור איהר אליין הערען.

— אזא געשיכטע? האט סערגעיעוו געזאגט און האט זיך צוגערוקט נעהענטער. זאגט מיר וועגען וואס האנדעלט עס זיך.

— איך וויל איהר זאלט דיעזע נאכט אומברענגען דיא ווירטהין פון שלאס.

— אייער שוועסטער? איז סערגעיעוו אויפגעשפרונגען פון גרויס איבערראשונג, אייער אייגענע שוועסטער, לייטענאנט סאלטיקאוו? און איהר ווילט—

— הערט מיך נור אויס, האט איהם פאול אונטערבראכען און געשלעפט צוריק ער זאל זיך ווידער זעצען נעבען איהם. איהר זאלט ניט דענקען, אז איך בין אזא גרויזאמער מערדער. איך וויל אייך אלעס ערקלערען און דאן וועט איהר זעלבסט אורטהיילען, אויב איך האב א רעכט מיין שוועסטער דעם לעבען צו נעהמען אדער ניט.

— אבער א שוועסטער! האט געמורמעלט דער קאזאק. את, הייליגע מוטער! אן אייגענע שוועסטער! איך קען דאס ניט בעגרייפען!

— אַבער גענוג שוין פּלוידערען, סערגעיעוו, האָט פּאול אויסגערופען אונ־
געדולדיג. זאָגט, אז איהר ווילט ניט, דאן וועל איך געפינען צעהן אנדערע וואָס
וועלען דאָס טהאָן. אלזאָ, ווילט איהר אויסהערען מיין ערקלערונג אָדער ניט?

— איך בין נייגיעריג יעדענפאלס אייער ערקלערונג צו הערען.

— איהר ווייסט, סערגעיעוו, אז איך בין זאָנסט קיין שלעכטער מענש. אזוי
פיעל קענט איהר מיך דאָך שוין. איך וואָלט געוויס ניעמאלס דענקען מיין
שוועסטער מיט א פינגער צו בעריהרען, אָבער דאָ האנדעלט זיך וועגען דיא
עהרע פון מיין פירסטליכע פאמיליע און פיר דיעזע עהרע וואָלט איך פערטיג
געווען זאָגאר זיך זעלבסט צו אָפּפערען ווען דאָס זאָל נויטהיג זיין. איהר האָט
מיין שוועסטער געזעהן, וויא געפעלט זיא אייך?

— זיא איז א וואהרער ענגעל.

— יא, אזוי שיינט זיא צו זיין — און עס איז אויך וואהר, אז דיא נאטור
האָט איהר געגעבען אזא אויסערליכען אנבליק, מיט וועלכען זיא קען יעדען
איינעם צוציהען וויא א מאגנעט. אָבער וויסען זאָלט איהר, אז דיעזער ענגעל
וועט קירצליך אונזער גאנצע פאמיליע ברענגען צו געפעהרליכע שאנדע. איהר
ווייסט דאָך וואהרשיינליך, אז זיא איז פריהער געווען א הויפדאמע ביי דער
קייזערין?

— דאָס ווייס איך. מען זאָגט, אז דיא הויפדאמען זיינען זעהר אויסגע־
לאסען.

— אהא, זעהט איהר? יעצט וועט איהר מיר שוין צוגעבען, אז איך בין
גערעכט. איך מוז אייך זאָגען, אז אין פּעטערבורגער הויף האָט עס ניט געגעבען
אזא אנשטענדיגע און אונשולדיגע מעדכען וויא מיין שוועסטער. דאָרט איז זיא
פערדאָרבען געוואָרען, זעהענדיג אזעלכע שלעכטע ביישפּיעלע, זאָגאר פון דער
קייזערין אליין. צווערשט אָרלאָוו, יעצט פּאָטעמקין און ווער ווייס וועלכען
זיא וועט נאָך אלס דריטען אויסקלייבען.

— פּיליכט נאָך דעם לייטענאנט סאלטיקאָוו, האָט זיך אָבגערופען דער
וואכמייסטער מיט שפּאָט.

— פארוואָס דען ניט? זיא איז אויף אלעס פעהיג... איך וועל אייך בלייבען
א טרייער פריינד, אויב איהר וועט ערפילען מיין וואונש און פערהיטען דיא
עהרע פון מיין פאמיליע. איהר קענט זיכער זיין, אז וויא איך וועל נור קומען
צו מאכט, דאן קריעגט איהר באלד צוריק אייער אָפּיציערסקי טשין.

— מיין אָפּיציערסקי טשין און צעהן טויזענד רובעל? אָה, דאן קענט
איהר מיך האָבען, דאן געהער איך צו אייך, דאָ האָט איהר מיין האנד דארויף.

— ניין, אייער האנד נעהם איך נאָך ניט. פריהער מוזט איהר אויסהערען
ווארום איך בין בערעכטיגט מיין שוועסטער פון דער וועלט אָבצושאפען. זיא
איז אין פּעטערבורג בעקאנט געוואָרען מיט א געוויסען סטודענט, א שלעפער

וואס האט זאגאר קיין גאנצען ראק אויף'ן לייב, דען דעם גרויסען פערמעגען וואס איז איהם געבליבען בירושה פון זיין פאטער האט ער פערשפיעלט אין קארטען און פערשוועגדעט אויף אויסגעלאסענע פרויענצימער.

"אין דיעזען שלעפער האט זיא זיך פערליעבט און זיא איז נאך געווען אזוי פרעך צו פאדערען, אז איך זאל איהר געבען ערלויבנים מיט איהם צו הייראטהען. איך האב איהר דאס נאטירליך ענטזאגט און דאביי האב איך זיא גוט גע'מוסר'ט, אז זיא זאל איהר אויפפיהרונג פערבעסערען. אבער זיא האט זיך פון מיר אויסגעלאכט.

— וואס ווילסט דו? האט זיא דארויף געענטפערט, אויב דו ערלויבסט מיר ניט חתונה צו האבען מיט מיין סטודענט, דאן וועל איך גאנץ איינפאך לעבען מיט איהם אהן חתונה.

"איך האב ווירקליך ניט געקענט גלויבען, אז זיא וועט זיך ענטשליסען אויף אזא שאנדע. באלד איז אבער ארויסגעקומען נאך אן ערגערער סקאנדאל. אין קייזערליכען הויף איז באלד בעוואוסט געווארען, אז זיא איז שוואנגער. עס איז אויף איהר געפאלען א פערדאכט, אז זיא לעבט מיט פאטעמקין'ען, דען זיא איז איהם אויך נאכגעלאפען. מען האט זיא באלד פון הויף ארויסגעטריבען, און דאס קינד האט זיא אירגענדוואו אין פעטערבורג בעזייטיגט, פילייכט זאגאר ערמארדעט.

— ווער וואלט עס געקענט גלויבען אויף דיעזע מעדכען מיט איהר ענגעלגעזיכט? האט געמורמעלט סערגעיעוו. יא, דיא מענשען זיינען אלע בעסטיעס, אלע אהן אויסנאהמע.

— מיר ביידע זיינען עהרליכע לייט, האט געזאגט סאלטיקאוו גאנץ ערנסט. אלזא, וואס אנבעטרעפט איהר: זיא איז געקומען אהער צוריק פון פעטערבורג און האט מיטגעבראכט איהר סטודענט. ער וואהנט דא אין איינעם פון אונזערע ארומיגע הויפען; זעהר אפט פאהרט זיא אוועק אבענדס צו איהם און פערבלייבט דארט ביז אויף מארגען נאכמיטאג. און שטעלט זיך פאר, וואכמייסטער, דיעזער לומפ וואס האט זאגאר קיין צוריסענעם ראק אויף'ן לייב ניט געהאט לעבט יעצט וויא א פירסט. ער האלט פרעכטיגע פערד, פאהרט אין שטאדט און פערשוועגדעט מאסען געלד, וועלכע מיין פערדארבענע שוועסטער גיט איהם וויפיעל ער וויל אליין. אונזער פאמיליען פערמעגען ווערט אלזא רואינירט דורך דיעזע נאטאלקא, וועלכע איך האס יעצט נאך מעהר וויא איך האב זיא אמאל געליעבט.

"דאס איז נאך ניט אלעס. יעצט קומט דאס שלימסטע. מיין שוועסטער האט געמאכט א טעסטאמענט און אבגעשריבען דעם סטודענט איהר גאנצען איינענטהום. ווען זיא זאל היינט שטארבען, דאן איז יענער סטודענט דער איינציגער יורש. איך, דער לעצטער פון אונזער פירסטליכע פאמיליע, וועל

בלייבען אן אָרעמאן און א פּרעמדער וועט הערשען אין אונזער שלאָס. יעצט זאָגט אליין, זעהט איהר דען ניט איין, אז איך מוז אלעס טהאָן אום אזא זאך צו פערהינדערען?

— פיליכט וואָלט געווען גלייכער, אז איהר זאָלט אייער שוועסטער אָבגעבען אין א משוגעים־הויז? זיא איז געווים וואהנזיניג; א קלאָרער מענש קען אזוי ניט האנדלען.

— אויך דאָס האָב איך שוין פּרובירט, אָבער עס איז מיר ניט מעגליך געווען. זיא איז רייך און מיט געלד האָט זיא אונטערגעקויפט אלע ערצטע. קיינער וויל מיר ניט געבען דיא פּאפּיערען וואָס זיינען דאצו נויטווענדיג. מיר בלייבט אלזאָ קיין אנדער ברירה, און איך, ליעבער סערגעיעוו, האָב איך אויסגעוועהלט, אז איהר זאָלט מיר דיעזע טובה טהאָן. דיא פערשפּראָכענע צעהן טויזענד רובעל בעקומט איהר נאָך היינט באלד וויא איהר זייט מיט איהר פערטיג.

— פוסטע פערשפּרעכונגען! האָט אויסגערופען דער קאָזאק מיט א מינע פון א קאלטען מערדער. איהר מוזט עס מיר שווערען ביי דעם אנדענקען פון אייער מוטער. אזא שבועה איז ביי אונז קאָזאקען הייליג און דארויף וועל איך זיך קענען פערלאָזען. דאָרט הענגט איהר בילד. שטעלט זיך נעגען איהר, הויבט אויף דיא הענד און שווערט.

און סאלטיקאָוו האָט געגעבען דיעזע שרעקליכע שבועה. מיט פעסטע טריט איז דער מערדער צוגעגאנגען צו דער מוטער׳ס בילד און ביי איהר אנדענקען געשוואָרען, אז ער וועט בעצאָהלען דעם מערדער פון זיין שוועסטער. דער־מיט איז דער בלוטיגער אָבמאך געשלאָסען געוואָרען. נאָך אמאָל האָבען דיאביידע באנדיטען אויסגעטרונקען צו בעכער וויין און דאן האָט סאלטיקאָוו אויס־גערופען:

— עס איז צייט איהר זאָלט זיך נעהמען צו דער ארבייט. וועלכע וואפען צו געברויכען, דאָס איז אייער זאך; דאָך גלויב איך, אז עס וואָלט געווען אם בעסטען און אם שנעלסטען זיא צו דערשטעכען מיט א מעסער.

— ניין, בלוט איז געפעהרליך, ווייל עס בלייבען שפּורען, וועלכע קענען פיהרען צו א סליאד. עס איז גלייכער ווען איך וועל זיא בעפאלען אין שלאָף און דערשטיקען.

— דיא אידעע געפעלט מיר. איך זעלבסט וועל אייך אריינפיהרען אין איהר שלאָף־צימער, אָבער דאן מוזט איהר עס מאכען געשיקט, אז זיא זאָל ניט אויפוואכען, דען איין געשריי, איין רוף אום הילפע קען פיר אונז ווערען געפעהרליך.

— וועגען דעם זאָרגט ניט. איך בין פערטיג געוואָרען מיט שטארקערע פון

איהר. זיא וועט ביי מיר אפילו א פיפס ניט טהאָן. אלעס וואָס איך דארף איז א שטארקען שטריק. קענט איהר עס מיר גיט פערשאפען?

— א שטריק? — ניין — אָבער ווארט נור. דאָ איז א זאַך, וועלכע איהר קענט גאנץ גוט געברויכען.

איבער דער קרוין פון זיין מוטער׳ס בילד איז געהאנגען א פּאָר טרויער־פּאָרטיערען, פון וועלכע עס זיינען אראָבגעהאנגען פוןביידע זייטען דיקע, זיידענע שניר, פערציערט מיט פרענז. דער שענדליכער זוהן האָט אראָבגעריסען מיט א פרעכע האנד דיעזע שניר און איבערגעגעבען דעם געדונגענעם מערדער זאָגענדיג:

— דאָס וועט זיין גוט אלס א שטריק.

— וויא געמאָסטען, האָט בעשטעטיגט דער מערדער, דאמיט וועל איך זיא גאנץ לייכט דערשטיקען.

— אלזאָ, קומט! נאטאלקא שלאָפט שוין מסתמא גאנץ פעסט און מיר וועלען שוין בעזאָרגען, אז זיא זאָל מעהר ניט אויפשטעהן.

ביידע מערדער האָבען נאָך אמאָל אויסגעטרונקען צו בעכער וויין און דאן זיינען זיי אוועק זייער בלוטיגען פּלאן אויסצופיהרען.

## 33טער קאפיטעל

## א שרעקליכער פערברעכען.

באלד וויא נאטאליא האָט זיך איבערצייגט, אז דיא געפאנגענע זיינען געטרעטעט, איז זיא אוועק אין איהר שלאָף־צימער און האָט זיך אָנגעפאנגען אויסטהאָן גאנץ אליין, אָהן דער הילפע פון איהר קאמערמעדכען, ווייל זיא האָט פריהער דער גאנצער דיענערשאפט געהייסען געהן שלאָפען, אום דיא געפאנגענע זאָלען ניט געשטערט ווערען אין זייער אנטלויפען.

דיא ליעבליכע נאטאליא איז געפאלען אויף דיא קניע ביי איהר בעט און האָט געבעטען ביי גאָט פון טיעפען הארצען פאר דיא נשמות פון איהרע פערשטאָרבענע עלטערען און אויך פאר איהר ברודער, אז גאָט זאָל איהם אריינשיקען א גוטע מחשבה אין קאָפּ אריין, ער זאָל אויפגעבען זיין לייכטזיניגע אויפפיהרונג און אָנפאנגען א נייעם לעבען אלס אן עהרען־מאַן. דאן איז זיא אויפגעשטאנען און איז געגאנגען צו בעט.

עס איז זיך שווער פּאָרצושטעלען א שעהנערען בילד ווי דיעזע ליעבליכע נאטאליא, וועלכע האָט יעצט גערוהט אויף איהרע זיידענע קישענס. דיא ליכט אין צימער איז געווען אויסגעלאָשען און דיא זילבער־ווייסע שטראהלען פון דער לבנה האָבען בעשיינט איהר ליעבליך־שעהנעם קאָפּ, גראדע וויא זיי וואָלטען קושען איהר ווייסען, שעהנעם שטערען.

נאטאליא האָט צוגעשלאָסען איהרע אונשולדיגע פּארשען־אויגען. דיא

געטין פון זיסע חלומות האט ארומגעשוועבט אין איהר בעוועגענדע ברוסט, בע־דעקט מיט א פיינע זיידענע העמד. ענדליך איז זיא איינגעשלאפען.

שטיל און רוהיג איז געווען אין צימער. דער טהייערער זייגער אויף'ן טיש האט געצייגט צוואנציג מינוטען נאך צוועלף.

מיט אמאל האט זיך גאנץ פארזיכטיג דיא טיהר געעפענט און צוויי דונ־קעלע געשטאלטען זיינען אריין אין שלאף־צימער.ביידע האבען אויף יענער זייט טיהר אויסגעטהאן זייערע שיך, עס זאל זיך ניט הערען קיין גערויש פון זייערע טריט.

פאול סאלטיקאוו איז דער ערשטער אריין צו זיין שוועסטער אין שלאף־צימער און האט א וואונק געגעבען דעם וואכמייסטער ער זאל ווארטען ביי'ם שוועל. דאן איז ער צוגעגאנגען צום בעט און נאכדעם וויא ער האט זיך איבער־צייגט, אז זיא שלאפט, האט ער שטילערהייד מיט'ן פינגער א וואונק געטהאן דעם מערדער, וועלכער איז גלייך צוגעלאפען האלטענדיג דעם שווארצען שנור אין האנד.

דער ברוטאלער קאזאק איז געשטאנען גאנץ גלייכגילטיג ווערהענד פאול'ס אויגען האבען געברענט פון אויפרעגונג און אונגעדולד.

— זיא שלאפט פעסט, האט ער שטילערהייד געשעפטשעט צום קאזאק. מאך עס שנעל און געשיקט, זיא זאל קיין געשריי ניט קענען טהאן.

— פערלאזט זיך אויף מיר, זיא איז ניט דיא ערשטע און ניט דיא לעצטע ביי מיר.

מיט דיעזע ווערטער איז ער צוגעגאנגען צום צוקאפענעס פון בעט, ווערהענד פאול איז געשטאנען צופוסענס. דער מערדער, דער ברודער, האט אליין גע־וואלט זעהן וויא דער געדונגענער מערדער טהוט ריכטיג זיין ארבייט.

— אבער וויא שעהן זיא איז! האט סערגעיעוו אויסגעשריען, נעגען זיין ווילען ווערהענדיג בעגייסטערט, בעטראכטענדיג נעהענטער דיא שלאפענדע שעהנהייט. אזא יונגע קינד! ווירקליך, מיינע הענד הויבען זיך ניט, ווען איך בעדענק —

— דענקט נור וועגען דיא 10 טויזענד רובעל.

— איך טהו עס, איך טהו עס שוין.

מיט א געצוואונגענע ענטשלאסענהייט האט דער מערדער אין דער מינוט אנגעכאפט זיין אפפער פאר'ן האלז און מיט דער אנדערער פרייער האנד האט ער געכאפט איהר שעהנעם קאפ. אין דיעזען מאמענט האט נאטאליא אויפגע־וואכט. א שוידער האט דורכגעציטערט איהר שעהנעם קערפער. איהר האלז איז אזוי פערשטיקט, אז זיא קען א ווארט ניט רעדען, נור איהרע אויגען פול מיט שרעק האבען זיך געווענדעט צו דעם פירכטליכען קאזאק, וועלכער איז גע־שטאנען איינגעבויגען איבער איהר.

דאָס איז געווען א בליק, פון וועלכען א שטיין וואָלט אויך געמוזט גע־ריהרט ווערען און דער טייפעל זעלבסט וואָלט געמוזט פערזינקען אין גיהנום. און אויף דעם גערונגענעם מערדער האָט דיעזער בליק געמאכט א טיעפע ווירקונג.

— איך קען ניט, האָט ער געמורמעלט. ניין, פירסט סאלטיקאָוו, איך קען ניט דערווערגען אזא צארטע טייבעלע. בעטראכט נור וויא איהרע אויגען בעטען —

— צום טייפעל, ווארום רופט איהר נאָך מיין נאָמען? האָט סאלטיקאָוו געקריצט מיט דיא צייהנער. אלזאָ, איז דיא גאנצע ארבייט געווען אומזיסט. קיין איינציגע קאָפּיקע וועט איהר ניט בעקומען.

סערגעיעוו האָט צוזמענגענומען זיין לעצטע קראַפט און ענטשלאָסענהייט, אום דיא שווארצע שנור אויף זיין אָפּפער'ס האלז צוזאַמען צו ציהען, אָבער אויך יעצט איז ער דאָס ניט אים שטאנד געווען צו טהאָן און ניט ווילענדיג האָט ער געמוזט זיין האנד עטוואָס אָבציהען, אזוי אז נאטאליא איז געווען אין שטאנד א פערשטיקטען געשריי ארויסצולאָזען.

— ערבארעמט זיך אויף מיין יוגענד! האָט זיא אויסגערופען. אָה, מיין גאָט, ווארום ווילט איהר מיך טויטען? — און אויך דו, פּאול? — ביזט דו גע־קומען מיך רעטען? ווארום שטעהסט דו שטיל? ווארום העלפסט דו מיר ניט?

פּאול האָט א ציטער געטהאָן הערענדיג וויא זיא רופט זיין נאָמען. יעצט וואָלט ער שוין זיין מאָרד־פּלאן פיליכט אויפגעגעבען, אָבער ער קען שוין ניט צוריק כאַפּען. נאטאליא האָט איהם געזעהן, זיא פערשטעהט ווענען וואָס דאָ האנדעלט זיך און זיא וועט איהם געוויס מאָרגען פערקלאָגען, אויב ער זאָל זיא יעצט לאָזען לעבען.

— נו, וואָס שטעהסט דו? האָט פּאול אויסגערופען. ציה צוזאַמען דיא שנור. איך נעהם אויף זיך דיא פעראנטוואָרטליכקייט אויף דיעזער און אויף יענער וועלט.

א שטארקער ציה מיט דער שנור און דיא אונגליקליכע איז געבליבען ליעגען אָהן א בעוועגונג.

— איז זיא טויט? האָט דער קאָזאַק געשטאַמעלט. דוכט זיך, אז יא. דיא הענד ריהרען זיך ניט מעהר און איהר קאָפּ איז געזונקען אויף א זייט.

דער שוועסטער מערדער פּאול האָט זיך אָנגעבויגען איבער איהר, צו זעהן אויב זיא איז ווירקליך טויט. קיין אטהעם־צוג האָט זיך מעהר ניט געזעהן איבער איהרע ליפּען. ער האָט צוגעלייגט זיין אויער צו איהר אויסגעבלויזטע ברוסט און האָט זיך איבערצייגט, אז דאָס הארץ קלאַפּט שוין ניט.

— יא, זיא איז טויט! האָט ער געזאָגט מיט צופרידענהייט. און יעצט

קומט, סערגעיעוו, לעגט זיך גאנץ רוהיג שלאָפען און וועגען דעם וואָס עס וועט ווייטער געשעהן זאָלט איהר זיך גאָר ניט קימערען.

— און וואָס איז מיט מיינע צעהן טויזענד רובעל? וואו איז דאָס געלד?

— מאָרגען פריה וועל איך עס אייך געבען.

— אזוי גאָר? יעצט פייפט איהר שוין מיר אָן מיט אן אנדער טאָן? דאָס האָבען מיר ניט אָבגעמאכט. אהער דאָס געלד, אָדער —

דער קאָזאק איז ארויפגעפאלען אויף פּאול'ן מיט צוזאמענגעקרעמפּפטע פויסטען, אָבער פּאול איז אָבגעשפּרונגען און האָט אויסגערופען:

— זייט איהר משוגע געוואָרען? איהר מוזט דאָך וויסען, אז אזעלכע קאַ־פּיטאלען געלד שלעפּט מען ניט ארום מיט זיך. איך זאָג אייך, מאָרגען פריה וועט איהר ערהאלטען אלעס.

באלד האָט סאלטיקאָוו דערזעהן אויף דעם נאכט־טישעל א זיידענעם בייטעל, בעזעצט מיט פּערל. דער בייטעל איז געווען פול מיט גאָלדענע מטבעות.

— געהמט פאָרלויפיג דאָס, האָט ער געזאָגט איבערגעבענדיג סערגעיעוו'ן דעם בייטעל גאָלד. דאָס איז אן עקסטרא בעלאָהנונג, וועלכע איך וועל אייך פון דעם אָבגעמאכטען פערטראג ניט אָברעכענען.

— איך וועל אייך פאָרלויפיג גלויבען, האָט געזאָגט דער קאָזאק, צונעה־מענדיג דאָס געלד. יעדענפאלס זייט זיכער, אז איהר וועט ביי מיר האלטען וואָרט.

סערגעיעוו איז ארויסגעגאנגען און סאלטיקאָוו איז געבליבען אליין. האַס־טיג איז ער יעצט אריין אין צוווייטען צימער, האָט אָנגעצונדען א ליכט און דורכצוזוכען זיין שוועסטער'ס שרייב־טיש. קיין געלד, קיין ווערטה־זאכען האָט ער ניט געפונען, אָבער דאָס קימערט איהם יעצט גאנץ וועניג, איבערהויפּט זוכט ער זיין שוועסטער'ס טעסטאמענט, אָבער אויך דאָס קען ער אין ערגיץ ניט געפינען.

שוין איז פּאול פערצווייפעלט געוואָרען, גלויבענדיג פילייכט האָט זיא דעם טעסטאמענט אָבגעשיקט אין געריכט, דאן איז דאָך זיין גאנצע ארבייט געווען אומזיסט. ענדליך האָט ער געפונען א גרויסען קאָנווערט, אויף וועלכען עס איז געווען מיט זיין שוועסטער'ס האנד אויפגעשריבען: "מיין טעס־טאמענט".

פּאול האָט זיך געזעצט ביי'ם שרייב־טיש און אָנגעפאנגען צו לעזען, אָבער וויא זיינע אויגען זיינען נור דורכגעלאָפען דעם אינהאלט פון דיעזען פּאַפּיער, האָט ער ארויסגעלאָזט א פערצווייפעלטען אויסגעשריי. ער האָט געזעהן, אז מיט דיעזען טעסטאמענט האָט זיא איהם אָבגעזאָגט מעהר וויא העלפט פון איהר פערמעגען, גאנצע צעהן מיליאָן רובעל. אלזאָ זיא האָט איהם נור געוואָלט פּרופען און דאפיר — דאפיר האָט ער זיא ערמאָרדעט.

דיא ניעדריגע, געמיינע זעעלע פון דעם אריסטאָקראַטישען מערדער האָט זיך פון דעסטוועגען באלד בערוהיגט און ער האָט זיך זעלבסט ענטשולדיגט פאר זיין בלוטיגע טהאט. ווארום האָט נאטאלקא איהם געזאָגט א ליגען? צו וואָס איז איהר געווען נויטהיג דיעזע נארישע פּראָבע? יעצט איז פערפאלען, זיא איז טויט און פאר איהם איז דאָס פיעל בעסער. ער וועט ניט דארפען וואר־טען אויף דער ירושה, וועלכע ער וואָלט פיליייכט קיין מאָל ניט בעקומען. יעצט איז ער שוין דער איינציגער יורש.

ער האָט דורכגעקוקט גענויער דעם טעסטאמענט און זיין געזיכט איז גע־וואָרען שווארץ וויא דיא ערד, דען גאָר צום ענדע שטעהט צוגעשריבען מיט פרישע טינט:

"אלעס זאָל געהערען צו מיין ברודער, דעם פירסט פּאול סאלטיקאָוו, וויא איך האָב אין דיעזען טעסטאמענט בעשטימט, אָבער מיט דיא אויסדריקליכע בעדינגונג ווען איך וועל שטארבען פון א נאטירליכען טויט. אויב עס זאָל יעצט אָדער ווען עס איז שפּעטער טרעפען, אז מען וועט מיך געפינען ערמאָרדעט, זאָל מיין גאנצעס אייגענטהום ירש'ענען דאָס וויייזען־הויז פון פּעטערבורג און קיין אנדערער זאָל דאפון זאָגאר א גראָשען ניט ערהאלטען".

אונטער דעם צושריפט מיט פרישען טינט איז געווען אויפגעשריבען דער היינטיגער דאטום, מיט איהר אייגענער האנד.

פּאול איז א צוקאָכטער געוואָרען. יעצט קען ער זיך מיט דיעזען טעסטא־מענט ניט בענוצען, אָבער ער דארף איהם אויך ניט. ער איז דאָך יעדענפאלס דער איינציגער ברודער, דער נאטירליכער יורש, ווען עס איז נור קיין טעסטא־מענט ניט איבערגעבליבען, און דאָס וועט ער שוין יעצט בעזאָרגען. ער וועט אין זיין צימער דעם פּאפּיער פערברענען, אז עס זאָל פון איהם אפילו קיין אש ניט איבערבלייבען.

מיט דיעזע אבזיכט איז ער ארויס און איז געלאָפען אויף דיא טרעפּ אין זיין צימער אום צו ערפילען דעם לעצטען אקט פון זיין פערברעכען.

* * *

דיא אנטלאָפענע געפאנגענע האָבען געריטען שוין מעהר וויא א שטונדע. עליזאבעט און איהר גרויספאטער מיט לעברון זיינען געריטען פאראויס און הינטער זיי אָלגא און מיראָוויטש. צערטליך האָט ער ארויפגעלייגט זיין ארם אויף איהר שולטער און האָט געזאָגט:

— יעצט, מיין טהייערע, הייס־געליעבטע אָלגא, וועלען מיר קירצליך ער־רייכען אונזער הערצליכסטען וואונש. באלד וועלען מיר פערלאָזען דיא פינס־טערע רוסלאנד און ערהאלטען דעם מיליאָנען־פערמעגען פון דיין פאָטער. מיר וועלען דאן אָבנעהמען אונזער קינד און א לעבען פון גליק און פרייד וועט פיר אונז ערשיינען אין אירגענד א פרייע לאנד פון איירא͏ָפּא.

— מיר קומט דאָס אַלעס פאָר וויא א טרוים, האָט אַלגא געזאָגט, מיר ווילט זיך זאָגאר ניט גלויבען, אז מיין פאָטער איז טויט, אז איך האָב איהם פערלאָרען אזוי שנעל נאָכדעם וויא איך האָב איהם ווידער געפונען. זיין ליעבע האָט זיך ניעמאלס פון מיר אָבגעווענדעט, דאָס ווייזט דער דאָקומענט וואָס ער האָט מיר איבערגעגעבען.

ביי דיעזע ווערטער האָט אַלגא געעפענט דיא קליידער פון איהר בוזים און האָט געוואָלט ארויסנעהמען דעם צעטעל, לויט וועלכען זיא איז דיא יורש׳טע פון די מיליאָנען. אין דעם זעלבען מאָמענט האָט זי אויסגערופען א פערציטערטע:

— דעם פאפיער! איך האָב דעם פאפיער פערלאָרען. אָה, מיין גאָט, עס איז געווים ארויסגעפאלען וועהרענד איך האָב זיך איבערגעטהאָן אין שלאָף־צימער פון דיא ערלעלע פירסטין נאטאליא סאלטיקאָוו..

— אום גאָטעס ווילען, זעה זיך ארום נאָך אמאָל, מיין טהייערע אַלגא! אָהן דעם פאפיער איז דאָך פערלאָרען יעדע האָפנונג, אז מיר זאָלען ווען עס איז דאָס געלד בעקומען.

אַלגא האָט נאָך אמאָל געזוכט, אָבער אומזיסט. דער דראפט, דיא אָנוויי־זונג פון דער ענגלישער באנק איז ווירקליך פערלאָרען געגאנגען. מיט טהרע־רען אין דיא אויגען האָט זיא אויסגערופען:

— דאָס גאנצע לעבען האָט מיין פאָטער געארבייט און האָט מיט גרויס מיהע אויפגעזאמעלט א רייכטהום, יעצט וועלען דערפון פרעמדע געניסען. און איך אליין, דורך מיין אונפאָרזיכטיגקייט, האָב אויף אונז דיעזען אונגליק געבראכט.

דיא דריי וואָס זיינען געפאָהרען פאראויס האָבען דערהערט אַלגא׳ס קלאָגען און האָבען זיך אויף א ווילע אָבגעשטעלט. מיראָוויטש האָט זיי אין קורצע ווערטער ערקלערט אלעס וואָס עס איז געשעהן און אלע האָבען אויסגעדריקט זייער בעדויערען.

— זאָג מיר, אַלגא, האָט זיך מיראָוויטש אָבגערופען, ביסט דו זיכער, אז דו האָסט נאָך געהאט ביי זיך דעם דראפט, ווען מען האָט אונז געבראכט אין קעלער ביי נאטאליא סאלטיקאָוו אין שלאָס?

— דאָס וויים איך בעשטימט, האָט זיא געענטפערט. איך האָב דעם דראפט זאָגאר אין האנד געהאלטען ווען איך האָב זיך איבערגעטהאָן אין אנדערע קליי־דער ביי דער קניאגיניא אין שלאָף־צימער. אָבער אין איילעניש האָב איך פער־געסען דאָס קליינע שטיקעל פאפיער צוריק צו בעהאלטען אין בוזים־טאש.

— וויא באלד אזוי מוז איך באלד צוריקקערען, האָט לעברון אויסגערופען, יעצט איז נאָך פיליכט מעגליך דעם דראפט צו געפינען.

דארויף האָט מיראָוויטש געענטפערט:

— ניין, איך קען ניט איינשטימען איהר זאָלט מיינע פריינדע פערלאָזען. זיי ווייסען זיך ניט וואו צו ווענדען אָהן אייך. איך אליין וועל צוריק פאָהרען.

— ניקאָלאי, געליעבטער, ווילסט דו זיך אליין אין געפאהר ווארפען? האָט אָלגא אויסגערופען. דיא קאָזאקען אין שלאָס וועלען דיך געוויס כאפען און דאן —

— זאָרג ניט, מיין טהייערע, קיינער וועט מיך זאָגאר ניט בעמערקען. הערר לעברון, זאָגט מיר, וואוהין ציהט זיך ווייטער דער וועג, אויף וועלכען איהר פאָהרט מיט מיינע פריינדע?

— עס איז נאָך צוויי שטונדען צו פאָהרען גלייך מיט'ן שאָסע, מיר וועלען רייטען לאנגזאם, איהר גאלאָפּירט נור שנעל הין און צוריק, דאן וועט איהר אונז נאָך געוויס אָניאָגען ביז צום ענדע שאָסע.

— דאָס וועל איך געוויס בעווייזען. און יעצט, געליעבטע אָלגא, נאָך איין קוש און ניט וויין. דו וועסט מיך באלד ווידער זעהן צוזאמען מיט'ן וויכטיגען פאפיערעלע וואָס דו האָסט פערלאָרען.

דאביי האָט ער זיא ארומגענומען און צוגעדריקט פעסט צום הארצען, דאן האָט ער אבשיעד גענומען פון זיינע פריינד און האָט שנעל אוועקגעשטורמט צוריק מיט א ישנעלען גאלאָפּ.

אָלגא האָט נאָכגעקוקט איהר געליעבטען מאן מיט טהרערענפולע אויגען, וועהרענד דאס הארץ האָט איהר עפּעס פאָראויסגעזאָגט א נייעם אונגליק. וואָראָנצאָוו און עליזאבעט האָבען זיא געטרייסט וויא ווייט מעגליך און אלע זיינען אוועק ווייטער אונטער דער פיהרונג פון דעם אלטען פראנצויז לעברון.

מיראָוויטש איז אין דער צייט שנעל וויא א שטורם געפלויגען צוריק און אין פערלויף פון א פיערטעל שטונדע איז ער ווידער געווען אין דעם אלטען פירסטליכען שלאָס. נעבען גארטען-טויער איז ער אראָבגעשטיגען פון פערד און האָט איהם צוגעבונדען צו א בוים. דאן האָט ער זעלבסט אריבערגעקלעטערט דיא מויער-וואנד, איז דורכגעגאנגען דעם בלומענגארטען און האָט זיך ארומגעקוקט אויף אלע זייטען אויב מען קוקט איהם ניט נאָך.

דאָס אלעס איז איהם געגאנגען גליקליך. קיינער האָט איהם ניט געזעהן ביז ער איז ארויף דיא טרעפּ צום באלקאָן פון ערשטען עטאזש, אויף וועלכען עס נעהט ארוים דיא פענסטער פון נאטאליא'ס שלאָף-צימער.

דיעזע פענסטער איז פון אינווענינ געווען פערהאנגען מיט געדיכטע גארדינען און פעסט צוגעשלאָסען. מיראָוויטש האָט אָנגעקלאפּט גאנץ שטיל מיט דער האָפנונג, אז נאטאליא וועט דערהערען און איהם עפענען. אָבער אומזיסט. עס האָט זיך פון אינעווענינ קיין בעוועגונג געהערט. ער האָט גערעכענט, אז מסתמא שלאָפט דיא יונגע קניאגיניא געשמאק און הערט ניט.

וואָס זאָל ער טהאָן? שטארקער קלאפּען, האָט ער קיין העזה ניט. אנב

האט ער מורא געהאט פיליכט וועלען דיא קאזאקען דערהערען. און דאך ווייסט ער, אז פיעל צייט מאר ער אויך ניט פערליערען.

ניט לאנג טראכטענדיג האט מיראוויטש גאנץ פארזיכטיג איינגעדריקט דיא מיטעלסטע שויב פון פענסטער ביז דיא גלאז האט געפלאצט. ער האט זיך ארומגעקוקט פיליכט איז יעמאנד אויפמערקזאם געווארען אויף דיעזען גע־רויש, אבער אלעס איז געווען שטיל, נור דיא בלעטער פון דיא בוימער האבען זיך גע׳סוד׳עט אונטער׳ן שוץ פון דעם נאכט ווינד.

מיראוויטש האט געגלויבט, אז יעצט וועט דיא יונגע נאטאליא געוויס ערוואכען און וועט צוגעהן צום פענסטער. ער וועט דאן אין א פאר ווערטער איהר ערקלערען צוליעב וואס ער איז צוריקגעקומען. אבער עס זיינען שוין פאריבער א פאר מינוטען און קיינער בעווייזט זיך ניט. מעהר האט ער ניט געווארט. ער האט אריינגעשטעקט דיא האנד דורך דער צובראכענער שויב און האט אבגעדרעהט דעם פענסטער־ריגעל. און באלד איז דער גאנצער פענסטער געשטאנען אפען.

מיט דער שנעלינקייט פון א בליץ האט ער אויסגעשטרעקט זיין האנד אום דיא גארדינען פון פענסטער צו צונעהמען, אבער אין זעלבען מאמענט האט ער דערהערט א גערויש פון א שטימע און ער איז א פערציטערטער געווארען. דיא שטימע האט איהם אנגעפילט מיט שרעק. ער האט באלד דערקענט, אז דאס איז א געמאטערטער געשריי וויא פון איינעם וואס ליעגט אין דיא לעצטע מאמענטען פון גסיסה.

ער האט שנעל צוריקגעצויגען דיא גארדינען און איז אריינגעשפרונגען אין צימער וואוהין עס האבען אריינגעשטראהלט דיא בלאסע שטראהלען פון דער לבנה. מיראוויטש האט זיך ארומגעקוקט און האט דערזעהן, אז דיא יונגע שעהנע נאטאליא ליעגט אויף איהר בעט בלאס, דער קאפ פערווארפען אויף א זייט, דיא קאלדרע אראבגעריסען און איהר האלז איז פערקרעמפעוועט מיט א שווארצען שנור.

— גרויסער גאט! מען האט זיא ערמארדעט! האט מיראוויטש אין העכסטער פערצווייפלונג אויסגעשריען. אבער נור איין מאמענט איז ער גע־שטאנען צוטומעלט. באלד האט ער וויא פון שלאף ערוואכט. ער איז צו צום בעט און זיך גוט איינגעקוקט אין דער אונגליקליכער יונגער פרוי. זיא האט זיך ניט געריהרט און ניט געמאכט דיא מינדעסטע בעוועגונג. עס איז אין איהר קיין צייכען פון לעבען ניט געווען.

מיראוויטש האט קיין איבעריגע סעקונדע ניט פערלארען. ער האט האסטיג א כאפ געטהאן דעם שווארצען שנור וואס איז ארום איהר האלז געווען ארומגע־וויקעלט און האט איהם געפרובט אויפבינדען. עס איז אבער ניט געגאנגען אזוי שנעל. ער האט ארויסגעכאפט א מעסער און דעם שנור איבערגעשניטען. אין

דעם אויפרעגענדען צושטאנד האט ער דאך געדענקט צו בעהאלטען ביי זיך דיעזען שנור אלס א מיטעל דעם מערדער אויסצוגעפינען.

באלד האט ער גענומען מינטערען דיא יונגע פירסטין. ער האט זיא אויפ'ן בעט אוועקגעזעצט און אנגעפאנגען רייבען איהר קערפער, איבערהויפט ארום דעם הארצען אום דעם אטהעם אין איהר ברוסט צו ערוועקען. אין דיעזער אר־בייט פול מיט אנגסט זיינען פארביי איינינע מינוטען און דעם מינדעסטען צייכען פון לעבען איז נאך נישט געווען צו בעמערקען. איהר הימעל־שעהנע אויגען זיינען געווען פערגלאצט און ארויסגעשטארט.

מיראָוויטש איז אָבער נישט מיעד געוואָרען. ער האט דאך געפיהלט אונ־טער זיינע הענד, אז איהר קערפער איז נאך עטוואסווארעם. און וויעדער אמאל האט ער איהר גענומען רייבען מיט זיין גאנצען כח ביז ענדליך ער האט דערפיהלט, אז דאס לעבען קעהרט צוריק אין דיעזען שעהנעם קערפער און דאס הארץ בעוועגט זיך שוין גאנץ שוואך.

באלד האט ער א כאפּ געטהאן דעם פראנצוויזישען קאָניאק וואס נאטאליא האט איהם מיטגעגעבען אויפ'ן וועג אום זיך צו שטארקען. פון דיעזען פלעשעל קאָניאק האט ער איינינע טראָפּענס אין איהר האלב אָפענעם מויל ארייננעגאָסען. און באלד וויא ער האט אויף איהרע בלייכע ליפּען א פּאר טראָפּען ארויפגעטריפט האט זיך איהר יונגע ברוסט אָנגעפאנגען לעבהאפטער צו בעוועגען און אט האט זיא שוין איהר קאָפּ עטוואס אויפגעהויבען.

מיט דער האָפנונג, אז זיא וועט באלד ערוואכען, האט מיראָוויטש זיא צוריק אוועקגעלייגט אויפ'ן בעט און האט זיא צוגעדעקט אום דיא צארטע יונגפרוי ניט צו פערשעהמען, ווען זיא וועט דיא אויגען עפענען.

און דאס איז באלד ווירקליך געשעהן. דיא ברעמען האבען זיך אָנגעפאנגען צו בעוועגען, דאן האבען זיי זיך אין גאנצען אויפגעהויבען און עס האבען זיך בעוויזען איהרע שעהנע, ליעבליכע אויגען, אין וועלכע עס איז אָבער אין דיעזער מינוט אויסגעדריקט א געפיהל פון שמערץ און שרעקליכע מורא.

— אָה, מיין גאָט! האט זיא אויסגערופען זיך עטוואס אויפהויבענדיג. איז דאס אלעס ניט געווען א טרוים? — מיין ברודער, מיין איינענער ברו־דער! —

וויינענדיג איז זיא צוריקגעזונקען, איינגראָבענדיג איהר געזיכט אין קי־סען, וועהרענד מיראָוויטש האט איהר דערצעהלט איבער וואס פיר א צופאל ער האט צוריקגעקעהרט און אין וואס פיר א לאגע ער האט זיא געפונען. דער שעהנער קערפער פון דיא יונגע פירסטין האט געציטערט אונטער דער דעקע. איהר ערהינערונג איז געוואָרען גאנ'ץ קלאָהר און באלד האט זיא ווגעוי פערשטאנען אלעס וואס דא איז געשעהן.

— מיראָוויטש! האט זיא אויסגערופען מיט א ביטערען געפיהל, איהר

האָט מיין לעבען גערעטעט און דאָך קען איך אייך דאפיר ניט דאנקבאר זיין. אָה, וויא אונגליקליך בין איך צו דענקען, אז עס גיבט א מענש אויף דער וועלט, אזא פערדאָרבענער מענש וואָס ערמאָרדעט זיין אייגענע שוועסטער, און איהם מוז איך רופען מיין ברודער!

— ער איז ניט מעהר אייער ברודער און איהר דארפט קיין מיטלייד ניט האָבען מיט איהם. פאָלגט מיין ראטה און צייגט באלד אָן אויף איהם דער פאָליציי, דען עס גיבט אונטער דער זון קיין גרעסערער באנדיט וויא ער.

— אָבער ער איז מיין ברודער, דער לעצטער פון אונזער פירסטליכע פאמיליע. האָב איך א רעכט זיין לעבען צו פערניכטען און אונזער עהרע אויף אייביג צו שענדען?

— וועגען דעם וועט איהר נאָך האָבען צייט זיך איבערצולעגען. יעצט מוזט איהר מיך וועניגסטענס אזוי פיעל פאָלגען און דיזען שלאָס באלד פער־לאָזען. איהר זייט דאָ קיין איינציגע מינוט זיכער מיט אייער לעבען. איך בע־שוועהר אייך, פירסטין, קומט גלייך מיט מיר צוזאמען אהין וואו מיר וועלען זיין פערבאָרגען און דאָרט וועלען מיר קענען רוהיג בערעכענען וואָס עס איז גלייכער צו טהאָן.

— איהר האָט רעכט, מיראָוויטש, האָט נאטאליא געזאָגט אויפשטעהענ־דיג. דיא ערשטע זאך מוז איך פון דאנען אנטלויפען. זייט אזוי גוט און געהט ארויס אין נעכסטען צימער, ביז איך וועל זיך אָנקליידען.

מיראָוויטש האָט זיך אומגעקעהרט ארויסצוגעהן און אין דעם זעלבען אויגענבליק האָט ער בעמערקט ביים שוועל פון שלאָף־צימער א קליינעם צו־זאמענגעראָלטען פאפיערעל. ער האָט עס אויפגעהויבען און געזעהן, אז דאָס איז דער דראפט, וועלכען אָלגא האָט פערלאָרען.

דיעזען מיליאָנען־טהייערען צעטעל האָט ער בעהאלטען אין ברוסט־טאש און איז אריין אין נעכסטען צימער. לאנג האָט ער דאָרט ניט געדארפט ווער־טען. באלד איז אריינגעקומען נאטאליא, איינגעהילט אין א מאנטעל, מיט א טוך אויפ'ן קאָפּ און האָט געזאָגט:

— קומט, איך בין פערטיג מיט אייך צו געהן. אָבער שנעל, דען איהר זייט פערלאָרען, אויב דיא קאָזאקען וועלען אייך דאָ געפינען.

— פערצייהט, פירסטין, ווען איך מוז אייך עטוואָס עראינערען. האָט איהר מיט זיך גענוג געלד? עס קען זיין, אז איהר וועט באלד דארפען א גרע־סערע סומע געלד און איבערהויפט זאָלט איהר פיר אייער מערדערישען ברו־דער ניט איבערלאָזען קיין זאך וואָס האָט א ווערטה.

נאטאליא האָט דארויף איינגעשטימט און צוגעהענדיג צו איהר שרייב־טיש האָט זיא מיט א דריק אויף א קנאָפּ געעפענט א געהיימען שופלאָד.

אין דיעזען שופלאָד איז געלעגען א מאסע גאָלד, באנקנאָטען און אויך דיא ברילִיאַנטען פון דער פאמיליע סאלטיקאָוו.

אויף נאטאליא'ס וואונש האָט מיראָוויטש געבראכט פון א צווייטען צימער א גרויסע רייזע־טאש, אין וועלכע זיא האָט צוזאמענגעפּאקט דיעזע רייכ־טהימער, דאן האָט זיא אויפגעעפענט אן אנדער שופלאָד, אום איהר טעסטאַ־מענט מיטצונעהמען.

— ער האָט עס גע'גנב'עט, האָט זיא שטילערהייד געזאָגט, און זיא האָט דאן דערצעהלט מיראָוויטש'ן אין קורצע ווערטער דעם געשפּרעך וואָס זיא האָט ביי טאָג געהאט מיט איהר ברודער.

— דאמיט ערקלערט זיך דיא אורזאכע ווארום ער האָט אייך געוואָלט ערמאָרדען, האָט געזאָגט מיראָוויטש. אָבער זאָל ער האלטען דעם טעסטאמענט, וועלכער ועט איהם דאָך יעצט קיין נוצען ניט ברענגען. קומט, יעצט איז צייט צו געהן.

מיט דיעזע ווערטער האָט מיראָוויטש גענומען דיא רייזע־טאש און האָט ארויסגעפיהרט דיא יונגע פירסטין גראדע אויף דעם זעלבען וועג וואו ער איז געקומען דורך'ן פענסטער איבער'ן באלקאָן, דען געהן דורך אלע צימערען און דורך דעם גאנצען קאָרידאָר איז פיר איהם געווען געפעהרליך און זיא האָט אויך געוואָלט אויסמיידען דעם צופאל מיט איהר ברודער זיך צו בעגעגנען.

ארויסקומענדיג אין הויף איז זיא מיט מיראָוויטש'עס הילפע אריבער־געקלעטערט דיא מויערוואנד. אויף יענער זייט האָבען זיי געפונען דעם פערד אָנגעבונדען. מיראָוויטש האָט זיך דאן געווענדעט צו זיין בעגלייטערין:

— איהר וועט אזוי גוט זיין, פירסטין, זיך צו זעצען מיט מיר אויף'ן זאָטעל. דיעזעס פאָרטרעפליכע פערד, וועלכען איהר האָט מיר געשאָנקען, וועט אונז זיכער ברענגען צום ציעל.

זיא איז בעשטיעגען דעם זאָטעל, מיראָוויטש הינטער איהר און אין דיא נעכסטע מינוט איז דאָס פערד געפלויגען מיט דיא שנעלקייט פון א שטורם, אזוי אז אין פערלויף פון א געניוע שטונדע האָבען זיי אָנגעיאָגט דיא אנדע־רע אנטלאָפענע, וועלכע זיינען לאנגזאם געריטען איבער'ן שאָסע. ווארטענדיג אויף מיראָוויטש'ען מיט גרויס שרעק.

וויא ערשטוינט זיינען זיי אָבער געוואָרען זעהענדיג, אז צוזאמען מיט איהם זיצט א פרויענצימער אויפ'ן פערד.

— מיין גאָט, דאָס איז דיא פירסטין! האָט אויסגעשריען לעברון, זיא דערקענענדיג פון וויטען. ווארום האָט זיא ביי נאכט פערלאָזען דעם שלאָס? דאָ האָט געמוזט עטוואָס געשעהן.

איינינגע מינוטען שפעטער האָט נאטאליא איהם ערקלערט וואָס עס איז דיעזע נאכט פאָרגעקומען. דער אלטער, געטרייער לעברון איז אויפגעקאָכט

געוואָרען פון כעס, און ער האָט באלד געוואָלט רייטען צוריק אין שלאָס אום מיט דעם מערדער זיך אָבצורעכענען.

— איך מוז איהם טויטען! האָט געשריען דער הייסבלוטיגער פראנצויז. איך וועל איהם מיט מיין דעגען דערשטעכען. — אן ענגעל האָט ער געוואָלט אומברייגגען, — ער, דער טייפעל! —

מיראָוויטש האָט איהם קוים געקענט בערוהיגען. נאָך א קורצע בעראטהונג איז געבליעבען מען זאָל צוערשט אָפפיהרען דיא פירסטין אין איהר צווייטען הויף און וואָס שנעלער, דען זיכער איז עס, אז פאול סאָלטיקאָוו וועט אַנווענדען אלע מיטלען, זיא ווידער אין זיין מאכט צו בעקומען.

דיא פערד האָבען ווידער שנעל גאלאָפירט און נאָך א שטונדע רייזע, ווען דער שאָסע האָט זיך געענדיגט זיינען זיי אוועקגעריטען אויף א זייטיגען וועג, צווישען גרויסע פעלדער, וואָס האָט געפיהרט צו נאטאליא'ס צווייטען הויף.

ווערענד נאטאליא איז אויף אזא וואונדערבארען אופן געראטעט גע־וואָרען פון א זיכערען טויט איז זיך איהר מערדערישער ברודער געזעסען אין זיין צימער פערטיעפט אין פינסטערע מחשבות. דיא שרעקליכע טהאט איז געשעהען און יעצט איז ער געקומען צו דעם געווינשטען ציעל. דעם טעסטא־מענט האָט ער פערניכטעט, דען דער שלאָס מיט אלע גיטער און רייכטהימר געהערט שוין סאי וויא סאי צו איהם.

ער וועט שוין יעצט ניט דארפען זיך ארומשלעפען מיט דיא וואוכערער אין פעטערבורג. נאָכדעם וויא אלע זיינע שולדען וועלען בעצאָהלט זיין בלייבט ער פריי פון זאָרג. עס שטעהט איהם פאָר א גליקליכע צוקונפט, צו פיהרען א לעבען וויא גאָט אין פראנקרייך. שעהנע, לוסטיגע פרויען, געקליי־דעט אין סאמעט און זייד, וועלען איהם אמוזירען. אין בעלער און קאָרטען־שפיעל מיט זיינע פריינדע וועט ער דיא צייט פערברענגען, — קורץ, דער אידעאל פון זיין לעבען איז עררייכט.

און דאָך איז ער ניט געווען צופריעדען, גראדע פערקעהרט; ער האָט גע־פיהלט אין דיעזער מינוט אזוי וויא א וואָרעם וואָלט זיטצען ביי איהם אין ברוסט און פרעסען און גריזענען זיין נשמה.

ווארום קען ער יעצט קיין איינציגען מאָמענט רוהע ניט געפינען? ווארום שפרינגט ער אויף יעדע מינוט און לויפט ארום איבער'ן צימער? ער מיידעט אוים זיינע בליקען אום אויף דיא בילדער פון זיינע עלטערען ניט א קוק צו טהאָן. — ווארום?

פאול סאלטיקאָוו האָט שוין געפיהלט דיא שרעקליכע פיין פון א בייזען געוויסען, דיעזע אונערקלערליכע גהינום־פיין, וועלכע מאטערט יעדען פער־ברעכער און לאָזט איהם ניט רוהען זאָגאר אין שלאָף. דער שארלאטאן האָט שוין

געפיהלט אזוי וויא אן אונבעגרייפליכע, געהיימניספאָלע שטימע וואָלט אויס־רופען צו איהם:

— מערדער! פערשאָלטענער שוועסטער־מערדער!

זיין גאנצע צוקונפט האָט זיך איהם פאָרגעשטעלט אין דיעזער מינוט גרויזאם, שוידערהאפט. אייביג וועט ער דאַרפען ציטערן, אז זיין פערברעכען וועט פּליצלינג צופעליג ענטדעקט ווערען; אייביג וועט דיעזע דונער־שטימע הילכען אין זיינע אויערען; אייביג וועט דיא פּיין פון געוויסען פערגיפטען יעדע שטונדע פון זיין לעבען און עס גיבט פיר איהם קיין מיטעל וויא פון דיעזע פינסטערע מעבטע זיך צו רעטען, וויא זיין שרעק און אויפרעגונג צו בע־רוהיגען.

וויא לעבעדיג האָט זיך איהם אין דיעזען מאָמענט פאָרגעשטעלט דיא סצענע פון זיין שוועסטער'ס ערמאָרדונג. ער הערט איהר שטימע וויא זיא בעט אום ערבארמען אויף איהר יונגען לעבען; ער זעהט איהר בלייכע געזיכט, איהרע צושראָקענע אויגען און דעם שווארצען שנור אויף איהר האלז.

— וועל איך וואהנזיניג ווערען? האלט איך ביי משוגע ווערען? האָט ער געמורמעלט צו זיך אליין. בעסער וואָלט איך שוין געבליעבען דער ארעמער אָפיציער וויא ביז יעצט, בעסער ליידען אלעס, נור ניט דאָס, נור ניט דיעזע פירכטערליכע מאַטערנישע.

אָבער יעצט איז שוין שפּעט חרטה צו האָבען. דעם יעניגען וואָס האָט פערגאָסען מענשען בלוט העלפט ניט קיין חרטה.

מיט א שווערען קרעכץ האָט זיך פּאול סאלטיקאוו געוואָרפען אויף'ן סאָפא. ער האָט גערריקט דאָס גליהענדע געזיכט אין קיסען און האָט פּרובירט טאָמער וועט איהם מענליך זיין איינצושלאָפען. אָבער דאָס שרעקליכע בילד פון זיין ערמאָרדעטע שוועסטער איז איהם פאר דיא אויגען געשטאנען און האָט איהם ניט געלאָזט איינשלאָפען.

— בין איך דען אזא פייגלינג געוואָרען? האָט ער געמורמעלט צו זיך אליין. ווארום ציטער איך אזוי ווען אין מיין פאנטאזיע שטעלט זיך פאָר א געשטאָרבענע? האָב איך דען וועניג טויטע מענשען געזעהען? ניין, דאָס איז בלויז איינבילדונג. מיינע נערוווען זיינען אויפגערעגט און דאָס בעסטע וועט זיין ווען איך זאָל יעצט אין דער ווירקליכקייט א לענגערע צייט אויף איהר טויטען קערפּער קוקען; איך וועל דורך דיעזען אנבליק מיינע געדאנקען דאצו איינגעוואָהנען און דאָס וועט מיך בערוהיגען.

מיט פעסטע, שנעלע טריט איז דער שוועסטער־מערדער געגאנגען מיט איין עטאזש ניעדעריגער. אין הויז איז איבעראל שטיל. אלע שלאָפען. גאנץ לאנגזאם האָט ער אויפגעעפענט דיא טיהר פון זיין שוועסטער'ס שלאָף־צימער. ער איז אריבער דיא שוועל, אָבער אין דעם זעלבען אויגענבליק איז זיין גאנ־

צער קערפער וויא פערגליווערט געוואָרען. וויעדער שטעלט זיך איהם לעבענדיג פאָר דיא פורכטבארע סצענע פון זיין שוועסטער'ס ערמאָרדונג. דאָך האָט ער זיך אָנגעטהאָן א כח און לאנגזאם, מיט אראָבגעלאָזענע בליקען איז ער צוגע־גאנגען צום בעט.

פלוצלונג האָט ער אויסגעשריען וויא ניט מיט זיין קול און האָט זיך אָנגעכאפּט פאר'ן קאָפּ מיטביידע הענד, אזוי וויא ער וואָלט פיהלען, אז זיין מוח ווערט צושפּרונגען. דאָס בעט איז געוועזן לעדיג. דער טויטער קערפּער פון זיין שוועסטער איז פערשוואונדען.

איינינע מינוטען איז ער געשטאנען אזוי וויא פערשטיינערט. זיינע אויסגעגלאָצטע אויגען זיינען וויא דורך אן אונבעגרייפליכע מאכט צוגעבונדען געוועזן צום בעט פון זיין שוועסטער, א קאלטער שוויס האָט איהם בעדעקט און מיט א שווערען קרעכץ איז ער געפאלען אויף דעם נעבסטען שטוהל.

ווער האָט גענומען דעם טויטען קערפּער אוועקטראָגען? סערגעיעוו האָט דאָך איבערהויפּט קיין אורזאכע ניט געהאט דאָס צו טהאָן. דיא דיענער שלאָ־פען אלע אין זייערע צימערען, וועלכע געפינען זיך אין א גאנץ בעזונדערען פליגעל פון שלאָס, און ווען איינער פון זיי וואָלט יא צופעליג אהער אריינגע־קומען און ענטדעקט דעם מאָרד, וואָלט ער באלד געמאכט א שרעקליכען גערואלט און דאָס וואָלט שוין יעצט געקלונגען איבעראל. און דאָך איז נאטאליא'ס טוי־טער קערפּער פערשוואונדען!

סאלטיקאָוו האָט בעשלאָסען, אז ער מוז באלד גענוי ערפאהרען וואָס דאָ איז געשעהען. עס איז דאָך אָהן א צווייפעל, אז נאָך א דריטער און פיללייכט מעהרערע ווייסען שוין פון דיעזע געהיימנים און ער מוז וויסען ווער דיעזע מיטוויסער זיינען.

מיט ציטערענדע הענד האָט ער אָנגעצונדען א ליכט און אָנגעפאנגען איבעראל צו זוכען און זיין שרעק איז נאָך גרעסער געוואָרען, ווען ער האָט דערזעהן, אז דער שווארצער שנור, מיט וועלכען סערגעיעוו האָט זיין שוועסטער דערוואָרגען, איז אויך פערשוואונדען. דער שנור, דער וויכטינער בעוויז וואָס קען דיענען לייכט צו ענטדעקען דיא שולדיגע — דיעזער שנור געפינט זיך שוין אין פרעמדע, אונבעקאנטע הענד.

אָבער נאָך מעהר דערשראָקען איז ער געוואָרען, ווען ער האָט זיך אי־בערציינט, אז דיא קליידער פון דער ערמאָרדעטער זיינען אויך ניטאָ. זיין שוועסטער איז ערמאָרדעט געוואָרען ווען זיא איז געלעגען אין בעט נור אין איין העמד און איהרע קליידער, וויא ער עראינערט זיך גאנץ קלאָר, זיינען געלעגען דאָ ביי'ם בעט אויף דיעזען קליינעם שטוהל. וואו זיינען אלזאָ דיא קליידער אהינגעקומען?

באלד האָט ער געמאכט נאָך א שרעקליכע ענטדעקונג. ער האָט געוואוסט

גענוי, אז אין דער צייט פון דעם מאָרד איז דער פענסטער געווען פעסט פער־
שלאָסען און דיא גארדינען אראָבגעצויגען, און יעצט שטעהען ביידע פליגלען
פון פענסטער ווייט אָפען און ווען ער האָט זיי נעהענטער בעטראכט האָט ער
געזעהן, אז איין שויב איז אויסגעבראָכען און דיא שטיקלעך גלאָז זיינען גע־
ליגען אויף'ן באלקאָן.

ער האָט זיך אָנגעבויגען דורך'ן פענסטער און האָט געקלערט וויא אזוי
האָט יענער אונבעקאנטער געקענט ארויפקלעטערן אויף'ן באלקאָן, וועלכער
איז אזוי הויך. אָבער דיעזע פראגע איז איהם גאנץ לייכט פערענטפערט גע־
וואָרען. ער האָט געזעהן, אז דיא בוימער אונטען גרייכען מיט זייערע שפיצען
ביז צום באלקאָן. עס איז אפילו ניט קיין לייכטע זאַך צו קלעטערן אויף
בוימער, אָבער מיט עטוואָס אנשטרענגונג איז עס מעגליך געווען אויף אזא
ארט און ווייזע אריינצוקומען און ארויסצוגעהן פון צימער.

פאול האָט בעדעקט זיין געזיכט מיט ביידע הענד. ער איז איצט ווירקליך
שיער משוגע געוואָרען טראכטענדיג און קלערענדיג. עס איז ביי איהם מעהר
קיין צווייפעל געווען, אז עס ווענינסטענס נאָך איינער ווייסט פון דעם מאָרד
און דער איינער האָט דעם טויטען קערפער גערויבט מיט א געוויסען צוועק.

אָבער ווער איז דער איינער? א מאַן אָדער א פרוי? אריינקומען אין
צימער איז ניט מעגליך געווען אנדערש וויא דורך'ן גאָרטען, און דאָרט אויף'ן
זאמדיגען וועג פון דיא אלעען מוזען זיך נאָך געפינען פרישע שפורען פון דיא
פיס. ער מוז זעהן דיעזע שפורען.

מיט דער ליכט אין האנד איז ער געלאָפען ארונטער אין גאָרטען. טיעף
איינגעבויגען האָט ער בעלויכטען דעם באָדען און ער האָט לאנג ניט געדארפט
זוכען. ער האָט יעצט גאנץ דייטליך געזעהן דיא שפורען אין זאמד, וואָס האָ־
בען זיך געצויגען ביז דער מויער־וואנד.

וואָס פאול'ען האָט געוואונדערט איז דאָס וואָס דיא טריט אויף'ן זאמד
האָבען געצייגט איבעראל דעם אָבדרוק פון זיבען צוועקעס און פאול ווייסט
גאנץ גוט אז דאָס זיינען דיא גרויסע שיך וועלכע עס טראָגען נור ארעסטאנטען
וואָס ווערען פערשיקט נאָך סיביר. דאָס איז געמאכט מיט א געוויסען צוועק,
אז אין פאל א געפאנגענער וועט אנטלויפען זאָל מען איהם קענען נאָך דיעזע
שפורען לייכט פערפאָלגען.

דאָס ווייזט אלזאָ דייטליך, אז איינער פון דיא געפאנגענע האָט גערויבט
דעם טויטען קערפער. אָבער דאָס איז דאָך אונמעגליך. דיא געפאנגענע זיינען
דאָך פעסט איינגעשלאָסען אין קעלער, הינטער אייזערנע טיהרען און פיער
קאָזאקען בעוואכען זיי.

מיט אמאָל האָט פאול געמאכט נאָך אַן ענטדעקונג וואָס האָט אויף איהם
ארויסגעיאָגט נאָך א גרעסערען שרעק. ער האָט דייטליך געזעהן, אז גראַדע מיט

דיא פוס־טריט פון דעם מאן זיינען גענאנגען שפורען פון א קליינע פרויען־שיכעלע.

א צושראָקענער איז דער מערדער צו דער ערד געפאלען. דיא ליכט אין זיין האנד איז פערלאָשען געוואָרען. יעצט איז איהם אלעס קלאָר געוואָרען. ניט א טויטען קערפער האָט מען ארויסגעטראָגען פון צימער, נור א לעבעדיגע איז זיא ארויסגעגאנגען אין דער בעגלייטונג פון א מאן. יעצט האָט ער פער־שטאנען ווארום איהרע קליידער זיינען ניטאָ. דען זאָגסט צו וואָס פיר א צוועק האָט יענער אונבעקאנטער נאָך געדארפט דיא טויטע אָנטהאָן אין איהרע קליידער?

— אלזאָ, זיא לעבט, האָט ער געמורמעלט צו זיך אליין. סערגעיעוו האָט זיין ארבייט שלעכט געמאכט. דער מאָרד איז נור געוועזען אָנגעפאנגען, אָבער ניט געענדיגט. זיא לעבט, יעצט וועט זיא פון מיר מאכען א חורבן. נאטאליא וועט געוויס אויפטרעטען געגען מיר. זיא האָט דאָך מיך געזעהען אין דעם לעצטען מאָמענט, ווען סערגעיעוו האָט צוזאמענגעצויגען דעם שווארצען שנור ארום איהר האלז.

מיט גרויס מיהע האָט ער זיך אויפגעהויבען פון דער ערד, וועהרענד אין זיין קאָפּ האָט געשטורמט דער געדאנק, אז ער איז ענטדעקט. באלד וועט מען איהם געוויס ארעטירען אלס מערדער. עס קען זיין, אז אין דיעזען אויגענ־בליק געפינט זיך שוין נאטאליא אין אן אנדער שטאָדט און מאכט געגען איהם דיא שרעקליכע קלאָגע. עס איז קיין צווייפעל ניט, אז דער פּראָצעס וועט זיך ענדיגען פאר איהם מיט א טויט־אורטהייל אָדער מיט קאטאָרגע.

פּאול איז אריין צוריק אין זיין צימער און האָט אָנגעפאנגען נאָכצודענ־קען וואָס ער זאָל דאָ טהאָן. ער קען דאָך ניט זיצען און ווארטען ביז דיא פּאָ־ליציי וועט קומען איהם ארעטירען. ער מוז דאָך עטוואָס טהאָן אום זיך פון אזא שרעקליכען שיקזאל צו רעטען.

אין זיין פערברעכערישען מח איז באלד פערטיג געוואָרען א נייער פּלאַן, נאָך אן ערגערער וויא דאָס ערמאָרדען פון זיין שוועסטער. דאָס בעסטע פאר איהם איז ער זאָל דעם שלאָס אונטערצינדען, און עס איז זיכער, אז דיא גאנצע געביידע וועט פערברענט ווערען. דיא שקלאפען מוזשיקעס דאָרט אונ־טען אין דאָרף וועלען זיך געוויס ניט איילען דעם פייער צו פערלעשען, און איבערהויפּט האָבען זיי ניט דאָצו דיא נויטיגע אינסטרומענטען.

ווען דער שלאָס וועט פערניכטעט ווערען אין פלאַמען, וועט מען געוויס גלויבען, אז אויך ער, פּאול, איז פערברענט געוואָרען. ער וועט אונטערדעסען ארויסנעהמען דאָס געלד וואָס געפינט זיך ביי נאטאליא'ן אין שרייב־טיש און וועט באלד אנטלויפען אין א אנדער לאנד וואו ער וועט זיך קענען לעבען גליקליך.

— יא, דאס איז אן אויסגעצייכענטער פּלאן, האט ער גערעדט צו זיך אליין, דאס איז דער איינציגער וועג וואס וועט מיך רעטען.

דער פערברעכערישער גייסט זיינער האט זיך גאנץ וועניג געקימערט וואס פיעל אונשולדיגע מענשען וועלען אומקומען אין פייער. אין געגענטהייל, ער האט עס גראדע אזוי געוואלט מאכען, אויב עס וועט איהם גור זיין מעגליך, אז קיין איינציגער וואס געפינט זיך אין הויז זאל נים בלייבען לעבען. איבער־הויפט מוז דער וואכמייסטער סערגעיעוו פאלען אלס קרבן פון פייער, ווייל ער איז פאר איהם מעהר געפעהרליך פון אלעמען און ער דארף ניט לעבען בלייבען.

עס איז אויך בעסער, אז דיא קאזאקען זאלען פערברענט ווערען, האט ער אבגעמאכט זיין מיינונג, דען פריהער אדער שפּעטער קען איהם פיעלייכט יעמאנד פון זיי בעגעגענען און דערקענען. וואס אנבעלאנגט דער דיענערשאפט איז איהם גאנץ גלייך אויב זיי וועלען זיך קענען רעטען אדער נים.

וואס אנבעלאנגט דיא געפאנגענע אין קעלער — יא, מיט אמאל איז איהם געקומען אין דיא געדאנקען, אז נאך דיא שפורען וואס ער האט בעמערקט, האט איינער פון זיי ארויסגעפיהרט דיא שוועסטער פון צימער. ער וועט אלזא געהן זעהן וואס דארט אין קעלער איז פארגעקומען.

און אזוי איז סאלטיקאוו באלד ארונטער אין קעלער און צו זיין ערשטוינונג האט ער געפונען, אז דיא פיער קאזאקען זיינען געליגען און זיינען געשלאפען וויא דיא טויטע, דיא טיהרען פון קעלער זיינען געווען אפען און קיין איינ־ציגער געפאנגענער איז מעהר ניט געוועזן.

— ווער האט עס געקענט טהאן? האט ער זיך אליין געפרעגט. פיעלייכט זיין שוועסטער? אבער צו וועלכען צוועק?

דער באנדיט האט ניט געקענט בעגרייפען, אז מען קען טהאן אזא זאך אוים געפיהל פון מיטלייד און מענשען־ליעבע.

יעדענפאלס איז ביי איהם נאך שטארקער געווארען דער בעשלוס אונטער־צוציגדען דעם שלאס און אנטלויפען.

גראדע וויא געוואונשען האט ער דערזעהען אין קעלער א גרויסע פאס פול מיט אויל. ער האט גענומען א כלי און האט אנגעפאנגען מיט'ן אויל צו בעגי־סען אלע טרעפ ביז צום פיערטען עטאזש, וואו אין איין צימער איז געשלאפען דער וואכמייסטער און אויבען אין טהורם זיינען געשלאפען דיא איבעריגע קאזאקען. ערטערווייז האט ער אויך אנגעווארפען שטרוי און אנדערע לייכט־ברענענדע מאטעריאלען.

אום צו זיין זיכער, אז זיין אונטערנעהמונג וועט איהם געלינגען, האט ער פערשלאסען דיא טיהר פון צימער וואו דער וואכמייסטער איז געשלאפען און אויך דיא טיהר פון'ם טהורם־צימער וואו דיא קאזאקען זיינען געשלאפען, דאן

האָט ער אונטערגעצונדען דיא אויבערשטע טרעפּ און איז אראָב אונטען צו זיין שוועסטער אין צימער.

דער באנדיט האָט גערעכענט, אז ער האָט נאָך א גוטע האלבע שטונדע צייט ביז דער פייער וועט גרייכען ביז אראָב. ער האָט געוואוסט, אז אין נאַ־טאליא׳ס שרייב־טיש איז דאָ א געהיימער שופלאָד וואו זיא האלט איהר געלד און דיא פאמיליען־בריליאנטען. ער האָט נור ניט געוואוסט וויא דיעזען שופלאָד צו עפענען. ער האָט זיך אָבער נאָך פון פריהער בעזאָרגט ער זאָל לאנג ניט דארפען זוכען. ער האָט מיטגעבראכט פון קעלער א האק, מיט וועלכער ער האָט צוהאקט און צושמעטערט דעם גאנצען שרייב־טיש אויף שטיקער.

מיט ציטערענדע הענד פון אויפרעגונג האָט ער געטאַפּט און געזוכט איי־בעראל און האָט גאָר ניט געפונען. ער האָט געקריצט מיט דיא ציינער פון כעס, ער האָט געזידעלט און געשאָלטען דיא שוועסטער מיט טויטע קללות און האָט געהאלטען אין איין ווארפען און זוכען כאָטש עטוואָס געלד אָדער ציערונג, אָבער זיין מיהע און זיינע קללות זיינען געווען אומזיסט. ניטאָ קיין זאך וואָס האָט דיא ווערטה פון געלד.

— אָה, דיא ניעדערטרעכטיגע נאטאליא! האָט ער געקריצט מיט דיא צייהן, זיא האָט אלעס ערגיץ פערגראָבען און בעהאלטען, וואהרשיינליך אין גאָרטען דאָרט צווישען איהרע בלומען. אָבער איך וועל דאָס געלד געפינען ווען איך זאָל אפילו וויסען, אז עס וועט מיך קאָסטען מיין לעבען. דאָך שנעל, איך טאָר קיין איבעריגע מינוט ניט פערליערען.

אין דער זעלבער צייט האָט זיך שוין געהערט דער קראך פון דיא פלאַ־מען וואָס האָבען זיך פערשפרייט פיעל שנעלער וויא ער האָט ערווארטעט. צעהן מינוט זיינען שוין פאָריבער און דאָס איז געווען גענוג פיר׳ן פייער צו גרייכען ביז צום אונטערשטען עטאזש. צוריק ארויסגעהן האָט ער שוין אלזאָ ניט געקענט. אָבער ער איז אויך געווען זיכער, אז קיינער וועט דאָ צו איהם ניט קע־נען צוקומען, ווייל ער האָט זיך איינגעשלאָסען פון אינעווייניג. פאר איהם איז נאָר איין אויסוועג געבליבען צו לויפען דורך׳ן פענסטער פון זיין שוועסטער׳ס שלאָף־צימער, פון דאָרט קען ער ארויסקומען אויף׳ן באלקאָן און איבער דיא בוימער אראָבקלעטערען אין גאָרטען.

פלוצים איז ער געבליבען שטעהן א פערציטערטער. פון אויבען האָבען זיך געהערט פערצווייפעלטע, הייזעריגע, פערשטיקטע געשרייען.

— הא־הא, זיי קווייטשען שוין; וואָס האָב איך זיך דאָ צו שרעקען? האָט ער געלאכט און געציטערט צוזאמען. זיי בראָטען זיך שוין דאָרט דיא איינגעשלאָסענע קאָזאקען. איך פערגין זיי דאָס פון גאנצען הארצען. פאר מיר בלייבט נאָך צייט גענוג זיך צו רעטען.

אָבער דער רויך האָט שוין אָנגעפאנגען אויך צו איהם אין צימער אריינ־

צוקומען. ער האָט געזעהן, אז ער טאָר מעהר קיין איבעריגע מינוט ניט פער־ליערען, און ער האָט שנעל אוועקגעוואָרפען זיין האק אום צו לויפען אין זיין שוועסטער'ס שלאָף־צימער. אָבער אין זעלבען מאָמענט איז פון דאָרט ארויס־געקומען א פירכטערליכע געשטאַלט און ברומענדיג וויא א לייב האָט ער דער־לאַנגט סאלטיקאָוו'ען אזא שטארקען קלאַפּ אין ברוסט, אז ער איז גלייך אני־רערגעפאלען אויף דיא צושמעטערטע שטיקער פון דעם שרייב־טיש.

דאָס איז געווען דער וואכמייסטער סערגעיעוו. עס איז געווען דייטליך צו זעהן אויף איהם, אז ער האָט מיט גרויס לעבענסגעפאהר זיך קוים ארויסגע־כאַפּט מיט דער נשמה, לויפענדיג צווישען דיא פלאַמען איבער דיא טרעפּ. זיין באָרד און זיינע האָר זיינען אין גאנצען פערברענט געוואָרען. זיין געזיכט איז געווען שווארץ פון רויך, אָבער זיינע אויגען האָבען געברענט מיט א ווילדען פייער וויא ביי א טיגער.

דער מערדערישער פיינגלינג איז פול געוואָרען מיט שרעק זעהענדיג דיעזען מאַן. אלעס אין דער וועלט, נור איהם וואָלט ער יעצט ניט געוואָלט בעגעגענען, דען זיין הויפּט צוועק אונטערצוציכנדען דעם שלאָס איז דאָך געווען אום פון דיע־זען געפעהרליכען מאַן וואָס ווייכט פון זיין פערברעכען פריי צו ווערען.

איין בליק אויף דעם וואכמייסטער האָט איהם געצייגט, אז ער האָט פון איהם דאָס שרעקליכסטע צו ערווארטען, דאָך האָט ער זיך ניט וויסענדיג גע־מאכט און צוזאמענגענעהמענדיג זיין לעצטען מוטה איז ער אויפגעשטאַנען און האָט אויסגערופען מיט א פאַלשען פריינדליכען טאָן:

— אך, מיין ליעבער סערגעיעוו, זעהט וואָס פאר אן אונגליק! דער אלטער שלאָס, דיא שטאָלצע געביידע פון אונזער פירסטליכע פאמיליע שטעהט אין פלאַמען. אן אונגליקליכער צופאל, וואהרשיינליך, דיא אונפאָרזיכטיגקייט פון עפּעס א דיענער —

סאלטיקאָוו'ס שטימע איז פערשטיקט געוואָרען. פון אויפרעגונג און שרעק האָט ער אָנגעפאַנגען צו וויינען. גרויסע טרעהרען האָבען זיך געגאָסען פון זיינע אויגען, אָבער אויף'ן וואכמייסטער האָט עס גאָר קיין איינדרוק ניט געמאכט. ער איז נאָך אימער שטיל געשטאַנען און האָט געקוקט אויף זיין אָפּפער מיט ברע־נענדע בליקען.

— וואָס שווייגט איהר? ווארום רעדט איהר ניט? האָט פאָול געשריען צום וואכמייסטער. זאָגט דאָך נור איין וואָרט! אך, איך קען אייך איבעריגענס ניט פערדענקען. עס איז אייך געוויס שווער געווען זיך דורכצוארבייטען צווי־שען דיא פלאַמען ביז אהער —

— יא, עס איז געווען זעהר שווער, האָט געענטפערט סערגעיעוו, צוגע־הענדיג אייניגע טריט נעהענטער צו סאלטיקאָוו'ן, וועלכער איז געשטאַנען וויא בעלעהמט און האָט ניט געוואגט פון אָרט זיך צו ריהרען. עס איז ווירקליך

געוועזן שווער. עפּעס א פערדאמטע האנד האָט פערריגעלט דיא טהיר פון דרויסען. איך גלויב, אז דאָס מוז זיין דיא זעלבע האנד, וועלכע האָט בענאָסען דיא טרעפּ מיט אויל און פאנאנדער געוואָרפען דאָרט שטרוי; דיא זעלבע האנד, וועלכע האָט אויך פערריגעלט דיא טיהר פון טהורם־צימער, וואו דיא אָרעמע קאָזאקען ליגען שוין דערשטיקט פון רויך. און דאָס האָט קיין אנדערער ניט געטהאָן וויא דוא, ניעדערטרעכטיגער באנדיט!

מיט דיעזע ווערטער האָט ער אָנגעכאפּט סאלטיקאָוו'ן פאר'ן ברוסט און מיט זיין גאנצע ריעזען קראפט האָט ער איהם אויפגעהויבען אין דער הויך, אזוי דאָס אייניגע סעקונדען האָט ער זיך געצאפּעלט מיט דיא הענד און דיא פיס אין דער לופטען שרייענדיג:

— סערגעיעוו, וואָס ווילט איהר? — לאָזט מיך אָב, וואכמייסטער! — זייט איהר דען פלוצלונג וואהנזיניג געוואָרען?

— וואהנזיניג? יא, עס וואָלט קיין וואונדער געוועזן, ווען איך וואָלט מיין פערשטאנד פערלאָרען, אָבער נאָך בין איך ביי מיין קלאָהרען זינען און דאָס וועסט דו באלד זעהען, פערדאמטער קערל!

מיט וויפיעל קראפט ער האָט נאָך געהאט האָט ער סאלטיקאָוו'ן א שלייי־דער געטהאָן צו דער ערד און זיך זעצענדיג מיט דיא קניע אויף זיין ברוסט האָט ער אויסגערופען:

— און דוא ווילסט מיר נאָך איינרעדען, אז דיעזער פייער איז ארויס־געקומען דורך א צופאל? איך האָב ניט געשלאָפען וויא דיא אנדערע קאָזאקען דאָרט אויבען אין טהורם־צימער, איך האָב געהערט וויא דער ריעגעל בעוועגט זיך אין דרויסען הינטער מיין טיהר און איך האָב באלד פערשטאנען, אז דאָס איז דיין ארבייט, נידערטרעכטיגער יונג! צו וועלכען צוועק דו האָסט עס געטהאָן האָב איך נאטירליך אין דעמזעלבען מאָמענט ניט געוואוסט, דען עס איז מיר דאָך אונמעגליך געוועזן צו דענקען, אז דוא וועסט דיין אייגענעם שלאָס אונטערצינדען.

"באלד אָבער איז מיר דיא זאך קלאָר געוואָרען. דער רויך האָט אריינגע־דרונגען צו מיר אין צימער און איך האָב געהערט וויא דער פייער הויבט אָן צו קנאקען. מיין צאָרן האָט אויך אויפגעברענט און מיט מיין גאנצער קראפט בין איך צוגעלאָפען צו דער טיהר אום איהר אויפצוברעכען, אָבער דאָס איז מיר ניט מעגליך געוועזן. יא, איך האָב אין דיעזער מינוט געקענט וואהנזיניג ווערען ארומלויפענדיג איבער'ן צימער, ביי דעם געדאנק, אז דיר, מערדער, און אונ־טערצינדער, זאָל זיך איינגעבען דיין שענדליכע טהאט מיך לעבעדיגערהייט צו פערברענען.

"דיא פלאמען האָבען מיר דאן געשלאָגען אנטקעגען, דיא גאנצע טרעפּ האָבען שוין געברענט, אָבער נאָך מעהר האָט אין מיר געברענט מיין ראכע. מיין

לעבען וואָלט דאָך זאָ וויא זאָ געוועזן פערלאָרען, דארום איז מיר קיין אנדער מיטעל ניט געבליבען וויא דורכצולויפען דורך'ן פייער ביז איך בין ארויסגעשפרונגען אונטען אין הויף. דאָרט האָב איך געזעהען, אז דיא געפאנגענע זיינען אנטלאָפען און דער שפור פון דיא פערגאָסענע אויל האָט מיר געציינט וואו איך דארף דיך זוכען און געפינען.

"יעצט אלזאָ ווייסט דו אלעס, פּאול סאלטיקאָוו, און יעצט פרעג איך דיך, וואו זיינען דיא צעהן טויזענד רובעל, וועלכע דוא האָסט מיר פערשפּראָכען? אהער דאָס געלד אָדער איך וועל דיר דאָ אויף דער שטעלע ארייננשטעכען מיין מעסער אין דיין ברוסט.

— אָבער צום טייפעל, וואכמייסטער, האָט סאלטיקאָוו אויסגעשריען, דו צוברעכסט דאָך מיר דיא ברוסט. נעהם אראָב דיין קניע און לאָז מיך עטוואָס אָב. אָה, סערגעיעוו, ווארום זאָלען אזעלכע צוויי מענער וויא מיר ניט קענען איינינג ווערען? אין דיעזען הויז מוז זיין געלד, גאנצע אוצרות, איך ווייס דאָס בעשטימט, נאָר איך קען עס ניט געפינען. זעהסטו דיעזען שרייב־טיש? איך האָב איהם צושמעטערט. זיא האָט געוויס דאָס געלד פערבאָרגען אין גאָרטען. איך גלויב, אז עס וועט אונז מעגליך זיין עס צו געפינען. העלף מיר זוכען, סערגעיעוו, איך שוועהר דיר, אז דו וועסט ערהאלטען א העלפט און נאָך מעהר.

—דאָס לאָזט זיך הערען, האָט איינגעשטימט סערגעיעוו אָבלאָזענדיג סאלטיקאָוו'ען. אָבער דיין שבועה דארף איך ניט. ווען דאָס געלד זאָל זיך נור געפינען, דאן וועלען מיר שוין זיך צוזאמענרעכענען. דאָך מיט דיר, מיין פריינד, מוז איך זיין זיכער, אז דו זאָלסט ניט אנטלויפען.

מיט דיעזע ווערטער האָט סערגיעוו אראָבגענומען פון זיך דעם גארטעל און אָנגעפאנגען צו בינדען סאלטיקאָוו'ס הענד אויף הינטען. דער יונגער פערברעכער האָט זיך פון זיין פיינינער ארויסגעריסען און האָט געשריען מיט א ווילדען צאָרן, אָבער עס האָט איהם ניט געהאָלפען, דער קאָזאק איז געוועזן פיעל שטארקער פון איהם און האָט געטהאָן זיין זאך גאנץ שנעל.

— סערגעיעוו, האָט געשטאמעלט פּאול זיך בעטענדיג, האָסטו גאָר קיין רעספּעקט פאר דיין לייט־נאנט? דו האנדעלסט דאָך געגען דעם מיליטערישען געזעץ, ווען דו בעהאנדלסט אזוי דיין אָפיציער.

— דיין לייטענאנטשאפט איז געענדיגט, מיין זוהנעלע, האָט זיך דער קאָזאק אויסגעלאכט, יעצט בין איך דיין גענעראל. נו, ריהר זיך, מארש, צום באלקאָן! זאָנסט וועל איך דיר ארייננשטעכען מיין מעסער אין רוקען.

מיט דיעזע ווערטער האָט דער קאָזאק איהם דערלאנגט אזא זעץ אין רוקען, אז סאלטיקאָוו איז געפאלען. סערגעיעוו האָט איהם אויפגעהויבען און סאלטיקאָוו איז שוין יעצט געשטאנען געהאָרכזאם וויא א געשלאָגענער הונד.

— איך געה, איך געה, וואכמייסטער, האָט ער געשטאַמעלט, נור שלאָג מיך ניט, טויט מיך ניט!

— ניין, דו וועסט ניט שטאַרבען, האָט געברומט דער קאָזאַק, אויב דו וועסט מיר צייגען וואו דאָס געלד איז, דאַן קענסטו לויפען צו אלע טייוואָלים. אָבער אָהן געלד לאָז איך דיך ניט אָב; אָהן געלד וועל איך דיך צוזאַמען מיט מיר איבערגעבען צו דער פּאָליציי. מען וועט אונז ביידען פערשיקען אין קאַ־טאָרגע. איך בין שוין דאָרט געוואָהנט און וועל נאָך געפינען א מיטעל וויא זיך אויסצודרעהען; אָבער דו וועסט פערפוילט ווערען אין דיא מינען־גרובען.

א געבונדענעם, האלב טויטען פון שרעק, האָט דער וואכמייסטער ארויס־געשלעפּט פּאול'ן פון צימער, אין וועלכען רויך און פלאַמען האָבען זיך שוין דורכגעשלאָגען צווישען דיא טיהרען און דיא ווענד. ווען דער פענסטער פון שלאָף־צימער וואלט ניט געווען אָפען וואָלטען זיי שוין ביידע לאַנג דערשטיקט געוואָרען, דען דיא גאַנצע פאָדערשטע געביידע איז שוין געשטאַנען אין א העלישען פייער.

ענדליך זיינען זיי ביידע ארויס אויף'ן באַלקאָן וואו דער וואכמייסטער האָט איינגעזעהן, אז ער מוז סאַלטיקאָוו'ען פריי מאכען דיא הענד, דען זאָנסט קען ער דאָך ניט אראָבקלעטערען איבער דיא בוימער. ער האָט אלזאָ אראָב־גענומען פון זיינע הענד דעם גאַרטעל און אנשטאָט דעם האָט ער איהם צוגע־בונדען צו זיך ארום דיא לענדען און דאַן האָט ער איהם אָנגעפאַנגען שטופּען אראָב פון באַלקאָן.

אין דעם זעלבען מאָמענט איז מיט א פירכטערליכען קראַך אראָבגעפאלען א שטיק ברענענדיגע וואַנד פון דעם הויכען טהורם און ביידע פערברענער זיי־נען בעגראָבען געוואָרען אונטער א מאסע פון פלאַקערענדע באַלקענס, שטיקער האָלץ, הייסע אייזענס און פייערדיגע ציעגעל.

דיא דיענערשאפט אין דעם ווייטען פליגעל פון שלאָס האָבען ענדליך אויפגעוואכט און זיינען זיך צוזאמענגעלאָפען. אויך אלע איינוואָהנער פון דיא נעכסטע דערפער זיינען האסטיג געקומען, אָבער דעם בראַנד האָבען זיי ניט געקענט איינלעשען. דיא גאַנצע פראָנט געביידע פון דעם אלטען שלאָס איז געוואָרען א חורבה פון דיא פלאַמען.

דעם נעכסטען טאָג האָט מען צווישען דיא אָבגעברענטע רואינען געפונען דיא טויטע, האלב־צושמעטערטע קערפּערס פון אלע קאָזאקען מיט זייער וואכ־מייסטער און אויך פון דעם יונגען קניאז פּאול סאַלטיקאָוו.

## 34טער קאפּיטעל

## קאטהערינא און איהר ליובאָווניק.

איינינע וואָכען האָט פּאָטעמקין געשוועבט צווישען לעבען און טויט.

קאטהערינא'ס אידישער לייב־דאָקטאָר אברהם בענרובען האָט אלע מיטלען אָנגעווענדעט אום דעם יונגען קניאז צו רעטען, דאָך האָט עס אויסגעזעהען, אז זאָגאר דיא קונסט פון דיעזען בעריהמטען ארצט וועט ניט העלפען.

איינענטליך איז דיא וואונד, וועלכע אָרלאָוו האָט איהם געמאכט ביי'ם דועל ניט געוועזען זעהר געפעהרליך; אָבער איהם האָט געבראכט צום שוועל פון קבר דיא עגמת נפש, מיט וועלכע זיין הארץ איז יעצט געוועזען דורכגעציטערט. דער ארצט האָט איהם ערקלערט, אז זיין אויג איז אין געפאהר און ער וועט פי־לייכט אויף איהר ניט קענען זעהען. דיעזער פערצווייפעלטער געדאנק האָט גע־מאכט אויף איהם אזא שרעקליכע ווירקונג, אז ער איז אריינגעפאלען אין א היץ־פיעבער און זיינע שוואכע קרעפטען האָבען עס קוים געקענט אריבערטראָגען.

עס איז געוועזען ריהרענד צו זעהן וויא טריי און צערטליך קאטהערינא האָט נעפפלעגט איהר קראנקען ליעבלינג. זיא איז כמעט אויף א מינוט ניט אוועקגעגאנגען פון זיין בעט און מען האָט קוים געקענט איהר איינרעדען, אז זיא זאָל איהרע מאָהלצייטען געניסען. זאָגאר דיא רעגיערונגס־געשעפטען, צו וועלכע זיא איז אימער געוועזען אָבגעגעבען מיט איהר גאנצע ענערגישע זעעלע, האָט זיא אין גאנצען פערנאכלעסיגט, און ווען ניט איהר ערשטער מיניסטער, דער טרייער פאנין, וועלכער האָט אלע אנגעלעגענהייטען בעזאָרגט, וואָלט רוסלאנד דאן געשוואומען וויא א שיף אָהן א רודער אויף דעם פּאָליטישען מעער.

ווען עס זיינען פאָרגעקומען בעזאָנדערס וויכטיגע פראגען, וועלכע נור דיא קייזערין אליין דארף ענטשיידען, פלעגט גראף פאנין ברענגען דיא דאָקו־מענטען אין פּאָטעמקין'ס קראנקען־צימער און קאטהערינא האָט דאָרט אויף א קליינעם טישעל ביי זיין בעט אלעס אונטערגעשריעבען ניט איבערלעזענדיג צומאָל וואָס אין דיא פּאפּירען איז געוועזען געשריעבען. וואָס קימערט איהר דיא פּאָליטיק, וואָס פיר א אינטערעסע קען פיר איהר האָבען רוסלאנד, ווען דער געליעבטער פון איהר הארצען ליעגט אזוי שווער און געפעהרליך קראנק?

מיט גרויס שמערץ האָט קאטהערינא יעדען טאָג און כמעט יעדע שטונדע געפרעגט איהר געטרייען לייב־דאָקטאָר, אויב עס וועט ניט מעגליך זיין פּאָ־טעמקין'ס אויג צו רעטען: אויב ער וועט אויף'ן אויג ניט קענען זעהן, זאָל מען וועניגסטענס עס ניט דארפען ארויסנעהמען. אָנפאנגס האָט דער דאָקטאָר פערזיכערט, אז דאָס וועט מעגליך זיין. יעצט אָבער איז דורך דעם פיעבער אויך דאָס אויג געקומען אין געפאהר און דער דאָקטאָר האָט ערקלעהרט, אז ער מוז מאכען אן אָפּעראציאָן און אויב דאָס וועט ניט געלינגען, דאן מוז פּאָטעמקין זיין אויג אין גאנצען פערליערען.

קאטהערינא איז שיער געפאלען אין אָהנמאכט, ווען זיא האָט געהערט דיעזע ווערטער. דאָס איז געוועזען דער שרעקליכסטער שמערץ אין איהר גאנצען

**לעבען. איהר שעהנער ליעבלינג זאָל בלייבען בלינד אויף איין אויג** — וויא שוידערהאַרפט, וויא שרעקליך!

און וויא זאָל מען איהם אויף אזא צופאל פאָרבערייטען? קאטהערינא האָט געגלויבט, אז ער קען נאָך דאדורך זיין פערשטאנד פערליערען. ער איז שוין כמעט וואהנזיניג געוואָרען ביי דעם געדאנק, אז ער וועט אויף דיעזע אויג ניט קענען זעהען, און יעצט זאָל מען איהם זאָגען, אז ער וועט דאָס אויג אין גאנצען פערליערען! ניין, ער וועט עס ניט אויסהאַלטען!

דער פיעבער איז אונטערדעסען פון איהם אָבגעשטאַנען און דער דאָקטאָר האָט ערקלעהרט, אז דיא אָפעראציאָן מוז אין דיא נעכסטע 24 שטונדען גע־מאכט ווערען.

— גיט מיר וועניגסטענס צייט איהם לאנגזאם דארויף פאָרצובערייטען, האָט דיא קייזערין געבעטען.

— איך קען עס ניט, מאיעסטעט, האָט געענטפערט דער דאָקטאָר בע־שטימט. ווען דיא אָפעראציאָן זאָל באלד ניט געמאכט ווערען, דאן קען ער בעקומען א בלוט פערגיפטונג, וועלכע וועט זיך פערברייטען אין געהירן און דאן איז ער אין גאנצען פערלאָרען.

דיא קייזערין האָט זיך אלזאָ אונטערגענומען פאָטעמקין'ען דיעזען צו־שטאנד צו ערקלערען טראָץ דעם וואָס איהר אייגענעס הארץ איז געוועזען פער־דריקט און פערפינסטערט. דאָס איז אלזאָ געוועזען נעגען אבענד, ווען זיא איז אריינגעקומען צו איהם, נאָכדעם וויא זיא איז א שטונדע אבוועזענד געוועזען, אום זיך עטוואָס אויסצורוהען. פאָטעמקין איז געלעגען אויף זיינע זיידענע קיסענס און זיין איינציגע געזונדע אויג האָט אויסגעדריקט פרייד דערזע־הענדיג דיא געליעבטע קייזערין. ער האָט איהר אויסגעשטרעקט דיא האנד און האָט אויסגערופען:

— אָה, וויא גוט דו ביסט, מיין קאטענקא. דו פערגעסט אלעס צוליעב מיר; אָבער איך בעט דיך, געליעבטע, פערלאָז ניט דיא רעגיערונגס־געשעפטען, דען צוערשט מוזט דו זאָרגען וועגען דיין לאנד און דאן וועגען פאָטעמקין.

— וואָס קימערט מיך רעגיערונג, וואָס קימערט מיך רוסלאנד, אזוי לאנג וויא דו, מיין איינציגער לעבען, ביזט נאָך קראנק? האָט זיא געזאָגט זיך זע־צענדיג צו איהם אויף'ן בעט. אָבער איך וויל האָפען, אז באלד וועסט דו אין גאנצען געזונד ווערען.

— געזונד? האָט ער געפרעגט מיט ביטערקייט, ווען וועט עס זיין און וויא וועט עס זיין? פיליייכט וועל איך גאָר פערבלייבען א קריפעל, א האלבער מענש, וועלכער זעהט נור אויף איין אויג און ווער וויים, פיליייכט וועל איך מאן מיין קייזערין מעהר ניט געפעהלען?

— אָה, דו שלעכטער, שלעכטער ליעבלינג! האָט זיא אויסגערופען און

פערשלאָסען זיינע ליפּען מיט א קוס. ניט נור רעדען, נור אפילו דענקען זאָלסט דו עס ניט. נאָך פערשטעהסט דו ניט, אז איך ליעב ניט דיין געזיכט אליין, זאָנדערן אויך דיין זעעלע? און, אלעקסאנדער מיין קרוין, ווען מיר זאָלען זאָגאר אָננעהמען דעם פאל, אז דו ווערסט דיין אויג אין גאנצען פערלירען.

— שוויינ, זאָג עס ניט! האָט ער אויסגערופען ווערענד זיין געזיכט איז שרעקליך בלייך געוואָרען. איך קען וואהנזיניג ווערען ביי דעם געדאנק, אז איך זאָל מוזען נור מיט איין אויג בעוואונדערען דיין שעהנהייט און אנ־שטאָט אן אויג זאָל איך האָבען א העסליכע לאָך אין געזיכט — אָה, בעסער דער טויט. דו זעלבסט ווערסט דאָך זיך אבשוידערען פון עקעל קוקענדיג אויף מיר.

— ניין, איך שווער דיר ביי גאָט, ניין, האָט קאטהערינא געשטאמעלט מיט טרעהרען. איך וועל דיך יעדענפאלס אימער ליעבען.

— מיטלייד וויזסט דו דאן מיט מיר האָבען, אָבער ליעבע, ניעמאלס!

— אָה, אלעקסאנדער! האָט זיא ביי איהם געבעטען. צווייפעל דאָך ניט אין מיין ליעבע. איבעריגענס קען זיין — ווען נור דער דאָקטאָר...

קאטהערינא האָט געשטאמעלט, עס איז איהר זעהר שווער געווען דעם געליעבטען אָנצוזאָגען דעם דאָקטאָר'ס ערקלערונג. פּאָטעמקין האָט זיך לאנג־זאם אויפגעהויבען און אָננעהמענדיג איהר האנד האָט ער דיא קייזערין בע־טראכט און דאן האָט ער מיט גרויס פערצווייפלונג אויסגערופען:

— דו ביזט געקומען מיר עטוואָס אָנזאָגען, קאטהערינא. איך בעט דיך, איך בעשווער דיך, מאטער מיך ניט און ערקלער מיר אלעס. וואָס האָט דער דאָקטאָר געזאָגט?

— ער האָט געזאָגט, האָט זיא געענטפערט און בעדעקט איהר געזיכט מיטביידע הענד, אז מען מוז דיין אויג אָפּערירען און — עס קען זיין, ביי דעם קלענסטען אונערפאָלג, אז דו ווערסט דיין אויג אין גאנצען פערלירען.

מיט א וואהנזיניגען געשריי איז פּאָטעמקין צוריק געפאלען אויף'ן קיסען, אָבער דיא קייזערין האָט איהם ארומגענומען און בעדעקענדיג זיין גאנצע געזיכט מיט פייעריגע קוסען האָט זיא אויסגערופען צערטליך:

— מיין טהייערער, געליעבטער מאן, זיי דאָך שטארק! צייג, אז דו בע־זיצסט א מענליכע זעעלע, טראָג איבער געדולדיג דיעזע אָפּעראציאָן, עס קען דאָך זיין, אז ווען דו זאָלסט זיך רוהיג פערהאלטען וועט זיך אלעס גוט ענדיגען. איך — איך וועל דיך יעדענפאלס אימער ליעבען.

— ניין, איך וועל זיך ניט לאָזען אָפּערירען, האָט ער אויסגערופען מיט א פעסטען בעשלוס.

קאטהערינא האָט איצט שוין גאָר זיך קיין ראטה ניט געקענט געבען וויא איהם איינצורעדען. דאן איז זיא מיט א ביטערען געוויין געפאלען

אויף דיא סניע און זיא — דיא מעכטיגע קייזערין האט געקוסט זיינע הענד און געבעטען וויא א מוטער ביי א קינד:

— אָה, אלעקסאנדער, אויב דו האסט מיך ווען געליעבט זאָלסט דו מיך יעצט פאָלגען און זיך לאָזען אָפּערירען, דען זאָנסט איז אויך דיין טהייע־רעס לעבען אין געפאהר. וואָס וועט פון מיר ווערען, ווען איך זאָל דיך ניט האָבען?

— ווען דו וועסט מיך ניט האָבען, האט ער געענטפערט אויפגערייצט וויא יעדער קראנקער וואָס זעהט זיין געפעהרליכע לאגע, ווען ניט איך, דאן וועסט דו געפינען אן אנדערען, וועלכער וועט ליגען ביי דיינע פיס און וועט דיך ליעבען אָדער וועט וועניגסטענס שפּיעלען א פאלשע ראָלע פון ליעבע.

— אלעקסאנדער! אָה, אלעקסאנדער! פארוואָס קומט עס מיר, אז דו זאָלסט צו מיר רעדען אזעלכע ווערטער? ווייסט דו דען ניט, אז דו ביזט מיין גאנצעס לעבען? ווען דו וועסט שטארבען דאמאָלס וועט אויך קומען א סוף אויף מיינע יונגע יאָהרען. אלעקסאנדער, האָב מיטלייד אויף מיר; פער־לאנג פון מיר אלעס וואָס דו ווילסט, נור ענטשליעס זיך צו דיעזע אָפּעראציאָן.

א מערקווירדיגער געדאנק איז ביי איהם יעצט דורכגעפלויגען: דיעזער טרויעריגער צופאל איז ארויסגעקומען איבער א דועל מיט אָרלאָוו'ן און דעם דועל האט ער געקעמפּפט איבער יענעם באנדיט'ס אנגריף אויף דער טירקישער באראָנין, וועלכע איז געוועזן עהנליך צו עליזאבעט — יא, ער האט זיך דער־מאָנט וויא פון א טרוים, אז זיא האט זיך איהם נעגעבען צו דערקענען אלס זיין געוועזענע כלה. וואָס איז פון איהר געוואָרען? ביי דער קייזערין וויל ער דאָס ניט פרעגען, ער וויל זיא ניט מאכען בייז. אָבער אויב יענע איז ווירק־ליך געוועזן עליזאבעט האט וואהרשיינליך עטוואָס שרעקליכעס מיט איהר געמוזט געשעהען. ער קען קאטהערינא און ער ווייס, אז זיא איז שרעקליך אין איהר ברענענדיגער אייפערזוכט. זיין הארץ איז אין דיעזען מאָמענט פול געוואָרען מיט א מעכטיגען געפיהל, אז עס איז זיין פפליכט יענע אונגליקלי־כע צו בעשיצען.

— זעהר שעהן, האט ער באלד זיך אָבגערופען. איך וויל ביי דיר בעטען א זאך, אָבער וואָס, וויים איך יעצט אליין ניט. דאך שטעל איך מיר פאָר, אז עס קען מיט דער צייט אויסקומען, אז איך זאָל יא האָבען צו דיר א געוויסע ביטע. דארום וואָלט איך וועלען דו זאָלסט מיר יעצט געבען א שריפטליכען דאָקומענט, אז וואָס איך וועל נור פערלאנגען פון דיר זאָלסט דו פאר מיר טהאָן.

קאטהערינא איז עטוואָס איבערראשט געוואָרען הערענדיג אזא זאָנדער־בארען וואונש.

— און מיין קייזערליכעס וואָרט איז ניט גענוג פאר דיר? האָט זיא געפרעגט.

— געליעבטע קאטהערינא, איך בעט דיך, האָב צו מיר צוטרויען. איך וויים, אז דו וועסט מיר קיינמאָל קיין זאך ניט ענטזאגען. דאָך ווער וויים וואָס אין דער צוקונפט קען פאסירען? יעדענפאלס ווען איך זאָל האָבען אזא שריפט־ליכען דאָקומענט וועט עס מיך זעהר פיעל בערוהיגען.

— אך, דו אונגלויביגער מאן! האָט געלאכט דיא קייזערין, איך פער־שטעה, דו ווילסט פּרובירען מיין ליעבע. אָה, מיין אלעקסאנדער! ווען דו זאָלסט קענען זעהען אין מיין הארצען, דאן וואָלסט דו וויסען, אז דו וועסט פאר מיר אייביג בלייבען דערזעלבער וויא היינט. דאָך, אום דיך צו בערוהיגען, מיין טהייערער, וועל איך דיין ביטע ערפילען.

ביי אן אנדער צייט וואָלט קאטהערינא פיליכט בייז געוואָרען, אָבער יעצט האָט זיא איהם בעהאנדעלט וויא א קראנקען, קאפּריזנעם קינד, וועלכען מען מוז נאָכגעבען. זיא האָט זיך אלזאָ געזעצט ביי זיין שרייב־טיש און איי־נענהענדיג האָט זיא אָנגעשריעבען פאָלגענדען אלערהעכסטען דאָקומענט:

"מיר, קאטהערינא דיא 2טע, פון גאָטעס גנאדען קייזערין פון רוסלאנד, זעלבסט־הערשערין פון אלע רוסען, האָבען היינט פערשפּראָכען דעם קניאז אלעקסאנדער פּאָטעמקין צו ערפילען זיינע א ביטע, מיט וועלכער ער וועט זיך צו אונז ווענדען יעדע צייט ווען ער וועט נור וועלען. מיר שווערען ביי אונזער קייזערליכען וואָרט דיעזע ביטע צו ערפילען וואָס ער זאָל פון אונז ניט בעגעהרען."

אונטער דיעזען אָפיציעלען דאָקומענט האָט זיא אונטערגעשריעבען דעם דאטום און איהר נאָמען און גליקליך ביי דעם געדאנק, אז יעצט וועט שוין פּאָטעמקין איהר פאָלגען און זיך לאָזען אָפּעריען, איז זיא צוגעגאנגען צום בעט מיט א ליעבליכען שמייכעל און בערעקענדיג זיין געזיכט מיט קושען, האָט זיא איהם דערלאנגט אין האנד דעם דאָקומענט.

— נו, מיין ליעבער אונגלויביגער נארעלע, האָט זיא איהם געפרעגט נאָכ־דעם וויא ער האָט דעם פּאפּיער דורכגעלעזען, ביזט דוא יעצט צופריעדען?

— יא, איך בין צופריעדען, האָט ער געענטפערט און געקוסט איהרע הענד. איך דאנק דיר, געליעבטע קייזערין, פאר דיא גרויסע גנאדע, וועלכע דוא האָסט מיר יעצט בעוויזען. און יעצט וועל איך דיך פאָלגען. געה און רוף דעם דאָק־טאָר, זאָל ער שוין מאכען דיא אָפּעראציאָן.

קאטהערינא איז ארויסגעגאנגען, אום מיט דעם דאָקטאָר וועגען דעם צו רעדען. פּאָטעמקין איז מיט גרויס מיהע אראָבגעקראָכען פון בעט און איינגע־שלאָסען דעם דאָקומענט אין א געהיימען שופלאָד ביי איהם אין שרייב־טיש, דאן האָט ער שנעל זיך צוריקגעלייגט. אין דעם נעכסטען מאָמענט איז דיא

קייזערין אריינגעקומען מיט איהר אידישען לייב־דאָקטאָר, וועלכער האָט אויס־
גערופען מיט א ריהרענדע שטימע:

— געלויבט איז גאָט אין הימעל, וואָס ער האָט אייך, קניאז פּאָטעמקין, אריינגעשיקט א דעה זיך צו ענטשליעסען צו דיעזע אָפּעראציאָן, וועלכע איז פּאָזיטיוו נויטווענדיג אום אייער לעבען צו רעטען.

— אָבער א רעכט ביסעל מיהע האָט עס געקאָסט, האָט דיא קייזערין בעמערקט גלעטענדיג דיא שעהנע לאָקען פון איהר ליעבלינג. זעהט נור, דאָק־טאָר, וויא רוהיג, וויא מוטהיג ער איז. אָה, מיין אלעקסאנדער איז א העלד, ניט נור אויף׳ן שלאכטפעלד, זאָנדערן אויך יעצט, ווען ער דארף בעקאנטשאפט מאכען מיט דעם אָפּרעאציאָנס־מעסער.

— דיא ליידען פון דער אָפּעראציאָן וואָלטען מיך גאָר ניט קימערען, האָט געענטפערט דער קראנקער, נאָר איך האָב מורא, אז עס וועט מיר אויס־קומען צו בלייבען א קריפּעל. דאָך גענוג וועגען דעם. איך פערלאנג, דאָקטאָר, מאכט עס וואָס שנעלער, אויב מעגליך היינט.

דער דאָקטאָר האָט אונטערזוכט פּאָטעמקין׳ס פּולס און אויסגעהאָרכט זיין ברוסט און דאן האָט ער געזאָגט דער קייזערין:

— עס איז בעסער צו וואַרטען ביז מאָרגען. דער קראנקער וועט זיך ביז דאן בערוהיגען און דאָס איז דיא הויפּט־זאך וואָס מען דארף האָבען, אז דיא אָפּעראציאָן זאָל געלינגען.

דער דאָקטאָר איז ארויסגעגאנגען און פּאָטעמקין איז דאן צוגעשטאנען צו זיין געליעבטע קייזערין זיא זאָל שיקען רופען א נאָטאריוס, ווייל ער וויל מאַ־כען זיין טעסטאמענט. קאטהערינא האָט מיט גרויס געדולד זיך בעמיהט איהם פון דיעזע אידעע אָבצורעדען. דאָס איז ניט נויטהיג, דאָס איז אן אונזינן, פון אזא אָפּעראציאָן שטארבט מען ניט, האָט זיא מיט איהם איינגעטענה׳ט.

ענדליך איז איהר געלונגען איהם צו בערוהיגען און איינצושלעפערען. קאט־הערינא איז דאן ארויסגעגאנגען אין איהרע צימערען און ערשט יעצט איז איהר ליעבענדעס הארץ פול געוואָרען מיט אזוי פיעל עגמת נפש און אויפ־רעגונג, אז זיא האָט זיך גאָר קיין אָרט ניט געקענט געפינען. זיא האָט פּרו־בירט ארבייטען, האָט זיך געזעצט ביים טיש, אום עטוואָס צו שרייבען, אָבער באלד האָט זיא געמוזט דיא פעדער אוועקוואַרפען. זיא האָט גערופען איינע פון איהרע הויפדאמען זיא זאָל איהר זינגען איינע פון איהרע ליעבלינגס ליעדער, דאָך ווען דיא דאמע האָט נאָר דיא ערשטע טענער געלאָזט הערען האָט דיא קייזערין אונגעדולדיג אויסגערופען:

— גענוג, אום גאָטעס ווילען, הערט אויף זינגען, עס גרילצט אין דיא אויערען, עס קלינגט שוידערהאפט, גענוג!

א האלבע שטונדע שפּעטער האָט זיא צונויפגערופען איינינע דאמען און

האט זיך מיט זיי געזעצט שפּיעלען אין קאָרטען אום דיא צייט צו פערטריי־
בען. אָבער אויך דיא קאָרטען האָבען זיא ניט אמוזירט און באלד האָט זיא
זיך אויפגעהויבען פון דעם טיש און איז אוועק איבערלאָזענדיג דיא גאנצע
געזעלשאפט אין גרויס פערלעגענהייט.

אין א פּאָר מינוט ארום האָט זיא זיך דערמאָנט, אז ערשט ניט לאנג
האָבען דיא גרעסטע פראנצויזישע דיכטער און שריפטשטעלער איהר אריינ־
געשיקט זייערע נייעסטע שריפטען. אם מעהרסטען פלעגט זיא ליעב האָבען
צו לעזען דיא ווערק פון דעם גרויסען דענקער וואָלטער. דיא לעצטע צייט
אָבער האָט זיא אויף דיא ביכער אפילו קיין קוק ניט געטהאָן און זיא האָט גערע־
כענט, אז דיעזע נייע ביכער וועלען געווים זיין א מיטעל זיא זאָל איהר צייט
אביסעל קענען פערטרייבען.

זיא האָט אָבער יעצט אליין ניט געקענט לעזען. זיא האָט אָנגעקלונגען
און האָט געהייסען אריינרופען פּאָטעמקין׳ס אדיוטאנט פלאטאָן זובאָוו, דער
זעלבער וואָס האָט איהר דאן געבראכט דיא נאכריכט וועגען דיא בלוט פער־
גיסונג אין אָרענבורג.

פלאטאָן זובאָוו, דער געוועזענער לייטענאנט, איז שוין יעצט געווען מאַ־
יאָר, ווייל ער האָט זיך צוגעשמייכעלט צו קניאז פּאָטעמקין מיט פאלשע פריינד־
שאפט און פּאָטעמקין און קאטהערינא האָבען אין איהם געגלויבט וויא אין
משיח׳ען.

אייניגע מינוטען שפּעטער איז זובאָוו אריינגעקומען אין דער קייזערין׳ס
בודואר און זיא האָט ביי איהם געפרעגט:

— פערשטעהט איהר דיא פראנצויזישע שפּראך?

— יא, מאַיעסטעט, האָט ער געענטפערט.

— דאן זעצט זיך בײ׳ם לאָמפּ און לעזט מיר פּאָר עטוואָס פון וואָלטער׳ס
ווערק.

— מיט׳ן גרעסטען פערגעניגען, מאַיעסטעט.

זובאָוו איז געווען א שעהנער יונגער מאַן. דער פראכטפאָלער מונדיר פון
דער קייזערליכער גווארדיע האָט איהם אויסגעצייכענט געפּאסט. אָבער קאטהע־
רינא וואָס האָט אימער נור געדענקט און געטראכט וועגען איהר פּאָטעמקין
האָט זיך גאנץ ווייניג צוגעקוקט צו זובאָוו׳ען. נאכלעסיג האָט זיא זיך אָנגע־
לעהנט אויף׳ן ווייכען דיוואַן, אָנשפּארענדיג דעם קאָפּ אויף דער האנד, פערטיג
צו הערען וואָס ער וועט לעזען. זיא האָט דאביי אויסגעזעהן מערקווירדיג רייי־
צענד. איהרע באקען האָבען געבליהט וויא דיא רויזען און איהר ברוסט האָט
זיך שווער בעוועגט.

זובאָוו איז געוואָרען געראָרט און שטאַרק אויפגערעגט. ער האָט גע־

שלונגען דיא שעהנע קייזערין מיט דיא אויגען. קוים וואס ער האט זיך געקענט בעהערשען.

ער האט גענומען דעם בוך אין האנד, אבער ער איז בשום אופן ניט געווען אין שטאנד אנצופאנגען צו לעזען.

— נו, ווארום לעזט איהר ניט? האט קאטהערינא געפרעגט מיט פערדרום.

ער האט אויף איהר נאך אמאל געווארפען א ליידענשאפטליכען בליק און האט ענדליך אנגעפאנגען לעזען מיט א קלינגענדע שטימע און מיט א שעהנעם אויסדרוק, אזוי אז קאטהערינא איז אויף איהם אויפמערקזאם געווארען.

— אייער פראנצויזישע אויסשפראך איז דיא ריינסטע אין מיין הויף, האט זיא געזאגט און האט געקוקט גלייך אין זיינע אויגען. ווען איך וואלט פריהער געווען וויסען, וואלט איך אייך שוין לאנג געווען גענומען אלס מיין פארלעזער.

זובאוו איז רויט געווארען. דאס גאנצע בלוט איז איהם אריין אין געזיכט. ער האט געזעהן, אז זיין הייסעסטער וואונש איז נאהענט ערפילט צו ווערען, פיעל נעהענטער וויא ער האט אליין ערווארטעט.

זינט ער איז געקומען קיין פעטערבורג, וואו דיא קייזערין האט איהם גנעדיג אויפגענומען אין איהר לייב-גוואַרדיע, ברענט אין זיין ברוסט א פייעריגע ליעבע צו דער מאיעסטעטישער שעהנהייט. דאך האט ער קיין מאל ניט געקענט וואגען צו האפען אויף ערפאלג, ווען עס וואלט זיך ניט געמאכט אן עקסטרא צופאל.

גרענאר ארלאוו האט דאן בייגעוואהנט דיא סצענע ביי דיא מאניעווערעס, ווען זובאוו איז געקומען מיט דיא נאכריכטען פון ארענבורג און האט זיך פארגעשטעלט צו דער קייזערין. דער שווארצער גראף האט באלד ביי'ם ערשטען מאמענט בעמערקט זובאוו'ס שעהנע געשטאלט און וויא ער ווארפט שארפע ליידענשאפטליכע בליקען אויף דער שעהנער קייזערין. אין ארלאוו'ס אינטריגאנטישען מוח איז דאן באלד פערטיג געווארען א פלאן מיט דער הילף פון דיעזען זובאוו ארויסצווארפען זיין פיינד פאטעמקין פון זיין גדולה.

ארלאוו האט דאריבער געזוכט און נאטירליך באלד געפונען דיא בעקאנטשאפט פון פלאטאן זובאוו. זובאוו איז געווען העכסט שטאלץ דארויף וואס אזא בעריהמטער מאן, וועלכער שפיעלט נאך יעצט אויך דיא ראלע פון איינעם פון דיא גרעסטע שטאאטסמענער אין רוסלאנד, לאדעט איהם איין צו זיך אין פאלאסט און איז מיט איהם א גאנצער גוטער ברודער. דער טיפעל ארלאוו האט געזעהן וויא ווייט מעגליך אנצוצינדען א העלישען פייער אין זובאוו'ס ברוסט.

— ביסט דוא דען ניט אזוי שעהן וויא פאטעמקין? האט איהם ארלאוו

איינמאל אין א געשפרעך געזאגט, ווען זיי זיינען ביידע געזעסען אין פאלאסט ביי ארלאוו'ען איבער פולע פלעשער שאמפאניער. וואס איז דען דיוזער פא־טעמקין געווען פריהער? בלויז אן ארימער אפיציערל. און יעצט איז ער א רייכער קניאז מיט גיטער און מיליאנען. ווען דו וועסט נור פערשטעהן דיין זאך געשייט צו פיהרען וועסט דו פריהער אדער שפעטער ביי דער קייזערין פער־נעהמען זיין פלאץ.

ארלאוו האט איהם דאן געלערענט וויא ער זאל זיך שמייכלען צו פאטעמ־קין'ען און זאל זיך צייגען אלס זיין בעסטער, טרייעסטער פריינד. ער האט איהם אויך געגעבען אוראקען וואס ער זאל טהאן אום ער זאל דער קייזערין געפעהלען און ביסלעכווייז איהר צוטרויען געווינען, אזוי אז מיט דער צייט זאל זיא איהם גלויבען ווען ער וועט לאנגזאם און פארזיכטיג אנפאנגען אויסצור־שפרעכען א פערדאכט נעגען פאטעמקין'ען. דאך האט זובאוו ביז יעצט נים נעהאט קיין געלעגענהייט דיעזע פלענער אויסצופיהרען.

מען קען זיך דאריבער פארשטעלען וויא גרויס זיין פרייד איז געווען ווען ער האט דערהערט, אז דיא קייזערין וויל איהם נעהמען אלס איהר פארלעזער.

דער קייזערין'ס פארלעזער! דאס הייסט יעדען טאג וועט ער זיך געפי־נען איייניגע שטונדען גאנץ אליין מיט דער קייזערין. א פארלעזער האט אימער דיא מעגליכקייט צו מאכען א טיעפען איינדרוק אויף דער פערזאן פאר וועמען ער לעזט פאר. דיא געדאנקען פון דעם פערפאסער ווערען נאטירליך נאך'ן לע־זען בעשפראכען, דאביי האט מען א געלעגענהייט צו ערקלערען אייניגע אי־דעען און מען קען זיך אליין אויף פארשטעלען אלס הויכגעבילדעטער, קלוגער מאן. און אויף דיעזען אופן קען מען געווינען דעם בעסטען צוטרויען און קור־מען אין דיא נאהענטסטע בעציהונגען.

און זובאוו האט אנגעווענדעט אלע זיינע פעהיגקייטען ביי דיעזער פאר־לעזונג. זיין שטימע האט געקלונגען לויטער און יעדע מינוט האט ער אויפ־געהויבען זיינע פייער־שפריצענדע אויגען און האט געקוקט אויף דער קיי־זערין און האט אלע זיינע קרעפטע אנגעווענדעט זיא צו בעגייסטערען און דיא זארג פון איהר צו פערטרייבען.

אונגעפעהר א האלבע שטונדע האט זובאוו געלעזען. אבער זיין גאנצע מיהע איז געווען אומזיסט. דיא קייזערין האט אויף איהם כמעט נאך קיין רעכ[illegible]ן קוק ניט געטהאן. ענדליך האט זיא איהם געצייגט מיט דער האנד ער זאל [illegible]יפהערען לעזען. [illegible] אפיציער האט אוועקגעלייגט דעם בוך און זיא האט זיך צו איהם [illegible] מיט דיא ווערטער:

— איך דאנק אי[illegible] זובאוו. ביי אן אנדער צייט וואלט [illegible] מיר מיט אייער פארלעזען פערשאפט א וועלט מיט פערגעניגען, יעצט [illegible] איז [illegible]יין האריץ שווער מיט יסורים און עגמת נפש.

— אָה, מאיעסטעט! האָט זובאָוו אויסגערופען, ווען עס וואָלט מיר מעגליך געווען אייך צו פערלייכטערען אייערע יסורים! איך וואָלט דאן געווען דער גליקליכסטער מענש אין דער וועלט.

— פערלייכטערען מיינע יסורים! האָט קאטהערינא בעמערקט מיט א שווערען זיפץ וועהרענד זיא איז אויפגעשטאנען פון דיוואן און האָט אָנגע־פאנגען ארומגעהן הין און צוריק איבער׳ן צימער. ניין, מיין פריינד, קאטהערינא איז געוואָהנט איהרע זאָרגען און איהרע יסורים אליין צו טראָגען. נור איינער גיבט עס אין דער וועלט וואס וואָלט געקענט מיינע שמערצען פערלייכטע־רען און דער איינער ליעגט שווער קראנק. מיין אָרימער אלעקסאנדער! איהר ווייסט דאָך, אז גרעגאָר אָרלאָוו האָט איהם פערוואונדעט אן אויג און יעצט, אָה וויא שרעקליך, יעצט מוז מען איהם מאכען אן אָפּעראציאָן און עס קען מעגליך זיין, אז ער וועט דאָס אויג אין גאנצען פערליערען.

זובאָוו׳ס אינטריגאנטע ברוסט איז פול געוואָרען מיט פרייד און טריאומף, אָבער ער האָט זעהר גוט פערשטאנען שפּיעלען א קאָמעדיע און זיין געזיכט האָט כלומרשט אויסגעדריקט א מינע פון גרוים מיטלייד וועהרענד ער האָט אויסגערופען זעהר טרויעריג:

— אָה, וואָס פאר א גרויסער אונגליק דאָס איז! מיין קניאז, מיין בעס־טער פריינד, דער עדעלסטער פון אַלע מענער, און ער זאָל יעצט ווערען א העסליכער קריפּעל! ניין, איך וואָלט עס ניט אריבער געטראָגען, איך וואָלט בעסער זיך זעלבסט געטויט איידער אזוי צו לעבען. ערלויבט מיר, מאיעסטעט, צו פרעגען, ווען וועט דיעזע אָפּעראציאָן געמאכט ווערען?

— מאָרגען מיטאָג אום 12 אוהר.

— מיין אָרעמער קניאז, האָט ער געזאָגט מיט א טרויעריגען טאָן, ער וועט געוויס דאבּיי מוזען איבערטראָגען פירכטערליכע שמערצען.

— ניין, דאָס ניט, דאָקטאָר בענרובען האָט ערפונדען א זאָרט עטהער, א גאז, פון וועלכען דער קראנקער ווערט בעטויבט, אז ער שפּירט גאָר קיינע שמערצען. דער דאָקטאָר האָט דיעזען מיטעל שוין אָנגעווענדעט ביי פיעלע פּאציענטען און מיט דעם בעסטען ערפאָלג.

— דאָס מאכט מיר זעהר פיעל פערגעניגען צו הערען פון אייער מאיעס־טעט, האָט געזאָגט זובאָוו אראָבלאָזענדיג דיא אויגען. קניאז פּאָטעמקין איז ביי מיר זעהר בעליעבט און איך בעוואונדער איהם אלס דעם עדעלסטען מאן, אלס א מוטהיגען קריעגס־העלד וואָס האָט זיין גלייכען ניט. איבערהויפּט פיהל איך זיך צו איהם זעהר צוגעבונדען, ווייל איך וויים, אז אייער מאיעסטעט קענען ניט געפינען קיין טרייערען ראטהגעבער אלס פירסט פּאָטעמקין.

— איך זעה, אז איהר זייט אן עדלער, גוטער מענש, האָט אויסגערופען קאטהערינא, און דאפיר ערהויב איך אייך אלס קאוואליער פון וולאדימיר אָר־

דען און אלס מיין שטענדיגען פארלעזער מיט א יאהרעס־געהאלט פון 20 טויזענד רובעל.

— מאיעסטעט, האט געשטאמעלט זובאוו מיט א פאלשע מינע פון איבערראשונג. אָה, מאיעסטעט, דאס איז פיעל מעהר וויא איך האב פערדיענט. אָבער דאך פערלאָז איך אייער צימער נאך מעהר בעטריבט.

— נאך מעהר? ווארום דען?

— איך וועל מארגען זיין אין גרויס אנגסט איבער דיא געזונדהייט פון אייער מאיעסטעט. איך וועל ציטערען ביי דעם געדאנק וויא גרויס עס וועלען זיין דיא שמערצען און דיא אויפרעגונג פון אייער מאיעסטעט ביי דיעזע אָפעראַציאָן איבער דעם קניאז פאָטעמקין. אָה, ווען איך וואלט קענען וועהרענד דיעזע צייט זיין אירגענד וואו נאָהענט צו אייער מאיעסטעט!

— אזוי טיעף אין הארצען ליעגט אייך דער וואהל פון אייער קייזערין? האט געפרעגט קאטהערינא מיט א הערצליכען, גנעדיגען טאָן. גוט, איהר זאָלט זיין איינער פון דיא וועניגע וואס וועלען זיך ביי דער אָפעראַציאָן געפינען. מעלדעט זיך פאר 12 אוהר אין דיא צימערען פון קניאז פאָטעמקין.

מיט דיעזע ווערטער האט זיא איהם געררייכט דיא האנד, אויף וועלכע זובאוו האט אָבגעדריקט א פייערדיגען קוש. ער האט זיך פארגעשטעלט אין דיעזער מינוט, אז מיט דער האנד וועט ער אין קורצען קענען בעקומען איהר גאנצען ארם און דאן איז אויך דער וועג צו איהרע ליפען פאר איהם אָפען, דאן וועט ער אויך אין איהר הארץ ארייגדרינגען און דאמיט וועט ער ערררייכען זיין העכסטען ציעל פון עהרגייציגקייט און פון זיין לײדענשאפטליכע בעפרידיגונג.

קאטהערינא האט אין איהר גרויסען טרויער ניט בעמערקט דעם אויסדרוק פון זיין שוין צו פייערדיגען קוש און נאך וועניגער די מינע פון זיין געזיכט. פלאטאָן זובאָוו איז גענוג געשיקט געוועזן צו פערשטעהן וויא מען דארף זיך בענעהמען אין אזא מאָמענט. און אויב ער האט יא געמאכט אויף איהר אירגענד אן איינדרוק דארף ער גראדע יעצט זיך צוריקציהען. ער האט אלזאָ גענומען אבשיעד און איז שנעל ארויס פון קייזערליכען בודואר.

דיא וואָהנונג פון פלאטאָן זובאָוו אין ווינטער־פאלאסט איז בעשטאנען פון צוויי איינפאכע צימערען, פון וועלכע דיא פענסטער געהען ארויס אין פארק.

— מארגען וועלען אלע אין פאלאסט ערפאהרען אז איך בין ערנאנט אלס דער פאָרלעזער פון דיא קייזערין, האט ער געטראכט ביי זיך, און מארגען וועט אויך פאָטעמקין אָפערירט ווערען. אָה, ווען ער וואלט פון דיעזע אָפעראַציאָן ערוואכען אלס א קריפעל אויף איין אויג דאן בין איך זיכער מיט מיין זיעג איבער דיא קייזערין קאטהערינא. מיט איהר ערעלען זינן פיר שעהנהייט וואלט זיא איהם דאן מעהר ניט געקענט ליעבען.

"אָבער צום טייפעל! ווארום זאָל ער איבערהויפּט נאָר ערוואכען? ווארום זאָל ער ניט שליעסעןביידע אויגען אויף אייביג? איך בין אפילו זיכער אין מיין זיעג. ווען איך האָב שוין איין מאָל געפונען דעם וועג צו דער קייזערין'ס בודואר, וועל איך שליסליך אויך אין איהר שלאָף צימער אריינקומען. דאָך אזוי לאנג וויא פּאָטעמקין לעבט, זאָגאר אלס קריפּעל, וועט ער פאר מיר זיין א גרויסע שטערונג. ניין, פּאָטעמקין דארף ניט לעבען און נאָר דאן קען איך האָפען אז קאטהערינא'ס הארץ וועט זיך ווענדען צו מיר.

זובאָוו האט שוין געמאכט פּלאנען וויא ער וועט זיך פיהרען אלס געליעב-טער פון דיא קייזערין. פאָרלויפיג מוז ער צו אלעמען זיין געפעליג און פריינד-ליך, אום ניט צו האָבען קיין געגנער, וואָס זאָלען איהם שאדען זיין ציעל צו עררייכען. דאן אָבער, ווען ער וועט נור קומען אין מאכט, דאן וועט ער זיי אלעמען ניעדערשמעטערען, דאן וועט ער זיי צייגען ווער ער איז.

אָה, דיעזער פּאָטעמקין איז געווען צופיעל מילד און זאנפט. אין גאנצען הויף האָט ער קיין איינציגען פיינד, דען ער האָט אימער געשטרעבט יעדען איינעם צו טהאָן א טובה, יעדען איינעם צו פּראָטעזשירען, פאר אלעמען האָט ער געבעטען ביי קאטהערינא און עס גיעבען פיעלע וואָס וואָלטען שוין לאנג געווען ווער וויים וואו ווען פּאָטעמקין וואָלט זיי ניט בעשיצט.

אָבער ער, זובאָוו וועט גאנץ אנדערס ווירטהשאפטען. ער וועט זיך פיהרען וויא גרעגאָר אָרלאָוו, דער מאן מיט דעם אייזערנעם כאראקטער, פאר וועלכען אלע האָבען געציטערט, און זאָגאר יעצט איז ער נאָך דער מעכטיגסטער מאן אין גאנץ רוסלאנד, דען זאָגאר דיא קייזערין, טראָצדעם וואָס איהר הארץ האָט זיך פון איהם אָבגעווענדעט קען זיא זיך נאָך אלץ ניט ערלויבען איהם צו שטיר-צען. דאָס איז דיא שטופע צו וועלכע ער, זובאָוו, שטרעבט און וועלכע ער מוז עררייכען.

מיט דיעזע געדאנקען האָט ער זיך איבערגעקליידעט, אראָבגעוואָרפען דעם מיליטערישען אנצוג און אנשטאָט דעם האָט ער אָנגעטהאָן א לאנגען מאנטעל און א הוט מיט ברייטע ראנדען, דאן האָט ער אויסגעלאָשען דיא לאָמפּ און דורך א קליינע הינטער-טרעפּ איז ער ארויס אין פּארק און פון דאנען אין גאס.

אונערקענט און אונבעמערקט האָט זובאָוו זיין וועג פאָרטגעזעצט ביז ער איז ענדליך געקומען צו א פּראכטפּאָלען פּאלאסט, אין וועלכען גרעגאָר אָרלאָוו וואָהנט. דיא פענסטער זיינען איבעראל געווען געשלאָסען און עס האָט אויסגע-זעהן אז אלע שלאָפען שוין. עס איז שוין געווען ארום דריי אוהר נאָך האל-בע נאכט. אָבער זובאָוו בעזוכט וואהרשיינליך דיעזען פּאלאסט ניט צום ערש-טען מאָל ביי אזא שפּעטע שטונדע.

וויא עס שיינט האָט זובאָוו זעהר גוט געוואוסט וויא אריינצוקומען צו אָרלאָוו'ן אין יעדע צייט. ער איז ארומגעגאנגען דיא גאנצע געביידע, ביז ער

איז געקומען צו א הינטער טיהרעל און האט אנגעקלאפט אין א קליינעם פענ־סטער וועלכער געפינט זיך דאביי. ער האט אבער געמוזט נאך אפאר מאל אנ־קלאפען, ביז דאס פענסטערעל האט זיך געעפענט און א פערשלאפענע שטימע האט ביי איהם געפרעגט:

— ווער זייט איהר? וועמען זוכט איהר דא?

"עמיר, וועלכער ברענגט זעגען דעם גראף ארלאוו."

דאס איז געווען דער פאסירוואָרט, וועלכער איז בעקאנט געווען נור צו דיא אינטימסטע פריינד פון גראף ארלאוו. דער טיהר־היטער האט געוואוסט, אז אזעלכע פערזאנען מוז ער יעדע צייט ארייגלאזען. איינינע מינוטען שפעטער האט זיך דאס טיהרעל געעפענט און פלאטאן זובאוו איז אריינגעקומען אין פא־לאסט. דער טיהר־היטער האט באלד דערקענט דעם יונגען אפיציער און האט איהם אריינגעפיהרט אין א קליינעם צימער.

— דער גראף שלאפט שוין געוויס — האט געזאגט פלאטאן זובאוו. דאך מוזט איהר איהם אויפוועקען און ערקלערען אז איך בין געקומען מיט א זעהר וויכטיגע נאכריכט.

דער טיהר־היטער איז ארויסגעגאנגען. אין איינינע מינוטען איז ער גע־קומען צוריק און האט געזאגט עטוואס פערלעגען:

— זיינע גנאדען הייסען מיר פרעגען אויב דיא זאך איז ווירקליך אזוי דרינגענד אז מען קען עס ניט אבלייגען. ער האט דארט אויבען א רייצענדע קאווקאזישע מעדכען, מיט וועלכער ער אמוזירט זיך. דער גראף איז עטוואס בייז געווארען פארוואס מען שטערט איהם, אבער — —

— זאגט דעם גראף פאלגענדע ווערטער, האט זובאוו אויסגערופען מיט א גערייצטען טאן, זאגט איהם, אז דיא קאווקאזערין וועט ער איבערמארגען אויך ניט פערזאמען, אבער דעם מארגענדיגען טאג וועט ער יא פערזאמען.

דער טיהר־היטער איז פערשוואונדען און באלד איז ער געקומען צוריק, אבער דיעזען מאל האט ער אהן דעם מינדעסטען ווידער־שפרוך אריינגעפיהרט זובאוו'ן אין דעם שווארצען גראף'ס קאבינעט.

דער יונגער אפיציער האט אראבגעווארפען דעם מאנטעל און דיא הוט וועהרענד א זייטיגע טיהר האט זיך געעפענט און גרענאר ארלאוו איז אריינ־געקומען, אנגעצויגען אין א זיידענעם שלאף־ראק.

— אה, איהר פריעדען־שטערער! האט ער אויסגערופען צו זובאוו'ען מיט א שמייכעלהאפטע בעגריסונג. איבער אייך האב איך געמוזט פערלאזען א צאצקע א מיידעל. נו, וואס האט איהר מיר צו זאגען? אבער שנעל. עס איז שפעט אין דער נאכט און איך האב ווירקליך קיין צייט יעצט א לענגערע אונטערהאלטונג צו פיהרען.

— ווארום קענט איהר ניט שפעט נאך האלבע נאכט מיט מיר זיך אונטער־האלטען וועהרענד דיא קייזערין האט עס יא געטהאן?

— דיא קייזערין, זאגט איהר, האט זיך היינט ביי נאכט מיט אייך אונטערהאלטען?

ארלאוו איז אויפגעשפרונגען אין גרויס איבערראשונג, הערענדיג דיעזע ווערטער פון דעם יונגען אפיציער.

— גאנץ געוויס, — פארלויפיג האב איך איהר פארגעלעזען און דאס איז איהר אזוי געפעלען געווארען אז זיא האט מיך ערנאנט אלס איהר שטענדיגען פארלעזער און דאצו גענעבען דעם גרויסען וולאדימיר־ארדען.

— דאן גראטוליר איך אייך פון גאנצען הארצען, ליעבער זובאוו, האט אויסגערופען ארלאוו און האט איהם געדריקט דיא האנד. דאס איז ווירקליך א וויכטיגע נייעס און איך מוז אייך זאגען אז איהר שטעהט שוין אויף דיא ערשטע שטופע פון דעם גאלדענעם לייטער, אבער זעצט זיך און דערצעהלט מיר אלעס וואס דא איז פארגעקומען.

— איך וויל אייך פון דעסטוועגען ניט שטערען, גראף, האט ער געענטפערט מיט א לייכטען שפאט, דיא שעהנע קאווקאזעריןווארט דאך אויף אייך.

— זאל זיא געהן צום טייפעל, אבוואהל זיא איז ווירקליך איינע פון דיא שעהנסטע וואס איך האב שוין זייט פיעלע יאהרען געזעהען.

— אויסער דער קייזערין, וועלכע איז דאך געוויס פיעל שעהנער.

אויף דעם שווארצען גראף'ס געזיכט האט זיך בעוויזען א בייזער אויס־דרוק. מיינט דיעזער זובאוו ווירקליך פון איהם שפאס צו מאכען? וויל ער איהם ערינערען, אז דיא קייזערין האט איהם פערשטויסען און ער וועט איהר שוין מעהר קיין מאל ניט קענען קריעגען? יא, דאס איז ריכטיג, אבער ווען ער האט קאטהערינא פערלארען, זאל פאטעמקין איהר אויך ניט האבען. בעסער זאל זובאוו זיין אנשטאט איהם, דען דיעזען יונגען אפיציער וועט ער דאך וועניגסטענס קענען פיהרען נאך זיין ווילען.

זובאוו האט אומרדעסען געגעוי איהם דערצעהלט אלעס וואס עס איז מיט איהם פארגעקומען אין דעם קייזערליכען בודואר און דעם גאנצען געשפרעך וואס ער האט מיט איהר געפיהרט. דאן האט ער געווארפען אויף ארלאוו'ן א דורכדרינגענדען בליק און האט געזאגט:

— אויב דאס גליק זאל מיר ווייטער דיענען, וועט מארגען מעהר קיין אלעקסאנדער פאטעמקין ניט עקזיסטירען.

ערשטוינט האט ארלאוו בעטראכט דעם יונגען אפיציער, וועלכען ער האט ביז יעצט גערעכענט אלס אן איינפאכען מענשעל וואס איז גאר ניט אים שטאנד שלעכטעס צו טהאן. איז דאס מעגליך, אז ער טראגט זיך ארום מיט דיא געדאנקען פאטעמקין'ען צו ערמארדען?

— וויא איך זעה, האט זובאוו ווייטער גערעדט בעטראכטענדיג דיא מיענע פון גראף, דענקט איהר, אז איך וויל פאטעמקין'ען אבשאפען פון דער וועלט דורך גיפט אדער דורך א מעסער. ניין, אזא נאר בין איך ניט. די גיטינע מוטער נאטור וועט מיר העלפען מיין ציעל צו ערגרייכען וועהרענד איך זעלבסט וועל דאביי גאר ניט טהאן.

— איך פערשטעה פון אייערע רייד, אז עטוואס איז פארגעפאלען, א זאך וואס איך וויים ניט. ערקלערט מיר אלזא אלעס און איך וועל אייך געוויס ניצליך זיין, דארויף קענט איהר זיך פערלאזען.

— דאס וויים איך, זאנסט וואלט איך דאך צו אייך אין מיטען נאכט ניט געקומען. איך וויים, אז איהר וועט מיר העלפען און דאן וועל איך געוויס קאטהערינא'ס ליעבע ערווערבען, דען דאס מעג איך זאגען פון זיך זעלבסט, אז איך בין אויך אזא שעהנער מאן וויא פאטעמקין.

— האט קיין פאראיבעל ניט, פלאטאן זובאוו, איהר רעדט וויא א איינגעל. איך וויים, דיא וועלט זאגט אויף דער קייזערין, אז וויא זיא זעהט נור א שעהנעם מאנספערזאן, דאן פערליעבט זיא זיך באלד אין איהם. איהר וועט דאך צוגעבען, ליעבער זובאוו, אז איך האב גענוג אורזאכע צו רעדען וועגען איהר שלעכטס, דאך אין דיעזען פאל מוז איך אייך זאגען, אז דיא וועלט האט אין דער קייזערין א גרויסען טעות. קאטהערינא איז איינע פון דיא גייסטרייכסטע און קליגסטע פרויען, איהר שטאלץ, איהר ווירדע וואלט איהר מוזען אבהאלטען צו מאכען א שריט וואס איז פאר איהר ניט פאסענד. דאך ווען זיא איז אזוי שטארק פערליעבט אין דיעזען נארישען פאטעמקין, ווען טראץ איהר אייזערנעם כאראקטער איז זיא אזוי שוואך, דאן בעוויייזט עס, אז איהר ליעבע צו איהם איז טיעף איינגעווארצעלט אין איהר זעעלע און אזוי לאנג וויא ער לעבט קענט איהר ניט האבען דיא מינדעסטע האפנונג זיין פלאץ ביי איהר צו פערנעהמען.

— אבער איך זאג אייך דאך, אז מארגען וועט קיין פאטעמקין מעהר ניט זיין אויף דער וועלט.

— איהר זאגט, אבער וויא דענקט איהר דאס צו מאכען?

זובאוו האט באלד דארויף ניט געענטפערט, ער האט ארויסגענומען א סיגארעט און פעררויכערט מיט א נערוועזע האסטיגקייט, דאן האט ער געזאגט צו ארלאוו'ען:

— אויף דיעזע פראגע קען איך אייך קיין בעשטימטע אנטווארט ניט געבען. עס איז צוואר ריכטיג, אז יעדע אפעראציאן איז פערבונדען מיט א גרויסע ריזיקע, עס קען זיך לייכט מאכען א בלוט־פערגיפטונג און דאן איז דער פאציענט פערלארען. איך בין זיכער, אז אזא פאל וועט זיך אויך מאכען ביי פאטעמקין'ען.

— איך זעה נאָך אימער ניט וואו איז דאָ דיא זיכערהיים. איבריגענס איז דאָך דער פּאַטעמקין א צערטליכער שוועכלינג און ער וועט פיליכט גאָר ניט קענען אריבערטראָגנען דיא גרויסע שמערצען וואָס אזא אָפּעראציאָן מוז מיט־ברענגען.

— אָבער דאָס איז גראדע דיא זאַך, אז ער וועט גאָר קיין שמערצען ניט ליידען, האָט זובאָוו בעמערקט, דיעזער פערדאמטער איד, דאָקטאָר בענרובען האָט אויסגעפונען עפּיס א מיטעל — ער רופט עס עטהער — וועלכער האָט אן איינשלעפערנדע, בערוהיגענדע ווירקונג אויף אזוי פיעל, אז דער פּאציענט שפּירט גאָר קיינע שמערצען.

אָרלאָוו איז העכסט אויפמערקזאם געוואָרען אויף דיא לעצטע ווערטער און נאָך א קורצע פּויזע האָט ער געזאָגט:

— איך האָב שוין פון דיעזען מיטעל געהערט. א געוויסער אָפיציער האָט זיך אונפאָרזיכטיג פערוואונדעט דיא האנד אזוי שווער, אז מען האָט זיא גע־מוזט אָבשניידען. דאָקטאָר בענרובען האָט דיעזע אָפּעראציאָן געמאכט מיט דעם מיטעל פון זיין עטהער און דער אָפיציער האָט מיר נאכהער ערקלעהרט, אז ער האָט דאביי געשפּירט אזוי ווייניג שמערצען גראדע וויא מען וואָלט איהם אראָפּגעשניטען א נאָגעל פון פינגער. איך האָב אויך געהערט, אז דיעזער עטהער איז א מין קלאָרע פליסיגקייט, פּונקט אזוי וויא וואסער. מען רייבט איין דאמיט דעם פּאציענט און דאן גיסט מען ארויף דיזעלבע פליסיגקייט אויף א הייסע פּלאטע, אזוי פיעל אז דער דאמפף וויקעלט איין אין גאנצען דעם קראנקען, וועלכער ווערט דאפון פאַלשטענדיג בעטויבט און זיינע נערוועןווערען אזוי אָפּגעשוואכט, אז ער הערט קיין זאַך ניט און פיהלט ניט וואָס עס טהוט זיך מיט איהם.

— דאן איז ווירקליך מיין האָפנונג פערלאָרען, האָט זובאָוו געזיפצט, איך האָב ניט גערעכענט, אז דאָס מיטעל פון דעם שענדליכען אלטען אידען זאָל האָ־בען אזא גרויסע ווירקונג.

גרעגאָר אָרלאָוו, וועלכער איז וועהרענד זיינע לעצטע רייד ארומגעגאנגען איבער׳ן צימער, האָט פּלוצלונג זיך אָפּגעשטעלט פאר דעם יונגען אָפיציער און האָט איהם געזאָגט מיט אן ערנסטען טאָן:

— הערט נור אויס, זובאָוו, אויב איהר בעזיצט מוטה, דאן וועט פּאַטעמקין מאָרגען ביי דער אָפּעראציאָן איינשלאָפען פון דעם דאָקטאָר׳ס עטהער, אָבער ער וועט שוין מעהר ניט ערוואכען.

—אויב איך האָב מוטה? ביי גאָט, איך בין אויף אלעם ענטשלאָסען!

— אָבער עס האנדעלט זיך וועגען א שווערען פערברעכען.

— דומהייטען! נאָך מיין מיינונג בעגעהט א מענש דעם שווערסטען פער־

ברעכען נור דאן ווען ער לאזט פערביינעהן א מאמענט פון גליק און ער בע־נוצט זיך ניט דאמיט.

— גוט, פלאטאן זובאוו, אזוי געפעהלט איהר מיר אלס א מאן מיט ענער־גיע. יעצט נאך א פראגע: וועט עס אייך מעגליך זיין אריינצוגעהן אין קראנקען־צימער פאר דער אפעראציאן?

— גאנץ געוויס! איך וועל זאגאר זיין דארט דיא גאנצע צייט. איך האב וועגען דעם געבעטען דיא קייזערין און זיא האט עס מיר ערלויבט.

— זעהר גוט, אויסגעצייכענט! האט ארלאוו אויסגערופען און האט זיך גע־ריבען דיא הענד פון פרייד. איך פערשטעהע, איהר האט דיעזע ערלויבניס געבע־טען רעכענענדיג פיעלייכט וועט זיך אייך מאכען א געלעגענהייט אונזער פריינד פאטעמקין עפעס א געפעליגקייט צו טהאן. אבער איך וועל אייך געבען א גע־וויסען, זיכערען מיטעל. איך מוז אבער געהן אויף א געוויסען פלאץ אום דיע־זען מיטעל צו בעזארגען. איהר קענט דא פערבלייבען, זובאוו, און ווארטען אויף מיר העכסטענס א פאר שטונדען, דאן וועל איך קומען צוריק און אלעס וועט זיין אין ארדנונג.

דאמיט האט ארלאוו אבשיעד גענומען פון זובאוו'ן און איז ארויסגעגאנ־גען אין זיין גארדעראבע צימער. ער האט האסטיג אנגעקלונגען און באלד איז אריין א קאמער־דיענער.

— נעהם גלייך און ווארף ארויס פון דאנען דיא קאווקאזערין! האט דער שווארצער גראף אויסגערופען, גיב איהר א ביימעל גאלד און זאג איהר זיא זאל געהן צום טייפעל. אבער ווארט — קודם העלף מיך זיך איבערקליידען.

— אייניגע מינוטען שפעטער איז ארלאוו געוועזען אנגעטהאן ווי אן איינ־פאכער ארבייטער אין א ברייטען מאנטעל מיט א פעלצענע היטעל אויף'ן קאפ, און איז ארויס פון פאלאסט גלייך צו זיין געדונגענע גיפט־מישערין, צו דער ציגיינערין מארפא.

* * *

דעם נעכסטען טאג, ארום צוועלף א זייגער מיטאג־צייט, האט זיך אין ווינטער־פאלאסט געעפענט דיא טיהר פון א קליינעם זאאל וואס האט געהערט צו פאטעמקין'ס צימערען און קאטהערינא איז אריינגעקומען. באלד האט גע־דארפט פארקומען דיא אפעראציע און דיא קייזערין האט אליין געוואלט אכטונג געבען, אז אלעס זאל צוגעגרייט ווערען אין א ריכטיגע ארדנונג.

צוזאמען מיט דער קייזערין זיינען אריינגעקומען דער מיניסטער גראף פאנין און פלאטאן זובאוו. זובאוו איז געווען געקליידעט אין א פראכטפאלען נייעם מונדיר, ווי ער וואלט געהן צו א פאראד, און אויף זיין ברוסט האט געגלאנצט דער קרייץ פון וולאדימירסקי אורדען.

אין גאנצען קייזערליכען הויף האט מען זיך שוין שטילערהייד גע'סוד'עט

איבער זובאָוו'ס גדולת, וויא דיעזער אונבעדייטענדער אָפיציער איז מיט אמאָל אזוי הויך געשטיגען. דיא קייזערין האָט איהם נעכטען ביי נאכט איינגעלאדען אין איהר בודואר און האָט איהם בעלאָהנט מיט דעם גרויסען וולאדימיר־אָרדען. זיא האָט איהם ערנאנט אלס איהר שטענדיגען פאָרלעזער און פון יעצט אָן איז ער געוואָרען איינער פון דיא נאָהענטסטע פערזאָנען צו איהר מאיעסטעט. אלע האָבען געקוקט אויף'ן יונגען מאיאָר מיט בעוואונדערונג און יעצט, ווען פאר'ן אָרימען פאָטעמקין'ען איז געקומען דיא שווערסטע שטונדע פון זיין לעבען, האָט זובאָוו שוין געפייערט א גרויסען טריאומף.

דאָקטאָר בענרובען מיט צוויי געהילפע זיינע שוין פון אכט אזייגער אין דער פריה געוועזן בעשעפטיגט אין זאאל אום אלע נויטיגע פאָרבערייטונגען צו מאכען. יעדער ווינקעל אין צימער איז אזוי אויסגערייניגט געוואָרען, אַז עס איז בוכשטעבליך קיין איינציגער שטויב ניט געבליבען, און דיא ווענד האָט מען בעשפריצט מיט קארבאָל עסיד און אָדע־קאָלאָן צו פערהינדערען אירגענד וועלכע אורזאכע וואָס קען פיהרען צו בלוט־פערגיפטונג.

פון דיא דריי פענסטער אין זאאל זיינען צוויי געוועזן פערהאנגען מיט שווערע זיידענע גארדינען. נור דער דריטער איז געבליבען גאנץ אונפערדעקט. עס איז געוועזן נויטיג, אז דיא זאָנענשטראהלען זאָלען אריינדרינגען דירעקט אין צימער. ביי דעם פענסטער האָט מען אוועקגעשטעלט דעם אָפעראציאָנס טיש. אויף א צווייטען טיש דאביי איז געשטאנען א מערקווירדיגער אפאראט וואָס האָט אויסגעזעהן וויא א קליינער אויווען מיט אן אייזערנע פלאטע און אונטער דער פלאטע האָט געברענט א ספּיריטלעמפּעל אום דיא פלאטע זאָל זיין גליהענד הייס.

ביים אויוועלע איז געשטאנען א פלעשעל פול מיט'ן בעריהמטען "עטהער" וואָס דאָקטאָר בענרובען האָט ערפונדען אום איינצושלעפערען דיא פּאציענטען וועהרענד עס ווערט אויף זיי געמאכט אן אָפעראציאָן, זיי זאָלען ניט פיהלען קיין שמערצען. אויסער דעם זיינען אויף'ן טיש געלעגען אינסטרומענטען, פערשיעדענע באנדאזשען, טיכער און אנדערע זאכען וואָס זיינען נויטיג פאר דער אָפעריישאָן.

פון דעסטוועגען האָבען דיעזע אלע פאָרזיכטיגקייטען ניט געהאָלפען אויסצומיידען א שווערען פערברעכען. פלאטאָן זובאָוו, וועלכער איז געוועזן איינער פון דיא איינגעלאדענע צו דער אָפעראציאָן, איז דורך'ן פריה־מאָרגען איינינגע מאָל אריינגעקומען אין זאאל און האָט געפיהרט פערשיעדענע געשפרעכען מיט'ן דאָקטאָר און זיינע ארויסהעלפער, און דער באנדיט האָט געפונען א מאָמענט ווען קיינער האָט אויף איהם ניט געקוקט און מיט דערשנעלינקייט פון א בליץ האָט ער ארויסגענומען פון זיין טאש א פלעשעל וואָס איז געוועזן פאָלשטענדיג עהנליך צו דאָקטאָר בענרובען'ס פלעשעל

"עטהער", און האט זיי פערביטען. אנשטאט דעם "עטהער" איז שוין געשטא־נען אויף'ן טיש א פלעשעל מיט שארפען גיפט וואס האט אויסגעזעהן פונקט אזוי העלל און קלאר גראדע וויא דער "עטהער", זאגאר דער גערוך איז געוועזן עהנליך.

ווען זובאוו איז יעצט אריינגעקומען מיט דער קייזערין, איז ער ביי זיך געוועזן זיכער, אז אין א שטונדע ארום וועט שוין קיין פאטעמקין מעהר אויף דער וועלט ניט זיין.

דאקטאר בענרובען איז זיי שנעל אנטקעגען געלאפען און האט זיך גע־ווענדעט צו דער קייזערין:

— ווארום ווילט איהר מיך ניט פאלגען, קייזערין? איך האב דאך אייך גע־בעטען איהר זאלט ניט זיין ביי דער אפעראציאן. אייער הארץ וועט דערפון זעהר פיעל ליידען. געהט אין אייער צימער, מאיעסטעט. ווען מיר וועלען פערטיג ווערען מיט דער אפעראציאן וועלען מיר אייך שיקען אריינרופען.

— אה, ניין, האט קאטהערינא אויסגערופען. איך וועל פאטעמקין'ען אין אזא געפאהר ניט פערלאזען.

אויף זובאוו'ן האט זיא היינט צומאל א קוק ניט געגעבען און ער האט געמוזט איינזעהן, אז ער איז נאך וועיט, זעהר וועיט פון זיין ציעל, דאך האט ער זיך געטרייסט, אז ווען פאטעמקין וועט ניט זיין אויף דער וועלט, דאן וועט ער קענען זיין גליק ערר(ייכען.

קאטהערינא האט זיך געזעצט ניט וועיט פון אפעראציאנס־טיש. פאנין און זובאוו האבען זיך געשטעלט הינטער איהר שטוהל און נאכדעם וויא אנדע־רע דריי בעריהמטע פעטערבורגער ערצטע האבען ערהאלטען דיא ערלויבניס אריינצוקומען האט דאקטאר בענרובען אנגעזאגט א דיענער הינטער'ן טיהר ער זאל מעלדען דעם קניאז פאטעמקין, אז אלעס איז שוין פארבערייטעט.

איינינע מינוטען שפעטער האט זיך דיא טיהר געעפענט און פאטעמקין איז אריינגעקומען, געפיהרט פון מעהרערע דיענער, דען ער האט ניט געוואלט זיך לאזען אריינטראגען אויף א בעטעל. קאטהערינא האט קוים געקענט איינ־האלטען איהרע טרערען, דען טראצדעם וואס איהר ליעבלינג איז אזוי בלאס און זיין לינקע אויג איז פערבונדען איז ער פון דעסטוועגען נאך געוועזן וואונ־דערבאר שעהן, דער שעהנסטער מאנספערזאן אין דער וועלט. ווען ער איז צו איהר צוגעגאנגען האט זיא איהם אנגענומען ביי דער האנד און האט איהם געזאגט מיט א ריהרענדע שטימע:

— מיין טהייערער, געליעבטער אליס, גאט זאל אונז העלפען אין דיעזע שטונדע!

ער האט זיך פערנייגט און אבגעדריקט אויף איהר האנד א צערטליכען קוש, דאן האט ער זיך געווענדעט צום דאקטאר זאגענדיג:

— און יעצט נעהער איך צו אייך, דאָקטאָר!

דער אלטער אידישער דאָקטאָר האָט אימער דעם עדעלען פּאָטעמקין זעהר געליעבט, דארום איז ער אויך טיעף געריהרט געוואָרען און האָט מיט א בעזאָרג־טען טאָן ביי איהם געפרעגט:

— האָט איהר שוין היינט געפריהשטיקט?

— וויא געוועהנליך, קאוויאר און א גלאָז שאמפּאניער. איך גלויב, אז דאָס איז גענוג.

— איך גלויב, אז עס וואָלט בעסער געווען איהר זאָלט אויסטרינקען נאָך א גלאָז שאמפּאניער, וויל דאָס שטארקט דיא הארץ.

דיא קייזערין האָט באלד געגעבען א בעפעהל, אז מען זאָל ברייננען שאמפּאניער, פון וועלכען דער פראנצויזישער קעניג לודוויג דער 15טער האָט איהר אונלענגסט געשיקט זעכס פלעשער. אין גאנץ פראנקרייך האָט זיך פון דיעזען טהייערען ויין געפונען נאָר א פּאָר דוצענד און יעדע פלאש האָט גע־קאָסט דריי טויזענד פראנק.

ווען דיא פלאש איז געבראכט געוואָרען, האָט קאטהערינא זעלבסט אָנ־געגאָסען א גלאָז און עטוואָס דאפון אָפּגעטרונקען, דאן האָט זיא עס געגעבען איהר געליעבטען.

— איך טרינק דיעזען ויין אויף דעם וואָהל פון דיא גרעסטע פרוי פון אייראָפּא, האָט געזאָגט פּאָטעמקין, נעהמענדיג דיא גלאָז אין האנד. איך ווינש, אז קאטהערינא דיא גרויסע, דיא גנעדיגסטע הערשערין פון דער וועלט, זאָל לאנג לעבען אין פריעדען און רוסלאנד זאָל נאָך לאנג בעגליקט זיין אונטער איהר הערשאַפט.

פּאָטעמקין האָט האסטיג אויסגעטרונקען דעם ויין, דאן האָט ער אראָפּ־געוואָרפען פון זיך דעם ראָק און מיט ענטשלאָסענע שריט איז ער ארויף דיא קליינע טעפּיך־בעלעגטע טרעפּ צום הויכען אָפּעראַציאָנס־טיש. אויף זיין שעה־נעם געזיכט איז ניט געווען צו זעהן קיין שפּור פון שרעק. רוהיג, גראדע וויא צום שלאָף, האָט ער זיך געלייגט אויף דעם וייכען פּאָלסטער פון טיש און אויף זיינע ליפּען האָט זיך זאָגאר א שמייכעל בעוויעזען.

— ער איז א העלד, האָט קאטהערינא געזאָגט צו איהר ערשטען מיניס־טער. זעהט נור, גראף פּאנין, איז דיעזער מאן ניט ווערטה געליעבט צו ווערען נאָר פאר זיין מוטה און טאַפּפערקייט?

פּאנין, וועלכער איז אימער געווען זעהר פריינדליך צו פּאָטעמקין'ען, האָט א שאָקעל געטהאָן מיט'ן קאָפּ אלס א צייכען פון צושטימונג.

דאָקטאָר בענרובען האָט אונטערזעסען געעפענט פּאָטעמקין'ס זיידענע העמד און האָט זיך איבערצייגט, אז דאָס הארץ קלאַפּט ביי איהם רעגעלמעסיג. דאן האָט ער אראָפּגענומען דעם באנד פון זיין פערוואונדעטע אויג, וועהרענד

זיין אסיסטענט האָט אין א פּאָרצעלאַיען־שיסעל מיט קאָכעדיגע וואסער אריינ־געגאָסען א טהייל פון דיא עטהער־פלעשעל. דאָקטאָר בענרובען האָט מיט דיזע פליסיגקייט אויסגעפּענזעלט דיא נערווען ארום דער וואונד אום צו מאכען אז זיי זאָלען ניט פיהלען דיא שמערצען.

— דיעזער עטהער וועט באלד ווירקען, האָט איהם דער דאָקטאָר פערזי־כערט, איהר וועט באלד איינשלאָפען און גיט פיהלען קיינע שמערצען. דער אנדערער יונגער דאָקטאָר האָט אונטערדעסען ארויפגעגאָסען אויף דיא גלי־הענדע פלאטע 40 טראָפּען פון דעם זעלבען עטהער און איבער'ן פּאציענט'ס קאָפּ האָט זיך פערשפּרייט אזוי וויא א לייכטער נעבעל, וועלכער איז באלד פער־שוואונדען.

פּאָטעמקין האָט פּלוצלונג דערפיהלט אזוי וויא אלע זיינע גליעדער זיינען געלעהמט געוואָרען און אז דיא געדאנקען שטארבען אָפּ אין זיינע געהירן, דאן האָט ער אין גאנצען דיא בעזינונג פערלאָרען און איז געבליבען ליעגען אונ־בעוועגליך.

קאטהערינא איז פערציטערט געוואָרען דערזעהענדיג דעם אָפּעראציאָנס־מעסער ביי'ם דאָקטאָר אין דיא הענד. זובאָוו האָט געקוקט אויף יעדע פון זיינע בעוועגונגען מיט לויערענדע בליקען און אויף זיינע ליפּען האָט זיך בעוויזען א טייפלישער שמייכעל, דען ער איז געווען זיכער, אז פּאָטעמקין וועט מעהר ניט אויפוואכען, נאָכדעם וויא דיעזער עטהער איז אויף איהם אָנגעווענדעט געוואָרען.

אייניגע מינוטען זיינען פארביי געגאנגען. קאטהערינא האָט בעדעקט איהר געזיכט מיט ביידע הענד, וועהרענד איהר גאנצע געשטאלט האָט געציטערט, פּלוצלונג האָט זיא דערהערט וויא דער דאָקטאָר רופט אוים מיט פרייד:

— דיא אָפּעראציאָן איז געלונגען, מאיעסטעט. דיא אויג איז געראַטעט און דער קניאז וועט נאָך פיעלייכט קענען זעהען אויף איהר אויך. יעצט האנ־דעלט עס זיך נור צו מאכען דעם פערבאנד.

באלד איז דאָס אויך פערטיג געוואָרען און דאָקטאָר בענרובען האָט זיך אָבגערופען צו דיא איבעריגע ערצטע:

— יעצט וועקט אויף דעם פּאציענט, שנעל, שנעל, מיינע הערן.

דיא ערצטע האָבען אָנגעווענדעט געוויסע מיטלען. אָבער פּאָטעמקין ריהרט זיך ניט. ער איז געלעגען וויא א טויטער און האָט ניט געמאכט דיא מינדעסטע בעוועגונג. דאָקטאָר בענרובען אליין האָט אָנגעפאנגען זיך צו בע־מיהען, אָבער אויך ער האָט דעם פּאציענט ניט געקענט אויפוועקען.

— וואָס זאָל דאָס בעדייטען? האָט ער געפרעגט זעהר דערשראָקען. דער עטהער האָט דאָך אויף איהם אזא ווירקונג ניט געקענט מאכען. קניאז פּאָ־טעמקין, ערוואכט, ערוואכט!

דער דאָקטאָר האָט שנעל אויפגעריסען דעם פענסטער און דיא פרישע לופט האָט אריינגעשטראָמט אויף'ן געזיכט פון דעם קראנקען, אָבער דאָס העלפט אויך ניט. פּאָטעמקין ליעגט אזוי וויא טויט.

— ער איז טויט! האָט קאטהערינא אויסגעשריען, דאָקטאָר, ווארום איז דאָס געשעהען? וועקט איהם אויף באלד! איהר הערט, איך בעפעהל עס אייך!

ניט אכטענדיג אויף דיא געשרייען פון דער קייזערין האָט זיך דער דאָקטאָר צוגעבויגען צו פּאָטעמקין'ס ברוסט, אום זיך איינצוהערען אין זיין פּולס.

— וואָס איז דאָס? האָט ער געמורמעלט וועהרענד זיין געזיכט איז בלייך געוואָרען. דער פּולס קלאָפּט שוין גאנץ שוואך. דאָס הארץ איז געלעהמט. אָבער דאָס איז דאָך אונמעגליך. דער פּולס איז פאר דער אָפּעראציאָן געוועזען פּאָלקאָמען געזונד.

קאטהערינא האָט פערשטאנען, אז איהר געליעבטער שוועבט אין דיא העכסטע לעבענסגעפאהר, אז ער איז פערלאָרען. מיט א הערצרייסענדען יאָמער האָט זיא געבעטען דעם דאָקטאָר, ער זאָל פּאָטעמקין'ען רעטען פון טויט, ער מוז לעבען, ער דארף פון איהר ניט אָפּגעריסען ווערען.

אונטערדעסען האָבען אלע ערצטע געארבייט אונערמיעדליך פּאָטעמקין'ען אָבצומינטערען, אָבער אָהן ערפּאָלג. דאָקטאָר בענרובען איז שנעל ארויסגעלאָפען און א פּאָאר מינוטען שפּעטער האָט ער צוריקגעקעהרט און געבראכט א פלעשעל מיט א געוויסע פליסיגקייט, פון וועלכע ער האָט איינינע טראָפּען ארויפגעגאָסען אויף פּאָטעמקין'ס ליפּען.

קאטהערינא איז דערווייל געקומען אין א וואהנזיניגע פערצווייפלונג. זיא האָט געכאפּט דיא פלעשעל מיט עטהער, וועלכע איז נאָך האלב פול און האָט עס א שליידער געטהאָן צו דער ערד אזוי אז עס איז צובראָכען געוואָרען אויף שטיקלאך און דער עטהער האָט זיך אויף'ן טעפּיך פאנאנדער געגאָסען.

— שאנדע אויף אייער קענטניס, אברהם בענרובען! האָט זיא געשריען וויא צוקאָכט פון כעס, איהר האָט מיך היינט געטויט. פערפלוכט זאָל זיין אייער עטהער און איך פערבאָט אייך דיעזען גיפט אין מיין לאנד צו געברויכען.

— אָבער, מאיעסטעט, האָט ער געשטאמעלט אונערשראָקען: איך קען אייך נאָר פערזיכערען, אז דיעזער עטהער אָן דיא גרעסטע וואהלטהאט פאר דיא מענשהייט און וואָס דעם קניאז פּאָטעמקין אנבעטרעפט, קען איך זעלבסט ניט בעגרייפען וואָס דאָ איז געשעהן. און —

פּלוצלונג איז ער געבליעבען שטעהן אין מיטען ריידען, דען יעצט ערשט האָט ער בעמערקט דיא ווירקונג פון דיא פליסיגקייט, וועלכע איז פון דעם צובראָכענעם פלעשעל אויסגעגאָסען געוואָרען אויף'ן קארפּעט.

— אום גאָטעס ווילען! האָט ער אויסגערופען, מאיעסטעט, בעטראכט,

בעטראכט נור! דיא בלומען פון קארפעט — דיא פארבען, — זיי ווערען פערשוואונדען, אויסגעפרעסען. דאס קען ניט קומען פון מיין עטהער; אין דעם פלעשעל איז געוועזען גיפט, מען האט דאס פלעשעל אומגעביטען, דא איז געוועזען א שענדליכער בעטרוג אום דעם קניאז צו ערמארדען.

אלע זיינע געבליבען שטעהן אזוי וויא געלעהמט פון גרויס איבערראשונג; אלע האבען געזעהן, אז דיא ווערטער פון דעם אידישען דאקטאר זיינען פאלקאמען ריכטיג. אבער ער האט לענגער ניט געווארט. יעצט נאכדעם וויא עס איז איהם קלאהר געווארען פון וואנען דער אונגליק שטאמט ווייס ער שוין וועלכע מיטלען אנצואווענדען, אום פאטעמקין'ען צו רעטען.

נאך א פיערטעל שטונדע האט עס געדויערט וועהרענד דאקטאר בענרובען האט אנגעוועןנדעט פערשיעדענע מיטלען געגען גיפט. ענדליך האט ער מיט פרייד ערקלערט, אז יעדע געפאהר איז פאראיבער. דער פולס פון דעם קראנקען פירסט קלאפט שוין רעגעלמעסיג, זיין אטהעם איז פיעל פרייער און נאך א קורצע צייט האט ער געעפענט זיין געזונדע אויג, פרעגענדיג מיט א שוואכע שטימע:

— וואס איז מיט מיר געשעהען? וואס פאר א שרעקליכער טרוים! — אך, דאס ביזטו, קאטהענקא?

און דיא קייזערין האט אונטער דעם שטורם פון פרייד און גליק פערגעסען דיא גאנצע צוריקהאלטונג. זיא האט זיך שוין ניט געשעהמט פאר דיא זייטיגע אנוועזענדע און פאלענדיג אויף איהר געליעבטען האט זיא אויסגערופען מיט טרעהרען:

— יא, דאס בין איך, מיין קרוין! איך, קאטהערינא. — דוא לעבסט? אך, וויא דאנק איך גאט, וואס איך האב דיך צוריק אין מיינע אומארמונגען! אלעקסאנדער, מיין טהייערער, דוא האסט מיך דערקענט; דוא ווייסט שוין ווידער, אז דוא ביזט ביי מיר, ביי דיין טרייע געליעבטע?

גראף פאנין האט א וואונק געגעבען דיא אנוועזענדע און אלע האבען זיך צוריקגעצויגען אין נעקסטען צימער. פלאטאן זובאוו האט צוזאמענגעביסען דיא ליפען און זיין שענדליכע הארץ האט געקאכט פון כעס און ערגערניס. ארלאוו'ס מערדערישער פלאן איז ניט געלונגען. פאטעמקין איז געבליעבען לעבען און דיא שעהנע קייזערין ליעבט איהם נאך הייסער, נאך ליידענשאפטליכער וויא פריהער.

נאך א קורצע צייט האט דיא קייזערין א רוף געטהאן:

— דאקטאר בענרובען, קומט נאר צוריק אויף א מינוט.

דער דאקטאר איז גלייך ארייגעקומען און דיא קייזערין האט איהם געפרעגט:

— דיא אָפּעראציאָן איז געענדיגט. דארף איך בעטראכטען, אז זיא איז אויך גליקליך געענדיגט?

— פאָלקאָמען גליקליך, מאיעסטעט. דער פּאציענט וואָלט אויף דיא מינ־דעסטע שמערצען ניט געשפּירט ווען דאָ וואָלט ניט פאָרגעקומען דיעזע מערדע־רישע אינטריגע. יעמאנד האָט מיין פלעשעל פערביטען.

— און דוא האסט זעהר געליטען, מיין ליעבלינג? האָט זיא געפרעגט ביי פּאָטעמקין׳ען.

— אָה, זעהר, קאטהערינא. איך בין געלעגען וויא געלעהמט און געפיהלט, אז מיין הארץ ווערט אימער שטילער און דער אָטהעם פערשטיקט אימער שטארקער. איך האָב אַלעס געהערט און געפיהלט וויא דער דאָקטאָר שניידט מיר אין אויג מיט׳ן מעסער, אָבער שרייען האָב איך ניט געקענט. איך האָב געגלויבט, אז מיין לעצטע מינוט איז שוין געקומען.

— אָה, וויא שרעקליך, וויא יאָמערפאל! האָט זיא אויסגערופען מיט א שוידער.

— אָבער דאָס איז הימעלשרייענד, האָט דער דאָקטאָר אויסגערופען. ווער האָט עס געקענט אונטערשטעלען דעם גיפט? ! איך האָף, מאיעסטעט, אז עס וועט אייך געלינגען דעם מערדער צו ענטדעקען.

— יא, צו ענטדעקען און צו בעשטראָפען! האָט געענטפערט דיא קייזערין. איך וויים, ווער דאָס איז. אלע גיפטען קומען נאָר פון איין קוועלע. אָבער איך וועל דיעזע קוועלע פערשטאָפּען. זיי זיכער, מיין אלעקסאנדער, אז פאר דיא שמערצען וואָס דוא האסט געליטען און פאר דיא יסורים וואָס מיר זיינען ביידע אויסגעשטאנען וועט א געוויסער איינער בעצאָהלען מיט זיין לעבען. לאָז מיר נאָר צייט איינינגע וואָכען ביז איך וועל מיין ראכע פּלאַן אויספיהרען. אייך אָבער, דאָקטאָר, בעט איך אום פערצייהונג.

— מאיעסטעט, האָט געשטאמעלט דער אלטער, איך זאָל אייך פערצייהען? אים נעגענטהייל, איך —

— רעדט גאָר ניט, דאָקטאָר בענרובען, איך האָב אייך אונרעכט געטראָן, האָט זי ווידערהאָלט און האָט איהם געדריקט די האנד, וועלכע ער האָט געקוסט מיט גרוים רעספּעקט. זייט אזוי גוט און רופט אלע הערען אהער צוריק. איך וויל אין זייער געגענווארט אייך בעלאָהנען.

דאָקטאָר בענרובען האָט דיעזען בעפעהל ערפילט און באלד איז ער צור־ריקגעקומען מיט גראף פּאנין און מאיאָר זובאָוו. קאטהערינא האָט אונטער־דעסען אָנגעקלונגען. א קאמערדיענער איז אריינגעלאָפען און זיא האָט איהם געהייסען באלד אריינרופען דעם גאנצען הויף־שטאאט, דאמען און הערען פון דעם העכסטען אדעל, וועלכע האָבען געוואַרט אין פערלמוטער־זאאל, אום צו ער־פאהרען מיט וואָס דיא אָפּעראציאָן האָט זיך געענדיגט.

ווען דיא גאנצע גלענצענדע געזעלשאפט איז אריינגעקומען איז שוין פּאַ־טעמקין געוועזן אַנגעצויגען אין זיין גאָלדענעם מונדיר און איז געזעסען אויף דעם שטוהל, אויף וועלכען קאטהערינא איז פריהער געזעסען, וועהרענד זיא זעלבסט איז געשטאנען ביי זיין זייט. א גלאָז פון טהייערען שאמפאניער, וועל־כע ער האָט געטרונקען פאר זיין אָפּעראציאָן, האָט איהם יעצט אזוי גוט דער־קוויקט, אז ער איז שוין פּאָלקאָמען צוריק צו זיינע קרעפטען געקומען.

— מיינע דאמען און הערען, האָט אויסגערופען דיא קייזערין, וועהרענד א טיעפע שטילקייט האָט געהערשט אין זאאל, איהר אלע ווייסט, אז פירסט פּאָטעמקין איז דורך א שענדליכען בעפאל פערוואונדעט געוואָרען אין זיין לינקע אויג. זיין לעבען איז געוועזן אין געפאהר און נאָר דורך א שווערע אָפּע־ראציאָן איז ער קוים גערעטעט געוואָרען.

„גאָט האָט דעם קניאז געהאָלפען און אויך אונז האָט דער אלמעכטיגער בעוויזען זיין גנאדע דאמיט וואָס ער האָט אונז געשענקט צוריק אונזער טרייען ראטהגעבער און דיא שטארקסטע שטיצע פון אונזער קייזערליכען טהראָן. דער שליח דאצו איז געוועזן א מאן וואָס האָט שוין איינינגע מאָל זעהר פיעל פאר אונז געטהאָן און דאָך האָט ער קיינמאָל פון אונז גאָר ניט פערלאנגט פאר זיין ארבייט.

— דאָקטאָר בענרובען, קומט אהער נעהענטער!

דער אלטער דאָקטאָר איז צוגעגאנגען צו דער קייזערין מיט אראָפּגעלאָזע־נע אויגען. אין זיין אידישע בעשיידענהייט האָט ער זיך איינפאך געשעמט פאר אזא גרויסען פּובליקום אויף דיעזען ארט בעלוינט צו ווערען.

— דאָקטאָר בענרובען, האָט דיא קייזערין ווייטער געשפּראָכען, איך בין ווירקליך אין א פערלעגענהייט און וויים ניט מיט וואָס איך זאָל אזא מאן וויא איהר בעלאָהנען. מיט אָרדענס און טיטולען וויא אלע מיינע גענעראלען? דארפט איהר עס ניט. אייך רופט מען איבעראל דער מלאך פון קראנקע. דאָס איז א פיעל גרעסערער טיטול וויא איך קען אייך געבען. זאָל איך אייך געבען אוצרות מיט גאָלד? דארפט איהר דאָס אויך ניט. איהר בעזיצט אַן אוצר פון בילדונג און וויסענשאפט וואָס איז טויזענד מאָל טהייערער וויא אלע מיינע רייכטהימער און גימער.

„פון דעסטוועגען פיהל איך, אז איך דארף, איך מוז אייך בעלאָהנען. איך וויל אייך יעצט צייגען וויא גרויס אייער ווערטה איז ביי מיר און וויא הויך איך שעץ אייך. איהר זיינט א איד, דאָקטאָר, ניט וואהר?

—יא, מאַיעסטעט, איך בין א איד, א איד פון טיעפסטען הארצען.

— זעהר שעהן. איהר וועט דארום זיין דער ערשטער איד אין רוסלאנד מיט׳ן טיטול בארָאן. דיעזער טיטול זאָל פערבלייבען אויף אייבינע דורות אין

אייער פאמיליע. איהר אליין האט קיין קינדער ניט, אבער אייער ברודער'ס קינדער און זייערע דורות זאלען הייסען דיא באראנען פאן רובין.

אין דיא גלענצענדע רייהען פון דעם אנוועזענדען פובליקום איז געווארען א שושקעריי פון גרויס ערשטוינען. מען האט געוואוסט, אז דיא קייזערין האט זיך ביז יעצט ניט געקימערט וועגען אידען און מען איז דאריבער געווען שטארק איבערראשט זיא זאל מיט אמאל צייגען צו א אידען אזא גרויסע עהרע.

— גיט מיר אייער האנד, באראן רובין, איך גראטוליר אייך מיט אייער נייעם טיטול, האט געזאגט דיא קייזערין.

— מאיעסטעט, האט געשטאמעלט דער אלטער אידישער דאקטאר וועהרענד אין זיינע אויגען האבען זיך טהרערען געצייגט. איך דארף אזא האנאר ניט אננעהמען. איך זאל שטאלצירען אין דיא פעטערבורגער גאסען אלס באראן און מיינע ארימע שוועסטער און ברידער זאלען זיין איינגעשפארט וויא ווילדע חיות אין דיא פינסטערע גהעטאס — דאס ערלויבט מיר מיין הארץ ניט. ווען מיין פאלק איז אין טרויער טאר איך זיך פון זיי ניט אבשיידען.

קאטהערינא'ס שעהנע געזיכט איז פערוואלקענט געווארען און עס האט פון איהרע אויגען געשיינט א מינע פון עטוואס אונצופריעדענהייט.

דער דאקטאר האט פארטגעזעצט:

— אה, מיין גרויסע קייזערין! איהר האט ביז יעצט דיא אידען געהאלטען וויא שטיעף־קינדער, ווייט אבגעטהיילט פון אייך. איך בין געווען דער איינציגער וועמען איהר האט מקרב געווען צו זיך און האט מיך געהאלטען אלס אן עהרען־מאן, אבער איך שווער אייך, מאיעסטעט, אז איך בין אין קיין הינזיכט ניט בעסער וויא מיינע גלויבענס־ברידער. ווען איהר וואלט נור איינמאל פרובירט צו געבען אידען בירגערליכע רעכטע, זיי זאלען קענען פריי ענטוויקלען זייערע פעהיגקייטען, דאן בין איך זיכער, אז דיא אידען וואלטען געווען אייערע טרייעסטע און ניצליכסטע אונטערטהאנען.

"אויב אייער מאיעסטעט, אין אייער אונבגרענעצטע מאכט און גוטהערציגקייט, ווילען מיך יא בעעהרען פאר דיעזע קלייניגקייט וואס איך האב היינט אויפגעטהאן, דאן בעט איך אייער אלערהעכסטע גנאדע ניט פאר מיר, נור פאר מיין פאלק, פאר דיא אידען פון רוסלאנד, זיי צו בעפרייען פון רדיפות און אונטערדריקונג.

דאקטאר אברהם בענרובען האט געענדיגט זיינע ווערטער און אין זאאל האט געהערשט א טיעפע שטילקייט. אויך דיא קייזערין האט געשוויגען, אויף איהר געזיכט איז געווען צו זעהן, אז זיא איבערלייגט זיך און קען צו קיין בעשלוס ניט קומען. ענדליך האט זיא א בליק געגעבען אויף איהר געליעבטען פאטעמקין. דאן האט זיא זיך צו איהם צוגעבויגען און ער האט איהר בלויז א פאר ווערטער געזאגט גאנץ שטיל.

— גוט, האט דיא קייזערין אויסגערופען זיך ווענדענדיג צום אלטען דאָק־טאָר, איך וועל דעם שיקזאל פון דיא אידען אין מיין לאנד פערבעסערען, ווייל איהר, דאָקטאָר בענרובען, פערלאנגט עס פון מיר.

אלע אנוועזענדע זיינען ערשטוינט געבליבען. דאס האָבען זיי קיינמאל ניט ערוואַרטעט צו הערען, ווייל דיא מעהרסטע פון קייזערליכען הויף זיינען געווען ביטערע שונאים פון אידען, אָבער דיא קייזערין האט אויף קיינעם ניט געקוקט און האט ווייטער פאָרטגעזעצט:

— גראף פאנין! איך בעפעהל אייך איהר זאָלט אויסארבייטען נייע גע־זעצע, אז פון יעצט אָן און ווייטער זאָלען אידען מעגען ווערען פערווי גילדי סוחרים, אלע שולען און אוניווערזיטעטען זאָלען פאר זיי זיין אָפען, דיא פערווי גילדי סוחרים זאָלען מעגען וואוינען איבעראל אין מיין קייזערטהום, דאס זעלבע זאָל אויך זיין ערלויבט צו אלע אידען וואס וועלען ענדיגען אוניווערזיטעט. דיעזע צוויי קלאסען אידען, סוחרים און געלעהרטע, זאָלען האָבען גלייכע בירגער־רעכטע מיט אלע מיינע אונטערטהאנען.

— אָה, מאַיעסטעט, מיין גרויסע, גוטע קייזערין! האט אויסגערופען דער אלטער דאָקטאָר און איז איהר צו דיא פיס געפאלען, וועהרענד קאטהערינא האט אויף איהם אראָבגעקוקט מיט א גנעדיגען שמייכעל.

— וואס אנבעלאנגט אלע אנדערע אידען, האט זיא ווייטער געשפראָכען, דיא יעניגע וואס געפינען זיך אין געוויסע פראָווינצען פון מיין לאנד, זאָלען זיי דאַרט ניט דארפען וואוינען צוזאמענגעדריקט אין בעזאנדערע געטאָס, זאָנדערן זיי זאָלען זיך קענען בעזעצען פריי אין אלע שטעדט און שטעדטלאך ארום און זיי זאָלען אויך מעגען קויפען און בעזיצען אייגענע הייזער און יעדע בעשעפטיגונג זאָל פאר זיי זיין ערלויבט. דיא אידען וואס וועלען זיך ענטשלי־סען צו ערד־ארבייט זאָלען זיך מעגען בעזעצען אויף לאנד און קויפען גרונד־אייגענטהום.

„דאס אלעס טהו איך אָבער מיט דעם תנאי בעפאָר, אז איהר, דאָקטאָר בענרובען, מוזט אָננעהמען דעם טיטול פון א באראָן וואס איך האב אייך אָנגע־באָטען פאר אייך און אייערע קרובים.

— מאַיעסטעט, האט אויסגערופען דער אלטער דאָקטאָר דריקענדיג זיינע ציטערענדע ליפּען צו דער קייזערין'ס האנד, מאַיעסטעט, יעצט וועל איך מיט שטאָלץ אָננעהמען אייער האָנאָר וואס איהר גיט מיר, צו זיין דער ערשטער אידישער באראָן אין רוסלאנד, וויסענדיג, אז מיינע גלויבענס־ברידער וועלען מעהר ניט זיין אזוי נעדריקט וויא אונטער דיא פריגע רעגיערונגען און יעדע עהרליכע בעשעפטיגונג איז פאר זיי אָפען. אָה, גנעדיגע קייזערין, איך פערזיכער אייך, איך שווער אין דיעזע פייערליכע שטונדע, אז איהר וועט אין אייערע אידישע אונטערטהאנען האָבען דיא טרייעסטע אנהענגער.

"לאָזט נור דעם אידען ארויס פון דיא ענגע געהעטאָ־גרענעצען און איהר וועט זיך באלד איבערצייגען וויא שנעל ער וועט זיך בעפרייען פון דיא פעהלערען אויף וועלכע איהר קוקט יעצט מיט פעראכטונג. ווייל דיעזע פעהלערען ליגען ניט אין זיין כאראקטער, זאָנדערן אין דיא אייגענטהימליכע לאגע פון קנעכט־שאפט, אין וועלכע ער איז געוועזען אונטערדריקט זייט לאנגע יאָהרהונדערטע.

"איך ערלויב מיר צו זאָגען אָפען, אז דער קריסט האָט זעהר פיעל ביי'ם אידען צו לערנען. דער איד, ווען ער זאָל נור זיין עטוואָס פריי, קען איהם צייגען א ביישפיעל פון א שעהנעם, זיטליכען פאמיליען־לעבען; ער וועט איהם לערנען וויא צו אונטערשטיצען ברידער, פערוואנדטע און פריינדע אין א פאל פון נויט; ער וועט איהם אויך בעווייזען וויא מען דארף מיט אויסדויער ארבייטען ביי א זאך וואָס מען האָט אָנגעפאנגען און וויא מען קען אלעס מיט געדולד פערטראָגען אין דער האָפנונג אויף דעם אלמעכטיגען גאָט, וועלכער איז א פאָטער פון אלע מענשען.

"אך, ווען מיינע ווערטער וואָלטען געקענט אויסקלינגען אין דער גאנצער וועלט, אז מען זאָל זיי הערען ניט נור ביי אונז אין רוסלאנד, זאָנדערן איבעראל אין אייראָפא! איך וואָלט דאן מיט מיין גאנצע קראפט אויסגערופען: דיא שטונדע איז געקומען ווען אלע מענשען זאָלען זיין ברידער און דיא אומזיסטע פיינדשאפט זאָל פערניכטעט ווערען. דאָס געטליכע געבאָט וועלכע אונזער גרויסער געזעצגעבער האָט אויסגעשפּראָכען: "ליעב דיין נעכסטען וויא דיך זעלבסט" זאָל ענדליך זיין ניט נור א וואָרט, זאָנדערן א טהאַט.

"און ווען דיעזע הערליכע צייט פון אלגעמיינע מענשליכע ברידערשאפט וועט קומען, דאן וועט מען אויך אין דיעזער בעציהונג ערמאנערען דעם נאָמען פון מיין גרויסער קייזערין מיט עהרע און בעוואונדערונג. און אידען וועלען דעם נאָמען פון קאטהערינא דיא גרויסע דערמאָנען אין זייערע געבעטען ביז צו דיא שפּעטסטע דורות.

טהרערען האָבען זיך אראָבגעקייקעלט איבער דעם עהרליכען געזיכט פון דעם אלטען אידישען דאָקטאָר און זיינע ווערטער וואָס זיינען ארויס פון א טיעפע, ערגריפענע זעעלע האָבען געפונען א מעכטיגען אָבקלאנג אין דיא הערצער פון אלע אנוועזענדע.

דיא קייזערין האָט איהם מיט ביידע הענד אויפגעהויבען און דיא ערשטע גראטולירט מיט דעם נייעם טיטעל באראָן פאָן־רובין, א טיטעל וואָס קיין איד אין רוסלאנד האָט נאָך ניט ערהאלטען. דיא הויפלייטע האָבען אויך געמוזט דאָס זעלבע טהאָן און יעדער פון זיי האָט איהם געדריקט דיא האנד מיט א גליק־וואונש. דער ליבעראלער גראף פאנין האָט אָבער איהם הערצליך אומגעארמט און אויסגערופען:

— איך אָדער קריסט, אין דער וויסענשאפט גיבט עס קיין רעליגיאָן. איך שטים איין פאָלקאָמען מיט אלעס וואס בּאראָן פאָן־רובין האָט יעצט געזאָגט.

אין דעמזעלבען טאָג, דאס איז געווען גראדע פרייטאג אבענד, האָבען אידען אין רוסלאנד געפייערט מיט פרייד זייער בעפרייאונג פון דיא דריקענדע לאגע, אונטער וועלכע זיי האָבען אזוי לאנג געליטען. דיא נעמען פון באראָן־פאָן רובין און דיא קייזערין קאטהערינא האָבען אין פיעלע טויזענדע אידישע הייזער נעקלונגען מיט ליעבע, פערעהרונג און בעגייסטערונג.

## 35טער קאפיטעל

## קאטהערינא׳ס געגנערין.

אכט טעג זיינען נאָך דיא געלונגענע אָפּעראציאָן פערבייגעגאנגען. קאַטהערינא האָט וועהרענד דיעזע צייט ניט אויפגעהערט צו דענקען וועגען ראכע פון דעם יעניגען וואס האָט איהר ליעבלינג אזוי שווער פערוואונדעט און שליסליך זאָגאר געזוכט א מיטעל איהם צו פערגיפטען. קאטהערינא איז איבערצייגט געווען, אז יענע פלעשעל גיפט איז אריינגעשמוגעלט געוואָרען דורך אָרלאָוו׳ס אינטריגעס, נור אויף פלאטאָן זובאָוו האָט זיא נאטירליך קיין פערדאכט ניט געהאט.

איבריגענס האָט זיא דיא גאנצע צייט וועגען איהם גאנץ וועניג געדענקט און זובאָוו האָט זיך געמוזט בעגניגען מיט דעם טיטעל פאָרלעזער פון דער קייזערין, דען אין דער טהאט האָט זיא איהם נאָך אמאָל דאצו גאָר ניט אויפגעפאָדערט און איבערהויפט, ביי אירגענד וועלכע צוזאמענקונפט, פלעגט זיא צומאָל אויף איהם א קוק ניט געבען.

זובאָוו האָט זיך בעקלאָגט פאר זיין פריינד גראף אָרלאָוו, אז פון אלע זיינע האָפנונגען איז גאָר ניט געוואָרען און אָרלאָוו האָט פון זיין זייט ניט געוואוסט מיט וואס איהם צו טרייסטען.

— איך האָב אייך געזאָגט, האָט אָרלאָוו איהם געענטפערט, אז אזוי לאנג וויא פאָטעמקין לעבט, קענט איהר אויף קיין זאך ניט האָפען. ווארט אָב געדולדיג ביז מיר וועלען אויסגעפינען אן אנדער געלעגענהייט, מיט וועלכע איהר וועט זיך קענען בענוצען.

איבריגענס איז זובאָוו׳ס לאגע זעהר פיעל פערבעסערט געוואָרען. אלס איינפאכער אָפיציער האָט ער פריהער אין קאטהערינא׳ס הויף־אריסטאָקראַטישען הויף קיין שום ווערטה ניט געהאט; יעצט אָבער אלס פאָרלעזער פון דער קייזערין איז ער שוין געווען א פערזאָן מיט א בעדייטונג. אויסערדעם האָט ער דיא 20 טויזענד רובעל יאהרעס־געהאלט פיר דיעזע אמט געקראָגען פאראויס אויסגעצאָהלט און דאס געלד איז איהם זעהר גוט צונוץ געקומען, אום אָבצוצאָהלען פיעלע שולדען, אונטער וועלכע ער איז ביז יעצט געווען בעדרענגט.

קאטהערינא זעלבסט האט דיעזע טעג כמעט אין גאנצען פערבראכט אין איהר ארבייטס־קאבינעט. וועהרענד פאטעמקין'ס קראנקהייט און דיא אויפרע־גונגען פון דיא לעצטע צייטען, האט זיא אין גאנצען פערנאכלעסיגט דיא רע־גיערונגס־געשעפטען, אזוי אז זיא האט יעצט געהאט זעהר פיעל צו טהאן. דאך פלעגט זיא יעדע פרייע מינוט בענוצען דאצו אום צו פערברענגען מיט איהר גע־ליעבטען אלעקסאנדער, וועלכער איז יעצט נאך אימער געוועזען לויט דיא ארדנונג פון דאקטאר אין א בעזונדערען דונקעלען צימער, וואו מען האט קיינעם צו איהם ניט צוגעלאזען, אום דיא אויפרעגונג פון רעדען זאל איהם ניט שאדען.

נאך איז דיא פראגע ניט געווען ענטשיעדען אויב פאטעמקין'ס אויג וועט אין גאנצען געזונד ווערען און אויב ער וועט קענען אויף איהר זעהן. קאטהע־רינא האט יעדעס מאל געהאט זעהר פיעל מיהע איהם צערטליך צו טרויסטען אין זיין איינזאמקייט, אז ער זאל זיך ניט אויפרעגען און ער זאל האפען, אז ער וועט אין גאנצען געזונד ווערען.

— און אויב ניט, האט ער געזאגט מיט קאפריז פון א קראנקען קינד, אויב ניט, וועט זיך דאן מיין קייזערין פילייכט מיט מיר שעהמען.

— אלעקסאנדער, ווען דו וועסט נאך אמאל אזא ווארט רעדען וועל איך אויף דיר אין ערנסט בייז ווערען.

און ווידער איז זיא געקומען אין אומגעארמט איהר ליעבלינג, אבער באלד האט זיא זיך צוריק געקערט אין איהר ארבייטס קאבינעט צו אטענדען צו איהרע רעגיערונגס געשעפטען.

אין איינגע מינוט ארום האט מען איהר געמעלדעט, אז איהר ערשטער מיניסטער גראף פאנין איז געקומען. ער איז געקומען וויא געוועהנליך מיט זיין עלעגאנטען פארטפעל אונטער'ן ארם. דיא קייזערין האט אויף איהם א בליק געגעבען און האט באלד בעמערקט, אז ער איז עפעס שטארק ערנסט און בע־זארגט.

— קומט אהער נעהענטער, גראף פאנין, האט דיא קייזערין געזאגט. איך האב אלע דאקומענטען דורכגעזעהן און אונטערגעשריבען. דיא נייע געזעצע וועגען שאפען פרייע אנשטאלטען פאר'ן פאלק זאלען פינקטליך דורכגעפיהרט ווערען. זעהט, אז מען זאל דאריבער א שטרענגען בעפעהל געבען אין אלע שטעדט פון מיין לאנד.

— עס וועט פינקטליך ערפילט ווערען, האט פאנין בעמערקט, דאך מוז איך בעטען אייער מאיעסטעט פארלויפיג אלע אנדערע געשעפטען אבצולייגען און מיך אויסהערען איינגע מינוטען. איך האב מיט אייך זעהר וויכטיגעס צו רעדען.

— וואס איז דען ווידער געשעהן? האט קאטהערינא געפרעגט ערשרא־קען. עפעס א נייע געפאהר פאר מיין רעגיערונג?

— פארלויפיג נאך ניט. אבער איך האב מורא, אז עס קען דאצו קומען, ווען מיר זאלען גלייך ניט האנדלען ענערגיש. עס האט זיך בעוויזען א נייע פרעטענדענטין צו דער קרוין, א פערזאן וואס בעהויפטעט, אז צו איהר בעלאנגט געזעצליך דער רוסישער קייזער־טהראן.

קאטהערינא איז שטארק איבערראשט געווארען, אבער באלד האט זיא זיך בערוהיגט און האט אויסגערופען מיט א געלעכטער:

— דיא נארישע מענשען! זיי מיינען ווירקליך, אז עס איז אזא גליק צו הערשען איבער רוסלאנד. אלע רייסען זיך דעם טהראן פון מיר אוועקצונעהמען. אבער, ניין, אזוי לאנג וויא איך לעב וועל איך זיין קייזערין. דאך, זאגט מיר, גראף פאנין, ווער איז דיא פרעטענדענטין וואס יאגט זיך נאך מיין קרוין? מיט וואס פאר שקרים קומט זיא צום פאלק? און וואו געפינט זיא זיך?

— אויף דיעזע אלע פראגען וועל איך מיין קייזערין ענטפערען, ווען אייער מאיעסטעט וועלען מיר ערלויבען אלעס דייטליך פאר אייך פארצושטעלען.

מיט דיעזע ווערטער האט זיך דער מיניסטער אוועקגעזעצט און האט ארויסגענומען איינינע פאפיערען פון זיין פארטפעל. דאן האט ער ווייטער געשפראכען:

— שוין מיט א לענגערע צייט צוריק, נאך פאר'ן אויפשטאנד פון דעם קאזאק פוגאטשעוו, האב איך בעקומען צו וויסען, אז אין אויסלאנד טרייבט זיך ארום א פערזאן וואס פרעטענדירט, אז זיא איז דיא ריכטיגע יורש'טע פון דער רוסישער מלוכה. אבער איך האב דיא גאנצע געשיכטע געהאלטען פיר אונוויכטיג. עס איז אפילו אויסגעקומען ביי מיר איבעריג אייער מאיעסטעט דאמיט צו בעלעסטיגען. אבער יעצט איז דיא זאך געווארען אזוי ערנסט, אז מיר מוזען זעהן עטוואס טהאן, ווייל עס האלט שוין צו ווייט.

"דיא ארומטרייבערין רופט זיך גרעפין פאן פינעבערג און זיא געפינט זיך יעצט אין איטאליען. זיא גיט זיך אויס פאר א טאכטער פון דער פערשטארבענער צארינא עליזאבעט. אין דעם נעמליך בעשטעהט דיא געפאהר, געגען וועלכער מיר וועלען מוזען קעמפפען.

— אבער דיא קייזערין עליזאבעט האט דאך גאר קיין קינדער ניט געהאט?

— מאיעסטעט, אום דאס צו ערקלערען, מוז איך בעריהרען געוויסע אינטימע פערהעלטניסע פון קייזערליכען הויף.

— אה, איהר קענט שפרעכען וואס איהר ווילט, האט קאטהערינא אויסגערופען מיט גרויס אינטערעסע. איך וועל אייך אלעס אויסהערען, איך דארף דאך וויסען יעדע זאך וואס בעלאנגט צו מיין קרוין.

— זעהר גוט, האט גראף פאנין געענטפערט בעטראכטענדיג זיינע פאפיערען. אמת, דיא קייזערין עליזאבעט האט ניט געהאט קיין געזעצליכע קינדער,

עס איז אָבער בעוויעזען מיט דאָקומענטען שווארץ אויף ווייס, אז זיא האָט געהאט צוויי אונגעזעצליכע קינדער, א זוהן און א טאָכטער.

— און ווער איז געווען זייער פאָטער?

— דעם זוהן'ס פאָטער איז געווען דער קאָזאק ראזומאָווסקי, מיט וועלכען דיא קייזערין איז געשטאנען אין געוויסע פערבינדונגען. ער איז געבאָרען אין יאָהר 1750 און געפינט זיך יעצט אין א קלויסטער. וואו דער קלויסטער געפינט זיך ווייסט מען ניט. נור אזוי פיעל איז זיכער, אז דער יונגער פּרינץ איז געוואָרען א מאָנאך און ער הויבט ניט אָן צו וויסען פון וועמען ער שטאמט. איז וועגען איהם אָבגערעדט. אָבער יעצט האנדעלט זיך עס וועגען דער טאָכטער.

— צוערשט זאָגט מיר, גראף פאנין, וועמעס טאָכטער איז זיא, דאָס הייסט, פון וועלכען מאן האָט קייזערין עליזאבעט זיא געבאָרען. ווייל וויא איך הער פון אייערע ווערטער, איז ניט דער קאָזאק ראזומאָווסקי געווען איהר פאָטער.

— ניין, מאיעסטעט, ניט ער, נור אן אנדערער, א מאן, וועלכען איהר האָט גענוג אורזאכע צו האסען און פערדאמען און דאָך האָט איהר איהם אייער צוטרויען געשענקט.

— אָה, איך פערשטעה. רעדט, רעדט, פאנין, דער פאָטער פון דיעזע מיי־דעל איז אלזאָ ער —

— יא, מאיעסטעט, גראף אָרלאָוו! גרעגאָר אָרלאָוו איז איהר פאָטער.

א קורצע צייט איז קאטהערינא געבליבען זעהר איבערראשט, דאן האָט זיא ארויסגעפּלאצט מיט א הויכען געלעכטער פון שפּאָט און פעראכטונג.

— דער לומפּ! האָט זיא אויסגערופען, ער איז דאָך דאמאָלס געווען א גאנץ יונגער מאן און האָט זיך נאָך אָבגעגעבען מיט אן אָבגעלעבטע גרייז־גרויע פרוי, וועלכע דער טויט האָט שוין מיט זיין קאלטע האנד בעריהרט. און מיט איהר האָט ער דאָס געשפּיעלט דיא ראָלע פון א פערליעבטען. אָה, וויא פעראכטונגס־ווערטה איז דיעזער מאן, וועלכער פערקויפט זיין ליעבע גראדע וויא געוויסע אויסגעלאַסענע פרויען.

— דאָס איז גאנץ ריכטיג און איהר, מאיעסטעט, האָט זעהר גוט געטהאָן וואָס איהר האָט זיך פריי געמאכט פון אָרלאָוו'ס איינפלוס אויף אייך און אויף דער רעגיערונג.

— פריי געמאכט, זאָגט איהר? אָה, ניין, גראף פאנין! איך קען זיך נאָך ניט בעטראכטען אלס פריי אזוי לאנג וויא איך בין געצוואונגען צו ציטערען פאר זיינע אינטריגעס, אזוי לאנג וויא איך מוז איהם נאָך עמפּפאנגען און קען איהם זאָגאר ניט בעשטראָפען ווען ער בעפאלט וויא א מערדער אויף דיא פערזאָנען וואָס זיינען מיר ליעב. ווארום דיעזער מענש האָט אויף מיר איינ־פלוס, קען איך אייך יעצט ניט ערקלערען, דאָך וויסען זאָלט איהר, אז איך וועל

שליסליך דיעזען שענדליכען יאָך פון זיך אראָבשליידערען. אָבער נענוג וועגען איהם. זאָגט מיר, האט אָרלאָוו זיך נאָר ניט אָנגענומען פאר זיין טאָכטער?

— ניין, מאיעסטעט. גרעגאָר אָרלאָוו ווייס זאָגאר ביז יעצט ניט, אז עס עקזיסטירט אזא טאָכטער. דיא קייזערין עליזאבעט האט זיא געבאָרען אין צארסקאָיע סעלאָ אין געהיים, אז קיין זייטיגער מענש האט דאפון ניעמאלס ערפאהרען.

קאטהערינא האט אויסגעהערט דיעזע ווערטער וועהרענד איהר קאָפּ איז געוועזען אָנגעלעהנט אויף'ן האנד און איהרע שעהנע אויגען האָבען פלוצלונג אויפגעבליצט.

— דאָס איז גוט, דאָס איז פאָרטרעפליך! ער וויים ניט פון דיעזער טאָכטער! דאן — דערצעהלט מיר גענויער, גראף פאנין, אלעס וואָס איהר האט וועגען יענער פרעטענדענטין ערפאהרען.

גראף פאנין האט ווידער געוואָרפען א שנעלען בליק אויף זיינע פאפיערען און האט געזאָגט:

— יענעס מערכען איז זעהר שעהן און איז אין גאנצען אונגעפעהר 16 יאָהר אלט. דאָך האָט זיא שוין אין איהר לעבען זעהר פיעל דורכגעמאכט און געלעבט כמעט אין אלע גרעסערע שטעדט פון אייראָפּא. אין לאָנדאָן און אין פאריז איז זיא געשטאנען אין פערבינדונג מיט פערשיעדענע שווינדלער. זיא איז א געוויסע צייט געוועזען דיא געליעבטע פון דעם פאָלנישען געזאנדטען אין פאריז אָרגינסקי, דאן האט זיא געלעבט מיט דעם פירסט לימבורג־סטירום, וועלכער האט זיך צוליעב איהר רואינירט. זיא האט וועהרענד דיעזע צייט געהאט פערשיעדענע אנדערע ליעבעס און אזוי האט זיא זיך ערווארבען א גרויסען קרייז אנהענגער, איבערהויפט צווישען דיא איינפלוסרייכע פאָלנישע עמיגראנטען אין אויסלאנד, וועלכע האָבען עס געבראכט אזוי וויים, אז זאָגאר דיא פראנצויזישע רעגיערונג איז געניינט זיא אנצוערקענען אלס פרעטענדענטין.

אין וועגעדיג, וואו זיא וואָהנט יעצט, שפיעלט זיא א וויכטיגע ראָלע אלס רוסישע פרינצעסין. זיא האט פון דאָרט זאָגאר אָנגעפאנגען צו קאָרעספאָנדירען מיט דער רעגיערונג אין קאָנסטאנטינאָפּאָל און אונזערע טירקישע פיינדע זיינען בערייט פאר איהר זיך אָנצונעהמען. פון דעם קען זיך אייער מאיעסטעט איבערצייגען, אז עס איז זעהר וויכטיג מען זאָל דיא ארומטרייבערין איינמאָל פאר אלע מאָל אָבראמען פון וועג און זיא אונשעדליך מאכען.

דיא קייזערין האט א לאנגע צייט געשוויעגען. זיא איז געזעסען פערטיעפט אין מחשבות איינינע סעקונדען, דאן האט זיא אויסגערופען:

— איך דאנק אייך, גראף פאנין, וואָס איהר האט מיך אויפמערקזאם געמאכט אויף דיעזע נייע געפאהר. יא, איהר האט רעכט. עס איז דיא העכסטע צייט יענע אויסוואורף צו מאכען אונשעדליך. מען מוז זיא ארעטירען און ברענ־

גען נאָך פּעטערבורג. אָבער דאָ איז בלויז פאראן א קליינע שווירינקייט. אין אויסלאנד קענען מיר זיא מיט געוואלד ניט נעהמען געפאנגען. האָט איהר פיליייכט עפּעס א פאָרשלאג וויא אזוי דאס זאָל מעגליך זיין דורכצופיהרען? האָט איהר עפּעס אן עצה דערצו?

— איך מוז אייך זאָגען דיא וואהרהייט, מאיעסטעט, אז פאָרלויפיג איז מיר ניט מעגליך געווען א ריכטיגען פלאן אויסצוקלערען, אָבער איך האָף, אז דער שאַרפער פערשטאנד פון אייער מאיעסטעט וועט געפינען אן עצה פיעל שנעלער וויא איך.

— זעהר שעהן. לאָזט יעצט דיעזע גאנצע אנגעלעגענהייט איבער צו מיר און איך וועל אייך נאָך פיליייכט היינט אבענד עטוואס נייעס מיטטהיילען.

— אויב אזוי, בין איך פאָלשטענדיג בערוהיגט, האָט גראף פאנין בעמערקט און איז ארויס פון צימער.

— יא, אזוי וועט עס זיין, האָט קאטהערינא געמורמעלט צו זיך אליין, ווען פאנין איז אוועק און זיא איז אליין געבליבען. דורך דער טאָכטער וועל איך נעהמען ראכע פון דעם פאָטער און דורך דעם פאָטער וועל איך דיא טאָכטער פערניכטען.

זיא האָט אָנגעקלונגען און האָט געהייסען דעם אריינקומענדען קאמער־דיענער מעלדען דעם קניאז פאָטעמקין, אז זיא פאָהרט אויס אויף א פּאָר שטונ־דען. דאן איז זיא אוועק אין איהר בודואר און דאָרט האָט א פראנצויזישע דיענערין איהר געמאכט דיא טואלעטע.

קאטהערינא האָט זיך דיעזעס מאָל בעזאָנדערס אויסגעפּוצט אין א רייכע דונקעל־גרינע סאמעטענע קלייד מיט א פראכטפאָלען הוט אויף איהרע שעהנע רויט־בלאָנדע האָאר. זיא האָט פערדעקט איהר געזיכט מיט א דיקען שלייער און ווען זיא האָט גענומען דעם שעהנעם זאָנען־שירם אין איהר האנד, האָט זיא אויסגעזעהען אזוי רייצענד, אז יעדער איינער האָט פון איהר געמוזט בעצויבערט ווערען.

דורך א קליינע טרעפּ איז קאטהערינא ארויס פון פאלאסט אין פארק און דאן אויף׳ן גאס, וואו זיא האָט צוגערופען א דראָזשקע און האָט געהייסען פאָה־רען צום גראף אָרלאָוו. קיינער האָט זיא ניט דערקענט יעצט, וועהרענד זיא איז געפאָהרען איבער דיא גאסען און האָט בעטראכט אלעס מיט לעבהאפטע אינ־טערעסע. זינט זיא איז ארויף אויף׳ן רוסישען טהראָן, האָט פּעטערבורג אויפ־געבליהט. גרויסע פאלאסטען זיינען אויפגעבויעט געוואָרען, ריעזענהאפטע געשעפטען האָבען זיך ענטוויקעלט. דער האנדעל איז געווען פול מיט שיפען פון אלע נאציאָנען. דער האנדעל האָט זיך פערגרעסערט און דאס גאנצע לאנד האָט זיך געבאָדען אין גליק און אין רייכטהום.

ענדליך איז קאטהערינא צוגעפאָהרען צו אָרלאָוו׳ס פאלאסט און האָט געהיי־

סען דעם קוטשער זיך אָבשטעלען ביי דער קליינער טיהר, דאן איז זיא אראָב־
געשטיגען פון דער דראָזשקע, האָט בעצאָהלט דעם קוטשער און האָט אָנגעקלאַפּט.
דער וועכטער פון דער טיהר האָט געעפענט און דערזעהענדיג פאר זיך א פער־
שלייערטע, עלעגאנטע דאמע, האָט ער ביי איהר געפרעגט אויב זיא וויל זעהן
דעם גראף.

— יא. זאָג דעם גראף, אז א פריינדין איז צו איהם געקומען.

— א פריינדין? דער גראף האָט זעהר פיעל פריינדינען און —

— זאָג איהם, אז אן אלטע, גוטע פריינדין וויל מיט איהם רעדען וועגען
זעהר א וויכטיגע אנגעלעגענהייט.

ביי דיעזע ווערטער האָט זיך אויף איהר געזיכט בעוויעזען אן אויסדרוק
פון ביטערען האס און טיעפע פעראכטונג. דער טיהר־היטער האָט עס נאטיר־
ליך ניט בעמערקט און האָט זיא אריינגעלאָזט אין האָל. אליין איז ער אוועק
צום גראף איהם מעלדען וועגען דעם בעזוך.

נאָך איינינע מינוטען איז ער צוריקגעקומען און איינגעלאדען דיא קיי־
זערין אריינצוגעהן. ער האָט זיא דורכגעפיהרט א גאנצע רייהע פראכטפאָל
אויסגעשטאטעטע זאאלען ביז זיי זיינען אריינגעקומען אין איין צימער וואָס האָט
איבערטראָפען אין לוקסוס אלעס וואָס מענשען האָבען ווען געזעהן.

אין דיעזען צימער האָט דיא קייזערין געמוזט ווארטען גאנצע צעהן מינוט.
זיא האָט דערוויילע גענומען בלעטערען דיא אלבומס אויף דיא גאָלדענע
טישלעך און איז רויט געוואָרען פון בושה. זיא האָט געזעהען אזעלכע בילדער
וואָס מען קען אפילו אין דיא ניעדעריגסטע אונאנשטענדיגע הייזער ניט זעהן.
אויך אויף דיא ווענד זיינען געהאנגען קונסטפאָלע אויסגעלאסענע בילדער.

ענדליך איז אָרלאָוו אריינגעקומען און דערזעהענדיג א פערשלייערטע
דאמע פון א שעהנעם געשטאלט, איז ער צוגעגאנגען און האָט ביי איהר געפרעגט
מיט א העפליכען טאָן:

— מאדאם, איך קען ניט וויסען אויב איהר זייט מיר בעקאנט, אייער גע־
זיכט איז בעדעקט מיט א שלייער, ווילט איהר געפעליגסט מיר זאָגען אייער נאָ־
מען? און נאָך בעסער וואָלט זיין איהר זאָלט אויסטהאָן דעם שלייער. איך
גלויב, אז אייער געזיכט איז שעהן און ליעבליך.

— איהר האָט א טעות, גראף אָרלאָוו, האָט געענטפערט קאטהערינא מיט
איהר זיסע קלינגענדע שטימע. דיעזעס מאָל האנדעלט עס זיך ניט אום שעהן
אָדער ניט שעהן, עס האנדעלט זיך אין אלגעמיין ניט וועגען ליעבע יעצט.

אין דעם זעלבען אויגענבליק האָט זיא אויפגעהויבען דעם שלייער און
אָרלאָוו האָט דערזעהן דיא קייזערין. ווען דיא ערד וואָלט אָנגעפאנגען אונטער
איהם צו ציטערען, ווען דער הימעל וואָלט אויף איהם אראָבגעפאלען, וואָלט
אָרלאָוו ניט אזוי צומישט געוואָרען וויא אין דעם מאָמענט.

דיא קייזערין! אָרלאָוו ווייסט, אז זיא האָט נאָך קיינמאָל ניט געמאכט א בעזוך אין אירגענד וועלכע פּריוואט הויז. איבערהויפּט האָט ער ניט געקענט פערשטעהן וויא איז דאָס מעגליך, אז זיא זאָל קומען צו איהם, נאָכדעם וויא זיא האָט איהם דיא לעצטע צייט בעהאנדעלט וויא דעם ערגסטען בלוטיגסטען שונא.

— מאיעסטעט, האָט ער געשטאמעלט, אָה, וואָס פאר אן עהרע! וואָס פאר א גליק! איך בעט אייך טויזענד מאָל אום פערצייהונג, מאיעסטעט, וואָס איך בין אזוי איבערראשט. צופיעל אונערוואַרטעטעס גליק!

— גראף אָרלאָוו, האָט זיא געענטפערט נאָך עטוואָס נאָכדענקען, אויב עס איז ווירקליך פאר אייך א גליק דיא קייזערין אין אייער הויז צו זעהן, אויב איהר ווילט בעווייזען, אז איך דארף אייך ניט רעכענען פאר מיין ביטערסטען פיינד, האָט איהר יעצט דאצו א גוטע געלעגענהייט.

— איך בין צו יעדער צייט בערייט אייך דיעזען בעוויז צו געבען. אָבער, מאיעסטעט, בעפאָר וויל איך ביי אייך בעטען איהר זאָלט זיך אוועקזעצען אויף א שטוהל.

— בעפאָר וויל איך איהר זאָלט בעזאָרגען, אז מיר וועלען ניט געשטערט ווערען. איך האָב מיט אייך זעהר א וויכטיגע זאך צו רעדען. געהט, אָרלאָוו, און פערשליסט דיא טיהר.

אָרלאָוו איז האסטיג נעגאנגען קאטהערינא'ס בעפעהל צו ערפילען. ער איז אין דעם אויגענבליק געוועזען פערטיג צו טהאָן אלעס וואָס דיא שעהנע קייזע־רין וועט פערלאנגען פון איהם. ביי איהם אין הארצען האָט זיך ערוועקט א זיסע האָפנונג, אז עס וועט פאר איהם פיליייכט מעגליך זיין ווידער צו קומען מיט איהר אין אמאָליגע בעציהונגען. ער האָט פערגעסען אלעס וואָס אין דיא לעצטע צייטען האָט פאסירט און ער האָט גערעכענט, אז קוים איז קאטהערינא אליין צו איהם געקומען, איז דאָס געוויס א צייכען, אז זיא וויל איהם צוריק ברענגען צו עהרע און מאכט.

ער האָט פערשלאָסען דיא טיהר און דאביי איז איהם איינגעפאלען א גע־דאנק, אז דיא קייזערין האָט איהם צומאָל דיא האנד ניט גערייכט. דאָך באלד איז אויך דיעזעס געשעהן און ווען ער האָט זיך אומגעווענדעט האָט זיא איהם דיא האנד אנטקעגענגען געטראָגען זאָגענדיג מיט א פריינדליכע מינע:

— אָרלאָוו, אויב אייער געוויסען איז ריין, אויב איהר ווילט פערגעסען וואָס עס איז געשעהן און מיט אן אָפענעם הארצען פריעדען שליסען, דאן רייכט אייער האנד.

אָרלאָוו האָט ערפילט דיעזע אויפפאָדערונג מיט פערגעניגען און האָט אויס־געררופען:

— גאָט איז מיין עדות, אז איך פון מיינער זייט האָב דאצו ניט געבראכט, אז דיא פריינדשאפט צווישען מיר מיט מיין קייזערין זאָל אָבגעקיהלט ווערען.

און ווען עס האָבען זיך אין מיר ערוועקט ביטערע געפיהלען איבער דיא לעצטע בעהאנדלונגען פון אייער מאיעסטעט, קען מען דאָך אויף מיר קיין פאראיבעל ניט האָבען. איהר האָט מיך דערהויבען צו דיא העכסטע שטופע און איך בין געווען דער איינציגער שטערבליכער, וועלכער האָט געקענט קומען אין אזעלכע נאָהענטע בעציהונגען צו דיא שעהנע היים-געליעבטע קייזערין.

"אן אלטע זאגע דערצעהלט, אז דיא געטער זיינען אראָבגעקומען פון הימעל אום דיא מענשען-קינדער מיט דיא הערליכסטע מתנות צו בעגליקען. ביי מיר איז דיעזע זאגע אין ערפילונג געקומען. א געטין האָט זיך צו מיר בעוויעזען און געטליכע פערגניגען האָב איך גענאָסען. ענדליך איז געקומען אן אנדערער, אזעלכער וואָס האָט פאר מיין קייזערין גאָר ניט געטהאָן און דאָך האָט ער איהר הארץ עראָבערט. איך בין דאן אראָבגעשליידערט געוואָרען אין טיעפס־טען אבגרונד. בין איך אלזאָ ניט בערעכטיגט געווען צו דענקען מיט ביטערקייט וועגען דיא קייזערין, וועלכע האָט מיך אריינגעפיהרט אין א וואונדער-וועלט אום דאן פון דאָרט ארויסגעטריבען צו ווערען?

"איך זאָג אייך אָפען, מיין קייזערין, אז מיין הארץ איז געוואָרען פול מיט ביטערען האס. נור עס איז גענוג איין וואָרט פון אייך און דאן ליעג איך ביי אייערע פיס און בין פערטיג אלעס צו טהאָן אום איהר זאָלט מיט מיר צופריעדען זיין.

קאטהערינא האָט געשמייכעלט וועהרענד זיין לאנגע רעדע. וויא קען זיך דיעזער מענש איינרעדען, אז זיא איז געקומען אום מיט איהם א ליעבעס-פער־העלטנים אנצופאנגען? וויא קען ער גאָר גלויבען, אז זיא וועט איהם ווען עס איז פערצייהען פאר אלעס וואָס ער האָט געגען איהר ליעבלינג און זאָגאר געגען איהר זעלבסט אויפגעטהאָן? דער מאן איז אזוי פערבלענדעט מיט זיך זעלבסט, אז דאָס שטייגט איבער זיין פערשטאנד. דאָך, וויא דיא זאך איז, פאסט דיעזע האלטונג פון איהם זעהר גוט פאר איהר פּלאן.

— הערט מיך אויס, גרעגאָר אָרלאָוו, האָט זיא געענטפערט און האָט זיך געזעצט אויף א שטוהל. וואָס עס זועט ווייטער געשעהן דארף איך אייך אין דער יעצטיגער מינוט ניט זאָגען. איהר ווייסט, אז פאָטעמקין וואָהנט ביי מיר אין פאלאסט און פאָרלויפיג דענק איך נאָך ניט איהם פון דאָרט ארויסצוטריי־בען. דאָך, דאָס גליק, פון וועלכען איהר האָט יעצט געשפּראָכען, קען נאָך זיך צוריקקעהרען, אויב איהר וועט מיר בעווייזען, אז איהר ווילט ווירקליך זיין מיין פריינד.

אָרלאָוו איז געפאלען צו דיא פיס פון דער שעהנער קייזערין און אויפהוי־בענדיג זיין האנד וויא צו א שבועה האָט ער אויסגערופען:

— פערלאנגט פון מיר יעדען בעוויז, וועלכען איהר ווילט! איך בין פער־טיג אלעס צו טהאָן פאר מיין ערהאבענע געליעבטע קייזערין.

— און איך קען אייך אלעס פערטרויען?

— איך בין פון דעם יעצטיגען מאָמענט פאר מיין קייזערין דערזעלבער אָרלאָוו וויא פריהער און איהר ווייסט זעלבסט וויא איהר קענט זיך אויף מיר פערטרויען.

— גוט, האָט זיא געענטפערט און אויסגעשטרעקט איהם דיא האנד, אויף וועלכע ער האָט אָבגעדריקט א קוש. אלזאָ, עס האנדעלט זיך וועגען דעם: א געפאהר שטעהט מיר פאָר, פיל ייכט נאָך א גרעסערע געפאהר אלס פוגאטשעוו'ס אויפשטאנד.

ליגענדיג אויף דיא קניע איז אָרלאָוו אויף דיעזע ווערטער זעהר אויפ־מערקזאם געוואָרען.

— ווען פוגאטשעוו איז אויפגעשטאנען, האָט דיא קייזערין געזאָגט, האָב איך געשיקט פּאָטעמקין'ען מיט אן ארמעע, ער האָט דיא רעבעלען געשלאָגען און איך בין פון זיי בעפרייט געוואָרען. דיעזעס מאָל איז עס אָבער א געפאהר, פון וועלכע קיינער קען מיך ניט בעפרייען, אויסער איין איינציגער מאן אין גאנצען לאנד און דיעזער איינציגער זייט איהר, גרענאַר אָרלאָוו.

"עס איז ווידער אויפגעשטאנען א פּרעטענדענטין. דיעזעס מאָל איז עס ניט ווידער א ווילדער קאָזאק וואָס שטרעקט אויס זיין אומגעלומפּערטע האנד נאָך רוסלאנד'ס קרוין, זאָנדערן אן אנדער פיינד וואָס איז פיעל געפעהרליכער. דיעזער פיינד איז יונג, שעהן, אנציהענד און דאמיט אויך מעכטיג — דען דאָס איז א פּרויענצימער.

— א פרויענצימער? וויא איז דאָס מעגליך, עס זאָל זיך געפינען אזעלכע וואָס זאָל בעגעהרען דיא קרוין, וועלכע ציערט דעם שעהנעם קאָפּ פון מיין קיי־זערין?

— נאטירליך איז זיא א בעטריגערין, אָבער מיט געוואלד קענען מיר געגען איהר גאָר ניט טהאָן. מיר מוזען אָנוועגדען א שלויען מיטעל. זיא גיט זיך ארויס אלס דיא טאָכטער פון קייזערין עליזאבעט.

קאטהערינא האָט בעאָבאכטעט מיט שארפע בליקען וואָס פאר אן איינ־דרוק דיעזע לעצטע ווערטער וועלען אויף איהם מאכען און עס איז דייטליך געוועזען צו זעהען, אז ער האָט זאָגאר קיין שום אהנונג דאָס דיא בעטריגערין, פון וועלכע דיא קייזערין רעדט, איז זיין אייגענע טאָכטער.

— ניין, מיט געוואלד וועט מען זיא ניט קענען בעקעמפּפען, האָט דיא קייזערין ווידערהאָלט. דאָ מוז אָנגעוועגדעט ווערען א גאנץ אנדער מיטעל.

— וואָס פאר א מיטעל דענקט איהר, מאיעסטעט?

— דיא ליעבע אָדער דיא פריינדשאפט. אייך וועט איבערהויפּט זיין זעהר לייכט דורך אזא קאָמעדיע זיא ארייגצוקריגען אין נעץ.

"מיין פּלאן איז פאָלגענדער: דיא בעטריגערין, וועלכע רופט זיך גרעפין

פאָן פינעבערג, אָבוואָהל זיא האָט זיך שוין פריהער גערופען מיט פערשיעדענע אנדערע נעמען, געפינט זיך יעצט אין וועגעדיג. איך וועל אייך איבערגעבען איי‏ניגע קריעגס־שיפען פון מיין פלאָטע, מיט וועלכע איהר וועט אריינפאָהרען אין דעם האפען פון יענע רעפובליק, אלס גאסט צום בעזוך. מאכט וויא מעגליך א גלענצענדע דעמאָנסטראציאָן. וועהרענד דיא שיפען וועלען שטעהן ביי׳ם אנקער זאָלט איהר געהן אין שטאָדט, בעזוכט און מאכט בעקאנטשאפט מיט דיא רעגיערער פון יענע רעפובליק, גיט אָפט רוישענדע בעלער און אנדערע פעסטליכקייטען, אין וועלכע דיא גאנצע פאָרנעהמע געזעלשאפט פון וועגעדיג זאָל אנטהייל נעהמען. אויף דיעזען אופן וועט אייך געלינגען מיט דער בע־טריגערין נעהענטער בעקאנט צו ווערען. זשאַלעוועט איהר ניט קיין גאָלד און בריליאנטען; מאכט, אז זיא זאָל זיך אין אייך פערליעבען אָדער זיא זאָל צו אייך בעקומען א פריינדשאפטליכען צוטרויען, דאן לאַדעט זיא איין אויף אייער אדמיראַל־שיף און דאן ווייסט איהר דאָך וואָס איהר האָט צו טהאָן.

"איך זעה, אז איהר האָט מיך ריכטיג פערשטאנען, מיין ליעבער אָרלאָוו. איך פרעג אייך אלזאָ: ווילט איהר פאר אייער קייזערין דיעזען אויפטראג איבערנעהמען? פערשטעהט מיך ריכטיג, איך צווינג אייך ניט דאצו, איך בע־פעהל עס אייך ניט, דען דאָ האנדעלט זיך אייגענטליך ניט וועגען א געזעצליכע אונטערנעהמונג. נור איך זאָג אייך נאָך אמאָל: איהר זייט דער איינציגער מאן, אויף וועמען איך קען זיך אין דיעזער אנגעלעגענהייט פערלאָזען. און צום צייכען פון מיין צוטרויען וועל איך אייך ערהויבען צו דיא ראנגע פון א פירסט.

— דאנק, דאנק, מיין קייזערין, האָט אָרלאָוו אויסגערופען פאלענדיג צו קאטהערינא׳ס פיס, איך שווער אייך צו טהאָן אלעס אין דער וועלט אום יענע פאלשע פרעטענדענטין צו פאנגען און אין דיא הענד פון מיין קייזערין צו איבערליפערען. און ווען זיא זאָל זאָגאר זיין א וואהרע פרינצעסין, וועל איך זיא מיט געוואלד ענטפיהרען און ברענגען אין א רוסישען קערקער.

— און ווען פון דער ליעבעס קאָמעדיע זאָל ארויסקומען עטוואָס ערנסטעס? האָט געפרעגט קאטהערינא זיך איינבויגענדיג צו דעם קניענדען אָרלאָוו. ווען יענע בעטריגערין זאָל ווירקליך מאכען אויף אייך אירגענד א גוטען איינדרוק, וואָס וועט דאן זיין?

— אָה, מיין קייזערין, איהר בעליידיגט מיך מיט דיעזע געדאנקען! האָט ער אויסגערופען וואָרפענדיג א פייערדיגען בליק אויף איהר שעהנע, מאיעס־טעטישע געשטאלט. עס גיבט נור איין פרוי אויף דער וועלט, וועלכע איך ליעב און וועל אימער ליעבען פון מיין טיעפסטע זעעלע און דיעזע פרוי הייסט קא־טהערינא פון רוסלאנד! — אָה, מיין עהרליכע קייזערין, ווען איך בין אויפגערעגט געוואָרען מיט צאָרן נעגען דיר, איז עס דאָך דארום, ווייל איך האָב געמוזט זעהן אן אנדערען ביי דיין זייט. איך האָב דיין פערשפרעכען, קאטהערינא, דיין

שריפטליכען פערשפרעכען און דו ווייסט אויך, אז איך האב א שטארקען איינ־פלוס אויף א גרויסע, מעכטיגע פארטיי אין רוסלאנד. מיט דיעזעביידע זאכען וואלט איך זיך געקענט געגען דיר אזוי פיעל בענוצען, אז דיין גאנצע קייזער־ליכע מאכט זאל דיך ניט קענען בעשיצען, דאך האב איך דאס ניט געטהאן און וויל עס ניט טהאן, דען דיר קען איך ניט שאדען, וויל מיין הארץ איז נאך אימער בעצויבערט מיט טיעפע, הייסע ליעבע צו דיר, און דאס ניט מיר יעצט דעם מוטה אויסצורופען:

״זיי מיינע, קאטהערינא, ערפיל ענדליך מיין ביטע פון יאהרענלאנג און גיב מיר דיא בעלאהנונג, וועלכע איך האב ביי דיר פערדיענט. דאן מעג דיא גאנצע וועלט אויפשטעהן בעוואפענט געגען דיר, דארפסטו קיין מורא ניט האב־בען, איך פיהל אין זיך דיא קראפט זיי אלעמען ניעדערצושלאגען מיט מיין אייזערנע פויסט, דען דיין ליעבע קען מיך בעגייסטערען צו דיא גרעסטע העלדען־טהאטען.

קאטהערינא׳ס ברוסט איז פול געווארען מיט א ברענענדיגען כעס הערענדיג דיעזע ווערטער. זיא האט זיך יעצט דערמאנט אין יענע צייטען, ווען זיא האט פון דיעזען מאן אזוי פיעל געליטען. עס איז אמת, אז ער איז געווען דער הויפט פון דיא וואס האבען איהר געהאלפען דאס רוסישע קייזערטהום צו ער־אבערען און זיא האט איהם דאפיר געמאכט גרויס און מעכטיג; אבער ער האט זיך מיט דיעזע מאכט בענוצט אום זיא זאל זיין פאר איהם א שקלאפין אויף׳ן טהראן; ער האט אין איהר נאמען רעגיערט און זאגאר זיא זעלבסט געצוואונגען, אז זיא זאל איהם איבערגעבען דיא פאלשטענדיגע מאכט, זיא זאל דיא מינ־דעסטע דעה אויף קיין זאך ניט האבען. אזא בעליידיגונג האט דיא שטאלצע קאטהערינא קיינמאל ניט געקענט פערצייהען.

און דארט ביי איהר אין פאלאסט געפינט זיך איהר קראנקער ליעבלינג, וועלכער האט שוין געשוועבט צווישען טויט און לעבען, וועלכער וועט פילייכט בלייבען אן אייביגער קריפעל דורך דער האנד פון דיעזען ברוטאלען באנדיט, דיעזען פינסטערען אינטריגאנט, וועלכער האט זאגאר אין דער לעצטער מינוט געזוכט איהר איינציגען געליעבטען צו פערגיפטען. יא, זיא מוז פון איהם נעהמען ראכע, א פירכטערליכע, גרויזאמע ראכע, וועלכע וועט איהם מארטערען מיט דיא שרעקליכסטע יסורים ביז זיין לעצטען מאמענט.

דיא קייזערין האט א וואונק געטהאן און ארלאוו איז שנעל אויפגעשטאנען. אין איהר מאיעסטעטישע האלטונג און אויף איהר רוהיגען געזיכט איז ניט גע־ווען דאס מינדעסטע צו בעמערקען פון דעם שטורם וואס אין איהר הארצען געהט פאר.

— איהר האט געהערט, קניאז ארלאוו, וועגען וואס דא האנדעלט זיך, האט זיא געזאגט מיט אן ערנסטען טאן. איהר האט מיר געשווארען דיעזע אוים־

נאבע צו ערפילען און איך וויל האפען, אז איהר וועט אייער שבועה ניט ברעכען, דען זאנסט ווייסט איהר דאך וויא שטרענג איך קען אייך דאפיר בעשטראפען.

— ארלאוו, האט זיא וויטער געשפראכען מיט א גנעדיגען טאן, ווען איהר וועט מיך פון מיין פיינדין בעפרייען, דאן וועלען מיר פיליכט וויעדער פריע־דען שליסען. ווער וויים, עס קענען נאך צוריקקומען דיא אמאליגע צייטען, ווען עס זיינען צווישען אונז קיינע מיספערשטענדניסע ניט געווען. דאס איז אלעס וואס איך קען אייך פארלויפיג זאגען.

ארלאוו איז אנגעצונדען געווארען פון דיעזע ווערטער. ער האט זיך שוין פארגעשטעלט וויא עס וועט באלד פאר איהם וויעדערקעהרען דער מאמענט ווען ער וועט האלטען דיא גאנצע רעגיערונגס־מאכט אין זיינע אייזערנע הענד און דאצו וועט נאך ערפילט ווערען זיין הייסעסטער וואונש צו בעזיצען דיא שעהנ־סטע און דיא מעכטיגסטע פרוי פון דער גאנצער וועלט.

טראץ זיין שלויען כאראקטער איז ער יעצט אין גאנצען צומישט געווארען. ער האט ווירקליך געגלויבט, אז דיעזע שטאלצע פרוי, וועלכע ער האט אזוי פיעל בעליידיגט, וועט איהם פערצייהען. ער האט געגלויבט, אז דיעזע ליעבענ־דע פרוי וועט איהם פערגעבען דעם מערדערליכען אנפאל אויף דעם מאן, צו וועלכען איהר גאנצע זעעלע געהערט. ער האט גערענקט, אז קאטהערינא איז ביי איהם געקומען זוכען שוץ און דאס אליין איז א בעוויז, אז זיא אנערקענט נור איהם אלס דעם איינציגען מאן, מיט וועלכען זיא קען און דארף זיך פער־בינדען.

— מאיעסטעט, האט ער אויסגערופען, ווען בעפעהלט איהר, אז איך זאל אברייזען נאך וועגעדיג?

— איך וועל נאך היינט געבען דיא נויטהיגע בעפעהלע, אז א קליינע פלא־טע זאל דיא נעכסטע טעג שטעהן בערייט אבצופאהרען פון קראנשטאדט. דאן זאלט איהר איבערנעהמען דיא קאמאנדע און וואס שנעלער קומען נאך וועגעדיג. דאס איז איבערהויפט וויכטיג, דען דיא פרעטענדענטין געווינט יעדען טאג מעהר איינפלוס און מעהר פערבינדונגען. אם בעסטען וואלט געווען, ווען איהר זאלט קענען דיא בעטריגערין ברענגען אהער לעבעדיג, דאן וואלטען מיר גע־קענט ערפאהרען ווער עס האט זיא געשטיצט און ווער עס האט זיא פערזארגט מיט רייכע מיטלען, דען, וויא איך האב געהערט, פיהרט דיא פאלשע גרעפין פאן פינעבערג אין ווענעדיג א גרויסארטיגע הויז, זיא גיט דארט אפט גלענ־צענדע בעלער, געלד פעהלט איהר קיינמאל ניט, ווען עס זאל זיך זאגאר האנדלען וועגען מיליאנען.

— עס איז קיין צווייפעל, אז דאמיט זיינען פערבונדען דיא פאליאקען, האט ארלאוו נעזאגט, פיליכט איז אויך דיא פראנצויזישע רעגיערונג אין דיעזער אינ־

טריגע, דען טראָץ דיא גזמסקיים, וועלכע אייער מאיעסטעט האָבען אימער געצייגט צו פראנקרייך, זיינען זיי דאָרט אימער געוועזען צו אייך פאַלש.

— דאָס ווייס איך און איך האָב ווירקליך געדארפט פאָלגען אייער ראטה, ווען איהר האָט מיר שוין לאנג געזאָגט, אז איך זאָל דיא פראנצויזען ניט טרויען. דאָך לעבט וואָהל. אייער קייזערין האָט בעזוכט אייער הויז און דאָס וועט אייך דיענען אלס א צייכען פון דאנק.

א קורצע צייט שפּעטער איז זיא מיט דער זעלבער דראַזשקע צוריקגעקומען אין ווינטער פּאלאסט וואו קיינער האָט ניט בעמערקט איהר אָבוועזענהייט און באלד איז זיא שוין געוועזען אין צימער ביי איהר ליעבלינג פּאָטעמקין.

## 36טער קאפּיטעל

## אין וועגעדיג.

וועגעדיג, דיא שעהנע, בעריהמטע קאנאלען־שטאָדט, איז וועהרענד דיא גאנצע צייט פון מיטעל־אלטער געוועזען דיא רייכסטע שטאָדט פון גאנץ אייראָפּא. זיא איז געוועזען בעקאנט אלס דיא הערשערין פון אלע ימים, מיט א גרויסע האנדעלס־פלאָטע, הויך ענטוויקעלטע אינדוסטריע און אלס גלאנצפאלער מי־טעלפונקט פון קונסט און וויסענשאפט. דיא שטאָדט און דיא פּראָווינץ וואָס האָט געהערט צו איהר איז געוועזען רעגיערט פון א דאָזש, דאָס הייסט א פירסט, און א סענאט.

צו דער צייט ווען קאטהערינא איז געוועזען קייזערין פון רוסלאנד האָט ווע־נעדיג שוין געהאט פיעל פערלאָרען פון איהר אמאָליגע מאכט, אָבער דאָך איז זיא נאָך געוועזען גענוג רייך. נאָך זיינען צו איהרע האפענס געפאָהרען דיא שטאָלצעסטע שיפען פון אלע לענדער און דאָס גרעסטע טהייל פון דיא ארים־טאָקראטישע און געבילדעטע וועלט פלעגט אהין פאָהרען איהרע שעהנהייטען צו בעוואונדערען.

אין דער לעצטער צייט האָט אין דיעזע הויכע וועגעציאנער געזעלשאפט געשפּיעלט א וויכטיגע ראָלע דיא גרעפין פאָן פינעבערג, טראָץ דעם וואָס זיא איז אין גאנצען געוועזען א מיידעל נור פון א 20 יאָהר און דאצו נאָך אן אויסלענ־דערין. דאָך איהר בעריהמטע שעהנהייט און איהרע פּאָליטישע בעציהונגען מיט געוויסע רעגיערענדע הויפען האָבען איהר פערשאפט א צוטריט אין דיא גרעסטע פּאלאסטען פון וועגעדיג. זיא זעלבסט האָט געוואָהנט אין דעם שעה־נעם פּאלאסט טירענטינא וואו זיא פלעגט עמפּפאנגען פארנעהמע געסט, געגעבען בעלער און געפיהרט א לעבען פון דעם רייכסטען לוקסוס.

זעלבספערשטענדליך האָבען זיך געפונען פיעלע בעריהמטע קאוואליערען וואָס זיינען געוועזען שטארק פערליעבט אין דער שעהנער גרעפין. אייניגע פון זיי האָבען זיך זאָגאר צוליעב איהר רואינירט און שליסליך בענאנגען זעלבסטמאָרד.

דאָך האָט דאָס אַלעס איהר נאָמען ניט געשאַדעט. דען קיינער האָט ניט גע־קענט בעווייזען, אז דאָס זאָל זיין איהר שולד אָדער אז זיא זאָל האָבען פון אירגענד יעמאַנדען אָנגענומען אָדער געפאָדערט אירגענד וועלכע פרעזענטען.

צווישען דיעזע פערליעבטע איז אויך געוועזן דער זוהן פון דעם פירסט פראַנצעסקא ארמידארע, א יונגער מאַן, פון איינינגע און צוואַנציג יאָהר, זעהר שעהן און פעסט געבילדעט. ער האָט זאָגאר איינינגע מאָל געמאַכט אַן אַנטראָג דער יונגער גרעפין מיט איהר צו הייראטהען. דאָך פלעגט זיא מיט איהם נור קאָקעטירען און האָט אויך זיין פאָרשלאָג ניט צוגעשטימט.

וועגען דיעזע אַנגעלעגענהייטען איז ענדליך פאָרגעקומען א געשפּרעך צווי־שען פראַנצעסקאָ ארמידארע און זיין פאָטער דעם פירסט, אַן אַלטער מאַן מיט א קלוגען, ערנסטען געזיכט, פון עהרווירדיגען אויסזעהן. דער יונגער מאַן איז געזעסען פערצווייפעלט און ברוגז, דען דער פאָטער האָט איהם יעצט פאָרגעהאַלטען, אז אין גאַנץ וועגעדיג רעדט מען שוין וועגען זיינע בעציהונגען צו דער גרעפין פאָן פינעבערג.

— דו ווייסט, מיין זוהן, האָט געזאָגט דער אַלטער מיט אַן ערנסטען טאָן, אז מיר דאַרפען איבערהויפּט היטען דעם נאָמען פון אונזער פאַמיליע און דיא הויכע עהרע פון מיין פירסטליכע שטעלונג.

— פאָטער! האָט פראַנצעסקאָ אויסגערופען, דיא עהרע פון אונזער פאַ־מיליע וועט געוויס ניט ליידען דורך מיין פערבינדונג מיט דער גרעפין.

— ווייסט דו דאָס אַזוי געוויס, מיין זוהן? ביזט דו פאָלשטענדיג איבער־צייגט, אז דער אדעל פון איהר אבשטאַמונג איז גלייך צו אונזערען און אז דער כאַראַקטער פון דיעזען מעדכען איז גוט?

— איך וויל ניט הערען א קריטיק איבער איהר כאַראַקטער! האָט איהם דער יונגער מענש אונטערבראָכען. וויא דיא קלאָרע זון אין בלויען הימעל, אַזוי שעהן און ליכטיג איז איהר זעעלע. אָה, מיין פאָטער, ווען איהר וואָלט נור וועלען אַליין זיך איבערצייגען, ווען איהר וואָלט נור איין מאָל צוזאַמען מיט מיר בעזוכען דעם פאַלאַסט טריענטינא, וואָלט איהר דאַן איינגעזעהן וויא פאָל־קאָמען רעכט איך האָב.

„קלאַריסא זעלבסט האָט מיר שוין איינינגע מאָל געזאָגט, אז איהר הערצ־ליכסטער וואונש איז דעם פירסט פון וועגעדיג אין איהר הויז צו זעהן. זיא וואונדערט זיך זאָגאר ווארום איהר האָט איהר נאָך קיין וויזיט אָבגעשטאַטעט, וועהרענד דיא עדעלסטע און דיא העכסטע מענער פון אונזער שטאָדט פערקעהרען דאָך אין איהר הויז.

— מיין זוהן, האָט געענטפערט דער פירסט גלעטענדיג זיין גרויען באָרד, איך בין 63 יאָהר אַלט געוואָרען און האָב אין מיין לעבען זעהר פיעל ערפאַהרען. מיין קלאָרער בליק קען אַזוי לייכט ניט אָפּגענאַרט ווערען. דארום איז מיין פּוס

ניט געקומען אויף דער שוועל פון פאלאסט טריענטינא, דארום מייד איך אויס די גרעפין און געזעלשאפט צו בעגעגענען.

— איך זעה נאך אבער קיינע אורזאכע דאצו, מיין פאטער.

— קיין אורזאכע? עס איז גענוג ווען איך וועל דיר זאגען, אז איך קען ניט האבען קיין צוטרויען צו אירגענד א פערזאן וואס איז פערקליידעט מיט געהיימ־ניס און שטעלט מיט זיך פאר א לעבעדיגע רעטעניס.

— און דאס איז די גרעפין פאן פינעבערג?

— יא, דאס איז זיא. אדער ווייסט דו פילייכט בעשטימט פון וואנען און צוליעב וואס זיא איז געקומען נאך ווענעדיג? קענסט דו ערקלערען פון וואנען זיא נעהמט די רייכע געלד־מיטלען צו א פירסטליכען לעבען? איז דיר בע־קאנט, ליעבער פראנצעסקא, ווארום אין איהר פאלאסט געפינט זיך ניט איהרער א פאטער, א ברודער אדער זאנסט א פערוואנדטער? א מערדכען וואס רייזט ארום איינע אליין איבער דער וועלט קען ביי מיר קיין אכטונג האבען.

— אבער, פאטער, קענט איהר דען גלויבען, אז דיעזע גרעפין זאל זיין א בעטריגערין? איהר ווייסט דאך, אז דער ענגלישער און דער פראנצויזישער גע־זאנדטער פערקעהרען אין איהר פאלאסט, פראטעזשירען זיא ביי יעדען צופאל און אנערקענען דאמיט איהר בעהויפטונג, אז זיא שטאמט ארויס פון דעם רו־סישען הויז ראמאנאוו.

— איך האב שוין געהערט פון דיעזע לעגענדע, האט דער אלטער געענט־פערט נאכדענקענדיג. מען זאגט, אז זיא איז א טאכטער פון דער פערשטאר־בענער צארינא עליזאבעט און אלס קינד איז זיא ארויסגעשטויסען געווארען אין דער וועלט. דאס איז גראדע זעהר אונגלויבליך. רוסישע פרינצעסינס טרייבען זיך ניט ארום אין דער וועלט. ענטוועדער זיי וואהנען אין א פאלאסט אין פע־טערבורג אדער מען בעגראבט זיי ערגיץ אין א קלויסטער.

— יעדענפאלס, מיין זוהן, דארפסט דו וויסען, אז איך וועל ניעמאלס אנ־נעהמען די גרעפין פון פינעבערג אלס מיין שוויעגער־טאכטער. איך וויים, אז דיין הארץ ברענט מיט ליעבע צו איהר, אבער איך וויים אויך, אז דו ביזט אימער געווען א גוטער, געהארכזאמער זוהן. דו וועסט מיר געוויס ניט אנטהאן אזא שאנדע אריינצופיהרען אין דעם פירסטליכען פאלאסט פון ווענעדיג אן ארומטרייבערין. פאלג מיך, מיין זוהן! דו ווייסט, אז קיינער איז דיר ניט אזא גוטער פריינד וויא דיין פאטער.

דער אלטער האט גערייכט זיין זוהן די האנד און איז ארויסגעגאנגען. פראנצעסקא איז א ווייל געזעסען אין גרוים אויפרעגונג און דאן איז ער ענט־שלאסען אויפגעשטאנען און איז אויך ארוים פון פאלאסט.

ער איז אריבער דעם מארקוס־פלאץ און אראב די טרעפ גלייך צום קאנאל וואו עס איז געשטאנען א שיפעל, אין וועלכע עס איז געלעגען אויסגעשטרעקט

א שלאנקער יונגער שיפער, אָדער וויא מען רופט עס אין ווענעדיג, גאָנדאָליערי. זייעזער איז אין דער גאנצער שטאָדט געוועזן בעוואוסט אלס גרעגאָר דערווילדער גאָנדאָליערי. אלס גוטער קאמעראד איז ער געוועזן בעליעבט ביי אלע זיינע בעקאנטע, דאָך איז געווען געפעהרליך איהם אריינצוברענגען אין כעס אָדער מיט עפּעס א וואָרט צו בעליידיגען, דען ביי אזא צופאל וואָלט דער בעליידיגער איינפאך ניט זיכער געווען מיט זיין לעבען.

פראנצעסקאָ, דער פירסטליכער זוהן, האָט דיעזען גרעגאָר געקענט נאָך פון דער צייט ווען זיי זיינען ביידע געווען קינדער און טראָץ זייער גרויסען געזעלשאפטליכען אונטערשיעד האָט צווישען זיי דאָך עקזיסטירט א פריינדשאפט. גרעגאָר פלעגט אימער בעוויזען הערצליכע טרייהייט צו דעם פירסטען־זוהן און דיעזער לעצטער פלעגט איהם אימער בעהאנדלען גנעדיג און פריינדליך.

— עה, גרעגאָר! האָט פראנצעסקאָ אויסגערופען צוגעהענדיג צו שיפעל, וואָס ליעגסט דו אזוי פער'חלום'ט קוקענדיג אויף'ן הימעל? איך קען דיך פערזיכערען, אז דו וועסט קיין שטערנזעהער ניט ווערען.

גרעגאָר איז אויפגעשפּרונגען און מיט א רעספּעקטפולע בעגריסונג האָט ער געפרעגט דעם פירסטען־זוהן:

— וואוהין ווילט איהר פאָהרען, סיניאָר פראנצעסקאָ?

— און דו פרעגסט נאָך? דו ווייסט ניט וואו איך פאָהר אימער? נאטירליך נאָך דעם פּאלאסט טריענטינא, דאָרט וואו עס וואָהנט דיא שעהנסטע פרוי פון דער וועלט.

דיא אויגען פון דעם יונגען שיפער האָבען מאָדנע אויפגעבליצט. אָבער פראנצעסקאָ האָט עס ניט בעמערקט. ווען ער האָט זיך אריינגעזעצט אין שיפעל, האָט גרעגאָר גלייך אָנגעפאנגען מיט א קרעפטיגע האנד צו רודערען און דיא עלעגאנטע שיפעל איז געפלויגען וויא א פייל פון בויגען איבער דיא רוהיגע וואסערען פון קאנאל.

— גרעגאָר, האָט זיך פראנצעסקאָ אָבגערופען, איך בעמערק אויף דיר דיא לעצטע צייטען, אז דו ביסט זעהר טרויעריג. היינט ביי נאכט האָב איך זיצענדיג ביי'ם פענסטער פון מיין צימער געהערט וויא דו זינגסט ליגענדיג אין שיפעל אזא מעלאנכאָלישע ליעד, אז עס האָט מיר מיין הארץ שרעקליך ערגריפען. וואָס איז דיא אורזאכע? ביסט דו פיליכט פערליעבט?

— יא, אָבער מיין ליעבע איז האָפנונגסלאָז, איך וועל קיינמאָל ניט בעזיצען דיא יעניגע וועלכע איך ליעב, און דאריבער ביך איך זעהר אונגליקליך.

— און איך האָב גערעכענט, אז דו ביסט אן ענערגישער, מוטהיגער מענש, נור מוטה און קוראזש פאָדערט זיך ביי אזעלכע זאכען. ערקלער זיך אָפען פאר דער יעניגער וועמען דו ליעבסט און איך בין זיכער, אז זיא וועט דיין ערקלערונג ניט צוריקווייזען.

— איך דענק, איך וועל טאקי אזוי טהאָן, האָט ער געענטפערט מיט א זיפץ.

— גרעגאָר, האָט פראנצעסקאָ אויסגערופען נאָכדעם וויא ער האָט א פּאָר סעקונדען געקוקט גרעגאָר'ען גלייך אין דיא אויגען. גרעגאָר, ווען דו האָסט מיר פערטרויעט דיין געהיימנים, וועל איך דיר אויך מיין געהיימנים ערקלערען. מיין ניט, אז נור דו האָסט א פּעקעל צרות, יעדער איינער טראָגט זיך ארום מיט א פּעקעל און איך האָב אויך א היבשע פּעקעל צרות. איך ליעב אויך. מיין הארץ ברענט מיט א העלישען פייער און מיט שרעקליכע ליידענשאפט און דו ווייסט וואהרשיינליך צו וועמען. דו ווייסט ווער דיא "זיא" איז.

— געוויס, סיניאָר! איהר ליעבט דיא רוסישע גרעפין.

— יא. איך וויים, אז דו האָסט עס בעמערקט ווען מיר פּאָהרען ביידע שפּאציערען אויף דיין שיפעל איבער'ן מעער. דו מוזט צוגעבען, אז קיין שעה־נערע פרויענצימער פון איהר איז אויף דער וועלט ניטאָ. היינט וועסט דו אונז ווידער פיהרען שפּאציערען און דו וועסט הערען וויא מיר וועלען זיך אין אונזער ליעבע ערקלערען. איך האָב בעשלאָסען, אז היינט מוז זיין דיא לעצטע קאָמע־דיע, אהער אָדער אהין.

גרעגאָר איז אויפגעשפּרונגען א פערציטערטער און האָט אָנגעהויבען רע־דען צו זיך אליין וויא א משוגענער.

— וואָס איז מיט דיר, גרעגאָר? האָט פראנצעסקאָ געפרעגט. וואָס ביסט דו אזוי אויפגעקאָכט געוואָרען?

— גאָר נישט, גאָר נישט! האָט גרעגאָר געשטאמעלט, איך וויים אליין ניט וואָס מיט מיר איז.

פראנצעסקאָ האָט איהם בעטראכט עטוואָס אונרוהיג, אָבער ער האָט קיין צייט ניט געהאט מעהר דאריבער צו דענקען יעצט, ווייל אין זעלבען מאָמענט איז דיא שיפעל אָנגעקומען צו דיא טרעפּ פון פּאלאסט טריענטינא.

פראנצעסקאָ איז שנעל ארויס פון שיפעל און איז האסטיג אויף דיא טרעפּ געלאָפען.

— איז דיא גרעפין צו הויז? האָט ער געפרעגט ביי'ם טיהר־וועכטער וואָס האָט זיך פאר איהם פערנייגט מיט גרויס רעספּעקט.

— יא, מיין הערר, איך גלויב, אז זיא איז יעצט אויף'ן באלקאָן.

פראנצעסקאָ איז געגאנגען דורך'ן רייך־פערפּוצטען קאָרידאָר וואָס האָט געפיהרט צו א פּראכטפאָלען ווענעציאנישען גארטען פול מיט גרויסע אליוווען־בוימער, ראָזען־וועלדלעך און צווישען דיעזע בלומען און בוימער האָבען זיך געזעהן ווייסע, קונסטפאָלע אלאבאסטער בילדער — דאָס אלעס האָט פאָרגע־שטעלט א מערקווירדיג שעהנעס בילד.

אָבער נאָך שעהנער פון אלעס איז געווען דיא שעהנע מיידעל, וועלכע איז יעצט געליגען דרעמלענדיג אין א וואקעל־שטוהל. זיא האָט געטראָגען א לאנגע

קלייד פון ווייסע בינעזישע זייד, בעפוצט מיט דיא רייכסטע טהייערסטע ליים. איהרע אויגען זיינען געווען געשלאָסען און איהר געזיכט האט געשיינט וויא דער ליכטיגער מאָרגענשטערן.

א קורצע צייט איז פראנצעסקאַ געשטאנען און האט בעטראכט און בעוואונדערט איהר ליעבליכע, געטליכע שעהנהייט. באלד אָבער האט ער זיך אָנגענומען מיט קוראזש און צוגעהענדיג צו איהר אויף דיא שפּיץ פינגער, האט ער זיא א געשמאקען קוש געטהאָן אין איהרע שעהנע ראָזע־ליפּען. דיא גרעפין האט זיך אויפגעכאפּט און האט זיך ארומגעקוקט מיט פערוואונדערטע בליקען. אָבער זיא איז געווען קלוג גענוג ניט צו צייגען, אז זיא האט געפיהלט דעם קוש. זיא האט איהם פריינדליך דיא האנד אויסגעשטרעקט און האט אויסגערופען מיט א לוסטיגען, אָבער אונשולדיגען טאָן:

— אָה, פיין וואָס איהר זיינט יעצט געקומען, מיין ליעבער פריינד. דער טאָג איז היינט אזוי שעהן און איך וויל אויספאָהרען שפּאציערען אביסעל אויף׳ן מעער. ווילט איהר מיט מיר פאָהרען? זאָל איך מיין שיפעל בעשטעלען?

— איך בין זעהר שטאָלץ אויף אייער איינלאדונג, גרעפין, און איך וועל זיך שעצען גליקליך, ווען איהר וועט נעהמען פּלאַץ אויף מיין שיפעל, אויף וועלכע איך בין יעצט אהער געקומען. דאָרט געפינט זיך אויך מיין גאָנדעליערי, דער שעהנסטער ווענעציאנער וואָס עס איז ווייט און ברייט זיין גלייכען ניט צו געפינען.

— דער שיפער גרעגאָר איז אייער גאָנדאָליערי? האט זיא געפרעגט מיט א זאָנדערבארע אינטערעסע. איך האָב פון דיעזען זעלטענעם מענשען געהערט און האָב איהם זאָגאר א פּאָר מאָל געזעהן.

— אלזאָ, גרעפין, ווילט איהר מיך בעגלייטען צו מיין שיפעל?

— באלד וועל איך זיין פערטיג. איך וויל פריהער אָנזאָגען מיין הויזמייסטער, אז ווען דער פראנצויזישער געזאנדטער וועט אונטערדעסען קומען זאָל ער ווארטען. איך מוז אויך מיטנעהמען א שירם, אהן וועלכען מען קען דאָך אין אייער ווענעדיג ניט ארויסגעהן אויב מען וויל ניט אָפּגעבראָטען ווערען פון דער זון.

מיט דיעזע ווערטער איז זיא ארייננעגאנגען אין הויז. אייניגע מינוטען נאָכדעם איז זיא ווידער ערשיענען אונטער א ווייסען, זיידענעם שירם און רייכענדיג פראנצעסקאָ דיא האנד זיינען זיי ביידע געגאנגען צום שיפעל.

גרעגאָר׳ס אויגען האָבען אויפגעבליצט, ווען ער האט דערזעהן דיא פּאָר, דאָך האט ער זיך באלד בערוהיגט און איז געבליבען גאנץ רוהיג און געווארט ביז זיי זיינען אריין אין שיפעל און האָבען זיך אוועקגעזעצט. דאן האט ער גענומען דעם רודער אין האנד און איז אָבגעפאָהרען צום מעער.

אויף דיא אויספאָדערונג פון פירסטען־זוהן האט גרעגאָר גענומען זיין

גיטארע און געזונגען מיט זיין וואהל־קלינגענדע שטימע א ליעד, איינע פון יענע וועגעציאנישע פאלקס־ליעדער וועלכע מאכען א טיעפע, ריהרענדע ווירקונג אויף יעדען צוהערער. אויך גרעפין קלאריסא איז העכסט בעגייסטערט געוואָרען, זיא האָט בעטראכט דעם שלאנקען גאַנדאליערי מיט ענטציקטע בליקען און ארויסנעהמענדיג א בייטעל מיט גאָלדשטיקע האָט זיא עס איהם דערלאנגט.

— איך האָב ניט געזונגען פיר בעצאָהלונג, האָט ער געזאָגט מיט אן ערנס־טען טאָן, אייערע גאָלדשטיקע דארף איך ניט און מיט אייער גאנצען רייכטהום קענט איהר מיך ניט מאכען צו זינגען ווען איך וויל ניט.

— וויא שטאָלץ ער איז, האָט געזאָגט קלאריסא וועהרענד איהר שעהנעם געזיכט איז רויט געוואָרען.

גרעגאָר האָט אוועקגעלייגט דיא גיטארע און וויעדער גענומען דעם רודער אין האנד. עס איז ווירקליך צייט געווען ער זאָל עס טהאָן, דען דער ים וואָס איז ביז א מינוט געווען גלאט וויא א שפיגעל האָט יעצט אָנגעפאנגען אונרוהיג צו ווערען. קליינע כוואליעס האָבען אָנגעפאנגען אויפצושטייגען אויף זיין אויבער־פלעכע און אויך אויף דעם הימעל האָבען זיך בעוויזען קלענערע, ווייסע וואָלקענס.

פראנצעסקא האָט אונטערדעסען בעשלאָסען צו בענוצען דיעזען אויספאָה־רען אום דער גרעפין זיין ליעבע צו ערקלערען.

— קלאריסא, האָט ער געשטאמעלט מיט א בעטענדע שטימע, איך מוז אייך ענטדעקען מיין הארץ, וועלכע איז פול מיט ליעבע צו אייך. אָה, שטויסט מיך ניט אָב, דען איך ליעב אייך מיט דיא הייליגסטע און ריינסטע געפיהלען. איהר האָט קיין פאָטער, קיין מוטער, איהר שטעהט אליין אויף דער וועלט, אָבער איך וועל זיין פאר אייך אלעס. זאָגט מיר נור איין וואָרט, אז איהר ווילט זיין מיינע און דאן וועלען מיר זיך פעראייניגען אויף'ן גאנצען לעבען.

קלאריסא האָט איהם וועהרענד דיעזען געשפרעך בעטראכט און אין איהרע אויגען האָט זיך בעוויזען א וועהמוטהיגער אויסדרוק.

— זייט ניט בייז אויף מיר, פראנצעסקא ארמידארע, האָט זיא שליסליך זיך אָבגערופען. איך מוז אייער אנטראג צוריקווייזען. איך קען איהם ניט אָנ־נעהמען. איהר הערט, איך קען ניט.

— און ווארום דען, גרעפין? האָט ער געפרעגט מיט א ציטערענדע שטי־מע. זייט איהר דען ניט פריי? ליעבט איהר אן אנדערען?

— ניין, ניט דאָס איז דיא אורזאכע. דיא הינדערנים בעשטעהט אין דעם וואָס איך האָב א גאנץ אנדער וועג אין לעבען, א בעשטימונג, וועלכע איך מוז דורכפיהרען. אום איהר זאָלט דאָס פערשטעהן, אום איהר זאָלט ניט זיין אין כעס פאר מיין ענטזאגונג מוז איך אייך דערצעהלען דיא געשיכטע פון מיין געבורט.

„איהר האָט וואהרשיינליך געהערט אז איך בין א טאָכטער פון דער רוסי־

שער קייזערין עליזאבעט. זיא איז געוועזן פערלאָבט מיט דעם פרינץ פאָן האָל־שטיין, וועלכען זיא האָט געליעבט פון איהר טיעפסטע זעעלע. אלע פאָרבערייטונגען צו דער האָכצייט זיינען שוין געוועזן פערטיג, אָבער דער פרינץ איז פלוצלונג קראנק געוואָרען און נאָך פאָרלויף פון איניגע טעג געשטאָרבען.

"דער קייזערין'ס פערצווייפלונג איז געוועזן שרעקליך. זיא איז כמעט וואהנזיניג געוואָרען איבער דיעזען אונגליק. צו דער אנדענקונג פון איהר חתן וואָס איז דורך דעם טויט פון איהר אָבגעריסען געוואָרען האָט זיא געלאָזט אויפבויען א פראכט־מאָנומענט, וועלכער איז געשטאנען אין פערבינדונג מיט איהר אייגענעם פאלאסט און יעדע צייט האָט זיא געקענט פון איהר שלאָף־צימער געהן צום מאָנומענט, וואו זיא פלעגט יעדע נאכט פערגיסען הייסע טהרערען ביי דער גלעזערנער טרונע פון איהר געליעבטען.

"יאָהרען זיינען פערבייגעגאנגען און דיא קייזערין האָט זיך נאָך אימער ניט געקענט טרייסטען. איהר הארץ איז פערשטיינערט געוואָרען און אלע בעמיהונגען פון דיא גרעסטע פירסטען איהר ליעבע צו געווינען זיינען געוועזן אומזיסט. קיין איינציגער פון זיי איז ניט געוועזן אזוי שעהן וויא איהר פערשטאָרבענער חתן און זיא פלעגט דורכגעשווידערט ווערען ביי דעם געדאנק, אז צוליעב אזעלכע מענער זאָל זיא ברעכען דיא טרייהייט צו דיא אנדענקונג פון איהר געליעבטען.

"איין פריהלינגס אבענד, ווען דיא צארין איז געזעסען ביי דעם אָפענעם פענסטער פון איהר שלאָף־צימער, הערט זיא וויא מען שפיעלט אין גאס אויף א גיטארע. מען שפיעלט א טרויעריגע, מעלאנכאָלישע מעלאָדיע, וועלכע האָט איהר ערגריפען ביז צום טיעפסטען הערצען. און דאן — דאן האָט א פרישע, מענליכע שטימע אָנגעפאנגען צו זינגען, אזוי זיס, אזוי ריהרענד, אז דיא קייזערין האָט אָנגעפאנגען צו וויינען. עס האָבען זיך געגאָסען הייסע, ביטערע טהרערען פון איהרע אויגען, אָבער דאביי האָט זיא געפיהלט, אז איהר הארץ ווערט אימער לייכטער, אימער רוהיגער.

"אויף איהר בעפעהל האָט מען דעם שטראסען־זינגער אריינגערופען. ער איז געוועזן א הויך־געוואקסענער, שעהנער מאן, מיט לאנגע בלאָנדע לאָקען, מיט דרייסטע, בליצענדע אויגען און א געזיכט וואָס איז עטוואָס אָבגעברענט געוואָרען פון דער זון.

— וויא הייסט דו? האָט איהם דיא קייזערין געפרעגט.

— קיריל ראזומאָווסקי, האָט ער געענטפערט, ניט וויסענדיג, אז דאָס איז דיא קייזערין און אז ער געפינט זיך אין קייזערליכען פאלאסט.

— און פון וואנען שטאמסט דו?

— פון דער אוקראינא, פון א קאָזאקען שטאם.

— און ווארום האָסט דו דיין שעהנעם פאטערלאנד פערלאָזען? איך האָב

געהערט, אז דיא אוקראינא מיט איהרע גרויסע אייכען־וועלדער איז אונפער־גלייכליך און אז דער קאזאק וואס איז דארט געבארען קען ניט ערגיץ אנדערש־וואו גליקליך זיין:

— יא, דאס איז וואהר, דיא אוקראינא איז א וואהרער פאראדיז, דאך דיא נויט, דיא ביטערע נויט טרייבט אויך פון פאראדיז ארויס און מען קען דארט ניט פערבלייבען וואו עס איז ניטא וואס צו עסען.

— שרעקליך! האט עליזאבעט אויסגערופען, איז דאס מעגליך, אז אין רוסלאנד געפינען זיך מענשען וואס שטארבען פון הונגער?

— יא, עס הונגערען פיעלע מענשען אין רוסלאנד, אבער אונזער קייזערין, זאל לאנג לעבען, ווייס דאפון ניט, איהרע הויפלייטע און בעאמטע זארגען שוין דאפיר, אז אזעלכע נאכריכטען זאלען צו איהר ניט קומען; דארום איז זיא ווייט פון פאלק, דארום איז זיא פרעמד פון פאלק.

"דיא קייזערין האט איהר קאפ ארונטערגעלאזען און זיך פערטראכט. ענדליך, נאך א לענגערע פויזע, האט זיא צו איהם געזאגט:

— איהר האט דא א זאנדערבארען מוזיק־אינסטרומענט, איך האב ניעמאלס אזעלכע געזעהן.

— יא, האט דער קאזאק געענטפערט, דאס איז א גיטארע, עס ווערט גע־ברויכט ביי אונז אין דער אוקראינא און אין אונזער פאמיליע איבערהויפט האבען מיר אלע פערשטאנען זעהר גוט אויף איהר צו שפיעלען. ווען איך האב געזעהן, אז מיין מוטער און מיין שוועסטער ליידען הונגער האב איך גענומען דיא גיטארע אונטער'ן ארעם און בין ארויס אין דער ווייטער וועלט און, צו דאנקען גאט, איז עס מיר ביז יעצט געלונגען אזוי פיעל צו פערדיענען און צו שיקען נאך הויז, אז זיי זאלען דארט קיין נויט ניט דארפען ליידען.

"א גאנצע נאכט איז קיריל ראזומאווסקי געבליבען ביי דער קייזערין אין צימער שפיעלענדיג און זינגענדיג זיינע ליעדער. קיינער ווייס ניט וואס אין דיעזער נאכט איז געשעהן, נור דער סוף איז געווען, אז ער האט שוין מעהר דעם קייזערליכען פאלאסט ניט פערלאזען. דאס גאנצע לאנד איז העכסט ערשטוינט געווארען, ווען מען האט ערפאהרען, אז דיא קייזערין האט זיך פערליעבט אין א פראסטען קאזאק, וועלכער איז באלד געווארען דער ווירקליכער הערשער פון רוסלאנד.

"צוויי יאהר שפעטער איז דיא קייזערין שוואנגער געווארען און אום דאס צוקינפטיגע קינד זאל זיין א געזעצליכעס האט זיא מיט דעם קאזאק אין געהיים חתונה געהאט. אייניגע מאנאטען שפעטער איז מיין ברודער געבארען געווארען און נאך א יאהר שפעטער בין איך געקומען אויף דער וועלט.

"נאטירליך האט מען אונז קינדער געהאלטען אין דער גרעסטער פערבאר־גענהייט, דען דיא קייזערין האט דורכאויס געוואלט, אז דיא וועלט זאל דערפון

ניט וויסען און מען זאל זיא האלטען פאר א מיידעל. מיר האבען זיך ערצויגען ביי אן אלטען קאמערדיענער, א געוויסען מארטיניץ, און זיין פרוי האט אונז ערצויגען וויא א ליעבליכע מוטער.

— אה, וואס איז דאס? האט פראנצעסקא אונטערבראכען דיא ערצעהלונג פון זיין געליעבטע, דער ים איז געווארען אזוי אונרוהיג און דיא וועללען ווערען אימער גרעסער. דארפען מיר ערווארטען א שטורם, גרעגאר?

— דאס איז גאר ניט, האט געענטפערט דער גאנדאליערי מיט א גרויזאמען שמייכעל. זייט רוהיג, סיניאר, דיעזער לייכטער ווינד וועט באלד פערביינגעהן.

— איך פערטרויע אייך פאלקאמען, האט זיך אבגערופען קלאריסא. וואהרשיינליך ווייסט איהר דאך בעסער אז מיר זיינען ניט אין געפאהר, דען גראדע יעצט וואלט איך ניט וועלען פערליערען מיין לעבען, ווען עס שטעהט מיר פאר צו ערגרייכען אן ערהאבענעם ציעל.

— איך ווינש פון גאנצען הארצען איהר זאלט דיעזען ציעל אם בעסטען ערגרייכען, האט געזאגט פראנצעסקא בעגייסטערט.

— ווילט איהר ווייטער הערען מיין לעבענס-געשיכטע? האט זיא געפרעגט נאך א קורצע פויזע.

— אה, געוויס, דערצעהלט! איך הער מיט דיא גרעסטע אינטערעסע.

— ווען איך בין אלט געווארען פיער יאהר, האט זיא ווייטער דערצעהלט, האט מיין גובערנאנטין, דיא פרוי מארטיניץ, מיך אוועקגעפיהרט פון פעטערבורג. איינגע טעג האט געדויערט אונזער רייזע אין א געשלאסענעם וואגען ביז מיר זיינען ענדליך געקומען אין דער פרייסישער גרענעץ-שטעדטעל איידקוהנען. דארט זיינען מיר געשטאנען איינגע טעג און איינמאל אין א שעהנעם פריהמארגען איז געקומען א הויך-געוואקסענער מאן אין א מיליטערישען מאנטעל און האט געצייגט א דאקומענט, אז ער איז גראף פינעבערג און אז פון פעטערבורג האט ער ערהאלטען אן אינסטרוקציאן מען זאל מיך איבערגעבען צו איהם, ער זאל אכטונג געבען אויף מיין ערציהונג, ער זאל מיך אדאפטירען אלס זיין אייגענע טאכטער און אנשטאט וואס מיין נאמען איז געווען נאטאליא זאל איך פון יעצט אן הייסען קלאריסא פאן-פינעבערג.

„מיט טהרערען אין דיא אויגען האט דיא גוטע מארטיניץ, מיין צווייטע מוטער זיך מיט מיר געשיידט און האט מיך איבערגעגעבען צו דיעזען מאן. מיט טהרערען אין דיא אויגען האט זיא געבעטען מען זאל מיך גוט בעהאנדלען, וויל זיין בייזע מינע און זיין פינסטערע געזיכט האט אויף איהר געמאכט א שרעקליכען איינדרוק. אלעס וואס ער האט איהר געענטפערט אויף איהר געבעט איז, אז זיא דארף ערפילען דיא אינסטרוקציאן און קיין איבעריג ווארט ניט רעדען, עס איז ניט איהר עסק.

„נאך א ריהרענדען אבשיעד פון מיין ערציהערין האב איך געמוזט נאכגעהן

דיעזען מאן, וועלכער האָט מיך אין אן עקיפאזש אוועקגעפיהרט אויף זיין לאנדגוט, א קליינע אימעניע ניט ווייט פון בערלין. דיעזער גראף פינעבערג האָט געהאט א פרוי וואָס איז אמאָל געווען א הויפדאמע ביי דער קייזערין עליזאבעט און דאָס איז וואהרשיינליך דיא אורזאכע ווארום מען האָט מיך צו איהר איבערגעגעבען.

”גראף פינעבערג האָט בעקומען פאר מיין ערציהונג צוויי הונדערט טויזענד רובעל און דאָס האָט איהם געראטעוועט פון א מיאוס'ען באנקראָט. עס האָט געהאלטען דאביי, אז מען זאָל איהם זיין אימעניע פערקויפען פאר דיא שולדען וואָס ער האָט געמאכט, ווייל ער איז געווען א גרויסער פערשווענדער. אָבער דערמיט האָט ער זיך נאָך ניט בענוגענט. ביי'ם הויף אין פעטערבורג איז געווען א רייכע, מעכטיגע פארטיי וואָס האָט אָנגעווענדעט אלע מעגליכע אינטריגעס, אז פון דער קייזערין עליזאבעט זאָל קיין קינדער ניט בלייבען, ווייל דאָס וואָלט געווען א שטערונג צו זייערע פלענער. פינעבערג איז געווען איינער פון דיעזער פארטיי און ער האָט מיט זיי אָבגעמאכט, אז ווען זיי וועלען איהם געבען א פיערטעל מיליאָן רובעל וועט ער מיך אזוי ערציהען, אז איך זאָל דיא קינדער־יאָהרען ניט איבערלעבען.

”צו מיין גליק איז אָבער דיא גרעפין פאָן פינעבערג געווען א נאָבעלע, גוטהערציגע נשמה און זיא האָט מיך ליעב געקראָגען וויא אן אייגענע מאמע, ווייל קיין אייגענע קינדער האָט זיא ניט געהאט. פון איהר מאן האָט זיא געליטען גרויסע צרות. ער האָט אין גאנצען איהר פערמעגען אויסגעבראכט, פערשפיעלט אין קאָרטען און פערשארלאטאנעוועט אויף פערדאָרבענע, אויסגעלאסענע פרויען. דיא נאָבעלע גרעפין פלעגט פון איהם אָפט ארייננכאפען שווערע קלעפ. פון זידלען איז קיין רעדע ניט, ער פלעגט זיא אויף יעדען טריט און שריט בעלייריגען, אזוי אז דאָס לעבען איז איהר נמאס ומאוס געוואָרען. זיא האָט אָבער דאָס אלעס אריבערגעטראָגען געדולדיג און האָט ניט געוואָלט מאכען קיין סקאנדאלען, ווייל זיא איז געווען אן אנשטענדיגע פרוי און האָט געדענקט, אז מסתמא איז איהר אזוי בעשערט. זיא האָט דאריבער געליטען און געשוויגען.

”עס איז נאָך געווען א שטיקעל גליק וואָס דיעזער אויסגעלאסענער גראף האָט זיך אין הויז ניט געהאלטען. אין דיא נעכסטע פיער יאָהר האָבען מיר איהם גאנץ ווועניג געזעהן. מעהרסטענטהיילס האָט ער זיין שענדליכען לעבען פערבראכט אין בערלין און דאָרט האָט ער גע'פטר'ט דאָס גאנצע געלד וואָס ער האָט גענומען פאר מיין ערציהונג און פאר דעם, ער זאָל מיך פון דער וועלט אוועק'פטר'ען. אין דער צייט וואָס ער האָט געשארלאטאנעוועט אין בערלין, האָט דערווייל דיא גוטע גרעפין מיך געלערענט דייטש, רוסיש, פראנצויזיש און זאָגאר ענגליש, ווייל זיא איז געווען א העכסט געבילדעטע דאמע.

”ענדליך איז דיעזע רוהיגע צייט פערבייגעגאנגען. גראף פאָן פינעבערג איז

געקומען צוריק פון בערלין אבסאָלוט רואינירט, אָהן א פּפעניג געלד. דיא נאָבעלע גרעפין האָט געארבייט וויא א שקלאַפין אום דיא ווירטהשאפט וויא עס איז אויפצוהאַלטען. אָבער דיא חובות וואָס איהר מאַן האָט ווידער געמאכט זיינען געווען אזוי גרויס, אז עס איז אונמעגליך געווען מעהר דעם גרויסען אונגליק אויסצומיידען און אין דריי יאָהר ארום איז דיא אימעניע פערקויפט געוואָרען פער אָקשען און איך מיט דער גרעפין האָבען זיך געמוזט בעזעצען אין א קליינע בויערן־הייזעל.

"אָבער איהר טיראַנישער מאַן האָט נאָך אלץ ניט אויפגעהערט זיא צו פּייניגען. דיא גרעפין האָט איינפאך גענומען ארבייטען אום דיא הוצאה צו פערדיענען. זיא פלעגט מאכען פערשיעדענע איבערזעצונגען פיר ארויסגעבער און מיר וואָלטען דערפון געקענט מאכען אן אנשטענדיגען לעבען, אָבער איהר מאַן פלעגט ביי איהר אוועקנעהמען וואו זיא האָט געהאט א פּפעניג און עס פערטרינקען אין שענק. און ווען ער פלעגט קומען אהיים א שיכור'ער פלעגט ער הרג'ענען־שלאָגען מיך און זיין פרוי. מיר האָבען געמוזט אנטלויפען פון הויז.

"דער טיראַנישער פינעבערג האָט אין דער זעלבער צייט אָנגעווענדעט אלע מעגליכקייטען מיך אומצוברענגען, אָבער וויא איהם אויף צו להכעיס האָב איך גראדע געלעבט און בין פון יאָהר צו יאָהר שעהנער און געזונדטער געוואָרען. דיא גוטע גרעפין האָט מיך וויא א גוטער מלאך אונטער איהרע פליגעל בעשיצט.

"ענדליך האָט מיך געטראָפען דער גרעסטער אונגליק פון מיינע יוגענדיאָהרען. דיא גרעפין איז שוין זייט א לענגערע צייט געוואָרען קרענקליך. דער דאָקטאָר וואָס האָט זיא אטענדעט האָט מיר געזאָגט, אז זיא ליידעט פון אויסצעהרונג און אז זיא וועט לאנג ניט קענען לעבען, אויב מען וועט זיא זאָפאָרט ניט אבשיקען אין א ווארימען קלימאט. דערצו דארף מען האָבען געלד און וואו נעהמט מען עס?

"מיר איז איינגעפאלען א אידעע איך זאָל שרייבען צו דער קייזערין.

"איך האָב עס שוין פריהער איינינגע מאָל געטהאָן, ווייל פון דער גרעפין האָב איך געוואוסט, אז דיא קייזערין איז מיין מוטער, אָבער גראף פינעבערג האָט מיך ניט דערלאָזט. ער האָט מיר גאנץ איינפאך געזאָגט, אז אויב איך וועל עס טהאָן וועט ער מיך שיסען וויא מען שיסט א משוגענעם הונד. איך האָב מורא געהאט און האָב דאריבער ניט געשריבען. יעצט אָבער ווען עס האָט זיך געהאנדעלט וועגען לעבען פון מיין געליעבטע צווייטע מוטער האָב איך אויף קיין זאך ניט געקוקט און שטילערהייד האָב איך אָנגעשריבען דעם בריעף און האָב איהם אוועקגעשיקט קיין פעטערבורג. אן ענטפער אויף דעם בריעף איז מיר קיינמאָל ניט אָנגעקומען. איך גלויב, אז יענע פּארטיי אין רוסלאנד האָט דעם בריעף איבערגענומען און פערניכטעט.

"נאָך א קורצע צייט האָט דיא אונגליקליכע גרעפין געליטען ביז זיא איז

ענדליך געשטאָרבען און איך בין געבליבען אליין. מיין ברוטאלער ערציהער האָט מיך אָנפאנגס זעהר גוט בעהאנדעלט, א סך בעסער וויא דאן ווען דיא פרוי זיינע האָט געלעבט. אָבער אלעס איז געטהאָן געוואָרען מיט א פאלשקייט פון א באנדיט. ער האָט מורא געהאט איך זאָל איהם ניט פערלאָזען און ער האָט מיך געוואָלט האָבען נעבען זיך, ער זאָל מיך קענען טויטען, אום נאָך עפּעס מעהר געלד דאפיר צו בעקומען.

"דריי מאָל האָט ער פּרובירט אויף פערשיעדענע אופנים מיך אומצוברענ־גען. אָבער איך בין שוין דאמאָלס אלט געווען זעכצעהן יאָהר און האָב שוין געהאט פערשטאנד און מוטה געגנוג זיך פון איהם צו היטען און זיך צו פערטהיי־דיגען.

"ענדליך איז אויך אויף איהם געקומען זיין צייט, דיא צייט ווען ער האָט בעקומען דיא פערדיענטע שטראָף. איינמאָל האָט ער מיך אויפגעפאָדערט איך זאָל זיך מיט איהם דורכפאָהרען אויף א שיפעל, ניט פאר פערגעניגען, נור צו העלפען איהם ארויסציהען נעטצען מיט פיש פון טייך, וויל ער האָט זיך בע־שעפטיגט יעצט מיט כאפּען פיש. איך האָב עס געמוזט ערפילען, אָבער איך בין געווען זעהר פאָרזיכטיג. ווען מיר זיינען געקומען ניט וויט פון וואסער מיהל, איז ער פּלוצים אויפגעשפּרונגען, האָט מיך געכאפּט פאר'ן האלז און האָט מיך געוואָלט אריינוואַרפען אין וואסער. איך האָב זיך מיט אלע מיינע קרעפטען פערטהיידיגט אזוי לאנג ביז דאָס שיפעל האָט זיך איבערגעקעהרט, ער איז אריינ־געפאלען אונטער דיא רעדער און באלד איז זיין קערפּער צושמעטערט געוואָרען אויף שטיקלעך ווערענד מיר איז געלונגען פון וואסער ארויסצושווימען און זיך צו רעטען.

"איך בין דאן אוועק צוריק אהיים, האָב מיר צוזאמענגעפּאקט דיא ביסעל זאכען וואָס איך האָב געהאט מיט דער אבזיכט צו פאָהרען קיין רוסלאנד צו מיין מוטער, אָבער פערשיעדענע אומשטענדען האָבען מיך דאן דערפון אָבגעהאלטען.

— גרענגאָר! האָט פּלוצים אויסגערופען דער פירסטען־זוהן, האָסט געהאט פריהער א טעות. דער שטורם קומט. דו האָסט אונז פערפיהרט. מיט א שטונדע צוריק איז נאָך צייט געווען זיך אומצוקעהרען צוריק נאָך ווענעדיג.

— יא, איך האָב אייך פערפיהרט, האָט דער גאנדאליערי געענטפערט לאנגזאם און האָט געוואָרפען זיינע שעהנע בליקען אויף דער שעהנער קלאריסא. איך האָב עס געטהאָן מיט אן אבזיכט. יעדענפאלס זיינען מיר היינט צום לעצטען מאָל געפאָהרען שפּאציערען און מיר וועלען שוין לעבעדיג ניט צוריק־קעהרען.

פראנצעסקאָ איז דאבֿיי געוואָרען א פערציטערטער. ער האָט א וואָרט ניט געקענט רעדען פון שרעק, ווערענד קלאריסא האָט מיט א ציטערענדע שטימע אויסגערופען:

— און איהר גלויבט ווירקליך, אז פון דעם שטורם וועלען מיר זיך שוין לעבעדיג ניט ארויסדרעהען?

— יא, אזוי גלויב איך, האט ער געענטפערט נאך א קורצע פויזע, אייער לעצטע שטונדע איז געקומען, גרעפין.

און עס האט אויסגעזעהן, אז דיא נאטור בעשטעטיגט דעם גאנדאליערי'ס ווערטער, ווייל באלד האט דער שטורם אויסגעבראכען מיט א געוואלטיגע מאכט, דיא וועללען האבען געקראכט מיט אזעלכע קולות, אז מען האט געקענט טויב ווערען. דער ים האט געקאכט מיילען ארום און עס איז מעהר ביי זיי אלע קיין צווייפעל געוועזן אז זיי געפינען זיך אויף'ן שוועל פון'ם נאסען קבר.

דער ווינד האט ארומגעשליידערט דיא שיפעל אזוי וויא א שאלעכץ פון א נוס. איין אויגענבליק האט זיא געשוועבט איבער א וועללע הויך וויא א בארג און באלד איז זיא ארונטערגעפאלען אין א טיעפען וואסער־אבגרונד. דער הימעל איז געוועזן שווארץ און פון דיא וואלקענס זיינען געפלויגען אהן אויפהער פייערדיגע בליצען.

— אבער וואס שטעהסט דוא דיא הענד צוזאמענגעלייגט, גרעגאר? האט צו איהם פראנצעסקא געשריען. נעהם דאך וועניגסטענס דעם רודער אין האנד און פערהיט, אז דאס שיפעל זאל זיך ניט איבערקעהרען. — וואס זאגסט דוא? — דוא שאקעלסט מיט'ן קאפ! — ביזט דוא וואהנזיניג געווארען?

— עס קען זיין, האט געענטפערט דער שיפער מיט אן אונהיימליכען גע־לעכטער, פיעלייכט בין איך ווירקליך וואהנזיניג. דאך ביז מיר וועלען אלע אונטערגעהן וויל איך אייך זאגען דיא וואהרהייט: איך האב שוין מיט א שטונדע צוריק געוואוסט, אז אזא שטורם וועט קומען. וועהרענד איהר האט ביידע געפלוידערט האב איך גוט געזעהן דיא פאהן וואס איז אנגעצויגען גע־ווארען אויף דעם לייכט־טהורם אין האפען פון ווענעדיג אלס ווארנונג, אז אלע שיפען זאלען צוריקקעהרען.

— און דאך, האט פראנצעסקא אויסגערופען מיט א פערביסענעם צארן, דאך האסט דוא עס ניט געטהאן. ווארום? האסט דוא דען דורכאויס געוואלט ווערען אונזער מערדער?

— ווייל איך ליעב דיא גרעפין און דיך האס איך.

קלאריסא איז אויפגעשפרונגען און זיא וואלט אין דעם זעלבען מאמענט אריינגעפאלען אין מעער, אבער גרעגאר האט זיא אנגעכאפט מיט זיינע קרעפטיגע הענד וועהרענד זיא האט אויסגעשריען:

— אונגליקליכער, דוא ליעבסט מיך און דארום ווילסט דוא מיך טויטען?

— ווייל איך קען דאס ניט פערטראגען, אז דוא זאלסט געהערען צו אן אנדער מאן. בעסער וויל איך דיך זעהען טויט איידער אין דיא ארעמס פון אן

אנדערען, דען דיא ליעבע פון דעם אָרעמען, פעראכטעטען גאנדאליערי וועסט דוא דאָך ניעמאלס ווע̇לען אָננעהמען.

— און ווען דאס איז ניט ריכטיג? ווען איך ליעב דיך יא און פערשפּרעך צו ווערען דיינע?

גרעגאָר האָט הערענדיג דיעזע ווערטער אויסגעשטויסען א טהיערישען געשריי פון פרייד און דעם נעקסטען מאָמענט האָט ער זיך מיט פיעבערהאפטע האסטיגקייט גענומען צו דער ארבייט אום זיך און זיינע בעגלייטער צו רעטען. ער האָט געכאפּט דעם רודער און האָט איהם געשיקט געדרעהט דורך דיא וועללען.

דער שטורם איז אונטערדעסען נאָך שרעקליכער געוואָרען, אָבער אויך דער ענטשלאָסענער מוטה פון דעם שיפער איז געוואָרען שטארקער און שוין זייט א האלבע שטונדע האָט ער אָנגעווענדעט זיין גאנצע קראפט צו קעמפּפען געגען דעם ברויזענדען מעער.

פּלוצלונג האָט פראנצעסקאָ אויסגעשטויסען א געשריי פון פרייד און האָט אויסגערופען:

— א שיף, א גרויסע שיף! — און דאָרט נאָך דריי שיפען, א גאנצע פלאָטע! — אָה, מיר זיינען גערעטעט!

מיט דיעזע ווערטער האָט ער אָנגעבונדען זיין טאשען־טוך אויף א הויכען שטאנג און האָט עס אויפגעהויבען אין דער לופט אום דאמיט צו געבען א סיג־נאל וועגען זייער נויטה. דער גאנדאליערי האָט גערבייט מיט אלע קרעפטען און עס איז איהם שוין געלונגען צו קומען אויף א צעהן מינוט נאָהענט צו דער גרויסער שיף.

פּלוצלונג איז א געוואלדיגער בארג וואסער ארויפגעפאלען אויף'ן קליינעם שיפעל וואָס האָט זיך גלייך איבערגעקעהרט און דעם זעלבען מאָמענט זיינען דיא דריי אונגליקליכע אריינגעפאלען אין שטורמדיגען מעער. פראנצעסקאָ האָט אויסגעשטויסען א פירכטערליכען געשריי און קלאריסא האלב אָהנמעכטיג איז שוין געזונקען צום תהום, ווען פּלוצלונג האָט זיא דערפיהלט וויא שטארקע ארמס געהמען זיא ארום און א שטימע רעדט צו איהר:

— מאדאָנא, לעג זיך אויף מיין רוקען, איך וועל דיך טראָגען. זיי זיכער, אז מיר וועלען עררייכען יענע גרויסע שיף.

האלב אונבעוואוסט האָט זיא ארומגענומען דעם קערפּער, וועלכער האָט זיא געטראָגען דורך דיא וועללען שווימענדיג וויא א פיש. דער אונגליקליכער פראנצעסקאָ האָט אָבער נור א קורצע צייט געקענט זיך ראנגלען געגען דעם שרעקליכען שטורם און דאן איז ער מיט א פערצווייפעלטען געשריי פערזונקען אין תהום.

אויך אויף איינעם פון דיא גרויסע שיפען האָט מען שוין וואהרשיינליך

בעמעריקט דיעזע סצענע, דען יעצט איז פון דארט אראבגעלאזען געווארען א באאט, וועלכע האט גערודערט אנטקעגען. גרעגאר האט ארויסגעשטעקט זיין קאפ פון וואסער און זעהענדיג, אז הילפע קומט האט ער געפרענט ביי קלא־ריסא, וועלכע איז אויף איהם געלעגען:

— מאדאנא, ליעבסט דוא מיך נאך?

— יא, יא, פון גאנצען הארצען. איך שווער עס דיר.

— גוט, מאדאנא, איך דאנק דיר פאר דיעזע ווערטער, דען זאנסט וואלט איך צוזאמענגעלעגט דיא הענד און מיר וואלטען ביידע דערטרונקען געווארען. איך קען אהן דיר ניט לעבען.

איינינע מינוטען שפעטער זיינען גרעגאר און קלאריסא געוועזען גערעטעט אויף דעם באאט וואס איז אונטערגעשיקט געווארען פון דער גרויסער שיף. דיא נאכוועהעניש פון דיעזע שרעקליכע טויט־געפאהר האט געמאכט אויף דער גרעפין אזא שווערען איינדרוק, אז זיא איז ארויסגעצויגען געווארען פון וואסער אין א טיעפע אהנמאכט, אזוי אז עס איז אויף איהר קיין מינדעסטען שפור פון לעבען ניט געוועזען צו בעמערקען.

מיט א שרעקליכען געשריי פון פערצווייפלונג איז גרעגאר געפאלען אויף דעם קערפער פון זיין געליעבטע. ער האט געגלויבט, אז זיא איז שוין טויט, און עס האט ניט פיעל געפעהלט, אז דער ליידענשאפטליכער ווענעציאנער זאל זיך אליין אריינווארפען אין מעער, דען אהן קלאריסא קען ער ניט און וויל ניט לעבען.

דיא פרעמדע מאטראזען האבען זיך אויסגעלאכט זעהענדיג דיעזע סצענע.

— דער הייס־בלוטיגער איטאליענער, האט זיך איינער פון זיי אבגערופען, פערליערט באלד דעם פערשטאנד, זעהענדיג אז זיין געליעבטע איז געווארען אהנמעכטיג. זאג, ווענעציאנער, איז דאס דיין געליעבטע?

גרעגאר האט אבער קיין איינציגען ווארט פון זייער שפראך ניט פער־שטאנען און מראצדעם וואס זיי האבען איהם געראטעט האט זיך ערוועקט אין איהם א געפיהל פון האס געגען דיעזע מענער, וועלכע לאכען פון איהם, און ער האט ביי זיך בעשלאסען ניט צו זאגען זאגאר איין ווארט ווער זיין געליעבטע איז.

אין דעמזעלבען מאמענט איז ער העכסט גליקליך און דערפרעהט געווא־רען דערשפירענדיג, אז איהר הארץ קלאפט נאך גאנץ שוואך. זיא איז אלזא ניט געשטארבען, זיא איז נאר געפאלען אין א טיעפע אהנמאכט.

דערווייל איז דיא באאט אנגעקומען צו דער גרויסער שיף און ניט ווארטענדיג אויף דער הילפע פון דיא מאטראזען האט ער צו זייער ערשטוינען גע־נומען אין זיינע שטארקע ארמס דעם קערפער פון דער אהנמעכטיגע קלאריסא און איז מיט איהר ארויפגעפלויגען איבער דיא שטריק־לייטער אויף'ן דעק.

איינינע אָפיציערען האָבען זיא ארומגערינגעלט און גרענאָר האָט בעטראכט מיט פינסטערע, גרימינע בליקען וויא זיי בעוואונדערען איהר שעהנהייט.

— א שעהנע מיידעל, האָט זיך א העכערער אָפיציער אָבגערופען, איך דענק אז זיא וועט געוויס ניט זיין צופיעל שטאָלץ און פיעלייכט האָבען אונזערע מאטראָזען זיא ארויסגעצויגען פון וואסער אום מיר זאָלען זיא קענען ברענגען אין פייער.

פּלוצלונג אָבער זיינען זיי שטיל געוואָרען און מיט עהרפורכט זיך אויסגעשטעלט אין א מיליטערישע רייהע פוןביידע זייטען, אלס א הויכער מאן מיט א בעפעהלענדע מינע, אין א רייכען, גאָלדענעם מונדיר, האָט זיך בעוויזען איבער דיא טרעפּ וואָס קומט ארויס פון קאיוטע.

— דער אדמיראל, האָבען זיי שטילערהייד געמורמעלט.

קניאז גרענאָר אָרלאָוו, דען דאָס איז ער געוועזען, האָט געוואָרפען א שנעלען בליק אויף דעם ווענעציאנער, וועלכער איז געשטאנען מיט א בייזע מינע ביי דער אָהנמעכטינער קלאריסא, דאן האָט ער איהם געפרעגט אויף איטאליעניש:

— מען האָט דיך און דיעזע יונגע פרוי גערעטעט, ווער זייט איהר?

— איך בין א ווענעציאנער גאָנדאָליערי. מיין נאָמען איז גרענאָר און זיא איז מיין כלה.

— מען זאָגט מיר, אז מיט אייך אויף'ן שיפעל איז געוועזען א דריטער, וועלכער איז דערטרונקען געוואָרען. ווער איז ער?

— דער זוהן פון אונזער פירסט. איך האָב איהם אויף מיין שיפעל געפיהרט שפּאַציערען און מיין געליעבטע האָט מיר דאביי געהאָלפען.

צום גליק פאר גרענאָר'ען איז קלאריסא'ס אנצוג אזוי פערדאָרבען געוואָרען אין וואסער, אז מען האָט זיא יעצט ניט געקענט דערקענען אלס עלעגאנטע דאמע, זאָנסט וואָלט דאָס ערוועקט א פערדאכט, אז דער גאָנדאָליערי זאָגט ליגען.

— דיעזעביידע פערזאָנען, האָט אָרלאָוו געגעבען א בעפעהל, זאָל מען אריינפיהרען אין א בעזונדערע קאיוטע און רופט דעם שיפס־ארצט ער זאָל דיא אָהנמעכטיגע אָפּמינטערען, דען ביז מיר וועלען אריינקומען אין האפען וועט נאָך געוויס דויערען א פּאָר שטונדען.

"לאָזט ארונטער א באָאט מיט אן אנצאָהל מאטראָזען, וועלכע זאָלען אלעס מעגליכעס אָנווענדען, אום דעם דערטרונקענעם פירסטען־זוהן צו געפינען. איך וויל ווענינסטענס זיין טויטען קערפּער ברענגען צו דעם אלטען אונגליקליכען פאָטער.

דאמיט האָט אָרלאָוו זיך אָבגעווענדעט און איז צוריק ארונטער דיא טרעפּ אין זיין קאיוטע, וועלכע איז בעשטאנען פון דריי צימערען, העכסט עלעגאנט

איינגעריכטעט. אָרלאָוו האָט זיך פערראָיכערט א סיגאַרעט און אָנגעפאנגען ארום צו געהן אין זעהר אויפגערעגטער און אונרוהיגער גערענקען. איהם איז נאַטירליך געוועזען זעהר אנגענעהם דיעזער אויפטראג פון דער קייזערין קאטהערינא, אז ער זאָל פאַהרען נעהמען געפאנגען דיא פּרעטענדענטין, דען יעצט האָט ער דאָך אן אויסזיכט ווידער צו קומען צו זיין אמאָליגע שטעלונג פון מאכט און הערשאפט. פון דעסטוועגען האָט ער געשפּירט, אז יעדעס מאָל ווען ער דענקט וועגען דעם, לויפט איהם דורך א שוידער און דיא אורזאכע איז געוועזען בלויז אן אבערגלויבען, וועלכער האָט אויף אָרלאָוו'ן אימער געהאט א שטארקען איינפלוס.

ווען קאטהערינא איז צו זיין גרויסען ערשטוינען ביי איהם ערשינען און איהם געגעבען דיעזען אויפטראג האָט זיך אין זיין הארצען אָנגעצונדען א פייער פון ליעבע צו דער שעהנער קייזערין, מיט דיא גליקליכע אויסזיכט, אז ענדליך, ענדליך וועט ער איהר קענען בעזיצען. ער האָט אלזאָ געמאכט שנעלע פּאַרבערייטונגען צו דער אָברייזע מיט דעם פעסטען ענטשלוס דיעזע אויפגאבע צו ערפילען צו דער בעסטער צופריעדענהייט פון דער קייזערין, דאָס הייסט צו ברענגען דיא פּרעטענדענטין לעבעדיג נאָך פּעטערבורג, אום מען זאָל פון איהר קענען ערפאהרען וועגען איהרע פערבינדונגען און ווער עס האָט זיא געשטיצט מיט דיא פיעלע געלד־מיטלען פיר דיעזע אונטערנעהמונג.

אויף'ן בעפעהל פון דער קייזערין זיינען פאר דיעזע עקספעדיציאָן בעשטימט געוואָרען פינף פון דיא בעסטע שיפען פון דער רוסישער פלאָטע און צווישען זיי דיא שעהנע אדמיראל־שיף "טשעסמע", וועלכע האָט ערהאלטען דיעזען נאָמען אלס אנדענקונג פון דעם גרויסען זיעג וואָס דיא רוסען האָבען געהאט געגען דיא טירקען ביי יענער האפען־שטאָדט.

דיא נאכט פאר דער אָברייזע האָט דער אבערגלויבישער אָרלאָוו זיך בעגעבען צו זיין פערטרויעטע ציגיינערין מארפא, זיא זאָל איהם פּראָפעצייהען זיין צוקונפט. זיא איז, וויא געוועהנליך, זעהר דערפרעהט געוועזען איהם צו עמפּפאנגען און אויסהערענדיג זיין וואונש האָט זיא איהם אריינגעפיהרט אין צימער און אָנגעפאנגען אויסצולעגען דיא קאָרטען.

— איהר ווילט געהן אויף א גרויסע רייזע, האָט זיא ענדליך אויסגעשפּראָכען.

אָרלאָוו איז געוואלטיג איבערראשט געוואָרען, דען דיא ציגיינערין קען דאָך זאָגאר קיין אהנונג האָבען וועגען זיין געהיימע אונטעררעדונג מיט דער קייזערין און דאָך וויים זיא עס, אלזאָ וועט דאָך איהר גאנצע פּראָפעצייהונג געווים אמת זיין.

— אייער רייזע וועט געהן איבער גרויסע מעערען, האָט זיא ווייטער גערעדט מיט א פרומען טאָן, איהר קומט צו א שעהנע שטאָדט, מיט דער אבזיכט

עפּעס א שלעכטע טהאט צו בעגעהען. זייט פאָרזיכטיג, גרענאַר אָרלאָוו, היט זיך! אויף דיא צווייגען פון אן אָליווען־בוים זיצט א שעהנע פויגעלע און זינגט. איהר הויבט אויף אייער ביקס און ווילט דיא פויגעלע שיסען. אך, ווי הערליך, וויא ריהרענד איז איהר געזאנג! איהר זייט בעגייסטערט, איהר קענט דיא האנד ניט אויפהויבען אום דיא אונבארמליכע טהאט צו בעגעהן.

"און דאָרט קומט אן אנדער פויגעל, אן אָדלער, א שעהנער אָדלער, מיט א קרוין אויף'ן קאָפּ. דער אָדלער זעצט זיך אויף אייערע שולטערען, איהר מוזט איהם געהאָרכען, איהר שיסט, דיא שעהנע פויגעלע איז ארונטערגעפאלען, דער אָדלער כאפּט זיא און פליהט אוועק.

אָרלאָוו איז געזעסען מיט געשלאָסענע אויגען. ער איז ערשטוינט געוואָרען פון דער ציגיינערין'ס נבואה וואָס האָט אזוי ריכטיג געפּאסט צו זיין יעצטיגע אונטערנעהמונג.

— יא, האָט ער צו זיך אליין געמורמעלט, דיא שווארצע מארפא בעזיצט ווירקליך א זאָנדערבארע קראפט צו פראָפעצייהען דיא צוקונפט.

— ווילט איהר נאָך ווייטער הערען? האָט זיא איהם געפרעגט נאָכדעם וויא זיא האָט איינינע סעקונדען געשוויגען.

— געוויס, דיא גאנצע צוקונפט וויל איך וויסען, דערפאר בין איך דאָך צו דיר געקומען.

— הערט אלזא וואָס איך האָב אייך צו זאָגען, האָט זיא פאָרטגעזעצט לעגענדיג דיא קאָרטען. איך זעה וויא איהר יאָמערט איבער דעם טויט פון דיא קליינע פויגעלע. איהר קענט ניט פערגעסען איהר ליעבליכען געזאנג וואָס האָט דורכגעדרונגען אייער גאנצע הארץ, אָבער אומזיסט ברעכט איהר אייערע הענד און איהר וויינט און קלאָגט. דיא קליינע פייגעלע קומט ניט מעהר צוריק!

"אָבער הערט, האָט דיא ציגיינערין מיט גרויס בעגייסטערונג ווייטער גערעדט, הערט וויא עס רוישט אין דער לופט! דאָס איז דער אָדלער. ער לאָזט זיך לאנגזאם ארונטער אויף אייער ברוסט. ער האקט אריין זיינע נענעל אין אייער הארץ און מיט זיין שנאָבעל פּיקט ער אייך אויס דיא אויגען. אָרימער אָרלאָוו, דער אָדלער מאכט אייך טויט, ער פערניכטעט אייך!

דיא ווערטער פון דער שווארצער מארפא האָבען איינינע מינוט לאנג געקלונגען אין אָרלאָוו'ס אויערען.

— דער אָדלער פערניכטעט מיך! האָט ער געשטאמעלט שטילערהייד, דאָס איז קאטהערינא. זיא מיינט ניט עהרליך מיט דיר! זאָל עס מעגליך זיין, אז טראָץ דעם וואָס איך האָב פאר איהר געוואָלט אונטערנעהמען אזא שווערע ארבייט דענקט זיא נאָר מיך צו בעטריעגען? יא, דיא ציגיינערין ווייסט וואָס זיא רעדט. דיא קייזערין וויל דורך מיר פערניכטען דיא קליינע זינג־פויגעלע.

און שפּעטער ווען עס וועט קומען אַ פּאַסענדע געלעגענהייט, וועט זיא מיך אַליין אויף פּערניכטען.

ער איז אַ צוקאָכטער געוואָרען פון כעס. האַסטיג האָט ער געכאַפּט דיא קאָרטען און האָט זיי דער ציגיינערין אין געזיכט געוואָרפען.

— דו פערשאָלטענע מכשפה! בעטרינגערין! האָט ער אויסגעשריען. יעצט זעה איך, אַז דיינע פּראָפּעצייהונגען זיינען נישט ווערטה קיין איינציגע קאָפּיקע. איך קען דיא צוקונפט בעסער פון אַלע מכשפים וואָס פיהרען ארום דיא מענשען ביי דער נאָז. געה צום טייפעל, דוא פערפלוכטע צויבערין! איך דאַרף דיך נישט מעהר!

ער האָט זיך האַסטיג איינגעהילט אין זיין מאַנטעל און איז ארויסגעלאָפען פון הויז צום פּלאַץ וואו זיין עקיפּאַזש איז געשטאַנען.

מיט אַמאָל האָט זיך פון איהם דיא גאַנצע אמונה אין דער ציגיינערין אָבגעטהאָן. ער האָט ניט געגלויבט מעהר וואָס דיא ציגיינערין האָט איהם געזאָגט — זינג־פויגעלע, אָדלער — דומהייטען! בעטרוג! מיט אַזעלכע נאַרישקייטען זוכען דיא שווינדלער דיא מענשען אין מורא צו האַלטען, אום זיי צו קענען פיהרען נאָך זייער ווילען. אָבער ער, אָרלאָוו וועט זיך ניט לאָזען פון אַ מכשפה פערפיהרען, ער וועט זיך ארויסשלאָגען פון קאָפּ איהרע פּראָפּעצייהונגען און וועט פאָרטזעצען זיין ארבייט.

אַזוי האָט ער פון אָנפאַנג געדענקט, אָבער באַלד זיינען איהם דיא פּראָפּעצייהונגען וויעדער אריין אין קאָפּ און האָבען איהם ניט געלאָזט רוהען. ווען ער האָט זיך אויף מאָרגען געזעצט אויף דער שיף "טשעסמע" און האָט ארום זיך דערזעהן דעם גרויסען שטורמדיגען ים, איז ער ערשט דאַן ריכטיג טרויעריג געוואָרען און דיא ווערטער פון דער ציגיינערין זיינען איהם פון קאָפּ ניט ארויס.

ער איז אַלץ טיעפער און טיעפער פערזונקען אין דיא געדאַנקען. ער האָט זיך איינגעשלאָסען אויף גאַנצע פיער און צוואַנציג שטונדען אין זיין קאַיוטע און דיא מאַטראָזען האָבען געגלויבט, אַז דער אדמיראַל ליידעט פון שטאַרקע קאָפּ־שמערצען.

דיא רייזע אויף דעם ים און דאָס לעבען אויף דער שיף האָט ביסלעכוויין אָפּגעווישט דעם שווערען איינדרוק פון דער ציגיינערין'ס פּראָפּעצייהונג, אָבער אַ געפיהל פון אונרוהע איז דאָך געבליבען אין זיין הארצען.

דיא שיף איז שוין נאָהענט געווען פון ווענעדיג, נאָך אַ שטונדע צייט און דיא שיף וועט אריינקומען אין דעם האַפען, נאָך אַ שטונדע צייט און ער וועט זיך קענען נעהמען אויספיהרען דיא אויפגאַבע, וועלכע דיא קייזערין האָט אויף איהם ארויפגעלייגט.

מיט גרויס אונגעדולד האָט ער ערוואַרטעט דעם מאָמענט, אין וועלכען ער וועט זיך צוזאַמענטרעפען מיט דער פּרעטענדענטין.

איז זיא ווירקליך אַזוי שעהן, וויא מען האָט איהם דערצעהלט, וויא דיא קייזערין אליין האָט עס צוגעגעבען נאָך דיא שילדערונגען וואָס מען האָט איהר געמאַכט?

וועט זיא אויף איהם און אויף זיין הארצען מאַכען א ווירקונג?

אך, דומהייטען! אָרלאָוו'ען פאַנגט מען ניט אַזוי לייכט ווען דאָס זאָל אפילו זיין דאָס שעהנסטע מיידעל אין דער וועלט!

איז דען פאַר איהם דיא קייזערין ניט דיא שעהנסטע פרוי? האָט ער ניט געזעהן הונדערטע פרויען פאַלענדיג צו זיינע פיס?

זאָגאַר דיא מעכטיגע קאַטהערינא איז פון איהם בעזיעגט געוואָרען, זאָגאַר איבער איהר האָט ער מאַכט בעקומען, וויא אַזוי קען יענע אונבעקאַנטע איהם געפעהרליך ווערען, ווען זיא זאָל אפילו שעהן זיין וויא דיא גאַנצע וועלט?

ניין, נאָר שוואַכע כאַראַקטערען לאָזען זיך פערפיהרען, א צייטיגע הארץ וויא אָרלאָוו'ס איז געפּאַנצערט געגען אַזא געפאַהר.

אָבער ווענעדיג האָט אין זיך מעהר וויא איין שעהנע פרוי און דאָס מיידעל מיט דיא רויטע האָאַר, וועלכע ער האָט ערשט אויף'ן שיף געזעהן, האָט אויף איהם א טיעפען איינדרוק געמאַכט. ער האָט זיך געמוזט מודה זיין, אז ער האָט אַזא שעהנהייט נאָך ניט געזעהן.

זיא איז געלעגען אויף דער שיפס־באַנק מיט געשוואָלענע אויגען. איהרע קליידער וואָס זיינען פון דיא אויפשפּריצענדע וועללען נאַס געוואָרען האָבען ניט אין גאַנצען איהר וואונדער־שעהנעם קערפּער פערדעקט, איהרע שעהנע גליעדער און פאָרמען האָבען זיך ארויסגעזעהן אין זייער גאַנצע פּראַכט. אָר־לאָוו האָט דאָס געזעהן און האָט זיך געמוזט אינערליך מודה זיין, אז דיעזע שעהנהייט האָט איהם ענטציקט.

דערווייל איז ער נאָך ניט מיט איהר צוזאַמען... פּיעלייכט וועט ער מיט איהר קענען רעדען אונטער פיער אויגען... זיא וועט געוויס ניט צוריקווייזען אַזא מאַן מיט איינפלוס וויא ער, א רוסישער גרויספירסט, אן אדמיראל פון א פלאָטע און א ליעבלינג פון א קייזערין.

און איהר חתן, יענער יונגער מאַן מיט דיא שוואַרצע לאָקען? נאַריש־קייטען! איהם וועט מען קענען קויפען מיט איינינע גאָלדשטיקע. ער וועט זיך געוויס פרעהען, ווען זיין כלה וועט האָבען דיא מעגליכקייט זיך א נדן צו ער־ווערבען...

אָרלאָוו האָט שטענדיג געהאַט אַזא שלעכטע מיינונג פון דיא מענ־שען און דיא פּראַקטיק האָט איהם בעוויזען, דאָס ער האָט קיין אירטהום ניט.

אַרלאָוו האָט אָנגעקלונגען אויגענבליקליך איז צו איהם אריינגעקומען א מאטראָז און האָט געפרעגט וואָס ער פערלאַנגט.

— זאָג מיין אדיוטאנט, אז איך וויל מיט איהם רעדען!

— איך האָב אייך געזאָגט, מיין ליעבער ארנאָלד, צוליעב וואָס דיא קייזערין שיקט אונז נאָך ווענעדיג, האָט ער געזאָגט צו זיין אדיוטאנט באלד וויא ער איז צו איהם אין דער קאיוטע אריינגעקומען. איך האָב אייך אנפערטרויט, אז מיר מוזען פאנגען דיא פּרעטענדענטין, וועלכע האָט דיא פרעכהייט זיך אויסצוגעבען פאר דער טאָכטער פון דער קייזערין עליזאבעט און וועלען דיא קייזערין אראָבוואַרפען פון טהראָן. מיר קענען זיא אייגענטליך פאנגען מיט געוואַלט, אָבער דיא קייזערין ווינשט יעדען עפענטליכען סקאנדאל אויסצומיידען. מיר קענען דאָס מאכען גאנץ אנדערש. מיר וועלען אויף אונזער שיף פעראנשטאלטען א קליינעם באל און מיר וועלען דיא פּרעטענדענטין איינלאדען צום באל. גלייך וויא זיא וועט קומען, וועלען מיר אָפּזעגלען און מיר וועלען זיא ערקלערען אלס אונזער געפאנגענע. און ווייל דאָס אלעס דארף געמאכט ווערען קלוג און געשיקט, וויל איך, אז איהר זאָלט מיר העלפען אין דיעזער מיסיאָן.

— איך? האָט דער אדיוטאנט פערוואונדערט אויסגערופען.

— יא, איהר! איהר זייט א געבאָרענער דייטש און איך וויים, אז דיא דייטשען קענען דיא יונגע מיידלאך זעהר לייכט דעם קאָפּ פערדרעהען, אָבער וואָרום זייט איהר רויט געוואָרען?

דער יונגער אָפיציער איז ווירקליך רויט געוואָרען. דער גאנצער פּלאַן איז איהם פאָרגעקומען אלס א געמיינע לומפּעריי, אָבער אלס רוסישער אָפיציער האָט ער ניט ווילענדיג געמוזט פאָלגען וואָס מען הייסט איהם.

— וואָס האָב איך צו טהאָן, אדמיראל? האָט ער געפרעגט.

— בלייבט דאָ נאָך א ווײַלע! האָט אַרלאָוו געענטפערט, איך וויל נאָך עפּעס ערפאהרען איבער יענע גרעפין פאָן פינעבערג, איבער וועלכע אונזער קייזערין קען ניט רוהיג שלאָפען. מיר האָבען דאָ א וועגעציאנישען מאטראָז מיט זיין געליעבטע, א שעהנע פרויענצימער מיט רויטע האָאר און איך גלויב, אז מען קען זיי אויספאָרשען. וואָס דענקט איהר, לייטענאנט, וועגען יענע מערכען מיט דיא רויטע האָאר?

— איך האָב אין מיין לעבען קיין שעהנערע פרוי ניט געזעהן! האָט ארנאָלד געענטפערט און זיין געזיכט איז דערביי ווידער רויט געוואָרען.

— איך גלויב, אז איך האָב זיא שוין א מאָל אין רוסלאנד געזעהן. איז זיא שוין צו זיך געקומען?

— נאָך ניט, אדמיראל! דער דאָקטאָר פון שיף איז יעצט מיט איהר בע־

שעפטיגט. ער זאָגט, אז זיא איז אויסער געפאהר, זיא האָט נאָר גע'חלש'ט פאר שרעק.

— יא, יא, זיא איז מעהר וויא א האלבע שטונדע אויף דעם רוקען פון דיעם יונגען מאטראָז אין וואסער געלעגען. און דער מאטראָז איז געזונד?

— אין גאנצען געזונד, אדמיראל!

— גוט! מיר וועלען איהם רופען. ער קען דיא פערהעלטניסע אין ווענעדיג זעהר גוט. מיר וועלען איהם פרעגען, אויב ער קען דיא גרעפין פון פינעבערג.

אָרלאָוו האָט אָנגעקלונגען און ווען איינער פון דיא מאטראָזען איז אריינגעקומען, האָט איהם אָרלאָוו געהייסען אריינשיקען דעם ווענעציאנישען מאטראָז.

גרעגאָר איז באלד אריינגעקומען.

— וויא איז אייער נאָמען, יונגער מאן? — האָט איהם אָרלאָוו געפרעגט.

— גרעגאָר, סיניאָר!

— גרעגאָר? דוא האָסט געוויס אן אנדערען נאָמען?

— ניין, סיניאָר, איך הייס גרעגאָר, אָדער בעסער געזאָגט: דער שעהנער גרעגאָר

— און אייער פאמיליען־נאָמען?

— ניט יעדער איז אזוי גליקליך א פאמיליע צו האָבען, מיין מוטער און מיין שוועסטער האָב איך געקענט, אָבער מיין פאָטער איז שוין לאנג פערשוואונדען געוואָרען. ער איז אויך געווען איינער פון דיא וואָס טראָגען אוניפאָרמס מיט גאָלד בעזעצט.

— איהר זייט א ביסעל צו פרעך, מיין פריינד.

— איך בין א ווענעציאנער, סיניאָר!

— זייט איהר אלע אזוי אין אייער רעפובליק?

— אלע, ווען מען דארף פערטהיידיגען דיא פרייהייט געגען שקלאפעריי.

— ביי וועמען האָט איהר אין דיא לעצטע צייט געדיענט?

— דעם פרינץ פראנצעסקאָ ארמידאר!

— אָה, דעם, וואָס ליעגט א טויטער אין אונזער שיף?

— יא, דעם!

— געוויס מוזט איהר קענען דיא פארנעהמע לייט פון ווענעדיג?

— איך קען דיא פארנעהמע לייט, דאָס הייסט, וואָס טראָגען רייכע קליידער און דיא, וואָס געהען ארום אין שמאטעס! איך קען אויך לומפען, וואָס טראָגען רייכע קליידער און אויך לומפען אין לומפען. איך קען גאנץ ווענעדיג!

— גרעגאָר, איהר ווייסט, אז מיר האָבען אייך געראַטעט פון טויט און האָבען אייך ארויפגענומען אויף אונזער שיף. אָהן אונזער הילף וואָלט איהר פערלאָרען געגאנגען. איך האָף, אז איהר וועט אונז דערפאר דאנקבאר זיין!

— גאנץ רעכט, סיניאָר! זאָל איך דערפאר ארבייטען ביים רודער? וויא איך האָב בעמערקט וויס אייער שטייערמאַן ניט וויא דיא שיף אריינצופיהרען אין האפען.

— איך דאנק אייך. דאָס וועט איהר שפּעטער טהאָן און דערפאר וועל איך אייך געוויס גוט בעלאָהנען. יעצט אָבער זאָגט מיר, אויב איהר האָט לוסט עטוואָס געלד צו פערדיענען?

— עס איז אמת, אז געלד קען מען ניט פעראכטען, אָבער אויף מיר מאכט דאָס ניט קיין גרויסען איינדרוק. מיר שמעקט דאָס טרוקענע ברויט זעהר גוט. איך קיי קאשטאנעס מיט געזונדע צייהן און לעש מיין דורשט מיט דעם זאפט פון אפעלזינען! עס איז אויך אמת, אז מיט געלד קען מען זיך קויפען דיא ליעבע פון שעהנע פרויען, אָבער איך האָב עס ניט נעטהיג. איך בעזיץ שוין דיא ליעבע פון א שעהנעס מעדכען אָהן געלד!

— אָה, איהר מיינט יענע מיט דיא רויטע האָר, וועלכע מען האָט מיט אייך צוזאמען פון ים ארויסגעצויגען?

— יא, סיניאָר, זיא איז מיינע!

— ניט פון איהר איז דיא רעדע; איך וויל מיט אייך רעדען פון א פרוי, וועלכע אינטערעסירט מיך. מיר האָבען פון איהר שעהנהייט זעהר פיעל געהערט. אָבער דאָס וואָס מיר רעדען, וועט בלייבען צווישען אונז?

— א מאטראָז קען שווייגען, סיניאָר!

— אלזאָ גוט! קענט איהר אין ווענעדיג א געוויסע גרעפין פאָן פינע־בערג?

אום זיך ניט צו פערראטהען, האָט גרעגאָר זיינע אויגען געשלאָסען. עס איז איהם קלאָר געוואָרען, אז עס האנדעלט זיך וועגען יענע פרוי, וועלכע ליגט נאָך אלץ בעוואוסטלאָז אין דער קאיוטע, וועגען יענע פרוי, וואָס צוליעב איהר האָט ער זיך אריינגעוואָרפען אין שטורמדיגען ים, אום איהר לעבען צו רעטען. ער האָט זיך ענטשלאָסען וועגען איהר קיינע ריכטיגע אנגאבען צו מאכען.

— געוויס קען איך זיא, סיניאָר! זיא איז א פאָרנעהמע דאמע. דער פּאלאסט טריענטינא אין ווענעדיג איז איהר אייגענטהום. זיא האָט אויך איי־גענע פערד און עקיפּאזשען. אין איהרע הענד האָט געלד דעם ווערטה פון בליי און ווען זיא שמייכעלט ליגען דיא פאָרנעהמסטע קאוואליערען ביי איהרע פיס.

— איז זיא ווירקליך שעהן?

— אָה, זיא איז שעהן! זיא איז אזוי שעהן וויא מיין געליעבטע.

— דיא גרעפין וואָהנט איז פּאלאסט טריענטינא? מאכט זיא אָפט בעלער?

— זעהר אָפט! עס קומען צו איהר דיא פאָרנעהמסטע לייט. צו איהרע בע־לער קומען אלע קאוואליערען פון ווענעדיג, פון גענוא, פון ראָם, פון פלאָ־

רענץ און פון מאילאנד. אויך דיא געזאנדרעטע פון ענגלאנד און פראנקרייך בעזוכען איהרע בעלער.

— אלזא מוז זיא זעהר רייך זיין. נים אזוי ?

— א שעהנע פרוי האט אימער אזוי פיעל וויפיעל זיא בעדארף.

— אה, איהר מיינט, אז זיא נעהמט אן פרעזענטען פון דיא מענער ?

— צום טייפעל ! ווער זאגט דאס ? ווער קען דאס וואגען דיא גרעפין פאן פינעבערג צו בעליידיגען. איך וואלט דאס קיינעם נים ראטהען, ווייל דיא גרעפין בעזיצט אייניגע פריינד וואס זיינען צו יעדער צייט בערייט פאר איהר נקמה צו נעהמען. איך מאך אייך אויף דעם אויפמערקזאם, סיניאר. מיר זיינען נים אזוי שטארק ציוויליזירט. מיר האלטען נאך פון דעם פרינציפ פון ראכע. ווער עס בעליידיגט מיין פריינד, דעם שלאג איך צום טויט, און ווער עס שלאגט מיך, דער וועט געשלאגען ווערען פון אן אנדערען.

— איך ווייס עס, גרענאר ! איהר ווענעציאנער, איהר זייט א הייסבלוטיגעם פאלק.

ארלאוו האט איינגעזעהן, דאס ער וועט פון דעם יונגען מאטראז נים ארויסבעקומען דאס, וואס ער פערלאנגט. ער האט איהם אייניגע גאלדענע מינצע דערלאנגט און האט איהם געפרעגט :

— איז דאס שיפעל, וועלכע איז היינט אונטערגעגאנגען, געוועו אייער איינענטהום ?

— ניין, סיניאר, זיא האט געהערט צו דעם פרינץ ארמידאר.

— און דוא האסט אן אייגענע שיפעל ?

— יא, סיניאר ! און זיא איז איינע פון דיא שעהנסטע אין גאנץ ווענעדיג.

— אלזא וועל איך מיט דיין שיפעל פאהרען דיא גאנצע צייט וואס איך וועל פערוויילען אין ווענעדיג. איך וועל דיר גוט צאהלען און איך האף, אז דוא וועסט מיר טריי דיענען.

דיא אויגען פון דעם יונגען ווענעציאנער האבען אויפגעבליצט.

— איך דאנק אייך, הערר אדמיראל ! האט ער אויסגערופען, איך וועל אייך טריי און עהרליך דיענען.

— און אויב דוא ווילסט, קענסטו דיין שעהנע געליעבטע אויך מיטנעהמען ; זיא קען דיר העלפען ביים רודערען.

— איך וועל דאס פרעגען ביי איהר, סיניאר !

ארלאוו האט איהם געגעבען א צייכען צו געהן און ווען דער יונגער ווענעציאנער איז ארויסגעגאנגען, האט ער זיך געווענדעט צו זיין אדיוטאנט :

— ווען אלע ווענעציאנער זיינען אזוי וויא דיעזער יונגער מאטראז, וועלען מיר האבען אייניגע שוועריגקייטען ביי אונזער אונטערנעהמונג. וויא עס שיינט, איז דיא פרעטענדענטין שטארק בעליעבט אין ווענעדיג און עס קען

זיין, אז זיא האָט א פּארטיי, וואָס שטיצט זיא. אָבער דאָס זאָל איהר וועניג העלפען. איך מוז זיא בעקומען, איך וועל זיא שמיעדען אין קייטען און וועל זיא ברייננען אלס געפאנגענע צו דער קייזערין. עס מעג דערביי גאנץ וועד נעדיג אונטערגעהן — —

דריי שטונדען שפּעטער האָט דער שטורם אויפגעהערט. דער הימעל איז קלאָר געוואָרען און דיא זונן האָט בעגאָסען דיא שטאָדט מיט א ראָזיגער שיין.

דיא קאנאָנען פון דיא רוסישע שיפען האָבען דיא שטאָדט בעגריסט און דיא ווענעציאנישע פעסטונגען האָבען זיי דעם גרוס געענטפערט. גרויסע מאַסען מענשען האָבען זיך אָנגעזאמעלט אויף דעם האפען, אום צו זעהען וואָס פאר א נייעם דאָס איז.

אלע האָבען זיך געוואונדערט, ווען זיי האָבען דערזעהען דיא רוסישע שיפען, וועלכע מען האָט ניט ערווארטעט, און אלע האָבען געגלויבט, דאָס דיא רוסישע שיפען זוכען שוץ אין דעם האפען פון ווענעדיג פון שטורם.

נאָך מעהר זיינען אלע פערוואונדערט געוואָרען, ווען מען האָט אויף דער אדמיראל שיף דיא טרויער־פאָהן דערזעהן. יעדער איינער האָט פערשטאנען דאָס אויף דער שיף געפינט זיך א טויטער, א וויכטיגע פּערזאָן.

עטוואָס שפּעטער איז צום שיף אוועקגעפאָהרען א באָאט פון דער רעגירונג און ווען דאָס שיפעל איז צוריק געקומען, האָט מען אויף איהר דערזעהן א קערפּער פון א מענשען וואָס איז איינגעוויקעלט געווען אין א פּורפּור־מאנטעל.

— פּראנצעסקאָ! דער פּרינץ ארמידאָר איז טויט! דיא רוסען האָבען זיין טויטען קערפּער פון וואסער ארויסגעצויגען! האָט איינער דעם צווייטען דערצעהלט.

א האלבע שטונדע שפּעטער איז א צווייטע שיפעל צוגעפאָהרען צום ברעג. אין איהר זיינען געווען אָרלאָוו, זיין אדיוטאנט קריסטענעק, אייניגע אנדערע אָפיציערען, גרעגאָר און קלאריסא.

קלאריסא איז שוין פריהער צו זיך געקומען. זיא איז זיך יעצט גאנץ רוהיג געזעסען און איהר געזיכט איז פערדעקט געווען מיט א שלייער. גרעגאָר וואָס איז נעבען איהר געזעסען האָט זיא אָנגעקוקט מיט אייפערזיכטיגע בליקען.

זיא איז זעהר צופריעדען געווען מיט גרעגאָר'ס פאָרזיכט, מיט וועלכער ער האָט איהר וואהרען נאָמען פערשוויגען. שוין דער געדאנק אליין אויף א רוסישע קריעגסשיף צו זיין האָט אויף איהר געוואָרפען א שרעק.

זיא האָט נאָך אפילו ניט געוואוסט, דאָס איהרע פערבאָרגענע אבזיכטען און פּלענער זיינען שוין בעקאנט איהר ערגסטער פיינדין, דער קייזערין קאטהערינא, אָבער זיא איז דאָך געגונג פאָרזיכטיג געווען אויסצומיידען יעדען פערקעהר מיט דיא רוסען.

אָרלאָוו האָט קיין אויפמערקזאמקייט ניט געשענקט דער רויט־האָריגער שעהנהייט, וועלכע ער האָט געהאלטען פאר דער געליעבטער פון דעם איטאליע־נישען מאטראָז. זיינע געדאנקען האָבען זיך יעצט בעשעפטיגט מיט דער ראָלע, וועלכע ער דארף דאָ אין וועגעדיג שפּיעלען, און זיין אבזיכט איז געוועזען פריהער פאר אלץ דעם פירסט פון וועגעדיג א בעזוך צו מאכען אום איהם אויסצודריי־קען זיין מיטלייד וועגען אונגליק וואָס האָט איהם געטראָפען און איהם דער־צעהלען אויף וועלכע ארט און וויי זיין זוהן, דער פּרינץ, איז אומגעקומען.

זיין הויפּט־צוועק איז געוועזען דיא פריינדשאפט און דאָס צוטרויען פון דעם וועגעציאנישען פירסט צו ערווערבען, דען ער האָט געוואוסט, דאָס ער וועט דיעזע פריינדשאפט דארפען האָבען אום זיין פּלאן לייכטער אויסצו־פיהרען.

אָרלאָוו און זיין אדיוטאנט קריסטענעק האָבען דאָס שיפעל פערלאָזען אום גלייך צו געהן צום פירסטליכען פּאלאסט און גרעגאָר האָט זיין געליעבטע אויף זיינע אָרעמס ארויסגעטראָגען.

ער האָט איהר דערביי עטליכע ווערטער אין אויער אריינגעשושקעט און זיא האָט איהם מיט א בעוועגונג פון איהר קאָפּ געגעבען צו פערשטעהן, דאָס זיא פערשטעהט איהם.

קלאריסא איז באלד פערשוואונדען געוואָרען אין א זייטיגע גאס אום פון דאָרטען צו געהן צום פּאלאסט טריענטינא.

אָרלאָוו מיט זיין אדיוטאנט זיינען געגאנגען צו־פוס צום פירסטליכען פּא־לאסט. פּלוצלונג האָט ער בעמערקט, דאָס א מאן געהט איהם נאָך פון הינטען.

— אָה, דאָס איז דאָך אונזער יונגער מאטראָז! האָט ער צו קריסטענעק געזאָגט, ווארום לויפט ער אונז נאָך וויא א הונד?... הע, גרעגאָר! ווארום געהסט דוא אונז נאָך?

— מיר איז עפּעס איינגעפאלען, סיניאָר! האָט גרעגאָר מיט א שמייכעל געענטפערט.

— וואָס אייגענטליך?

— איהר אינטערעסירט אייך פאר דיא גרעפין קלאריסא פאָן פינעבערג, ניט אזוי?

— יא, גאנץ ריכטיג! איך האָב עס דיר פריהער געזאָגט.

— און איהר ווילט מיט איהר בעקאנט ווערען, הערר אדמיראל?

— זעהר גערן!

— אָבער איהר האָט דאָך שוין דערצו דיא געלעגענהייט געהאט!

— איהר וואגט חוזק צו מאכען, גרעגאָר?

— זיא איז דאָך אויף אייער קריעגסשיף געוועזען, הערר אדמיראל!

— זיא? פון וועמען רעדט איהר?

— איהר הערט דאָך, פון דער גרעפין!

— זיא איז אויף מיין שיף געווען?

— נאָך מעהר וויא דאָס, איהר זייט נאָך אַזוי פריינדליך געווען, איהר און אייער קליינע שיפעל צום ברעג צו ברייננגען!

— דוא נידערטרעכטיגער קערל, דוא וואגסט איבער מיר זיך לוסטיג צו מאכען? דיא גרעפין פאָן פינעבערג —

— איז יענע שעהנע רויט־האָריגע מעדכען, וועלכע איך האָב געטראָגען אויף מיין רוקען צווישען דיא וועללען פון ים און וועלכע אייערע מאטראָזען האָבען ארויסגעצויגען פון וואסער!

אָרלאָוו און קריסטענעק זיינען פאר שרעק אָבגעשפרונגען צוריק.

— פערצייהט מיר, הערר אדמיראל, האָט גרעגאָר מיט ביטערער איראָניע ווייטער גערעדט, וואָס איך האָב אייך פריהער געזאָגט, אז יענע איז מיין געליעבטע. איך האָב אליין אן אירטהום געהאט, ווייל דיא גרעפין איז זעהר עהנליך צו מיין געליעבטע.

— געה, דוא באנדיט! האָט אָרלאָוו אין אויפפלאמענדען צאָרן אויסגעשריען און האָט זיך דערביי געכאפט צו זיין שווערד. געה, אָדער איך דערשטעך דיך!

גרעגאָר האָט זיך אָבער ניט דערשראָקען. ער האָט זיך פאר דעם אדמיראל אויסגעצויגען אין זיין גאנצע הויכקייט און מיט פייער־פלאמענדע אויגען האָט ער אויסגערופען:

— פרובירט עס, סיניאָר! ווען איהר וועט מיך בעריהרען מיט אייער שווערד, וועט איהר האָבען דיא גוטע געלעגענהייט דעם טעם פון עטליכע ווענעציאנישע פעטש צו דערפיהלען. איהר דארפט ניט פערגעסען, הערר אדמיראל, אז איהר געפינט זיך אויף דעם ווענעציאנישען באָדען וואו אייער מאכט הערט אויף אין גאנצען. דיא ווענעציאנישע רעפובליק שיצט יעדען האָר פון איהרע בירגער. אויב איהר ווילט בעקאנט ווערען מיט א ווענעציאנישען געפענגניס, דאן ציהט אייער שווערד!

אָרלאָוו האָט בייז גענומען קריסטענעק'ס ארם און איז מיט איהם אוועקגעגאנגען.

אָבער נאָך א לאנגע צייט האָט גרעגאָר'ס געלעכטער אין זיינע אויערען געקלונגען.

— איך האָב עס פריהער געוואוסט, האָט ער צו זיין אדיוטאנט געזאָגט, אז דיא אויפגאַבע איז זעהר א שווערע... דיא הארץ זאָגט מיר, אז מיך ערוואַרטעט דאָ אן אונגליק. דיא הייליגע מוטער פון קאזאן זאָל אונז בעהיטען און בעשירמען.

## 87סטער קאפיטעל

## דיא פרעטענדענטין געפאנגען.

דערווייל זיינען ארלאוו און קריסטענעק אנגעקומען צום פירסטליכען פא־לאסט און באלד וויא זיי האבען דעם טויער־וועכטער געזאגט ווער זיי זיינען, האט ער זיי ערקלערט, דאס ער האט א בעפעהל פון דעם פירסט זיי אריינצו־לאזען אין פאלאסט.

זיי זיינען דורכגעגאנגען א גאנצע רייהע צימערען, ביז זיי זיינען אריינ־געקומען אין א קליינעם צימער וואס האט אויסגעזעהן וויא א שלאף־צימער.

אויף א זיידענעם לאגער איז געלעגען דער טויטער קערפער פון פראנ־צעסקא ארמידאר. נעבען דעם קערפער איז געזעסען דער אלטער פירסט, ה'ז.ז געהאלטען דיא הענד פון דעם טויטען און האט איהם אריינגעקוקט אין דיא האלב־געשלאסענע אויגען.

דיא סצענע איז געוועזן זעהר טרויעריג און האט אויף ביידען געמאכט א טיעפען איינדרוק. זיי זיינען געבליעבען רוהיג שטעהן ביי דער טיהר און האבען ניט געוואגט דעם שטילען שמערץ פון דעם אונגליקליכען פאטער צו אונטער־ברעכען.

קוים האט זיי דער פירסט בעמערקט, האט ער זיך פון זיין פלאץ אויפגע־הויבען. מיט רוהיגע טריט איז ער זייענטגעגענגעקומען און נאכדעם וויא אר־לאוו און קריסטענעק האבען זיך פאר איהם פערנייגט, האט ער זיי זיין האנד געגעבען.

— איהר בעטרעט מיין הויז אין אן אונגליקליכער שטונדע, האט ער מיט א געבראכענע שטימע צו זיי געזאגט, אט ליעגט ווענדיג'ס שטאלץ און האפ־נונג.

ער האט דערביי געוויעזען אויף דעם קערפער פון זיין טויטען זוהן. טרעה־רען האבען אין זיין שטימע געציטערט, ער האט זיך אבער געשטארקט און האט ווייטער געזאגט:

— איך בין אייך זעהר פיעל דאנק שולדיג, פירסט ארלאוו, איהר האט מיר פון ים וויינינגסטען דאס ארויסגעראטעוועט וואס עס איז מיר פון מיין גאנצעם גליק איבערגעבליעבען. איהר האט מיר געבראכט דעם טויטען קערפער פון מיין זוהן און איך קען איהם וויינינגסטענס בעערדיגען אין דיא קברים פון אונזער פאמיליע — נעהמט אן דעם דאנק פון א צוריסענע פאטער־הארץ!

„איך בעט אייך, מיינע הערען, דיא בעערדיגונג פון מיין זוהן בייצוא־וואהנען! דיא בעערדיגונג וועט שטאטפינדען פארמיטאג. אבענדס גיב איך א באל פאר דיא רוסישע אפיציערען, ווייל איך וויל אבגעבען דיא שולדיגע עהרע דיא שלוחים פון דער קייזערין קאטהערינא.

— איך בויג מיין קניע פאר דעם פירסט פון ווענעדיג! האט ארלאוו גע־ענטפערט און האט זיך וויעדער טיעף פערנייגט. ביז צו אונז, ווייט אין איי־ראפא, איז אנגעקומען אייער גרויסקייט און אייער מאכט און איהר מאיעסטעט, דיא קייזערין קאטהערינא פון רוסלאנד האט דעם איינציגען וואונש דיא צי־וויליזאציאן פון אייער לאנד אין איהר לאנד צו פערפלאנצען. דארום האט זיא מיך אהער געשיקט דיא ערהאבענע איינריכטונגען פון ווענעדיג צו שטודירען.

— איך דאנק אייער ערהאבענע קייזערין און איך, הערר אדמיראל.

— אויף דיא בעערדיגונג פון אייער זוהן וועלען מיינע אפיציערען און מאטראזען פערטרעטען זיין און איך אין נאמען פון מיין קייזערין וועל דיא בעערדיגונג בייוואהנען. מיר נעהמען אויך אן דיא איינלאדונג צו אייער באל, אבער דערביי האב איך צו אייך א ביטע.

— א ביטע? זיא זאל ערפילט ווערען, אויב דיא ערפילונג ליעגט נאר אין מיין מאכט!

ארלאוו האט זיין אדיוטאנט צוגעווארפען א בליק. דיעזער האט דעם בליק פערשטאנען און איז ארויסגעגאנגען אין א צווייטען צימער.

— קען איך אייך אלעס זאגען, פירסט פון ווענעדיג?

— געוויס, קיינער הערט אונז ניט און מיין זוהן איז טויט!

— איך האב אייך פריהער געזאגט, אז דיא קייזערין שיקט מיך אהער דיא איינריכטונגען פון ווענעדיג צו שטודירען. דאס איז נור דיא ערשטע העלפט פון מיין מיסיאן.

— און דיא צווייטע העלפט?

— איז א פרוי, פירסט!

— א פרוי? וויא זאל איך עס פערשטעהן?

— יא, א פרוי, מיין פירסט! אויף דעם באדען פון אייער רעפובליק לעבט א פרוי אדער א מעדכען, וועלכע איז, וויא עס שיינט, א גרויסע פיינדין פון מיין קייזערין. זיא איז אן אינטריגאנטין און מיר האבען זיכערע בעווייזע, דאס זיא האט געמאכט א פערשווערונג געגען מיין קייזערין און געגען גאנץ רוסלאנד. דיא קייזערין האט מיך דארום געשיקט אהער אויסצוגעפינען, וויא ווייט דאס איז וואהר און וויא ווייט יענע אינטריגאנטין קען אונז געפעהרליך ווערען, און דיא קייזערין האפט דאס איהר וועט אונז אין דעם אונטערשטיצען. היער איז דער בריעף, וועלכען דיא קייזערין האט אייגענהענדיג צו אייך גע־שריעבען.

מיט דיעזע ווערטער האט איהם ארלאוו איבערגעגעבען דעם בריעף.

דער פירסט האט דעם בריעף גענומען, האט איהם ניט געעפענט און האט איהם אוועקגעלייגט אויף'ן טיש.

— איך וויים פון וועמען איהר רעדט, גראף ארלאוו, האט ער זיך אבגערוד־

פען. עס האנדעלט זיך וועגען דער גרעפין קלאריסא פאָן פינעבערג, וועלכע בעוואָהנט זייט איינינע צייט דעם פּאלאסט טריענטינא.

— וויא? איהר ווייסט? איהר קענט זיא, פירסט? האָט אָרלאָוו גאַנץ ערשטוינט אויסגערופען.

— איך וויים אלעס! האָט דער פירסט מיט א פעסטע שטימע געענט־פערט. איך האָב מיך וועגען דער גרעפין ערקונדיגט, ווייל איך האָב געהאט א גרויסע אינטערעסע צו ערפאהרען ווער זיא איז.

— אָט דער, האָט דער פירסט ווייטער געזאָגט ווייזענדיג אויף זיין טוי־טען זוהן, האָט זיא געליעבט און איז ענטשלאָסען געוועזען מיט איהר צו הייראטהען. עס קען זעהר מעגליך זיין, אז ער וואָלט דאָס געגען מיין ווילען גע־טהאָן, ווען דער טויט וואָלט איהם ניט פערהינדערט און דאָס איז געוועזען דיא איינציגע אורזאכע, וואָס האָט מיך בעוואָגען זיך צו ערקונדיגען איבער דיא פערזאָן פון דיא גרעפין.

— און ווילט איהר אזוי פריינדליך זיין, מיין פירסט, מיר מיטצוטהיילען וואָס איהר האָט איבער איהר ערפאהרען?

— זעהר גערן! עס איז וואהר, דיא גרעפין קלאריסא שטעהט אין גע־היימע פערבינדונגען מיט פּאָלען. זיא ווערט געשטיצט פון פראנקרייך און פּרייסען פערזאָרגט זיא מיט גרויסע געלד־סומען. עס איז אויך וואהר, דאָס אין איהר פּאלאץ קומען פּערזאָנען, וועלכע זיינען פיינדליך געזאָנען געגען דער רוסישער קייזערין. זיא קאָרעספּאָנדירט מיט הויכגעשטעלטע פּערזאָנען פון אלע לענדער און איהרע בריעף שרייבט זיא אונטער מיט דעם טיטעל: "פּרינצעסין פון רוסלאנד".

אָרלאָוו האָט געקוקט דעם פירסט גלייך אין דיא אויגען און האָט זיינע ווערטער איינפאך געשלונגען.

— איך וויל ניט אונטערזוכען, האָט דער פירסט ווייטער געזאָגט, אויב דיא גרעפין האָט א רעכט אויף דיעזען טיטעל. אָבער איך מוז צוגעבען, אז דיא פּרעטענדענטין איז א גרויסע געפאהר פאר דער קייזערין פון רוסלאנד, וועלכע האָט דיא גאנצע צייט פון איהר רעגיערונג געהאט צו קעמפּפען מיט עהנליכע געפאהרען, אָבער דיא ארט און וויזע וויא זיא לעבט דאָ ביי אונז אין ווענעדיג, לאָזט ניט קיין קלאָגע געגען איהר. זיא לעבט זעהר פּאָרנעהם, זיא בעצאָהלט איהרע גלויבינגער מיט דער גרעסטער פּינקטליכקייט, זיא טהוט גרויסע וואָהל־טהאָטען אין דער שטיל און ביי דיא אָרעמע קלאסען מענשען האָט זיא בע־קומען דעם נאָמען "ענגעל". ווען איך האָב ניט איינגעוויליגט, אז מיין זוהן זאָל מיט איהר הייראטהען, האָב איך דאָס נאָר געטהאָן, ווייל איך האָב ניט גע־וואָלט קומען אין דיפּלאָמאטישע פערוויקלונג מיט רוסלאנד.

— גוט, האָט זיך אָרלאָוו אָפּגערופען, וואָס קען איך פון אייך ערווארטען,

פירסט, ווען איך וועל אייך בעווייזען מיט קלארע בעווייזע, אז יענע גרעפין איז גאר א שווינדלערין וואס וויל שאדען דער רוסישער קייזערין, און איך וועל זוכען מיטלען וויא אזוי דיא שווינדלערין אונשעדליך צו מאכען?

— גאר נישט! האט דער פירסט מיט א פעסטער שטימע געענטפערט. גאר נישט, ווען איהר וועט געברויכען געוואלד אויף ווענעדיג'ס באדען. אין געגענטהייל, איך וועל טהאן אלעס וואס עס שטעהט אין מיין מאכט אייערע פלאנען צו שאדען, ווען אן איינציגער ווענעציאנער וועט דערביי שאדען האבען.

ארלאוו איז געשטאנען וויא פערשטיינערט. אזא ווידערשטאנד האט ער פון דעם פירסט ניט ערווארטעט.

— איהר וועט מיר ניט ערלויבען דיא פרעטענדענטין ביי נאכט צו נעה־מען געפאנגען און זיא ברייגגען אויף מיין קריעגס־שיף? האט ער געפרעגט.

— וואגט עס נור! האט דער פירסט אויסגערופען און האט דערביי זיין האנד דראהענד אויפגעהויבען. דיא גאנצע ווענעציאנישע פלאטע וועט אייך נאכיאגען און וועט דעם רויב פון אייך אוועקנעהמען. דאס מעגט איהר זיכער זיין! מעג זיך דיא גרעפין פון פינעבערג זיין דיא גרעסטע פיינדין פון אייער קייזערין; זיא מעג זיך מיט רעכט אדער מיט אונרעכט רופען "פרינצעסין פון רוסלאנד", זיא מעג זיך זאגאר א שווינדלערין און בעטריגערין זיין, פאר מיר איז דאס אלץ איינס! אויף דעם ווענעציאנישען באדען האט זיא קיין פער־ברעכען בעגאנגען. ווענעדיג מוז איהר שטיצען און זיא וועט געשטיצט זיין, גלויבט עס מיר, גראף ארלאוו!

— גענוג, פירסט פון ווענעדיג! האט ארלאוו אויסגערופען. איהר טרייבט איבער אייער מאכט נעגען מיר, ווייל איך בין אהער געקומען נר מיט פינף שיפען און איהר האט דא אייער גאנצע פלאטע. איהר מוזט אבער בעדענקען, אז רוסלאנד איז א ריעז נעגען דער קליינער ווענעדיג און ווען איהר וועט אונז צווינגען אונזערע וואפען צו נעברויכען —

— מיר שרעקען זיך פאר אייך ניט, האט דער פירסט געענטפערט. איהר האט א רעכט דיא רעפובליק ווענעדיג צו האלטען פאר א קארליק נעגען דעם ריעז רוסלאנד, אבער איך מוז אייך דערמאנען, דאס דוד האט מיט איין שטיין דעם ריעז גלית נעבראכט צום פאלען און איהר זאלט וויסען, אז שטיינער פעהלען אונז ניט.

ארלאוו האט איינגעזעהן, אז מיט בייזען און מיט סטראשונקעס וועט ער דא גארנישט מאכען, דארום האט ער זיין טאן געמילדערט.

— פערצייהט מיר, פירסט! האט ער אויסגערופען, איך בין אין מיין אויפרעגונג צו ווייט געגאנגען. רוסלאנד לעבט מיט ווענעדיג אין פריעדען און דיעזער פריעדען וועט ניט געשטערט ווערען צוליעב א שווינדלערין. איך האב אויף מיין שיף מיטגעבראכט פאר אייך זעהר טהייערע שפיעלצייג פון אונזער

קייזערין און איך וועל זיי מאָרגען אָדער אין אן אנדער טאָג ליינען צו אייערע פיס.

— איך דארף זיי ניט, גראף אָרלאָוו! פיהרט זיי צוריק נאָך רוסלאנד! איך דאנק אייער קייזערין פון טיעפען הארצען פאר איהר פריינדשאפט, אָבער איך בין אן אלטער מאן און שפיעלצייג קענען מיך ניט ערפרייען וויא יונגע מענשען. דאָרט אין יענעם בעט ליעגט אלעס וואָס האָט מיין הארץ ערפרייט און מאָרגען וועל איך עס בעגראָבען אין א פינסטערע גרוב! דאָך וועל איך אייך פערשפרעכען צו שווייגען איבער דעם וואָס איז צווישען אונז גערעדט געוואָרען. איך בעטראכט עס פאר א שטאאטס געהיימנים און קיין מענש זאָל דאָס ערפאהרען. וויא איהר וועט מיט דיא גרעפין קלאריסא פערטיג ווערען, וויא אזוי איהר וועט דיא פיינדין פון אייער קייזערין בעזייטיגען קימערט מיך ניט אזוי לאנג וויא דאָס וועט ניט געטהאָן ווערען אויף דעם באָדען פון אונזער רעפובליק.

— און ווען דאָס וועט געטהאָן ווערען אויף׳ן ים?

— דער ים איז פריי! צוויי שטונדען וויית פון ווענעדיג איז שוין ניט אונזער לאנד, דאָרט קענט איהר טהאָן וואָס איהר ווילט!

— איך דאנק אייך פאר דיעזען ענטפער, פירסט!

— דאָס איז אן ענטפער פון געזעץ און גערעכטיגקייט, גראף אָרלאָוו! קיין אנדער ענטפער קען איך אייך ניט געבען.

— דאן ערלויבט מיר אבשיעד צו נעהמען, פירסט.

דער פירסט האָט איהם דערלאנגט זיין האנד, אָרלאָוו האָט זיך פערנייגט און האָט פערלאָזען דעם פאלאסט.

דער פירסט איז צוגעגאנגען צו דעם געלעגער, אויף וועלכען זיין זוהן איז געלעגען, האָט גענומען דיא האנד פון דעם טויטען און האָט אין טיעפען שמערץ אויסגערופען:

— אָך, ווען דוא וואָלסט געקענט הערען וואָס דאָ איז ערשט געשפראָכען געוואָרען. דיעזע, וועלכע דו האָסט געליעבט, וועלכער דו האָסט דיין הארץ געשענקט, שוועבט אין א גרויסע געפאהר. דער רוסישער אָדלער שטרעקט אויס נאָך איהר זיינע שארפע נעגעל און איך קען זיא ניט שיצען. איך דארף עס ניט טהאָן, ווייל איך האָב דערצו קיין רעכט!

ער איז געפאלען אויף דיא קניע און האָט דיא גאנצע נאכט פערבראכט ביי דעם קערפער פון זיין טויטען זוהן.

אין דערזעלביגער נאכט זיינען אויך דיא פאָרהאנגען אין דעם פאלאסט טריענטינאָ געשלאָסען געווען, אָבער הינטער דיא פאָרהאנגען האָט דיא ליעבע געוואכט, דיא ליעבע צווישען דיא יונגע פרינצעסין און דעם שעהנעם מאטראָז.

* * *

צוויי וואכען צייט זיינען פערגאנגען און עס איז געקומען דער פרייליכער קארנאוואל — דער קארנאוואל פון װענעדיג.

טויזענדער מענשען אין פערשיעדענע פערקליידונגען און מאסקען האבען דורכגעצויגען דיא גאסען פון שטאדט מיט געזאנג און קלאנג.

איבער דעם מארקוס־פּלאץ זיינען זיך ארום אכט אוהר לאנגזאם ארומגע־גאנגען צוויי מענשען,ביידע איינגעוויקעלט אין לאנגע און רויטע דאמינאס.

זיי זיינען געגאנגען צו דעם פאלאסט טריענטינא, וועלכער האט גע־שטראהלט אין דעם שיין פון טויזענדער ליכט, וויל היינט האט דיא שעהנע גרעפין קלאריסא פאן פינעבערג געגעבען איינעם פון איהרע בעריהמטע בעלער, צו וועלכען זיא האט דיא פארנעהמסטע געזעלשאפט פון װענעדיג איינגעלאדען.

אבער דיא צוויי מענשען האבען זיך ניט געאיילט, לאנגזאם זיינען זיי פאר־בייגעגאנגען דעם מארקוס־פּלאץ, דאן איז דער גרעסערער פון ביידע געבליבען שטעהן, האט זיין בעגלייטער אנגענומען ביי דער האנד און האט אויסגערופען:

— הערט, קריסטענעק! איך האף, אז היינטיגען אבענד וועל איך עררייכען מיין ציעל.

— ווירקליך, הערר אדמיראל?

— רופט מיך ניט ביי מיין טיטעל, קריסטענעק, רעדט צו מיר וויא איין מאסקע רעדט צו דער צווייטער. קיינער דארף ניט ערפאהרען ווער איך בין. קומט, מיר וועלען אריינגעהן אין יענעם קאפע־הויז און מיר וועלען עפּעס טרינ־קען. דארטען וועל איך אייך מיין פּלאן ערקלערען.

דאס קאפע־הויז איז געווען איבערפילט מיט מאסקען. ארלאוו און זיין אדיוטאנט האבען זיך אוועקגעזעצט ביי א מארמאר־טיש וואס איז געשטאנען אין א ווינקעל.

— איהר ווייסט, מיין יונגער פריינד, האט ארלאוו געזאגט, אז מיר זיינען דא שוין צוויי וואכען צייט. אין דיעזער צייט איז מיר געלונגען דעם יונגען מאטראז גרעגאר פיר מיין בעסטען פריינד צו מאכען.

— און איך וואלט אייך ראטהען דיעזען גרעגאר ניט צו געטרויען!

— ניט געטרויען? ווארום?

— מיר זאגט אן אינערליכער געפיהל, אז דיעזער מאטראז שפּיעלט גאר קאמעדיע מיט אונז. איהר ווייסט גאר ניט, וואס ער האט געוואלט טהאן, ווען איהר האט איהם געזאגט, אז איהר זייט אין דער גרעפין קלאריסא פערליעבט!

— וואס האט ער געוואלט טהאן?

— ער האט אויפגעהויבען דעם רודערשטאנג און האט אייך געוואלט צושפּאלטען דעם קאפּ.

— עה, דומהיימען! דער יונג האט זיך איבער מיר ניט צו בעקלאגען.

ער בעקומט פון מיר זעהר אָפט א פּאָר גאָלד־שטיקע און דאָס איז דיא הויפּט זאַך ביי דיא איטאליענישע מאטראָזען.

— אדמיראל, מיר שיינט, אז דיעזער מאטראָז איז אנדערש וויא זיינע קאָלעגען!

— זאָל זיין אזוי! אָבער איך בין גענוג פאָרזיכטיג און ביז יעצט האָב איך שוין גענוג ערפאָלג געהאט. אויף דעם באָל, וועלכען דער פירסט פון וועגע־דיג האָט געגעבען נאָך דיא בעערדיגונג פון זיין זוהן, האָט ער מיך בעקאנט געמאכט מיט דער גרעפין קלאריסא.

— און וויא האָט זיא מיט אייך פערקעהרט?

— אין אָנפאנג האָט עס אויסגעזעהן אזוי וויא זיא וואָלט פאר מיר מורא געהאט, אָבער עס איז מיר געלונגען איהר צוטרויען צו געווינען. אונטער פיער אויגען האָב איך איהר דערצעהלט, אז דיא קייזערין קאטהערינא איז אונדאנק־באר געגען מיר און פאר דיעזע אונדאנקבארקייט בין איך איהר געוואָרען דער ביטערסטער פיינד און זיא האָט מיר געגלויבט.

— און זיא האָט מיט אייך גערעדט וועגען איהרע פּלאנען?

— ניין, דאָס האָט זיא ניט געטהאָן, ווייל זיא איז פאָרזיכטיג. פאָרלויפיג איז מיר גענוג, דאָס עס איז מיר געלונגען איהר ליעבע צו ערווערבען!

— זייט איהר זיכער אין דעם, גראַף?

— גאנץ געוויס! האָט איהר דען ניט בעמערקט וויא דיא גרעפין ווערט רויט און בלייך, ווען איך קום צו איהר? האָט איהר ניט בעמערקט, דאָס דיא גאנצע צייט בעשעפטיגט זיא זיך נאָר מיט מיר? איך האָב דיא ראָלע פון א פערליעבטען זעהר גוט געשפּיעלט און האָב איהר זעהר פיעל טהייערע פּרע־זענטען געמאכט. זיא געהט זעהר לייכט אין מיין נעץ און איך בין זיכער, אז אין פיער וואָכען צייט וועל איך זיא ברייננען נאָך פּעטערבורג וואו עס ווארט אויף איהר א פינסטערע געפענגניס. אין דער צייט פון מיין זיין אין ווענעדיג האָב איך זעהר פיעל זאכען ענטדעקט. דיא גרעפין אינטריגירט נעגען דער קייזערין מיט ערפאָלג. דיא געזאנדטע פון ענגלאנד און פראנקרייך העל־פען איהר אין איהר פערשווערונג און איבערהויפּט דיא פּאָלאקען. ווען עס וועט מיר ניט געלינגען שנעל וויא מעגליך איהרע פּלאנען צו צושטערען, וועלען מיר באלד ווידער דערלעבען דיא צייטען פון פּוגאטשעוו און איהר ווייסט דאָך אויף וועלכע שוואכע פיס קאטהערינא'ס טהראָן איז דאמאָלס געשטאנען!

און נאָכדעם וויא אָרלאָוו האָט ביי דעם קעלנער קאפע בעשטעלט, האָט ער ווידער אויסגערופען:

— ווייס דער טייפעל וואָס מיט מיר איז! אין מיין ברוסט ברענט א פייער, וועלכען איך קען ניט לעשען, און איך גלויב, אז דיעזען פייער האָט יענע שווינדלערין אין מיר אָנגעצונדען.

— זעהט נאָר, אז איהר זאָלט זיך ניט פערברעכען!

— פערברעכען? ניין, אזוי ווייט וועט עס ניט קומען. איך האס זיא, וויל זיא איז דיא פיינדין פון מיין קייזערין, איך וויל נאָר דורך איהר צוריק געווינען יענע שטעלונג, וועלכע איך האָב ביי דער קייזערין פערלאָרען און וועלכע פאָטעמקין האט ביי מיר אוועקגענומען. און דאָך, ווען איך זעה דאָס שעהנע געזיכט פון דער גרעפין, ווען איך הער איהר זיסע שטימע, פיהל איך מיך צו איהר אין גאנצען צוגעצויגען. דאן פיהל איך אין מיר דיא לוסט זיא אומצוארמען, ניט מעהר צו פערדערבען, זאָנדערן צו שיצען.

— דאָס איז דיא מאכט פון דעם צויבער וואָס שטראָמט ארויס פון איהר שעהנהייט, גראף, אָבער איהר ווילט דאָך מיט מיר רעדען וועגען אייערע פלאנען.

— איהר האָט רעכט! איך האָב א גלענצענדען פלאן וואָס וועט דיא גרעפין אריינברייננגען אין מיין נעץ.

— און איהר ווילט איהם היינט אויספיהרען?

— יא, היינט.

— און איהר גלויבט, אז ער וועט געלינגען?

— קיין צווייפעל. הערט וואָס איך האָב בעשלאָסען. דער באָל אין דעם פאלאסט טריענטינא וועט זיך ענדיגען צווישען עלף און צוועלף אוהר. דאן וועל איך דיא גרעפין איינלאדען צו קומען אויף אונזער שיף. איך בין זיכער, אז זיא וועט דיא איינלאדונג אָננעהמען. קוים איז זיא אויף'ן שיף, וועלען מיר גלייך אָבפאָהרען און אויב דיא ווענעציאנער וועלען אונז נאָכיאָגען, וועלען מיר זיי טראקטירען מיט אייניגע באָמבעס. יעצט לאָמיר געהן צום באָל; עס איז שוין צייט!

אָרלאָוו און זיין אדיוטאנט זיינען ארויס פון קאפע־הויז. קומענדיג אין פאלאסט טריענטינא האָבען זיי דיא אויבערמאנטלען אויסגעטהאָן און מען האט געזעהן, אז זיי טראָגען רוסישע יוניפאָרמען.

אין דעם גרויסען זאאל איז דיא פאָרנעהמסטע געזעלשאפט פון ווענעדיג פערזאמעלט געווען און צווישען דיא רייכגעפוצטע דאמען האט קלאריסא גע־שיינט וויא א ליכטיגער שטערן אויף'ן הימעל.

— גרעפין! האָט אָרלאָוו צו איהר געזאָגט צוטראָגענדיג איהר האנט צו זיינע ליפען, איך קום אייך זאָגען זייט געזונד!

— זייט געזונד? האָט זיא געפרעגט און האָט איהם פערוואונדערט אָנ־געקוקט, איהר ווילט שוין ווענעדיג פערלאָזען? איז אייך אונזער שטאָדט אזוי וועניג געפעלען? איהר האָט דאָך דאָ ביי אונז אזוי וועניג פערבראכט!

— מיך רופט דיא סלוזשבא, גרעפין, מיין קייזערין רופט מיך צוריק און מאָרגען מוז איך מיט מיין שיף אָפזעגלען.

— אָה, א שאדע, האָט דיא גרעפין אויסגערופען.

— אָבער אום דיא אנגענעהמסטע עראינערונג פון אייך, גרעפין, מיטצור־נעהמען וויל איך אייך בעטען אין מיין שיף צו קומען און אנטהייל נעהמען אין דעם מאָהלצייט, וועלכען איך האָב צוליעב אייך געלאָזט סערווירען. מיר האָבען יעצט קארנאוואל און אין דיא טעג פון קארנאוואל מעג מען זיך דאָס ער־לויבען. אויב איהר ווילט, קענט איהר אייך צו דיעזען גאנג פערמאסקירען.

— ווארום זיך פערמאסקירען? מיך קימערט ניט וואָס דיא וועלט וועט פון מיר זאָגען! אָבער איך האָב נאָך מיט אייך א געוויסען געגענשטאנד צו בעשפרעכען, ווייל איך האלט אייך פאר מיין פריינד.

— א צווייטען פריינד וויא איך האָט איהר ניט, גרעפין! און איך קען וועטען, אז איך ווייס איבער וואָס איהר ווילט מיט מיר ריידען!

— שווייגט, גראף! איך בין זאָגאר אין מיין אייגענעם פאלאסט ניט זיכער פון שפיאָנען. אויף אייער שיף וועלען מיר רעדען. דאָרטען זיינען מיר זיכער.

— אויסגעצייכענט, ליעבע גרעפין!

— און יעצט, זאָגט מיר, גראף, זייט איהר ווירקליך קאטהערינא'ס פריינד?

— איך מוז זיין איהר פריינד, ווייל איך טראָג דיא רוסישע יוניפאָרם, אָבער איך בין איהר פיינד, ווייל זיא האָט מיך געצוואונגען דיעזען יוניפאָרם צו טראָגען. איהר דארפט דאָך פערשטעהן, גרעפין, וואָס פאר א שווערע אמט דאָס איז אן אדמיראל צו זיין. מען איז קיינמאָל ניט אין דער היים, מען קען קיינמאָל ניט זיין דאָרטען וואו מען איז גערן צו זיין... שטענדיג אויף'ן וואסער!

— דאָס איז פיעלייכט בעסער וויא צו זיין מיט אן אונגעטרייע פרוי, ניט אזוי, גראף?

— איהר האָט רעכט, גרעפין!

— אָבער זאָגט מיר, גראף, קורץ און בינדיג: זייט איהר פאר קאטהערינא אָדער געגען איהר?

— וויא קען איך פאר איהר זיין, ווען זיא האָט מיך אזוי טיעף בעליי־דיגט? האָט איהר געהערט פון אלעקסאנדער פאָטעמקין?

— מען האָט מיר דערצעהלט, אז דיעזער פאָטעמקין איז יעצט קאטהערי־נא'ס ליעבלינג.

— דאָס הייסט: דער נייער ליעבלינג! דאָס בעווייזט, אז פריהער האָט זיא אן אנדער ליעבלינג געהאט. אָבער איך מוז זאָגען, גרעפין, אז דער פריהער־דיגער ליעבלינג וועט דער קייזערין דאָס קיינמאָל ניט פערצייהען!

— איך גלויב, אז אזא פרוי וואָס שפיעלט מיט מענער־הערצער קען מען ניט פערצייהען!

— ניין, האָט בעשטעטיגט אָרלאָוו.

— אך! אויב אזוי, מוזט איהר זיא האסען!

— נעווים, ליעבע גרעפין!

— און איהר ווילט נעגען איהר קעמפפען?

— מיט אלע מיינע קרעפטען!

— און איהר זוכט העלפער צו דיעזען קאמפף?

— ווען איך זאל זיי נאר קענען געפינען!

— אהה, דאן נעהם מיך! איך בין דיא פערזאן וואס וויל קאטהערינא'ס הערשאפט פערניכטען. מאכט מיך צום ווערקצייג פון אייער ראכע. אבער יעצט גענוג! איך מוז צוריק געהן צו מיינע געסט. ארום עלף אוהר וועט זיך ענדי־גען דער באל. צו אייך קען איך ערשט ארום צוויי אוהר קומען. איך קען מיין פאלאסט ניט פערלאזען ביז אלע ליכט וועלען אויסגעלאשען ווערען.

— אלזא, וועל איך אייך ארום צוויי אוהר אויף מיין שיף ערווארטען, גרעפין!

— ערווארטעט מיך, גראף, איך וועל געווים קומען, אבער איהר מוזט אזוי איינריכטען, דאס קיינער זאל אונז ניט שטערען.

— עס וועט אלעס געשעהן וויא איהר ווינשט, גרעפין!

— אלזא, זיינען מיר ביידע פערבונדען אויף לעבען און טויט?

— אויף לעבען און טויט, גרעפין!

זיא האט איהם איהר האנד דערלאנגט און ער האט אויף דיעזער צארט־ווייסע האנד א הייסע קוס אפגעדריקט.

דאן איז זיא אוועקגעגאנגען צו איהרע געסט.

א קורצע צייט נאכדעם האט ארלאוו, אין דער בעגלייטונג פון זיין אדיו־טאנט, פערלאזען דעם פאלאסט טריענטינא און איז אינערליך געוועזען העכסט צופריעדען פון דער אונטעררעדונג וואס ער האט געהאט מיט גרעפין קלאריסא.

זיין פלאן האט אנגענומען נאך א בעסערע ווענדונג וויא ער האט ערוואר־טעט. דיא גרעפין וועט קומען אויף זיין שיף "טשעסמע", און קוים וועט זיא דיא שיף בעטרעטען, איז זיא שוין זיין געפאנגענע. ער וועט זיא ברייננען נאך פעטערבורג, ער וועט זיא איבערגעבען דער קייזערין און דער שכר פאר זיין מיה איז איהם שוין פאלקאמען זיכער.

— קומט, ליעבער קריסטענעק! האט ער אויסגערופען, מיר וועלען אויף אונזער שיף אויסטרינקען א פאר פלעשער שאמפאניער. מיר פייערען היינט א גרויסען זיעגעס־פעסט און איך שווער אייך ביי דער הייליגער מוטער פון קאזאן, אז מיין זיעג איז גרעסער פון פאטעמקין'ס וואס האט דעם רעוואלוציא־נער פוגאטשעוו געשלאגען און בעזיעגט.

ארום עלף אוהר איז דיא גרעפין קלאריסא פון איהרע געסט פערשוואונ־דען. אין דעם גרויסען טומעל פון דעם אויסגעלאסענעם קארנאוואל־פעסט איז

איהר יעהר לייכט געוועזן זיך צוריקצוציהען. זיא איז אריינגעקומען אין איהר בודואר, האט אויסגעטהאן איהרע באל־קליידער און האט אנגעצויגען אן איינפאכע דונקעלע קלייד. איהר קאמער־מיידעל האט אויף איהר אן איינפאכען מאנטעל ארויפגעווארפען.

— איז ניקאלא מיט זיין שיפעל אונטען? האט זיא נעפרעגט.

זיא איז ארויסגעגאנגען פון איהר בודואר, דורך א הינטער־טיהר איז זיא אריינגעקומען אין גארטען און פון דארטען האט זיא גענומען דעם וועג צום קאנאל. אויף דעם בעשטימטען פלאץ ביים ברעג איז געלעגען דיא קליינע שיפעל. אויף דער רודער־באנק איז געלעגען אן אלטער גרייז־גרויער מאן און האט, וויא עס האט געשיינט, געשלאפען.

— העי, ניקאלא! האט איהם דיא גרעפין געוועקט.

דער אלטער איז האסטיג אויפגעשפרונגען.

— פערצייהונג, מאדאם! האט ער אויסגערופען, איך האב געכאפט א דרעמעל.

— גוט! גוט! פיהר מיך מיט דיין שיפעל צו דער לאגונען־פארשטאדט. דו ווייסט דאך, אויף דעמזעלביגען וועג וויא אימער.

דער אלטער האט גאר נישט געענטפערט. שווייגענדיג האט ער גענומען דיא רודערס אין דיא הענד און לאנגזאם האט זיך דאס שיפעל געגליטשט איבער דיא בלויע וועללען.

— קלאריסא האט זיך טיעפער איינגעוויקעלט אין איהר מאנטעל און האט אויפגעשטעלט דעם קראגען אום איהר געזיכט צו פערבארגען.

— מיר זיינען שוין אין דער לאגונען־שטאדט! האט דער אלטער אויסגערופען, דא וואהנען דיא ארימע פישער, וועלכע לעבען אין ביטערער נויטה. מיר זיינען ניט וויט פון דער הייזעל, אין וועלכע ער וואהנט...

— דארטען בלייב שטעהן, אלטער!

— זאל איך אויף אייך ווארטען, גרעפין?

— ניין! צוריק וועל איך געהן צופוס... מארגען וועסט דו צו מיר קומען און איך וועל דיר בעצאהלען. געה מיט גאט!

— גאט זאל מיט אייך זיין, גרעפין! דא אין דיעזען שטאדט־טהייל איז ניט זיכער. עס וואלט געווים גלייכער געוועזן, ווען איך זאל אייך בעגלייטען!

— ניין, ניין, פאהר צוריק! איך דארף ניט דיין בעגלייטונג!

דער אלטער איז מיט זיין שיפעל אוועקגעפאהרען.

איינינע מינוט איז קלאריסא געשטאנען אויפ'ן ברעג און האט זיך ארומגעקוקט אויף אלע זייטען, דאן איז זיא צוגעגאנגען צו דיא קליינע הייזעל און האט דריי מאל אנגעקלאפט אין טיהר.

זיא האט דערהערט טריט און איהר הארץ האט אנגעהויבען צו ציטערען.

דיא טיהר האט זיך געעפענט און אויף'ן שוועל איז געשטאנען א שעהנער יונגער מאן מיט שווארצע לאקען.

— גרעגאר! האט זיא אין דער העכסטער פרייד אויסגערופען.

— קלאריסא! געליעבטע! דו ביזט עס? איך האב דיך ערווארטעט!

ער האט זיא אומגעארעמט מיט ביידע הענד און האט זיא צוגעדריקט צו זיין ברוסט.

דיא טיהר האט זיך הינטער זיי געשלאסען.

גרעגאר האט זיא אריינגעפיהרט אין א קליינעם ארעמען צימער, וועלכער איז באלד פערוואנדעלט געווארען אין א טעמפעל פון ליעבע. א לאנגע צייט האבען זיך ביידע געהאלטען ארומגענומען און דער צימער האט געהילכט פון לאנגע, הייסע קוסען.

— דו ווייסט גאר ניט, קלאריסא, וויא איך האב נאך דיר געביינקט! איך האב גאר ניט געגלויבט, אז דו וועסט קומען. איך בין פערבייגעפאהרען דיין פאלאסט. איך האב געזעהן דיא ליכטיגע פענסטער א.ז האב געהערט דיא מוזיק. אך, קלאריסא, דו ווייסט גאר ניט וואס איך האב דערביי געליטען! דער געדאנק, אז אן אנדערער האלט דיך אין זיינע ארעמס און שוועבט מיט דיר טאנצענדיג איבער דעם פארקעט, האט מיך שיער וואהנזיניג געמאכט. איך האב איינינע מאל געכאפט דעם מעסער אום זיך אויף יענעם צוווארפען און איהם צו ערמארדען... ניין, קלאריסא, איך קען אזא לעבען ניט פערטראגען! איך קען דיך זעהן נאר ביי נאכט און ביי טאג געהערסט דו צו אנדערע!

— שטיל, דו נארישער, אייפערזיכטיגער מענש! אין איין נאכט געניסט דו פון מיר מעהר ליעבע וויא אנדערע אין טויזענד טעג. דא, מיין ליעבער גרעגאר, דא אין דיינע ארמס פיהל איך מיך גליקליך און רוהיג... זאג, מיין טהייערער, וועסט דו מיך שיצען, ווען אימעצער וועט מיר וועלען שלעכטס טהאן?

— מיט מיין גאנצען לעבען און מיט מיין גאנצע ליעבע, קלאריסא! אבער ווער וויל דאס דיר שלעכטס טהאן? דיר, וואס דו ביזט א מלאך פאר אלע אונגליקליכע? גאנץ ווענעדיג בעט צו דיר וויא צו א הייליגע.

— און דו דארפסט מיט דעם שטאלצירען, מיין ליעבער גרעגאר!

— געוויס וואלט איך מיט דעם שטאלצירט, ווען דיא גאנצע וועלט וואלט געוואוסט, אז דו ביזט מיינע, אז דו געהערסט צו מיר! אבער זאג מיר, קלאריסא, האט דען אונזער ליעבע גאר קיינע אויסזיכטען ניט? מיר קענען עפענטליך ניט צוזאמענקומען, מיר קענען זיך ניט ווייזען עפענטליך פאר דער וועלט. וויא א גנב מוז איך מיך אריינגנב'ענען צו דיר ביי נאכט. ווען וועט דאס נעהמען אן ענדע?... אבער וואס איז מיט דיר? דו ביזט מיט איינמאל עפעס אזוי טרויעריג געווארען.

— ווערסט דו מיך אימער ליעבען, גרעגאָר?... עפּיס זאָגט מיר מיין הארץ פאר עפּיס שלעכטעס.

— אָה, גאָט זאָל עס בעהיטען! ניין, קלאריסא, אונזער ליעבע דארף זיך קיינמאָל ניט ענדיגען. אָדער גלויבסט דו, אז דיין ליעבע צו מיר איז ניט גענוג שטארק?

— ניין, גרעגאָר! איך וועל דיך ליעבען ביז צו מיין לעצטען אטהעמצוג, דען דו ביזט מיר אלעס אין דער וועלט, אָבער דער שיקזאל וועט מיך באלד פון דיר אוועקפיהרען ווייט, גאנץ ווייט, אין אזא לאנד, וואו עס ערווארטעט מיך א טהראָן און א קרוין!

— און איך וועל מיט דיר מיטגעהן, קלאריסא! איך וועל פאר דיר קעמפּ־פען, איך וועל דיך בעוואכען און אויב דו וועסט ווירקליך זיצען אויף דעם טהראָן, וועל איך דאָרטען ליעגען ביי דיינע פיס און זיין דיין טרייעסטער דיענער.

— מיין טהייערער געליעבטער, האָט זיא געזאָגט צערטליך גלעטענדיג זיינע שווארצע לאָקען, איך וויל דיר ערקלערען וויא איך רעכען צו קומען צו מיין ציעל. דו קענסט דאָך דעם פירסט אָרלאָוו —

— געוויס קען איך דעם רוסישען באנדיט, האָט גרעגאָר מיט אן אויפ־גערעגטען טאָן אויסגערופען, איך האָב זאָגאר דיא לעצטע פאָר וואָכען געשפּיעלט דיא ראָלע אלס זיין ערגעבענסטער דיענער אום אויף איהם אכטונג צו געבען, דען איך וויים, אז ער זוכט דיין ליעבע און וויל דיך געווינען. אָה, קלאריסא, ווען דו ליעבסט מיך ווירקליך, בעט איך דיך, פערטרייב איהם פון זיך, לאָז איהם ניט אריין אין דיין הויז!

— אָה, וויא אייפערזיכטיג דו ביזט! האָט געלאכט קלאריסא. אָבער אום דיך צו בערוהיגען וויל איך דיר ערקלעהרען, אז דאָ האנדעלט זיך ניט וועגען ליעבע, זאָנדערן וועגען פּאָליטיק. אָרלאָוו איז מעכטיג, ער בעזיצט אין רוסלאנד א גרויסע פארטיי און דורך זיין הילפע וועט מיר געלונגען קאטהערינא'ן צו שטירצען און אנשטאָט איהר זיך אויף'ן טראָהן צו זעצען. מיט דיעזען צוועק געה איך יעצט אויף דער קריעגסשיף "טשעסמע" וואוהין אָרלאָוו האָט מיך איינגעלאדען צו א גלענצענדען פעסט, און דאָרט וועל איך מיט איהם אלעס בעשפּרעכען.

— אָבער וויא קענסטו איהם גלויבען, געליעבטע? מיט וואָס ביזטו זיכער, אז דער רוסישער שופט נארט דיך ניט אָב?

— זאָג מיר, גרעגאָר, האָט זיא זיך אָבגערופען ניט ענטפערענדיג אויף זיין פראגע. וואָס וואָלסטו טהאָן זעהענדיג, אז איך האָב זיך אָבגעגעבען צו אן אנדערען? ווען איך וואָלט אין א געוויסען טאָג דיר זאָגען: יא, איך האָב דיך געליעבט, אָבער יעצט ניט מעהר, יעצט וויל איך צו אן אנדערען געהערען —

— וואס איך וואלט טהאן? פרענסט דו, איך — אח, איך וואלט זיך געטויטעט, קלאריסא. איך וואלט פון דיר און פון איהם בלוטיגע ראכע גענומען!

— נו זעהסט דו, מיין פריינד, אזוי מוז יעצט פירסט ארלאוו האנדלען. עס איז א בעוואוסטע זאך, אז קאטהערינא האט איהם געליעבט אדער ווע־ניגסטענס זיך געלאזט פון איהם ליעבען אזוי לאנג וויא זיא האט איהם געברויכט. יעצט האט זיא איהם פערשטויסען און זיך גענומען אן אנדערען, אלעקסאנדער פאטעמקין, וועלכען זיא האט גרויס און גליקליך געמאכט. יעצט זעהסטו, אז ארלאוו קען מיך ניט פערראטהען, דען דיא ראכע זעלבסט האט איהם געמאכט אלס מיין ווערקצייג און איך וואלט געווען א נאר, מיט דיזע געלעגענהייט זיך ניט צו בענוצען.

גרענאר האט פון דעסטוועגען פרובירט מיט אלע מיטלען זיין געליעבטע אברעדען, אז זיא זאל אויף ארלאוו'ס שיף ניט געהן, ווייל דאס איז פאר איהר געפעהרליך. דאך האט זיא זיינע ווערטער ניט אנגענומען, זאגענדיג אז ער פער־שטעהט גאר ניט פון פאליטיק. ער האט זיא געבעטען זיא זאל איהם וועניג־סטענס מיטנעהמען נאך דיא רוסישע קריעגס־שיף. אבער זיא האט דאס איהם שטרענג פערבאטען. זיא האט אויך ניט געוואלט, אז ער זאל איהר נאכפאהרען, ווייל דאס קען איהר זעהר פיעל שאדען. נאך א קורצע צייט האט זיא מיט צערטליכע ווערטער פון איהם אבשיעד גענומען און איז ארויסגעגאנגען פון הייזעל.

עס איז שוין געווען צוויי אוהר ביינאכט, ווען קלאריסא איז אריינגעשטי־גען אין דעם עלעגאנטען באאט פון דיא רוסישע קריעגס־שיף, וועלכע ארלאוו האט אונטערגעשיקט צו דער וואסער טרעפ פון מארקוס־פלאץ.

ווען זיא איז אנגעקומען אויף דיא "טשעסמע", וועלכע איז צו איהר עהרע געווען פראכטפאל אילומינירט, האט מען זיא דארט עמפפאנגען מיט אזא פא־ראד גראדע וויא זיא וואלט ווירקליך געווען דיא צוקונפטיגע הערשערין פון רוסלאנד. דיא מוזיק האט אנגעפאנגען צו שפיעלען דאס רוסישע נאציאנאלע ליעד און אלע קאנאנען האבען מיט א בעגריסונג אויסגעדונערט. דיא גאנצע מאנשאפט, מאטראזען און סאלדאטען מיט זייערע אפיציערען זיינען געווען אויסגעשטעלט אין רייהען און פירסט ארלאוו, אין פולען אדמיראל מונדיר איז איהר געקומען ענטגעגען און מיט א העפליכע פערנייגונג האט ער איהר געזאגט:

— ווילקאמען אויף'ן רוסישען באדען, מיין טהייערע גרעפין! נאך ניעמאלס האט אזא שעהנער, ליעברייצענדער גאסט בעטרעטען דעם דעק פון אונזער שיף. דארף איך אייך מיין ארם ביעטען, גרעפין, אום אין מיין קאיוטע אייך צו בעגלייטען?

קלאריסא האט אנגענומען ארלאוו'ס האנד און איז אראבגעגאנגען דיא

טרעפ אין זיין קאיוטע, וועהרענד דיא גאנצע מאנשאפט האט ניט אויפגעהערט איהר נאכצורופען בעגריסונגען פון הורראה.

דיא קאיוטע איז געווען העל בעלויכטעט און פראכטפאל אויסגעשטאטעט. קלאריסא האט בעשלאסען דיעזעס מאל צו פערטראגען געדולדיג ארלאוו'ס ליעבעס־בליקען און זיינע גאלאנטע צערטליכקייטען אום דאמיט איהם פאלשטענדיג אויף איהר זייט צו געווינען.

נאכדעם וויא זיי האבען זיך געזעצט און געשפראכען איינינע ווערטער, האט ארלאוו אנגעקלונגען. מעהרערע דיענער זיינען אריינגעקומען און געבראכט זילבערנע געשיר מיט פערשיעדענע דעליקאטעסען און איינינע פלעשער שאמפאניער. ווען דיא דיענער זיינען ארויסגעגאנגען האט ער אנגעגאסען דיא גלעזער און האט אויסגערופען:

— איך טרינק פאר דעם וואהל פון דער, וועלכע וועט רוסלאנד רעגיערען, וועלכע האט איינציג און אליין דאס רעכט אויף רוסלאנד'ס טראהן. איך ווינש, אז עס זאל איהר געלינגען דאס רוסישע פאלק צו בעגליקען.

נאכדעם וויא ער האט זיין גלאז אויסגעטרונקען האט ער זיך געשטעלט פאר קלאריסא אויף דיא קניע און האט ווייטער געשפראכען:

— יא, אייך, נאר אייך אליין אנערקען איך אלס מיין ריעכטמעסיגע קייזערין און איך וויל אייך ביישטעהען, איך וויל אייך העלפען אלע אייערע פיינדע פון וועג אבצוראמען ביז איהר וועט דעם טהראן בעשטייגען.

— שטעהט אויף, פירסט ארלאוו, האט קלאריסא אויסגערופען אין גרויס פערלעגענהייט. איך בעט אייך, שטעהט אויף! נאך זיינען מיר ווייט, זעהר ווייט פון אונזער ציעל. נאטירליך ווען מיר זאלען ביידע צוזאמענהאלטען, דאן איז מעגליך מיר זאלען עס עררייכען און דאן, ווען דער גלאנץ פון דער קרוין וועט מיך בעשיינען, דאן וועט איהר זיין דער נעכסטער צו מיר און דער ערשטער אין מיין גאנצען רייך.

— דאס האף איך, האט ער געענטפערט אננעהמענדיג איהר האנד. מיר מוזען איינע דיא אנדערע טריי בלייבען און צוערשט וועל איך פון אייך פערלאנגען איהר זאלט מיר דארויף געבען א שריפטליכען דאקומענט.

— א דאקומענט? האט זיא געפרעגט איבערראשט. איז דען מיין ווארט ניט גענוגענד?

— פאר מיר געוויס, פאלקאמען גענוגענד. אבער דא האנדעלט זיך ניט וועגען דעם. מיר מוזען ענטשלאסען ארבייטען און דיא צייט בענוצען אום קאטהערינא זאל אונטערדעסען זיך ניט דערקונדיגען וועגען אונזערע פלאנען; דאס וואלט אונז זעהר פיעל קענען שאדען.

— אבער איך פערשטעה נאך אימער ניט וואס האט עס צו טהאן מיט א שריפטליכען דאקומענט פון מיר?

— איך מיין, אז איהר זאָלט ארויסלאָזען א מאניפעסט צום רוסישען פאָלק, אום זיי אויף אייער זייט צו געווינען. איך וועל שוין אונטערדעסען דורך געהיימע דרוקערייען פערזאָרגען, אז דיעזער מאניפעסט זאָל אין פיעלע מי־ליאָנען איבער דעם גאנצען לאנד פערברייטעט ווערען. איך זאָג אייך, איהר וועט דאמיט געווינען דיא הערצער פון פאָלק, גראדע וויא איהר האָט מיין הארץ שוין געוואונען.

נאָך א קורצען נאָכדענקען איז קלאריסא געווען דאמיט איינפערשטאנען. אָרלאָוו האָט מיט ענטציקונג איהר האנד געקוסט און האָט זיא ארייננעפיהרט אין צווייטען צימער, אין זיין ארבייטס־קאבינעט, וואו זיא האָט זיך אויף זיין איינלאדונג געזעצט צום טיש און נאָך זיין דיקטירען האָט זיא פאָלגענדען דאָ־קומענט געשריעבען:

"רוסען! לאנג גענוג האָט איהר געשמאכטעט אונטער דעם יאָך פון א טי־ראנין, וועלכע האָט דורך מאָרד און פערברעכען זיך אָנגעטהאָן דיא אלטע עהרווירדיגע קרוין פון דיא רוריקס. איך מיין דיא יעניגע קאטהערינא, וועלכע האָט איהר מאן ערמאָרדעט און דאן אויך אומגעבראכט אין שליסעלבורג דעם לעצטען פון דעם הייליגען שטאם ראָמאנאָווס.

"רוסען, דיעזע פרעמדע פרוי, וועלכע זיצט יעצט אין דעם ווינטער פאַ־לאסט פון פעטערבורג, האָט דיא רוסישע קרוין געשענדעט און בעפלעקט מיט דעם בלוט פון איהרע אונטערטהאנען. דיא ווירטהשאפט פון דיעזע פאלשע אונ־געזעצליכע קייזערין האָט אייך רואינירט. דיא שטייערען זיינען שוין אונער־טרעגליך און דאָס לאנד איז געשטירצט אין עלענד. דאָס פאָלק הונגערט און זיא פערשווענדעט מיליאָנען פאר איהרע געליעבטע.

"זאָל איך אייך דערצעהלען, וויפיעל גרויסע גיטער עס בעזיצט יעצט איהר ליעבלינג אלעקסאנדער פאָטעמקין, וועלכער איז ערשט מיט איינינע יאָהר צוריק געווען אן אָרימער לייטענאנט? ניין, איך דארף אייך דאָס ניט דער־צעהלען, איהר ווייסט עס אליין גוט גענוג.

"רוסען, דיא צייט איז געקומען, אז איהר זאָלט דיעזען פרעמדען יאָך פון זיך אראָבוואַרפען. איך, דיא טאָכטער פון אייער צארין עליזאבעט, וועלכע איז געוועזן א הייליגע אויף'ן טהראָן, א וואָהלטהעטערין פון פאָלק, איך, דיא טאָכ־טער פון אייער וואהרע קייזערין, איך קום אום אייך צו בעפרייען.

"דער טראָהן פון רוסלאנד געהערט מיר אלס א געזעצליכע ירושה. איך וועל אן דער שפיצע פון א זיעגרייכע ארמעע מיט טריאומף ארייגציהען אין פעטער־בורג, און וועהרענד קאטהערינא מיט איהר ליעבלינג וועלען שמאכטען אין קער־קער, וועהרענד די טאָכטער פון דער צארין עליזאבעט וועט בעציערען רוסלאנד'ס טראָהן, אין דיעזע שטונדע וועט ערפילט ווערען דיא אלטע אייך בעקאנטע פראָפעצייהונג:

"פון רוריק'ס שטאם האט ארויסגעשפראצט דער ראמאנאוו־צווייג און פון איהם איז געווארען א מעכטיגער בוים. עס גיבט קיין מאכט אין דער וועלט וואס זאל קענען דיעזען בוים צוברעכען.

— איהר זייט צום בעוואונדערען, פירסט ארלאוו! האט קלאריסא אויסגע־רופען ווען ער האט דאמיט אויפגעהערט צו דיקטירען. דער דאקומענט איז אב־געפאסט דיפלאמאטיש און קונסטפאל. איך בין שטאלץ אזא שריפט מיט מיין נאמען צו אונטערצייכנען.

— אבער זייט אזוי גוט און שרייבט גאנץ אפען: קלאריסא, קייזערין פון רוסלאנד, פארלויפיג בעקאנט אונטער דעם נאמען גרעפין פאן פינעבערג.

קלאריסא האט אויך דיעזען ראטה געפאלגט און דאן האט זיא איבערגע־געבען דעם פאפיער ארלאוו'ען, וועלכער האט עס בעהאלטען אין זיין ברוסט־טאש זאגענדיג:

— ווען איהר וועט דאן אויף מיין רוף קומען נאך קראנשטאדט וועט שוין אלעס זיין פערטיג צו אייער עמפפאנג. לאזט מיך נור ארבייטען און אונזער ציעל וועט שנעל און אם בעסטען עררייכט ווערען.

— אבער ווייסט איהר אויך, פירסט, אז איהר האט איבער מיר א געוויסע מאכט? אן אנדערען וואלט איך ניעמאלס אזא דאקומענט געגעבען, אבער אייך פערטרויע איך, ארלאוו. איך שפיר גראדע אזוי וויא מיר וואלטעןביידע צוזאמענגעהערען, גראדע אזוי וויא מיר וואלטען געווען נאהענטע פערוואנ־דטע.

— דאס שמייכעלט מיך זעהר! האט ער זיך אבגערופען און זיין האר־ץ האט איהם געזאגט, אז ער וועט מיט איהר טויט זיך אליין זעהר וועה טהאן.

— וויא הייס דא איז! האט זיא אויסגערופען. איך מוז געהן אויפ'ן דעק זיך עטוואס דערפרישען.

און ניט ווארטענדיג אויף ארלאוו'ס ענטפער איז זיא שנעל ארויסגעגאנ־גען, נאך שנעלער וויא ער האט געקענט ערווארטען. ארלאוו האט אייגענטליך געהאט דיא אבזיכט איהר מעהר ניט ארויסצולאזען פון קאיוטע. דאך האט ער זיא מיט געוואלד יעצט ניט געוואלט צוריקהאלטען, דען ער איז דאך זיכער, אז זיא וועט יעדענפאלס פון זיינע הענד ניט אנטלויפען. ער איז אלזא אויך ארויס אויפ'ן דעק, אום איהר דארט צו ערקלעהרען, אז זיא איז א געפאנגענע.

— אה, עס פאנגט שוין אן צו טאגען! האט אויסגערופען קלאריסא, עס איז ווירקליך דיא העכסטע צייט פאר מיר אהיים צו פאהרען.

— וויא איהר ווילט, גרעפין, האט געזאגט דער גראף רוהיג. איך גער געבען בעפעהלע מען זאל פאר אייך פארבערייטען א באאט און אונטערדעססען וועט מיין אדיוטאנט קריסטענעק אייך אונטערהאלטען.

ארלאוו האט דערמיט בעצוועקט, אז זיא זאל ניט אויפמערקזאם ווערען

וועהרענד ער וועט געבען א בעפעהל, אז דיא קריעגס שיף זאָל אָבפאָהרען אין מעער, ווייל אזוי לאנג וויא דיא שיף שטעהט אין האפען איז מעגליך, אז דיא רעגיערונג פון וועגעדיג וועט איהם נאָך ניט לאָזען אָבפאָהרען, ווען דיא גרעפין זאָל מאכען א געוואלד.

אין דער צייט ווען אָרלאָוו איז געווען בעשעפטיגט מיט דיא אָפיציערען איבערגעבענדיג יעדען איינעם שטילערהייד דיא גויטיגע אינסטרוקציאָנען, איז קריסטענעק געשטאנען ביי דער זייט פון דער יונגער שעהנער גרעפין און האָט מיט איהר גרויס מיטלייד בעקומען. ער האָט געוואוסט וואָס פאר א שיקזאָל עס ווארט אויף איהר, דאָך האָט ער זיך ניט געקענט בעשליסען מיט איהר אָנצור־פאנגען א געשפרעך און איהר געבען א ווארנונג. ענדליך, ווען זיא האָט געזעהן, אז ער שטעהט און שווייגט, האָט זיא אָנגעפאנגען רעדען.

— הערר אדיוטאנט, האָט זיא געזאָגט, וואָס שטעהט איהר עפּעס אזוי אומעדיג? איהר מוזט בענקען אהיים נאָך אייערע עלטערען און קרובים.

— ניין, גרעפין, ניט דאָס איז דיא אורזאכע. עס האנדעלט זיך איבער־הויפּט ניט וועגען מיין איינענע פּערזאָן. איך בין יעצט פערטיעפט אין טרויעריגע געדאנקען וועגען אייך, גרעפין.

— וועגען מיר! ? האָט זיא אויסגערופען מיט א ליעבליכען שמייכעל, וואָס פאר א צוזאמענהאנג קען האָבען אייער אונמוטה מיט מיר?

קריסטענעק האָט זיך ארומגעקוקט אויף אַלע זייטען, דאן האָט ער איהר געענטפערט מיט א האסטיגען שנעלען טאָן:

— איך האָב אייך עטוואָס צו זאָגען, גרעפין, אָבער איהר מוזט זיך בעהער־שען און ניט צייגען דעם מינדעסטען צייכען פון שרעק. מען טאָר ניט בעמערקען וועגען וואָס מיר רעדען. איהר זיינט אריינגעפאלען אין א נעץ, גרעפין. אָרלאָוו האָט אייך איינגעלאָדען בלומרשט אלס עהרען־גאסט און אין דער ווירקליכקייט האָט ער אייך גענומען געפאנגען. צו דיעזען צוועק האָט איהם דיא קייזערין קאטהערינא ספּעציעל געשיקט נאָך וועגעדיג.

קלאריסא איז שרעקליך בלאס געוואָרען, דיא פיס אונטער איהר האָבען אָנ־געהויבען ציטערען און זיא וואָלט געוועזן געפאלען צום באָדען, ווען דער אדיו־טאנט זאָל זיא ניט געווען אונטערהאלטען.

אזוי ווי אום צו בעשטעטיגען דיעזע ווערטער האָט די שיף יעצט אָנגעפאנגען ארויסצופאָהרען פון האפען און אין פינף מינוט ארום נאָך איידער קלאריסא האָט געהאט צייט זיך צו ערהאָלען אום א געוואלד צו מאכען, איז שוין דיא שיף געווען מעהר וויא א האלבע מייל פון ברעג.

— איך בין אלזא פערלאָרען? האָט קלאריסא געשטאמעלט אין שרעקליכע פערצווייפלונג.

— גרעפין, אום גאָטעס ווילען צייגט ניט אייער שוואכקייט, איהר וועט

דאמיט אונגליקליך מאכען אי איך אי מיך. איהר מוזט האנדלען שנעל, ענטשלאָסען און מוטהיג.

— אָבער וואָס קען איך טהאָן?

— איהר מוזט אראָבשפּרינגען פון שיף אין וואסער און זוכען זיך צו רעטען דורך שווימען. אייער לעבען איז סאי־וויא־סאי פערלאָרען. אָבער, זעהט! האָט ער מיט אמאָל אויסגערופען דערפרעהט. גאָט פערלאָזט אייך ניט, דאָרט קומט א וועגעציאנישע שיפעל, אימער נעהענטער אהער, שפּרינגט שנעל ארונטער, דאָס שיפעל וועט אייך ראטעווען.

קלאריסא האָט מיט שארפע בליקען דערקענט, אז אין יענעם שיפעל זיצט איהר געליעבטער גרעגאָר. ער רודערט מיט אלע קרעפטען און דאָס שיפעל פליהט מיט דיא שנעלקייט פון א בליץ. זיא האָט אויסגעשפּראָכען איהר דאנק צו דעם עדעלען קריסטענעק, וועלכער האָט זיך צוריקגעצויגען אום מען זאָל ניט בעמערקען, אז ער זעהט וויא זיא אנטלויפט.

אָבער באלד וויא דער עדעלער יונגער מענש איז אָבגעגאנגען אייניגע טריט, איז איהם אָרלאָוו ענטקעגען געקומען מיט מעהרערע אָפיציערען. קריסטענעק האָט געזעהן, אז יעצט געהען זיי דיא אונגליקליכע גרעפין ארעסטירען, און דארום האָט ער בעשלאָסען מיט אן אויסרייד אָרלאָוו'ען אָבצוהאלטען, אום קלאריסא זאָל דערווייל קענען פון שיף אראָבשפּרינגען.

— וואשע סיאטעלסטוואָ, האָט ער געזאָגט, פערטרעטענדיג אָרלאָוו'ען דעם וועג. איך האָב אייך א וויכטיגען בעריכט אָבצוגעבען.

— ניט יעצט, קריסטענעק, ניט יעצט, איהר ווייסט דאָך וועגען וואָס דאָ האנדעלט זיך.

— דורכלויכט, אָבער מיין מיטהיילונג איז זעהר וויכטיג.

— וועגען דער פּרעטענדענטין?

— יאָ, וועגען איהר.

— נו, זאָגט שנעל, וואָס איז עם?

— איך וויל אייך מעלדען, אז איך האָב ערפאהרען, אז דיא פּערזאָן וואָס געפינט זיך אויף אונזער שיף איז גאָר ניט דיא ריכטיגע פּרעטענדענטין, זאָנדערן אן אנדערע וואָס האָט זיך אָנגענומען איהר ראָלע צו שפּיעלען.

— זייט איהר וואהנזיניג געוואָרען, קריסטענעק?

— אָבער, דורכלויכט, איך פערזיכער אייך —

— פּעררעטהער! האָט געדונערט אָרלאָוו בעמערקענדיג אין דיעזען מאָמענט וויא קלאריסא קריכט אויף דיא אייזערנע פּערצאהמונג פון שיף און איז שוין פערטיג אראָבצושפּרינגען אין וואסער. עה, אָפיציערען, דער אדיוטאנט איז ארעטירט! בעוואכט איהם! האלט איהם פעסט!

און אין דעם נעכסטען אויגענבליק איז אָרלאָוו וויא א טיגער צוגעשפּרונ־

נען צו דער אונגליקליכער קלאריסא און אָכּאָפּענדיג זיא מיט זיינעביידע שטארקע הענד האָט ער זיא ארונטערגעריסען צוריק און האָט אויסגערופען מיט א פאַלשען שפּאָט:

— ניין, שעהנע צארין, דיין רייך איז ניט דאָרט אונטען אין מעער. דו ווילסט דאָך פאָהרען נאָך רוסלאנד אום דאָרט צו הערשען.

— אָה, טייפעל, דו טייפעל אין מענשען געשטאַלט, לאָז מיך אָב, איך וויל שטארבען.

מיט דער קראפט פון פערצווייפלונג האָט זיא געקעמפּפט געגען איהם און עס וואָלט איהר פיליייכט געלונגען זיך פון איהם ארויסצורייסען, אָבער באלד זיינען אלע אָפיציערען צוגעלאָפען און האָבען זיא ארומגערינגעלט מיט זייערע בלויזע דעגענס.

— בארמהערציגקייט! רחמנות! מיטלייד! האָט געשריען דיא אונגליקליכע. אָה, מיין גאָט, טויטעט מיך בעסער!

איהרע געשרייען האָבען אָבער ניט געהאָלפען און אויף אָרלאָוו'ס בעפעהל האָבען דיא אָפיציערען אָנגעפאנגען זיא צו שלעפּען צום טרעפּ וואָס פיהרט צום שיף־קערקער.

אין דעם זעלבען אויגענבליק האָט קריסטענעק זיך ארויסגעריסען פון זיינע וועכטער, האָט ארויסגעכאפּט זיין שווערט און איז געלאָפען צו דער יונגער גרעפין שרייענדיג:

— איך קען דיך ניט רעטען, אָרימע קלאריסא, דאַן זאָלסטו וועניגסטענס שטארבען פון מיין האנד, דיא שענדליכע הענקער זאָלען דיך לעבעדיג ניט בע־קומען.

אָבער איידער ער האָט נאָך בעוויזען זיין אבזיכט אויסצופיהרען איז אָר־לאָוו בעפאלען אויף איהם מיט א כעס פון א ווילדען טיגער און באלד איז קריס־טענעק געפאלען א דערשאָסענער פאר זיינע פיס.

— אָרימע קלאריסא! — דאָס זיינען געווען דיא לעצטע ווערטער פון דעם עהרליכען אדיוטאנט, וועלכער איז באלד געבליעבען ליעגען טויט אין א טייך בלוט, ווערענד דיא יוניפאָרמירטע הענקער האָבען דיא יונגע גרעפין אראָב־געשלעפּט איבער דיא טרעפּ. נאָך א פּאָר פערצווייפעלטע געשרייען האָבען זיך פון אונטען געהערט און דאַן איז אלעס שטיל געבליעבען.

אָרלאָוו איז באלד צוריק ארויפגעקומען און געהייסען מען זאָל קריסטע־נעק'ס קערפּער אריינוואָרפען אין מעער און אָבוואַשען דעם דעק. דאַן האָט ער אָנגעשריעבען א פּראָטאָקאָל וועגען דיעזען צופאַל און געהייסען דיא אָפיציערען אונטערשרייבען אלס עדות, אז ער איז בערעכטיגט געווען דעם אדיוטאנט צו טויטען.

אונגעפעהר א האַלבע שטונדע איז פארביי געגאנגען. אָרלאָוו איז געזעסען

אונטען אין זיין קאיוטע עטוואס פערטראכט. דער באנדיט האט עבען יעצט דיא אונגליקליכע געפאנגענע, וועלכע ליעגט געשמידט אין קייטען גאנץ אונ־טען אין שיף־קערקער, פערגוואלטיגט און געשענדעט. יעצט זוכט ער זיך עט־וואס צו בערוהיגען, אום צו שרייבען א גענויעס רעפארט וועגען דעם וויא עס איז איהם געלונגען דיא פרעטענדענטין צו פאנגען.

פלוצלונג האט ער אויפגעוואכט וויא פון א טרוים, אלס דער שטייערמאן איז אריינגעקומען.

— האט איהר מיר וואס צו מעלדען, שטייערמאן? האט ער געפרעגט.

— יא, הערר אדמיראל, עס איז א מערקווירדיגע בעגעבענהייט, וועלכע איך זעה דעם ערשטען מאל. א קליינע שיפעל שלעפט זיך נאך אנגעבונדען צו אונ־זער שיף.

— א שיפעל? — אונזערע א שיפעל?

— ניין, הערר אדמיראל, א פרעמדע, א ווענעציאנישע. עס געפינט זיך נור איין מאן אין איהר און ער האט זיך גאנץ אונבעמערקט צוגעבונדען צו אונ־זער שיף.

—האט איהר געפרעגט דעם שיפער וואס ער וויל?

— יא, אבער ער ענטפערט אונז ניט. איך דענק, ווען אייער דורכלויכט זעלבסט —

— גוט, איך קום.

מיט דיעזע ווערטער האט ער ארונטערגענומען פון וואנד אן עלעגאנטען לעדערנעם שייד, אין וועלכען עס האט זיך געפונען א ספאקטיוו־גלאז און ארויס אויף'ן פערדעק. קומענדיג אויף דעם הינטערסטען טהייל פון שיף, האט ער בעטראכט דעם קליינעם באאט אונטען, וועלכער האט זיך נאכגעשלעפט צוגע־בונדען און ביי דעם ערסטען בליק האט ער אויסגערופען:

— צום טייפעל, דאס איז דער שווארצער גאנדאליערי פון ווענעדיג! וואס וויל ער דא? — עה, גרעגאר, גרעגאר!

מיט דיעזע אויסגעשרייען האט ער זיך אראבגעבויגען איבער דיא בעצוי־מונג פון שיף, אבער דער גאדאליערי איז געשטאנען אין שיפעל, קוקענדיג אויף דעם רוסישען אדמיראל מיט אונהיימליכע בליקען, און האט איהם ניט גע־ענטפערט.

— לאזט ארונטער דיא שטריק־לייטער, האט ארלאוו בעפאהלען, מיר ווע־לען הערען וואס דיעזער ווענעציאנער האט אונז צו זאגען.

ארלאוו'ס בעפעהל איז באלד ערפילט געווארען. גרעגאר האט געשיקט ארויפגעקלעטערט איבער דיא שטריק־לייטער און אין נעכסטען מאמענט איז ער ארויפגעשפרונגען אויף'ן פערדעק פון שיף, ווען ארלאוו האט איהם ער־ווארטעט ביי דעם הויפט־מאסט.

— נו, פריינד גרעגאָר, האָט איהם אָרלאָוו געפרעגט, ווארום האָסט דו זיך צוגעבונדען צו אונזער שיף? ווילסט דו פיליכט מאכען א רייזע נאָך רוסלאַנד? מיר פאָהרען גראדע אהין.

— פון מיינעטוועגען פאָהרט צום טייפעל! האָט דער גאָנדאָליערי גע־זאָגט, אָבער צוערשט גיט מיר ארויס דיא װענעציאַנערין, וועלכע איהר האָט גענומען געפאנגען. איך פאָדער דאָס פון אייך אין נאָמען פון מענשליכקייט און גערעכטיגקיים. איהר האָט דיא גרעפין ארייגגענארט אין אייער שיף דורך פאלשע פערשפרעכונגען, פון וועלכע זיא האָט מיר דערצעהלט און גלויבענדיג אין אייך האָט זיא מיר זאָגאר פערבאָטען איהר נאָכצופאָלגען. אָבער איך האָב נים געקענט רוהען, וויסענדיג אויף וועלכע שאנדטהאטען אייערע רוסען זיינען פעהיג. איך זאָג אייך נאָך אמאָל, גיט מיר ארויס דיא גרעפין, אונזער רעגיע־רונג וועט געוויס נים דולדען, אז מען זאָל אזעלכע ניעדערטרעכטיגקייטען אויף איהר באָדען בעגעהן.

דיא גאנצע צייט וואָס גרעגאָר האָט גערעדט אזוי אויפגערעגט, איז אָר־לאָוו געשטאנען און געשמייכעלט, דאן האָט ער זיך אָפגערופען מיט א געלעכ־טער:

— אזוי גאָר? צוליעב דעם האָסטו זיך דאָס בעמיהט צו קומען? איך קען דיר געבען א פריינדליכען ראטה, גרעגאָר, נעהם און פאָהר באלד צוריק און וועגען דעם שיקזאָל פון דער גרעפין זאָלסטו זיך גאָר נים קימערען. זיא האָט געמאכט א פערשווערונג געגען דער רוסישער קייזערין און א שטרענגע שטראפע ערוואר־טעט זיא דאָרט וואוהין איך וועל זיא ברייגגען.

קוים האָט אָרלאָוו אויסגעשפּראָכען דיזע ווערטער, אלס גרעגאָר איז צו איהם צוגעשפרונגען, געפאקט פאר'ן ברוסט און מיט א געוואלדיגע מאכט איהם א שליידער געטהאָן צום באָדען.

— דיא גרעפין! האָט ער געברילט וויא א צורייצטער לייב, גיב זיא ארויס, דו שופט! דו האָסט זיא גע'גנב'עט, ניעדערטרעכטיגער באנדיט, און אויב דו האָסט זיא נור אָנגעריהרט, דאן וועל איך דיך דערשטיקען, אזוי וואהר וויא מיין נאָמען איז גרעגאָר, דער גאָנדאָליערי פון וועגעדיג.

דער אונגליקליכער גרעגאָר האָט זיך אין זיין אויפרעגענדען צאָרן אין גאנצען פערגעסען, אז ער איז דאָ איינער און אָרלאָוו האָט ארום זיך א גאנצע באנדע משחיתים. און איידער עס איז איהם נאָך מעגליך געוועז אָרלאָוו'ען עטוואָס צו טהאָן זיינען צוגעשפרונגען א גאנצע אנצאָהל מאטראָזען, איהם געפאקט פון הינטען און אנידערגעוואָרפען.

אָרלאָוו איז אויפגעשפרונגען בלייך פון צאָרן און שרעק. זיינע דונקעלע אויגען האָבען געשפריצט מיט א פייער פון האס אויף דעם וועגעציאנער, וועל־

כען זעכס מאטראָזען זיינען קוים אים שטאנדע געווען צו בינדען, דען ער האָט זיך פון זיי געריסען מיט דער קראפט פון א ווילדעם טהיער.

— דו האָסט זיך ערלויבט מיך אָנצוגרייפען, קערל, האָט געזאָגט אָרלאָוו מיט א פערשטיקטען טאָן פון אויפרעגונג, דאפיר וועסטו מיט דיין לעבען בע־צאָהלען. איך וועל דיך אָהן איבעריגע צערעמאָניעס הייסען אויפהענגען אויף׳ן מאסט.

— ניט ארויס קלאריסא און טויט מיך! האָט גרענאַר אין פערצווייפ־לונג געשריען. רוסישער מערדער! קענסטו ווירקליך זיין אזוי ניעדערטרעכטיג, א שוואכע פרוי צו פאנגען? — איך שפיי דיר אין דיין שענדליכעם געזיכט, — אָט, אזוי, אזוי, — אָה, אָרעמע קלאריסא!

— הענגט איהם! האָט אָרלאָוו א בעפעהל געגעבען.

ווידער האָבען דיא מאטראָזען זיך געוואָרפען אויף דעם גאָנדאָליערי. א קורצער קאמפף איז ענטשטאנדען, אין וועלכען גרענאַר האָט געזוכט צו פערטהיידיגען זיין לעבען, אָבער דיא איבערמאכט איז געווען צו גרויס. באלד איז ער געווען געבונדען אזוי שטארק, אז ער האָט מיט א גליעד ניט געקענט בעוועגען און אין פערלויף פון איינינע מינוטען איז זיין טויטער קערפער גע־האנגען אויף׳ן הויפט מאסט וועהרענד דיא קריעגס־שיף מיט דיא געפאנגענע פרעטענדענטין האָט געצויגען ווייטער נאָך רוסלאנד.

38טער קאפיטעל

## פאָטעמקין און עליזאבעט.

וועהרענד אָרלאָוו האָט אויף דיעזען אופן געארבייט אום קאטהערינא׳ס גנאדע ווידער צו געווינען, וועהרענד ער האָט אלע מיטלען אנגעווענדעט אום דיא געפעהרליכע פרעטענדענטין לעבעדיג נאָך רוסלאנד צו ברייננען, האָט מען אין פעטערבורגער הויף געלעבט נאָך מיט דיא אלטע געוואָהנהייט.

דער ווינטער איז פארביינעגאנגען און עס איז געקומען דער פריהלינג. קאטהערינא האָט בעשלאָסען מיטצונעהמען איהר ליעבלינג נאָך דעם לוסט־שלאָס פון צארסקאָיע סעלאָ און דאָרט מיט איהם דעם גאנצען זומער צו פער־ברענגען. פאָטעמקין האָט אויף דיעזען פלאן מיט פרייד איינגעווילינט. זיין לינקע אויג, אָבוואָהל געראטעט, איז דאָך אימער ניט געזונד געווען און עס איז נאָך ניט געווען בעשטימט אויב ער וועט אויף׳ן אויג קענען זעהען. אויף דעם דאָקטאָר׳ס ראטה איז ער נאָך געצוואונגען געווען צו טראָגען דיא העסליכע, שווארצע באנד אויף׳ן געזיכט, איבערהויפט ווען ער איז געווען אין א ליכ־טיגען צימער. דאָס האָט איהם געמאכט אזוי פיעל פערדרוס אז ער האָט גע־פיהלט דאָס זיין גאנצע געזונדהייט איז אָנגעגריפען.

קאטהערינא האָט אין דער צייט אָנגעווענדעט אלע איהרע צערטליכקייטען

אום דעם פערצווייפעלטען צו טרייסטען. זיא האט איהם פערזיכערט אז ווען ער וואלט זאגאר איין גאנצען געבליעבען א קריפעל וואלט זיא איהם אויך ניט אויפגעהערט צו ליעבען גראדע אזוי וויא ביז יעצט. זיא האט איהם בעהאנדעלט וויא א פערצוויגענעם, קראנקען קינד, האט איהם שטענדיג געקוקט אין געזיכט, אום זיינעם א וואונש צו בעמערקען, נאך איידער ער וועט עס אויסשפרעכען און האט איהם געמאכט דיא רייכסטע געשענקע.

דער קייזערליכער פארלעזער פלאטאן זובאוו איז געווען שרעקליך פער-צווייפעלט. מען האט איהם אפילו א פאר מאל אין וואך גערופען אין דער קיי-זערין'ס בודואר אום דיא נייעסטע פראנצויזישע ווערקע פארצולעזען, אבער צו זיין גרויסען פערדרוס איז פאטעמקין אויך יעדעם מאל אנוועזענד געווען און דיא גאנצע צייט פון זיין לעזען פלעגט ער זיצען מיט קאטהערינא'ן אויף איין דיוואן, וועהרענד זיא האט איהר ליעבלינג געהאלטען ארומגענומען מיט ביי-דע ארמס.

זיצענדיג פון ווייטען איז פלאטאן זובאוו קוים געווען אים שטאנד צו בע-הערשען זיינע ברענענדע געפיהלען פון אייפערזוכט און יעדעס מאל פלעגט ער צוריק קומען אין זיין וואהנונג וויא א צוקאכטער. דאך קיין ראטה האט ער זיך ניט געקענט געבען און ער האט איינגעזעהן, אז פארלויפיג וויניגסטענס איז ער ניט אים שטאנד עטוואס געגען פאטעמקין'ען צו אונטערנעהמען.

זיין פערצווייפלונג איז נאך גרעסער געווארען ביים געדאנק, אז יעצט קען ער שוין ניט רעכענען אויף ארלאוו'ס פריינדשאפטליכע אונטערשטיצונג. אין הויף רעדט מען זעהר פיעל וועגען דעם, אז דיא קייזערין איז ווידער געווא-רען גנעדיג צו ארלאוו'ען. זיא האט איהם ערהויבען צו דער ראנגע פון א פירסט און אפגעשיקט אלס קאמאנדיר פון א פלאטע מיט עפעס א געהיימען אויפטראג. קומענדיג צוריק וועט ארלאוו געוויס זוכען דיא קייזערין פאר זיך צו געווינען און זובאוו קען דארום ניט רעכענען, אז ער וועט ווייטער אונטערשטיצען זיינע אינטריגעס געגען פאטעמקין'ען. גראדע פערקעהרט: עס איז זעהר מעגליך אז ער וועט גאר זוכען מיטלען וויא מיט איהם, זובאוו'ען, פערטיג צו ווערען, אום איהם אין גאנצען צו פערטרייבען פון הויף.

אין דער ווירקליכקייט האבען זיך יעצט געבילדעט ביי דעם קייזערליכען הויף צוויי גרויסע פארטייען, אן דער שפיצע פון דיא ערשטע איז געשטא-נען גראף פאנין, קאטהערינא'ס אלמעכטיגער מיניסטער, וועלכער איז געווען א בעגייסטערטער אנהענגער פון דעם עדלען פאטעמקין. צוזאמען מיט פאנין האבען געהאלטען דיא בעדייטענדסטע מענער און פרויען פון דעם רוסישען אדעל, וועלכע האבען געהערט צו דיא ליבעראלע קלאסע.

פון דיא ארלאוו-פארטיי איז ביז מיט א קורצע צייט צוריק גאר ניט גע-ווען צו הערען. זיא האט כמעט גאר אויפגעהערט צו עקזיסטירען פון דער צייט

ווען דיא קייזערין האט איהם מיט אונגנאדע פערשטויסען. יעצט אָבער האָבען זיך געהערט אונבעשטימטע נאכריכטען, אז זיא זעלבסט איז געווען ביי איהם אין הויז און דארום האט זיין פּארטיי אָנגעפאנגען צו טריאומפירען. זיי האָבען גערעכענט אז פון פּאָטעמקין'ס מאכט־שטעלונג וועט באלד זיין אן ענדע און אָרלאָוו וועט באלד וויעדער נעהמען דיא הערשאפט אין זיינע הענד. דיעזע אָרלאָוו־פּארטיי איז בעשטאנען דורכאויס פון אלטע פאנאטישע רוסען מיט ענגהערציגע נאציאָנאלע געפיהלען, און צו זיי האָבען אויך געהערט פיעלע פון רוסישען אדעל.

קאטהערינא האָט באלד בעמערקט, אז ביי איהר הויף אינטריגירט מען יעצט מעהר וויא פריהער. מיט איהר שארפען בליק האָט זיא באלד בעמערקט וואָס דאָ געהט פאָר און אום פון דער גאנצע זאך פּאָרלויפיג אן ענדע צו מאכען, אום איהר ליעבלינג אלעקסאנדער צו פערהיטען פון ערגערניס און פערדרוס, ווען ער זאָל דאפון ערפאהרען, האָט זיא זיך מיט איהם צוריקגעצויגען נאָך צארסקאָיע סעלאָ אום דאָרט דעם גאנצען זומער צו פערברענגען.

ענדע פריהלינג, אין אָנפאנג יוני איז אלזאָ דער הויף אוועק נאָך דעם לוסט־שלאָס פון צארסקאָיע סעלאָ און דאָ האָט זיך פאָר קאטהערינא וויעדער אָנגעפאנגען א הערליכע צייט. זיא פלעגט ארומוואנדערען געארמט מיט איהר געליעבטען דורך דיא שעהנע, קיהלע וועלדער געקליידעט וויא אן איינפאכע בירגער־פרוי. מיט וואָס פאר א טיעפע ליעבע פלעגט זיא איהם קוסען און צערטלען, וויסענדיג, אז דאָ געהערט ער צו איהר, נאָר צו איהר אליין. און פּאָטעמקין? אָה, ער האָט זיא יעצט ווירקליך געליעבט נאָך מעהר וויא אימער און יעדער געדאנק וועגען דיא אמאָליגע צייטען, וועגען זיין געוועזענע כלה עליזאבעט, איז פון זיין הארצען אין גאנצען פערשוואונדען.

* * *

נאָכדעם וויא זיי זיינען גליקליך גערעטעט געוואָרען פון דיא פורכטבארע געפאנגשאפט זיינען דיא פיער פערזאָנען — עליזאבעט וואָראָנצאָוו מיט איהר גרויס פאטער און אָלגא מיט איהר מאן — פערבליעבען אין דעם פאכט־הויף פון דער פירסטין סאלטיקאָוו. אָלגא'ס פרייד איז געווען זעהער גרויס, ווען זיא האָט אין דיעזען פאכט־הויף ערפאהרען, אז איהר פאָטער געפינט זיך אין די נעבסטע שטאָדט, זיכער אין דיא הענד פון א דאָקטאָר. דער אלטער איז אפילו געווען זעהר קראנק אויף פיעבער, אָבער עס איז געווען א גוטע האָפנונג, אז ער וועט געזונד ווערען. דער יונגער ארענדאר פון הויף, אפראקסין, האָט דעם אל־טען געפונען ביים ברעג טייך, ווייט פון יענער געגענד וואו דיא קאטאסטראָפע האָט געטראָפען. קראָנבערג איז געווען האלב דערטרונקען און אין א טיעפע אָהנמאכט, אָבער אפראקסין האָט איהם שנעל געבראכט אין שטאָדט און איבערגעלאָזען ביי א פריינדליכען דאָקטאָר.

אַלגא האָט ביז יעצט איהר פאָטער נאָך ניט געזעהן, דען דיא פירסטין סאַלטיקאָוו, וועלכע האָט זיך יעצט אויך געפונען אין דיעזען הויף, האָט איהרע פריינדע צוריקגעהאַלטען זיי זאָלען פון דיעזען זיכערען אָרט אין ערגעץ ניט געהן ביז אַלע פאַרבערייטונגען וועלען פערטיג ווערען, אז זיי זאָלען קענען ווייטער אַברייזען נאָך אויסלאַנד. דער פערוואַלטער, איהר געטרייער לעברון איז געווען בעשעפטיגט אַלעם וואָס דאצו איז נויטיג צו בעזאָרגען.

דיא יונגע פירסטין האָט גענומען דעם ווארעמסטען אנטהייל אין דעם שיקזאַל פון דיא געפאנגענע, טראָצדעם וואָס איהר אייגענע הארץ איז געווען פול מיט טרויער. דער שרעקליכער סוף פון איהר ברודער האָט אויף איהר געמאכט זעהר א שווערען איינדרוק, דען אָבוואָהל ער איז געווען א שענדליכער אויסוואורף האָט זיא איהם פון דעסטוועגען געליעבט וויא א צערטליכע שוועסטער.

ענדליך איז דאָך געלונגען דער יונגער פירסטין זיך עטוואָס צו בערוהיגען און פון יעצט אָן האָט זיא זיך אָנגעשלאָסען צו עליזאבעט מיט אַלגא אין א וואהרען פריינדשאַפטליכען בונד. צוזאמען האָבען זיי גענאָסען דעם שטילען פריעדליכען לעבען אין דעם לאַנד הויז.

איין אבענד ווען זיי זיינען אַלע געזעסען ביים טיש און נאָכדעם וויא זיי האָבען געענדיגט דעם מאָהלצייט, האָט נאטאליא געבעטען עליזאבעט זיא זאָל דערצעהלען אַלע בעגעבענהייטען וואָס מיט איהר זיינען פאָרגעקומען פון דער צייט אָן ווען דיא קייזערין קאטהערינא האָט איהר חתן אוועקגערויבט.

עליזאבעט האָט אָבגעשילדערט דיא סצענע וויא זיא איז געבראכט געוואָרען אין גאָרטען פאוויליאָן פון דעם ווינטער פּאלאסט, וואו דיא קייזערין האָט ביי איהר אוועקגענומען איהר פערלאָבונגס־רינג און געצוואונגען צו טרינקען גיפט; וויא זיא האָט נאכהער ערוואכט אין דעם גראבס־געוועלב פון דער קייזערליכער פאמיליע ראָמאנאָוו, פון וואנען אָרלאָוו האָט זיא גערעטעט. דאַן ווידער דיא שרעקליכע סצענע אין אָרלאָוו׳ס לאַנד־הויז, וואו דיעזער באנדיט האָט זיא געוואָלט שענדען, אָבער צום גליק איז גראדע דאמאָלס געקומען דער יונגער קאָזאק פוגאטשעוו.

ביי דעם דועל וואָס עליזאבעט האָט געהאט מיט דער קייזערין איז פירסטין סאַלטיקאָוו אָנוועזענד געווען און יעצט האָט עליזאבעט ערקלערט דיא אורזאכע צוליעב וואָס דער דועל איז ארויסגעקומען נאָכדעם וויא דיא קייזערין האָט געפונען פּאָטעמקין׳ען ביי איהר אין קראָנבערג׳ס לאַנד־הויז.

— אָבער ווייס פּאָטעמקין פון דיעזע אַלע זאכען? האָט געפרעגט נאטאליא, וויא פיעל איך האָב איהם דערקענט, ווען איך בין געווען אין קייזערליכען הויף, איז ער אַן עכטער עדעלמאַן און ער וואָלט ניט פעהיג געווען צו פערראטהען זיין כלה, אום זיך צו פערקויפען אלס געליעבטער פון א קייזערין.

— אַח, ווער קען זיין גאָלדענע הארץ בעסער וויא איך! האָט עליזאבעט אויסגערופען מיט א שווערען זיפץ. ער איז נור פערבלענדעט, געפאנגען אין דער מאכט פון קאטהערינא. איך בין זיכער, אז קיין וואהרע ליעבע האָט ער צו איהר קיין מאָל ניט געשפירט, דען געליעבט האָט ער נאָר מיך. איך בין זיכער, אז מיט דער צייט וועט ער ווידער צו מיר צוריקקעהרען.

— ווער ווייס? האָט זיך אָבגערופען נאטאליא נאָכדענקענדיג. דארויף וואָלט איך געקענט האָפען ווען ער וואָלט פון אייערע שיקזאלען ערפאהרען. דאָס געפיהל פון גערעכטיגקייט וואָלט אין איהם אויפגעוועקט דיא אלטע ליעבע. ווארום האָט איהר איהם דאָס אלעס ניט דערצעהלט, וועהרענד איהר האָט זיך מיט איהם צוויי מאָל בעגעגענט?

— איך האָב עס ניט געקענט, האָט געענטפערט עליזאבעט. עס איז מיר געוועזען אונמעגליך אזעלכע מיטלען צו געברויכען, אום איהם צוריק צו געווינען אזוי לאנג וויא איך בין ניט געוועזען איבערצייגט, אז ער וויל צו מיר צוריקקעהרען.

— און איך געפין, אז אזעלכע אידעען זיינען נאריש, האָט אָלגא געזאָגט. דו פיהרסט גאנץ איינפאך א קאמפף אום דיין רעכט, עליזאבעט, און ביי אזא פאָל מוז מען אָנווענדען אלע מיטלען, מיט וועלכע מען קען זיך נור בענוצען.

— איך וואָלט נאָר וועלען וויסען וועגען זיין יעצטיגען צושטאנד, האָט געזאָגט עליזאבעט נאָכדענקענדיג. וויא מען הערט פון דיא צייטונגען, איז זיין געזונדהייט נאָך אימער זעהר שוואך, נאָכדעם וויא זיין אויג איז אָפערירט געוואָרען. ווער ווייס מיט וואָס דיעזער אונגליקס צופאָל וועט זיך פאר איהם ענדיגען?

— דיעזע נאכריכט קען איך פאר אייך בעזאָרגען, האָט זיך אָבגערופען דער אלטער פראנצויז לעברון, וועלכער איז ביז יעצט געזעסען שטיל. ביי דעם קייזערליכען הויף געפינט זיך יעצט א געוויסער אָפיציער פלאָטאָן זובאָוו. זיין מוטער, א געבאָרענע פראנצויזין, איז געוועזען מיינע א שוועסטער. איך וועל דיעזע געלעגענהייט מיט פערגעניגען בענוצען, דען איך האָב שוין לאנג זיך געוואָלט זעהן מיט איהם, מיט מיין נעפע זובאָוו.

עליזאבעט איז דעריבער זעהר דערפרעהט געוואָרען און נאטאליא האָט איינגעשטימט, אז איהר פערוואלטער לעברון זאָל פאָהרען נאָך פעטערבורג.

דעם נעקסטען טאָג, פאר דער אָברייזע, האָט דיא יונגע פירסטין געהאט אן אונטעררעדונג מיט איהר פערוואלטער און איהם אָנגעזאָגט, אז ער זאָל דורך זיין נעפע זובאָוו איבערגעבען פּאָטעמקין׳ען דיא גאנצע געשיכטע וואָס האָט פּאסירט מיט עליזאבעט און אלע איינצעלנע בעגעבענהייטען, וועלכע גרויזאמע טהאטען קאטהערינא האָט בעגאנגען, אום עליזאבעט׳ען צו פערניכטען.

אכט טעג איז פערבייגעגאנגען אין דיא גרעסטע און אונגעדולדיגסטע ער־ווארטונג, ענדליך איז לעברון געקומען צוריק און געבראכט דיא נאכריכט, אז פאטעמקין'ס צושטאנד איז פיעל בעסער, אבער עס איז נאך ניט בעשטימט אויב ער וועט דיא זעהע־קראפט פון זיין אויג ווידער געווינען.

— מיין נעפע זובאוו האט מיר פערשפּראָכען אייך צו פערשאפען א געלע־גענהייט, אז איהר זאָלט זיך אונגעשטערט אליין קענען זעהען מיט פאטעמקין'ען, האט לעברון געזאגט צו עליזאבעט. ער געפינט זיך זייט דיא לעצטע איינינע טעג אין צארסקאיע סעלא. אויב איהר ווילט אהין פאהרען, וועל איך אייך בעגלייטען.

דעם זעלבען אבענד האט עליזאבעט געהאט א שטורמדיגע אונטעררעדונג מיט איהר גרויספאטער, וועלכער האט אויף קיין אופן ניט געוואָלט איינשטימען, אז זיא זאָל פאהרען נאך צארסקאיע סעלא.

— דאָרטען וועסטו געפינען ניט פאטעמקין'ען, זאנדערן דעם טויט, האט דער אלטער גע'טענה'ט. ווען קאטהערינא זאָל דיך דיעזען מאָל דערקענען, וועט זיא דיך געוויס אומברענגען.

— דאן וועל איך ווייניגסטענס פטור ווערען פון מיין לעבענס־לאסט, האט ערוויעדערט עליזאבעט קוים איינהאלטענדיג איהרע טרעהרען. וואס שטעהט מיר דען פאר אין מיין לעבען אויסער שמערץ און פיין? נאר דאן, ווען מיין ליעבע וועט זיך פערווירקליכען, ווען איך וועל בעזיצען דעם יעניגען וועל־כען מיין הארץ בעגעהרט, נאר דאן וועט דאס לעבען פאר מיר האבען א ווערטה. אה, גרויספאטער, איך קען לענגער דיעזען צושטאנד ניט פערטראגען, איך מוז ווייטער פיהרען דיעזען קאמפף. ענטזאג מיר ניט; גיב מיר דיין זעגען אויף'ן וועג.

— קוים וואס איך האב דיך ווידער געפונען און איך זאָל דיך נאך אמאָל פערלירען? האט ער זיך אבגערופען מיט א ביטערען פארוואורף. קענסטו דען ניט ארויסרייסען פון דיין הארצען דאס בילד פון יענעם מאן, וועלכער האט געגען דיר אזוי טרייעלאז געהאנדעלט?

— ניין, גרויספאטער, איך קען ניט, האט דיא ארעמע עליזאבעט זיך פאנאנדערגעוויינט, איך קען ניט פערגעסען מיין ערשטע און מיין איינציגע ליעבע און איך בין זיכער, אז אויך אין זיין הארצען איז נאך דיא ליעבע צו מיר ניט געשטארבען.

— אבער ער ליעבט דאך דיא קייזערין. ווילסט דוא דען גאר ניט וויסען פון אלעם וואס איז דיא לעצטע איינינע יאהר געשעהן?

— און איך זאג דיר, גראספאטער, אז ער ליעבט דיא קייזערין ניט, האט עליזאבעט אויסגערופען מיט א טאן פון איבערצייגונג. זיא האט איהם פון מיר אבגעריסען און האט זיך דאביי בענוצט מיט דיא שענדליכסטע מיט־

לען. דורך גיפט, רעוואָלווער און טיראַנישע מאכט האָט זיא איהם פון מיר אוועקגענומען. קיין זאַך איז איהר ניט געווען צו שווער אום מיך צו רואינירען. איך גלויב, אז אלעקסאַנדער האלט זיך נעבען איהר נאָר דערפאר וואָס ער האָט מורא פאר איהר מאכט, ווייל ער ווייסט, אז זיא וועט איהם טויטען, ווען ער זאָל זיא פערלאָזען.

„ערשט ניט לאַנג צוריק בין איך פאר איהם געשטאַנען און האָב איהם גוט בעטראכט. עס איז געווען דאַמאָלס ווען איך האָב מיך פערשטעלט אלס דיא פרוי פון א טערקישען פאשא. איך האָב דאַן אין זיינע בליקען געזעהן, אז ער ליעבט מיך נאָך.

— יא, גרויספאָטער, ער ליעבט מיך נאָך! האָט זיא אויסגערופען מיט א מערקווירדיגע בעגייסטערונג. ער ליעבט מיך נאָך און איך בין זיכער, אז איך וועל נאָך דיא קייזערין בעזיעגען. דאַצו מוז איך נאָר האָבען דיא געלעגענהייט איהם צו זעהן און מיט איהם אליין צו רעדען און איהם אלעס ערקלערען. דיעזע געלעגענהייט קען איך יעצט געפינען, דאריבער בעט איך דיך נאָך אמאָל, גרויס־פאָטער, האלט מיך ניט אָב פון מיין לעבענסגליק.

דער אלטער וואָראָנצאָוו האָט איהר מעהר ניט געקענט וויעדערשפּרעכען. מיט טרעהרען אין דיא אויגען האָט ער ארויפגעלייגט אויף איהר קאָפּ זיינע ציטערענדע הענד און האָט מיט א ציטערענדע שטימע אויסגערופען:

— דאַן פאָהר, מיין קינד, און פיהר דעם קאַמפּף פאר דיין עהרליכע ליעבע ביז צו ענדע. איך האָף און בעט ביי גאָט, אז דו זאָלסט דיעזעס מאָל זיעגען, דו האָסט שוין גענוג געליטען, מיין טהייערע, ליעבע איינינקעל.

נעכסטען טאָג איז עליזאבעט אָבגעפאָהרען קיין מאָסקווא אונטער דער בעגלייטונג פון לעברון און דעם ארענדאר פון פאכט־הויף אפּראַקסין. דאָרט האָבען זיי געמאכט אלע נויטיגע פאָרבערייטונגען און זיינען אָבגעפאָהרען נאָך פעטערבורג.

* * *

אין א הערליכען זומער פריהמאָרגען האָט קאטהערינא אין פאָטעמקין'ס בעגלייטונג געמאכט א שפּאַציער אין גרויסען פּארק פון צארסקאָיע סעלאָ, נאכהער זיינען זיי אריינגעגאנגען אין א גאָרטען צימער עסען פריהשטיק.

רונד ארום איז געווען רוהיג און שטיל. עס האָט זיך בלויז געהערט דער גערויש פון דעם פאָנטאַן. פיער וואסער־געטינס האָבען איבער זייערע קעפּ געהאלטען קרוגען, פון וועלכע עס האָבען זיך געגאָסען פרישע, קריסטאָלענע וואַ־סער־שטראָמען אראָב אין ברונען.

דיא ווענד פון דעם גאָרטען־צימער זייטען געווען גערדיכט בעדעקט און בע־וואקסען מיט בליהענדע ראָזען. דיא טיהר איז געווען פערהאנגען מיט א זיי־דענעם פאָרהאַנג. דער טיש איז געווען געגרייט מיט דיא טהייערסטע דעליקאַ־

טעסען. קיינער האט זיך יעצט אין צימער ניט געפונען. דיא קייזערין האט געוואלט זיין גאנץ אליין מיט איהר ליעבלינג און זיא האט איהם אייגענהענדיג בעדיענט ביים עסען.

זיא האט עס געטהאן מיט דער גאנצער ליעבליכקייט פון א יונגע פרוי, וועלכע האט ערשט ניט לאנג געהייראט. זיא איז געווען איינפאך געקליידעט אין א בלוי־זיידענע קלייד, איהרע רייכע רויט־בלאנדע האאר, פערפלאכטען אין צוויי דיקע צעפ האבען איהר גענעבען דעם אויסזעהען פון א גוטע, שעהנע הויז־פרוי, אן עקרת הבית.

פאטעמקין האט נאך אלץ געטראגען דעם שווארצען זיידענעם באנד איבער'ן לינקען אויג און זיין געזיכט איז געווען ערנסט און טרויעריג.

— ווילסט דו גאר קיינמאל א שמייכעל ניט צייגען, מיין ליעבלינג? האט דיא קייזערין געפרעגט, גלעטענדיג זיינע שווארצע לאקען. קען דיך גאר קיין זאך ניט פרעהליך מאכען? ווערט דיין ליעבע הארץ ניט דערפרעהט פון דער שעהנער נאטור ארום אונז? זעה, מיין קרוין, וויא איך טהו אלעס מעגליכעס אום דיך פרעהליכער צו מאכען.

— דו ביסט זעהר א גוטינקע, קאטהערינא, האט פאטעמקין געענטפערט און האט איהר האנד געקושט, אבער ווער ווייסט אויב דו וועסט מיך אימער אזוי ליעבען? פילייכט וועל איך גאר בלייבען א קריפעל, מיט א קראנקע אויג. און עס גיבט דאך אויף דער וועלט גענוג שעהנע מענער מיט געזונדע צוויי אויגען.

— דו זאלסט זיך ניט אונטערשטעהן אזעלכע ווערטער צו רעדען, האט זיא אויסגערופען האלב בעליידיגט, האלב טרויעריג, איך וועל דיך אימער ליעבען.

— אבער איך בעמערק שוין יעצט עטוואס אנדערש, דו האסט זיך אויסגעקליבען א פארלעזער, א גאנץ שעהנעם יונגען מאן, און האסט איהם שוין געגעבען דיא ראנגע פון א מאיאר און דעם וולאדימיר ארדען.

— אה, דו ביסט אייפערזיכטיג אויף זובאוו'ען, האט דיא קייזערין אויסגערופען מיט א געלעכטער. נארעלע וואס דו ביסט! ביסט דו דען ניט אימער אנוועזענד ביי דיא פארלעזונגען? האב איך דען זובאוו'ען ווען עס איז עמפפאנגען, ווען דו ביסט דאביי ניטא? איבערינענס, ווען דו ביסט איבער איהם אונרוהיג, דאן —

— אה, ניין, האט ער איהר אונטערבראכען, איך בין גאר ניט אונרוהיג, נאר ער עראינערט מיך, אז ער איז געזונד אויףביידע אויגען און איך בין א בלינדער אויף אן אויג.

דאביי האט זיך א טיעפע מרה שחורה בעוויזען אויף זיין געזיכט און קאטהערינא האט מיט איהם גרויס מיטלייד בעקומען.

— מיין טהייערער געליעבטער, האט זיא געזאגט מיט א ליעבליכע שטימע, ערלויב מיר איך זאל זובאוו'ען אוועקשיקען פון מיר. הייס מיר איהם פער־שיקען און איך טהו עס גלייך. אן אורזאכע דאצו וועל איך שוין געפינען.

— צו וואס זאלסט דו זוכען אורזאכען, ווען דער מאן האט גאר ניט פערזינדיגט? נאך מעהר, דאס וועט אויסווייזען אזוי וויא איך וואלט מורא האבען פאר איהם. ניין, קאטהערינא, זאל ער דערווייל פערבלייבען ביז עס וועט זיך געפינען א געלעגענהייט. ער איז דום גענוג צו טהאן עטוואס פאר וואס מען זאל איהם ווירקליך דארפען בעשטראפען.

אין דיעזען אויגענבליק איז אריינגעקומען א קאמערדיענער און האט גע־מעלדעט דער קייזערין, אז דער מיניסטער, גראף פאנין איז אנגעקומען פון פעטערבורג און בעט אן אודיענץ ביי דער קייזערין.

— ער קומט וויא גערופען, האט דיא קייזערין אויסגערופען, וועט עס דיר אנגענעהם זיין, אלעקסאנדער, איך זאל איהם איינלאדען צום פריהשטיק?

פאטעמקין האט איינגעשטימט. גראף פאנין איז שטענדיג געוועזען זיין געטרייעסטער און בעסטער פריינד. אין איניגע מינוטען ארום איז דער מי־ניסטער אריינגעקומען אין בלומען־שטיבעל און דיא קייזערין האט איהם איינ־געלאדען צום טיש.

— איהר קומט דירעקט פון פעטערבורג, מיין ליעבער גראף? האט זיא איהם געפרעגט באלד וויא ער האט זיך אוועקגעזעצט ביים טיש.

— יא, מאיעסטעט, האט ער געענטפערט. איך ברענג א וויכטיגע נאכריכט צו אייער מאיעסטעט. קניאז ארלאוו איז אנגעקומען אין קראנשטאדט.

— אנגעקומען? האט זיא אויסגערופען און איז מלא שמחה געווארען. נו, און וויא האט ער עס געמאכט?

— גוט. בעסער וויא ערווארטעט. ארלאוו האט זיין ציעל פאלשטענדיג ערררייכט. ער ברענגט אויף זיין אדמיראל שיף דיא גרעפין פאן פינעבערג אלס געפאנגענע. איך וויל בעטען אייער מאיעסטעט צו בעפעהלען וואס מען זאל מיט איהר טהאן נאכדעם וויא זיא וועט אהער געבראכט ווערען.

קאטהערינא האט איניגע מינוטען געטראכט, דאן האט זיא געענטפערט:

—— דיעזע שענדליכע שלעפערקע, וועלכע האט זיך געקענט ערלויבען צו זאגען, אז זיא איז א טאכטער פון קייזערין עליזאבעט, זאל איינגעשלאסען ווערען אין פעטרא־פאוולאווסקי פעסטונג אין א צימער וואס ביי דער נעווא.

— ערלויבט מיר, מאיעסטעט, אייך אויפמערקזאם צו מאכען, אז אין יענע צימערען איז דאס לעבען פון דיא געפאנגענע ניט זיכער. ווען דיא נעווא שטייגט, דאן שטראמט דורך דיא וואסער דורך'ן ערד־באדען און דיא געפאנ־גענע קענען דאן דערטרונקען ווערען.

— אבער ווארום מוז גראדע יעצט דיא נעווא שטייגען? טהוט וויא איך

זאָג אייך. וואָס אנבעלאַנגט דעם קניאַז אָרלאָוו, זאָלט איהר איהם אין מיין נאָמען שרייבען, אז איך אנערקען דאָס גוטע וואָס ער האָט געטהאָן פאר אונז און פאר אונזער רעגיערונג. איהר קענט איהם אויך מיטטהיילען, אז איך ערהויב איהם דאפיר אלס ריטער פון מיין ניי־געגרינדעטען קאטהערינא אָרדען.

פּאָטעמקין, וועלכער איז דיא גאַנצע צייט געזעסען און געשוויגען, איז בלאַס געוואָרען ביי דיעזע ווערטער. זיין געליעבטע קאטהערינא איז צו זיך ווידער מקרב זיין גרעסטען שונא אָרלאָוו'ען, וועלכען ער האסט וויא דעם טויט. ער האָט געהערט וויא מען האָט שוין דאריבער גערעדט אין הויף, אָבער ער האָט זיך עס גאָר ניט געקענט גלויבען. פּאָטעמקין האָט ניט געוואוסט דעם סוד, אז דיא גרעפין פאָן פינעבערג איז אָרלאָוו'ס אייגענע טאָכטער, געבאָרען פון זיינע זינד מיט דער קייזערין עליזאבעט, און אז טאקי נאָר צוליעב דעם וויל קאטהערינא פון איהם נעהמען דיא שרעקליכסטע ראכע וואָס מען קען נעהמען פון א בלוטיגען שונא.

— אויסער דעם, מיין ליעבער גראף פאנין, האָט קאטהערינא וויטער גע־שפּראָכען, זאָלט איהר שרייבען דעם קניאַז אָרלאָוו, אז איך וויל איהם זעהן אין פעטערבורגער ווינטער־פּאלאסט וואו איך וועל איהם ערווארטען און דאָרט וועל איך מיט איהם א פּאָר טעג פערברענגען אום וועגען וויכטיגע אנגעלעגענ־הייטען זיך צו בעראטהען.

פּאָטעמקין איז דורכגעשוידערט געוואָרען. עס האָט שוין זאָגאר אזוי ווייט, אז דיא קייזערין וויל א לענגערע צייט פערברענגען אליין מיט אָרלאָוו'ען און דאָס זאָגט זיא יעצט אָפען אין זיין געגענווארט.

— איך בעט אום ערלויבניס זיך צוריק צו ציהען, מאַיעסטעט, האָט ער געזאָגט מיט א געפּרעסטען טאָן. איך פיהל זיך עטוואָס אונוואָהל און וויל זיך דורכשפּאציערען אין גאָרטען.

— געה, אלעקסאנדער, האָט זיא איינגעשטימט, פיליכט איז דיר דער פריהשטיק ניט גוט בעקומען. געה זיך דורך און קום באלד צוריק.

פּאָטעמקין איז אויפגעשטאנען און איז ארויסגעגאנגען, ווערענד קאטהע־רינא האָט איהם נאָכגעקוקט מיט א רייצענדען שמייכעל.

— אָרעמער פּאָטעמקין, האָט זיא אויסגערופען. איהר זעהט, פאנין, וויא בלייך ער איז געוואָרען הערענדיג, אז איך וויל ווערען פריינדליך צו אָרלאָוו'ען? ער ווייס ניט, מיין ליעבלינג, אז דאָס אלעס איז נאָר צו זיין בעסטען. ווען איך וועל מיט מיין ראכע אָרלאָוו'ען פערניכטען, דאן וועט ער אויך זיין פיעל רוהיגער.

דיא קייזערין און פאנין האָבען א לענגערע צייט זיך דורכגערעדט וועגען וויכטיגע שטאאט־אנגעלעגענהייטען, ווען פּאָטעמקין איז ענדליך צוריקגעקומען מיט א ברוגז'ע מינע און האָט זיך געזעצט אויף זיין פּלאַץ, גראדע אין דעם

מאָמענט ווען קאטהערינא האָט שוין דורכגעלעזען מעהרערע רעגיערונגס־אור־קאזען און איינינע פון זיי אונטערגעשריעבען.

— און יעצט, מאיעסטעט, האָט פאנין געזאָגט מיט א לייכטען, געזעל־שאפטליכען טאָן, יעצט האָב איך א קליינע איבערראשונג פאר אייער מאיעס־טעט און אויך פאר דעם פירסט פּאָטעמקין.

— אן איבערראשונג? מיינט איהר פיליכט א צווייטען מאָל צו הייר־ראטהען? האָט דיא קייזערין געלאכט, וואהרשיינליך איז אייער אויסגעוועהלטע איינע פון מיינע הויף־דאמען און איך וועל מיט דעם גרעסטען פערגעניגען געבען דאצו מיין איינווילליגונג.

— איך בעט אום פערצייהונג, מאיעסטעט, דאָ האנדעלט זיך גאָר ניט וועגען דעם און איבערהויפּט ניט וועגען מיר, זאָנדערן וועגען פירסט פּאָטעמ־קין, וועלכער וועט וואהרשיינליך אין פערלויף פון איינינע טעג מעהר ניט דאר־פען טראָגען דיא שווארצע באנד אויף זיין שעהנעם געזיכט.

יעצט זיינען קאטהערינא און פּאָטעמקין ווירקליך איבערראשט געוואָרען, וועהרענד דיא קייזערין האָט אויסגערופען מיט גרויס אויפרעגונג.

— פאנין, ווען איהר זאָגט עס, מיין פריינד, — איך וויים איהר זייט א מאן, וועלכער גיט קיינע פערשפּרעכונגען אָהן איבערלעגונג. ווען איך הער פון אייך דיעזע ווערטער, דאן בעגליקט מיך אין דער ווירקליכקייט א געפיהל פון האָפנונג.

— מאיעסטעט, האָט בעריכטעט פאנין, נעכטען בין איך איבערראשט געוואָרען דורך דעם בעזוך פון צוויי העררען, וועלכע זיינען אבזיכטליך געקומען פון פראנקרייך, ווען זיי האָבען דאָרט ערפאהרען וועגען דעם צופאל מיט דעם פירסט פּאָטעמקין. איינער פון זיי איז נאָך צוואר יונג, אָבער ער איז שוין בעריהמט אלס אויגען־ארצט און אָפּטיקער. דער אנדערער איז אן עלטערער מאן, א גוטס־בעזיצער מיט דעם נאָמען לעברון. דיעזער לעצטער האָט מיר דערצעהלט, אז מיט איהם האָט זיך אויך געמאכט אזא צופאל. מיט אונגעפעהר א יאָהר צוריק איז ער רייטענדיג דורך'ן פעלד אראָבגעפאלען פון פערד און האָט זיך געפעהרליך פערוואונדעט אן אויג. מען האָט אויך איהם געמאכט אן אָפּעראציאָן, אָבער א לאנגע צייט איז דיא אויג ניט געזונד געוואָרען טראָץ דיא בעהאנדלונג פון אלע ערצטע.

"איינמאָל איז א יונגער דאָקטאָר פון פאריז, מיט דעם נאָמען בעטאלעזי געקומען נאָך יענע געגענד און לעברון האָט זיך געווענדעט צו איהם. דאָס איז געוועזען זיין רעטונג. בעטאלעזי האָט איהם אָנגעפאנגען צו קורירען דורך א גאנץ אנדערע סיסטעמע. אלס קינסטלער אָפּטיקער האָט ער פאר דעם פאציענט געמאכט א פּאָאר ברילען און נאָך א קורצע צייט איז דאָס אויג אין גאנצען געזונד געוואָרען. אויב אייער מאיעסטעט וועט בעפעהלען, קען איך דיא ביידע

פערזאָנען פאָרשטעלען, דען איך האָב זיי מיט זיך געבראכט נאָך צארסקאָיע סעלאָ.

— אָה, געווים, געווים! האט אויסגעשריען דיא קייזערין מיט א בעטענדען טאָן. פיהרט באלד אריין דעם וואונדערבארען פראנצויזישען דאָקטאָר און זיין פאציענט און אויב דאס וואס איהר דערצעהלט וועט זיך בעשטעטיגען, דאן וועט איהר מיר בעווייזען אזא גרויסען דיענסט פונקט וויא איהר וואָלט מיר א צווייטע רוסלאנד געשענקט.

פאנין איז ארויסגעגאנגען און קאטהערינא איז וויינענדיג געפאלען אויף פאָטעמקין'ס ברוסט.

— אָה, דו טהייערער, געליעבטער מיינער! האט זיא אויסגערופען. דו, מיין אלעס, מיין איינציג געליעבטער מאן, ווען דו וואָלסט וויסען וויא גליקליך איך בין איבער דיעזע נאכריכט, וועלכע פאנין האט יעצט געבראכט. פאר מיר זעלבסט ביזטו אימער שעהן, זאָגאר ווען דו וואָלסט דיין אויג אין גאנצען פערלאָרען, אָבער איך זעה וויא גרויס דיין פיין איז, וויא אונגליקליך דו פיהלסט זיך, אז דו מוזט טראָגען אויף דיין געזיכט דיא שווארצע באנד און עס מאטערט דיך דער צווייפעל אויב דו וועסט זיא ווען עס איז קענען אראָבנעהמען. יעצט ווען דו וועסט אין גאנצען געזונד ווערען, וועל איך ווידער זעהען דיין ליעבליכע, פרעהליכע געזיכט.

— איך צווייפעל ניט אין פאנין'ס ווערטער, האט געענטפערט פאָטעמקין מיט אן אונגלויבליכע מינע, אָבער איך גלויב, אז ער איז בעטראָגען פון א שארלאטאן. איך וויים, מיין טהייערע קאטהערינא, אז דו ליעבסט זעהר די פראנצויזישע נאציאָן, אָבער פערגעס ניט, אז ניט אלע פון זיי זיינען דענקער, דיכטער און פילאָזאָפען. עס געפינען זיך ביי זיי אויך גענוג בעטריגער.

— אָבער וויא קענסטו צווייפלען, מיין אלעקסאנדער, ווען פאנין פערזיכערט עס? איבריגענס וועל איך באלד אליין זעהן וואס פאר א זאָרט פראנצויזישער דאָקטאָר דאס איז. אויב ער וועט זיין פערשפרעכען ווירקליך ערפילען, דאן וועל איך איהם שענקען דיא שעהנסטע לאנד-גוט אין רוסלאנד. זאָל זיך אָבער בעווייזען, אז ער איז נור א בעריהמער און בעטריגער, דאן וועל איך איהם פערשיקען נאָך סיביר, אזוי וואהר וויא מיין נאָמען איז קאטהערינא דיא גרויסע!

— און דו ליעבסט מיך נאָך אימער, קאטהערינא? דיין הארץ געהערט נאָך יעצט אויך צו מיר, צו דעם קראנקען מאן, מיט א פערבונדענע אויג?

— דו, מיין לעבען! האט זיא אויסגערופען און האט זיך אין זיינע אומארמונגען געוואָרפען. ווען דו וואָלסט זאָגאר ביידע אויגען פערלאָרען, אָלים'על, וואָלט איך אויף פערבלייבען נאָר דיינע.

— און וואס איז מיט אָרלאָוו'ען?

— אָח, דו אייפערזיכטיגער! האָט זיא אויסגערופען מיט א ליעבליכען שמייכעל אוועקלעגענדיג דיא האנד אויף זיינע ליפּען. קענסטו דען ניט רוהיג אָבוואַרטען צו זעהען וואָס דיין קייזערין האָט בעשלאָסען? מיינסטו ווירקליך, אז איך וועל אָרלאָוו׳ען גרויס מאכען און איהם דערנעהענטערען צו זיך? איך בעט דיך, אָליס, לאָז מיך פאר דיא נעכסטע זעקס טעג פערברענגען אין פּעטערבורג וועגען אָרלאָוו׳ען. פערטרויע דיין קאטהערינא און גלויב מיר אז דו וועסט שליסליך טריאומפירען און מיר וועלען ביידע גליקליך זיין.

— איך גלויב אין דיר, געליעבטע, טהייערע קאטהערינא, האָט ער אויסגערופען זיא דריקענדיג צו זיין ברוסט. איך פערשפּרעך דיר דאפיר אייביגע טרייהייט. אָבער דיעזע פערשפּרעכונגען זיינען יעדענפאלס גאָר ניט נויטהיג, דען אונזערע הערצער זיינען פערבונדען מיט אייביגע ליעבע. ניט וואהר, קאטהערינא?

זיא האָט איהם וויעדער אומגעארמט און האָט איהם אויסגעשטעלט איהרע ליפּען, וועלכע ער האָט בעדעקט מיט פייערדיגע קוסען.

— איז דיר דיעזער אנטוואָרט גענוג? — האָט זיא געפרעגט, קיינער איז נאָך צו זיין קייזערין ניט געוועזען אזוי נאָהענט וויא דו. — אָבער מען קומט — דאָס איז פּאנין מיט זיינע בעגלייטער.

דריי מענער זיינען אריינגעקומען לאנגזאם דורך דיא אלעע. פּאנין פּאָר־אויס און צוויי זיינען איהם נאָכגעגאנגען. ווען זיי זיינען אריינגעקומען אין גאָרטען־שטיבעל, האָבען ביידע פרעמדע זיך טיעף פערנייגט, וועהרענד פּאנין האָט זיך אָבגערופען צייגענדיג אויף א יונגען מענשען מיט אן עלעגאנטען, דונקעלען אנצוג, מיטברילען אויף דיא אויגען.

— מאַיעסטעט האָבען גנעדיג ערלויבט איך פאָרצושטעלען דעם דאָקטאָר בעטאלעזי, פון פּאריז.

דער יונגער דאָקטאָר האָט זיך נאָך א מאָל מיט גרויס רעספּעקט פערנייגט פאר דער קייזערין. ער האָט אויסגעזעהן אונגעפעהר 25 יאהר אלט, זיין פיגור איז געוועזען צארט און שלאנק, זיין געזיכט זעהר שעהן און ערעל און יעדע פון זיינע בעוועגונגען איז געוועזען זעהר געשיקט.

דער בעגלייטער פון דעם יונגען ארצט איז געוועזען אן עלטערער מענש און פון זיין געזיכט איז געוועזען צו בעמערקען, אז ער איז א געבאָרענער פראנ־צויז. פּאנין האָט איהם אויף פאָרגעשטעלט אלס דעם גוטס־בעזיצער פון פראַ־וואנס, מיט דעם נאָמען לעברון, וועלכען דיעזער דאָקטאָר האָט אויסקורירט.

— מיין פריינד, האָט זיך אָבגערופען דיא קייזערין צום יונגען דאָקטאָר, וועט איך ווירקליך מעגליך זיין דעם קניאז פּאָטעמקין אויסצוקורירען?

— איך בין אין דעם כמעט זיכער, האָט געענטפערט בעטאלעזי וואַרפענ־דיג א שנעלען בליק אויף פּאָטעמקין׳ען. זאָנסט וואָלט איך ניעמאלס געוואגט

צו דער קייזערין זיך פאר דיעזען צוועק צו מעלדען. מיר האבען אין פראנקרייך מיט גרויס בעדויערען ערפאהרען וועגען דעם צופאל וואס האט פאסירט מיט דעם פירסט פאטעמקין און איך האב בעשלאסען אהער צו קומען, מיט דער פולער האפנונג, אז עס וועט מיר געלינגען זיין דורכלויכט אויסצוקורירען. הערר לעברון איז געוועזען אזוי מענשענפריינדליך מיך צו בעגלייטען, אום איהם פארצושטעלען אלס א לעבעדיגע פראבע פון מיין קונסט. איך האב איבעריגענס אויסער איהם פיעלע אנדערע אזעלכע פאציענטען בעהאנדעלט און אימער מיט דעם בעסטען ערפאלג.

מיט א שטאלצע בעוועגונג האט דיא קייזעריןביידע מענער איינגעלאדען צום פריהשטיק און אריינגערופען א קאמערדיענער, וועלכער האט געוואכט אין דרויסען, אום דיעזע געסט דאביי צו בעדיענען. דאס איז געוועזען אזא אונערהערטע עהרע, וועלכע עס איז זעלטען ווען בעוויזען געווארען.

וועהרענד דעם פריהשטיק האט דיא קייזערין געשטעלט דעם יונגען דאקטאר אייניגע פראגען וועגען דיא פערהעלטניסע אין פראנקרייך און דער יונגער ארצט האט דארויף געגעבען קורצע, אבער זעהר קלוגע אנטווארטען, וועלכע זיינען דער קייזערין זעהר געפעהלען געווארען.

נאך דעם פריהשטיק האט דיא קייזערין געזאגט צום דאקטאר:

— וויא איך האב געהערט, זייט איהר אויך א גוטער אפטיקער און איהר זעלבסט פערפערטיגט פאר אייערע פאציענטען א בעזונדערען סארט ברילען. קענט איהר מיר ציינען איינע פון זיי?

— גאנץ געוויס, מאיעסטעט. הערר לעברון האט ביי זיך גראדע דיעזעלבע ברילען, וועלכע איך האב פאר איהם פערפערטיגט. יעצט בענויטיגט ער שוין ניט מעהר זיי צו געברויכען.

לעברון האט ארויסגענומען פון טאש א פאר האלב־דונקעלע ברילען, געמאכט פון אזא הארטען גלאז, אז זיי קענען ניט צובראכען ווערען. דאקטאר בעטאלעזי האט געציינגט דיא פראבע קלאפענדיג דיא ברילען שטארק אין טיש און זיי זיינען ניט צובראכען געווארען.

— מיין הערר, האט פאטעמקין געזאגט, ערלויבט מיר אייך דיא האנד צו דריקען. אייער גרויסמוטהיגען ענטשלוס און אייער בענעהמונג צייגען מיר, אז איך קען זיך אויף אייך פערטרויען.

ביידע יונגע מענער האבען זיך געררייכט דיא הענד, דאן האט דיא קייזערין אויפגעפאדערט דעם דאקטאר מיט איהר אין פארק זיך דורכצוגעהן.

— איך מוז אייך ערקלערען, דאקטאר, האט דיא קייזערין געזאגט, אז איהר שטעהט יעצט אויף דעם וועג צו ווערען בעריהמט אין דער גאנצער וועלט, אויב אייך וועט ווירקליך געלינגען דעם פירסט פאטעמקין אויסצוקורירען. ווען ניט אבער, זאלט איהר וויסען, אז איך וועל עס אננעהמען אלס א פערזענליכע

בעליידיגונג. פירסט פאָטעמקין וועט דאדורך קומען אין א גרעסערע פער־צווייפלונג און אין דיעזען פאל וועל איך אייך בעטראכטען אלס א שארלאטאן, וועלכער פערדיענט דיא שטרענגסטע שטראפע. אלזאָ, איהר פערשטעהט מיינע בעדינגונגען: ענטוועדער איהר וועט בעזיצען א רוסישע לאנד־גוט אָדער איהר וועט זיצען אין א רוסישע געפענגניס.

— זעהר גוט, איך נעהם דאָס אָן, האָט געענטפערט בעטאלעזי רוהיג, דאָך איך שטעל אויך מיינע בעדינגונגען.

— וועלכע נעמליך?

— איך מוז וועהרענד דריי טעג בעשטענדיג זיך געפינען אין דער געזעל־שאפט פון מיין פירסטליכען פאציענט אום זיין קראנקע אויג גענוי צו שטודי־רען. די ברילען, וועלכע איך פערפערטיג, און דיא הייל־מיטלען, וועלכע איך גע־ברויך, זיינען ניט פאר אלע אויגען גלייך. אם בעסטען וואָלט געווען ווען איך זאָל קענען וועהרענד דיעזע צייט זיין גאנץ אָבגעשלאָסען אליין מיט דעם פירסט און דאן וועט מיר געווים געלינגען זיין אויג פאָלקאָמען אויסצוהיילען.

— דאָס טרעפט זיך גראדע צו דער צייט, האָט דיא קייזערין בעמערקט. איך וועל פאר אייך ביידען אָבגעבען דעם קליינעם גארטען פאוויליאָן, אין וועל־כען עס געפינען זיך פינף צימערען, מיט א קיך און א באדע־צימער. איהר קענט דאָרט פערבלייבען ניט נאָר דריי, זאָנדערן זאגאר אכט טאָג, אויב דאָס וועט נויטיג זיין. איך וועל דאביי ארויסגעבען א בעפעהל, אז קיינער זאָל אייך ניט שטערען, מען זאָל אויף פינף הונדערט שריט ארום און ארום ניט נאָהענט קומען. א דיענער וועט אייך ברענגען דיא מאָהלצייטען און ערפילען אייערע בעפעהלע וואָס איהר קענט נויטיג האָבען. יעצט אָבער קומט צוריק אין גארטען־צימער, דען מיר מוזען דאָך האָבען, אז פירסט פאָטעמקין זאָל אויך דארויף איינוויליגען. פאר איהם איז דאָך דאָס אייניגערמאסען א פרייוויליגע געפאנ־גענשאפט.

זיי זיינען צוריק אריינגעקומען אין בעסיעדקע און קאטהערינא האָט ער־קלערט פאָטעמקין'ען וועגען איהר אָברייד מיט דעם דאָקטאָר.

— און איך וועל דיך אזוי לאנג ניט זעהען, קאטהערינא? האָט ער גע־פרעגט מיט א שטילען טאָן.

דאָקטאָר בעטאלעזי שטעהענדיג פון ווייטען האָט דאָס אָבער געהערט און אויף זיין געזיכט האָט זיך בעוויזען א זאָנדערבארער, שמערצליכער אויס־דרוק.

— דו ווייסט דאָך, מיין ליעבלינג, האָט זיא געענטפערט, אז איך דארף אויף דיעזע צייט אָבפאָהרען נאָך פעטערבורג. דו קענסט זיך פאָרשטעלען וויא שווער מיר איז דיעזע קורצע שיידונג. אָבער קומענדיג צוריק, האָף איך דיך צו געפינען פאָלקאָמען געזונד.

— איך מוז דארויף איינשטימען, וואס קען איך זיך העלפען? האט גע־ענטפערט פאטעמקין האלב אונצופריעדען. זאל דיעזער דאקטאר זיך בזעצען אין גארטען־פאוויליאן. היינט אבענד, נאך דעם אבשיעד מיט דיר, וועל איך אויך אהין קומען.

— און איהר, הערר לעברון, האט דיא קייזערין געזאגט, איהר מעגט אויך וועהרענד דיעזע אכט טאג פערבלייבען אין צארסקאיע סעלא. איך וועל געבען א בעפעהל מען זאל פאר אייך פארבערייטען צוויי צימערען.

לעברון האט זיך פערנייגט מיט א מינע פון רעספעקט און צופריעדענהייט.

— איך האב נאך א יונגען דיענער מיטגעבראכט, האט זיך אבגערופען דער דאקטאר. זיין נאמען איז אפראקסין, ער איז א רוסע. איך גלויב, אז מאיעסטעט וועלען ניט האבען דאגעגען, אז ער זאל אויך פערבלייבען אין שלאס ביז איך וועל מיט מיין ארבייט פערטיג ווערען.

דיא קייזערין האט אויך דארויף איינגעווילינט און געגעבען א צייכען, אז דיא אוידיענץ איז געענדיגט. זיא איז נאך א לענגערע צייט געבליבען אליין מיט פאטעמקין'ען אין דעם גארטען־צימער.

— געליעבטער, האט זיא אויסגערופען איהם צערטלענדיג. וויא גליקליך בין איך מיט דיעזע אויסזיכט וואס האט זיך אזוי פלוצלונג פארגעשטעלט! ניט וואהר, מיין אליס, יעצט ועסטו וויעדער זיך איבערגעבען צו דער וועלט און איהרע פריידען, יעצט וועט אויף דיינע ליפען וויעדער בליהען פאר מיר דיין שמייכעל און דיא שעהנע ראזען אויף דיין געזיכט?

— ווער וויים? האט ער בעמערקט טרויעריג. מיר וואלט אבער פיעל אנגענעהמער געווען, ווען דו וואלסט גראדע יעצט ניט אברייזען.

— אליס, מיין איינציגער, מיין טרייער, האט זיא אויסגערופען איהם קוסענדיג מיט ענטציקונג. דיר איז שווער אויף דיעזע קורצע צייט זיך צו שיידען פון מיר, אבער דערפאר וועלען מיר נאך מעהר גליקליך זיין, ווען איך וועל צוריקקומען. איבריגענס וועסטו זיך ניט דארפען זעהר לאנגווייליגן. דער דאקטאר שיינט צו זיין א ליעבענסווירדיגער, געבילדעטער מאן און דו וועסט קענען גאנץ אנגענעהם דיא צייט מיט איהם פערברענגען.

פאטעמקין האט דארויף גאר ניט געענטפערט.

דער גארטען־פאוויליאן, אין וועלכען פאטעמקין האט יעצט געדארפט פערברענגען איינינע טעג מיט'ן יונגען פראנצויזישען דאקטאר, איז איינענטליך געשטאנען ניט אין גארטען זעלבסט, זאנדערן ביים ענדע פון דעם שעהנעם װאלד, וועלכער רינגעלט ארום צארסקאיע סעלא.

דאס איז געווען א זעהר שעהנע, אבגעלעגענע הייזעל, וועלכע דיא פאריגע קייזערין עליזאבעט האט אויפגעבויט, און דארט פלעגט זיא מאנכע פון איהרע ליעבהאבער עמפפאנגען און בעגליקען. אינוועניג איז דיעזעס הייזעל

געוועזן אויסגעשטאטעט מיט אלע פראכט־בעקוועמליכקייטען, וועלכע מען קען געפינען נאר אין א פאלאסט. אין גרויסען סאלאן זיינען געשטאנען פאלסטער־מעבעל, פערציערט מיט דעם פיינסטען גאלד־בראקאט און דיא וואנד זיינען געוועזן בעהאנגען מיט ענטציקענדע בילדער.

צוביידע זייטען פון דיעזען סאלאן האבען זיך געפונען צוויי בעזונדערע שלאף־צימערען. דיא בעטען וואס שטעהען אין זיי זיינען געוועזן קונסטפאל געארבייט, מיט טהייערע, זיידענע בעט־צייג. איינע פון דיעזע שלאף־צימערען האט געפיהרט אין באד־צימער, מיט אלע פארנעהמע און בעקוועמע איינריכטונגען. גאנץ אבגעזאנדערט האט זיך געפונען א קיך, אין וועלכע עס איז געוועזן אלעס וואס עס איז נויטהיג אום א מאהלצייט פארצובערייטען.

נאך בעפאר פאטעמקין און דער דאקטאר זיינען געקומען אין דיעזען פאוויליאן האט שוין דיא קייזערין בעזארגט, אז עס זאל דארט קיין זאך ניט פעהלען. דעם גאנצען טאג האט מען אהין געטראגען פערשיעדענע שפייזען און אנדערע געגענשטענדע, א מאסע קאנסערווירטע פלייש מאטעריאלען, פלעשער מיט דעם פיינסטען וויין, ליקערע, פרוכטען, טארטען, פערפערטיגט פון דעם ערשטען בעקער פון דער קייזערליכע קיכע, מאסען דעליקאטעסען — קורץ, אלעס וואס קען בעפרידיגען דעם אפעטיט איז געוועזן אנגעפאקט אין דיא וואנד־שראנקען. דיא קייזערין האט זאגאר אריינגעשיקט דעם פיינסטען טירקישען טאבאק, ביכער און פערשיעדענע שפיעל־צייג אום איהר ליעבלינג זאל האבען מיט וואס דיא צייט צו פערברענגען.

דיא קליינע הייזעל איז דאביי געוועזן מערקווירדיג שעהן. פון איין זייט זיינען דיא פענסטער געווען צום וואלד פון צארסקאיע סעלא, וועהרענד פון דער אנדערער זייט האט זיך געזעהען א שטיק פון דעם גרויסען פראכטפאלען גארטען, וואו דיא ליעבליכסטע בלומען האבען זיך געוויעגט אויף דיא בייטען, ארומגערינגעלט מיט וועלדעלעך פון העו־ליכע, בליהענדע ראזען. אין אלגעמיין האט דיעזעס הייזעל געקענט דיענען אלס אן ענטציקענדער טעמפעל פון ליעבע פאר א יונגער פאר.

פאר 6 אוהר איז שוין דאקטאר בעטאלעזי אהין געקומען. ער האט מיטגעבראכט א קליינעם לעדערנעם קאפער, אין וועלכען עס האבען זיך געפונען וואהרשיינליך זיינע וועש און פיעלייכט אויך געוויסע מעדיצינישע אינסטרומענטען. ער האט אוועקגעשטעלט דעם קאפער אין איינע פון דיא שלאף־ צימערן. דעם קאמערדיענער, וועלכער האט דא אויף איהם געווארט, האט ער ענטלאסען מיט דער ערקלערונג, אז ער ברויכט קיין זאך ניט, און אויב ער זאל זיך יא אין עטוואס בענויטיגען, וועט איהם דאס בעזארגען זיין דיענער אפראקסין. דאן האט דער דאקטאר זיך געשטעלט ביי'ם פענסטער, בעטראכטענדיג דעם וואלד און מיט א שטילען זיפץ האט ער געזאגט:

— ענדליך, ענדליך נאָהענט צום ציעל!

באלד האָבען זיך דערהערט טריט און פירסט פּאָטעמקין איז אריינגעקור־מען מיט׳ן שווארצען באנד אויף׳ן געזיכט. אין זיין הארצען איז יעצט געווען האָפנונג, פיעלייכט וועט ער ענדליך דאפון לויז ווערען. נאָכדעם וויא ער האָט אראָפּגענומען דעם שווערד און דיא הוט, האָט ער בעגריסט דעם דאָקטאָר זעהר פריינדליך.

— איהר זייט שוין דאָ? מיר וועלען אלזאָ אין דיעזען הויז א לענגערע צייט זיין אליין צוזאמען.

בעטאלעזי׳ס געזיכט איז רויט געוואָרען און ער האָט דארויף גאָר ניט געענטפערט.

— איך האָף, האָט פּאָטעמקין וויטער גערעדט, אז מיר וועלען זיך גוט פערטראָגען, און דאָ זעה איך אויך, אז דער טיש איז שוין געגרייט. ווילט איהר צוזאמען מיט מיר אבענד־ברויט שפייזען, דאָקטאָר?

— צוערשט, פירסט פּאָטעמקין, וועט איהר אוזי גוט זיין אראָבנעהמען דיא באנד פון אייער געזיכט. איך מוז אייער אויג בעטראכטען.

פּאָטעמקין האָט אָנגעפאנגען אראָבצונעהמען דיא באנד, אָבער עס איז איהם זעהר שווער געווען דעם קנופּ לויז צו מאכען.

— ערלויבט מיר, פירסט, איך וועל אייך העלפען, האָט בעטאלעזי געזאָגט.

— אויב איהר ווילט אזוי גוט זיין.

מיט דיעזע ווערטער האָט פּאָטעמקין זיך געזעצט אויף א שטוהל, דער דאָק־טאָר איז צוגעגאנגען פון הינטען און אָנגעפאנגען אָבצובינדען דעם קנופּ. זיינע פינגער האָבען געציטערט ווערהענד ער האָט בעריהרט דיא זיידענווייכע לאָקען פון דעם שעהנעם פירסט, דען זעלטען שעהן איז אלעקסאנדער פּאָטעמקין ווירקליך נאָך אימער געווען, טראָץ דיא קראנקהייט און דיא פיעלע שמערצען וואָס ער איז דיא לעצטע צייטען אויסגעשטאנען.

בעטאלעזי איז יעצט צוגעגאנגען און האָט בעטראכט פּאָטעמקין׳ס אויג מיט זאָנדערבארע בליקען. דיא אויגען פון דעם יונגען דאָקטאָר זיינען דאבייי געוואָרען פול מיט טרעהרען און זיין ברוסט האָט געציטערט פון גרוים אויפ־רעגונג. דאָך האָט ער בעהערשט מיט געוואלד זיינע געפיהלען און האָט זיך אָבגערופען וויא מעגליך רוהיג:

— דיא וואונד איז גוט געהיילט, איך וועל שוין מאָרגען אָנפאנגען אויס־צופערטיגען פאר אייך א פּאָר פּאסענדע ברילען און איך בין זיכער, אז אין א קורצע צייט וועט אייער אויג אין גאנצען געזונד ווערען. דאָך זאָגט מיר, פירסט, וועלכער דאָקטאָר האָט אייך בין יעצט בעהאנדעלט?

— דער לייב־דאָקטאָר פון איהר מאיעסטעט, אברהם בענרובען. ער איז א

קונסטפאלער ארצט און איך וואלט שוין פיליכט לאנג געזונד געוואָרען, אָבער צום אונגליק איז ער איינינע מאָנאטען צוריק פלוצלונג געשטאָרבען.

א קורצע צייט איז שטיל געווען, דאן האָט זיך פאַטעמקין אָבגערופען:

— וויא נעפעהלט אייך דיא קייזערין?

— איך דענק, אז וועגען דעם האָב איך ניט צו אורטהיילען. דיא וועלט־געשיכטע האָט שוין איהר אורטהייל וועגען רוסלאנד'ס הערשערין אויסגע־שפּראָכען.

— איז זיא ניט א מערקווירדיג שעהנע פרוי?

— יא, מיין פירסט, זעהר שעהן.

— און דאצו נאָך אזוי גוטהערציג, אזוי נאָבעל.

— גאנץ געוויס, איהר איבערהויפּט האָט דאָך געגוג אורזאכע פון דער קייזערין ענטציקט צו זיין.

— נאטירליך, נאטירליך, האָט ער געזאָגט אזוי וויא האלב אונצופריעדען, וואָס א פרעמדער רעדט וועגען זיינע הערצליכע בעציהונגען צו דער קייזערין. און דאן נאָך א קורצע פויזע האָט ער ווידער געזאָגט: יא, דאָס איז ריכטיג, איך האָב איהר צו פערדאנקען פאר אלעס וואָס איך בין. זיא האָט דאָך מיך ערהויבען פון נידעריגקייט, אלס אן איינפאכען ליטענאנט, צו דער יעצטיגער הויכער שטופע.

— און דענקט איהר נאָך אָפט צוריק וועגען יענע צייט, ווען איהר זייט געווען אן אָרעמער אָפיציער? ערינערט איהר זיך נאָך וועגען אייער דאמאָ־ליגען לעבען און וועגען דיא פערזאָנען, מיט וועלכע איהר האָט דאן אומגאנג געהאט?

— עס איז ניט בעזאָנדערס און ניט פיעל וועגען וואָס זיך צו עראינערען. אָרעם בין איך געווען, דאָס איז וואהר. איהר קענט זיך פאָרשטעלען, אז מיט דיא קליינע געהאלט פון אן אָפיציער איז שווער אויסצוקומען, ווען מען האָט קיינע אייגענע מיטלען פון צו הויז. דאָך קען איך אזוי פיעל זאָגען, אז מיין עהר־ליכען נאָמען האָב איך אימער בעוואָרענט און מיין געוויסען איז ריין.

— וואָס מיינט איהר מיט דיעזע ווערטער?

פאָטעמקין איז א קורצע צייט שטיל געבליבען אזוי וויא ער וואָלט דארויף ניט וועלען ענטפערען, דאן האָט ער זיך אָבגערופען:

— איך בעטראכט אייך אלס א פריינד, דאָקטאָר, און דארום וועל איך אייך אין קורצען ערקלערען, אז פאר מיין בעקאנטשאפט מיט דער קייזערין בין איך געווען פערלאָבט מיט א געוויסע מעדכען. צו יענער צייט האָב איך זיאווירקליך געליעבט און איך וואָלט איהר אימער טריי געבליעבען. איך וואָלט מיין וואָרט צו איהר ניט געבראָכען, זאָגאר ווען מען וואָלט מיר א גאנצען קייזער־טהום געגעבען, דען מיין פערשפּרעכען איז ביי מיר אימער געווען הייליג. דאָך

האט זיא ליידער צו מיר דיא טרייהייט געבראָכען און דארום האָב איך געהאט פאָלקאָמען רעכט פון איהר זיך צו ענטזאגען.

אויף דעם געזיכט פון דעם יונגען דאָקטאָר איז יעצט געוועזען צו בעמערקען וואָס פאר א גוואלדיגען רושם דיא לעצטע ווערטער האָבען אויף איהם געמאכט. ער איז האסטיג אויפגעשפרונגען, אָבער באלד האָט ער זיך בעהערשט און נאָך א קורצע פויזע האָט ער אויסגערופען מיט א געדריקטע שטימע:

— אייער קורצע ערצעהלונג אינטערעסירט מיך זעהר שטארק און דארום וויל איך זיך ערלויבען איין פראגע: איז איך דען אזוי לייכט אנגעקומען זיך צו ענטזאגען פון אייער כלה?

פאָטעמקין איז איבערראשט געוואָרען ביי דיעזער פראגע, הערענדיג מיט וואָס פאר א ציטערענדען טאָן דיעזער ווערטער זיינען אויסגעשפראָכען געוואָרען. ער האָט גענויער דעם יונגען דאָקטאָר בעטראכט און א זאָנדערבארע אהנונג איז אין זיינע געדאנקען אריינגעקומען: איז דאָס מעגליך, אז ער — אז זיא, עליזאבעט, איז פערקליידעט אין דיעזע געשטאלט, מיט וועלכע זיא בענוצט זיך ווידער אמאָל אום צו איהם נעהענטער צו קומען? אויב אזוי, בעווייזט עס דאָך איהר לאנג-יעהריגע טרייהייט צו איהם און ער, אלס עהרענמאן, איז פערפפליכטעט זיין וואָרט געגען איהר צו ערפילען, ניט קוקענדיג אויף זיין ליעבע צו דער קייזערין.

ער האָט אָבער אויך געקענט עליזאבעט'ס דעליקאטען כאראקטער. ער ווייס, ווען זיא זאָל זיך איבערצייגען, אז ער ליעבט ווירקליך נור קאטהערינא'ן, ניט אלס א מעכטיגע קייזערין, ניט נאָר דארום ווייל זיא האָט איהם געגעבען מאכט און רייכטהום, זאָנדערן אלס איינע פון דיא הערליכסטע און שעהנסטע פרויען; אויב עליזאבעט זאָל דאָס וויסען און בעגרייפען, אז יעדע ליעבע צו איהר איז אין זיין הארצען אויסגעלאָשען, דאן וועט זיא אליין זיך פון איהם ענטזאגען. אָבער דאָס דארף ער ניט טהאָן; ער מוז זעהען עס זאָל דאצו ניט קומען, אויב זיא איז אונשולדיג מוז ער בעטראכטען אז זיין פערלאָבונג מיט איהר בעשטעהט נאָך יעצט אויך און ער טאָר זיא ניט אונגליקליך מאכען אויף'ן גאנצען לעבען, טראָצדעם וואָס זיין הארץ וואָלט זעהר בלוטען ווען ער זאָל מוזען זיך אָברייסען פון זיין געליעבטע קאטהערינא. יעדענפאלס האָט פאָטעמקין בעשלאָסען אין זיינע ווערטער זעהר פאָרזיכטיג צו זיין און פון דעם ווייטערען געשפרעך מיט דעם יונגען דאָקטאָר, אויף וועלכען ער גלויבט אז דאָס איז עליזאבעט, צו ערפאהרען אלעס גענוי וואָס מיט איהר האָט פאסירט.

— איך קען אייך אויף אייער פראגע נאָר אזוי פיעל ענטפערען, האָט ער געזאָגט, אז איך האָב מיין כלה געליעבט פון גאנצען הארצען, וואהר און געטריי. דאן האָט מיט מיר פאסירט א זאָנדערבארע זאך. אין א געוויסען אבענד פון ניי-יאָהר, נאָכדעם וויא איך האָב זיא בעזוכט, בין איך דורך א פאלשען בע־

ריכט פעראנלאסט געוואָרען זיך אריינצוזעטצען אין א קארעטע, וואו מען האָט מיך בעטויבט מיט כלאָראָפאָרם. ערוואכענדיג האָב איך געזעהען אז איך געפין זיך אין א פּראכטפאָל אויסגעשטאטעטען צימער, וואו עס איז צו מיר אריינגע־קומען א זעלטען שעהנע פרוי און באלד אָנגעפאנגען צו פיהרען א געשפּרעך וועגען איהר ליעבע צו מיר. אָנפאנגס האָב איך ניט געוואוסט אז דאָס איז דיא קייזערין און זיא האָט אויך אויף מיין הארץ קיין איינדרוק ניט געמאכט. עס איז אָבער באלד פאָרגעקומען א געוויסע סצענע און דאן האָב איך ערפאהרען אז איך געפין זיך אין אן אָבגעלעגטע שטאָדט־הויז ביי דער קייזערין קאטהע־רינא.

פאָטעמקין האָט ווייטער דערצעהלט אלעס וואָס האָט מיט איהם דאן פּאַ־סירט, ביז דער לעצטער סצענע אין ווינטער־גאָרטען פון קייזערליכען פּאלאסט.

— איך האָב פון דעסטוועגען ניט געוואָלט איינשטימען פון מיין כלה זיך צו ענטזאגען, האָט ער געענדיגט זיין ערצעהלונג. דאָך דיא קייזערין האָט מיר ערקלערט אז דיעזע מיידעל, אין וועלכע איך האָב געגלויבט אלס א מוסטער פון אונשולד און טרייהייט, איז איינשטימיג געוואָרען מיך צו פערקויפען פאר געלד. זיא האָט ביי דער קייזערין גענומען א מיליאָן רובעל און אָבגעטרעטען איהרע רעכטע אויף מיר, דאן איז זיא אָבגעפאָהרען מיט א געליעבטען נאָך אויסלאנד. אלס בעווייז האָט דיא קייזערין מיר איבערגעגעבען דעם פערלאָ־בונגס־רינג וועלכען איך האָב מיין כלה געשאָנקען.

— דאָס איז א ניעדערטרעכטיגער ליגען! האָט אויסגערופען דער פער־שטעלטער דאָקטאָר, דעם רינג האָט זיא אראָבגענומען פון מיין פינגער ווען איך בין געלעגען אין אָהנמאכט. זיא האָט מיך געצוואונגען ענטוועדער צו טרינ־קען דעם גיפט־בעכער אָדער פון דיר זיך צו ענטזאגען; איך האָב אָבער בע־סער אויסגעוועהלט דעם טויט איידער דיר אונטריי צו בלייבען.

— אלזא, דו ביזט עס, עליזאבעט, איך האָב דאָס עבען מיט א פּאָר מינוטען צוריק ריכטיג בעמערקט. דערצעהל מיר גענוי אלעס וואָס מיט דיר האָט פּאַ־סירט פון יענער צייט אָן.

דאָס האָט יעצט עליזאבעט מיט דעם גרעסטען פערגעניגען געטהאָן. זיא האָט איהם אָנגעפאנגען צו שילדערען אלע איהרע בעגעבענהייטען פון דעם ערשטען מאָמענט אָן, ווען מען האָט זיא ארעטירט און געבראכט צו דער קיי־זערין, דיא סצענע וואָס איז דאן צווישען זיי ביידען פאָרגעקומען, וויא זיא איז געצוואונגען געווען אויף קאטהערינא'ס בעפעהל אויסצוטרינקען א בע־כער גיפט, וויא אָרלאָוו האָט זיא דאן אין קייזערליכען גראָב־געוועלב אָבגע־מינטערט און דיא צרות וואָס זיא איז פון איהם אויסגעשטאנען. פּאָטעמקין איז טיעף געריהרט געוואָרען ערפאהרענדיג איהרע ווייטערע שיקזאלען, וויא גרויזאם קאטהערינא האָט זיא פערפאָלגט, ביז צו דער לעצטער צייט, ווען

זיא איז מיט איהרע פריינדע פערשיקט געוואָרען אויף אייביגע קאטאָרגע נאָך סיביר, נאָר דורך א גליקליכען צופאל האט זיא זיך יעצט דאפון גערעטעט.

— וויא שוידערהאפט, וויא שרעקליך! האט פּאָטעמקין אויסגערופען. ניעמאלס וואָלט איך געקענט זיך פאָרשטעלען, אז א פרוי זאָל זיין פעהיג אויף אזעלכע בלוטיגע גרויזאמקייטען, און דאָך האָב איך —

פּאָטעמקין איז שטיל געבליבען ניט ענדיגענדיג זיינע ווערטער. ער האט איהר נאטירליך ניט געוואָלט ערקלעהרען וויא זיין הארץ איז דאָך אָבגע־געבען מיט א פייערדיגע ליעבע צו קאטהערינא און וויא שווער עס איז איהם זיך צו שיידען פון איהר. גראדע פערקעהרט: ער האט זיך געמוזט ציינען בע־גייסטערט פאר זיין אמאָליגע ליעבע צו איהר, זיין געוועזענע כלה.

— דו האָסט איבער מיר זעהר פיעל געליטען, מיין אָרימע עליזאבעט, האט ער געזאָגט מיט א טיעפען הערצליכען בעדויערען. קענסט דו מיר פער־צייהען?

— איך האָב ניט וואָס דיר צו פערצייהען, מיין איינציגער אלעקסאנדער, האט זיא אויסגערופען פאלענדיג אויף זיין ברוסט. איך בין אימער געווען זי־כער אז דו ביזט אונשולדיג און זיא האט דיך בעטראָגען. און אין דעם יעצ־טיגען גליקליכען מאָמענט, ווען איך זעה אז דאָס איז ריכטיג, אז דיין גאָלדענע הארץ איז געבליעבען ריין און אונבעריהרט וויא פריהער, פערגעס איך אלעס וואָס מיט מיר האט פאסירט. איך פערצייהע זאָגאר איהר, מיין ערגסטע פיינ־דין, וויסענדיג אז שליסליך וועט זיא דאָך בעשטראָפט ווערען פאר איהרע בייזע טהאטען.

— וועגען מיין ווייטערען פערבלייבען היער קען גאָר קיין רייד ניט זיין, האט בעשטימט פּאָטעמקין. אם בעסטען וואָלט איך צופריעדען געווען נאָך דיזע נאכט מיט דיר צו אנטלויפען, אָבער איך מוז נאָך מאכען איינינע פּאָרבערייטונגען, דען איך זעה ניט איין, ווארום זאָל איך זיך ניט בענוצען וועניגסטענס מיט א קליינעם טהייל פון דיא רייכטהימער וואָס איך בעזיץ יעצט. איך וויל ניט אז דו זאָלסט אין דער צוקונפט דארפען לעבען אין ארמוטה און נויטה.

— אָה, וועגען דעם דארפסטו ניט זאָרגען, מיין טהייערער אלעקסאנדער, איך בין יעצט זעלבסט רייך גענוג. איך בעזיטץ א גרויסען קאפּיטאל —

— דו? פון וואנען?

— אראָן קראָנבערג, וועלכער האט מיין לעבען גערעטעט און געטהאָן פאר מיר מעהר וויא א פאָטער, האט מיר א טהייל פון זיין רייכטהום איבער־געגעבען. אויך מיין גרויספאָטער וואראָנצאָוו איז יעצט רייך גענוג, אזוי דאָס אונזער צוקונפט איז פאָלקאָמען פערזאָרגט, אז מיר זאָלען קענען לעבען אין גוטע פערהעלטניסע. איך וואָלט איבערהויפּט ניט וועלען אז דו זאָלסט זיך

בענוצען מיט אירגענד עטוואס דאפון וואס יענע שרעקליכע פרוי האט דיר געגעבען.

— יא, דו האסט רעכט, ליעבע עליזאבעט, האט ער איינגעשטימט, און איך וועל דיר ערקלעהרען מיין פלאן. דיא קייזערין, וויא דו ווייסט, איז יעצט אבוועזענד און קיינער וועט ניט בעמערקען וויא מיר וועלען דיעזע געגענד פערלאזען. מארגען וועלען מיר אבפאהרען צו דיא נעכסטע סטאציאן און מיט עקסטרא פאסט וועלען מיר אוועק נאך קראנשטאדט. דארט, אין האפען שטעהען אימער פערשיעדענע אויסלענדישע שיפען, פערטיג צום אברייזען און בעפאר דיא קייזערין וועט נאך ערפאהרען וועגען אונזער אנטלויפען וועלען מיר שוין זיין גערעטעט אויף'ן פראנצויזישען אדער האלענדישען באדען.

— דיין פלאן איז זעהר גוט, געליעבטער און איך וויליג איין דארויף פון גאנצען הארצען, אבער איין זאך וויל איך דיך בעטען, אלעקסאנדער, בעדענק זיך יעצט וואס דו טהוסט. וועסטו זיך בעניגענען מיט מיין שטילע ליעבע? וועט דיין ליעבע צו דיין עליזאבעט זיין שטארק גענוג פאר דיר אז דו זאלסט צוליעב איהר אלעס פערגעסען? וועסטו ניט בענקען מיט דער צייט צוריק נאך דיעזען פראכט און לוקסוס, נאך דיעזע הויכע געזעלשאפט, אין וועלכע דו ביזט געוועזען דער העלד?

„אה, אלעקסאנדער, מיין הארץ וועט געבראכען ווערען ווען איך זאל בעמערקען אז דו ליעבסט נאך אימער יענע אנדערע אויסער מיך? קענסטו מיר פערשפרעכען אז דו וועסט פון יעצט אן געהערען נור צו מיר אליין?

— ווארום דארפסטו שטעלען אזוי פיעל פראגען, עליזאבעט? האב קיין אנגסט און זיי זיכער אז וויא איך בין געוועזען צו דיר א געטרייער חתן וועל איך אויך זיין דיין געטרייער געמאהל. דיא פערגאנגענהייט איז פאר מיר פערלארען און איך וועל איהר פערגעסען, ווייל איך וויל איהר פערגעסען.

זייער פערלאבונגס־בונד איז יעצט ווידער בענייעט געווארען מיט הערצליכע קוסען און דאן האבען זיי זיך פאר דיעזע נאכט געשיידעט, אום אין קורצען אויף אימער פעראייניגט צו ווערען.

## 39טער קאפיטעל

## קאטהערינא'ס ראכע.

ווערענד דיעזע סצענעס האבען זיך אבגעשפיעלט אין צארסקאיע סעלא איז קניאז גרעגאר ארלאוו מיט זיין געפאנגענע אנגעקומען אין פעטערבורג. דיעזע ארעסטאנטין איז געוועזען פאר איהם אזוי וויכטיג אז ער האט קיין איינציגען מאמענט פון איהר דיא אויגען ניט אראבגעלאזען.

אין זיין גרויסע רייזע־קארעטע איז ער זעלבסט מיט איהר דעם גאנצען וועג געזעסען און האט גוט אכטונג געגעבען אז זיא זאל ניט אנטלויפען, אבער דיא

אונגליקליכע האט וועגען דעם גאר ניט געטראכט. אין א ווינקעלע איז זיא גע־זעסען, דעם קאפ אימער ארונטערגעבויגען אויף איהר ברוסט און דיא אויגען געשלא־סען, אום אויף איהר שענדליכען פיינינגער זאגאר א קוק ניט צו געבען.

דיא רייזע פון קראנשטאדט נאך פעטערבורג האט נאך דיא דאמאלדיגע פערהעלטניסע געדויערט פיער טעג. ארלאוו האט וועהרענד דיא רייזע בעהאנ־דעלט דיא געפאנגענע זעהר מילד. טראץ זיין ברוטאלען כאראקטער האט ער אנדערש מיט איהר זיך ניט געקענט בענעהמען אלס פריינדליך. אן אונבע־שטימטער געפיהל פון מיטלייד און ליעבע האט איהם געצויגען צו איהר, אבער דאס איז ניט געווען יענע טהיערישע ברענענדע ליעבע, וועלכע פלעגט אנציג־דען זיין שענדליכע ברוסט ביי דיא בעגעגנונג מיט אנדערע שעהנע פרויען. זיין ליעבע צו קלאריסא איז געווען א פיעל ריינערע, פון וועלכע ער האט אין זיין לעבען קיין בעגריף ניט געהאט און ער האט זיך זעלבסט געוואונדערט וויא אזוי ער האט געקענט אין א מאמענט פון אויפרעגונג זיא פערגוואלטיגען און שענדען.

גאנץ אנדערע געדאנקען האבען יעצט בעשעפטיגט דיא אונגליקליכע קלא־ריסא. זיא האט פערטראכטעט דיעזען אונמענש פאר דער שמוציגער דאפעל־ראלע וואס ער האט געגען איהר געשפיעלט און זיא האט איהם געהאסט אלס דעם רויבער פון איהר פרויען־עהרע, אלס איהר ערגסטען מערדער. זיין מילדע בע־האנדלונג, זיין פריינדליכקייט איז איהר עקעלהאפט געווען. איהר פערצוייפ־לונג איז געווען אזוי שרעקליך, אז זיא וואלט שוין לאנג זעלבסטמארד בעגאנגען, אבער ארלאוו האט געהיט יעדע פון איהרע בעוועגונגען, ער האט געציטערט ביי דעם געדאנק, אז ער וועט זיא ניט קענען אויסליפערען לעבעדיג און דאדורך וועט ער פערלירען דיא גאנצע גנאדע ביי דער קייזערין.

דיא געפאנגענע האט געוואוסט, אז מען פיהרט זיא נאך פעטערבורג. וואס וועט מען דארט פון איהר מאכען? פילייכט וועט מען זיא עפענטליך היני־ריכטען? אבער דאס איז אונוואהרשיינליך, דען אזעלכע שטאאטס־געהיימניסע זוכט מען אימער צו האלטען אין א טיעפע פערבארגענהייט. מען וועט זיא גע־וויס ארייגזעצען אירגענד וואו אין א געהיימע געפענגניס, וויא עס איז געווען דער פאל מיט דעם פרינץ איוואן, וועלכער איז יאהרען לאנג געווען איינגע־שפארט אין א קעלער פון שליסעלבורגער פעסטונג ביז ער האט ביי א געוויסען צופאל זיין לעבען פערלארען.

דאך האט זיך קלאריסא מיט דיעזען געדאנק גאנץ וועניג געקענט טרויס־טען. גראדע פערקעהרט, א פלוצלינגער טויט וואלט איהר געווען פיעל אנגע־נעהמער וויא דער שרעקליכער גורל פון א לאנג־יעהריגער, איינזאמער געפאנגענ־שאפט און זיא איז פעסט ענטשלאסען געווען ביי דער ערשטער געלעגענהייט פון איהר טרויעריגען לעבען אן ענדע צו מאכען.

אָרלאָוו האָט שוין איינינע מאָל פּרובירט אָנצופאנגען א געשפּרעך מיט דער געפאנגענער, אָבער זיא האָט איהם ניעמאלס זאָגאר א וואָרט געענטפערט. ענדליך איין מאָל, ווען אָרלאָוו האָט זיך צו איהר געווענדעט מיט עפּעס א פראַ־גע, האָט זיא זיך אָבגערופען ניט ענטפערענדיג דירעקט אויף זיינע ווערטער:

— איהר האָט אייער ציעל עררייכט, פירסט אָרלאָוו, איהר ברענגט צו אייער קייזערין דיא געפעהרליכע קאָנקורענטין אלס געפאנגענע, איהר האָט גע־שפּיעלט דיא ראָלע פון א ניעדערטרעכטיגען הענקער־קנעכט, אום דיא גנאדע פון אייער קייזערין צו פערדיענען. דאָס וואָלט איך אייך נאָך געקענט פערציי־הען; אָבער אז איהר האָט זיך בענוצט מיט מיין הילפלאָזע לאגע וויא א לומפּ און מיין עהרע גערויבט, דאפיר וועל איך אייך פלוכען ביז מיין לעצטען אטהעם־צוג.

אָרלאָוו האָט פערקריצט מיט דיא צייהן, וועהרענד אין זיין ברוסט האָט אויפגעפלאקערט א ברענענדיגער צאָרן. אן אנדערע וואָלט ער פיר אזעלכע ווער־טער אויף דער שטעלע דערשאָסען. ער וואָלט אין דיעזען מאָמענט פון אויפ־רעגונג זאָגאר ניט געקוקט דאַרויף, אז עס איז פאר איהם העכסט וויכטיג זיא צו ברענגען נאָך פּעטערבורג לעבעדיגערהייט. ער האָט זיך שוין געכאפּט פאר זיין רעוואָלווער, אָבער מערקווירדיג, עס האָבען זיך ביי איהם דיא הענד ניט געהויבען.

וואָס איז אייגענטליך מיט איהם? איז ער א פּייגלינג געוואָרען? האָט ער קיין מוטה צו בעשטראָפען מיט'ן טויט פאר אזא בעליידיגונג? האָט איהר זעלטענע שעהנהייט געמאכט אויף איהם אזא טיעפען איינדרוק?

אָבער ניין! ער האָט געזעהן פיעל שעהנערע פרויענצימער און ניעמאלס האָט ער זיך אָבגעשטעלט זיי צו בעהאנדלען גרויזאם און טיראניש, ווען דאָס איז נור געווען זיין ווילען. אָבער אן אונבעקאנטע קראפט האָט איהם אָב־געהאלטען איהר עטוואָס שלעכטעס צו טהאָן און ווען זיא האָט אויף איהם גע־וואָרפען א בליק פון איהרע שעהנע טרויעריגע אויגען, דאן האָט ער געשפּירט, אז דיעזע בליקען שטעכען דורך זיין ברוסט און אזוי וויא א דריקענדעס געפיהל פון חרטה ערוועקט זיך אין איהם. ניט ווילענדיג האָט ער בעדויערט זעהר שטארק וואָרום ער האָט זיא אזוי אונגליקליך געמאכט.

און ווידער ניט ווילענדיג האָט ער זאָגאר גענומען קלערען וועגען דעם וואָס וועט מיט איהר געשעהן, דען גראף פּאנין האָט איהם נור קורץ געשריעבען, אז ער זאָל דיא געפאנגענע ברענגען נאָך פּעטערבורג און אויסליפערען אין דיא פּעטער־פּאול פעסטונג. וואָס דאָרט וועט מיט איהר געשעהן, וויים ער ניט. ער גלויבט, אז זיא וועט אויף דעם בעפעהל פון דער קייזערין שנעל און געהיים הינגעריכטעט ווערען.

דיא קארעטע איז שוין געווען ניט ווייט פון דער הויפּט־שטאָדט, נאָך איין

שטונדע רייזע און דאן וועלען זיי אָנקומען נאָך פעטערבורג. באלד וועט קומען דער מאָמענט, ווען ער וועט פון קלאריסא זיך מוזען שיידען. און אָרלאָוו האָט ניט געצווייפעלט, אז דאָס איז א שיידונג אויף אימער. ער וועט זיא שוין קיינמאָל ניט זעהען.

זיי זיינען געפאָהרען יעצט איבער דעם גרויסען שאָסע וואָס ציהט זיך נאָך פעטערבורג. דער וועג איז פוןביידע זייטען בעזעצט מיט געוואלטיגע אייכען־בוימער און אויף דיא גרינע צווייגען ציטערען דיא רויטע שטראהלען פון דער אונטערגעהענדער אבענד־זון, גראדע וויא זיי וואָלטען דיא בלעטער פער־פארבט מיט בלוט.

אויך אין אָרלאָוו'ס ברוסט האָט עס געציטערט. ער האָט זיך פון דער גע־פאנגענער ניט געקענט שיידען מיט אזא געגענזייטיגען צאָרן, ער מוז מיט איהר ווענינסטענס עטליכע פריינדליכע ווערטער שפרעכען. פיליכט וועט זיא איהם פערצייהען, דאָס ווענינסטענס וועט איהם עטוואָס בערוהיגען.

— גרעפין, האָט ער אויסגערופען פלוצלונג מיט א ווייכע, טיעף־ערגריפענע שטימע, נאָך איין שטונדע און מיר קומען אין פעטערבורג, דאן געהען מיר זיך אויף עביג פאנאנדער.

— דאָס איז אם בעסטען, האָט זיא קורץ געענטפערט.

— איך וויים, אז איהר האסט מיך, און וויא קען דאָס אנדערש זיין ? איך האָב אין א געוויסען מאָמענט געהאנדעלט געגען אייך זעהר געמיין. וויא עס האָט געקענט קומען דאצו, וויים איך זעלבסט ניט און דאָס טהוט מיר זעהר, זעהר לייד, אָבוואָהל איהר, נאטירליך, קענט דאָס מיר ניעמאלס פערצייהען. וואָס אנבעלאנגט אלע אנדערע זאכען, האָב איך אויך ניט געהאנדעלט וויא אן עהרען־מאן. איך האָב אייך דורך פאלשע פערשפרעכונגען געפאנגען גע־נומען, דאָך דארפט איהר בערעכענען, קלאריסא, אז ווען ניט איך, וואָלטען זיך צעהן אנדערע געפונען און דעמזעלבען אויפטראג איבערגענומען.

— אָבער פיליכט וואָלט איך דיעזע צעהן אנדערע ווענינער געגלויבט וויא אייך, האָט זיא געזאָגט קוקענדיג אויף איהם מיט פעסטע בליקען. פיליכט וואָלט קיינער ניט געווען אים שטאנד אזוי לייכט מיך אוועקצושלעפען פון ווע־נעדיג. אָה, איך בין ווירקליך געווען א נאר און בין אליין שולדיג אין מיין אונגליק. יעצט נאטירליך,קען איך זעלבסט ניט בעגרייפען וויא אזוי האָב איך געקענט זיין אזוי לייכטזיניג און אָננעהמען אייער איינלאדונג, צו בעטרעטען א רוסישע קריעגס־שיף און אויף דיעזען אופן זיך צו בעגעבען אויף רוסישען באָדען. דאָס איז דאָך געווען פון מיר א וואהנזינן, אז איך, דיא רעבעלין, וועלכע האָט אויפגערודערט א גאנצע וועלט געגען קאטהערינא, איך זאָל זיך אליין אין איהרע הענד אויסליפערען, אָבער —

זיא איז פלוצלונג שטיל געבליבען און האָט אראָבגעלאָזען דיא אויגען.

— אָבער? האָט געפרעגט אָרלאָוו, איך בעט אייך, קלאַריסא, וואָס ווילט איהר זאָגען?

— נור דאָס, אז איך בין דאן בעהערשט געוואָרען פון אונערקלערליכע עמפּפינדונגען, וועלכע האָבען אלע מיינע געדאַנקען צומישט. מיין הארץ איז געווען פול מיט אזעלכע געפיהלען וועלכע איך קען נאָך יעצט אויך ניט בעגרייפען. אן אונבעצווינגליכע, צויבערהאַפטע געוואלט האָט מיך געצווינגען צו אייך. און דאָך, פירסט אָרלאָוו, געליעבט האָב איך אייך ניט, און זאָגאר יעצט וועהרענד איך קען אייך נור פעראכטען און פערדאמען, לעבט נאָך דיעזער געפיהל צו אייך אין מיין ברוסט.

אָרלאָוו איז געווען פערזונקען אין טיעפע שווערמוטהיגע געדאַנקען. זיא האָט געערדט דאָס זעלבע וואָס ער האָט געפיהלט אין זיין הארצען. דעם ערשטען מאָל הערט ער יעצט פון איהר, אז נאָך דעם גערעכטען צאָרן און דעם טיעפען האס וואָס זיא מוז האָבען געגען איהם, ציהט עס זיא דאָך צו איהם, אָבער ניט דורך דער מאכט פון ליעבע, זאָנדערן דורך עטוואָס אנדערס. אָבער וואָס איז עס אזעלכעס? וויא זאָל ער זיך ערקלערען דיעזע געהיימניספאָלע רעטעניש פון דער נאטור?

אלס פּאטריאָט מוז ער דאָך האסען דיעזע פיינדין פון רוסלאנד, דיא קאָנקורענטין פון זיין גרויסע קייזערין קאטהערינא; אלס מאן מוז ער דאָך זיין העכסט צופריעדען, אז עס איז איהם געלונגען זיא אונשעדליך צו מאכען און דאמיט וויעדער צו געווינען מאכט, עהרע און רוהם, און דאָך ווינשט ער, אז ער זאָל בעסער ניעמאלס געווען בעטרעטען ווענעדיג׳ס באָדען, בעסער וואָלט ער קלאַריסא ניעמאלס געזעהן.

וואָס איז דאָס פיר אזא אונערקלערליכער ,געהיימניספאָלער באנד וואָס קניפּט צוזאמען זייערע הערצער? אָרלאָוו האָט ניט געוואוסט וויא דאָס צו בעגרייפען, ער האָט נור אזוי פיעל געוואוסט אז באלד וועט ער זיא ברענגען אין פּעטער־פּאול פעסטונג, וואו זיא וועט יעדענפאלס צו גרונדע געהן און ביי דיעזען געדאנק איז ער שיער משוגע געוואָרען פון עגמת נפש.

אָה, וואָס וואָלט ער יעצט ניט געגעבען, ווען ער זאָל דיא אונגליקליכע קענען רעטען! צום ערשטען מאָל אין זיין לעבען האָט ער געשפּירט א געפיהל פון מיטלייד צו א מענשליכען לעבען און אויך צום ערשטען מאָל האָט ער איינגעזעהן, אז אלע גליקען, נאָך וועלכע ער שטרעבט האָבען דאָך אייגענטליך גאָר קיין ווערטה, איבערהויפּט ווען ער מוז זיי קויפען מיט אזעלכע שענדליכע מיטלען. יעצט וואָלט ער ווינשען צו בעזיצען איבער דער קייזערין דיעזעלבע מאכט וויא אמאָל און ער וואָלט דאָס באלד בענוצט אום דיעזע אונגליקליכע צו רעטען און בעפרייען.

אָבער יעצט איז עס שוין צו שפּעט. דיא קארעטע פאָהרט שוין אין דעם

ניקאָלאיעוואסקי טהויער פון, פעטערבורג און זיא קומט שוין נעהענטער צו דיא גרויסע רעגיערונגס־געביידע, אין וועלכע עס וואָהנט דער קאָמאנדאנט פון דיא הויפט־שטאָדט. דאָ מוז ער דיא געפאנגענע אָבליעפערען און פון דאנען וועט זיא געשיקט ווערען נאָך איהר לעצטען בעשטימונגס־אָרט, נאָך דעם פירכטער־ליכען געפענגניס אין פעסטונג.

— קלאריסא, האָט ער געזאָגט, עס קומט דער לעצטער מאָמענט. באלד וועלען מיר זיך שיידען.

— דאָס וויים איך. איהר געהט פון דאנען אויף דעם וועג פון עהרע און רוהם און איך געה אויף דעם וועג צום טויט.

— און קענט איהר מיר ניט פערגעבען, קלאריסא? האָט ער געשטאָמעלט מיט א טיעפען געפיהל פון מיטלייד. אָה, זייט גרויסמוטהיג, פערצייהעט מיר וואָס איך האָב אייך אזוי שלעכט בעהאנדעלט אין דער מינוט פון אויפרעגונג.

— ניין, האָט זיא געענטפערט מיט א פינסטערע מינע. איך האָב אייך שוין ערקלערט, אז דאפיר וואָס איהר האָט איינגעשטימט צו דיענען אלעם הענ־קער־קנעכט געגען מיר וואָלט איך אייך פיליכט געקענט פערצייהען, דען שליס־ליך זייט איהר דאָך נור א ווערקצייג, א האק, מיט וועלכע קאטהערינא האָט זיך בענוצט אום איהר פיינדין צו פערניכטען. אָבער פאר דיא שענדונג פון איהר עהרע פערצייהעט קיין פרוי ניט און איך פערפלוך אייך אלס א געמיינעם באנדיט.

דאמיט האָט זיא זיך פון איהם אָבגעווענדעט און אָרלאָוו האָט פערביסען דיא ליפען פון ערנערניס; אָבער ענטפערען האָט ער שוין ניט בעוויזען. דען יעצט איז דיא קארעטע אריינגעפאָהרען אין דעם גרויסען זייטיגען טהויער פון דער רעגיערונגס־געביידע און זיך אָבגעשטעלט אויף'ן הויף.

אין נעכסטען מאָמענט איז דיא טיהר פון קארעטע אויפגעריסען געוואָרען. צעהן קאָזאקען האָבען דיא געפאנגענע ארויסגעהויבען, זיא ארומגערינגעלט פון אלע זייטען און דאן אריינגעפיהרט אין הויז איבער א זייטיגען טרעפ.

אָרלאָוו איז פון ווייטען לאנגזאם נאָכגעגאנגען אום זיך צום קאָמאנדאנט צו בעגעבען. וויא וועהמוטהיג עס איז איהם געווען אין הארצען, האָט ער דאָך געשפירט עטוואָס לייכטער וואָס ער דארף מעהר זיין אונגליקליכע אָפּפער ניט זעהן פאר דיא אויגען.

און וועהרענד קלאריסא איז פּאָרלויפיג איינגעשפּארט געוואָרען אין א קליינע צעלע מיט אייזערנע ווענט, האָט אָרלאָוו געבראכט אין אָרדנונג זיין אנ־געלעגענהייט מיט דעם קאָמאנדאנט, וועלכער האָט איהם ארויסגעגעבען אן אָפּיציעלע קוויטונג, אז ער האָט דיא געפאנגענע רעבעלין, גרעפין קלאריסא פאָן פינעבערג, לעבעדיגערהייט פון איהם ערהאלטען. אָרלאָוו פון זיין זייטע האָט געמוזט אונטערשרייבען, אז דיעזע פּערזאָן, וועלכע ער האָט יעצט אויסגעליפערט,

איז ווירקליך קלאריסא פאָן פינעבערג, אונבעדינגט דיזעלבע וואָס איז אין וועד־נעריג בעקאַנט געוועזן אונטער דיעזען נאָמען, וועלכע ער זעלבסט האָט ארעטירט אויף׳ן ים, ניט ווייט פון יענער שטאָדט.

אָרלאָוו האָט פריי אויפגעאטהעמט ווען ער איז פערטיג געוואָרען מיט דיעזע פּאַרמאַליטעטען און איז ארויסגעגאנגען אום נאָך זיין פּאַלאַסט זיך צו בעגעבען. קומענדיג אין זיין הויז האָט ער דיא ערשטע זאַך גענומען א באַד און דאַן גע־וואָלט געהן אין זיין שלאָף־צימער אום פון וועג זיך צו ערהאָלען, אום זיינע ברוי־זענדע געפיהלען צו בערוהיגען. ער האָט גערעכענט מאָרגען זיך פאָרצושטעלען דער קייזערין, נאַטירליך אין דעם פאַל ווען זיא וועט איהם וועלען עמפּפאַנגען.

אין דעם זעלבען מאָמענט איז אריינגעקומען איינער פון זיינע קאַמערדיע־נער און איהם איבערגעגעבען א בריעף, וועלכער איז געשיקט געוואָרען צו איהם נאָך קראָנשטאַדט, אָבער אזוי וויא ער איז שוין פריהער געוועזן פון דאָרט אָבגע־פאָהרען, איז דער בריעף צוגעשיקט געוואָרען נאָך זיין אדרעס אין פּעטערבורג.

אָרלאָוו האָט געעפענט דעם בריעף און געפונען, אז דאָס שרייבט צו איהם דער ערשטער מיניסטער גראף פּאַנין, וועלכער דריקט איהם אויס די בעסטע קאָמ־פּלימענטען פאַר זיין געלונגענע טהאַט און אים נאָמען פון איהר מאַיעסטעט לאַדעט ער איהם איין אין ווינטער־פּאַלאַסט, וואו דיא קייזערין וועט איהם ערוואַרטען.

— אַלזאָ, דאָך! האָט געמורמעלט אָרלאָוו מיט פרייד נאָכדעם וויא ער האָט דעם בריעף איינינע מאָל פון אָנפאַנג ביז ענדע דורכגעלעזען. זיא ענט־זאַגט מיר ניט איהר דאַנקבאַרקייט און רופט מיך צו זיך. דער וועג צו איהר הארצען שטעהט פאַר מיר וויעדער אָפען. באַלד וועט קיין פּאָטעמקין אין רוס־לאַנד מעהר ניט זיין און אָרלאָוו וועט צוריק פערנעהמען זיין פּלאַץ. באַלד וועט מען אין גאַנצען לאַנד שפּירען, אז דיא מאַכט פון דער הערשאַפט געפינט זיך וויעדער אין אָרלאָוו׳ס הענד. יאָ, איך וועל ניט דולדען, אז יעמאַנד אַן אַנדערער זאָל מיט מיר טהיילען דיעזע מאַכט און איך אליין וועל אונבעגרענעצט פיהרען דיא רעגיערונג נאָך מיין ווילען. יענע געקרוינטע פרוי אין קייזערליכען פּורפּור־מאַנטעל מוז ענדליך ווערען מיינע. איך וועל הערשען איבער איהר און דורך איהר איבער גאַנץ אייראָפּאַ, איבער דער גאַנצער וועלט.

פּאַנין׳ס בריעף האָט געבראַכט דאַצו, אז אָרלאָוו האָט פערגעסען אַלעס וואָס אין דער רייזע איז פּאָרגעקומען און ער האָט נור געדענקט וועגען דיא גלענצענדע צוקונפט וואָס שטעהט איהר פאָר. אויף זיין בעפעהל האָט דער קאַמערדיענער געבראַכט איינינע פלעשער שאַמפּאַניער און אָרלאָוו האָט אָנגעפאַנגען טיכטיג צו טרינקען.

וואָס ווייטער איז ער אַלץ מונטערער און פרעהליכער געוואָרען. ער איז

ארומגעגאנגען איבער׳ן צימער טראכטענדיג וועגען פערשיעדענע פלאנען, וועלכע ער וועט אין קורצען דורכפיהרען, און דאך...

יא, דאך זיינען איהם אויף׳ן זינען געקומען טרויעריגע געדאנקען, וועלכע ער קען אין גאנצען פון זיך ניט פערטרייבען; דאך איז מאנכעסמאל זיין ברוסט פערדריקט געוואָרען מיט געפיהלען, פון וועלכע ער האט זיך ניט געקענט בעפרייען. ער האט געשפירט גראדע אזוי וויא א מענש וואס זיצט ביי א רייך סערווירטען טיש, ער געניסט פון דאס שעהנסטע און בעסטע, דאך ווייס ער, אז דאס איז זיין לעצטער מאהלצייט.

אָרלאָוו האט זיך געוואָרפען אויף זיין זיידענעם בעט און א לענגערע צייט האט איהם געפייניגט דיא אונרוהע ביז ער איז ענדליך איינגעשלאָפען. אָבער אויך אין שלאף האט איהם געמאטערט א שווערער טרוים, וועלכער האט איהם ניט געלאָזט זיך ערהאָלען. איהם האט זיך געדוכט, אז ער געפינט זיך אויף איינע פון זיינע ליעבלינגס־גיטער. ער געהט דורך׳ן וואלד אויף׳ן יאגד האלטענדיג אין האנד א געלאָדענעם ביקס.

פלוצלונג פלאטערט אויף געגען איהם א ליעבליכע, ווייסע טויב. ער הויבט אויף דיא ביקס און וויל זיא שיסען, אָבער אין דיעזען אויגענבליק רופט זיא זיך אָב צו איהם:

— טהו מיר קיין שלעכטעס, דאס וועט דיך נאכהער זעהר פערדריסען.

וויא ניט ווילענדיג האט ער אראָבגעלאָזט דיא האנד און דיא שעהנע טויב פלאטערט נאך אימער פאר איהם. פון צייט צו צייט ווענדעט זיא צו איהם איהר קעפעלע און קוקט איהם אָן מיט איהרע ריהרענדע, קלוגע אויגען.

פלוצלונג הערט ער א געוואלטיגען גערויש אין דער לופט. פון אויבען, פון גאנץ הויך פאלט אראָב א הערליכער אָדלער. דיא טייבעלע אנטלויפט מיט גרויס אנגסט און איהרע פליעגעלאך ציטערען. אָרלאָוו בעשליסט זיא צו רעטען און דעם אָדלער צו דערשיסען. ער לויפט נאך ביידע פויגלען און אימער ווייטער פערבלאָנדזעט ער אין דיא בערג, אין דיא וועלדער ביז ער איז ענדליך געבליבען שטעהן אויף א גאנץ הויכען פעלזען־בארג.

אָרלאָוו בעמערקט, אז דאָ געפינט זיך דעם אָדלער׳ס נעסט, וועלכער קומט יעצט אהער צופליהען. דיא טייבעלע זעצט זיך ביי אָרלאָוו׳ען אויף׳ן שולטער און זיא קוקט איהם אָן מיט אנגסטפולע בליקען, אזוי וויא בעטענדיג שוץ און מיטלייד.

אין דעם זעלבען מאָמענט איז דער אָדלער צוגעפלויגען און אָנכעפענדיג דיא טייבעלע מיט זיינע מעכטיגע קראלען צורייסט ער זיא אויף שטיקער. יעצט האט אָרלאָוו געכאפט זיין ביקס און שיסט אויס. ער זעהט וויא זיין קויל טרעפט דעם אָדלער, אָבער זיא קען ניט דורכדרינגען זיינע שטארקע פעדערען. דער

אַדלער איז דאַן ארויף אויף איהם און האָט איהם א שטויס געגעבען, אזוי דאָס ער איז אראָבגעשליידערט געוואָרען פון דעם הויכען פעלזען־בארג.

פון דיעזען געוואלטיגען שטורץ פאלט ער טיעפער און אימער טיעפער, אזוי דאָס עס נעהמט גאָר קיין ענדע פון זיין פאלען און יעצט זעהט ער, אז אויבען, אויף׳ן שפּיץ פעלזען, שטעהט גאָר קאטהערינא גלענצענדיג אין איהר מאַיעס־טעטישע שעהנהייט מיט דער קרוין אויף׳ן קאָפּ. טראָץ דעם וואָס זיא איז אונ־געהייער ווייט פון איהם, הערט ער איהר שפּאָטישען געלעכטער.

און מיט אמאָל איז ער געפאלען אין טיעפסטען אבגרונד און זיינע גליעדער זיינען צושמעטערט געוואָרען אויף דיא שארפע שטיינער. און דאָך פיהלט ער, אז ער לעבט נאָך. ער זעהט וויא דער אָדלער כאפּט דיא צוריסענע טויב אין ווארפט זיא אראָב צו איהם אין אָבגרונד.

דיא טויב איז אראָבגעפאלען אויף זיין הארצען און איהר ווארעמע לעבענס־בלוט פליסט אויף זיין ברוסט, אויף זיין געזיכט, און וויא ער בעטראכט זיא גענויער מיט זיינע ערמיעדעטע, האלב טויטע בליקען דערזעהט ער גאָר, אז דאָס איז קלאריסא.

ווען אָרלאָוו האָט דעם נעכסטען טאָג ערוואכט, האָט ער צו זיין ערשטוינען געהערט, אז ער האָט אָבגעשלאָפען גאנצע אכצעהן שטונדען. דאָך האָט ער זיך געפיהלט אזוי וויא צושלאָגען אין גאנצען קערפּער און שרעקליך מיעד אין זיינע גייסטליכע קרעפטען.

ער האָט בעפאָהלען דעם קאמערדיענער איהם שנעל אָנצוקליידען, דען עס איז צייט צו געהן נאָך דעם ווינטער־פּאלאסט. ער האָט זיך אויסגעפּוצט אין דעם גאָלדענעם פּאראדנעם מונדיר אום דער קייזערין זיך פּאָרצושטעלען. ער האָט געגלויבט, אז זייענדיג פון יעצט אָן נאָהענט צו דער קייזערין און בעגליקט דורך איהר ליעבע און גנאדע וועט איהם מעגליך זיין צו פערגעסען דיא אָרעמע געפאנגענע, וועלכע ער האָט אין טרוים געזעהן אלס א צוריסענע טייבעלע.

דער ווינטער פּאלאסט און דער גאנצער פּארק ארום איהם האָט געגלאנצט מיט פיעלע טויזענדע לאָמפּען. אָן איטאליענישע נאכט האָט דיא קייזערין בע־שטימט היינט דאָ פּאָרצושטעלען און אלע פּאָרבערייטונגען דאצו זיינען שנעל פערטיג געוואָרען.

דער רוסישער געזאנדטער אין איטאליען האָט איהר קירצליך דערצעהלט פון דיא מערקווירדיגע פּראכט, וועלכע מען זעהט וועהרענד אזא נאכט אין דער ראָמאנטישער װענעדיג און קאטהערינא, נאָכדעם וויא זיא איז א לענגערע צייט געווען כמעט וויא אָבגעשלאָסען פון דער וועלט, האָט יעצט געוואָלט געזעל־שאפטליכע פריידען געניסען. דיא האָפנונג, אז איהר געליעבטער אלעקסאנדער וועט באלד פּאָלשטענדיג געזונד ווערען, האָט זיא ווידער לוסטיג און מונטער געמאכט און דיא אויסזיכט, אז ענדליך וועט זיא פון איהר ביטערען פיינד אָר־

לאָוו א שרעקליכע ראכע נעהמען, האָט אָנגעפילט איהר הארץ מיט גרויס צופריעדענהייט. אָבער אום דיא ראכע זאָל זיין אם גרויזאמסטען, אום זיין מפלה צו מאכען וואָס טיעפער, וועט ער דיעזע נאכט עמפפאנגען ווערען מיט דיא גרעסטע עהרע, ער זאָל דענקען, אז ער שטעהט שוין אויף דער העכסטע שטופע פון גליק און מאכט, דאן זאָל ער פון דיעזע הויכקייט אראָבגעשליידערט ווערען אין טיעפסטען תהום.

דיא איטאַליענישע נאכט זאָל פאָרשטעלען א נאטור־טרייען בילד פון דיא הערליכקייט, וועלכע מען זעהט אין דער ראָמאנטישער ווענעדיג. דער ליכט־גלאַנץ פון דיא אילומינירטע גערטנער, וואו מען קען געניסען דיא רייצענדסטע פערגעניגען אין שוים פון דער נאטור, צווישען בייטען פון בלומען, אין א ראהם פון גרינע, פראכטפאָלע וועלדער — דאָס אלעס זאָל יעצט פערווירקליכט ווע־רען אין דעם פארק פון ווינטער־גאָרטען.

אויף דעם גרויסען פלאַץ פאר דעם לוסט־שלאָס איז אויפגעשטעלט געוואָ־רען א גאנצע שטאָדט פון געצעלטען געמאכט אין עכט־איטאַליענישען סטייל און בעמאָהלט מיט פאנטאסטישע, רייכע פארבען. אין יעדע פון דיעזע ביידלאך איז געשטאנען איינע פון קאטהערינא'ס שעהנע הויף־דאמען אלס פערקויפערין פון פערשיעדענע ארטיקלען, פאר וועלכע דיא קאוואַליערען האָבען געצאָהלט דיא העכסטע פרייזען. דאָס געלט ווערט געזאמעלט צו וואָלטהעטיגע צוועקען.

אויף דיעזען פלאַץ האָט זיך פאָרגעשטעלט א בילד פון א יאָהר־מארק. מען וואָלט קענען מיינען אז דאָס איז א פאָלקס־פעסט, נור מיט דעם אונטער־שיעד אז דאָס פאָלק שטעלט זיך דאָ צוזאמען פון דיא העכסטע רוסישע ארים־טאָקראטיע. נאטירליך האָט אויך די קייזערין געזאָרגט פאר דעם געגוס פון איהרע געסט. איבעראל זיינען געשטאנען קליינע פאַוויליאָנס, אין וועלכע מען האָט סערווירט דיא טהייערסטע וויינען און דיא בעסטע דעליקאטעסען.

אן אנצאָהל פון דיא שעהנסטע קאווקאזער מעדכענס האָבען זיך בעשעפ־טיגט דיא געסט צו בעדיענען. צווישען געדיכטע וועלדלעך זיינען געזעסען פער־באָרגען כאָרען מוזיק, וועלכע האָבען געשפּיעלט פערשיעדענע איטאַליענישע מעלאָדיען. דאָס אלעס איז געווען בעלויכטען מיט אזא הערליכע אילומינאציאָן, אז אין פארק איז געווען ליכטיג וויא אין מיטען העלען טאָג.

איינלאַדונגען צו דיעזע איטאַליענישע נאכט האָט דיא קייזערין געשיקט מעהר וויא צו דריי טויזענד פערזאָן, און ניט נור דער העכסטער אדעל, זאָנדערן אויך דיא רייכסטע בירגער פון פעטערבורג זיינען צו דיעזען פעסט איינגעלאַדען געוואָרען.

קאטהערינא זעלבסט האָט זיך בעשעפטיגט מיט איהרע געסט גאנץ פריי און העכסט ליעבענסווירדיג. זיא האָט אויסגעזעהן אין דיעזען אבענד נאָך שעה־נער וויא אימער. איהר וואונדערפאָלע, שלאנקע געשטאלט איז געווען אָנגעצוי־

גען אין א קלייד פון ווייסע זיידענס, רייך בעפוצט מיט גאָלד־שטריקערייען. אויף איהרע לענדען האָט זיא געטראָגען א גאָלדענעם גארטעל, בעזעצט מיט דימאנטען, פון וועלכען דיא צוויי עקען זיינען אראָבגעפאלען ביז צו דיא פיס. אויף איהרע רייכע, רויט־בלאָנדע האָר, פריזירט נאָך דער איטאליענישער מאָדע האָט זיא געטראָגען א גרויסען בריליאנט, וועלכער האָט געגלענצט פיעל שעהנער וויא דיא שטערען אין הימעל.

פאר וועמען ווערט דיעזע פעסט פון אזא זעלטענעם פראכט און גלאנץ געגעבען? ווער וועט זיין דער העלד פון דיעזען אבענד, פאר וועלכען דיא שעהנע קייזערין האָט זיך אזוי ענטציקענד אויסגעפוצט? אין דער הויף־געזעלשאפט האָט מען געשמועסט, אז א גרויסע ענדערונג וועט דאָ היינט פאָרקומען. דער נאָמען אָרלאָוו איז אָפט עראינערט געוואָרען אין דיעזע שטילע געשפּרעכען. מען האָט געמורמעלט, אז דער קראנקער פּאָטעמקין וועט קירצליך אין גאנצען פערלאָזען דעם הויף און אָרלאָוו, וועלכען דיא קייזערין האָט ערהויבען צו דער ראנגע פון א פירסט, וועט ווידער קומען צו זיין אמאָליגע מאכט און גרויסקייט.

זייט דעם סקאנדאל וואָס אָרלאָוו האָט געמאכט אין ווינטער פּאלאסט און פערוואונדעט פּאָטעמקין׳ס אויג, איז דיא קייזערין צו איהם געשטאנען אין אן אָפענע פיינדשאפט און זיא האָט איהם קיין איינציגען מאָל ניט עמפּפאנגען, אזוי דאָס ער איז געוועזן פּאָלקאָמען אויסגעשלאָסען פון דער הויף־געזעלשאפט. היינט אָבער וועט ער ווידער ערשיינען אין דעם זעלבען גלענצענדען קרייז וואו ער איז אמאָל געוועזן דער הערשער; היינט, גלויבט מען, וועט דיא קייזערין איהם ווידער אויפנעהמען מיט גנאדע און אלע האָבען געווארט אויף דיעזען מאָמענט מיט גרויס שפּאנונג.

פּלוצלונג איז געוואָרען א שטילע, איבערראשענדע בעוועגונג צווישען אלע געסט. דער פיעל בעשפּראָכענער אָרלאָוו איז ענדליך ערשיענען. זיין ברייטע פיגור איז געוועזן געקליידעט אין דעם גלענצענדען מונדיר פון א רוסישען אדמיראל; אויף דיא דונקעלע, עטוואָס גרוי־געוואָרענע האָאר א ברייטשפּיציגער הוט מיט א גאָלדענעם ראנד; דער דעגען מיט א גאָלדענעם גריעף ביי דיא לינקע זייט; דיא ברוסט געדיכט בעזעצט מיט אלע אָרדענס, מיט וועלכע דיא קייזערין האָט איהם אין דיא פריהעריגע צייטען בעלאָהנט. דאצו זיין בלייכע געזיכט מיט דעם שווארצען באָרד, דיא גרויסע, דונקעלע, גליהענדע אויגען און דיא פעסטע, הויכמוטהיגע האלטונג — דאָס אלעס האָט געצייגט, אז דער מאן איז שוין יעצט אין פולען בעוואוסטזיין פון דיא גרויסע ראָלע וואָס ער וועט יעצט ווידער אנפאנגען צו שפּיעלען.

אָרלאָוו איז צוגעגאנגען צו דער קייזערין, וועלכע איז געשטאנען אין מיטען פון א גלענצענדע געזעלשאפט, און בויגענדיג פאר איהר זיין קניע האָט ער אויסגערופען:

— לאנג זאָל לעבען מיין קייזערליכע פרוי! גאָט זאָל בעשיצען און בעהיטען קאטהערינא דיא גרויסע און דאָס היילינע רוסישע רייך! מיין קייזערין האָט מיך בעעהרט מיט אן איינלאדונג און אָבוואָהל איך האָב עבען יעצט צוריקגעקעהרט פון א גרויסע זעע־רייזע, איז דאָך גענוג געוועזן איין קייזערליכעס וואָרט אום איך זאָל איילען נאָך דעם ווינטער־פּאלאסט, דען נור וואו מיין קייזערין געפינט זיך דאָרט איז מיין פאָלשטענדיגעס גליק.

— פירסט אָרלאָוו, האָט געזאָגט קאטהערינא וועהרענד זיא האָט געדייכט דעם קניענדען אָרלאָוו איהר האנד צו קוסען. איך בעגרים אייך מיט א הערצליכען ווילקאָמען. מיר האָבען מיט פיעל צופריעדענהייט געלעזען דעם בעריכט, וועלכען איהר האָט צוגעשטעלט צו מיין ערשטען מיניסטער גראף פּאנין. מיט פריידען האָב איך ערפאהרען, אז עס איז אייך געלונגען צו נעהמען געפאנגען דיא בעטריגערין, וועלכע האָט געהאט דיא פרעכהייט זיך ארויסצוגעבען אלס א רוסין און אלס א מיטגליעד פון אונזער קייזערליכע פאמיליע. מיר אנערקענען, אז איהר האָט זעהר געשיקט אויסגעפיהרט דיא אויפגאבע, וועלכע מיר האָבען אייך אנפערטרויעט, נאָך אונזער אלערהעכסטען וואונש.

— מאיעסטעט, האָט געזאָגט אָרלאָוו אויפשטעהענדיג. איך מוז דאביי ערקלערען, אז עס איז מיר זעהר שווער אָנגעקומען דיעזע אויפגאבע צו ערפילען. ווען מאיעסטעט וואָלטען מיך געשטעלט אן דער שפּיצע פון אן ארמעע צו שלאָגען אירגענד וועלכען, זאָגאר דעם שטארקסטען שונא, וואָלט איך איהם מיט דיא מאכט פון וואפען צושמעטערט. דאָ אָבער האָט עס זיך געהאנדעלט וועגען א פרויענצימער, וועלכע מען האָט געדארפט בעקומען ניט מיט טאפּפערקייט, זאָנדערן דורך א קלוגען קונסט איהר ארייגקריעגען אין אונזערע הענד. איך מוז זאָגען דיא ריכטיגקייט, מאיעסטעט, אז עס איז מיר זאָגאר געוועזן עטוואָס אונאנגענעהם אזא דאָפּעלטע ראָלע צו שפּיעלען, אָבער דער געדאנק, אז דאָ האנדעלט זיך דיא פיינדין פון אייער מאיעסטעט אונשעדליך צו מאכען, איבערהויפּט נאָך אזא פיינדין, וועלכע וואָלט דורך איהרע וואפען פון שעהנהייט און יוגענד געקענט ווערען פיעל געפעהרליכער וויא אלע אנדערע רעבעלען — דיעזער געדאנק אלזאָ האָט מיר געגעבען ענטשלאָסענהייט זאָגאר אזא אויפגאבע צו ערפילען.

אָרלאָוו האָט געשפּירט וויא זיין הארץ ווערט פערדריקט פון טיעפען וועהמוט ביי דער עראינערונג פון זיין שענדליכע טהאט, דאָך האָט ער זיך געצוואונגען צו א שמייכעל און נאָך א קורצע פּויזע האָט ער ווייטער געשפּראָכען:

— דיא בעטריגערין געפינט זיך יעצט אין זיכערע געפאנגענשאפט און איך האָף, אז עס וועט ניט לאנג דויערען ביז זיא וועט פון דער וועלט פערטילינט ווערען —

— אויף דעם קענט איהר זיכער האָפען, פירסט אָרלאָוו, האָט איהם דיא קייז־

זערין אונטערבראָכען. אלע מיינע פיינדע מוזען פערניכטעט ווערען און אָב־וואָהל אין מיין פרויען־הארץ פיהל איך א טיעפען מיטלייד צו זיי, דאָך מוז איך טהאָן מיין פפליכט, וויל דאָס איז נויטהיג פאר דעם וואָהל און בעסטען פון רוסלאנד.

און דיא קייזערין האָט פאָרטגעזעצט:

— יא, פירסט אָרלאָוו, עס גיבען לײדער נאָך אזעלכע מענשען וואָס גלויבען, אז זיי קענען זייער קייזערין בעטריגען, אָבער אלע דיעזע שופטען וועלען פריהער אָדער שפּעטער צו גרונדע געהן, דען איך בין דיא הערשערין פון רוסלאנד דורך גאָטעס גנאדען און גאָט וועט מיך ניט פערלאָזען.

— גאָט זאָל אייך העלפען! האָט אָרלאָוו געזאָגט. איך ווינש, אז דער טהראָן פון מיין גרויסע קייזערין זאָל אימער שטעהן אויף א פעסטען באָדען און איך בין אימער פערטיג דיעזען טהראָן מיט מיין גאנצער מאכט צו שטיצען. ביי דיעזער געלעגענהייט וואָלט איך בעטען אום ערלויבניס גוט צו מאכען א שולד, וועלכע לאסטעט אויף מיר זעהר שווער. איך וואָלט וועלען, אז דיעזער טאָג זאָל זיין א וואהרער פריעדענס־טאָג פאר מיר און דאָס וואָלט געווען דיא שעהנסטע בעלאָהנונג, וועלכע אייער מאיעסטעט קענען מיר געבען.

— פון וועלכען בעלאָהנונג שפּרעכט איהר, פירסט אָרלאָוו?

— איך ווינש פערצייהונג פון א מאן, וועלכען איך האָב שווערע לייד גע־טהאָן. איך בין דאמאָלס געווען אויפגערעגט און האָב מיין גאנצען זינען פער־לאָרען. אין יענע אונגליקליכע שטונדע בין איך אויף קניאז פּאָטעמקין בעפאלען מיט מיין שווערד און פערוואונדעט אן אויג, אויף וועלכע ער איז נאָך יעצט אויף ניט אין גאנצען געזונד. פון דאן אָן האָב איך דארויף זעהר חרטה געהאט און איבערהויפּט אין מיין יעצטיגע רייזע האָב איך געהאט צייט גענוג זיך צו איבער־לעגען וויא אונגערעכט איך בין געוועזן. איך בעט ביי אייער מאיעסטעט אלס א בעזונדער גנאדע, צווישען מיר און דעם קניאז פּאָטעמקין צו פערמיטלען און מיר ערלויבען פּערזענליך צו איהם זיך צו ווענדען, איך וויל איהם איבערבעטען.

— פירסט פּאָטעמקין געפינט זיך יעצט אין צארסקאָיע סעלאָ, האָט גע־ענטפערט קאטהערינא, און אויב עס וועט זיך מאכען א געלעגענהייט וועל איך אייך ערלויבען איהם צו זעהען.

דיא לעצטע ווערטער האָט זיא אויסגעשפּראָכען מיט א זאָנדערבארען טאָן, אָבער אין דער הויף־געזעלשאפט איז מען איבער דיעזען לעצטען געשפּרעך זעהר פערוואונדערט געוואָרען. ווארום זוכט אָרלאָוו מיט פּאָטעמקין'ען גוט־פריינד צו ווערען? דאָס ווייזט, אז ענטוועדער פּאָטעמקין איז נאָך מעכטיג גענוג און אָרלאָוו האָט מורא פאר איהם, אָדער דאָ שטעקט עפּעס אן אנדערע אינטריגע.

דיא קייזערין האָט זיך דאָך געצייגט זעהר גנעדיג צו אָרלאָוו'ן און נאָך דעם אָפיציעלען בעריכט וואָס ער האָט יעצט פאָרגעשטעלט האָט זיא גענומען זיין

ארם, אום מיט איהם אין פארק זיך דורכצושפאצירען. ארלאוו איז העכסט ענט־ציקט געווארען פון איהר שעהנהייט און ער האט גערעכענט בעשטימט, אז דיע־זעם מאל וועט זיא ווערען זיינע.

מיט א נעוויסע אבזיכט האט ער זיא געפיהרט אין א בעזונדערע ראזען־לויבע, וועלכע איז געווען זעהר שוואך בעלויכטען, און פאלענדיג פאר איהר אויף דיא קניע האט ער אויסגערופען:

— אה, קייזערין, ענדליך זיינען מיר אליין! וויא לאנג האב איך אויף דיעזען מאמענט געווארט! יאהרען זיינען אוועק פון יענער גליקליכער צייט, וועלכע איז געווען דיא שעהנסטע פון מיין לעבען. איך בין געווען דער איינצי־גער שטערבליכער וואס האט זיך געקענט ריהמען אזוי נאהענט צו שטעהן צו דער הערליכסטער פרוי פון דער וועלט.

קאטהערינא האט געשלאסען דיא אויגען אזוי וויא נאכדענקענדיג און האט דארויף גאר ניט געענטפערט.

— דארף איך וואייטער שפרעכען? האט ער געפרעגט. דארף איך אלעס, אלעס זאגען?

— יא, רעדט, האט זיא געשטאמעלט.

— אלזא, מיין טהייערע קייזערין, ערלויב מיר דיר צו זאגען דו, וויא דא־מאלס, ווען דיין גנאדע האט מיך בעשיינט. אה, קאטהערינא, דו האסט מיר פערשפראכען, זאגאר שריפטליך פערשפראכען מיינע צו ווערען. עס איז אפילו ריכטיג, אז איך בין אליין שולדיג אין אלעס וואס עס איז צווישען אונז געשעהן. מיין גרויסער גליק האט מיך בערוישט און איך בין געווארען צו שטאלץ. איך האב געוואלט בעהערשען מיין הערשערין, איך, וועלכער איז דאך געווען נור איהר שקלאף. יעצט אבער פערלאנג איך קיין זאך ניט, קיינע ראנגען, קיינע גיטער, קיינע בריליאנטען, דאס אלעס גיב פאטעמקין'ען, זאל ער זאגאר שטעהן אין אמט העכער איבער מיר; אבער דיא געליעבטע פרוי, נור זיא וויל איך בעזיצען. איך קען ניט לעבען אהן איהר, קאטהערינא.

— שטעהט אויף, ארלאוו, האט זיא געזאגט מיט א שטילען טאן. ניט דא, ניט אין דעם יעצטיגען אויגענבליק קען איך אייך אן אנטווארט געבען. ווארט ביז מארגען און דאן וועט איהר פיליייכט מיט מיר צופריעדען זיין.

אין דעם נעכסטען מאמענט איז זיא אויפגעשטאנען און שנעל ארויס פון לויבע. ארלאוו איז צוריק געבליבען מיט יענע אויפגערעגטע, אונבעשטימטע געפיהלען פון האפנונג.

* * *

קלאריסא פאן פינעבערג האט דערווייל געשמאכטעט אין געפענגניס, אין דער שווידערליכער צעלע. דיעזע צעלע איז בעוואוסט אין פעטערבורג אלס דיא וואסער־צעלע פון פעטראפאוולאווסקי פעסטונג. דאס איז ווירקליך געווען א

פֿאָרכבאַרער אָרט. דער נאָמען פּעטראָ־פּאַול אַליין איז שוין גענוג געווען אום אַ שרעק אין יעדען הארצען אויפצואוועקען. דיעזע פעסטונג שטעהט אויף אַן אינזעל, וועלכע איז פון אַלע זייטען ארומגערינגעלט פון טייך נעווא. דיא אונ־גליקליכע געפאנגענע קענען אַלזאָ ניט דענקען וועגען אנטלויפען, דען זיי זיינען פון דער וועלט אין גאנצען אָבגעשלאָסען.

שוין צו דער צייט פון פעטער דעם גרויסען האָט מען געהאַלטען אין דיעזע פעסטונג אַזעלכע געפאנגענע וואָס זיינען געווען פערהאַסט דער רעגיערונג, אום זיי זאָלען אין דיעזע אונטעראירדישע קערקעס שטארבען, קיינער זאָל זאָ־גאר ניט הערען זייערע וועה־געשרייען.

שפעטער האָט דיא קייזערין עליזאבעט פיעלע טויזענדער מענשען געלאָזען אומקומען אין דיעזע שרעקליכע פעסטונג. אונטער קאַטהערינא'ס רעגיערונג איז דיא צאָהל פון דיא אָפפער געווען פיעל קלענער, דאָך זיינען אויך וועהרענד איהר צייט פערשוואונדען אין דיעזע פעסטונג פיעלע געפאנגענע, איבערהויפט אַזעלכע וואָס מען האָט זיי קיין עפענטליכען פּראָצעס געוואָלט מאכען און זיי זיינען בלויז פון דעם קייזערליכען קאבינעט פעראורטהיילט געוואָרען צום טויט.

פון אַלע קערקערס אין דער פעסטונג איז דיא וואסער־צעלע דיא שרעקליכ־סטע. זיא ליעגט אין גאנצען אונטער'ן טייך נעווא. קיין פענסטער געפינט זיך ניט אין איהר און דער באָדען בעשטעהט נור פון הוילע פייכטע ערד.

דיא שעהנע רויט־בלאָנדע קלאַריסאַ, וועלכע האָט ביז ניט לאנג צוריק גע־לעבט אין איהר פּראַכטפאָלען פּאַלאַסט פון ווענעדיג, אין גלאַנץ און לוקסוס, איז יעצט געלעגען צוזאַמענגעקאָרטשעט אין אַ ווינקעלע פון דיעזע צעלע. ערשט איין טאָג איז פארבייגעגאנגען זייט זיא געפינט זיך דאָ און דיעזע קורצע צייט איז גענוג געווען אום דיא אונגליקליכע זאָל אין גאנצען געבראָכען ווערען. איהר געזיכט איז שרעקליך בלייך געווען, דיא אויגען פול מיט יאָמער און פערצווייפ־לונג און דיא פאנאנדערגעלאָזענע האָאר זיינען אראָבגעפאלען צופלאָנטערט איבער איהרע נאַקעטע שולטערען.

נאָך מעהר העסליך און עקעלהאַפט איז דיעזע געפענגניס, ווייל דאָרט קרי־כען ארום מאַסען וואסער־ראַטען און פערשיעדענע אבשייליכע אינזעקטען. קיין בעטעל וואו זיך אויסצורוהען, וואו צו שלאָפען האָט קלאַריסאַ ניט געהאַט. דאָרט וואו זיא איז געזעסען אין אַ ווינקעלע האָט זיך געפונען אביסעל פייכטע זעע־גראָז, וועלכעס זיא האָט בענוצט אַלס בעט־געוואַנד צום שלאָפען.

פערשיעדענע געדאַנקען האָבען געשטורמט אין איהר אונגליקליכען קאָפּ. פאַר וואָס האָט זיא ניט געפאָלגט איהר געליעבטען? פאַר וואָס האָט זיא ניט געהערט וואָס איהר ליעבער שעהנער גאָנדאָליערי האָט איהר געזאָגט, אַז זיא זאָל ניט געהן אויף דער רוסישער קריעגס־שיף? זיא האָט איהם געזעהן דעם לעצטען מאָל, אין דעם מאָמענט ווען אָרלאָוו האָט זיא גענומען געפאנגען. וואָס

איז פון איהם געווארען? לעבט ער נאך? וואו געפינט ער זיך יעצט? פי־לייכט איז ער אויך אריינגעפאלען אין ארלאוו'ס הענד און איז אומגעבראכט געווארען?

אה, דיעזער ארלאוו! טראץ אלעם וואס ער האט געטהאן קען זיא איהם דאך ניט פערגעסען. ניט־ווילענדיג קלינגט דיעזער נאמען אין איהר זינען, אין איהר הארצען. זיא האסט איהם אזוי וויא זיא האט נאך קיין מענשען אין דער וועלט ניט געהאסט און דאך מוז זיא אימער וועגען איהם דענקען. זיא שפירט אין זיך זאנאר אן אונבעשטימטען געפיהל פון סימפאטהיע, אזוי וויא עס וואלט איהר פערדריסען וואס גראדע ער זאל זיין ד'עריעניגער וואס האט זיא געווארפען אין געפעהרליכסטען אונגליק.

— ליעב איך איהם? האט זיא געפרעגט ביי זיך זעלבסט אנפאנגענדיג ארומצוגעהן איבער דער צעלע. אה, ניין, ניין, דאס איז דאך ניט מעגליך. דאס איז ניט דיא ליעבע פון א פרוי צו א מאן און דאך איז מיין טרויער זעהר גרויס, ווארום איז גראדע ער אזוי שלעכט, אזוי פערדארבען. אה, גאט, איך וויים אליין ניט וואס מיט מיר איז, אבער איך קען איהם ניט פערגעסען. איך פיהל, אז עס ציהט מיך צו איהם, אז איך וואלט וועלען פאלען אויף זיין ברוסט און זוכען ביי איהם הילפע און שוץ!

מיט א ביטערען געוויין האט זיא בעדעקט איהר געזיכט מיט דיא הענד און איז צוריקגעפאלען אויף דעם בינטעל זעע־גראז, וועהרענד איהר שעהנער קערפער האט געציטערט אין ווילדע קרעמפפען.

— אה, גאט! האט זיא געמורמעלט יאמערליך. אה, וואס פאר א לעבען! פון קינדהייט אן האט שוין אויף מיר געלאסטעט א פלוך. און דאך בין איך א געבארענע פרינצעסין, אין מיינע אדערען פליסט קייזערליכעס בלוט און מיין מוטער האט בעהערשט דיעזע גרויסע רייך וואו איך, איהר טאכטער, בין גע־פאנגען אין אזא שרעקליכען קערקער.

"ווארום, ווארום, אה, גרויסער, גערעכטער גאט, ווארום שטראפסט דו מיך אזוי הארט? איך האב דאך אין מיין לעבען קיין שלעכטעס געטהאן! פילייכט מוז איך אומקומען אין דיעזען געפענגניס, גראדע דא וואו טויזענדע פון איהרע אפפער זיינען צו גרונדע געגאנגען?

"דאן זיי צו מיר דאך וועניגסטענס גנעדיג, ליעבער גאט, שיק מיר א לייכ־טען, פריעדליכען טויט, אז איך זאל ניט דארפען אזוי שרעקליך ליידען.

דאס געבעט צו גאט האט דאך דיא אונגליקליכע ניט בערוהיגט. גראדע פערקעהרט: איהר וואהנזיניגע אויפרעגונג איז יעדע מינוט געשטיגען. האט זיא מורא געהאט צו שטארבען? אה, ניין! ווען זיא איז אויפגעטראטען אלס געגנערין פון דער רוסישער מעכטיגער קייזערין און זיך פערבונדען מיט איהרע

פיינדע, האָט קלאַריסאַ שוין געדאַרפט רעכענען דאַרויף, אַז זיא וועט שליס־ליך אַריינפאַלען אין געפאַנגשאַפט און דאַן איז איהר לעבען פערלאָרען.

יאָ, פערלאָרען דעם לעבען! זיא וואָלט יעצט וויגשען, אַז עס זאָל שוין נעהמען אַן ענדע, אַז דער הענקער זאָל קומען און זיא פיהרען צום עשאַפאָט. דאָס וואָלט פאַר איהר געוועזן אַן ערלעזונג פון אַלע ליידען. אָבער פערבלייבען אין דיעזער געפענגניס גאַנצע טעג, וואָכען, פיליי֞כט זאָגאַר יאָהרענלאַנג ביז זיא וועט דאָ לעבעדיגערהייט פערפוילט ווערען—ניין, דאָס קען זיא ניט פערטראָגען!

אַ פּאָר שטונדען שפּעטער האָט מען דיא אונגליקליכע קלאַריסאַ געפונען טויט אין איהר געפענגניס. זיא האָט צוריסען איהר אַרעסטאַנטען־קלייד און זיך אויפגעהאַנגען.

* * *

ביז שפּעט פאַרטאָג האָט זיך געצויגען דער פרעהליכער באַל אין פּאַרק פון ווינטער פּאַלאַסט. אָרלאָוו און נאָך איינינע געסט זיינען אויף דעם וואונש פון דער קייזערין דאָ פערבליבען ביז דעם נעכסטען טאָג. קאַטהערינאַ האָט ער־קלעהרט, אַז זיא וויל פאַר זיי פּאַרבערייטען אַ בעזונדערען פערגעניגען.

אָרלאָוו, וועלכער האָט פון גרויס פרייד דיא גאַנצע נאַכט זעהר פיעל גע־טרונקען, איז געפאַלען שלאָפען וויא אַ שטיין, דאָך האָט ער געקענט שלאָפען נור איינינע שטונדען און דער דיענער האָט געמוזט איינינע מאָל אָנקלאַפּען אום איהם אויפצוּוועקען.

— וואָס איז דען? האָט געמורמעלט אָרלאָוו נאָך האַלב בערוישט.

— איהר מאַיעסטעט, דיא קייזערין, בעפעהלט אייער דורכלויכט צו פּאָה־רען שפּאַציערען.

— אַך, וואָס — איך — יאָ, איך וועל באַלד פערטיג זיין.

אָרלאָוו האָט שנעל גענומען אַ קאַלטע באָד און דאָס האָט איהם אין גאַנצען אויסגעניכטערט. דאַן האָט ער געמאַכט זיין טואַלעט און מיט דער הילף פון אַ דיענער זיך זעהר שעהן אויסגעפּוצט אום דער קייזערין היינט בעזאָנדערס צו געפעהלען.

נאָך אַ האַסטיגען פריהשטיק איז ער אַוועק אין גרויסען זאַלאָן. מיט פער־דרוס האָט ער דערזעהן, אַז דאָ וואַרט שוין גראַף פּאַנין און איינינע אַנדערע הויך־געשטעלטע פּערזאָנען. ער האָט גערעכענט צו זיין היינט גאַנץ אַליין מיט דער קייזערין. וואָס טויג איהם דיעזע איבּריגע געזעלשאַפט?

נאָך אַ קורצע צייט האָבען דיא פּאַזשען געעפענט דיא גרויסע פליגעל־טיהר פון דיא אינערליכע צימערען און קאַטהערינאַ איז ערשיענען, מיט דעם גע־וועהנליכען, ליעבליכען שמייכעל אויף איהרע שעהנע ליפּען. נאָך אַ קורצע בע־גריסונג צו דיא אַנוועזענדע האָט זיא זיך געוועגדעט צו אָרלאָוו'ען:

— רייכט מיר אייער ארם, ליעבער קניאז, איהר וועט מיך צו דער קארעטע בעגלייטען.

ארלאוו איז כמעט אויפגעשפרונגען פון פרייד הערענדיג דיעזע ווערטער. איהם האט דיא קייזערין אויסגעוועהלט אלס איהר בעגלייטער און עס איז גאר קיין צווייפעל, אז פיליכט נאך היינט וועט זיא איהם ווידער אויפנעהמען אין גנאדע און ער וועט קומען צו זיין פריהעריגע מאכט.

אין דרויסען האבען שוין געווארט צוויי אפענע עקיפאזשען: איינער פאר דער קייזערין און ארלאוו׳ען און דער צווייטער פאר פאנין׳ען און א פאר אנדערע בעגלייטער.

— וואוהין זאלען מיר פאהרען? האט קאטהערינא געפרעגט.

— וואו אייער מאיעסטעט וועט הייסען, האט ארלאוו געענטפערט. אפילו אין עק וועלט בין איך בערייט מיט אייער מאיעסטעט צו פאהרען.

— אזוי ווייט וועל איך אייך ניט פערפיהרען, מיין ליעבער ארלאוו, האט דיא קייזערין געלאכט. מיך דארף מען האבען אין רוסלאנד. וויים קען איך ניט אבפאהרען. אבער, מיינע העררען, גלויבט איהר ניט, אז מיר דארפען יעצט אונזער גרויסען קניאז אנטהאן דיא עהרע און אבשטאטען א וויזיט אין זיין פאלאסט?

— אה, מאיעסטעט, האט ארלאוו אויסגערופען, קוים וואס ער האט גע־קענט איינהאלטען זיין פרייד. ווען איהר ווילט מיך בעעהרען מיט אייער בע־זוך, דאן וועל איך זיך שעצען אלס דער גליקליכסטער מענש אין דער וועלט.

דיא קייזערין איז אריינגעשטיגען אין איהר עקיפאזש אנהאלטענדיג זיך אין ארלאוו׳ען, וועלכער איז אזש צושמאלצען געווארען פון נחת. דאן האט ארלאוו זיך אריינגעזעצט, וועהרענד אין צווייטען עקיפאזש האט זיך אריינגעזעצט גראף פאנין מיט זיינע בעגלייטער און באלד זיינען ביידע עקיפאזשען אבגעפאהרען.

עס איז געווען א פראכטפאל שעהנער וועטער. קאטהערינא׳ס פאהרען אי־בער דיא גאסען פון פעטערבורג איז געווען אן אמת׳ער טריאומף־צוג. איבעראל וואו דער עקיפאזש האט זיך נור בעוויעזען איז דיא בעליעבטע קייזערין בע־גריסט געווארען מיט גרויס פרייד און ענטהוזיאזם פון דיא פאלקסמאסען. פיעלע זיינען געווען ערשטוינט צו זעהן, אז ארלאוו זיצט נעבען איהר, און מען האט שטארק בעדויערט וואס דיעזער באנדיט ווערט שוין ווידער א תקיף ביי דער קייזערין.

ווען מען איז צוגעקומען צו דער פאראדנער טיהר פון ארלאוו׳ס פאלאסט, איז ער צוערשט ארויס פון עקיפאזש, דאן האט ער געהאלפען דער קייזערין ארויסשטייגען. אנגעשפארט אויף זיין ארם איז זיא אין דער בעגלייטונג פון גראף פאנין און דיא אנדערע אריינגעגאנגען אין פאלאסט וואס איז געווען א וואהרער טעמפעל פון קונסט און רייכטהום.

ווען דיא קליינע געזעלשאפט איז אריינגעקומען אין דעם ענטציקענד־אויסגעשטאטעטען זאלאן פון ערשטען עטאזש, האט קאטהערינא מיט א נאכלע־סיגע בעוועגונג אראבגעווארפען פון זיך דיא מאנטיליע און דאן האט מען זיך בעגעבען אין שפייזע־צימער.

— פירסט ארלאוו ! האט צו איהם דיא קייזערין געזאגט. פאהרענדיג האב איך אפעטיט בעקומען, געהט און בעזארגט א גוטען פריהשטיק.

מיט דיעזע ווערטער האט זיא זיך געזעצט צום טיש און אויף איהר וואונק האבען דאסזעלבע געטהאן אויך איהרע בעגלייטער, וועהרענד ארלאוו איז ארויס־געגאנגען דיא דיענער צו געבען דיא נויטהיגע בעפעהלע.

— איז אלעס פארבערייטעט ? האט געפרעגט קאטהערינא ביי גראף פאנין.

— יא, מאיעסטעט, איך האב דעם קאמאנדאנט פון פעסטונג איבערגעגעבען דעם בעפעהל און אנגעזאגט, אז אלעס זאל פינקטליך ערפילט ווערען.

— האט דיא דיענערשאפט אין הויז גאר ניט בעמערקט ?

— ניט דאס מינדעסטע, אויסער איין קאמערדיענער, וועלכען עס איז נויטהיג געווען דאס געהיימניס צו פערטרויען, אבער מען האט איהם אנגעזאגט, אז ער וועט בעשטראפט ווערען מיט'ן טויט אויב ער וועט עס פערראטהען.

ארלאוו איז צוריק אריינגעקומען און נאך איהם מעהרערע דיענער, וועלכע האבען באלד בעפוצט דעם טיש מיט גאלדענע און זילבערנע געשיר, מיט טהייערע ווינען און דיא בעסטע שפייזען.

וועהרענד דעם מאהלצייט איז קאטהערינא געווען מונטער, פרעהליך און זעהר ליעבענסווירדיג צו ארלאוו'ען. ארלאוו האט פון שמחה זעהר פיעל גע־טרונקען און דאס האט נאך מעהר אנגעצונדען זיינע ליידענשאפטליכע געפיהלען. ער האט געקוקט אויף דער שעהנער קייזערין מיט ברענענדיגע בליקען און ווען ניט דיא אנוועזענהייט פון פרעמדע פערזאנען וואלט ער אין זיין בעטרונקענעם צושטאנד דעם גאנצען רעספעקט צו איהר פערגעסען.

וויא גרויס איז אבער געווען זיין פרייד, ווען קאטהערינא האט באלד נאך דעם מאהלצייט זיך צו איהם אבגערופען :

— איך בין נייגעריג אייער פאלאסט גענויער קענען צו לערנען. גיט מיר אייער ארם, פירסט ארלאוו, און פיהרט מיך דורך דיא צימערען. דיא הערען וועלען אונטערדעסען אונזשענירט רויכערען זייערע סיגארען. מיר וועלען באלד צוריק קומען.

קאטהערינא האט צערטליך אנגענומען ארלאוו'ס ארם. ער האט געפיהלט, אז זיא טוליעט זיך צו איהם, און האט געגלויבט, אז דיא שטונדע פון זיין גליק איז נאהענט. בערוישט פון וויין און פרייד האט ער זיא ארויסגעפיהרט פון שפייזע זאאל און פערמאכט דיא טיהר. פון דאנען האט ער זיא אריינגעפיהרט

אין א שלאָף־צימער וואו עס איז געשטאנען א טהייערע בעט מיט זיידענע קי־סענס און א פּורפּורנע דעקע און מיט א גאָלדענעם באלדאכין איבער איהר.

— קאטהערינא, האָט אָרלאָוו געשטאמעלט און זיא אָנגענומען ביי דער האנד. אָה, געליעבטע, טהייערע קאטהערינא, דאָ דארף איך דיך רופען מיט דיעזען נאָמען און ווידער עראינערען דיין אמאָליגען פערשפּרעכען; דארף איך האָפען, אז אלע מיספערשטענדניסע צווישען אונז וועלען ענדליך פערגעסען ווערען?

— פערגעסען, האָט זיא געשטאמעלט וויא נאכדענקענדיג. יא, פערגעסען.

אָרלאָוו האָט זיך אָנגעבויגען און אָבגעדריקט א פייערדיגען קוש אויף איה־רע ווייכע, ווייסע הענד.

— קאטהערינא, האָט ער אויסגערופען מיט א ציטערענדע שטימע פון ליי־דענשאפט, ווען דו זאָלסט וויסען וויא שרעקליך איך האָב געליטען ביי דעם געדאנק, אז דו געהערסט צו אן אנדערען, אז יענער געניסט דעם גליק, וועלכען דו האָסט מיר אימער ענטזאגט. דאָס אליין איז געווען דיא אורזאכע פון מיין ברענענדיגען האס צו פּאָטעמקין׳ען. פון מיינעטוועגען האָסט דו איהם געקענט אוועקגעבען אלע עהרען, אלע רייכטהימער פון דער וועלט; אָבער דיין ליעבע האָסט דו איהם אויך געשאָנקען — אָה, דאמיט האָסט דו מיין הארץ געבראָכען.

קאטהערינא האָט זיך פאנאנדער געלאכט, אָבער אָרלאָוו איז וויא וואהנזי־ניג פון ליידענשאפט זיא בעפאלען און האָט זיא אָנגעפאנגען צו שלעפען. קא־טהערינא האָט איהם אָבגעשטויסען און וועהרענד ער איז אויף׳ן בעט געפאלען האָט ער אונאבזיכטליך אראָבגעצויגען דיא דעקע. אין דעמזעלבען מאָמענט איז ער געבליבען שטעהן וויא א דונער וואָלט איהם דערשלאָגען.

זיין געזיכט איז געוואָרען שרעקליך בלייך און דיא האָאר אויף׳ן קאָפּ האָ־בען זיך איהם געשטעלט קאפּויר, אזוי וויא צוועקעס. ער האָט געוואָלט עטוואָס רעדען, אָבער זיין האלז איז פערדריקט געוואָרען און האָט א וואָרט ניט געקענט ארויסברענגען איבער דיא ליפּען.

אויף׳ן בעט פאר איהם איז געלעגען א טויטער קערפּער, א קערפּער פון א פרוי. ער איז אָבגעשפּרונגען און האָט געוואָרפען א פראגענדען בליק אויף דער קייזערין.

— קענסט דו זיא, פריינד אָרלאָוו? האָט געפרעגט קאטהערינא מיט א רוהיגע, האלב שפּאָטישע שטימע.

— דאָס איז דאָך — האָט געשטאמעלט אָרלאָוו, זיא — קלאריסא פאָן פינעבערג — דיא רעבעלין —

— יא, מיין פריינד, די רעבעלין, און היינט ביי נאכט האָט מען זיא געפונען טויט אין דער וואסער־צעלע, זיא האָט זיך אויפגעהאנגען, ווייל דו האָסט זיא דאצו געבראכט.

— איך? גרויסער גאָט! ווארום דען איך?

— אָה, דו האָסט שוין אזוי גיך אלעם פערגעסען, פריינד אָרלאָוו? דו עראינערסט זיך שוין גאָר ניט ווער עס האָט זיא געפאנגען און געבראכט אין פעסטונג? ביזט דו דען ניט דער הויפטשולדיגער אין איהר אונטערגאנג?

— און ווען איך האָב עס יא געטהאָן? האָט ער ערווידערט מיט א ציטער־רענדע שטימע; ער האָט ניט געקענט בעגרייפען ווארום איז דיעזער טויטער קערפער צו איהם געבראכט געוואָרען. האָב איך דען דאָס ניט געטהאָן פאר דיר, גרויסע קייזערין? איך האָב געשפיעלט דיא ראָלע פון א הענקער אום דאדורך דיין גנאדע, דיין ליעבע צו געווינען. און שליסליך וואָס מאכט עס אויס, אז אזא רעבעלין איז צו גרונד געגאנגען? זיא האָט געהאט דיא פרעכהייט אויפצוטרע־טען געגען דיר, קאטהערינא, און דארום איז זיא געווים ווערטה אזא סוף.

— דאָס פרעהט מיך פון דיר צו הערען, ליעבער אָרלאָוו. און דו ווייסט גאָר ניט, ווער דיעזע רעבעלין איז אין דער ווירקליכקייט געוועזן?

— ווער האָט זיא דען געקענט זיין? א שענדליכע בעטריגערין, וועלכע האָט זיך ארויסגעגעבען אלס טאָכטער פון קייזערין עליזאבעט, וועהרענד אין דער טהאט איז זיא געבאָרען געוואָרען פון אירגענד אן אויסוואורף.

— און דו ווייסט עס אזוי געווים? איך גלויב, אז אונזער קלוגער גראף פאנין בעזיצט דאָקומענטען וואָס וועלען אויפקלערען דעם געבורט פון דער פער־שטאָרבענער.

קאטהערינא האָט ביי דיעזע ווערטער געעפענט דיא טיהר און אויף איהר רוף זיינען אין נעכסטען אויגענבליק אריינגעקומען גראף פאנין און זיינע בעגלייטער.

— גראף פאנין, האָט זיך אָבגערופען צו איהם דיא קייזערין, דאָ ליעגט דער טויטער קערפער פון יענע קלאריסא פאָן פינעבערג וואָס איז אויפגעטראָטען צו קעמפפען געגען מיר פאר רוסלאנד'ס קרוין. אונז אינטערעסירט עס זעהר פיעל צו ערפאהרען ווער דיעזע טויטע איז אייגענטליך געוועזן. האָט איהר דאָקומענ־טען וועגען דעם?

פאנין האָט לאנגזאם ארויסגענומען פון זיין ברוסט־טאש אייניגע אלטע פאפיערען און האָט געזאָגט מיט אן ערנסטען טאָן:

— יא, מאיעסטעט, אונצווייפעלהאפטע דאָקומענטען וואָס בעווייזען קלאָהר איהר אָבשטאמונג. ווען מאיעסטעט ערלויבען, דאן וועל איך דיעזע פאפירען פאָרלעזען.

אָרלאָוו האָט זיך אָבגעווישט מיט דעם זיידענעם טאשען־טוך דעם קאלטען שוויים פון זיין שטערן. ער האָט נאָך אימער ניט פערשטאנען ווארום דיא טויטע קלאריסא איז געבראכט געוואָרען אין זיין בעט און וועגען וואָס דאָ האנ־

דעלט זיך. דאָך פערשטעהט ער שוין אזוי פיעל, אז דאָ וועט ער עטוואָס שרעקליכעס ערפאהרען.

אויף דער קייזערין'ס ערלויבנים האָט פאנין אָנגעפאנגען צו לעזען.

— דאָקומענט נומער 1, בעווייזט, אז דיעזע טויטע איז אין דער טהאט דיא טאָכטער פון קייזערין עליזאבעט. זיא איז געבאָרען געוואָרען אין דעם אלטען פאלאסט, אין וועלכען דיא קייזערין האָט דאמאָלס געוואָהנט. דיא הויף-דאמע ראָזינאָווסקא איז געווען דיא אקושערין ביי דיעזער געבורט.

"דאָקומענט נומער 2, האָט פאנין געזאָגט, צייגט, אז זיא איז געווען א מעדכען און זיא איז געטויפט געוואָרען אין שלאָס-קירכע מיט דעם נאָמען נאטאליא, דאָס איז אויך בעשטעטיגט מיט געהעריגע אונטערשריפטען.

"דאָקומענט נומער 3, האָט פאנין וויטער געשפראָכען נאָך א קורצע פויזע. אין דיעזען פאפיער ענטהאלט זיך א שריפט פון דער צארין עליזאבעט זעלבסט, וועלכע האָט עס געשריבען מיט איהר אייגענע האנד אום דיא רעכטע פון איהר טאָכטער פאר דיא צוקונפט צו פערזיכערען. צארין עליזאבעט צייגט אָן ווער דער פאָטער פון דעם קינד איז און דיא בעווייזע זיינען אזוי זיכער, אז עס קען גאָר קיין צווייפעל ניט זיין. זיא דערצעהלט אָפענהערציג, אז אין א געוויסען טאָג האָט זיא אויף'ן נאס צופעליג בעגעגענט א יונגען ארטילעריע לייטענאנט, וועלכער איז איהר זעהר געפעהלען געוואָרען.

"דורך איינע פון איהרע פערטרויטע קאמער-פרויען האָט זיא דיעזען אָפיציער געלאָזט רופען צו זיך און איז מיט איהם צוזאמענגעקומען, צוערשט אין גארטען-פאלאסט. פון דיעזע בעציהונגען איז געבאָרען געוואָרען דיא אויבענדערמאָנטע נאטאליא, שפעטער בעוואוסט אונטער דעם נאָמען קלאריסא פאָן פינעבערג.

"דיעזען דייטשען נאָמען האָט איהר געגעבען א געוויסער דייטשער עדעלמאַן פאָן-פינעבערג, צו וועלכען נאטאליא איז אלס קינד פון 4 יאָהר איבערגעגעבען געוואָרען צו ערציהונג, מיט דער בעדינגונג ער זאָל זיא אדאָפּטירען אלס זיין טאָכטער, ווייל איבער געוויסע פאָליטישע אורזאכען האָט מען זיא געמוזט אוועקשיקען פון רוסישען הויף נאָך אויסלאנד.

— וואָס איז מיט אייך, פירסט אָרלאָוו? האָט איהם קאטהערינא געפרעגט. איהר ציטערט? וויא שרעקליך בלייך איהר זייט געוואָרען! — פיהלט איהר זיך שלעכט?

— אָה, זעהר, זעהר שלעכט!

— אויב אזוי וועלען מיר פון דיעזע אינטערעסאנטעסטע ערקלערונגען אן ענדע מאכען. זייט אזוי גוט, ליעבער פאנין, הערט אויף וויטער צו לעזען, נור ערקלערט קורץ און שארף, ווער איז געווען יענער יונגער אָפיציער, דער פאָטער פון דיעזער טויטער רעבעלין? וויא איז זיין נאָמען?

פאנין האט מיט זיינע ערנסטע אויגען א בליק געטהאן אויף'ן געבראכענעם ארלאוו, דאן האט ער אויסגערופען מיט א פייערליכע שטימע:

— פון דיעזע דאקומענטען איז קלאר בעוויזען, אז דער פאטער פון דיעזע פערשטארבענע, וועלכע ליגט יעצט פאר אונז, דער פאטער פון יענע נאטאליא, געבארען פון דער הויכזעליגער קייזערין עליזאבעט, איז געוועזען דער דאמאלסדיגער ארטילעריע-לייטענאנט גרעגאר ארלאוו, וועלכער טראגט יעצט דעם טיטעל קניאז ארלאוו.

א וואהנזיניגער געשריי האט אויסגעקלונגען אין צימער און דאן א שווערער פאל. ארלאוו איז געזונקען אויף דיא קניע ביי'ם טויטען-בעט פון זיין טאכטער.

—דאס טהוט מיר לייד! האט אויסגערופען דיא קייזערין מיט א שארפען טאן פון שפאט. ווען איך זאל נור געוועזען האבען אן אהנונג ווער דיעזע רעבעלין איז, וואלט איך געוויס ניט געהייסען דעם פאטער ער זאל זיין אייגענע טאכטער ארעטירען. עס איז ווירקליך א שרעקליכער געדאנק, אז א פאטער זאל זיין אייגען קינד אויסליעפערען אין דיא פעטרא-פאול פעסטונג און זאל זיא ברענגען דערצו, אז זיא זאל זיך אויפהענגען.

ארלאוו האט געברומט מיט א ווילדען קול פון שרעקליכע פערצווייפלונג. ער האט זיך געשלאגען מיט דיא פויסטען אין געזיכט און געריסען דיא האאר פון קאפ, וועהרענד קאטהערינא האט ווייטער געשפראכען:

— מיר וועלען אייך לענגער ניט שטערען אין אייער גרויסען שמערץ, ליעבער ארלאוו. מיר וועלען יעצט פערלאזען אייער הויז, אום איהר זאלט אליין בלייבען ביי אייער טויטע טאכטער, געגען וועלכע איהר האט אזוי פיעל געזינדיגט. לעבט וואהל, ארלאוו, און איך ווינש אייך, איהר זאלט ניט אויסוויינעןביידע אויגען ביי דיעזען טויטען-בעט. איך האב געזעהן וויא פורכטבאר פאטעמקין האט געליטען, ווען ער איז איבער אייך געקומען אין געפאהר איין אויג צו פערליערען און דארום וואלט עס ווירקליך געוועזען זעהר שרעקליך, אז איהר זאלט בלינד ווערען אויף ביידע אויגען.

מיט א שטאלצען טריאומף, נאכדעם וויא זיא האט איהר גרימיגסטען פיינד צושמעטערט, איז קאטהערינא ארויסגעגאנגען פון צימער. פאנין און דיא אנדערע אנוועזענדע האבען איהר נאכגעפאלגט. ארלאוו האט נאך געהערט זייערע טריט דורך'ן זאלאן און דאן דורך דעם פארזאאל.

ארלאוו איז געבליבען אליין ביי דעם טויטען קערפער פון זיין טאכטער און יעצט האט ער אנגעפאנגען קראמפהאפט צו קלאגען. זיין גאנצער מעכטיגער קערפער האט געציטערט. ארלאוו, דער אייזערנער ארלאוו האט געוויינט וויא א קינד.

— אה, וויא שרעקליך, וויא גרויזאם דיעזע ראכע איז! האט ער אויסגערופען ברעכענדיג דיא הענד. אויף אזא ראכע איז נור אזא פרוי וויא קאטהערינא

פעהיג. זיא האָט מיך פערניכטעט, זיא האָט מיך צובראָכען און ארּאָבגעשלייפערט, אז איך קען זיך שוין מעהר ניט אויפהויבען.

— א מערדער פון זיין אייגענעם קינד, א שענדער פון זיין אייגענער טאָכטער! יא, אָרלאָוו, דאָס איז דער גרעסטער פון אלע דיינע פערברעכענס און דאמיט מוז דיין לעבען זיין געענדיגט, דו מוזט פערזינקען אין דעם טיעפסטען אָבגרונד פון גיהנום.

— אויפגעהאנגען האָט זיא זיך דיא אונגליקליכע, האָט ער פאָרטגעזעצט. וואָס פאר א שרעקליכער, מארטערפולער טויט און וויפיעל איז זיא געפייניגט געוואָרען ביז זיא האָט זיך צו אזא זעלבסטמאָרד בעשלאָסען. און איך — איך אליין האָב זיא אראָבגעשליידערט אין יענעם פורכטבארען קערקער. איך אליין האָב זיא מיט א טייפלישע אינטריגע פערנארט אויף א רוסישע קריעגס־שיף און ענטפיהרט פון א לוקסוספולען, גלענצענדען לעבען אין טיעפסטען עלענד.

"דאָס אלזאָ איז געווען דיא אורזאכע ווארום מיין הארץ האָט מיך אזוי געצווינגען צו איהר; דאָס איז אלזאָ געווען דער אונערקלעהרליכער געפיהל, וועלכען זיא האָט אויך צו מיר געשפירט. דיא שטימע דער נאטור האָט געשפראָכען, אָבער מיר האָבען איהרע רייד ניט פערשטאנען.

"אָה, טאָכטער, מיין טאָכטער, מיין קינד, ווארום קוקסט דו אזוי פירכטערליך אויף מיר מיט דיינע טויטע אויגען?

"יא, געוויס, דו האָסט דיין מערדער, דיין שענדער געפלוכט אין דער לעצטער מינוט פון דיין אונגליקליכען לעבען. דיין לעצטער געדאנק איז געווען וועגען דעם שענדליכען אָרלאָוו וואָס האָט דיך אין אבגרונד געוואָרפען.

אָרלאָוו האָט זיך אויפגעכאפּט און וויא א וואהנזיניגער איז ער געפאלען אויף איהר טויטען קערפּער, קושענדיג איהרע קאלטע ליפּען.

— פערגיב מיר, האָט ער געשטאמעלט וועהרענד פון זיינע אויגען האָבען זיך געגאָסען הייסע טהרערען, פערגיב מיר, אויב דו קענסט מיר פערגעבען. דו ביזט גליקליך, דו האָסט שוין אויסגעליטען און פערלאָזען דיעזע נארישע וועלט. איך מוז נאָך אָבער דיעזען פירכטערליכען שריט טהאָן. איך בין טויזענד מאָל אונגליקליכער וויא דו.

אָרלאָוו האָט אָנגענומען איהרע קאלטע הענד און בעטראכט איהרע אויגען און איהר געזיכט, וועלכעס איז אמאָל געווען אזוי שעהן און יעצט אזוי שרעקליך אויפגעשוואָלען.

— מיין קינד, מיין אָרעמעס קינד! האָט ער אויסגערופען מיט א יאָמער. ווארום האָבען מיר זיך פריהער ניט געקענט? ווארום האָב איך ערשט יעצט געמוזט ענטדעקען, אז דו ביזט מיין בלוט און פלייש? איך אליין האָב דיך ערמאָרדעט.

ער איז געבליבען זיצען אין טרויעריגע געדאנקען. יעצט פערשטעהט ער

ווארום דיעזע טויטע איז געבראכט געוואָרען אין בעט פון זיין שלאָף־צימער. יעצט בעגרייפט ער וואָס פאר אן אונגעהייערע ראכע קאטהערינא האָט פון איהם גענומען.

פלוצלונג איז ער אויפגעשפרונגען מיט א וואוט־געשריי, אזוי וויא א פער־וואונדעטער טיגער. ער האָט אָנגעפאנגען צו ברעכען און צו שטעכען אלעס וואָס פאלט איהם אריין אין די הענד, בילדער, סטאטוען, טהייערע כלים, מעבעל־שטיקער — אלעס האָט ער אויף שטיקלעך צושמעטערט מיט א געוואלטיגען קראך. ער האָט זאָגאר צוריסען דיא טהייערע פערזישע טעפיכע, ער איז ארויפ־געשפרונגען אויף׳ן טיש, האָט ארונטערגעשלעפט דיא גרויסע, קריסטאָלענע הענגלאָמפ און ארונטערגעוואָרפען צו דער ערד מיט אזא קראך, אז דאָס גאנצע הויז האָט אָנגעפאנגען צו ציטערען.

אין דיעזען מאָמענט האָט זיך געעפענט דיא טיהר א:ן א קאמערדיענער מיט א בלייכע געזיכט איז אריינגעלאָפען.

— דורכלויכט, האָט ער געזאָגט מיט א ציטערענדע שטימע. איך בעט אום פערצייהונג — אָבער, אום גאָטעס ווילען, וואָס געהט דאָ פאָר?

— וואָס האָט עס צו דיר, שורקע? האָט אָרלאָוו געשריען, מאך נור ניט קיין פאלשע, סימפאטישע מיענע. דו ביזט אויך אזא נידערטרעכטיגער פער־רעטהער וויא זיי אלע. ארויס פון דאנען, אָדער —

דער קאמערדיענער איז אָבגעשפרונגען צוריק אום צו אנטלויפען גלויבענדיג, אז זיין הערר איז וואהנזיניג געוואָרען.

— האלט! האָט אָרלאָוו געזאָגט, קום אהער, בלייב שטעהן, זאָג איך דיר, אָדער איך וועל מיט א מעסער דורכשטעכען דיין שענדליכע ברוסט.

— וואָס בעפעהלט אייער דורכלויכט? האָט געשטאמעלט דער דיענער, זיך טרייסלענדיג מיט אלע גליעדער.

— לויף צו מיין ברודער אלעקסיי, ער זאָל באלד קומען. זאָג איהם, אז איך ערוואַרט איהם וועגען א וויכטיגע אנגעלעגענהייט. און דאן — יא, צוערשט הייס דעם קעלער־מייסטער ער זאָל אין טרינקזאאל אריינטראָגען דיא בעסטע ווייגען, צעהן, צוואנציג, דרייסיג פלעשער. — אָבער וואָס שטהעסט דו נאָך, דו הונד? — לויף, דו לומפ, לויף שנעל!

דער דיענער איז ארויסגעגאנגען אזוי וויא צעהן רוחות וואָלטען איהם נאָכ־געיאָגט. אָרלאָוו איז ווידער געבליבען אליין. זיין שרעקליכער כעס האָט זיך איבערגעקאָכט און האלב ערמיעדעט איז ער געפאלען אויף א שטוהל.

— נאָך איינמאל וויל איך איהם זעהן פאר מיין טויט, האָט ער געמורמעלט צו זיך זעלבסט. ער אליין איז מיר אימער געוועזען טריי. יא, און ווארום זאָל ער מיר ניט טריי זיין? איך האָב איהם דאָך געעפענט א וועג צו א גלענצענדע קאריערע. דורך מיר האָט ער ערהייכט אלעס וואָס א מענש קען זיך נור ווינשען.

„אלע מיינע ברידער האָב איך ערהויכט, מיין גאנצע פאמיליע האָב איך רייך געמאכט, אָבער זיינען זיי מיר דאפיר דאנקבאר? הא, דאנקבארקייט! א וואָרט וואָס א שורקע האָט ערפונדען און א ליגנער האָט עס פערברייטעט, א וואָרט וואָס עקזיסטירט נור אין דיא מענשליכע איינבילדונג. איך ווייס יעצט וויא דאנקבאר זיא איז מיר, דיא יעניגע, פאר וועלכע איך האָב א קייזערטהום ערוואָרבען. חא, חא, חא! זיא האָט מיר גוט אָבגעדאנקט!

ער איז ארומגעלאָפען איבער'ן צימער וויא משוגע. מיט אמאָל האָט ער זיך אָבגעשטעלט און האָט גענומען קוקען אויף דער טויטער קלאריסא.

— פאָטער און קינד דארפען זיין צוזאמען, האָט ער געמורמעלט צו זיך אליין. מיין אָרעמע נאטאלקא, דו וועסט לאנג אליין ניט בלייבען, באלד וועל איך זיין ביי דיר.

ער האָט דאביי געגלעט דיא רויטע זיידענוויכע צעפ פון דער טויטער. ער האָט צוזאמענגעלייגט איהרע הענד אויף איהר ברוסט און דאן האָט ער זיך צו איהר ווידער צוגעבויגען און האָט געקושט איהרע בלאסע ליפען, ניט פיהלענדיג דעם מינדעסטען שרעק פון דער בעריהרונג מיט א טויטען קערפער. נאכהער איז ער האסטיג ארויס פון שלאָף־צימער.

ער איז גלייך אריין אין זיין שרייב־קאבינעט, האָט אויפגעעפענט א געהיימען שופלאָד פון שרייב־טיש און האָט פון דאָרט ארויסגענומען א פלעשעלע מיט א רויטליכע וואסער.

— דיא מכשפה, מארפא, האָט געוויס ניט געגלויבט אז זיא פערפערטיגט דיעזען גיפט פאר מיר אליין, האָט ער געשמאָכעלט. איך וואָלט נור וועלען דער גיפט זאָל שנעל ווירקען.

ער האָט אריינגעלעגט דאָס פלעשעלע אין קעשענע און איז אוועק אין זיין שפייז־צימער. אויף'ן טיש זיינען געשטאנען א סך פלעשער ווייץ און אייניגע גאָלדענע בעכער. אָרלאָוו האָט גענומען איינעם פון דיא בעכער און האָט אהין אריינגעגאָסען דאָס פלעשעלע גיפט, דאן האָט ער דעם בעכער דערגאָסען מיט וויין און באלד נאָכדעם האָט זיך דיא טיהר געעפענט און זיין ברודער אלעקסיי איז אנגעקומען.

— וואָס האָט פאסירט, גרעגאָר? וואָס האָסט דו מיך געדארפט אזוי נויטיג? האָט ער געפרעגט פערוואונדערט.

— ווייל איך וויל מיט דיר א ווייל'ע לוסטיג פערברענגען, האָט אָרלאָוו גע־ענטפערט מיט א שוידערליכען געלעכטער. קום נור אהער, ברודער, לאָמיר צוזאמען טרינקען און פלוידערען. איך האָב דיר א זעהר קאָמישע זאך צו דער־צעהלען. חא־חא־חא! דו וועסט לאכען! דו וועסט זיך האלטען ביי דיא זייטען לאכענדיג.

אלעקסיי האט אבער ניט געלאכט. מיט איבעראשונג האט ער געקוקט אויף'ן ברודער וואס האט אויסגעזעהן ווי א משוגע.

—גרעגאר, גאט איז מיט דיר! האט אלעקסיי געשטאמעלט, זאג מיר, וואס איז געשעהען? ביסט שיכור, אדער —

— שיכור, יא, איך בין שיכור. ביי דיזע ווערטער האט ער אנגעגאסען צוויי בעכער וויין, איינעם פאר זיך און איינעם פאר אלעקסיי'ען.

— צום וואהלזיין! טרינק, ברודער! האט ארלאוו געזאגט און אלעקסיי האט אנגעפאנגען צו דענקען אז ארלאוו איז ווירקליך מעהר ניט וויא שיכור.

— צום וואהלזיין, גרעגאר! האט דער ברודער געענטפערט עטוואס רוהי־גער, און נאכדעם וויא ער האט אביסעל וויין געטרונקען האט ער אנגעפאנגען:

— איך האב געהערט א בשורה וואס וועט ביי דיר זיין זעהר אנגעלייגט, גרעגאר. לעצטע נאכט האט זיך אין פעטראפאוולאווסקי קרעפאסט אויפגע־האנגען א וויכטיגע געפאנגענע. טרעף, ווער דיא געפאנגענע איז געווען?

ארלאוו האט אויסגעגלאצט אויף'ן ברודער א פאר מערדערישע אויגען, וועהרענד ארלאוו האט עס ניט בעמערקט און האט ווייטער פארטגעזעצט:

— דאס איז געווען דיא גרויסע פערשווערערין קלאריסא פאן פינעבערג, וועלכע דו האסט געבראכט פון וועגעדיג. יא, גרעגאר, דו האסט דיין יעצטיגע שטיק ארבייט אבגעטהאן וויא א קינסטלער. האסט אויסגעפיהרט א זאך וואס האט געבראכט א סוף צו דיזער שענדליכער בעטריגערין.

— באנדיט! שווייג! האט אויסגעשריען גרעגאר ארלאוו.

וויא א ווילדער טיגער איז ער ארויפגעפאלען אויף זיין ברודער, האט איהם אנגעכאפט פאר'ן האלז און האט איהם אנגעפאנגען שטיקען. ער וואלט איהם געוועהן אויף טויט דערוואָרגען, ווען אלעקסיי וואלט ניט בעוויעזען מיט זיינע לעצטע קרעפטען זיך פון איהם ארויסצורייסען.

— ביזט ווירקליך משוגע געווארען, גרעגאר? וואס האסט דו זיך אזוי צור־קאכט, ווען איך רעד א ווארט וועגען יענע קלאריסא? וואס קימערט זיא דיך?

— זעהר פיעל, מעהר וויא פיעל דו קענסט זיך פארשטעלען, האט געענט־פערט ארלאוו מיט א געבראכענע שטימע און אנגעהמענדיג אלעקסיי'ס האנד האט ער ווייטער געשפראכען מיט געבעט: פערגיב מיר, ברודער! האב איך דיר וועה געטהאן? אבער דאס איז ווירקליך ניט געווען מיין אבזיכט. — יא, דו האסט רעכט, איך בין ווירקליך וואהנזיניג, אזוי וואהנזיניג אז קיין דאקטאר אויף דער וועלט וועט מיר ניט קענען העלפען. איך בין פערלארען, ברודער, פערלארען!

— דו ביזט נור קראנק, פילייכט האסט דו דיא לעצטע צייטען צופיעל גע־טרונקען. ליעבער גרעגאר, ערלויב מיר צו רופען א דאקטאר.

ארלאוו האט אנגעשפארט זיין קאפ אויף'ן האנד אזוי וויא פערטראכט,

און דאן, נים ענטפערענדיג אויף דיא ווערטער פון זיין ברודער, האט ער זיך אב־געדרופען:

— הער נור אויס, אלעקסיי, עס קען דאך מעגליך זיין, אז איך וועל פלוצ־לונג שטארבען. אין דיעזען פאל וויל איך דיר עטוואס אנזאגען, ברודער! דו זאלסט דאס אלעס פינקטליך ערפילען. צוערשט זאלסט דו באלד נאך מיין טויט פערלאזען פעטערבורג און אנטלויפען אויף איינע פון דיינע לאנד־גיטער; דארט האלט זיך פערבארגען, ביז דער שטורם וועט פארבייגעהן.

— וועלכער שטורם? האט אלעקסיי געפרעגט ערשטוינט.

— שלאג ניט איבער מיינע רייד און הער וואס איך זאג דיר. אין א געהיי־מען פאך פון מיין שרייב־טיש וועסט דו געפינען א דאקומענט, אונטערגעשריבען פון קייזערין קאטהערינא, אז זיא פערפפליכטעט זיך מיט מיר צו הייראטהען, ווען איך וועל זיא דאצו אויפפאדערען. דיזען דאקומענט זאלסט דו מיטנעהמען און בעהאלטען. אויב דיא קייזערין וועט ווען דיך אדער יעמאנדען פון אונזער פאמיליע פערפאלגען, דאן וועסט דו מיט דיעזען דאקומענט האבען א גוטע וואפע געגען איהר.

״מיין גאנצען פערמעגען לאז איך איבער צו דיר און מיינע ברידער. עס קען זיין, אז זאנסט וואלט דיא קייזערין אלע מיינע גיטער און רייכטהימער, א קאפיטאל פון אונגעפעהר 40 מיליאן, הייסען קאנפיסקירען, אבער אזוי לאנג וויא דו האסט איהר אונטערשריפט וועגען א הייראטס־פערשפרעכונג מיט מיר וועט זיא מורא האבען דאס צו טהאן, דען דאמיט קען זיא זיך זעהר שווער קאמפרא־מעטירען, ווען דאס זאל ארויסקומען אין דיא עפענטליכקייט. עס וועט זיך דאן אויפוועקען דער אלטער פערדאכט געגען איהר, אז זיא האט מיר געהייסען ערמארדען איהר מאן, דעם צאר פעטער. יעצט פערשטעהסט דו שוין וויא וויכטיג דער דאקומענט איז?

— אה, גאנץ געוויס. איך פערשטעה עס זעהר גוט און וועל דיין ראטה פאלגען.

— דו קענסט דיא ציגיינערין מארפא? האט ארלאוו ווייטער געשפראכען. ביי איהר געפינט זיך א קליינעס מעדכען, פאר וועלכען איז זאג אב א מיליאן רובעל. נעהם דיעזעס מעדכען אוועק און שיק זיא נאך פאריז צו ערציהען אין א פענסיאן. דו זאלסט פאר דיעזעס קינד זארגען וויא א פאטער.

״אין מיין שלאף־צימער וועסט דו געפינען א זאך וואס וועט דיך איבער־ראשען, א וועזען וואס געהערט ניט צו דיעזע וועלט. שווער מיר, אלעקסיי, אז דו וועסט זיא בעערדיגען אין אונזער פאמיליען־גראב, מיט מיר אין איין קבר. שווער עס מיר ביי דעם אנדענקען פון אונזער מוטער.

— איך שווער עס דיר, האט אלעקסיי געזאגט ארויפלעגענדיג דיא האנד אויף זיין הארצען. דיא ווארהייט געזאגט, טהו איך עס אום דיך צו בערוהיגען,

דען איך זעה ניט איין ווארום זאָלסט דו גראדע יעצט דענקען וועגען טויט, אבגלייך איך מוז צוגעבען, אז דו זעהסט היינט אוים —

פלוצלונג איז אָרלאָוו אויפגעשפרונגען און אין דעם נעכסטען מאָמענט איז זיין מעכטיגער קערפער מיט א דומפפען קלאפ געפאלען צום באָדען.

— אך, וואָס פאר א שמערץ! האָט ער געשטאמעלט זיך קרימענדיג אין דיא שרעקליכסטע קרעמפפען. פייער, פייער אין מיין ברוסט! — ברודער, עס איז — שווער צו — שטארבען. און דאָך — טויזענד מאָל בעסער — אלס אזא — לעבען וויא איך — האָב — געפיהרט. אלעקסיי, מיין קינד. — מיין — טאָכ־טער, אין דעם זעלבען גראָב — מיט מיר. נאטאליא — מיין קינד, איך — איהר מערדער. — דיא פערפלוכטע — קאטהערינא, — בעהאלט דעם — פאפיער.

נאָך איינמאָל האָט זיך אָרלאָוו א צאפעל געטהאָן. זיינע פערגלעזערטע אויגען זיינען ארויסגעקראָכען פון דיא לעכער; נאָך איין מאָל האָט ער עטוואָס אויסגעשטאמעלט וועגען האס און ראכע, אָבער אין דער נעכסטער מינוט, איידער אלעקסיי האָט נאָך געקענט בעגרייפען וואָס דאָ געהט פאָר, איידער ער האָט נאָך בעוויעזען אויסצושרייען, אז מען זאָל רופען א דאָקטאָר, איז אָרלאָוו גע־בליעבען ליעגען טויט.

ענדליך איז אלעקסיי ארויסגעשפרונגען פון צימער און אויף זיינע קולות זיינען זיך צוזאמענגעלאָפען דיא דיענער. נאָכדעם וויא זיי האָבען מיט גרויס איבערראשונג ערפאהרען וואָס דאָ איז געשעהן, זיינען אלע אוועקגעלאָפען רו־פען ערצטע, פיליי‌כט וועט נאָך מעגליך זיין זייער הערר צו רעטען.

אין דער זעלבער מינוט איז דער גאנצער פאלאסט ארומגערינגעלט געוואָ־רען פון אלע זייטען מיט פאָליציי און מיליטער. גראף פאנין מיט איינ‌יגע הויכע בעאמטע זיינען אריינגעקומען אין דער בעגלייטונג פון צוועלף לייב־גוואר־דיסטען, וועלכע האָבען בעוואכט דיא טיהרען, אז קיינער זאָל ניט קענען אריין אָדער ארוים.

— וואָס דארפט איהר דאָ, מיינע הערר‌ען? האָט אלעקסיי אויסגעשטוי־סען מיט א גרימיגען טאָן, זיך שטעלענדיג געגען גראף. מיט וועלכען רעכט זייט איהר אין דיעזען הויז אריינגעדרונגען?

— אויף'ן בעפעהל פון איהר מאיעסטעט דער קייזערין פון רוסלאנד, האָט ערקלערט פאנין. וואו איז אייער ברודער? איך האָב איהם עטוואָס וויכטיגעס צו ערקלערען.

— דיעזעס מאָל וועט איהר דעם בעפעהל פון איהר מאיעסטעט ניט קענען ערפילען. דאָרט ליעגט מיין ברודער. ער איז וואהרשיינליך טויט.

גראף פאנין איז זעהר דערשראָקען געוואָרען זעהענדיג וויא אָרלאָוו ליעגט אויף דער ערד אהן א צייכען פון לעבען. באלד האָט מען אנגעקלאפט אין טיהר.

א פּאָר ערצטע זיינען אריינגעקומען און נאָך א קורצע אונטערזוכונג האָבען זיי ערקלערט, אז קניאז אָרלאָוו איז טויט.

— אלזאָ, וועל איך אייך ערקלערען דעם ווילען פון איהר קייזערליכע מאַיעסטעט, האָט זיך פּאַנין געווענדעט צו אלעקסיי אָרלאָוו. אָרלאָוו איז אראָבגעזעצט פון אלע זיינע עמטער און ראַנגען. זיין גאנצער אייגענטהום און אלע זיינע גיטער זיינען קאָנפיסקירט. ער זעלבסט, ווען איך וואָלט איהם געפונען ביי'ם לעבען, וואָלט אָבגעפיהרט געוואָרען אלס געפאנגענער אין פּעטראָ־פּאַול פעסטונג.

— אין וואָס בעשולדינט מען דען מיין ברודער?

— אין אויפהעצען צו רעבעליאָן געגען איהר מאַיעסטעט. עס איז עבען יעצט אָנגעקומען א קוריער פון אָרענבורג. דער דאָרטיגער גובערנאַטאָר האָט געמאכט אן אונטערזוכונג און עס איז ענטדעקט געוואָרען, אז גרעגאָר אָרלאָוו איז געווען דער הויפּט־אויפּטהוער פון פּוגאַטשעוו'ס אויפשטאַנד. אייניגע קאָזאַקען, וועלכע האָבען דאָן דארין אנטהייל גענומען, האָבען זיך מודה געווען און אויסגעזאָגט וואָס עס איז זיי בעוואוסט פון פּוגאַטשעוו'ען זעלבסט. רוסלאַנד איז פערפלייצט געוואָרען מיט טייכען בלוט און גאנצע פּראָווינצען זיינען פערניכטעט געוואָרען נור דורך דיא פינסטערע און שענדליכע אינטריגע פון אייער ברודער. ווענען אייך זעלבסט און דיא גאנצע פאמיליע אָרלאָוו וועט דיא קייזערין שפּעטער אורטהיילען. פאָרלויפיג זייט איהר מיין געפאַנגענער.

אויף פּאַנין'ס בעפעהל איז אלעקסיי אָרלאָוו ארעטירט געוואָרען. דאַן האָט דער מיניסטער פּערזענליך זיך גענומען דורכצוזוכען דאָס גאנצע הויז און צוזאמענגענומען אלע דאָקומענטען, וועלכע עס האָבען זיך דאָרט געפונען. דיא געהיימע שופלאָדען פון אָרלאָוו'ס שרייב־טיש זיינען אויפגעבראָכען געוואָרען און פּאַנין האָט באלד ענטדעקט א פּאַפּיער, וועלכען ער האָט מיט א בעזונדערע פרייד צוגענומען. דאָס איז געווען דער דאָקומענט וואָס קאַטהערינא איז געצוואונגען געווען אָרלאָוו'ען ארויסצוגעבען, אז זיא פערפּפליכטעט זיך מיט איהם צו הייראטהען. יעצט שיקענדיג צו מאכען אן אונטערזוכונג ביי אָרלאָוו'ען האָט זיא איהר פערטרויטען אלטען מיניסטער דאָס גאנצע געהיימניס ערקלערט און אָנגעזאָגט ער זאָל דיעזען דאָקומענט דורכאויס געפינען און ברענגען צו איהר.

יעצט האָט פּאַנין פערשטאַנען אונטער וואָס פאר א שווערע, שרעקליכע לאַסט זיין בעליעבטע קייזערין האָט דיא גאנצע צייט געליטען. דיעזער דאָקומענט וואָלט זאָגאר נאָך אָרלאָוו'ס טויט געקענט איהר זעהר פיעל צרות פערשאַפען. דארום איז פּאַנין העכסט דערפרעהט געוואָרען וואָס יעצט איז ער אין שטאַנד צו מעלדען דער קייזערין אז זיא איז שליסליך אויף פון דיעזע לאַסט בעפרייט געוואָרען.

## 40טער קאפיטעל

## קאטהערינא און פאָטעמקין צושיידט און צוריק פעראייניגט.

מונטער און פרעהליך איז קאטהערינא געפאָהרען צוריק פון פעטערבורג נאָך איהר לוסט־שלאָס אין צארסקאָיע סעלאָ. נאָך ניעמאלס, זייט זיא איז געקומען נאָך רוסלאנד האָט זיא זיך געפיהלט אזוי גליקליך וויא יעצט. וויפיעל האָט זיא אויסגעליטען אלס יונגע גראָספירסטין אונטער דער רעגיערונג פון קייזערין עליזאבעט; וויפיעל האָט זיא פערטראָגען פון איהר ברוטאלען, אידיאָטישען מאן, צאר פעטער דעם 3טען, און ענדליך, ווען זיא איז זעלבסט געוואָרען א קייזערין, איז זיא נאָך אלץ געבליבען א שקלאפין אויף'ן טהראָן. אָרלאָוו האָט זיך בענוצט מיט דיא ערמאָרדונג פון איהר מאן אום זיין הערשאפט אויף איהר ארויפצוצווינגען. דאמאָלס איז זיא נאָך געווען יונג אויף'ן טהראָן, דאמאָלס איז איהר אויפרעגונג איבער דיעזען מאָרד געווען זעהר געוואלטיג און ווען אָרלאָוו מיט זיין פארטיי וואָלטען אויף איהר ארויפגעוואָרפען דיא שולד אין דיעזע בלוטיגע טהאט וואָלטען דאָס אלע ריכטיג געגלויבט און דיא געפאהר איז געווען גרויס, אז צוליעב דעם וואָלט אין רוסלאנד אויסגעבראָכען א רעוואָלוציאָן. זיא איז דארום געצוואונגען געווען צו טהאָן אלעס וואָס אָרלאָוו האָט פון איהר געפאָדערט און זאָגאר ארויסצוגעבען איהם א דאָקומענט, אז זיא וועט מיט איהם הייראטהען.

וויא שווער האָט זיא דיא גאנצע צייט געליטען דאריבער, איבערהויפט נאכדעם וויא זיא איז בעקאנט געוואָרען מיט אלעקסאנדער פאָטעמקין, דעם איינציגען געליעבטען מאן פון איהר הארצען. עס איז ריכטיג, אז צו יענער צייט איז שוין איהר רעגיערונג געווען בעפעסטיגט און זיא האָט שוין פאר א רעוואָלוציאָן ניט געדארפט מורא האָבען, דאָך וואָלט אָרלאָוו נאָך אימער אים שטאנד געווען איהר זעהר פיעל צו שאדען, ווען ער זאָל פערעפענטליכען דעם דאָקומענט וואָלט איהר נאָמען בעדעקט געוואָרען מיט שאנדע.

וויא בעפרידיגט איז איצט איהר הארץ, אז זיא האָט פון איהר ערנסטען פיינד אָרלאָוו ראכע גענומען. וויא ערלייכטערט איז איהר געמיטה פון דיעזע שווערע לאסט, ווען דער בעוואוסטער דאָקומענט איז ענדליך פערניכטעט! יעצט איז זיא פריי! יעצט וועט זיא קענען אונגעשטערט הייראטהען איהר געליעבטען אלעקסאנדער. וויא פיעל מאָל האָט ער זיך פאר איהר בעקלאָגט, אז זיין ראָלע אלס אן אונגעזעצליכער איז איהם זעהר ניט אנגענעהם און עס איז אויך אונפאסענד פאר איהר קייזערליכע עהרע. אָבער דער שענדליכער דאָקומענט האָט זיא אימער אָבגעהאלטען זייער ביידענס הערצליכען וואונש צו בעפריעדיגען, און דיעזען גליק וועט זיא יעצט עררייכען. זיא וועט הייראטהען איהר אלעקסאנדער, נאטירליך ניט אָפיציעל, ווייל ער איז דאָך קיין געבאָרענער פרינץ,

דאָך וועט דיעזע הייראטה זיין עפענטליך און דאמיט וועלען זייביידע בעפרייט ווערען פון זייער אונווירדיגע לאגע.

אין דיעזע זיסע געדאנקען האָט קאטהערינא פערבראכט וועהרענד איהר גאנצע רייזע, ביז זיא איז ענדליך געקומען נאָך צארסקאָיע סעלאָ. איהר אונגעדולד וויעדער צו זעהן איהר ליעבלינג אלעקסאנדער איז געווען זעהר גרויס, דען עס איז שוין אכט טאָג זייט זיא האָט זיך פון איהם געשיידען. זיא פרעגט ניט וועגען איהם ביי קיינעם אין פאלאסט, זיא וויים דאָך, אז קיינער וועט איהר דארויף ניט קענען ענטפערען. לויט איהר אייגענעם בעפעהל האָט ניעמאנד געדארפט בעטרעטען דעם גארטען־פאוויליאָן, וואו פירסט פאָטעמקין געפינט זיך מיט דעם פראנצויזישען דאָקטאָר.

עס איז געווען פאר נאכט ווען קאטהערינא איז געקומען אין איהר לוסטשלאָס. זיא האָט קוים עטוואָס גענאָסען און זיך איבערגעקליידעט און דאן איז זיא גאנץ אליין אראָבגעגאנגען אין פארק. דער הימעל איז געווען פערדעקט מיט גרויע וואָלקענס און א קאלטער ווינטעל האָט געבלאָזען דורך דיא צווייגען פון דיא בוימער, וועלכע האָבען גערוישט אזוי וויא מיט א שטילע, טרויעריגע מעלאָדיע. טראָץ איהר גליקליכער שטימונג האָט קאטהערינא געפיהלט אזוי וויא א פראָסט וואָלט דורכשווידערען איהרע גליעדער. ווארום איז זיא אזוי אונרוהיג? ווארום איז איהר ברוסט גראדע יעצט פערדריקט געוואָרען מיט אן אונבעקאנטען טרויער?

זיא האָט זיך מעהר איינגעוויקעלט אין איהר מאנטעל און איז געגאנגען מיט האסטיגע טריט נאָך דעם גארטען־פאוויליאָן. וועהרענד זיא איז נאָך געווען א לענגערע שטרעקע פון דאָרט זיינען איהרע שארפע בליקען געווען געריכטעט אהין, גלויבענדיג, אז באלד וועט זיא דערזעהן וויא פאָטעמקין קומט איהר ארויס ענטגעגען, אָבער קיינער האָט זיך ניט בעוויזען און עס איז קיין צייכען פון א לעבעדיגע וועזען דאָרט ניט געווען צו בעמערקען.

העכסט אונרוהיג איז קאטהערינא נאָך האסטיגער, כמעט וויא לויפענדיג צוגעגאנגען צום פאוויליאָן, זיא האָט געעפענט דיא טיהר און איז אריין אין ערשטען גרויסען צימער. אלעס איז דאָ שטיל אזוי וויא אויף א בית עולם. קיין פאָטעמקין, קיין דאָקטאָר. קאטהערינא זוכט דורך דיא אנדערע צימערען, אָבער אויך דאָרט געפינען זיי זיך ניט. זיינען זיי פילייכט ביידע אויסגעגאנגען שפאַציערען? אָבער ווארום גראדע יעצט, ביי אזא אונגינסטיגען וועטער אין וואלד?

מיט אונרוהיגע בליקען האָט זיך קאטהערינא ארומגעקוקט אין זאאל און באלד האָט זיא בעמערקט אויף'ן טיש א פערזיעגעלטען בריעף. אויף דעם קאָנווערט איז מיט פאָטעמקין'ס האנדשריפט געווען אויפגעשריבען איהר נאמען. מיט ציטערענדע הענד האָט זיא געעפענט דעם בריעף און פאלגענדיג אויף'ן דיוואן האָט זיא פאָלגענדעס געלעזען:

"מיין איינציג געליעבטע קאטהערינא:

"געדענקסט דו, קאטהערינא, דיא ערשטע צייטען פון אונזער זיסע ליעבע? דו ביזט דאמאלס ענטציקט געוואָרען הערענדיג פון מיין מויל וויא ריכטיג און וואהר איך האָב דיר מיין ביאָגראפיע דערצעהלט. און דאָס וועל איך אויך פערלאנגען פון דיר, מיין געליעבטע קאטהערינא, האָב איך דאמאָלס צו דיר געזאָגט, דיא וואהרהייט, דיא ריינע, געטליכע וואהרהייט זאָל אימער זיין דער פונדאמענט פון אונזער ליעבע.

"און הערענדיג פון מיר דיעזע ווערטער האָסט דו שוין דאמאָלס געוואוסט, אז אונזער ליעבע איז נעגרינדעט אויף דער מאכט פון פאלשקייט, אויף דער מאכט פון גרויזאמקייט געגען דיא יעניגע וועלכע איך האָב נעקענט פריהער פאר דיר און מיט וועלכע איך האָב זיך פערלאָבט, גלויבענדיג, אז איך וועל מיט דער צייט זיא קענען ליעבען. איך האָב דיר דאמאָלס פריי און אָפען דאָס אלעס דער־צעהלט און דאביי אויך ערקלערט, אז מיין מענער־עהרע ערלויבט מיר ניט זיך פון עליזאבעט וואָראָנצאָוו אָבצואווענדען און וועלכע שרעקליכע פערפאָלגונגען די אָרעמע האָט פון דער קייזערליכער מאכט געליטען, איז איבעריג צו בעשרייבען. דו ווייסט עס אלעס אליין און יעצט ווייס איך עס אויך.

"דאָך מאַך איך דיר קיינע פאָרווירפע, קאטהערינא, און איך קען עס אויך ניט, דען ווער ווייס בעסער וויא איך דיין גוטהערצינקייט און דיינע נאָבעלע געפיהלען? נור דיין ליידענשאפטליכע ליעבע צו מיר, נור דיין אייפערזוכט האָט דיך געקענט אזוי ווייט פערפיהרען, אז דו זאָלסט אזוי פירכטערליך גרוי־זאם פערפאָלגען אן אָרעמע, אונשולדיגע מעדכען, וועלכע האָט דאָך גאָר ניט געזינדיגט אַח איהר גאנצעס פערברעכען איז בעשטאנען נור אין דעם וואָס זיא איז געוועזן מיין כלה, נאָך פריהער וויא מיר זיינען זיך צוזאמענגעקומען.

"און גראדע דאָס, ווייל זיא איז געוועזן פריהער מיין כלה, ווייל זיא האָט אויף מיר עלטערע רעכטע אלס דו, ווייל איך האָב איהר מיין יא־וואָרט געגעבען, גראדע דאָס צווינגט מיך יעצט דיך צו פערלאָזען און צו איהר זיך צוריקצו־קעהרען. אָה, איך בין דאצו געצוואונגען, טראָץ דעם וואָס איך ליעב און וועל עביג ליעבען נור דיך, דיך אליין, אָבער מיין עהרע פאָרדערט פון מיר איך זאָל ערפילען מיין פערשפּרעכען צו דיא יעניגע וועלכע איך האָב שוין לאנג פערגעסען, וועלכע איך האָב קיין מאָל ערנסט ניט געליעבט, ווייל דיא ליעבע מוז שווייגען דאָרט וואו דיא עהרע רעדט, זאָנסט וואָלט איך זיך זעלבסט געמוזט פעראכטען.

"זיי ניט בייז אויף מיר, טהייערע קאטהערינא, דאפיר וואָס איך פערלאָז אין דיעזען אויגענבליק דיין פאלאסט. איך וואָלט ניט ווירדיג געוועזן אין דיינע הערליכע אויגען זאָגאר א קוק צו געבען ווען איך זאָל אנדערס האנדלען. מיר זיינען ניט דיא ערשטע און ניט דיא לעצטע זיך צו שיידען מיט געבראָכענע

הערצער, ווייל דיא מאכט פון אומשטענדען פארדערט עס, ווייל דיא פפליכט און דיא אכטונג פון זיך זעלבסט פערלאנגט עס.

"לעב וואהל, געליעבטע! יעצט איז מיין לעבען לעער. דיא פערגאנגענהייט איז פאר מיר אויף עביג פערלארען און דיא צוקונפט האט פאר מיר קיין רייץ, קיין אנציהונג. עס ווערט מיך אויפהאלטען נור דער שטאלץ פון דעם בעוואוסט־זיין, אז איך האב מיין טרויעריגען שיקזאל ניט פערדיענט און אז איך האב מיט א פערבלוטיגטען הארצען ערפילט מיין פפליכט.

"ווײן ניט, געליעבטע קאטהענקא, זיי שטארק, מיין טהייערע קייזערין, און פערטראג מיט א מאיעסטעטישען מוטה דאס וואס מוז פערטראגען ווערען. דיך האט דער הימעל געשטעלט איבער מיליאנען מענשען, וועלכע ליעבען און אכטען דיך. אונטער דיין טהראן ליעגט דיא גרעסטע קייזערטהום, וועלכע איז פון דיין רעגיערונג אבהענגיג. אין דער ליעבע פון דיינע אונטערטהאנען וועסט דו געפינען א טרויסט פאר אונזער פערלארענע ליעבע און אין דיא וואהלשטאנד פון דיין רייך וועסט דו געפינען דעם גליק, וועלכען איך קען דיר ניט געבען.

"און וואס בין איך דען געגען דיר? א מאן פון איינפאכע אבשטאמונג, פון אן ארעמען צושטאנד, אין וועלכען איך וועל יעצט צוריק פערזינקען. אה, וויא וואלט איך וועלען מיינע איבריגע יאהרען פערברענגען אין א וויסטעניס, וואו איך זאל קענען דיך און זיך זעלבסט פערגעסען, אבער איך מוז לעבען מיט איהר, וועלכע דארף זאגאר ניעמאלס ערפאהרען וואס פאר א וואונד עס ברענט אין מיין הארצען.

"גוטע נאכט, טהייערע קאטהענקא! מיין עביגע נאכט איז שוין געקומען נאך בעפאר איך בין פערזונקען אין גראב. פון יעצט אן וועל איך ארומוואנדלען צווישען דיא לעבעדיגע וויא אן אבגעשטארבענער.

"גוטע נאכט, אה, מיין אונפערגעסליכע געליעבטע! ווארום האט מיך א בייזער שיקזאל געווארפען אין דיינע אומארמונגען און יעצט אזוי גרויזאם צו־ריק פון דיין הארצען אבגעריסען? ווארום האב איך דיך ניט געפונען דאן, ווען דו וואלסט זאגאר געווען אן ארעמע בעטלערין, וואלט איך זיך אויך געשעצט אלס דער גליקליכסטער און דער רייכסטער אויף דער וועלט? דיא ליעבע פרעגט ניט נאך קייזערליכע קרוינען. דיא ליעבע בעגניגט זיך מיט זיך זעלבסט.

"אונזערע גייסטער בלייבען נאך אויף עביג פערבונדען; אונזערע גייס־טער וועלען אימער נעהערען איינער צום אנדערען. און דארט אויבען, אין דעם רייך דער גייסטער, וועסט דו זיך ווידער זעהן מיט

דיין אלעקסאנדער פאטעמקין".

צוויי שטונדען שפעטער האט מען דיא קייזערין קאטהערינא געפונען אהנ־מעכטיג אין גארטען־פאוויליאן.

* * *

א יאָהר איז פאַריבער. אין קאטהערינינסקי קוואַרטאַל פון פעטערבורג, אין די פּאָר קליינע אָרעמע צימערן, וואו עס איז מיט יאָהרען צוריק געוועזן דיא וואָהנונג פון פעטער וואַראָנצאָוו און זיין אייניקעל עליזאַבעט, האָט שוין זייט דיא לעצטע צוויי מאָנאַטען געוואָהנט אלעקסאנדער פּאַטעמקין. זיין מענליך־שעהנעס געזיכט האָט זיך וועהרענד דיעזע צייט גאַנץ וועניג פערענדערט, נור ער האָט איצט אויסגעזעהן עטוואָס בלאַס און אין זיינע אויגען איז געליגען אַן אויס־דרוק פון שווערמוטהיגקייט און א טרויעריגען בענקען, אָבער דאָס אַלעס האָט געמאַכט זיין אויסזעהן נאָך פיעל מעהר ליעבליך און אינטערעסאַנט, איבער־הויפּט נאָכדעם וויא זיין אויג איז אין גאַנצען געזונד געוואָרען.

נאָך זייער אָפּרייזונג פון פעטערבורג האָבען פּאַטעמקין און עליזאַבעט זיך בעגעבען נאָך אויסלאַנד און אין פּאַריז האָבען זייביידע געהייראַטהעט. אין א קורצע צייט האָבען דיא דאָרטיגע בעריהמטע ערצטע זיין אויג פּאָלשטענדיג אויסקורירט און דאַן האָט ער מיט זיין יונגע פרוי א פּאָר מאָנאַטען פערבראַכט אין די פּאַטעטישע געגענדען פון איטאַליען און בעזוכט אייניגע אייראָפּעאישע הויפּט שטעדט, ביז זיי זיינען ענדליך געקומען נאָך קאָנסטאַנטינאָפּאָל, וואו זיי האָבען געפונען אַלע זייערע פריינדע: דעם אַלטען וואַראָנצאָוו, ניקאָלאַי מי־ראָוויטש, וועלכער האָט שליסליך אָנגענומען דעם אידישען גלויבען און האָט יעצט זעהר גליקליך געלעבט מיט זיין פרוי אָלגא, וועלכע האָט אויפגעבליהט אין איהר הערליכע שעהנהייט, נאָכדעם וויא איהר געליעבטעס קינד קאטהערינא איז איהר צוריק געגעבען געוואָרען און איהר פאָטער קראָנבערג האָט איהר פּאָלשטענ־דיג פערצייהעט און האָט געלעבט מיט זיי צוזאַמען.

אויך עליזאַבעט איז געוועזן גליקליך, גלויבענדיג אין דיא טרייע ליעבע פון איהר מאַן און אַז זיין האַרץ געהערט נור צו איהר. פּאַטעמקין האָט אין דער טהאַט אָנגעווענדעט איבערמענשליכע קרעפטען, זיא זאָל ניט בעמערקען וואָס אין זיינע געדאַנקען געהט פּאָר. ער איז אימער געוועזן צו איהר הערצענסגוט און פריינדליך און דאָס איז געוועזן אַלעס וואָס זי האָט פון איהם געוואונשען. מיט איהר רוהיגען שטילען כאַראַקטער איז זיא ניט געוועזן פעהיג צו דיא געפיהלען פון ברענענדיגע ליידענשאַפט. זיא האָט עס פון איהם ניט פערלאַנגט און זיא איז אויך ניט אים שטאַנד געוועזן איהם דאָס צו געבען. אָפּטמאָל ווען זיא פלעגט זאָגאַר בעמערקען אויף זיין געזיכט אַן אויסדרוק פון טרויער האָט דאָס איהר דאָך ווייניג בעאונרוהיגט גלויבענדיג, אַז ער קען נאָך אימער ניט פערגעסען דעם רוסישען לוקסוספּאָלען לעבען אין דעם קייזערליכען פּאַלאַסט, אָבער זיא איז געוועזן זיכער אַז דיעזע עראינערונגען וועלען מיט דער צייט אין גאַנצען פון זיינע געדאַנקען פערשווינדען.

עליזאַבעט'ס גליק האָט אָבער ניט לאַנג געדויערט. נאָך פערלויף פון זיע־בען מאָנאַט האָט זי אונצייטיג געבאָרען א טויטען קינד און דאַפון איז זיא אויך

געשטאָרבען, טיעף בעטרויערט פון איהר גרויספאטער און פון אלע איהרע פריינד. פאָטעמקין האָט דאן לאנג ניט געקענט פערבלייבען אין קאָנסטאנטי־נאָפּאָל און א מאָנאט שפּעטער איז ער אָבגעפאָהרען צוריק נאָך פעטערבורג.

וועהרענד דיא גאנצע צייט פון זיין אבוועזענהייט איז ער געבליבען אין א שטענדיגע קאָרעספּאָנדענץ מיט זיין וואהרען פריינד, דעם אלטען מיניסטער פאנין. פון זיינע בריעף האָט ער ערפאהרען דעם סוף פון אָרלאָוו'ען און וואָס מיט קאטהערינא איז געשעהן נאָכדעם וויא זיא איז דאן צוריק געקומען נאָך צארסקאָיע סעלאָ און געפונען, אז ער האָט אָבגערייזט. זיא איז דאן אונגעפעהר א מאָנאט געווען קראנק, אָבער שליסליך האָט זיא זיך ערהאָלט און מיט איהר אייזערנעם כאראקטער איז איהר געלונגען דעם שטורם פון איהר הארצען צו שטילען און צו זוכען פערגעסענהייט אין טיכטיגע, אונאויפהערליכע רעגיערונגס־ארביים. דאָס איז געווען דיא צייט, אין וועלכע זיא האָט דיא גרעסטע טהאטען און דיא גלענצענדסטע רעפאָרמען דורכגעפיהרט. איהר נאָמען איז געוואָרען נאָך מעהר בעליעבט אין רוסלאנד און הויך בעריהמט אין דער גאנצער וועלט.

דיא צימערען, אין וועלכע פאָטעמקין האָט געוואָהנט אין ווינטער־פאלאסט, זיינען אויף איהר בעפעהל געבליבען פערשלאָסען און ניעמאלס האָט זיא זיי בעזוכט. קיינער האָט זיך אויך ניט געדארפט ערלויבען דעם נאָמען פאָטעמקין פאר איהר אויסשפּרעכען און ווען איהר פאָרלעזער מאיאָר זובאָוו האָט איין מאָל עראינערט וועגען אלעקסאנדער פאָטעמקין אלס א פעררעטהער און דאביי אָנגעפאנגען צו ריידען וועגען ליעבע צו איהר, האָט דיא קייזערין איהם באלד דעגראדירט און ער איז מיט שאנדע ארויסגעטריבען געוואָרען פון פאלאסט און פון דער ארמעע.

אין דיא צוויי מאָנאטען וואָס פאָטעמקין האָט זיך געפונען אין פעטערבורג האָט ער איינינגע מאָל בעזוכט גראף פאנין און דער אלטער פריינד האָט זאָגאר איינמאָל ריזיקירט צו שפּרעכען וועגען איהם צו דער קייזערין. קאטהערינא איז דעם ערשטען מאָמענט זעהר בלייך געוואָרען און גאָר ניט געענטפערט, אָבער נאָך א קורצע פויזע האָט זיא זיך אָבגערופען:

— אויב איהר ווילט מיין גנאדע ניט פערליערען, ליעבער פאנין, זאָלט איהר דיעזען נאָמען ניעמאלס אין מיין געגענוואָרט עראינערען.

איינינגע טעג צוריק האָט פאָטעמקין וועגען דיעזען אנטוואָרט פון זיין געליעבטע קאטהערינא ערפאהרען און ער האָט בעשלאָסען צו מאכען אן ענדע פון זיין לעבען, וועלכעס איז איהם געוואָרען צו לאסט: אָבער שטארבען וויל ער אין דעמזעלבען צימער וואו ער איז צוערשט בעקאנט געוואָרען מיט עליזאבעט און וואו ער פלעגט זעהר אָפט קומען, ווען ער איז נאָך געווען אן ארעמער ליי־טענאנט. דאָס איז פיליכט נור א קאפּריזנע פאנטאזיע פון איהם, אָבער ביי דער יעצטיגע ענדע פון זיין לעבען וויל ער קומען צוריק צום אָנפאנג אזוי

וויא אלעס וואס איז ועהרענד דיעזע צייט געשעהן וואלט נאר פאר איה ניט עקזיסטירט.

דיא ארעמע וואהנונג איז שוין לאנג געשטאנען לעער און פאטעמקין האט זיך דא בעזעצט. נעכטען אבענד האט ער געשריבען אן אבשיעדס־בריעף צו גראף פאנין און מיטגעטהיילט זיין בעשלוס צו בעגעהן זעלבסטמארד.

עס איז געווען ניין אוהר אין דער פריה. פאטעמקין האט שוין אויפגע־וואכט אום באלד אין אן אייבינגען שלאף צו פערזינקען. פאר איהם אויף דעם אלטען טיש איז געלעגען א רעוואלווער, וועלכען ער האט יעדע מינוט געקענט נעהמען אין האנד. אבער ער האט זיך ניט וואס צו איילען: דא וועט איהם גע־ווים קיינער ניט שטערען און ער קען זיך דערשיסען יעדע מינוט, ווען ער וועט וועלען. א ווייל איז ער געווען פערזונקען אזוי וויא אין א טרוים און האט געזאגט צו זיך זעלבסט, אז היינט איז ער געקומען צוריק צו דיא אלטע לאגע פון ארימ־קייט אזוי וויא ער איז אמאל געווען. דאמאלס האט ער דא גענאסען א בעשיי־דענעם, שטילען גליק און געגלויבט, אז דאס איז דער ציעל פון לעבען. פון דאן אן איז ער געשטיגען הויך, זעהר הויך; אבער מאכט און רייכטהום האבען אויף איהם קיין איינדרוק געמאכט, זאנדערן דיא ליעבע, דיא וואהרע ליעבע צו דיא איינציגע וואס עקזיסטירט פאר איהם אויף דער וועלט. דאס האט איהם ערהויי־בען, דאס האט איהם גליקליך געמאכט. דאך האט איחם דיא ערפאהרונג גע־צייגט, אז אויך ליעבע, זאגאר אזא ליעבע וויא זיינע צו קאטהערינא איז ניט דאס העכסטע ציעל, נאך וועלכען א מענש דארף שטרעבען. ווען עס קומט דער מאמענט צו ערפילען אן עהרענפפליכט, מוז דער מענש אפפערען ניט נור דיא ליעבע, זאנדערן אויך דאס לעבען.

פאטעמקין האט גענומען דעם רעוואל... איש און האט איהם אנגע־פאנגען אנצולאדען. ניט ווילענדיג איז אין דיעזען לעצטען מאמענט זיין הארץ פול געווארען מיט טרויער און א פאר מינוטען איז ער געבליבען שטעהן אונ־ענטשלאסען. ער שרעקט זיך ניט פאר'ן טויט, דען אין זיין יונגען לעבען איז ער שוין פיעלע מאל געשטאנען אין געפאהר זיין לעבען צו פערליערען און האט דאך זיין מוטה ניט פערלארען. אבער אז ער זאל קומען צו אזא לאגע, ער זאל מוזען ענדיגען זיין לעבען מיט זעלבסטמארד. דאס האט ער זיך ניעמאלס פאר־געשטעלט. דאך עס מוז זיין, דען דיא צ... פאר איהם קיין צוועק און קיין ציעל. יעצט קומט איהם אין געדאנק, אז קאטהערינא האט איהם גאר ניט פערשטאנען. זיא, דיא קלוגסטע, דיא הערליכסטע פרוי פון דער וועלט, קען איהם ניט פערצייהען פארוואס ער האט ערפילט זיין פפליכט אלס עהרענמאן. זיא וואלט אלזא מעהר צופרידען געווען מיט א מאראלישען לומפ, ביי וועלכען דיא איינענניציגע ליעבע איז העכער וויא יעדע פפליכט און עהרע. און דאס איז דיא פרוי, וועלכע ער האט בעטראכט אלס דעם שעהנסטען אידעאל; צו

איהר איז ער דאס געווען צוגעבונדען מיט זיין גאנצע זעעלע. אה, וויא דום און לעכערליך זיין גאנצע פערגאנגענהיים איז!

ער האט אויפגעהויבען דעם רעוואלווער. אין דרויסען איז געווען א הער־ליכער פריהמארגען. אין דעם געעפענטען פענסטער האט אריינגעשיינט דיא זונן און אנגעפילט דאס ארעמע צימער מיט א גלאנץ פון ניי־ערוואכטע יוגענד. פון וויימען האט זיך געהערט דער גערויש פון דער ריעזען־שטאדט. פאטעמקין האט צוגעלייגט דעם רעוואלווער צום שלייף.

אין דיעזען אויגענבליק איז דיא טיהר אויפגעריסען געווארען און קאטהע־רינא איז אריינגעלאפען. מיט א האסטיגע בעוועגונג פון איהר האנד האט זיא אבגעלענקט דעם רעוואלווער און דיא קויל איז אריינגעפלויגען אין באלקען.

איין מינוט האט זיא געקוקט אויף איהר ליעבלינג מיט ברענענדיגע בליקען. איהר הארץ האט געשטורעמט און איהר האלז איז אזוי וויא צוזאמענגעדריקט געווארען. זיא האט קייןווארט נים געקענט אויסרעדען. ענדליך איז זיא גע־פאלען וויינענדיג אויף זיין האלז און דריקענדיג זיין קאפ צו איהר ברוסט האט זי אויסגערופען:

— אלים, מיין אלים! נים מיט מאכט. נור מיט ליעבע, מיט ליעבע אליין וויל איך דיך וויעדער געווינען, און דיעזעס מאל פאר אימער!

ענדע.